פערלאג: „יהודיה“

# פאלקס־אוניווערזיטעט

## סיסטעמאטישע קורסען פאר זעלבסטבילדונג

רעדאגירט דורך

ד״ר א. עליאשעוו, ד״ר צ. פעלדשטיין און אינזשינער

י. איינהארן.



## VIII.

# וועלט־געשיכטע.

ערשטער טייל.



ווארשע תר״פ

דרוק ברידער לעווין עפשטיין פאוויע 38 №

פערלאג „יהודיה"

# וועלט־געשיכטע.

ערשטער טייל.

## די אַלטע צייט.

---

I.

## אָריענט און גריכענלאַנד.

בעאַרבייט

פון ד"ר ג. עפשטיין.



מיט 30 אילוסטראַציעס אין טעקסט.

Drukarnia Lewin-Epstein Pawia 38.

# אינהאלטס-פערצייכניס.

---



אין בוך געפינען זיך 30 אילוסטראציעם.



# אײַנפֿיהרונג אין דער וועלט-געשיכטע.

אויף דער ערד איז נישט אומעדום מעגליך צו וואוינען. חוץ די וואַסערען און ימים געפֿינען זיך נאָך אויף דער ערד אַזוינע ערטער, וואו עס איז אונמעגליך זיך צו בעזעצען צוליעב די גרויסע פֿרעסט, וואָס הערשען דאָרטען כמעט אַ גאַנץ יאָהר, אָדער צוליעב די גרויסע טרוקענישען, ווי אין די מדבריות און אין די הייסע ערטער, וואו עס זענען נישטאָ קיין טייכען און קיין קוואַלען. דעריבער איז גאַנץ נאַטירליך, וואָס די מענשען שטרעבען זיך צו בעזעצען אין פֿרוכטבאַרע ערטער מיט אַ מעסיגען קלימאַט.

נאָר מען קען נישט זאָגען, אַז אַם בעסטען ענטוויקעלען זיך די מענשען, וואו די מתנות פֿון דער ערד קומען זיי אָן אָהן מיה. אין די אור-אַלטע וועלדער און סטעפּעס פֿון אַמעריקא וואוינען, למשל, פֿעלקער, וואָס בעקומען זייערע בעדערפֿענישען לייכט דורך געיעג און דורכדעם וואָס די בוימער גיבען זייערע פֿרוכטען פֿון זיך אַליין. זיי שטרענגען דערום נישט אָן אַלע זייערע גייסטיגע כחות און זיי פֿערבלייבען אין ווילדען צושטאַנד. אַזעלכע פֿעלקער, וואָס לעבען פֿון גרייטען און מיהען זיך נישט צו פֿערבעסערען זייער ניעדריגען צושטאַנד דורך פּלאַנמעסיגע אַרבייט און צו קעמפּפֿען נעגען דער נאַטור דורך אַלערליי קינסטליכע מיטלען, — רופֿען מיר אָן ווילדע פֿעלקער. אַלע אַנדערע פֿעלקער, ווי די מזרח-פֿעלקער און די אייראָפּעאישע, וואָס האָבען זיך געשאַפֿען אַ רייכערען לעבען ווי די ווילדע — רופֿען מיר אָן קולטור-פֿעלקער.

דאָס וואָרט „קולטור" בעדייט „בעאַרבייטונג", און ווען מען געברויכט דאָס וואָרט בנוגע צו פֿעלקער, מיינט מען דערמיט די אַרבייט, וואָס זיי האָבען געטהון, כדי צו בעקעמפּפֿען און אויסצוניצען פֿאַר זיך די נאַטור-קרעפֿטען און די אייגענע גייסטיגע קרעפֿטען, וואָס זענען אויך אַ שטיק נאַטור, וואָס מען בעדאַרף איינגעהמען. צו דער וועלט-געשיכטע געהערען נור די פֿעלקער, וואָס האָבען געאַרבייט

אויף זיך און האבען געפרובט בעצווינגען די קרעפטען פון דער נאטור. די ווילדע פעלקער האבען נישט קיין געשיכטע. זייער ארט לעבען ווערט בעטראכט אין א בעזונדערער וויסענשאפט, וואס רופט זיך עטנאגראפיע (פעלקער-בעשרייבונג). די „פאלקס-אוניווערזיטעט" וועט געבען א ספעציעל בוך איבער דעם.

פון די דריי מענשליכע הויפטראסען: די ווייסע, געלע און שווארצע (זעה געאגראפיע 1-טער טייל), האבען צוערשט אנגעהויבען שאפען א קולטור די געלע ראסע (חינא), א געמיש פון דער שווארצער און געלער (די בבלער, למשל) און די ווייסע ראסע. צו דער ווייסער ראסע געהערען אלע ארישע און סעמיטישע שבטים. די גרעסטע צאהל קולטור-פעלקער האט געגעבען די ווייסע ראסע. די געלע האט נאר געשאפען איין זעלבסטשטענדיגע קולטור, די חינעזישע. די שווארצע ראסע איז נאך ביז איצט געבליבען אין א ווילדען צושטאנד, א חוץ קליינע אויסנאהמען (ווי צ. ב. די נעגער אין דרום-אפריקא). נאר אזוי ווי אלע מענשען שטאמען פון איין גאט, וואס האט זיי בעשאפען מיט'ן צלם אלהים, איז נישט געזאגט, אז אויך די שווארצע ראסע, ווען זי זאל נור קומען אין בעסערע בעדינגונגען, קען נאך נישט אמאל אויסארבייטען א זעלבסטשטענדיגע קולטור.

ביז איצט האבען אין דער געשיכטע געשפיעלט א ראלע נישט קיין סך פעלקער. צוערשט האט זיך געבילדעט א קולטור אין צוויי ערטער, וואס זענען געווען שטארק אבגעשיידט איינער פון אנדערן: ביי די מאנגאלען אין חינא, און ביי די אריער אין אינדיען. זיי האבען געגרינדעט גרויסע מלוכות און האבען דערגרייכט צו א הויכער שטופע פון בילדונג און קולטור. ביי'ם מיטעללענדישען ים זענען אויפגעשטאנען די מלוכות בבל, אשור, מצרים און דאס קליינע פאלק יהודה. אונטער זייער איינפלוס האט זיך אנגעהויבען די קולטור אין צו טייל אייראפא: אין גריכענלאנד און רוים. די קולטור האט ביסלעכווייז פערהאפט גאנץ אייראפא. ביי איצטיגער צייט דרינגט אריין די אייראפעאישע קולטור אין אנדערע געאגראפישע טיילען פון דער ערד און איז געווארען די הויפט-קולטור, וואס אימליך אלט און ווילד פאלק דערשטרעבט, ווען עס געהט ארויס פון דעם אלטען צושטאנד אין דעם נייעם.

אין דעם ביכעל וועלען מיר נישט בעריהרען די חינעזישע און אינדישע קולטורען, וואס האבען פאר די וועלט-געשיכטע געהאט א קלענערע בעדייטונג, און מיר וועלען נאר רעדען פון די מזרח-פעלקער, וואס האבען געוואוינט נאהענט צום מיטעללענדישען ים.

אויך די אַלטע יודישע געשיכטע קען דאָ נישט געפינען קיין פּלאַץ פאַר זיך, ווייל די „פאָלקס־אוניווערזיטעט" גיעט־אַרוים פאַר איהרע סיסטע־מאַטישע קורסען א ספעציעלע „יודישע געשיכטע", וואו אונזער פאָלק וועט ווערען פיעל ברייטער בעהאנדעלט, ווי דאָס איז מעגליך אין אַנ'אלגעמיינער וועלט־געשיכטע.



## ערשטער אַבשניט

# אָריענט (מזרח).

---

### ערשטעס קאַפּיטעל.

איידער מיר הויבען־אָן צו דערצעהלען די געשיכטע פון אָריענט, מוזען מיר געבען אַן׳אַלגעמיין בילד פון

### די אייראָפּעאישע פעלקער מיט 4000 יאָהר צוריק.

ביי היינטיגער צייט זענען די אייראָפּעאישע פעלקער די געבילדעטסטע אויף דער וועלט. מיט 4000 יאָהר צוריק זענען זיי אָבער נאָך געווען ווילדע מענשען.

דער גרעסטער טייל פון אייראָפּא איז דעמאָלט נאָך געווען בעדעקט מיט וועלדער. אָזערעס (זעען) זענען געווען מעהר ווי איצט, און אייראָפּא האָט אויך געהאַט אַסך זומפּען. צו יענער צייט איז אין אייראָפּא בכלל געווען אַסך פייכטער, ווי איצט. אין די וועלדער האָבען זיך איינגעפונען גרויסע ווילדע חיות, וועלכע זענען שוין איצט אויסגעשטאָרבען, אָדער עס טרעפען זיך זעהר זעלטען. למשל, דער מורא׳דיגער אויער־אָקס, דער ווילדער חזיר, דער גרויסער הירש, די ווילדע קאַץ, בערען און וועלף. די מענשען האָבען געלעבט אין קליינע ווייט פאַנאַנדערגעוואָרפענע דערפער.

די הייזער. — כדי זיך צו שיצען פון ווילדע חיות און שלעכטע וועטערען, פלעגען די מענשען אַריינקריכען אין הויהלען, פלעגען אויס־האַקען אין די שטיינערנע בערג גראָטען אָדער פלעגען אויסגראָבען אין דער ערד טיעפע גריבער, איבער׳ן גרוב פלעגען זיי צונויפשטעלען אַ שטיבעלע פון קלעצלעך און צווייגען, אַמאָל פלעגען זיי פעראייניגען איניגע גריבער מיט אונטערערדישע גענג.

זיי פלעגען אויך בויען אַ שטיבעל אין מיטען פון אַ זומפּ אָדער פון אַן׳אָזערע. צוערשט פלעגען זיי אַריינקלאַפּען אין גרונד פון זומפּ קלעצער, אַרויפלעגען איבער די קלעצער באַלקענס, אויף די באַלקענס פלעגען זיי מאַכען אַ בריקעל פון צווייגען, וועלכע זיי פלעגען נאָך בעדעקען מיט זאַמד, לעהם און שטיינדלעך, און אויף דעם בריקעל פלעגען זיי אויפשטע־לען עטליכע שטיבלעך.

אַזעלכע דערפלעך, וואָס זענען געווען געבויט אויף קלעצער, פלעגט מען אויך בויען אויף דער ערד גופא, נישט ווייט פון אַ טייך, וועלכער פלעגט פערפלייצען די ברעגעס, אָדער אויף וואַלד־פלעצער, וואו מען האָט פריהער אויסגעהאַקט דעם וואַלד.

די שטיבלעך אויף׳ן בריקעל זענען געווען נישט גרויס, 1½ — 2 קלאַפ־

מער די ברייט. זיי פלעגען זיך צונויפשטעלען פון גלייכע באַלקענס, וואָס פלעגען ווערען אַרומגעפלאָכטען מיט צווייגען און צווייגלעך און בעשמירט מיט רויהען לעהם. ווי צו ברענען לעהם און צו מאַכען ציגעל האָט מען נאָך נישט געוואוסט. פון אויווענס און קוימענס האָט מען נאָך נישט געהאַט קיין ידיעה. ווען מען האָט געוואָלט זיך אָנוואַרעמען אָדער קאָכען עסענוואַרג, פלעגט מען אָנצינדען אַ הויפען צווייגען אין מיטען שטוב. דער רויך פלעגט אַרויס דורך אַ לאָך, וואָס מען פלעגט מאַכען אין דאַך פון שטוב אָדער ביי דער זייט אין ווענדטעל. זעהר אָפט פלעגט זיך דאָס שטיבעל טיילען אין צוויי העלפטען: אין איין העלפט פלעגט מען האַלטען בהמות, אין דעם אַנדערען האָבען געלעבט די מענשען. אין רעכטען מיטען שטוב פלעגט מען דעם בריקעל אויסמייסטערען מיט אַ שטיינערנער דיל, אַנ'אָרט, וואו פייער צו מאַכען.

אין אַזאַ דאָרף איז געווען פייכט און שמוציג. אַרום און אַרום איז געווען שטעהענדיג וואסער. דעם גאַנצען אָבפאַל, מיסט, שמוציג וואַסער, צובראָכענע כלים פלעגט מען פשוט אַראָבוואַרפען גלייך פון בריקעל אין וואַסער אריין. עס פלעגען זיך דערום אָנקלויבען גאַנצע הויפענס מיסט, וואָס פלעגען פול מאַכען די שטיבלעך ביז'ן דאַך. אַזאַ קליין ענג דערפעל, וואָס בעשטעהט פון באַלקענס און טרוקענע צווייגען, פלעגט לייכט קענען אָבברענען. דענסטמאָל פלעגט מען אויפ'ן אַלטען מיסט-הויפען צוזאַמען מיט'ן אַש פון אָבגעברענטען שטיבעל אויסבויען אַ ניי דערפעל אויף קלעצער. —



בילד 1 — אַנ'אייראָפּעאיש דאָרף מיט 4000 יאָהר צוריק.

## בעשעפטיגונג און שפייז.

כדי צו בעקומען פלייש-נאהרונג, פלעגט דער מענש געהען אין וואלד אויף געיעג; מיט איהם פלעגט מיטלויפען א האלב צוגעוועהנטער האלב ווילדער הונד. צו יענער צייט פלעגט מען נאך ניצען הינדטיש פלייש. דער מענש האט נאך ערשט אנגעהויבען צו מאכען שטוב-בהמות פון ווילדען הארענדיגען פיה, שעפסען, ציעגען, חזירים. מעהרסטענטייל פלעגט מען זיי האלטען אויף צו געברויכען זייער פלייש, פון שטוב-עופות האט מען נאך נישט געוואוסט, מילך און אייער פלעגט מען צו שפייז נישט געברויכען. אסך פלעגט מען זיך בעשעפטיגען מיט פיש-פאנג, דעריבער פלעגען מענשען בויען די דערפער ביי די טייכען און אזיערעס. פון פלאנצען האט מען געקענט: וואלד-יאגדעס, וויינטרויבען, עפעל, קארשען, פלומען, די לײן קערנער; פון ברויט-פלאנצען — גערשטען, מאגערען ווייץ און פראסע.

די ערד פלעגט מען בעארבייטען זעהר נישט טיעף מיט א גראב-שטיין; דאס איז געווען א שפיציגער שטיין, וועלכער איז געווען צוגע-בונדען צו אנ׳אויסגעבויגענעם פלאקען. פון גראב-אייזען (פלוג) און א סאחע און אויך צו בענוצען צום אקערען בהמות האט מען נאך נישט געהאט קיין ידיעה. מען האט נאך נישט פערשטאנען צו באקען ברויט, די ברויט-קערנער פלעגט מען אויפעסען אדער אביסעל צוגעברענט, אדער מען פלעגט זיי צומאלען אויף א האנדמיהל, וואס איז בעשטאנען פון צוויי שטיינער איינער אויפ׳ן אנדערען, און פון דעם שלעכט צוריבענעם מעהל פלעגט מען מאכען אזא זויערען געריכט, אדער א מין קאשע.

---

## די כלים, די שטיין-עפאכע.

די כלים אויף צו בערייטען שפייז, די כלי-זין צו געיעג, די אינסטרומענטען אויף צו בויען שטיבלעך זענען נאך געווען זעהר אומ-געלומפערט. א צייט לאנג האט מען נישט געוואוסט פון קיין שום מעטאלען. מען פלעגט געברויכען שפיציגע הארטע שטיינער אויף צו שניידען פלייש, אראבצוקראצען דאס פעל פון א חיה, אבצוטעסען א הילצערנעם קלע-צעל. א טעמפער שווערער שטיין אויף א שטאק האט געדינט פאר א האמער, צו אריינשלאגען די קלעצער אין גרונד, אדער פאר א פלאקען צו דער׳הרג׳ענען די חיה אין וואלד. חוץ דעם פלעגט מען בענוצען אויף כלי-זיין און אנדערע אינסטרומענטען שטארקע שפיציגע ביינער פון חיות און פיש, בעזונדערס די הערנער פון הירשען.

די כלים צו עסען זענען בעשטאַנען פון לעהם, וואָס פלעגט ווערען געטריקענט אויף דער זון, אָדער פון האָלץ, וואו מען האָט אויסגעבוירט מיט אַ ביין אַ פערטיעפונג. פון שטרוי האָט מען געפלאָכטען קערב, פון ליין-פעדים פלעגט מען מאַכען שטריק און אַ ברייט געוועב. די וואָל פון די שעפּסען פלעגט מען נישט שערען. מען פלעגט זיך בעקליידען מיט די פעלען פון די געטויטע חיות, וועלכע מען פלעגט אָנטהון גאַנצערהייט אָדער צוזאַמענגעגעהען עטליכע שטיקער פעל צוזאַמען.

אַלע די דאָזיגע כלים זענען געווען גראָב געמאַכט, נאָר דער אַלטער אייראָפּעער האָט שוין פון אָנפאַנג אָן געזוכט זיי צו מאַכען וואָס שענער אין אויסזעהען. מיט זיין מעמפען מעסער פלעגט ער אויסשניידען אויף זיינע כלים פאַסעקלעך, קייקעלעך, דריידעלעך און פיגורען פון חיות.



בילד 2 — אַ גראָב-שטיין פאַר 4000 יאָהר צוריק

בילד 3 — אַ האַנד-מיהל פאַר 4000 יאָהר צוריק

## ווי מען פלעגט זיך חבר'ן.

היינט רעכענען זיך פאַר נאָהענטסטע צווישען זיך מענשען פון איין פאַמיליע: עלטערען, קינדער, ברידער, שוועסטער. איטליכער פון אונז האָט חברים און פריינד, וואָס שטאַמען פון פערשיעדענע ערטער. צווישען אַנדערע מענשען אויף דער וועלט זענען אונז די נאָהענטסטע די, וואָס געהערען מיט אונז צו איין פאָלק און צו איין לאַנד.

מיט טויזענדער יאָהרען צוריק איז דאָס אין אייראָפּא נישט געווען אַזוי. קיינער האָט נישט געוואוסט, צי זענען דאָ אַסך אַזוינע מענשען ווי ער, וואָס רעדען אויף איין שפּראַך און האָבען איין אָבשטאַם. נאָר אין די צייטען, ווען עס פלעגט אָנפאַלען אַ שונא, פלעגען זיך פעראייניגען עטליכע שטאַמען, מעהרערע דערפער און פלעגען אויף אַ געוויסע צייט אויסקלייבען איבער זיך אַ הערשער. אין רוהיגע צייטען פלעגען די נאָהענטע דערפער לעבען צווישען זיך אין אַן איביגען קריעג, פלעגען צו-טרייבען איינער ביי'ם אַנדערען די בהמות און פלעגען אויס'הרג'ענען אָהן רחמנות די, וואָס פלעגען זיך וועהרען דערביי.

דעריבער פֿליגען די מענשען פֿון איין דאָרף שטעהען שטאָהל און אייזען איינער פֿאַר'ן אַנדערען. מאַנכמאָל פֿלעגען זיך אויך פֿעראייניגען 2—3 דערפֿער צו דיזעלבע קריעגערישע צוועקען. אַמאָל פֿלעגען זיך פֿעראייניגען צווישען זיך יונגע שטאַרקע לייט פֿון פֿערשיעדענע דערפֿער מיט דעם צוועק זיך איינער דעם אַנדערען צו פֿערטיידיגען. אַזאַ בונד פֿלע־גען זיי בעפֿעסטיגען מיט דעם בלוט, וואָס זיי פֿלעגען אַרויסלאָזען פֿון דער איינענער איינגעשניטענער האַנד און וואָס זיי פֿלעגען צונויפֿזאַמלען אין איין גריבעל. נאָך אַזאַ „בלוט־בונד" פֿלעגען זיי זיך שוין רעכענען פֿאַר ברידער.

אייגענע נעמען האָט מען נאָך נישט געהאַט, נאָר מען פֿלעגט זיך אָנרופֿען מיט דעם נאָמען פֿון אַ חיה אָדער אַ פֿויגעל, ווי למשל „הערשען" „אָדלערס" „וועלף" „הירשענזיהן", וואָס איז געווען דער אַלגעמיינער נאָמען פֿון בונד.

אויף די שטיבלעך פֿלעגט דער „ברידער־בונד" אויסמאָלען די חיה, וועמענס נאָמען ער טראָגט אויף זיך. דאָס איז געווען אַזאַ סימן, לויט וועלכען די חברים פֿלעגען דערקענען דעם „ברודערס" וואָהנאָרט.

די אַמאָליגע אייראָפּעער פֿלעגען זיך טעטאָוירען (מיט פֿאַרב זיך אויסשטעכען פֿערשיעדענע פֿיגורען אויפ'ן קערפּער), ווי היינט די נעגערס און ברנאָז־פֿאַרבינע אינדיאַ־נער. אויך פֿלעגען זיי פֿאַרבען די הויט מיט פֿאַרבענדיגע זאַפֿטען.



לעהמענע כלים פשוט מיט דער האַנד געמאַכט
(פֿאַר 4000 יאָהר)

דער בונד פֿון די מענ־שען פֿון איין דאָרף, אָדער פֿון די נאָהענטע דערפֿער אין געשטאַלט פֿון „ברי־דער־בונד" איז פֿאַר'ן מענ־שען געווען אַפֿט וויכטי־גער, ווי זיין פֿאַמיליע־בונד. די פֿאַמיליע איז געווען צו קליין אַז זי אַל קענען דעם איינצעל־

טען גוט פֿערטיידיגען, דער ברידער־בונד איז געווען שטאַרקער, דערי־בער האָט אַ „בְּרודער“ זיך געמיוט מעהר אונטערגעבען דעם ווילען פֿון ברידער־בונד, ווי דעם ווילען פֿון דער פֿאַמיליע. זעהר אָפֿט האָט ער נישט געטאָרט חתונה האָבען, כּל זמן ער געהערט אָן דעם בונד.

די מאַכט פֿון פֿאָטער און פֿון דער מוטער.

דאָס ווייב האָט זיך שטאַרק אונטערשיידט פֿון מאַן אין דער בע־שעפֿטיגונג און אין אַרט לעבען. דער מאַן איז געווען אַ יעגער און האָט געפּאַשעט די בהמות, דאָס ווייב האָט צו ערשט זיך גענומען בעשעפֿטיגען מיט ערד־אַרבייט. דער מאַן איז אַוועק אין וואַלד, האָט געוואָנדרעוועט, האָט גע'גזל'ט און גע'הרג'ט, פֿלעגט פֿערפֿאַלען ווערען אויף וואָכען און מאָנאַטען לאַנג. דאָס ווייב פֿלעגט זיצען מעהרסטענס אַליין אָדער מיט איהרע האַלב דערוואַכּסענע קינדער. די ווייבער פֿלעגען שטענדיג זיין ביי דער שטוב, גראָבען די ערד, זעצען געוויכּסען, זאַמלען קערנער, יאַגדעס און פֿרוכּטען פֿון די בוימער. זיי פֿלעגען זיך אויך קאָכען אַ בעזונ־דערען געריכט פֿון גראָז און פֿלאַנצען.

ווען דער מאַן פֿלעגט לאַנג בלייבען אויסען, פֿלעגט דאָס ווייב ווע־רען דער הויפּט פֿון שטוב. זי איז געווען די הערשערין אויף די קינדער, כּל זמן זיי פֿלעגען נישט אויסוואַכּסען און אַוועקגעהען פֿון איהר (למשל, אין ברידער־בונד). דער פֿרוי פֿלעגט בעשיצען אָדער איהר יונגערער ברודער אָדער איהר פֿאָטער. און דעמאָלס פֿלעגען זיך די קינדער מעהר צוגעוואָהנען צום פֿעטער אָדער צום זיידען, ווי צום אייגענעם פֿאָטער, אין אַזעלכע פֿאַמיליעס פֿלעגט זיך קרובה'שאַפֿט רעכענען לויט דער מוטערס משפּחה. למשל, דער ברודער פֿון פֿאָטער פֿלעגט זיך נישט רעכענען פֿאַר קיין קרוב פֿון לעצטענס קינדער.

נאָר ס'פֿלעגט פֿאָרקומען, אַז דער מאַן פֿלעגט אַרייננעהמען די ווירטשאַפֿט אין זיינע הענד, בעזונדערס אין דעם פֿאַל, ווען מען פֿלעגט פּאַשען אַ סך בהמות, ווען דער מאַן איז אַריבער פֿון יעגער־צושטאַנד אין אַ צושטאַנד פֿון אַ פּאַסטוך. די פּאַסטוכער פֿלעגען נישט קענען אַזוי ווייט אַרומוואַנדרעווען, ווי די יעגער, און די מענער פֿלעגען זיך פֿעסטער איינאָרדענען אין אַ בעשטימטען אָרט. דאַמאָל פֿלעגט דער פֿאָטער צונעהמען די גאַנצע מאַכט. די ערוואַכּסענע זיהן פֿלעגט ער האַלטען נעבען זיך.

איטליכער, וואָס האָט געוואָלט פֿיהרען אַ שטוב פֿאַר זיך, פֿלעגט

אַוועקקריכען אַ פֿרויענצימער פֿון אַ פֿרעמדען דאָרף און אַ פֿרעמדען שטאַם. אָדער, אום אויסצומיידען אַ בלוטיגען צוזאַמענשטויס, פֿלעגט דער חתן זיך צונויפֿרעדען מיט די קרובים פֿון דער כלה און פֿלעגט זי אָבקויפֿען פֿאַר געלד. אין יעדען פֿאַל איז געווען דאָס ווייב אין שטוב ביים מאַן, ווי אַ מין געפֿאַנגענע, ווי אַ שקלאַפֿין. מען פֿלעגט אויף איהר אַרויפֿוואַרפֿען די שווערסטע שמוציגסטע אַרבייט. עס פֿלעגט אויך טרעפֿען, אַז דער מאַן פֿלעגט דאָס ווייב פֿאַר אַ בעלוינונג פֿערקויפֿען אַ צווייטען. דער ווייבליכער מין האָט נישט געהאַט קיין גרויסע ווערדע, ווען ביי דעם מאַן פֿלעגט זיך פֿערגרעסערען די צאָהל פֿון בהמות, און ער פֿלעגט זיך אַליין נויטיגען אין געזונדע שומרים און פּאַסטוכער, — פֿלעגט ער נאָר פֿערלאַנגען פֿון זיין ווייב וואָס מעהר זיהן און וואָס ווייניגער טעכטער. מיט אַ זוהן פֿלעגט מען זיך פֿרייען, אין דער נייגעבוירענער טאָכטער האָט מען נאָר געזעהען אַ נייע לאַסט, און עס פֿלעגט אָפֿט פֿאָרקומען, דאָס נייגעבוירענע טעכטער פֿלעגט מען באַלד צו־הרג׳ענען.

אין אַזוינע משפחות פֿלעגט זיך רעכענען די קרובה׳שאַפֿט נאָך דעם פֿאָטער נאָך. דער פֿאָטער איז געווען דער הערשער. מאַנכע גרויסע פֿאַמיליע, איבער וועלכער עס האָט געוועלטיגט אַ פֿאָטער, איז אָפֿטמאָל געווען אין מענשענצאָהל נישט קלענער פֿאַר אַ גאַנצען דאָרף. און אַזאַ שטאַרקע משפחה האָט געקענט אַמאָל נעהמען אונטער איהר מלוכה אַ גרויסע צאָהל קלענערע שוואַכערע פֿאַמיליעס, וועלכע זי האָט געצוואונגען צו אַרבייטען פֿאַר איהר.

---

## רעכענען, מאָסען און צייכענס.

צוערשט האָט דער מענש גערעכענט, אָבלעגענדיג איינצעלנע פֿינגער. מען פֿלעגט דעריבער נישט זאָגען, ווי מיר היינט, „רעכענען“, נאָר „נעהמען צו פֿינף“. די היינטיגע רוימישע ציפֿערען זענען אַ זכר דערצו I, II. III— דאָס זענען — איינס, צוויי—דריי. V—איז אַ פֿערקירצטע פֿיגור פֿון 4 צוזאַמענגעלעגטע (ווי אַ פֿויסט) פֿינגער און איינעם (דעם גראָבען) אַנ׳אָבגעצויגענעם אָן דער זייט.

די צייט פֿלעגט מען אויך צעהלען צוערשט ביז פֿינף, דעריבער איז די אַלטע וואָך געווען אַ פֿינפֿטאָגיגע.

די ערשטע מאָסען זענען געווען געוויסע טיילען פֿון קערפּער. כדי אויסצומעסטען די לענג פֿון אַ בריקעל, פֿון אַ פּאָדלאָגע, האָט מען גענומען דעם פֿוס (נאָך עד היום עקזיסטירט די מאָס „פֿוט“, וואָס איז אויף ענגליש

„פֿוס"). ביים מעסטען פֿון געוויב האָט מען גענומען דעם אַ עלענבויגען (די היינטיגע „עללע" ביי די דייטשען).

ווען אַ פֿאַרציייטיגער מענש האָט געוואָלט עפּעס בעהאַלטען אין זכרון, פֿלעגט ער קריצען צייכענס אויף די בוימער, אָדער מאַכען עטליכע שלייפֿלעך און קניפּלעך אויף אַ שטריקעל (ווי מען טהוט נאָך עד היום). מאַנכמאָל פֿלעגט ער דאַרפֿען עפּעס אַ שווערערע זאַך בעהאַלטען צום אָנדענקען, ווי למשל, אַנ׳אָבמאַך מיט זיינע שכנים, וואָס עס האָבען געדאַרפֿט אָבהיטען זיינע קינדער און קינדס-קינדער — דאַמאָלס פֿלעגט ער מאָלען. מען פֿלעגט ווי עס איז אויפֿמאָלען די פּנים׳ער פֿון די, וואָס מאַכען עפּעס אָב צוזאַמען, און דערנאָך פֿלעגט מען אויפֿמאָלען די זאַך, וועגען וואָס עס געהט דער אָבמאַך, למשל, די אָזיערע, וואָס איז אָבגעגעבען געוואָרען אויף פֿישפֿאַנג ביידען צוזאַמען, א. א. וו.

---

## די פֿאָרשטעלונג וועגען דער נשמה.

מעהר פֿאַר אַלץ האָבען זיך מענשען געוואונדערט אויפ׳ן טויט. דער אַלטער מענש האָט אַזוי געקלערט: דער מענש, וואָס איז מיט אַמאָל דערשלאָגען געוואָרען אויף טויט, האָט נאָך מיט אַ ווייל פֿריהער גע-רעדט, געגעסען, געאַרבייט, איצט ליעגט זיין קערפּער אָהן בעוועגונג און איז קאַלט. „ער איז אַוועק", האָט זיך געזאָגט דער נאָהענטער קרוב. עס איז נאָר געבליבען די שטוב (דער גוף), וואו „ער" האָט געלעבט, נאָר „ער" איז עפּעס אַוועק אַזוי, אַז קיינער האָט דאָס נישט געזעהען. ווי זעהט אָבער אויס דער „ער"? — אין פּנים פֿון טוידטען איז געבליעבען אַנ׳עהנליכקייט מיט׳ן לעבעדיגען, הייסט עס, אַז „ער" איז געווען אַ „דאָפּעלגעהער" (איינער, וואָס איז אויף דעם אַנדערען עהנליך, ווי צוויי טראָפּענס וואַסער) פֿון דעם, וואָס האָט אַמאָל געלעבט און איז איצט אַ שווערער נישט בעוועגליכער גוף. „איהם" האָט מען, איבריגענס" אויך געקענט בעמערקען, ווען דער גוף האָט געלעבט. פֿון „איהם" איז געגאַנגען פֿונ׳ם קערפּער וואַרעמקייט, „ער" האָט געאָטהעמט, „ער" איז געווען אַ גייסט (גייסט ווי „רוח" האָט די בעדייטונג פֿון אָטהעם), דעריבער האָט מען געגלויבט, אַז אַ גייסט אָדער אַ „דאָפּעלגעהער" איז עהנליך צו פּאַרע און פֿליהט אַוועק אַזוי לייכט ווי פּאַרע, ווי אַ ווינד; דער גייסט דאַרף לעבען אין אַ וואַרם בלוט.

דער גייסט, אָדער די נשמה, קאָן אין גאַנצען אַוועק פֿון גוף, — דאַמאָלס איז דאָס — דער טויט. אָבער דער גייסט קאָן גאָר פֿערלאָזען

דעם גוף אויף אַ ווײַלע, למשל אין שלאָף, אָדער ווען מען ווערט משוגע, מען זאָגט נאָך עד היום אין אַלע שפּראַכען „ער געהט אַרויס פון די כּלים״).

דער גייסט פערלאָזט דעם קערפּער, אָבער אָהן אַ קערפּער קאָן ער נישט לעבען, — זוכט ער זיך אַנ׳אַנדערען. פון אַ מענשען קאָן ער אַריין אין אַ פויגעל, אין אַ חיה. וואוהל איז צו איהם, ווען ער געפינט אַנ׳ אַפענעם קערפּער פאַר זיך, ווען נישט, וועט ער אַרומבלאָנדזשען, קומען צו די קרובים ביי נאַכט „שטיקען״, שרעקען אין שלאָף, אָדער וואָיען ווי אַ ווינד אין אַ שטורם־נאַכט. דעריבער דאַרף מען זעהען, אָדער איהם נישט צו צולאָזען צו זיך (וואָס איז כמעט אונמעגליך), אָדער איהם געבען די מעגליכקייט אָבצוּוואַרטען די צייט, ווען ער וועט געפינען פאַר זיך אַ נייעם גוף, און ביז דאַמאָלס בעגראָבען דעם קערפּער אין דער ערד, אַוועקלעגען אין קבר אַלץ, אין וואָס ער האָט זיך גענוצט אין לעבען, אָפּט געהן אויף זיין קבר ברענגען נייע שפּייז, אָדער שטענדיג איהם דערמאָהנען ביי זיך אין דער היים, וואו מען מאַכט פאַר איהם אַ בעזונדער ווינקעל.

## די געטליכקייט.

ווען דער געשטאָרבענער איז געווען אַ שטאַרקער מענש, למשל, דער האַר פון אַ גרויסער משפחה, אָדער דער הויפּטלינג פון דאָרף, — פלעגט זיין גייסט בעקומען עקסטרא כבודים. פאַר איהם האָט מען איצט נאָך מעהר מורא געהאַט ווי ביי׳ם לעבען, ער האָט בעקומען די קראַפט אַרומצופליהען, מען האָט איהם שוין געהאַלטען פאַר אַ גאָטהייט. איטליך אונגליק האָט געשטאַמט פון איהם. דער דאָזיגער גלויבען עקזיסטירט נאָך עד היום ביי מאַנכע אָבערגלויבישע קלאַסען פון פאָלק, וואָס גלויבען אין „הויז־גייסטער״ (דאָמאָוואָי).

גאָטס גענאָד האָט מען געזוכט צו בעקומען דורכדעם, וואָס מען וועט זיך פון עפּעס אָבזאָגען, וואָס מען וועט זיך אָנטהון פּיין, שמערצען, למשל, ווען מען זאָגט זיך אָב פון אַ געשמאַק שטיק פלייש, אָדער ווען מען פאַסט, אָדער ווען מען שניידט זיך איין אין לייב ביז בלוט. גאָט פלעגט מען געבען אַלס קרבן דאָס בעסטע, פון וואָס מען זאָגט זיך אָב. דאָס בלוט פון געקוילעטען קרבן, וואָס גיעסט זיך אויס אויף דער ערד, פלעגט מען אַוועקגעבען דעם גייסט. מען האָט געגלויבט, אַז ווען דער

גייסט וועט זיך אָנטרינקען מיט בלוט, וועט ער ווידער אָנהויבען לעבען און זיך בעוויזען פאַר מענשען. ווען עס פלעגט בעפאַלען דאָס דאָרף אַ שרעק, פלעגט מען זעהען איינשטילען דעם גרימצאָרן פון גייסט דורך קרבנות פון מענשען. מאַנכמאָל פלעגט אַ מוטער אָבגעבען דעם גייסט דאָס בלוט פון איינגען קינד.

די מענשען האָבען געגלויבט, אַז אַרום זיי געפינען זיך שטענדיג גייסטער. זיי זענען אַרוים נישט נאָר פון די מענשליכע קערפער. גייסטער לעבען אויך אין חיות, בעזונדערס אין אַזוינע, וואָס ווייזען דעם מענשען אוים צו זיין געהיימניספולע ברואים, ווי, למשל, אין שלאַנגען. גייסטער געפינען זיך אויך אין די בוימער, אין די טייכען און אפילו אין די שטיינער.

די גייסטער (רוחות) העלפען אַמאָל דעם מענשען, און אַמאָל טהוען זיי איהם אויף צו להכעים. דער וואַלד־גייסט קאָן אַמאָל אַרוים־פיהרען אַ פערבלאָנדזשעטען אויף אַ שטעגעל, ער קאָן אויך אָבער אַמאָל צוברעכען אַנ'אַקס אין וואָגען, אָדער פערפיהרען דעם פאָהרער אויף זייטיגע וועגען.

קראַנקהייטען האָט מען ערקלערט דערמיט, וואָס מען האָט אָנגענו־מען, אַז אַ שלעכטער אָדער אַנ'אונרוהיגער גייסט האָט זיך בעזעצט אין מענשענס גוף.

---

## כהנים, וואַהרזאָגער.

נישט איטליכער האָט פערשטאַנד, ווי אומצוגעהען מיט די גאָט־הייטען, מיט די טויזענדער גייסטער. דעריבער האָט זיך געבילדעט אַ קלאַס פון כהנים, וואָס פלעגען ברייננגען קרבנות און טרעפען לויט דעם רויך פון די קרבנות, צי די בקשה איז בעוויליגט.

די אייגענע כהנים זענען געוועזען אויך די וואַהרזאָגער אין דאָרף און פלעגען אויך היילען פון אַלערליי קראַנקהייטען.

אָפט פלעגט דער הויפט פון דער משפחה גלייכצייטיג זיין דער וואַהרזאָגער. ער פלעגט רופען צו זיך דעם הויז־גייסט, אָדער דעם גייסט, וואָס איז נאָהענט צו זיין משפחה. אום נישט צו פערליערען דעם צוטרוי פון הויז־גייסט, איז געוועזען איינגעפיהרט, אַז עס זאָל קיינמאָל נישט אויס־געהען דאָס פייער אין שטוב, דאָס הייסט שטענדיג צו אונטערהאַלטען דאָס פייער אין שייטער־הויפען.

## שטיינערנע קברים.

די מענשען פֿלעגען בעטען צו אַלטע בוימער אָדער צו גרויסע שטיינער, וואו עס וואהנען לוים זייער גלויבען די גייסטער. מען האָט אויך געגלויבט, אַז מען קאָן פֿערבאַרען אַ גייסט אין אַן׳עקסטרע געבויטען בנין, למשל, אין אַ הויכען שטיינערנעם זייל, וואָס מען האָט געשטעלט אויף אַ קבר, אָדער אויף אַן׳אָרט, וואו עס צושיידען זיך אַסך וועגען.

פֿאַר די גרויסע גייסטער, למשל, פֿאַר דעם גייסט פֿון געשטאָרבענעם הויפטלינג, פֿלעגט מען בויען אַ גאַנצען שטיינערנעם בנין. דערביי פֿלעגט מען זיך אַזוי טראַכטען: דער גייסט וועט דאָך לעבען לענגער ווי פשוט׳ע מענשען, דערום דאַרף מען בויען פֿאַר איהם אַ פֿעסט דויערהאַפֿט הויז.

פֿון גרויסע שטיינער, וואָס פֿלעגען שטעהענדיגערהייד ווערען פֿעסט צוגערוקט איינער צום אַנדערען, פֿלעגט מען בויען אַ שטוב, וואָס פֿלעגט זיין ברייטער און גערוימער ווי אַ געוועהנליכע שטוב. פֿון אויבען האָט מען געמאַכט אַ דאַך פֿון שווערע לאַנגע שטיינער, וואָס פֿלעגען זיך ציהען פֿון איין וואַנד צו דער צווייטער. מען פֿלעגט נאָך מאַכען אַ מהיר און אַ טיעפֿען שטיינערנעם איינגאַנג.

די דאָזיגע גרויסע שטיינערנע קברים פֿלעגט מען בעשיטען מיט ערד, וועלכע פֿלעגט זיך אויפֿהייבען איבער׳ן קבר ווי אַ בערגעל. דער פֿוס פֿון בערגעל איז אַרומגעלעגט אַרום און אַרום מיט שטיינער —



בילד 6 — אַ בערגעל אויף אַ שטיינערנעם קבר (קורגאַן)



בילד 5 — אַ קבר-גאַלעריע פֿון שטיינער

## צווייטעס קאַפּיטעל.

# בָּבֶל און מִצְרַיִם (עגיפּטען) מיט 4000 יאָהר צוריק.

(אַנ'אַלגעמיינע איבערזיכט)

אויף ביידע זייטען פֿון דעם אַראַבישען מדבר, נאָהענט פֿון מיטעללענדישען ים, האָבען געלעבט צוויי פֿעלקער, וועלכע האָבען ווייט איבערגעשטיגען די אַמאָליגע אייראָפּעער — די עגיפּטער (מצרים) און בָּבְלִ'ער.

די נאַטור האָט זיי אַסך מיטגעהאָלפֿען דערצו. אין זייער לאַנד זענען נישט געווען אַזוינע געדיכטע וועלדער, וואָס האָבען געמאַכט אַזוי שווער דאָס באַאַקערען פֿון לאַנד. דער קלימאַט איז דאָרטען נישט געווען נישט קאַלט און נישט פֿייכט, קענען וואָס די אייראָפּעער האָבען געמוזט אַזוי לאַנג קעמפֿען. עסענוואַרג, בעזונדערס ברויט-פֿלאַנצען, זענען דאָרט געוואַקסען בשפע. די הויפּט-טייכען פֿון די צוויי לענדער, דער נילוס אין מצרים און דער פרת (אייפֿראַט) אין בבל, פֿלעגען זיך זומער-צייט ברייט צוגיעסען איבער די פֿעלדער, פֿלעגען פֿייכט מאַכען דאָס פֿלאַכע לאַנד און עס דורכמיסטיגען מיט דעם אָנגעטראָגענעם שליים פֿון די טייכען. קאָרן-ווייץ פֿלעגט געבען 200—300 קערנער געוועטהעניש. אויף דעם קליינעם פּלאַץ האָבען זיך געקענט זעטיגען מעהר מענשען, ווי אין די וואַלדיגע זומפּיגע לענדער פֿון גאַנץ אייראָפּאַ.

---

### די בנינים צו פֿערזאָרגען דאָס לאַנד מיט וואַסער.

אַזוי ווי די מִצְרִים און בבל'ער האָבען געהאַט אַ געדיכטע בעפֿעלקערונג, איז שוין מעגליך געווען אויסצופֿיהרען גרויסע אַרבייטען. אין די טהאָלען פֿון נילוס און פרת פֿלעגען די רעגענס קומען זעהר זעלטען, דעריבער האָט מען געדאַרפֿט פֿערשטעהען, ווי אויסצונוצען די פֿערפֿלייצונג פֿון די ביידע טייכען (די פֿערפֿלייצונג פֿון נילוס הויבט זיך אָן יעהרליך רעגעלמעסיג אין יולי און הערט אויף אין אָקטאָבער), אַז דאָס וואַסער זאָל נישט פֿערטרינקען די פֿעלדער און אַז דאָס איבעריגע פֿערפֿלייצונגס-וואַסער זאָל נישט געהען לאבוד און זאָל קענען ניצען אין די צייטען פֿון טריקעניש.

די עגיפּטער און די בבל'ער האָבען דעריבער אָנגעהויבען גראָבען וואַסער-בעהעלטער (רעזערוואוואַרען), אום אָבצופֿיהרען פֿון די נידעריגע ערטער דאָס וואַסער און אום דאָס צו בענוצען אין טריקעניש, אָדער

אום דאָס אָבצופיהרען אַהין, וואו די פערפלייצונג האָט נישט דערגרייכט. אין דער לענג פון טייך און פון די וואַסער־בעהעלטער פלעגט מען אויסגראָבען קאַנאַלען, דאָס הייסט, שאַפען גייע וועגען און בעקענס, און כדי דאָס וואַסער זאָל נישט אַרויס פון די ברעגעס, פלעגט מען די ברעגעס אויפהויבען מיט פלאַטינעס (שלייזען) און זיי פערפעסטיגען.

פון די גרויסע קאַנאַלען פלעגען פיהרען ענגערע קאַנאַלען צו ווייטערע ערטער און דערפער, און די דאָזיגע קלענערע קאַנאַלען פלעגען זיך נאָך צופאַלען אין יעדען פעלד, אין יעדען גאָרטען אויף קליינע שמאָלע וואַסער־וועגעלעך און שטעגעלעך.

---

## ערד־אַרבייט און שטוב־בהמות.

דער אייראָפּעער פלעגט נאָך גראָבלען די ערד מיט אַנ'אונגעלומפּערטען גראָב־שטיין. דער עגיפּטער און דער בבל'ער האָט זיך דערמיט שוין נישט געקענט בעגנוגען. מען האָט געדאַרפט וואָס גיכער פאַרטיג ווערען מיט דער אַרבייט און געדאַרפט וואָס מעהר ערד בעאַקערען. נאָך דער פערפלייצונג פלעגען זיין נאָר 2—3 מאָנאַטען נישט קיין שטאַרק הייסע, באַלד דערנאָך פלעגען קומען טרוקענע הייסע טעג, די ערד פלעגט ווערען צושפּאָלטען און די צו־שפּעט פערזייטע תבואה אָדער די נישט־צייטיג־אַראָבגענומענע תבואה האָט געקאָנט אין פעלד פערברענט ווערען.

כדי פאַרטיג צו ווערען מיט דער אַרבייט, האָט מען געמאַכט פון קורצען גראָב־שטיין אַנ'אַקער־אייזען (פלוג). און דעם שווערען אַקער־אייזען האָבען שוין געפיהרט שטוב־בהמות, אַ פּאָר אָקסען, וואָס האָבען געצויגען לאַנגע פּאַסען אין דער ערד. דער מענש האָט נאָר געזעהען קירעווען, אַז די פּאַסען זאָלען אויסקומען גלייך, און כדי זיי זאָלען זיין וואָס טיעפער, פלעגט ער זיך אַרויפלעגען מיט זיין גאַנצען כח אויפ'ן אַקער־אייזען.

די עגיפּטער און בבל'ער האָבען געמאַכט אַ שטוב־בהמה נישט נאָר פון אָקסען, זיי האָבען אויך געצוימט דעם ווילדען פערד אין זייערע וועגען. זיי האָבען זיך בענוצט מיט'ן מילך פון זייערע קיה, וואָס איז צוערשט געווען נאָר אַ יום־טוב'דיגע שפּייז און אַ שפּייז פאַר די געטער, וואָס איז אָבער דערנאָך געוואָרען אַ געוועהנליכע שפּייז. מען האָט אויך איינגעוואָהנט צו מענשען די ווילדע גענז, ענטלעך, ווילדע שטאָרכען, און צולעצט אויך די ווילדע היהנער.

דאָס אייגענע, וואָס דער עגיפּטער האָט געמאַכֿט פֿון די ווילדע בהמות, האָט ער אויך געטהון מיט אַלערליי געוויכסען. ער האָט פֿערבעסערט דעם מין פֿון אַ סך וואַלד־און סטעפּ־געוויכסען און געמאַכֿט פֿון זיי אַנ׳עסבאַרע שפּייז.

---

## דאָס האַנדווערק.

אין עגיפּטען און אין בבל פֿלעגט מען שערען די וואָל ביי די שעפּסען און מאַכֿען פֿערשידענע שענע וואָלענע געוועבען. מען האָט געהאַט פֿערשידענע שטאָפֿען צו פֿאַרבען די געוועבען, די בבל׳ער האָבען געוואוסט, ווי צו פֿאַרבען אין פּורפּור מיט דעם פֿאַרב־שטאָף, וואָס געפֿינט זיך אין לייב פֿון אַ געוויסען ים־שנעק (פּורפּור־שנעק).



בילד 7 — אַנ׳עגיפּטישער בעמאָלטער קרוג, געמאַכֿט אויף אַ טעפּער־ראָד.

ביי דער גרויסער ווירטשאַפֿט, וואָס די ביידע פֿעלקער האָבען געפֿיהרט, האָט מען געמוזט האָבען פֿערשידענע כלים. די לעהמענע כלים פֿלעגט מען שוין נישט מאַכֿען מיט דער פּשוט׳ער האַנד, נאָר מיט אַ טעפּער־ראָד. אויף דער זון, אָדער אויפ׳ן פייער פֿלעגט מען ברענען פֿערשידענע שטיקער לעהם, מאַכֿען פֿון זיי ציגעל, וואָס פֿלעגען געהן אויף גרויסע, הויכֿע און ברייטע בנינים.

די עגיפּטער האָבען געקענט אַלע מעטאַלען. פֿון קופּער און צין האָט מען געמאַכֿט בראָנז, מען האָט פֿערשטאַנען צו געפֿינען אין די בערג אַייזען און דאָס אויסצואַרבייטען. צו די שענסטע ציערונגען האָבען זיך גערעכֿענט אָבגעאַרבייטע בראָסלעטען, האַלז־בענדער, אַרמבענדער, רינגען, אויעררינגען, העקלעך פֿון בראָנז, זילבער און גאָלד. מיט מעטאַלענע פּאַסען פֿלעגט מען בעשלאָגען די אויבערשטע טיילען פֿון די הייזער, די ווענד, די שוועלען און די פּאָסטען (קאָסיאַקעס) פֿון די

הירען. דעם נפטר פֿלעגט מען אַרויסלעגען אויפ'ן געזיכט אַ מאַסקע פֿון דינע גאָלדבלעטער. איטליכער, וואָס האָט געוואָלט זיך בעריהמען, פֿלעגט דערצעהלען, אַז זיין שטוב איז פֿול פֿון אַלערליי מעטאַלען.

די קענטניש פֿון מעטאַלען האָט געמאַכט בבל און מצרים זעהר שטאַרק און מעכטיג. צוליעב זיין פּאַנצער און די מעטאַלענע פּאַסען אויף הענד און פֿיס און צוליעב דעם מעטאַלענעם שפּיציגען היטעל אויפ'ן קאָפּ, איז אַנ'עגיפּטישער קריעגער געווען כמעט זיכער פֿון פֿיילען.

---

## דריטעם קאַפּיטעל.

# דער אָריענט (מזרח).

### I. מצרים (עגיפּטען).

די בעפֿעלקערונג פֿון עגיפּטען איז בעשטאַנען פֿון אַ געמיש פֿון צוויי ראַסען: אַ שוואַרצע ראַסע מיט אַ ווייסער סעמיטישער.

אַלע איינוואָהנער זענען געווען אונטערגעוואָרפען אַזאַ דיסציפּלין, ווי די, וואָס הערשט היינט אין מיליטער.

אָן דער שפּיץ פֿון עגיפּטען איז געשטאַנען אַ פּרעה (פֿאַראָאָן), וועלכען מען האָט פֿערעהרט ווי אַ גאָט, ווי דעם זוהן פֿון דער זון. מען פֿלעגט פֿאַר איהם פֿאַלען, ווי פֿאַר אַ געץ, מיט'ן פּנים צו דער ערד און מען פֿלעגט איהם פֿעראייביגען אין שטיינערנע שטאַטוען, וואָס זענען געווען דריי מאָל די לעבענס-גרויס.

די פּרעה'ס האָבען זיך נישט נאָר געמיהט צו פֿעראייביגען זייער נאָמען דערמיט, וואָס זיי האָבען פֿערזאָרגט דאָס לאַנד מיט אַ גוטען וואַסער-סיסטעם און וואָס זיי האָבען פֿערטיידיגט זייערע גרענעצען פֿון שונאים, זיי פֿלעגען נאָך בויען געוואַלדיג גרויסע בנינים און דענקמעלער, וואָס האָבען געדאַרפֿט בעווייזען די קומענדיגע דורות זייער געטליכע מעכטיגקייט.

אויף דער פּיראַמידע פֿון חעאָפּסען אָדער חופֿו (אַ פּרעה פֿון דער זעקסטער דינאַסטיע) האָבען אין אַ משך פֿון 30 יאָהר געאַרבייט 100,000 מענשען, וועלכע פֿלעגען זיך אַלע דריי מאָנאַט בייטען.

נאָך ביז היינטיגען טאָג איז די דאָזיגע פּיראַמידע, וואָס איז 70 קלאַפֿטער די הויך, דאָס גרעסטע דענקמאָל פֿון דער מענשליכער אַרכי-טעקטור.

און דעם פרעה האָט עגיפּטען געהאַט צווי פּריווילעגירטע קלאַסען: אַ קלאַס פון כ ה נ י ם און אַ קלאַס פון ק ר י ע ג ע ר, וועלכע פלעגען איבער־געבען זייערע פּריווילעגיעס בירושה די קינדער.

אַלע אַנדערע אין לאַנד האָבען זיך בעשעפטיגט מיט אַקערבוי און מיט האַנדווערקערײַ.

איבריגענס עס פלעגט אָפטמאָל פּאַסירען, אַז דער דיענסט בײַ אַ פּרעה פלעגט קענען דערהויבען אַ פּראָסטען מענשען צו דער העכסטער שטעלע. עגיפּטען איז געשטאַנען אַזוי הויך אין דער קולטור, אַז זי האָט בעדאַרפט האָבען אַסך פערוואַלטער, קאָנטראָלערען, אָבגאָבען־זאַמלער, רעכנ־מייסטערס און שרײַבער. פאַר אַלע די דאָזיגע שטעלעס האָט מען גע־דאַרפט האָבען מענשען, וואָס קענען ל ע ז ע ן א ו ן ש ר י י ב ע ן, דערום האָט זיך גערעכענט די שטעלע פון אַ ש ר י י ב ע ר פ אַ ר א י י נ ע פ ו ן די אָ נ ג ע ז ע ה ע נ ס ט ע.

---

## ש ר י פ ט צ י י כ ע ן.

מיט אַנ׳ערך 5000 יאָהר צוריק האָבען די עגיפּטער שוין געהאַט אויסגעקלערט אַ שריפט, כדי מען זאָל קענען פערצייכענען פערשיעדענע זאַכען. זייערע עלטעסטע שריפטצייכען הייסען ה י ע ר אָ ג ל י פ ע ן. צו־ערשט פלעגט מען פשוט מאָלען די זאַך, וועגען וואָס עס רעדט זיך. למשל, אום אויפצושרייבען דאָס וואָרט „ראָט״ (אַ מענש), פלעגט מען מאָלען אַ מענשען, וואָס זיצט. דערנאָך האָט מען שוין גענומען בענוצען די פיגור פאַר אַלע ווערטער, וואו עס געפינט זיך נאָר די זילבע „ראָט״. חוץ דעם האָט מען זיך אָבגערעדט צו מאַכען בעשטימטע צייכען פאַר געדאַנקען און געפיהלען, וואָס לאָזען זיך נישט מאָלען, צ. ב. אַ פוס אין אַ פאַלגרוב האָט בעדייט — בעטרוג, אָבנאַרערײַ, דאָס וואָרט ג ע־ ב ע ט, ת פ י ל ה, האָט מען אויסגעדריקט דורכדעם, וואָס מען האָט געמאָלט אַ מענש מיט הענד, וואָס זענען אויפגעהויבען צו די געטער; דעם בעגריף „קראַפט״ האָט מען בעצייכענט מיט׳ן געמעל פון אַנ׳אָקס. ווײַטער האָט מען צוגעקלערט צייכענס פאַר די זילבען, וואָס חזר׳ן זיך אָפט איבער, ווי למשל, גראָ, האָ, נאָ אז״וו.

פון זילבען־צייכענס זענען די עגיפּטער אַריבער צו לויט־צייכענס, די בבל׳ער זענען אין זייער שריפט געבליבען, ווי היינט די חינעזער, בײַ די זילבען־צייכענס.

## רעליגיאָן.

צוערשט איז די עגיפּטישע רעליגיאָן בעשטאַנען פון אַ גראָבען געצען־דיענסט און אין אָנבעטען די קרעפּטען און די ערשיינונגען פון דער נאַטור. אפילו חיות פלעגט מען דיענען ווי געצען. אין אַסך ערטער פלעגט מען פערגעטערען דעם קראָקאָדיל. אין מעמפיס (מף) האָט מען געהאַלטען אין טעמפעל דעם הייליגען אָקס (אַפּיס), וואָס האָט געזאָלט פערקערפּערען איינעם אַ גאָט. די עגיפּטער פלעגען זיך פאָרשטעלען זייערע געטער אין געשטאַלט פון חיות, אָדער מיט אַ קערפּער, וואָס איז געוועזען האַלב מענש האַלב חיה. צ. ב. דער פּאַסטוך פון די געשטאָרבענע נשמות, אַנוביס, האָט געהאַט אַ קאָפּ פון אַ שאַקאַל. אויף דעם פּיראַמידען־פעלד אין גהיזע קאָן מען נאָך היינט זעהען דעם ספּינקס, אַ סטאַטוע, וואָס האָט אַ מענשען־קאָפּ און אַ קערפּער פון אַ לייב (זעה דאָס בילד 9). אָט דער דאָזיגער ספּינקס דאַרף געבען אַ פאָרשטעלונג פון אַ זונען־גאָט.

צווישען פערשיעדענע קולטען (אָנבעטונגען) האָט זיך בעזונדערס פערשפּרייט דער זונען־קולט. דעם זונען־גאָט האָט מען גערופען ראַ אָדער אַמאָן. אָזיריס, דער זוהן פון ראַ, קעמפּפט מיט'ן בייזען סעט, מיט'ן גאָט פון דער ביינאַכטיגער פינסטערניש. און דער שרעקליכער זומער־היץ, וואָס הייסט אויך טיפאָן. ווי דער טאָג טרעט אָב דער נאַכט, אַזוי טרעט אָב אָזיריס סעט'ן און ווערט פערשוואונדען אין דער אונטערערדי־שער וועלט, אין דער מלוכה פון טויטע; נאָר באַלד ווערט ער אויפ'ס ניי געבוירען און איז מנצח אויפ'ן גאַנצען טאָג זיין שונא סעט, דעם גאָט פון חושך.



בילד 8 — (אַ טיטעל פון אַ פרעה מיט היעראָגליפען געשריבען).

די מצרים האָבען געגלויבט, אַז דער שיקזאַל פון דער נשמה נאָכ'ן טויט איז איינגאַנצען אָבהענגיג פון דעם צושטאַנד פון קערפּער, וואָס בלייבט אָהן בעווע־גונג.

כדי די נשמה זאָל קומען צו איהר רוה, דאַרף מען זעהען, אַז דער



בילד 9 — דאָס פעלד אין הײַנטיגען מצרים, וואו עס שטעהען די פּיראַמידען,. לינקס דער קאָפּ פון א שטיינערנעם ספינקס.

וף זאָל נישט צופאַלען. דערפון נעהמט זיך בײַ זיי דער מנהג אײַנצו־ נאַלזאַמירען דעם טויטען קערפּער.

פון טויטענס קערפּער פלעגט מען אַרויסנעהמען די אײַנגעווייד, די לעבער, דעם מילץ, דאָס געדערם א. א. וו.; דעם קערפּער אַליין פלעגט מען אײַנוויקלען אין ליילעכער, וואָס זענען געווען דורכגעזאַפּט מיט שמעקענ־ דיגע קרייטיכער און איהם אַרײַנלעגען אין אַ הילצערנעם שייד (פוטליאַר), דער קערפּער פלעגט זיך אויסטריקענען און ווערען אַ „מומיע”, וואָס פלעגט שוין נישט פוילען.

דערנאָך פלעגט מען זעהן, אַז דעם קערפּער זאָל גאָר נישט פעה־ לען, סיי אין עסענוואַרג סיי אין קליידער, סיי אין דיענערשאַפט אז״וו. דערום פלעגט מען בויען פאַר דעם באַלזאַמירטען קערפּער אַ גרויסען מקום־ מנוחה און אויף די ווענד פלעגט מען אויפמאָלען אַלע זאַכען, אין וואָס ער נויטיגט זיך ביים לעבען (דאָס האָט מען געהאַלטען פאַר גענוג).

בײַ אַזאַ פאָרשטעלונג פלעגט דעם רײַכען זיין בעסער ווי דעם אָרי־ מאַן אפילו נאָכ'ן טויט, ווייל איהם פלעגט מען בעסער באַלזאַמירען און זיין קבר פלעגט זיין רײַכער, ברייטער און בעסער פערזאָרגט.

נאָר די עגיפּטער זענען נישט געבליבען בײַ די דאָזיגע גראָבע פאָר־ שטעלונגען וועגען דעם לעבען נאָכ'ן טויט.

שפּעטער בילדען זיך אויס די פאָרשטעלונגען וועגען אַ משפּט אויף יענער וועלט. אָזירים איז דער ריכטער. איטליכער יוערם

ע׳משפט לויט זיינע חטאים און מעשים טובים, און די צוקונפט פֿון דער נשמה העננט שוין נישט אָב פֿון רייכקייט און אָרעמקייט, נאָר פֿון דעם גערעכטען משפט פֿון דעם ריכטער, וואָס פֿאַר איהם איז קיין זאַך נישט פֿערבאָרגען.

## די קונסט.

לויט זייער האַראַקטער זענען די מצרים געווען אַ ערנסט טיעפֿזיניג פֿאָלק. צו אַזאַ ערנסטקייט און טיעפֿזיניגקייט האָט זיי דערצויגען די אַרומיגע נאַטור, וואָס איז געווען איינאַרטיג און גרויס-אַרטיג, ווי אויך די פֿעסטע אָרדנונג אין דעם לאַנד, דער אַרבייטס-גייסט און זייער רעליגיעז געפֿיהל.


בילד 10 א הילצערנער שייד (פֿוטליאר) אין גרויס פֿון א מענשען, וואו מען פֿלעגט אריינלעגען די מומיע.

דער עגיפּטישער האַראַקטער דריקט זיך אויס אין זייערע קונסט-דענקמעלער, וועלכע זאָגען נאָך עד היום עדות, ווי גרויס עס איז געווען די דאָזיגע אַלטע קולטור. מעהר פֿאַר אַלץ האָבען זיי געוויזען זייער קונסט אין בויען שענע קברים. כמעט ביי איטליכער גרויסער שטאָדט האָט זיך אַיינגעפֿונען אַ „שטאָדט פֿאַר די טויטע". פֿון די גרויסע טעמפּלען דאַרף מען דערמאָהנען דעם טעמפּעל פֿון אַמאָן, נעבען אַלטען טהעבען (נאָ אָמון), וואו עס געפֿינט זיך היינט דאָס דאָרף קאַר־נאַק. פֿון די פּאַלאַצען איז אַמטעהרסטען געווען בע־ריהמט דער לאַבירינט, אויפ׳ן ברעג פֿון אַנ׳אָזיע־רע. ער האָט געהאַט 3000 צימערען, פֿון וועלכע אַ העלפֿט זענען געלעגען אונטער דער ערד און וואָ אַ פֿרעמדער האָט געקענט לייכט פֿערבלאָנדזשען. די שענסטע און הויפּט-בעפּוצונג פֿון די אַלטע בנינים זענען געווען די רעליעפֿען (אַ האַלב-קולפּטורנע אַרבייט) און די געמעלען אויף די ווענד. זיי פֿלעגען שיל-דערען די העלדענטהאַטען פֿון די געטער און די געטליכע פּרעה׳ס, ווי אויך סצענעס פֿון געוועהנליכען לעבען.



בילד 12 — די שילדערונג פון משפט אויף יענער וועלט. אונטער'ן באלדאכין — אזירים. די געטער מיט די קעפ פון א שאקאל, רויבפויגעל און איבים, פיהרען די נשמה, פערשרייבען איהרע מעשים, וועגען-אב דאס הארץ. ביי דער וואגשאל שטעהט א פערזועהעניש, וואס פערשלינגט די נשמה פון דעם זינדיגען.

די עגיפטער האבען געהאט א גרויסע בעאבאכטונגס-גאבע אין דער קונסט, אבער זיי זענען געווען אונבעהאלפען. אלע פיגורען שטעהען ביי זיי אין פראפיל, און זיי האבען נישט געוואוסט פון א פערספעקטיוו. זאכען, וואס שטעהען איינס הינטער'ן אנדערען, איז ביי זיי ארוים ווי איינס איבער'ן אנדערען.

שוין פאר 5000 יאהר האבען די עגיפטער דערגרייכט צו א הויכער מדרגה אין דער קונסט. נאר באלד זענען זיי געבליבען שטעהן אויף איין ארט, האבען אויפגעהערט צו שאפען נייעס, און מעהר נישט ווי נאכגעמאכט דאס אלטע, מורא האבענדיג אראבצוגעהען פון אלטען וועג, נישט אננעהמענדיג קיין נייעם שטריך, קיין נייע ליניע.

דעם פלוצלינגען שטילשטאנד אין דער ענטוויקלונג בעמערקען מיר אויך אין אנדערע זייטען פון עגיפטישען גייסטיגען לעבען.

די שטרענגע דיסציפלין, די פעסטע ארדנונג האט צוערשט געהאט א גוטען איינפלוס אויף די עגיפטער, אבער מיט דער צייט איז די אלטע פערשטיינערטע ארדנונג, וואס האט זיך נישט געביטען מיט'ן וואוקס פון פאלק, געווארען די הויפט-סבה פון דעם אונטערגאנג פון די עגיפטער.

---

די הויפט-פאקטען פון דער עגיפטישער געשיכטע ביז פאר 2000 יאהר צוריק.

שוין פאר 5 טויזענד יאהר האבען די עגיפטישע קעניגע פון דער שטאדט מעמפיס פעראייניגט דאס לאנד פון די טייכען ביז'ן ים



בילד **12**—די מומיע (באַלזאַמירטער קאָפּ און האַלז) פֿון ראַמזעס דעם צווייטען, דעם פּרעה, פֿאַר וועמען די יודען האָבען געבויט פּתום און רעמסס.

די דענקמעלער פֿון דער 4־טער דינאַסטיע (אַ רייהע קעניגע, וואָס שטאַמען פֿון איין פֿאַמיליע) זענען געווען די פּיראַמידען, דער ספֿינקס, דערנאָך איז אַריבער די הויפּט־שטאָדט אין טהעבען, וואָס ליעגט העכער ביים נילוס. אין דער צייט איז פֿיעל געטהון געוואָרען אײנ־

צופיהרען אַ גוטעס וואַסער־סיסטעם פאַר׳ן לאַנד. די 12־טע דינאַסטיע, למשל, האָט געשאַפען די בעריהמטע אָזירע מעריס.

אַ שטאַרקען קלאַפ האָט בעקומען עגיפטען, ווען 4000 יאָהר צוריק איז איינגעדרונגען אין לאַנד אַ וואַנדער־פאָלק פון סעמיטישען בלוט, די היקסען (פאַסטוכער). זיי האָבען בעצוואונגען דאָס לאַנד און געקעניגט עטליכע הונדערט יאָהר.

דערנאָך זענען זיי געוואָרען אַרויסגעשטויסען פון די עגיפטער. מאַנכע היסטאָריקער זעהען אין די היקסען אַ רמז אויף די יודען, נאָר מיר וועלען דאָ נישט בעריהרען די פראַגע, ווייל דאָס וועט ווערען גענויער בעהאַנדעלט אין דער וויטערדיגער ספּעציעלער יודישער געשיכטע פון דער „פאָלקס־אוניווערזיטעט״[1].

די פרעה׳ס, וואָס האָבען בעקומען מוט צוליעב דעם נצחון אויף די היקסען, זענען אַריבער פון פערטיידיגונג צו נייע עראָבערונגען. די 18־טע און 19־טע דינאַסטיע האָבען געהאַט גרויסע נצחונות אין פאָדער־אַזיען, הויפטזעכליך האָבען זיי געוואָלט פערחאַפּען דעם סירישען ים־ברעג. צוערשט האָבען זיי מיט לייכטיגקייט בעזיעגט די צושפּרייטע אַזיאַטישע פעלקער, דערביי האָבען זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט די פרעה׳ס טוטמאָזיס III און ראַמזעס II[2] (3300—3260). אָבער די זיעגען האָבען נישט געבראַכט צו פעסטע לענדער־עראָבערונגען, נאָר זיי האָבען פער־וויסט דעם שונא׳ס לאַנד און איהם געצוואונגען צו צאָהלען עגיפּטען אַ יעהרליכען טריבוט (אָבגאָב).

ווען עס האָט זיך אָבער אין אַזיען געבילדעט אַ מעכטיגע אַסירישע (אשור) מלוכה, האָט עגיפּטען ווידער אָנגעהויבען צו פאַלען. די עגיפּטי־שע אַרמעען זענען געוואָרען בעזיעגט און אַשור האָט אַפילו איינגענומען עגיפּטען גופא.

כדי פּטור צו ווערען פון אַשור׳ס יאָך, איז שפּעטער עגיפּטען אַריין אין אַנ׳אָבמאַך מיט גריכענלאַנד, וואו זיי האָבען אָנגעקליעבען געדונ־גענע סאָלדאַטען. אַ דאַנק דעם בונד מיט די גריכען, געלינגט עס

[1] אַזוי ווי „די יודישע געשיכטע״ וועט אַרויס בעזונדער, האַלטען מיר נישט פאַר נויטיג צו געבען אין דער אַלטער געשיכטע די קורצע געשיכטע פון דעם אַלטען פאָלק ישראל, ווי אויך נישט שטאַרק צו פערפלעכטען די יודישע שיקזאַלען מיט די שיקזאַלען פון די פעלקער, וועלכע מיר בעשרייבען דאָ.

[2] ראַמזעס II רעכענט זיך לויט דער הייגטיגער געשיכטס־פאָרשונג פאַר דעם פרעה, וואָס האָט געפייניגט די יודען אין גושן און מיט וועמען עס האָט געהאַט צו טהון משה רבינו.

דעם פרעה פּסאַמעטיכ'ען און זיין זון נעכאָ (נכו) ווידער אויפ־צושטעלען די מאַכט פון זייער לאַנד.

די מלוכה־צייט פון נעכאָ איז נאָך בעריהמט דערמיט, וואָס זיין פלאָט וואָס איז ארויסגעשיקט געוואָרען פון רויטען מעער (ים־סוף) איז בעפאָה־רען גאַנץ אַפריקאַ אַרום און אַרום, און זיך אין דריי יאָהר אַרום צוריק־געקעהרט אַהיים דורך דעם אָרם פון נילוס, וואָס פאַלט אַריין אין ים.

נאָר די דאָזיגע אויפלעבונג פון עגיפּטען האָט זיך נישט לאַנג גע־צויגען. די איינגעבוירענע האָבען קרום געקוקט אויף דאָס גריכישע גע־דונגענע מיליטער און אויף די גריכישע פיהרונגען ביים הויף. די אינג־וועניגסטע קריעגערייען האָבען צוברעקעלט די מאַכט פון עגיפּטען, און נעכאָ אַליין האָט שוין בעקומען אַ ניעדערלאַגע פון די בבל'ער. און אין יאָהר 525 פאַר אונזער צייטרעכנונג האָט דער פרעה פּסאַמעטיך III בעקומען דעם לעצטען קלאַפּ פון די פערסער (פרס), וואָס האָבען פאַר־איינינט עגיפּטען מיט זייער לאַנד.

---

## II. בבל און אַשור (אַסיריען).

אין פאָדעראַזיען האָט זיך פריהער ווי אומעדום ענטוויקעלט די קולטור אין מעסאָפּאָטאַמיען (ארם־נהרים), ביי די טייכען פרת און טיגריס (חידקל), וואָס פלעגען זיך צוגיסען אין אַ געוויסער צייט פון יאָהר איבער די פעלדער, ווי דער נילוס. מעסאָפּאָטאַמיען איז צופאַלען אויף צוויי טייל. דער דרום־טייל האָט געהערט צו די חאַלדעער (כשדים) מיט זייער הויפּט־שטאָדט בבל, דער צפון־טייל — צו די אַסיריער מיט זייער הויפּט־שטאָדט נינוה.

דער הויפּט־חילוק צווישען מעסאָפּאָטאַמיען און עגיפּטען איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס עגיפּטען איז געווען פון דער נאַטור אַן אָבגעזונדערט לאַנד, און מעסאָפּאָטאַמיען דאַגעגען האָט געהאַט אַ לייכטען פערקעהר מיט אַסך פערשידענע לענדער.

דורך די טייכען טיגריס און פרת (אייפראַט) שטעהט מעסאָ־פּאָטאַמיען אין פערבינדונג מיט אַרמעניען. פון מזרח־זייט זענען געזע־סען צוויי קריעגערישע פעלקער, וואָס האָבען זיך לייכט געקענט אַריינ־רייסען אין לאַנד, — די פערסער און די מעדער (פרס און מדי). אַ מערב־זייט ציהט זיך אַ מדבר, וואו עס האָבען ארומגעוואַנדערט ווילדע

אַראַבער־שטאַמען (בעדואינען), און דער צפון־מערב׳דינער טייל פון טייך פרת קומט שוין אין נאָהענטע פערבינדונגען מיט דעם מיטעללענדישען ים־ברעג און מיט עגיפטען.

אָנגעהויבען האָט זיך די קולטור אין דרום־מעסאָפּאָטאַמיען, ביי די שטאַמען, וואָס האָבען זיך גערופען אַקאַדיער און וואָס זענען געווען אַ צווייג פון דער געלער ראַסע. אין דער אייגענער צייט ווי אין עגיפטען איז מען דאָ אויך דערגאַנגען צו שריפט־צייכענס. אָנגעהויבען האָט מען אויך מיט היעראָגליפען־צייכענס, אָבער מען איז באַלד דערגאַנגען צו אַ קירצערער אַרט פון שריפט־צייכענס, וואָס בעשטעהען פון געצייכענטע פּאַסקעלעך און שפּיציגע קלעצלעך, וועלכע פעראייניגען זיך גלייך, קרום, שפּיציג, קורץ, אין פערשידענע ווינקלען. דעריבער רופט מען די שריפט קייל־שריפט ד. ה. קלעצלעך־שריפט, ווייל אין דייטשען רופט מען אַזוינע שפּיציגע קלעצלעך־קייל.

די חאַלדעאישע אמונה צייכענט זיך אויס דערמיט, וואָס זי גלויבט אין שדים און אין אַלערליי רוחות, וואָס בעפעלקערען די וועלט. אין דער שפּיץ פון די גייסטער שטעהען דריי געטליכע בעשעפענישען, איינער וואָס קעניגט איבער׳ן הימעל, איינער־איבער דער ערד און איינער איבער דער אונטערערדישער וועלט. די חאַלדעער האָבען געגלויבט, אַז אַלץ אויף דער וועלט העננט אָב פון דעם, ווי מען בעציהט זיך צו די געטער און ווי מען בעט ביי זיי הילף. אַ קראַנקהייט אָדער אַן׳אומגליק קאָן מען אויסמיידען דורך אָבשפּרעכונגען, טאַליסמאַנען (קמיעות) און מיט כשוף.

נאָך מיט 5000 יאָהר צוריק האָבען סעמיטישע שבטים בעצוואונגען בבל, זיי האָבען זיך אויסגעמישט מיט די אַקאַדיער, אַסך איבערגענומען פון זייער אַלטער קולטור און אַסך אַליין צוגעגעבען. די סעמיטען האָבען מיטגעבראַכט אַזוינע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען, וואָס זענען זעהר עהנליך צו מאַנכע ערצעהלונגען אין דער ביבעל. צ. ב. זיי האָבען געהאַט די מעשה פון מבול, וואָס איז זעהר עהנליך צו דער מעשה פון מבול אין חומש. נאָר אָנשטאָט צו דערגעהן, ווי דער שפּעטערדיגער סעמיטישער שטאַם, די יודען, צום גלויבען אין איין גאָט — האָבען זיי איבערגענומען די אמונה פון די אַקאַדיער און נאָך צוגעלעגט די אָנבעטונג צו דער זון און דער לבנה און די פּלאַנעטען. זיי האָבען שוין געוואוסט פון פינף פּלאַנעטען און פלעגען פאַר זיי דייגען, ווי פאַר געטער. העכער פאַר אַלעמען, פערשטעהט זיך, איז גע-

שטאַגען בײַ זײ דער גאָט פֿון דער זון — בֵּל. בל איז געװען דער הױפּט־גאָט, װאָס האָט געװעלטיגט איבער דער גאַנצער װעלט, װעלכער האָט אין זײן צאָרן אַלץ געקענט פֿערניכטען און װעמען מען האָט געקאָנט אײנשטילען נאָר מיט בלוטיגע קרבּנות. אַסטאַרטע (עשתּרת) איז געװען די געטין פֿון פֿרוכטבאַרקײט, פֿון ליעבע און קריעג. דער חאַלדעער האָט נישט געקלערט װעגען אַ לעבען נאָכ'ן טױדט. װי די עגיפּטער; בײַ גאָט האָבען זײ נאָר געבעטען הצלחה אין דעם לעבען אױף דער װעלט. די רעליגיע פֿון די חאַלדעער האָט אױסגעדריקט דעם גאַנצען חאַראַקטער פֿון פֿאָלק, װאָס איז געװען אַן׳ענערגישער און האָט געהאַט אַ טבע צו געװאַלטהאַטען און גרױזאַמקײטען.

בעזונדערס שטאַרק האָבען זיך אױסגעדריקט די חאַראַקטערציגע בײַ די אסיריער. די אסיריער זענען געװען אַזױ שטאָלץ מיט דער גרױסקײט און אײביגקײט פֿון זײער מאַכט, אַז זײ האָבען געגלױבט, דאָס מיט זײ איז שטענדיג די געטין אַסטאַרטע. זי האָט כּלומר'שט זיך פֿער־שטעלט אין דעם געשטאַלט פֿון דער קעניגין סעמיראַמידע, האָט געפֿיהרט אסך מלחמות, צוזאַמען מיט אינדיען אין סקיטיען און ענדליך האָט זי זיך פֿערװאַנדעלט אין א טױב און פֿערלאָזען די ערד. אין דער אמת׳ען איז אַסיריען אױסגעקומען ענערגיש צו קעמפּען מיט אַלע אַרומיגע שטאַמען און פֿעלקער. 600 יאָהר האָבען געדױערט די בלוטיגע קריעגען אין אַרמעניען און קלײן־אַזיען, אין מעדיען, פּערסיען, בבל, סיריען, פֿעניציען (צוֹר) און פּאַלעסטינא. עס איז דערבײ אױסגעקומען, װי די אַסיריער װאָלטען אַלץ געקומען נעהנטער צו די עגיפּטער, פֿון מזרח צו מערב. װעניגער פֿאַר אַלץ האָבען זײ געקוקט אױף אינדיען און אױפ'ן פּערסישען אױסגוס, חאָטש צו איהם פֿליסען די טײכען פּרת און חידקל. זײער הױפּט־ציעל איז געװען אַרױסצוגעהען דורך סיריען צום מיטעללענדישען ים־ברעג. פֿאַר 2700 יאָהר צוריק האָט סאַרגאָן (סרגון) פֿעראײניגט אונטער זײן מאַכט דאָס גאַנצע פֿאָדער־אַזיען, פֿון מיטעללענדישען ים ביז צום איראַן, פֿון קאַספּישען ים ביז צום פּערסישען אױסגוס, זײן אײניקעל אַסאַרהאַדאָן (אֵסר־חַדן) האָט אײנגענומען עגיפּטען. נאָר די מלוכה איז גע־װען נישט קײן פֿעסטע. עס פֿלעגט נישט פֿאַרבײ אַ יאָהר, אַז עס זאָל נישט אױסברעכען אַ קריעג אָדער אַ בונט פֿון די בעצװאונגענע שטאַמען. די אַסיריער האָבען אָבער גאָר נישט געקלערט צוצובינדען די בעצװאונ־גענע לענדער צו דער אַסירישער מלוכה (װי די בבל'ער פֿלעגען טהון).

זייערע קענעגין לויבען זיך אין לאַנגע לאַנגע מגלות, וואָס זענען דערגאַנגען צו אונז, דערמיט, וואָס זיי האָבען אויסגעקוילעט טויזענדער טויזענדער פיינד, וואָס זיי האָבען פול געמאַכט די טייכען מיט בלוט, פערדעקט די פעלדער מיט גע'הרג'עטע קערפּער, פערברענט די שטעדט און פערניכטעט די זריעה פון די פעלדער. די בעזיעגטע פלעגט מען אָפט מאַסענווייז פערטרייבען אין דער פרעמד. אַזוי האָט געטהון דער קעניג סאַרגאָן, נאָכדעם ווי ער האָט איינגענומען די עשרת השבטים (722 פאַר דער צייט־רעכנונג).

דאָס לאַנד פון די זיענער האָט אין די הונדערטער יאָהרען מלחמות דערגרייכט צו גרויסע עשירות און לוקסוס. דאָס קאָן מען נאָך היינט זעהען, ווען מען בעטראַכט די חורבות און די איבערעשטען פון די אַמאָליגע פּאַלאַצען און בנינים, וואָס עס האָבען געבויט די אַסירישע קעניגען.

אין אַסיריען זענען נישט אַזוי מערקווירדיג די גרעבער־בנינים, נישט די טעמפּלען, ווי ביי די עגיפּטער, נאָר די פּאַלאַצען פון די קעניגען, ווי למשל, דער פּאַלאַץ פון סאַרגאָן נישט ווייט פון נינוה (היינט חאַרסאַבאַד).

די סטאַטוען און רעליעפען פון די אַסיריער, וואָס בעפּוצען די ווענד פון די פּאַלאַצען, צייכענען זיך אויס מיט אַגרעסערער לעבעדיגקייט, און מעהר פרייהייט בנוגע צו דער ליניע, ווי ביי די עגיפּטער, אָבער די אַרבייט איז גרעבער געמאַכט.



בילד 13 — דאָס אלגעמיינע אויסזעהען פון אַן אַסירישען פּאלאַץ און זיינע בנינים פאר דער פערוואלטונג און דיענערשאַפט.

מען קאָן אָבער נישט זאָגן, אַז די אַסיריער האָבן נאָר פֿאַר־אייבינט זייער קולטור אין גרויסאַרטיגע פּאַלאַצן. איינער פֿון זייערע לעצטע קעניגען אַסורבאַנאַפּאַל, (וועלכן די גריכן האָבן אָנגערופֿן סאַרדאַנאַפּאַל), האָט צונויפֿגעזאַמעלט אַ גרויסע ביבליאָטעק פֿון רעגירונגס־אַקטן, אָבמאַכן, און די בעסטע שריפֿטן פֿון די כאַלדעאישע און אַסירישע רעליגיעזע און פּאָעטישע שעפּפֿונגען. פֿאַר אַ יאָהר 70 צוריק, ווען די ענגלענדער האָבן געמאַכט זייערע אויסגראָבונגען ביי די חורבות פֿון אַמאָליגער נינוה, האָט מען געפֿונען אַ טייל פֿון דער דאָזיגער ביבליאָטעק, וואָס איז בעשטאַנען פֿון טויזענדער טאָוולען, בעקריצטע מיט קיילשריפֿט. אַ דאַנק די אויסגראָבונגען, האָבען מיר היינט אַ גענויערע פֿאָרשטעלונג פֿון דער אַלטער קולטור אין אַסיריען און בבל.

די אַסיריער האָבן געהאַלטען די איינגענומענע פֿעלקער אין איין מורא. דער קעניג פֿון נינוה האָט געהאַט אין זיינע הענד דאָס גאַנצע פֿאָדער־אַזיען נאָר צוליעב זיין מיליטערישער מאַכט. ווי נור די מאַכט איז אָבער געוואָרען שוואַכער, האָט אַסיריען געמוזט צופֿאַלען. און ווען די מעדער (מָדיים) האָבען מורד געווען אין איינעם פֿון די לעצטע קעניגען, אַסורבאַנאַפּאַל סאַראַק, האָבען זיי זייער הילף אָנגעבאָטען די בבל'ער, וואָס האָבען נאָך געדענקט זייער ניעדערלאַגע, ווען סאַרגאָן האָט חרוב געמאַכט בבל, און האָבען זיך פֿעראייניגט מיט די מעדער. די פֿעראייניגטע שׂונאים האָבען איינגענומען נינוה און דער קעניג האָט זיך פֿערברענט אין איינעם מיט זיינע נאָהענטסטע פֿריינד אין זיין פּאַלאַץ (606 פֿ. א. צ.). די זיעגער האָבען צושטערט נינוה, געמאַכט זי גלייך מיט דער ערד און כּמעט אַלע בעוואָהנער האָבען זיי פֿערטריעבען און געמאַכט פֿאַר שקלאַווען. די יורשים פֿון אַסירישען קעניגרייך זענען געוואָרען די בבל'ער.

צו נבוכדנצר'ס צייטען איז האַלדעיע (בבל) געוואָרען אַזאַ צענטער פֿון פֿאָדער־אַזיען, ווי אַמאָל אַסיריען. נבוכדנצר האָט פֿעסט געהאַלטען אין די הענד די מעדער. מעהר ווי אַלץ האָט ער געפֿיהרט קריעג מיט די מערב־פֿעלקער. ער האָט צושלאָגען די מאַכט פֿון די אַראַבער, בעזיעגט דעם פּרעה נעכאָ (נכו) אין סיריען און צוויי מאָל געגומען ירושלים. ביים צווייטען מאָל האָט ער חרוב געמאַכט דעם בית המקדש, 506 פֿ. א. צ. (פֿאַר 2500 יאָהר), בעלאַגערט צור, (די הויפּטשטאָדט פֿון פֿעניציען), האָט אַרויפֿגעלעגט אויף פֿעניציען אַ טריבוט (אָנאָב־

באהלי און ענדליך איז ער געגאַנגען דירעקט אויף עגיפּטען, וואו ער האָט געהאַט אַסך נצחונות.

נישט קוקענדיג אויף די שטענדיגע מלחמות, האָט נאָך נבוכדנצר צייט געהאַט אויפצושטעלען די הויפּטשטאָדט בבל אין איהר גאַנצער פּראַכט. ער האָט אויסגעבויעט אַרום דער שטאָדט אַ וואַנד פון 60 וויאָרסט די לענג און געשטעלט אַ בריק איבער'ן טייך פרת. דערנאָך האָט ער פעררינכט די בעוועסערונגס-בנינים פון לאַנד, וואָס איז אין דער צייט פון דער אַסיריער-הערשאַפט געוואָרען שטאַרק פערנאַכלעסיגט.

ער האָט דורכגעגראָבען אַ קאַנאַל, צוליעב וועלכען עס האָבען גע־קענט אַריין אין בבל גרויסע שיפען. נאָך זיין טויט האָבען זיך אָנגע־הויבען פון דאָס ניי די מלחמות מיט די שכנ'ישע פעלקער. ס'איז אַרויס אויף דער ביהנע פון דער וועלט-געשיכטע אַ ניי פאָלק, וואָס האָט צו־ערשט בעקומען די אויבערהאַנד איבער די מעדער — די פּערסער. זיי האָבען בעזיעגט דעם נאַכפאָלגער פון נבוכדנצר'ן, בלשאצר, און אין יאָהר 539 פ. א. צ. האָבען זיי בעזיעגט די כאַלדעער מיט זייער הויפּטשטאָדט בבל. די לעגענדע דערצעהלט, אַז בבל איז געפאַלען אין נאַכט פון דער מאָהלצייט, ווען בלשאצר האָט געלעסטערט גאָט. איבער דער וואַנד פון זאַל האָט זיך מיט אַ מאָל בעוויזען אַ האַנד, וואָס האָט אויפגעצייכענט אויף דער וואַנד „מנא מנא תקל ופרסין". דניאל האָט פּותר געווען די אונפערשטענדליכע צייכען, און אין דער אייגענער נאַכט איז געפאַלען די הויפּטשטאָדט בבל — (דניאל ה')

---

## III. פּרס און מדי.

אין מזרח-זייט פון טייך טיגרוס הויבט זיך אויף אַ ברייט שטיק לאַנד, ווי אַ הויכע פלאַכע טעראַסע איבער'ן ים, וואָס מען רופט דאָס די איראַנער טעראַסע. דאָס לאַנד האָט נישט קיין טיילען און וואַסערען, זיין בעפעלקערונג וואָהנט צוואָרפען, ביי די קאַנטען פונ'ם לאַנד. אַ טייל פון איהר איז אַוועק קיין מדי, אַ טייל — אין פּערסיען, און זענען אַריין אין פערבינדונג מיט אַשור און בבל. די פּרוכט־באַרקייט פונ'ם לאַנד איז נישט געווען אַזוי אָבהענגיג פון די פערפלייצונגען, ווי פון דער אַרבייט פון אינ־ליבען אַקערבויער בעזונדער. און מען האָט געמוזט אַ

סך מעהר אַרבייטען ווי אין בבל און מצרים, אום צו מאַכען פרוכטבאַר דאָס לאַנד.

צווישען דער בעפעלקערונג פון איראַנער טעראַסע האָבען זיך איינגעפונען חוץ דער געלער און שוואַרצער ראַסען, חוץ סעמיטען, נאָך די אַריער. אַ טייל פון די אַריער, ווי די פּערסען און מעדער, האָבען זיך בעזעצט אין מזרח פון דער טעראַסע, אַ טייל איז אַראָב אין פּענדזשאַב (פינפשטראָם־לאַנד) און האָבען געגרינדעט די מלוכה פון די אינדוסען, וואָס וואוינען אין היינטיגען אינדיען אונטער דעם ענגלישען שוץ. אַ טייל ווידער איז אַוועק אין איירָאפּא, צוערשט די גריכען און רעמער, דערנאָך די קעלטען און די גערמאַנען און ענדליך די ליטווינער און די סלאַווען.

ווי פערשידען עס איז נישט געווען די געשיכטע פון אַלע די דאָזיגע פעלקער, אָבער ביי אַלעמען געפינען מיר אַן ענליכקייט אין די מנהגים, בעזונדערס אין דער שפּראַך. די אַלטע אינדישע שפּראַך איז סאַנסקריט, די אַלטע פּערסישע — זענד און אַלע איירָאפּעאישע שפּראַכען האָבען נישט־נאָר די אייגענע ווערצלען און ווערטער ווי סאַנסקריט און זענד, נאָר כמעט דעם אייגענעם גראַמאַטישען געביי, דעריבער בעטראַכט מען אַלע היינטיגע פעלקער אין איין איירָאפּא צוזאַמען מיט די היינטיגע פּערסער און אינדוסען, וואָס זענען איבערגעבליבען אין זייער אַלט לאַנד, פאַר איין היסטאָרישע משפחה.

די אַריער האָבען העכער פאַר אַלע געטער געזעצט דעם האַר אויף דעם הימעל. די זון האָבען זיי בעטראַכט, ווי דאָס אויג פון האַר. אָט דער גוטער און מעכטיגער גאָט, (וואַרון ביי די אינדוסען, אָרמוזד ביי די פּערסער), פיהרט שטענדיג אַ מלחמה מיט די בייזע דעמאָנען (טייוולאָנים), וואָס ער דערשלאָגט מיט דעם דונער פון זיינע בליצען. די אינדוסען האָבען געגלויבט, אַז דער גוטער גאָט איז שטענדיג גובר די שלעכטע דעמאָנען. די פּערסער דאַגעגען האָבען געהאַט נאָך דעם גאָט פון פינסטערניש אַרימאַן, וואָס איז אַזוי שטאַרק ווי אָרמוזד. דורך די גאַנצע נאַטור געהט אַ שפּאַלט, וואָס טיילט זי אין צווייען. ליכט און פינסטערניש, לעבען און טויט, דער אמת מיט'ן שקר, דאָס גוטע און דאָס בייזע פיהרען אייביג אַ מלחמה. אָרמוזד און אַרימאַן קעמפּפען שטענדיג, אום צו פערכאַפּען די גאַנצע מאַכט. אַ געדעכטער מענש דאַרף זעהן צו זיין אַ סאָל־

דאָס בײַ אָרמוזד׳ען, און איטליכער דאַרף שטרעבען צו דיענען דעם גאָט פֿון ליכט אויף דער וועלט, ווייל נאָכ׳ן טויט געהט מען דורך אַ בריק, וואָס האָט צוויי עקען; איינער פֿיהרט צו אָרמוזד׳ען (גן-עדן), און דער אַנדערער—צו אַרימאַנ׳ען (גיהנם).

די פּערסער האָבען געהאַט זייער נביא זאָראָאַסטער, וואָס האָט צוערשט אויסגעבילדעט זייער גלויבען. די דאָזיגע תורה איז דער-גאַנגען צו אונז, צוליעב זייערע הייליגע ביכער זענד-אַוועסטאַ, וואָס איז געוואָרען צוזאַמענגעשטעלט דורך זייערע כהנים. די כהנים-קלאַס איז געוועזען אַ בעזונדער קלאַס אין דער מלוכה. זי האָט געהאַט אַ גרויסע מאַכט, בעזונדערס בײַ די מעדער, וואו זיי האָבען געהייסען די מאַגען (אַזאַ מין מכשפים). די איינצעל-הייטען פֿון זאָראָאַסטער׳ס תורה האָט נישט געקענט פֿערשטעהן דאָס איינפֿאַכע פֿאָלק, אָבער איטליכער פּויער אַפילו האָט געגלויבט, אַז דורך שווערע געוויסענהאַפֿטע ערד-אַרבייט דיענט ער צו אָרמוזד׳ען, און אַז דער טורקמען (דער היינטיגער טערק), דער נאָמאַד, וואָס לעבט פֿון גזלה, איז אַ דיענער פֿון אַרימאַנ׳ען.

דערום האָט די אמונה געהאַט אַ גרויסע ווערדע אין פּשוט׳ען אַר-בייטס-לעבען פֿון די איראַנער פֿעלקער. און אַזוי ווי אין דער אַלגעמיי-נער קולטור האָבען זיי איבערגענומען די הויכע קולטור פֿון בבל און אשור (למשל, די שריפֿט, די סקולפּטור, די מאַלעריי, די מלוכה-אָרד-נונג א. אַ. וו.), האָט זיך אויף דער איראַנער טעראַסע אָנגעהויבען בילדען אַ שטאַרק, געבילדעט פֿאָלק מיט ערנסטערע מאָראַלישערע בעציהונגען, ווי בײַ די בבל׳ער.

אין דער צייט, ווען אשור איז געוועזען שטאַרק, זענען די מעדער געווען פֿון זיי פּאָליטיש אָבהענגיג. דער ערשטער שטוים, וואָס האָט זיי געמאַכט פֿון אונטערטעניגע צו פֿרייע, איז געוועזען די צייט, ווען עס זענען בעפֿאַלען די סקיטען פֿון דרום-רוסלאַנד די איראַנער פֿעלקער (2600 יאָהר צוריק). דערנאָך, ווי די מעדער האָבען פֿעריאָגט די סקיטען, זענען זיי אַראָב פֿון זייערע פּאָליטישע גלייכגילטיגקייט און האָבען אָנגעהויבען זיך בע-פֿרייען פֿון אסירישען יאָך. צוזאַמען מיט בבל זענען זיי אַרויס געגען נינוה און האָבען זי צושטערט. 60 יאָהר האָבען די מעדער געהאַט די אויבערהאַנד איבער אַלע איראַנער פֿעלקער.

480 יאָהר פאַר'ן צווייטען חורבן איז אַריבער די אויבערהערשאַפֿט אין איראַן צו די פערסער. כּורש, וואָס איז געווען דער פֿעלדהאַר פֿון פערסישען חיל, האָט אויסגעראָט די אַלטע פערסישע דינאַסטיע און פֿון זיך אָבגעזונדערט די נייע דינאַסטיע אַחעמענידען. זיין הויפּטשטאָדט איז געוואָרען זוזאַ (שושן).

נאָר די מעדער און פערסער האָבען אין שלום אָנגעהויבען אַרבייטען און קעניגען צוזאַמען און האָבען צוזאַמען געשטרעבט צו פֿערשטאַרקען די מלוכה פֿון די פערסער. כּורש לעבט נאָך היינט אין דער דאַנקבאַרער ערינערונג ביי אונז, יודען, ווייל ער האָט נאָכ'ן ערשטען חורבן ווידער ערלויבט יודען זיך צו בעזעצען אין זייער לאַנד און אויסצובויען פֿון דאָס ניי דעם בית־המקדש. (480 פֿ. א. צ.)

כּורש האָט אויך בעזיעגט לידיען. דער קעניג פֿון לידיען, קרעזוס, האָט געהערשט איבער אַלע קליין־אַזיאַטישע פֿעלקער; ער האָט אויך געהאַלטען אין זיין מאַכֿט די גריכֿישע קאָלאָניעס, וואָס האָבען זיך בעזעצט ביים עגעאישען ים. דער הויף פֿון דעם דאָזיגען קעניג קרעזוס איז געווען אַ צענטר פֿון רייכֿקייט און לוקסוס. (נאָך עד היום רופֿט מען אַ גרויסען מיליאָנער — אַ קרעז). ער האָט געהאַט פֿערבינדונגען נישט נאָר מיט סיריען און עגיפטען, נאָר אויך מיט די אייראָפּעאישע גריכֿען. נאָר די פֿערוויילבֿקייט, וואָס קומט פֿון צופֿיעל רייכֿקייט, איז געווען די סבה, וואָס די לידיער האָבען נישט געקענט בעשטעהען קעגען די פערסען, וואָס זענען געווען מעהר אָבגעהאַרטעוועט און ענערגישער. כּורש האָט זיך אַפילו פֿאַר'ן קאַלטען ווינטער נישט געשראָקען, און גראָד דאַמאָלס מנצח געווען די הויפּטשטאָדט פֿון קעניג קרעז.

אויסער לידיען האָט ער נאָך בעזיעגט חאַלדעיע און סיריען.

זיין זוהן קאַמביז האָט אַיינגענומען מצרים.

נאָך זיין טויט, אָהן דירעקטע יורשים, האָט איינער פֿון זיינע ווייטע קרובים פֿערחאַפּט דעם טהראָן. דאַריוס (דָרְיָוֶש) היסטאַספּ האָט ער געהייסען. ער האָט נאָך ווייטער פֿערשפּרייט די מאַכֿט פֿון פערסיען. חוץ חאַלדעיע, אסיריען, קליינ־אַזיען, איראַן און עגיפטען, האָט ער נאָך מנצח געווען טורקעסטאַן, צפון־און דרום־אינדיען, און טראַציען.

דריוש האָט זיך נישט בעגנוגענט אויסצוקוילען די בעזיעגטע פֿעלקער. ער האָט געפּרובט נאַטירליך צו בעפֿעסטיגען די צוגעקומענע לענדער צום הויפּטלאַנד פֿון די פערסיער. צוליעב דעם צוועק האָט ער פֿערטיילט זיינע לענדער אין 23 טיילען (סאַטראַפּיען). אין איטליכֿען טייל

איז געווען אַ גובערנאַטאָר (סאַטראַפּ, אַחשדרפני), וואָס האָט געדאַרפֿט וואַרגען פֿאַר די פּערסישע אונטערטאַנען.

די בעצוואונגענע פֿעלקער האָבען געמענט לעבען נאָך זייערע מנהגים און האָבען געהאַט אַנ'אייגענע זעלבסטפֿערוואַלטונג, נאָר דער סאַטראַפּ פֿלעגט נעהמען ביי זיי אָבגאָב, נעהמען סאָלדאַטען פֿון זיי און זעהען, אַז עס זאָל נישט פּאָרקומען קיין בונט קעגען פּערסיען. די סאַטראַפּען פֿלעגט בעשטעטיגען דער קעניג, און זיי פֿלעגען קאָנטראָלירען בעזונדערע קעניגס שלוחים, רעוויזאָרען, וואָס מען פֿלעגט זיי רופֿען „די אויגען און די אויערען פֿון קעניג". די סאַטראַפּען, ווי מעכטיג זיי זענען נישט געווען אין זייערע לענדער, זענען געווען פֿאָלקאָמען אָבהענגיג פֿון קעניג. איין פֿעדער־שטריך פֿון קעניג פֿלעגט צונעהמען פֿון זיי די מאַכט און אָפֿטמאָלס אויך דאָס לעבען.



בילד 14 — אַ פּערסישער קעניג און זיין דינער מיט אַ שירם און אַ פֿאָכער. אין דער הויך דער גאָט פֿון ליכט מיט דריי פֿליגלען.

די גאַנצע מלוכה־אָרדנונג אין פּערסיען איז געווען געגרינדעט אויף דער איין־איינציגער אויבערהערשאַפֿט פֿון „גרויסען קעניג".

## IV. פֿעניציען (צור)

דאָס קליינע פֿעלקעל האָט געשפּיעלט איינע פֿון די גרעסטע ראָלען אין דער וועלטגעשיכטע.

פֿעניציען האָט פֿערנומען אַ שמאָלען פּאַס צווישען מיטעלענדישען ים און דעם סירישען מדבר. אין דרום טייל פֿון סיריען האָבען געלעבט די יודען און ביים סאַמען ברעג פֿון ים האָבען געוואוינט די פֿעניציער.

וואָס פֿאַר אַ גאָהענטקייט עס איז געווען צווישען פֿעניציען און ירושלים, בעווייזט דער פֿאַקט, וואָס שלמה המלך האָט געבוים דעם בית המקדש מיט דער הילף פֿון חירם מלך צור.

דער פֿעניצישער ברעג איז בעשטאַנען פֿון זאַמדיגער און שטיינער־נער ערד. אַקערבוי האָט זיך דאָרט נישט געקענט ענטוויקלען. דערפֿאַר האָט זיך דאָרט גיך ענטוויקעלט דער האַנדעל. די פֿעניציער זענען געווען דאָס גרעסטע האַנדעלס־פֿאָלק אין די אוראַלטע צייטען.

אַ דאַנק דער גוטער לאַגע, איז שווער געווען צו בעפֿאַלען דאָס לאַנד. דער פֿעלזעריגער באַרג און דער ים זענען געווען די בעסטע פֿעסטונגען פֿאַר דאָס קליינע פֿאָלק. אַ דאַנק־זשע איהר גוטער לאַגע צווישען דער ווילדער אייראָפּאַ און די הויך־קולטורעלע לענדער (עגיפּטען, בבל), איז אין פֿעניציען געלעגען דער גאַנצער האַנדעל פֿון דער דאַמאָלסדיגער וועלט.

די פֿעניציער האָבען בעזאָרגט מיט סחורה אַלע פֿעלקער, וואָס וואָה־נען ביי די קאַנטען פֿון מדבר. זיי האָבען אויך געהאַנדעלט מיט די אינזעלען אויפֿ׳ן ים. זיי האָבען אין גרויסע מאַסען ענטוויקעלט ביי זיך דעם פֿ י ש ־ פֿ אַ נ ג. די ערשטע גרויסע שטאָדט, וואָס זיי האָבען אויפֿגעבויעט, האָבען זיי אַ נאָמען געגעבען „צידון״ (סידאָן), וואָס בעדייט „די פֿישער־שטאָדט״.

ביי די ברעגען האָבען זיי געפֿאַנגען די ים־שנעקעס, וואָס גיעבען די פּורפּור־פֿאַרב, און האָבען מיט דער פֿאַרב פֿערזאָרגט גאַנץ בבל און עגיפּטען. מיט זייערע שיפֿען פֿלעגען זיי אָפֿט ווייט פֿערפֿאָהרען פֿון די ברעגען, בעפֿאַלען פֿערשידענע דערפֿער אויף די אינזלען פֿון ים, מיט־נעהמען די בעפֿעלקערונג און זיי פֿערקויפֿען אין סיריען און עגיפּטען פֿאַר שקלאַפֿען. דער שקלאַפֿען־האַנדעל איז געווען אויך איינער פֿון זייערע האַנדעלס־צווייגען. פֿאַר די שקלאַפֿען פֿלעגען זיי בעקומען סחורה (מיים־מענס מעטאַלען, כלי זיין, שמוק־זאַכען) פֿון עגיפּטען און בבל, וואָס זיי פֿלעגען אויסבייטען אויף אַנדערע זאַכען, למשל, בהמות, פֿעלען פֿון חיות, ביי ווילדערע פֿעלקער, ווי ביי די גריכען און אַנד.

דער פֿ ע נ י צ י ע ר איז געווען צוגלייך דער ס ו ח ר און דער ג ז ל ן אויפֿ׳ן ים. זייערע הויפּט־פּאָרטען זענען געווען צ י ד ו ן און צ ו ר (סידאָן און טירוס).

די פֿעניציער האָבען ענטדעקט די אינזעל צ י פּ ע ר ן, פֿון וואַ־נען זיי האָבען אָנגעהויבען אַרויסצופֿיהרען ק ו פּ ע ר. אויף דער אינ־זעל ט ה אַ ס אָ ס האָבען זיי געפֿונען און בעאַרבייט די ג אָ ל ד ־ ג ר ו ב ע ן.

*) זענען אַפילו אַריינגעדרונגען אין אַ סך גריכישע שטעדט.

זיי זענען דערפאָהרען ביז אַפריקאַ. גאַדיר (היינט קאַדיקס), קאַר־טהאַגאָ (היינט טוניס) זענען געווען זייערע הויפּט־שטעדט דאָרטען, וואו זיי פלעגען האַלטען זייער סחורה־לאַגער אין דרום־שפּאַניען און אַפריקאַ.

אין פעניציען פלעגען זיך צוזאַמענטרעפען די פּראָדוקטען פון דעם אַזיאַטישען קאַראַוואַן־האַנדעל, די שמעקענדיגע קרייטיכער, די זיסע זאַ־כען און דאָס גאָלד פון אַראַביען, די טייערע שטיינער פון צפון־איראַן, די פערד און די שענע רעדער־וואָגענס פון אַרמעניען, ברויט און אָלי־זוען־עהל פון סיריען, לוקסוס־זאַכען פון בבל און מצרים, ענדליך, שקלאַ־פען פון דער גאַנצער דאַמאָלסדיגער וועלט.

די פעניציער האָבען נישט נאָר געהאַנדעלט, זאָנדערן זיי האָבען אויך אַליין געלערנט און אַנדערע געלעהרענט, ביי די געבילדעטערע פעלקער האָבען זיי זיך אויסגעלערנט פערשידענע קענטעניסען און זיי אויסגע־לערנט די ניעדריגערע פעלקער. ביי די עגיפּטער האָבען זיי זיך אויס־געלערנט מאַכען גלאָז, פאַרבען פערשידענע געוועבען, בעאַרבייטען שטיינער און מעטאַלען. זיי האָבען אָבער פערבעסערט מאַנכע זאַכען. זיי האָבען איבערגעמאַכט די עגיפּטישע שריפטצייכען, געמאַכט דאָס איינפאַכער און די ערשטע אויסגעקלערט אַ נ׳אלף־בית (אַזבוקאַ), וואָס עס האָבען איבערגענומען אַלע איראָ־פּעאישע פעלקער און אויך יודען, אַראַבער און אַנדערע מזרח־פעלקער.

די פעניציער האָבען נאָר געלעבט מיט ריין פּראַקטישע צוועקען, האָבען נישט געהאַט קיין פאָרשטעלונג פון אַ לעבען אויף יענער וועלט, זיי האָבען אויך נישט געזוכט זיך צו פערגרייזיגען דורך העלדישקייט, שטאַרקע מלחמות, און דעם רוהם פון ,,קריעגס־נצחון.

זייער רעליגיע איז געווען שטאַרק עהנליך צו דער פון די חאַלדעער. זייערע הויפּט־געטער זענען געווען באַאל און אַסטאַרטע (בל און עשתרת). די פעניצישע געטער זענען געווען גרויזאַמע. אום זיי אײַנצושטילען, פלעגט מען זיי מוזען ברענגען מענשליכע קרבנות לויט דער השגה פון פאָלק. די קרבנות פלעגט מען ברענגען דעם מאָלאָך (מלך אין תנ״ך).

דער מזל פון פאָלק דריקט זיך אוים זעהר שען אין דער פעניצי־שע לעגענדע, וואו עס דערצעהלט זיך, אַז באַאַל אין געשטאַלט פון העלד מעלקאַרט איז אַרום די גאַנצע וועלט, אומעדום בעווייזענדיג העלדישע טהאַטען, ביז ער האָט דערגרייכט דעם גיבראַלטאַר־דורכגאַנג

און האָט דאָרט אַוועקגעשטעלט צוויי זיילען אַלס צייכען, אַז דאָ ענדיגט זיך די וועלט (די גריכען האָבען שפּעטער פערביטען דעם נאָמען מעלקאַרט מיט זייער האַלבגאָט הערקולעס און האָבען דעם אָרט אַ נאָמען געגעבען די „הערקולעס זיילען"). די לעגענדע צייגט, אַז די פעניציער האָבען דערגרייכט דאָס העכסטע, וואָס זיי האָבען געקענט.

אָבער די רייכקייט און די מאַכט פון די פעניציער זענען געווען אָהן אַ פונדאַמענט. זייער לאַנד איז בעשטאַנען פון אַ סך שטעדט, וואָס האָבען נישט געהאַט קיין שייכות, קיין צובונד צווישען זיך. אין די קאָלאָניעס האָבען זיי זיך נישט געזוכט צו בעפעסטיגען, נאָר זיי פלעגען בויען ערגעץ וואו אויף אַנ׳איינזעל זייערע קאָנטאָרען און זייערע שפּייכלערס כדי צו שטעהען אין האַנדעלס־פערבינדונג מיט די איינגעבוירענע.

זיי האָבען פונדעסטוועגען געהאַלטען מעהר ווי טויזענד יאָהר דעם וועלט־האַנדעל אין זייערע הענד. דעם ערשטען קלאַפּ האָבען זיי בעקומען פון די אַסירייער, וואָס האָבען פאַר 2000 — 1900 יאָהר עטליכע מאָל בעלאַגערט די הויפּטשטאָדט טירוס. נאָר דער אונטערגאַנג פון פעניציען נעהמט זיך הויפּטזעכליך דערפון, וואָס די ווילדע פעלקער, מיט וועמען זיי האָבען געהאַט צו טהון, האָבען זיך אַ סך פון זיי אָבגעלערנט און גענומען ביסלעכווייז זיך בעפרייען פון די פעניציער מיט זייער האַנדעל. ווען ביי די גריכען האָבען זיך גענומען ענטוויקלען די קולטור און די פעהיגקייטען צו בעפאָהרען דעם ים מיט שיפען, האָבען זיי גענומען פערשפּאַרען פאַר די פעניציער אַלע וועגען אין מיטעללענדישען ים.

אין יאָהר 332 פ. א. צ. האָט אַלעקסאַנדער דער גרויסער צושטערט די שטאָדט צור (טירוס), האָט אַ טייל פון די איינוואָהנער אויסגעהרג׳עט און דעם איבריגען טייל פערקויפט פאַר שקלאַפען.



## צווייטער אַבשניט

# גריכענלאַנד.

---

### ערשטעס קאַפּיטעל.

### גריכענלאַנד פאַר 2900—2600 יאָהר צוריק.

ווען די אַזיאַטישע סוחרים זענען געקומען צו די ברעגען פון אייראָפּאַ, האָבען שוין דאַמאָלס אין דעם ענגען דרום־טייל פון דער באַלקאַנישער האַלב־אינזעל געוואָהנט די גריכען (אויף גריכיש — העלענען, אָדער עלינען).

גריכענלאַנד (עלאַדע אויף גריכיש) איז דורכאויס אַ באַרגיגעס לאַנד. פון אַלע זייטען געהען זיך פונאַנדער בערג־קייטען און איינצעלנע בערג. אום צוצוקומען צו עלאַדע, מוז מען קריכען איבער בערג, דורכקלעטערען פערשיעדענע בערג־שפּאַלטען און שמאָלע געפעהרליכע וועגען צווישען די הויכע פעלזען. אין גריכענלאַנד האָט מען נישט געדאַרפט מזרא האָבען פאַר אַנ'אָנפאַל פון די וואַנדערענדע פעלקער. דאָס לאַנד צופאַלט אין עטליכע טיילען, מיט וועלכע עס איז, צוליעב די בערג, שווער געווען זיך צו פערבינדען, און דערום אויך האָט זיך אין איטליכען טייל געקענט לעבען אַ קליין פעלקעל פאָלשטענדיג אונאַבהענגיג.

די גריכישע שטיינערנע ערד האָט זיך שווער געלאָזט באַאַקערען. נאָר מען האָט געקענט אויף איהר פערשפּרייטען פיהצוכט (האָדאָוואַניע פון בהמות). זים וואַסער געפינט זיך ווייניג אינ'ם לאַנד. פון די בערג פליעסען קוואַלען און טייכלעך, וואָס פאַלען באַלד אַריין אין ים. דעריבער פלעגט מען זיך שטענדיג קריעגען צוליעב וואַסער, וואָס קומט פון די בערג. דער הויפּטפּונקט ביי איטליכען אָבמאַך מיט אַ שכנ'ישען צד איז שטענדיג געווען: „איך פערשפּרעך, נישט צוצונעהמען פון מיין שכן דאָס וואַסער, וואָס פליעסט אין זיין רשות“.

די בערגיגע ברעגען פון עלאַדע האָבען זיך אַראָבגעלאָזען ביז צום ים. וואו נאָר דער גריך האָט זיך גישט געקעהרט און געווענדט, — אומעדום האָט זיך געשפּרייט פאַר איהם דער ים.

אין מזרח־זייט האָט ער געהאַט דעם ענגאַישען ים, וואָס גראָבט זיך אַריין מיט זיינע וואַסערען טיעף אין ברעג, וואו עס קומט נישט צו דער שטורם און וואו עס קענען רוהיג שטעהען די שיפלעך. פון דרום־זייט — דעם מיטעללענדישען ים.

אין גריכענלאַנד איז נישטאָ אַן אָרט, וואָס זאָל האָבען אַ גרעסערען מרחק פון ים, ווי 60 וויאָרסט.

עלאַדע איז נישט גרעסער ווי פּאָרטוגאַל, אָבער די ליניע פון איהרע ים־ברעגען איז לענגער, ווי דער ברעג פון דער פּירענעען־אינזעל, וואָס איז 6 מאָל אַזוי די לענג ווי פּאָרטוגאַל. דערפון זעהט מען, אַז די ברעגען פון עלאַדע זענען געווען שטאַרק צושניטען פון דעם אַרומי־גען ים.

דאָס היסטאָרישע אַלט־גריכענלאַנד צופאַלט אויף דריי טייל: אין צפון, אין מיטעל־ און אין דרום־גריכענלאַנד. מיטעל־ און דרום גריכענ־לאַנד פעראייניגען זיך דורך אַ שמאָלען ערד־פּאַס, וואו עס געפינט זיך די שטאָדט קאָרינט.

די ערשטע בעוואָהנער פון לאַנד זענען געווען די פּעלאַסגער, דערנאָך זענען געקומען די דאָריער, וואָס האָבען אַרויסגעשטויסען די פעלאַסגער. שפּעטער האָבען זיי זיך אַ נאָמען געגעבען עלינען. די לעצטע זענען בעשטאַנען פון דריי שטאַמען (שבטים) דאָריער, יאָניער און אַחעיער.

די אַזיאַטישע סוחרים האָבען די העלענען אַסך זאַכען אויסגעלערנט. זיי האָבען זיך אויסגעלערנט ביי די עגיפּטער בויען גרויסע בנינים, מאַכען לעהמענע כּלים, צו פיהרען מלחמה אויף רעדער־וואָגענס, מאַכען וואָפען פון שווערע מעטאַלען.

זייענדיג בעקליידט אין בראָנז און אייזען, האָבען שוין די גריכען זיך דערוועגט צו מאַכען אָנפאַלען. פון די אַלטע ברודער־בונדען, וועגען וועלכע מיר האָבען גערעדט (ז. קאַפּ. 1 אין ערשטען טייל), האָבען זיך געבילדעט גרויסע קריעגערישע בונדען. די שטאַרקסטע פון זיי פלע־גען בעקומען די אויבערהאַנד און פלעגען הייסען די פיהרער. דער שטאַרקער און דער רייכער פיהרער (ווייל ער פלעגט זיך נעהמען דעם בעסטען טייל פון רויב) פלעגט בויען פאַר זיך אַ בעזונ־דערען שטיינערנעם פּאַלאַץ אויף אַ גלייכען בערגעל און פלעגט פון דאָרטען הערשען איבער דעם גאַנצען אָרט, וואָס שפּרייט זיך אויס פאַר זיין הויכען פּאַלאַץ. ער פלעגט אויך צווישען די איינפאַכע קברים פון

זיינע דאָרף־חברים אויסמויערען פֿאַר זיך אַ גרויסאַרטיגען קבר, וואָס איז געווען עהנליך צו די עגיפּטישע פּיראַמידען.

באַלד האָבען שוין די פֿיהרער געקוקט אויף זיך ווי אויף מענשען פֿון אַ העכערען סאָרט, זיי פֿלעגען זיך רופֿען מיט׳ן טיטעל קעניג און זיך האַלטען פֿאַר די קינדער פֿון די געטער.

נאָר די גריכישע קעניגען זענען נישט געווען עהנליך צו די קע־ניגען אין מצרים, בבל אָדער אַסיריען. די גריכישע קעניגען זענען געווען כּמעט דאָס אייגענע, וואָס אַ קאַווקאַזער פֿירשטעל, אָדער וואָס אַנ׳אַלטער קריעגערישער גוטבעזיצער. אָפֿט פֿלעגט אַזאַ קעניג נישט האָ־בען מעהר אונטערטהאַנען ווי עטליכע הונדערט מענשען.

ווען אַ קעניג פלעגט ווען אויספֿיהרען אַ קריעג, פֿלעגט ער זיך פֿערבינדען מיט עטליכע שוואַכערע קעניגען. „די איליאַדע״, די פּאָעמע פֿון גריכישען בלינדען פּאָעט האָמער, וואָס איז געוואָרען דער־נאָך דאָס נאַציאָנאַל־ווערק ביי די גריכען, גיעט אונז אַ בילד פֿון גריכישען לעבען צו יענער צייט.

צווישען דעם עלטעסטען פֿיהרער, דאָס הייסט דעם קעניג, און די איבריגע שטאַרקע קריעגער איז דער חלוק נישט געווען גרויס. זעהר אָפֿט פֿלעגען זיי איהם נישט פֿאָלגען און אַוועקגעהען פֿון דער מלחמה, איהם איבערלאָזענדיג אַליין.

דערפֿאַר איז געווען אַ גרויסער חלוק צווישען די פֿיהרער און פשוט׳ע מענשען. אין די אַלטע גריכישע ליעדער רופֿען זיך די פֿיהרער „די איידעלע״ „די „פֿעטע״ „די גליקליכע״ מענשען. דער קעניג האָט ליעב געהאַט צו וואָהנען ברייט צוזאַמען מיט די אַנדערע שטאַרקע קריע־גער, וואָס פֿלעגען עסען און טרינקען אויף זיין חשבון.

דער קעניג אָדער דער פֿיהרער האָט אין זיין שלאָס געהאַט אַלץ, וואָס ער האָט געדאַרפֿט. אין די גערטנער און פֿעלדער האָבען געאַר־ביים שקלאַפֿען אָדער געדונגענע אַרבייטער. אין דער וויבער־אָבטיילונג זענען געזעסען צעהנדליגער שקלאַפֿינען און האָבען געשפּונען און געוועבט.

די פֿיהרער האָבען בעזונדערס הנאה געהאַט צו הערען געזאַנגען וועגען זייערע העלדענטהאַטען. ביי די קעניגען זענען שטענדיג געווען זינגער, וועלכע פֿלעגען בעזינגען נייע העלדענטהאַטען אָדער איבער־חזר׳ן די אַלטע בעליעבטע העלדענליעדער. מעהר פֿאַר אַלעמען איז גע־בליעבען אין זכרון ביי די אַלטע גריכען דער בלינדער זינגער האָמער,

ווער עס האָט, נאָך זייער מיינונג, פֿערפֿאַסט די וועלט־בעריהמטע פּאָעמען, וואָס זענען דערגאַנגגען צו אונז, „די איליאַדע" און „די אָדיסעיע".

אין דער „איליאַדע" דערצעהלט זיך און ווערט בעזונגען דער קריעג פֿון די אַלטע גריכען מיט'ן קעניג פֿון שטאָדט טראָיע, וועלכע געפֿינט זיך אין צפֿון'דיגען ווינקעל פֿון קליין־אַזיען. אין „אָדיסעיע" ווערען בעזונגען די וואונדערליכע צופֿעלען, וואָס קעניג אָדסעיי האָט געהאַט אוי'פֿ'ן וועג, ביז ער איז געקומען אַהיים פֿון קריעג מיט טראָיע. דאָס וואָסער האָט פֿערטראָגען זיינע שיפֿען צו פֿרעמדע ברעגען. יאָהרענלאַנג האָט ער אַרומגעבלאָנדזשעט אין די ימים, ביז די געטין אַטהענע האָט איהם אַרויסגעהאָלפֿען פֿון זיין נויט.



בילד 17 אַ קריעגס־רעדער־וואָגען.



בילד 16 אַ גריכישער קעניג.

די ביידע דערמאָהנטע פּאָעמעס זענען דער בעסטער דענקמאָל פֿאַר די אַלטע צייטען פֿון גריכישען לעבען.

דעם פּראָסטען מענשען, אָהן יחוס, אָהן ערד, האָט זיך זעהר שווער געלעבט. אַלע שטרייטען פֿלעגען ווערען געמשפּט דורכ'ן קולאַק (פֿויסט). ביי איטליכען פֿאַל פֿלעגט מען צושטערען די פֿעלדער, אונטער־צינדען די הייזער און גזל'ען די בהמות אויפֿ'ן פֿעלד. „אַ פּראָסטער מענש איז אין די העגד פֿון אַ גרויסען שררה אַזוי שוואַך, ווי אַ פֿויגעלע אין די נעגעל פֿון אַ האַביכט (רויב־פֿויגעל)" — זינגט זיך אין אַ ליעד פֿון יענער צייט. ווער עס האָט אַליין נישט בעזעסען קיין ערד, האָט גע־מוזט אַרבייטען פֿאַר אַ צווייטען, און זיין לאַגע איז געווען נישט בעסער פֿון אַ שקלאַף. אין אַזאַ צושטאַנד פֿלעגט אַריינפֿאַלען אַ געפֿאַנגענער, וואָס האָט זיך נישט געהאַט מיט וואָס אויסצוקויפֿען.

דער הערר האָט געהאַט דאָס רעכט צו טהון מיט'ן שקלאַף וואָס ער וויל. האָטש עס זענען אויך געווען ביים הערן געליעבטע שקלאַ־



בילד 18 — דער שלאָס פֿון אַ קעניג פֿון איינגאַנג צו, די זײַלען, די קאָסיאַקעס, די וואַנד־בעקלײַדונג — פֿון האָלץ, דער דאַך איבער'ן הילצערנעם פּאָלאָפּ פֿון שטאַרק געקנאָטענעם ל ז.

פֿען, וואָס האָבען אַליין געהאַט שקלאַפֿען, מיט'ן וויסען פֿון בעל־הבית.

קיין געריכט אין היינטיגען זין איז ביי די גריכען נאָך דאַמאָלס במעט גישט געווען. פֿאַר אַ מאָרד פֿלעגט מען ענטפֿערען אויך מיט אַ מאָרד. ווען מען האָט גישט געקענט האַפּען דעם מערדער, פֿלעגט מען ערמאָרדען אַ קרוב פֿון איהם. ווער עס פֿלעגט גנב'נען אָדער גזל'ען, האָט שוין געמעגט זיכער זיין, אַז מען וועט איהם בעגנב'ענען אָדער בע'גזל'ען.

כּדי צו צווינגען אַ גנב אָבצוגעבען די גע'גנב'עטע זאַך, פֿלעגט מען ביי איהם צונעהמען אַנ'אַנדער זאַך, און איהם אָוועקגעבען צוריק, ווען ער האָט אָבגעבראַכט די גנבה.

נאָר אין די פֿעלען, וואו ביידע זענען געווען גלייך שטאַרק, פֿלעגט מען געהען צו אַ פֿערמיטלער. דער פֿערמיטלער האָט געקענט זיין דער קעניג, אָדער זיין געהילף, אָדער די עלטעסטע לייט פֿון ישוב. דאַמאָלס פֿלעגט מען זיך אויסזעצען אין אַ האַלבען ראָד אויף גלאַטע שטיינער און אַרויסרופֿען אין האַלב־קרייז די ביידע, וואָס האָבען צווישען זיך אַ סכסוך. אַרום די ריכטער פֿלעגט שטעהען דער דאָרפֿישער עולם און פֿלעגט זיך אַז ך אַריינמישען אין גאַנג פֿון משפּט.

צו יענער צייט איז נאָך געווען ביי די גריכען זעהר שוואַך די

חיגה וועגען אונרעכט און זינד. א מערדער, וואס האט בעצאהלט אויס־קויפגעלד פאר זיין קאפ, איז זיך רוהיג געבליעבען ווייטער אין זיין דארף. צו הרג'ענען א מענשען איז קיין גרויסע מעשה נישט; שלעכט איז נאר, וואס מען וועט זיך קומען נוקם זיין פאר'ן גע'הרג'עטען. די געטער זע־נען אויך אזוי. נאר איין זאך פערלאנגען די געטער ביים מענשען, אז ער זאל זיין גאסטפריינדליך. קומט א פרעמדער און זעצט זיך אויף דער אש פון הייליכען הערד (קאמין), שטעהט ער שוין אונטער די גע־מערס שמירה. אזא פרעמדען גיט מען עסען, מען בעשיצט איהם פון דעם שונא, וואס יאגט זיך נאך איהם, מען גיט איהם נאך מתנות אויפ'ן וועג. דאס דארף מען נאך טהון צוליעב דעם, ווייל ער וועט מאכען א גוטען שם דעם גאסטפריינדליכען בעל־הבית.

---

## די רעליגיאן.

צו יענער צייט האבען די גריכען געמיינט, אז ביי די געטער קומט פאר דאס אייגענע, וואס ביי מענשען. די געטער האבען זיי זיך נישט פארגעשטעלט ווי די מזרח־פעלקער, די געצענדיענער, וואס פלעגען מאלען און אויסהאקען פון שטיין פאנטאסטישע געצען, האלב מענש האלב חיה, א געץ מיט עטליכע קעפ אדער מיט עטליכע פאר הענד א. א. וו. פאר זיי איז געווען דער געץ די פאלקאמענערע ערהאבענערע שענערע געשטאלט פון מענשען, וואס לעבט אויפ'ן העכסטען גריכישען בארג אלימפ. ווען ער פערלאזט די הימלען.

די גריכען האבען געגלויבט, אז די הימלישע געטער קלויבען זיך צונויף אויפ'ן העכסטען בארג אלימפ. העכער פאר אלע, דער פאטער פון געטער און מענשען, שטעהט דער גאט צעאוס (זעווס), דער דונערן־ווארפער. זיין האנד איז בעוואפענט מיט'ן בליץ, אבער ער איז פארט נישט דער אלמעכטיגסטער. נישט ער האט בעשאפען די וועלט און די מענשען. די פראגע וועגען בריאות־העולם (וועלטשעפ־פונג) איז געבליבען אין זייער רעליגיע אהן אנ'ערקלערונג. די מענשען זענען, לויט זיי, געווען אמאל פראסטע חיות, ביז עס איז געקומען דער גאט פראמעטעאוס און האט אין זיי אריינגעבלאזען דעם געטליכען פייער. דערפאר האט איהם, אלס שטראף, צעאוס צוגעשמידט אין קאווקאז צו א פעלזען, און אלע טאג פלעגט קומען אנ'אדלער פיקען איהם דאס הארץ. צעאוס איז נישט געווען דער ערשטער גאט, פאר איהם האט

געקעניגט איבער דער וועלט דער גאָט קראָנאָס, וואָס צעאוס האָט איהם מיט זיינע אַלטע געטער אַראָבגעוואָרפען פון טהראָן און פעריאָגט אין די אונטערשטע וועלט.

און אויך דאַמאָלס איז צעאוס נישט געווען אַלמעכטיג. דער מזל פון מענשען און אַפילו פון געטער איז איננאַנצען אָבהענגיג פון דעם שיקזאַל (מאָירא אויף גריכיש), וואָס האָט נישט קיין געשטאַלט און קיין פנים און וואָס ווייס נישט פון רחמנות.

צעאוס איז אַרומגערינגעלט פון פיעלע געטער, וואָס זענען די פאָרשטעהער פון די קרעפטען אין דער נאַטור און די איינענשאַפטען פון דעם מענשען. זיין ווייב הערא איז די פאָרשטעהערין פון משפחה־לעבען, דער ברודער פאָסיידאָן קעניגט איבער אַלע ימים, אַרעס — איז דער גאָט פון קריעג, אַפראָדיטע איז די געטין פון שענקייט און ליעבע.



בילד 19 — צעאוס און זיין ווייב הערא (נאָך א געמעל אויף אַן אַלטער וואַזע).


בילד 20 — אַן אַלט הייליגטום.

צעאוס הויפּט־שליח איז הערמעס, דער גאָט פון האַנדעל. זיינע געליעבטעסטע קינדער — אַטהענע און אַפּאָלאָן. די ערשטע גיט שכל, חכמה, אַ קלאָרען בליק, זעלבסטבעהערשונג, מוטיגקייט און ענטשלאָסענהייט. אַפּאָלאָן איז דער זונענגאָט, וואָס טרעפט מיט זיינע שפּיציגע שטראַהלען אַלע מיאוס׳ע פערזעהענישען (די שונאים פון די געטער) אויף דער ערד צווישען חיות און מענשען. דער גאָט פון ווין הייסט דיאָניס. איהם האָט בעזונדערס ליעב געהאַט דער פּראָסטער המון, וואָס



בילד **21**—אַ גריכישער געץ פֿון די ערשטע צייטען פֿון דער גריכישער קולטור.

פֿלעגט מאַכֿען פֿאַר איהם אַ שכּור'ען יום־טוב אין דער צייט, ווען דער וויינגאָרטען ווערט צייטיג. די געטין פֿון דער פֿרוכֿטבאַרקייט איז געוועזען דעמעטער. אויך פֿאַר איהר כּבוד פֿלעגט מען מאַכֿען יום־טובים, נאָר שטילערע און ניכֿטערערע. דער גאָט, וואָס קעניגט אויף יענער וועלט אָדער אין דער אונטערשטער וועלט, האָט געהייסען האַדעס, זיין געהילפֿין איז געוועזען פּערסעפֿאַנע, די טאָכֿטער פֿון דער דעמעטר.

אין דער אונטערערדישער וועלט געפֿינען זיך אַלע, וואָס שטאַרבען. קיין קלאָרע פֿאָרשטעלונג וועגען דעם לעבען דאָרט האָבען די גריכֿען נישט געהאַט, אַמאָל האָבען זיי בעוויינט די טויטע, וואָס געהען אַוועק אין „די פֿינסטערע מלוכה, וואו קיינער האָט דאָרט נישט קיין נחת", און אַמאָל פֿלעגען זיי זאָגען, אַז די גערעכֿטע לייט געהען פֿון דער פֿינסטערער מלוכה אַריבער אין די עליזעער פֿעלדער (אַ מין גן־עדן), און די שלעכֿטע, די רשעים—אין טאַרטאַר (אַ מין גיהנם), וואו זיי ווערען שטאַרק געפּייניגט.

און צוגלייך האָבען זיי געגלויבט, אַז די געשטאָרבענע פֿון יעדער משפּחה בלייבען מיט די לעבעדיגע אין אַ שטענדיגער פֿערבינדונג.

די רעליגיעזע פֿאָרשטעלונגען פֿון די גריכֿען האָבען זיך שטאַרק געביטען לויט דעם טייל פֿונ'ם לאַנד. יעדע שטאָדט האָט געהאַט איהרע בעזונדערע געליעבטע געטער און איהרע בעזונדערע מעשׂיות וועגען זיי. נאָר מיט דער צייט האָבען אַלע גריכֿען פֿון די דריי טיילען אין לאַנד בעקומען אַנ'אַלגעמיינע רעליגיעזע פֿאָרשטעלונג.

די דאָזיגע אַלגעמיינע פֿאָרשטעלונג איז געקומען דערפֿון, וואָס געוויסע אָרטיגע גאָטעס־פֿערעהרונגען זענען געוואָרען בעקאַנט אין די שכנ'ישע טיילען פֿון לאַנד. אין מיטעל־גריכֿענלאַנד האָט דאָס הייליגטום פֿאַר אַפּאָלאָנ'ען אין דעלפֿי בעקומען אַ גרויסען נאָמען. די הויפּטזאַכֿע, וואָס האָט געצויגען דאָס פּובליקום, איז געוועזען די כּהנ'טע (פּריסטערין) פּיטהיע (פּיפּיא), וואָס פֿלעגט זיך אַוועקזעצען אויף אַ דרייפֿוס־בענקעל ביים שפּאַלט פֿון אַ פֿעלזען, פֿון וועלכֿען עס פֿלעגט געהען אַ פּאַרע, וואָס פֿערנעבעלט דעם מוח. זי פֿלעגט בעקומען דאַמאָלס אַ מין פֿאַלינג און איהרע טומטש'דיגע ווערטער פֿלעגט

מען בעטראַכטען, ווי אַ נבואה. די גריכישע רעליגיע איז געוואָרען מיט דער צייט די סבה, וואָס האָט אַלע גריכען, וואָס זענען געווען צוריסען דורך בערג, פֿעלזען און ים, פֿעראייניגט אין איין פֿאָלק.

---

## די שפּיעלען.

עס איז געווען נאָך אַ זאַך, וואָס האָט פֿעראייניגט אַלע גריכען. דאָס זענען געווען די שפּיעלען, וואָס פֿלעגען ווערען איינגעאָרדענט אין דער צייט פֿון גרויסע פֿאָלקס־יום־טובים און וואָס פֿלעגען צוציהען אַנטיילנעהמער און געסט פֿון אַלע טיילען פֿונ׳ם לאַנד. אַן׳אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלען כאַראַקטער האָבען בעקומען די שפּיעלען אין אָלימפּיע (אָלימפּישע שפּיעלען) און אין דעלפי (די פּיטהישע שפּיעלען). לכבוד צעאוס פֿלעגט מען איין מאָל אין פֿיער יאָהר אין היילינטום פֿון דעם דאָזיגען גאָט (אין עלידע) איינאָרדנען די בעריהמטע אָלימפּישע שפּיעלען. אַהער פֿלעגען קומען יונגע־לייט פֿון גאַנץ גריכענלאַנד פּרובען זייערע כחות, פֿלינקהייט אין אַטלעטישע קאַמפּפֿען, אין לויפֿען, רייטען און פֿאָהרען אויף רעדער־וואָגענס, אין וואַרפֿען שפּיזען און רונדע בראָנזענע שייבען. דעם זיעגער פֿלעגט מען בעצירען מיט אַן׳איינפֿאַכען קראַנץ אויפ׳ן קאָפּ. נאָר בעקומען אַזאַ קראַנץ האָט זיך גערעכענט פֿאַרן גרעסטען כבוד און פֿאַר די גרעסטע עהרע פֿאַר דער שטאָדט, וואו ער איז געבוירען געוואָרען.

אין יאָהר 776 פֿאַר אונזער צייטרעכנונג האָט מען אָנגעהויבען פֿערשרייבען די נעמען פֿון די זיעגער אין די אָלימפּישע שפּיעלען, און דאָס איז געוואָרען די גרונד־לאַגע פֿאַר דער היסטאָרישער יאָהרענרעכענונג אין אַלט גריכענלאַנד. (די יאָהרען האָט מען געצעהלט נאָך אָלימפּיאַדען: דאָס ערשטע יאָהר, דאָס צווייטע יאָהר פֿון דער אָלימפּיאַדע א. אַ. וו.) למשל 700 יאָהר פֿאַר אונזער צייט־רעכענונג רעכענט זיך ביי די גריכען



בילד [illegible] אָמער פֿון נאַציאָנאַלסטן אַלט גריכישען בלינדן זינגער.

דאָס ערשטע יאָהר פֿון דער 20־טער אָלימפּיאַדע . (19־4 : 76)

פֿון די אַלטע גריכישע ליעדער און לעגענדעס זעהט מען , אַז די גריכען האָבען שטענדיג געקעמפּפט מיט די מזרח־פֿעלקער און האָבען שטענדיג געזוכט צו פֿערנעהמען דעם ים פֿאַר זיך . זיי זענען דאַמאָלס געווען כמעט אינגאַנצען אונטער דעם איינפֿלוס פֿון די געבילדעטע מזרח־פֿעלקער . ביי די פֿעניציער האָבען זיי גענומען זייער אלף־בית, פֿון מזרח האָבען זיי גענומען די מאָסען און די וואָגען, די קונסט צו גראָבען מעטאַלען און זיי צו בעאַרבייטען . אַפילו אין זייער רעליגיע איז גרויס דער איינפֿלוס פֿון די מזרח־פֿעלקער . זייער אַפראָדיטע דערמאָהנט אָן אַסטאַרטע, זייער האַלבגאָט הערקולעס איז דער אייגענער, וואָס מעלקאַרט ביי די פֿעניציער, אין דער מעשה פון האַלבגאָט טהעזעי, וואָס בעצווינגט דעם ווילדען אָקס אויפֿ׳ן אינזעל קרעט, הערען מיר שוין דעם אָבקלאַנג פֿון אַ קאַמפּף מיט דעם גאָט בּאַאַל ביי די פֿעניציער . אין אַלגעמיינעם האָט גריכענלאַנד אַלץ געלערנט ביי די מזרח־פֿעלקער און האָט זיך ענט־וויקעלט לויט זייער גייסט , אָבער מיט דער צייט האָט עס פֿעראַרבייט די אָנגענומענע קולטור און עפּעס געמאַכט דערפֿון אַזוינס, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט זעלבסטשטענדיג און האָט נאָך איבערגעוואַקסען אין אַסך פּרטים די קולטור פֿון די מזרח־פֿעלקער.

---

צווייטעס קאַפּיטעל.

## I. ספּאַרטאַ :

שטאַרקסטע מלוכה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פֿון דאָריער, איז געווען ספּאַרטאַ. אַזוי ווי זיי איז אויסגעקומען זיך שטענדיג צו פֿערטיידיגען געגען שונאים , האָבען זיי איינגעפֿיהרט ביי זיך ריין מיליטערישע מנהגים , אַ ריין סאָלדאַטסקע אָרדנונג. אפילו אין צייטען פֿון שלום האָבען די שטעדט אויסגעזעהען ווי אַ מיליטערישער לאַגער. די מענער־בעפֿעלקערונג האָט זיך געטיילט אין גרופּען פּאַלאַטקעסווייז, וואָס פֿלעגען עסען אינאיינעם, זיין אַ מין געשוואָרענער קריעגסבונד , און פֿלעגען בילדען אַנ׳אייגענע סאָלדאַטסקע ראָטע. אין ספּאַרטאַ האָט תמיד געהערשט אַ שטרענגע דיסציפּלין . די ספּאַרטאַנער פֿלעגען זיך ניט מישען מיט די בעזיעגטע

פּאָלקער, צ. ב. מיט די אַחעיער, וואָס האָבען פריהער געהאַט דאָס לאַנד אין די הענד. אַ טייל פון זיי האָט מען געמאַכט פאַר שקלאַפען, וועלכע האָבען אָבער נישט געהערט צו איינצעלנע ספּאַרטאַנער, נאָר דער גאַנצער מלוכה. אָט די שקלאַפען, וואָס מען האָט זיי גערופען „העלאָטען", פלעגען בעאַרבייטען די ערד, פלעגען צאָהלען אָבגאָב פון די אייגענע פעלדער, פון וואָס די מלוכה האָט געדעקט די הוצאות פון די ספּאַרטאַנער פאַמיליעס. די העלאָטען פלעגט מען בעהאַנדלען זעהר שלעכט און ביי איטליכען חשד, אַז עס גרייט זיך ביי די אַחעיער אַ בונד, פלעגט מען זיי אויסקוילענען הונדערטערווייז.

אַ טייל ווידער פון די אַחעיער (די פעריעקען) האָבען געלעבט אין שטאָדטיגע געמיינדען מיט אַנ'אייגענער זעלבסטפערוואַלטונג, נאָר אין וויכטיגע פאַלען זענען זיי געווען אינגאַנצען אָבהענגיג פון די ספּאַרטאַנער. אין מלחמה-צייטען פלעגען זיי צושטעלען אייגען הילפס־מיליטער און צאָהלען פערשיעדענע אָבגאָבען. די ספּאַרטאַנער האָבען אַוועקגעלעגט אַלע זייערע כּוחות צו ווערען אַ קרעפטיג מיליטער־פאָלק. צוליעב דעם ציעל האָבען זיי געאָפּפערט מיט אַלץ אין דער וועלט. זיי האָבען אפילו מקריב געווען די פרייהייט פון יעדען איינ־צעלנעם בירגער בעזונדער אין זייער לאַנד.

זייער געזעצגעבער ליקורג האָט פעסטגעשטעלט פאַר אַלע ספּאַר־טאַנער הארבע געזעצען, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען 700 יאָהר, ביז די רעמער האָבען איינגענומען ספּאַרטאַ.

אַן דער שפּיץ פון ספּאַרטאַ זענען געשטאַנען צוויי קעניגען. אַמאָל זענען די צוויי קעניגען געווען די פערטרעטער פון די געטער און די פיהרער אין קריעג. אין אַלע אַנדערע כּלל'שע פראַגען זענען זיי געווען נאָר צוויי מיטגליעדער פון דעם ראַט פון די דרייסיג על־טעסטע אין שטאָדט. אָט דער ראַט איז געווען אייגענטליך די איינ־ציגע רעגיערונג אין לאַנד. האָטש מען פלעגט אויך צונויפרופען אַ פאָלקס-פערזאַמלונג, נאָר קיין גרויסען ווערט האָט זי נישט געהאַט. 750 יאָהר פאַר אונזער צייטרעכנונג האָט מען איינגעפיהרט אויסצוקלייבען 5 עפאָרען אויף דער פאָלקס־פערזאַמלונג. זיי פלעגט מען אויסקלייבען אויף איין יאָהר. דאָס זענען דערום געווען די איינ־ציגע געוועהלטע פונ'ם פאָלק (די קעניגען און די עלטעסטע פלעגט מען אויך אויסקלייבען, נאָר אויפ'ן גאַנצען לעבען). די עפאָרען האָבען מיט דער צייט אַריינגענומען די גאַנצע פערוואַלטונג אין זייערע הענד. זיי

פֿלעגען פֿיהרען די אויספֿאָרשונג ביי אַ פֿערברעכען, פֿלעגען משפּט'ען ביי סכסוכים פֿון די בירגער, אַכטונג געבען אויף אַלע אָנגעשטעלטע אין דער רעגיערונג און אויף די מאָראַל פֿון איינצעלנע בירגער, זיי האָבען אפילו געהאַט דאָס רעכט צו געהען אַקעגען דער מאַכט פֿון די קעניגען און זיי צו פֿאָדערען פֿאַר אַ געריכט. און עס איז אויסגעקומען, אַז חאָטש ספּאַרטאַ האָט נישט אַראָבגעוואָרפֿען פֿון טהראָן איהרע קעניגען, נאָר געפֿיהרט האָט זי זיך ווי אַ רעפּובליק. דאָס איז געווען אַנ'אָליגאַרכישע רעפּובליק (ד. ה. די הערשאַפֿט פֿון איינצעלנע מענשען), וואָרום די פֿאָלקס־פֿערזאַמלונג האָט נישט געהאַט קיין גאַנצע זעלבסטשטענדיגקייט, און די מאַכט איז שטענדיג פֿערבליעבען אין די הענד פֿון אַ קליינער צאָהל מענשען. אין בירגערליכער הינזיכט זענען אָבער אַלע ספּאַרטאַנער געווען גלייך פֿאַר'ן געזעץ, עס איז נישט געווען קיין חלוק צווישען איין שטאַנד און דעם צווייטען.

לויט דער לעבענס־פֿיהרונג האָבען זיך די ספּאַרטאַנער שטאַרק אָבגעשיידט פֿון די אַנדערע גריכען. קיינער איז אין ספּאַרטאַ נישט געווען אינגאַנצען פֿריי, אַלע האָבען אָנגעהערט צו דער מלוכה, וואָס האָט זיי געפֿיהרט צו איין ציעל, צו מאַכען פֿון איטליכען ספּאַרטאַנער אַ גוטען סאָלדאַט.

באַלד ווי עס איז געבאָרען געוואָרען אַ קינד, פֿלעגט מען איהם שוין ברענגען צו די עלטעסטע, און נאָר אַ געזונדען קינד פֿלעגט מען לאָזען לעבען, קראַנקע און שוואַכע פֿלעגט מען אָהן רחמנות אַרויס־וואַרפֿען פֿון ספּאַרטאַ. פֿון 7 יאָהר אָן ביז 18 פֿלעגט שוין דאָס קינד פֿערברענגען מיט קינדער פֿון זיין עלטער אין די קהל'שע גימנאַזיעס. אין די גימנאַזיעס פֿלעגט מען לערנען גימנאַסטיק, מיליטער־ידיעות, די קונסט זיך צו בעגעהען מיט די דאַמאָלסדיגע כלי־זיין, חוץ דעם פֿלעגט מען נאָך לערנען זינגען און שפּיעלען אויף דער פֿלייט. די קינדער פֿלעגען געהען אין ערגסטען וועטער אין אַ לייכטען מאַנטעל, באָרוועס און מיט אַ בלויזען קאָפּ. עסען פֿלעגט מען געבען נישט צו דער זעט, און מיט אַלע מיטלען האָט מען געזוכט צו פֿערהאַרטעווען דעם קערפּער פֿון יונגעל פֿון קליינווייז אויף. עס האָט זיך גערעכענט פֿאַר אַ חרפּה, צו שרייען אָדער צו וויינען צוליעב ווערהטאָג. מיידלעך פֿלעגען זיך לער־נען די אייגענע גימנאַסטיק, וואָס די יונגלעך.

די דערוואַקסענע פֿלעגען בלייבען ביז צום קבר אונטער דער שטרענגער אויפֿזיכט פֿון דער רעגיערונג.

עסען פלעגט מען צוזאמען ביי געמיינזאמע טישען. און כדי מען זאל נישט מאכען צו־שען די הייזער און נישט ווערען פערוויילט, האט מען נישט געטארט בענוצען ביים בויען א הויז קיין אנדער געצייג, אויסער א זעג און א האק. לוקסוס, קאמפארט, שענע כלים און נאך אזוינע זאכען האבען נישט געקענט איינדרינגען אין ספארטא, ווייל זי האט געפיהרט א קליינעם האנדעל. אפילו קיין געלד האט זי נישט גע־גאסען פון זילבער און גאלד, נאר זיך בענוצט מיט דער שווערער מיאוסער אלטער מטבע פון אייזען אדער בראנז. אויסלענדער פלעגט מען אין לאנד זעלטען וועלען אריינלאזען, און דער ספארטאנער האט נישט געטארט אריבער די גרענעצען פון זיין שטאדט. אפילו ערד האט קיינער נישט געקענט פערמאגען צופיעל. די ספארטאנער האבען אנער־קענט, אז איטליכער ערד־בעזיץ געהערט צו דער גאנצער משפחה און איטליכער פון איהר בעזונדער קאן נאר בעזיצען א טייל פון דער ערד, וואס מען טאר נישט צושטיקלען, אדער פערקויפען אנ׳אנדערען.

ביי אזא פיהרונג זענען מיט דער צייט די ספארטאנער געווארען זעהר עהנליך איינער צום אנדערען, און אין א סך הינזיכטען זענען זיי גאר נישט געווען עהנליך צו די איבריגע גריכען. צווישען די ספאר־טאנער זענען נישט געווען קיין טאלענטפולע מענשען, דערפאר האבען זיי זיך אלע אויסגעצייכענט מיט זייער געזונדען שכל און מיט זייער אייזערנעם כאראקטער. אין גאנץ גריכענלאנד זענען זיי געווען בעריהמט מיט זייער מעלה זיך אויסצודריקען קורץ און שארף (לאקאניש). עס פערשטעהט זיך אויך, אז זיי זענען געווען שטארקע און העלדישע קריעגער, וואס האבען נישט געוואוסט פון מורא און פחד און וואס האבען געלעבט שטענדיג צווישען זיך ווי טרייע קאמעראדען. די ערשטע נצחונות פון די ספארטאנער זענען זיי פונדעסטוועגען לייכט נישט אנגעקומען. צוויי מאל האבען זיי געפיהרט אנ׳עקשנות׳דיגען קריעג מיט די מעסענער אין סוף פון אכטען און אין מיטען פון זיבענטען יאהרהונדערט פאר אונזער צייטרעכענונג.

אזוי ווי ספארטא האט נישט געהאט קיין האנדעל און קיין שיפען, האט זי אויך נישט געקענט האבען קיין קאלאניעס, וואו אבצוזעצען די נאטירליך צוגעקומענע בעפעלקערונג. דערום האט זי געמוזט פיהרען אזא עקשנות׳דיגען קריעג מיט מעסענא. די בעצווינגונג פון מעסענא האט געבראכט דערצו, אז א טייל פון די בעוואהנער זענען זיך צולאפען און א טייל פון זיי זענען געווארען די העלאטען פון די ספארטאנער. ביים־

לעבוויז זענען אריין מיט ספארטא אין א בונד כמעט אלע קליינע מלוכות פון דרום־גריכענלאנד (פעלאפאנעז) און נאך עטליכע אנדערע מלוכות. אייגענטליך זענען געווען די בעדינגונגען פון בונד גוט פאר ביידע טיילען. די אלגעמיינע ענינים פלעגען ווערען בעהאנדעלט אין אלגעמיינעם ראט פון מלוכות־בונד, דערביי האט די מלוכה ספארטא פערנומען דעם ער־שטען ארט אין ראט און האט געהאט איין שטים; ספארטא האט אויך געהאט צו פיהרען אלע מיליטער־אנגעלעגענהייטען. אבער אין דער אמת'ען איז ספארטא'ס איינפלוס געווען א סך גרעסער. אין יעדער שטאדט האט זי אונטערגעהאלטען א פארטיי, וואס האט זיך גערופען „די פריינד פון ספארטא", און מיט דער הילף פון דער פארטיי פלעגט זי דורכפיהרען איהרע פלענער. ווען די פארטיי „פריינד פון ספארטא" פלעגט האבען א מפלה אין א געוויסער שטאדט פון בונד, פלעגט ספארטא זיך אריינרייסען אין שטאדט מיט איהר חיל, אדער פלעגט שיקען פון זיך א מענשען, וואס פלעגט איינארדנען די געשעפטען אזוי, ווי זי האט געוואלט. א דאנק דעם פעלאפאנעזישען בונד, איז ספארטא געווארען (אין 6־טען יאהרהונדערט פאר אונזער צייטרעכ־נונג) די מעכטיגסטע פון אלע גריכישע מלוכות.

---

## II. אטהען.

דער צווייטער שבט פון די גריכען, די יאניער, האבען גע־גרינדעט די הויפטשטאדט אטהען. די יאניער האבען שטאלציערט דער־מיט, וואס זייער טייל לאנד איז קיין מאל נישט געווארען בעזיעגט. די דאריער (מיט זייער הויפטשטאדט ספארטא) האבען זיך אבגעשטעלט ביי די גרענעצען פון אטיקא, וואס ליעגט אין צפון־מזרח פון גריכענלאנד.

עטליכע קליינע געמיינדען פון אטיקא האבען ארגאניזירט איבער זיך איין רעגיערונג; א טייל פון זייער בעפעלקערונג האט זיך צונויפ־געקליעבען אין דער איינציגער שטאדט — אטהען.

די רעגיערונג איז געלעגען אין די הענד פון א קעניג און א ראט, וואס האט געהייסען ארעאפאג און וואס האט זיך צונויפגעשטעלט פון די זקנים אין די עלטעסטע משפחות. אזוי ווי אין ספארטא, אזוי איז אויך אין אטהען דער קעניג געווען אבהענגיג פון ארעאפאג. צוערשט האט מען בעגרענעצט די מאכט פון קעניג אין קריעג, וואו מען פלעגט צושטעלען אנ'אויסגעקליבענעם פעלדהערר; דערנאך האט מען

אַ טייל פֿון זיינע געריכטס־רעכטען אָבגעגעבען דעם אַרכאָנטען, וואָס דער אַרעאָפּאַג פֿלעגט אויסקלייבען פֿון זיך. געענדיגט האָט זיך דאָס מיט דעם, וואָס דער קעניג האָט נאָר געהאַט דעם ערשטען פּלאַץ ביים געטער־קולט און דאָס רעכט צו משפּט'ען אין פֿאַל פֿון אַ מאָרד. פֿון אַ פֿיהרער, וואָס גיעט איבער זיינע רעכטען בירושה די קינדער, איז ער געוואָרען אַ הויכער בעאַמטער פֿון דער רעגיערונג, וואָס ווערט אויסגעקליעבען פֿון אַרעאָפּאַג.

די מאַכט איז אינגאַנצען געלעגען אין די הענד פֿון די יחוס'דיגע און רייכע פֿאַמיליעס, וועלכע פֿלעגען בעזעצען מיט זייערע משפּחה־גליעדער דעם אַרעאָפּאַג און צוגלייך אויך די שטעלען פֿון די אַרכאָנטען. זיי האָט מען גערופֿען „די אייִדעלע". דאָס פּשוט'ע פֿאָלק איז געווען שטענדיג פֿערשולדיגט ביי „די איידעלע", וועלכע האָבען פֿער־חאַפּט די בעסטע שטיקער ערד און האָבען געהאַט נאָך אַסך אָבגע־שפּאָרט גאָלד און זילבער, קורץ, דאָס, וואָס מען רופֿט היינט קאַפּיטאַ־לען. ווען עס פֿלעגט זיין אַ נישט־געראָטעניש, אָדער מגפה אויף בהמות, אָדער נאָך אַ קריעג, וואָס האָט פֿעראָרעמט דאָס פֿאָלק, פֿלעגט אויס־קומען דעם אָרעמען פֿאָלק צו לייהען געלד ביי „די איידעלע" אויף הויכע פּראָצענטען, און זייענדיג שטענדיג ביי זיי פֿערשולדיגט, פֿלעגען זיי מוזען צאָהלען דעם חוב מיט דעם געראָטעניש פֿון די אייגענע פֿעל־דער, איבערלאָזענדיג פֿאַר זיך נאָר אַ זעקסטען טייל פֿון דער תבואה, אויף צו דערהאַלטען די משפּחה. אַזעלכע בעלי־חובות, וואָס האָבען נישט געהאַט קיין ערד, פֿלעגען די איידעלע נעהמען צו זיך, אַז זיי זאָלען אָבאַרבייטען זייער חוב, אָדער מען פֿלעגט זיי אויך מעגען פֿער־קויפֿען פֿאַר שקלאַפֿען.

די שלעכטע לאַגע פֿון פֿאָלק פֿלעגט בּרענגען צו שטאַרקע ריי־סערייען און קריעגערייען. דאָס פֿאָלק (דעמאָס, אויף גריכיש) האָט גע־זאָלט בעקומען דאָס רעכט זיך צו בעטייליגען אין רעגיערונגס־זאַכען און צו פֿערלייכטערען די לאַגע פֿון בעל־חוב בנוגע צום מלוה. אין יאָהר 621 פֿ. א. צ. האָבען די איידעלע אָנגעהויבען נאָכצוגעבען. זיי האָבען איינגעפֿיהרט אַ געשריעבען געזעץ, אָנשטאָט דעם פֿריהערדיגען מנהג צו משפּט'ען לויט דער טראַדיציע פֿון אַלטע צייטען, וואָס איז געווען נאָר אַ תּורה שבעל־פּה. די געשריעבענע געזעצען האָט צונויפֿ־געשטעלט דראַקאָן, און נאָך עד היום רופֿט מען אַ שטרענג געזעץ — „דראַקאָניש". אַ טייל פֿון דראַקאָן־געזעצען זענען אויך פֿערבליעבען

אין די שפּעטערע צייטען, ווי למשל, די גנזעצען וועגען מערדער. נאָר דראַקאָן האָט נישט פאַרלייכטערט דעם מצב פון די בעלי־חובות, און דערום האָט זיך דאָס פאָלק נישט בערוהיגט. און צום סוף איז די אויפ־רעגונג פון פאָלק געוואָרען אַזוי גרויס, אַז מען האָט געמוזט בעשאַפען נייע געזעצען. די דאָזיגע נייע רעפאָרם איז דורכגעפיהרט געוואָרען אין יאָהר 594 פ. א. צ. און זי איז שטאַרק פערבונדען מיט'ן נאָמען פון סאָלאָן.

סאָלאָן האָט מבטל געמאַכט אַלע התחייבות'ן (וועקסלען) פון די אַלטע בעלי־חובות און פערבאָטען צו נעהמען אויף ווייטער אַ בעל־חוב מיט געוואַלד צוזיך אין שטוב אויף אָבצואַרבייטען דעם חוב.

ער האָט אויך בעשאַפען אַ ראַט פון 400 געוועהלטע בירגער, וואָס האָט געדאַרפט צוזאַמען מיט'ן אַרעאָפּאַג אַכטונג צו געבען אויף די מעשים פון די רעגירונגס־אַנגעשטעלטע. דאָס פאָלק פלעגט אויסקלייבען די 400, און זיי פלעגען שוין אויפשטעלען די קאַנדידאַטען פאַר די אַרכאָנטען־שטעלען. דער דאָזיגער ראַט איז שוין געוועזען אַזאַ מאַכט, ווי אַ היינטיגער פאַרלאַמענט, און די הויכע רעגירונגס־לייט זענען דער דאָזיגער פאָלקס־פערזאַמלונג מחויב געווען אָפּצוגעבן דין וחשבון, וויבאַלד עס האָט זיך געענדיגט די צייט פון זייער דיענסט. אין די גע־ריכטען האָט סאָלאָן איינגעשטעלט אויך דאָס געריכט פון גע־שוואָרענע בייזיצער פונ'ם פאָלק. העכער פאַר אַלע אינסטיטוציעס אין אַטהען איז אָבער געשטאַנען דער אַרעאָפּאַג, וואָס האָט אויך געקענט געהען קעגען דער פאָלקס־פערזאַמלונג, ווען איהרע בעשלוסען האָבען נישט צוגעפּאַסט צו די גרונד־געזעצען פון לאַנד. סאָלאָן האָט אויך איינגעפיהרט די טיילונג פון פאָלק אויף קלאַסען לויט'ן פערמעגען נאָך. איטליכער אַטהענער האָט געהאַט אַזוי פיעל רעכטען, וויפיעל פליכטען. ווער עס דיענט מעהר דער רעגירונג (ווער עס צאָהלט מעהר אָבצאָהל), אַלץ גרעסער איז זיין איינפלוס. אַלע בירגער זענען געוואָרען צוטיילט אין פיער קלאַסען. צו דער לעצטער פיערטער קלאַס האָבען אָנגעהערט די בירגער, וואָס האָבען פון דער ערד נישט מעהר ווי 100 טשעטווערטיקעס געערשטען אַ יאָהר. אין מיליטער־דיענסט האָבען זיי פער־נומען די ניעדעריגסטע שטעלען, די לייכט בעוואָפענטע. זי האָבען זיך נאָר געמעגט בעטייליגען אין די וואַהלען צו דער פאָלקס פערזאַמלונג און אַלס געשוואָרענע בייזיצער אין געריכט. צו דער דריטער קלאַס געהערען די, וואָס האָבען שוין 150 טשעטווערטיקעס געערשטען אַ יאָהר.

אין מיליטער האָבען שוין פֿערנומען די שטעלען פֿון די שווערבעוואָ-פֿענטע. זיי האָבען שוין געמעגט אויסגעקליבען ווערען אין ראַט פֿון די 400. די צווייטע קלאַס האָט שוין פֿערנומען אין מיליטער די שטע-לען פֿון די ר י י ט ע ר און האָט געקענט ווערען אויסגעקליבען אויף אַלע רעגיערונגס-שטעלען. זייער גערשטען אַ יאָהר האָט שוין דערגרייכט ביז 250 טשעטווערקעס. די ערשטע רייכסטע קלאַס האָט, חוץ מילי-טער-דיענסט, נאָך געהאַט די פֿליכט — צו געבען געלד אויף כלל-זאַכען, צו העלפֿען למשל צוגרייטען שיפֿען צום קריעג, זיך צו בעטיי-ליגען אין איינאָרדנען פֿון פֿאָלקס יום-טובים. די מענשען פֿון דער קלאַס האָבען פֿערנומען אין דער מלוכה, געוועהנליך, די בעסטע לען.

סאָלאָנ'ס נייע געזעצען און די רעפֿאָרמען האָבען אָבער נישט אויסגעראָט די הויפּט-סיבה פֿון דער פֿאָלקס-אונצופֿריעדענהייט. דאָס פֿערמעגען איז געווען צו אונרעגעלמעסיג פֿערטיילט, און עס איז נישט געווען קיין מעגליכקייט פֿאַר'ן פֿאָלק צו בעקומען אַ ב י ל י ג ע ן ק ר ע ד י ט, אַז זיי זאָלען זיך נישט דאַרפֿען, צוליעב די הויכע פּראָצענטען, באַלד ווידער פֿער'שולדיגען איבער'ן קאָפּ. די אייביגע סכסוכים צווי-שען די פֿערשיעדענע פּאַרטייען האָט אויסגענוצט פּ י ז י ס ט ר א ט ע ס, זעהר אַ פֿעהיגער און אַ שטאַרק עהרגייציגער בירגער, וואָס האָט זיך געשטעלט אויפֿ'ן צד פֿון פֿאָלק, צוויי מאָל פֿערחאַפּט די פֿעסטונג אַ ק ר אָ פּ אָ ל פֿון אַטהען און אַריינגענומען די גאַנצע מאַכט אין זיינע הענד. ער האָט זיך אַרומגערינגעלט מיט אַ וואַך פֿון געדונגענע סאָלדאַ-טען און איז געוואָרען דער דיקטאַטאָר פֿון אַטהען. הויפּטזעכליך אָבער האָט זיך געשטיצט זיין מאַכט דערויף, וואָס דאָס פֿאָלק האָט געהאַל-טען מיט איהם; פֿערליערענדיג די אייגענע מאַכט, האָט דאָס פֿאָלק געהאָפֿט אויף רעפֿאָרמען, וואָס וועלען אויסבעסערען זיין מאַטעריעלע לאַגע. און פּיזיסטראַטעס האָט טאַקי אַסך אויפֿגעטהון פֿאַר'ן פֿאָלק. ער האָט געעפֿענט פֿאַר די אַקערבויער אַ קרעדיט פֿון די רעגירונגס-מיטלען אויף לייכטע בעדינגונגען. ער האָט געבויעט אַ סך בנינים, וואָס האָבען געגעבען דעם פֿאָלק אַרבייט און פֿערדיענסט. ער האָט ענטוויקעלט דעם האַנדעל. צו זיין צייט איז אַטהען געוואָרען אַנ'אמת'ע ים-מלוכה.

חוץ דעם האָט נאָך פּיזיסטראַטעס ליעב געהאַט די פּאָעזיע פֿון די אַמאָליגע גריכען און ער האָט צוערשט געזעהען, אַז עס זאָלען ווערען פֿערשריעבען די פּאָעמען פֿון האָמער. מיט איין וואָרט, פּיזיסטראַטעס

האָט זיך אַרויסגעוויזען פֿאַר זעהר אַ גרויסען מענשען, וואָס קאָן רעגיר־רען און וואָס קאָן מיט ענערגיע פֿערפֿאָלגען זיינע ציעלען און אויס־פֿיהרען זיינע פּלענער. חאָטש ער איז געוועזען אַ טיראַן, ווייל ער האָט פֿערחאַפּט די גאַנצע מאַכט אין זיינע הענד, אָבער צו זיין צייט האָט מען פֿון זיין דיקטאַטור נישט געליטען. אַטהענס בליהונגס־צייט הויבט זיך גראָד אָן פֿון זיין ממשלה.

באַלד נאָך זיין טויט (527 פֿ. א. צ.) האָבען אָבער די אַטהענער דערפֿיהלט די אַנדערע זייט פֿון אַ טיראַנישער מאַכט. זיין זוהן היפּיאַס, חאָטש אויך אַ פֿעהיגער, איז שוין נישט געוועזען דאָס, וואָס זיין פֿאָטער, אויך איז ער שוין נישט געוועזען אַזוי נאָהענט צום פֿאָלק, און ווען דער ברודער פֿון טיראַן האָט בעליידיגט די טאָכטער פֿון אַן׳איידעלען אַטהע־נער, איז עס געקומען צו אַ בונט. דעם ברודער האָט מען דערהרג׳עט, אָבער היפּיאַס האָט זיך אַכזריות׳דיג נוקם געוועזען אָן די בונטאָוושציקעס, און די אטהענער האָבען זיך דערשראָקען פֿאַר זיין טיראַנישע מאַכט. יאָהרענלאַנג האָבען נישט אויפֿגעהערט די בונטען, ביז מען האָט הי־פּיאַס׳ען נישט פֿעריאָגט פֿון לאַנד.

נאָך היפּאַס׳ען איז אַטהען ווידער געוועזען אין סכנה אַריינצופֿאַלען אין די הענד פֿון עטליכע אַריסטאָקראַטען. מען האָט נישט נאָר אָב־געשאַפֿט די רעפֿאָרמען פֿון פּיזיסטראַטעס׳ען, נאָר אויך סאָלאָנ׳ס רע־פֿאָרמען, ביז אַלקעאָנידעס קליסטהענעס האָט נישט צוריק־געשטעלט די אַלטע אָרדנונג און נאָך דורכגעפֿיהרט אַ נייע רעפֿאָרם, וואָס איז געוואָרען דער פֿונדאַמענט פֿון דעם קינפֿטיגען אַטהענישען שטאַאַט.

די געזעצען פֿון דראַקאָן און סאָלאָן האָבען נאָר געהאַט בעריק־זיכטיגט די שטאָדט־געמיינדען. אין די דאָרפֿס־געמיינדען האָבען נאָך אַלץ די איידעלע געהאַט די גאַנצע ממשלה.

כדי צו צוברעכען איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל די מאַכט פֿון די אַריסטאָקראַטען, האָט קליסטהענעס צוטיילט דאָס גאַנצע פֿאָלק אין צעהן נייע טיילען און אָבגענומען ביי די אַריסטאָקראַטען די מאַכט אויף איטליכען טייל בעזונדער. חוץ דעם האָט ער אַסך אויסלענדער, וואָס האָ־בען געוואָהנט אין לאַנד, ערקלערט פֿאַר בירגער מיט אַלע פּאָליטישע רעכטען און דורכדעם פֿערשטאַרקט די דעמאָקראַטישע מאַכט דורך נייע צוגעקומענע בירגער און אָבגעשוואַכט דעם איינפֿלוס פֿון די

יחסנ׳דיגע גריכישע פאמיליעס. ער האט אויך פערגרעסערט די צאהל געוועהלטע אין דער פאלקס־פערזאמלונג און בעסער ארגאניזירט די פער־וואלטונג אין גאנצען לאנד. ענדליך האט קליסטהענעס איינגעפיהרט דאס שארבען־געריכט (אסטראציזמוס, א מין חרם). ער האט געגע־בען דער פאלקס־פערזאמלונג דאס רעכט, איטליכען, וואס איז פער־דעכטיג אין א פערברעך, אדער וואס איז געפעהרליך פאר׳ן לאנד, אין א געהיימער אבשטימונג (מיט שארבענס) און אהן א שום געריכט צו פערטרייבען פון לאנד. אין אלגעמיינעם האט קליסטהענעס געמאכט פון אטיקא א דעמאקראטיש לאנד, (ד. ה. א לאנד, וואו די מאכט געפינט זיך אין גאנצען ביים פאלק).

נאך קליסטהענעס האבען זיך ווייטער אנגעהויבען די קריעגערייען צווישען די פארטייען, ביז אטהען האט זיך אין גאנצען בערוהיגט און זיך צוגעוועהנט צו די נייע דעמאקראטישע רעפארמען. פון סאלאנ׳ען ביז קליסטהענעס׳ען זענען אריבער אנ׳ערך 150 יאהר. ענדליך האבען די אטהענער אנגעהויבען רוהיג צו געניעסען די נייע רעפארמען און מיט שטאלץ האבען זיי בעטראכט זייער לאנד, וואס האט אזא גוטע פער־וואלטונג און וואס איז גענוג שטארק צו לעבען אין פרייהייט און צו קענען די דאזיגע פרייהייט פערטיידיגען קעגען אלע שונאים.

---

## דריטעס קאפיטעל.

## די מלחמות מיט די פערסער.

צום ענדע פון 5־טען יאהרהונדערט פ. א. צ. האט זיך שוין אינ־גאנצען אויסקריסטאליזירט די ארדנונג פון צוויי שטעדט אין גריכענלאנד, פון ספארטא און אטהען. די איבריגע שטעדט זענען דורכגעגאנגען די אייגענע עטאפען. צוערשט די הערשאפט פון די אריסטאקראטען, דערנאך א טיראניע פון איינעם א פעהיגען מענשען, וואס שטיצט זיך אויפ׳ן פאלק. די טיראניע ווערט געבראכען און דאס פאלק בעקומט די מאכט אין די הענד און דערביי בעקומט די פאלקסמאכט דעם כאראקטער פון א נ־אליגארכיע, ווי אין ספארטא, וואו נאר עטליכע מענשען פערוואל־טען מיט אלע אנגעלעגענהייטען אין שטאדט, אדער ווי אין אטהען, וואו עס הערשט א ריינע דעמאקראטיע.

צו דערזעלבער צייט, ווען אין גריכענלאנד איז אויסגעוואקסען די בעשרי־

בענע אָרדנונג, איז פֿאָרגעקומען אויפֿ'ן מזרח ביי דער פּערסישער מלוכה אַ קריזיס אין דער גאַנצער פּאָליטיק. דריוש (דאַריוס), דער מלך פֿון פּרס, האָט אָנגעהויבען פֿיהרען אַן'עקשנות'דיגען קריעג בײַם שוואַרצען ים, וואו עס האָבען געוואָהנט די ווילדע סקיטען (די אַלטע סלאַווען). דאָס מיליטער איז אַריבער דעם דונאַי, אָבער קיין גרויסע נצחונות האָט עס נישט געהאַט. אויפֿ'ן וועג האָט פּערסיען פֿערלוירען אַ גרויסען טייל פֿון זיין חיל. אָט דער נישט־געראָטענער קריעג איז געווען די הויפּט־סבה פֿון די מלחמות, וואָס זענען שפּעטער פֿאָרגעקומען צווישען די פּערסער און די גריכען, וואָס האָבען געלעבט קאָלאָניעסווייז בײַם ברעג פֿון קליין־אַזיען און האָבען נישט געקאָנט קאָלטבלוטיג אַריבערטראָגען דעם יאָך פֿון די פּערסער. באַלד ווי דער פּערסיער חיל איז אַריבער דעם דונאַיער בריק, האָט מען שוין געטראַכט ביי די גריכען צו צוברעכען הינטער די פּערסער דעם בריק און זיי לאָזען אומקומען אין די הונגערדיגע צפֿון'דיגע וויסטענישען. און איצט, נאָך דעם נישט־געלונגענעם קריעג, איז אויסגעבראָכען ביי די גריכען אין אַזיען אַ בונט קעגען דער פּערסישער מלוכה. גריכענלאַנד אַליין האָט זיך אויך בעטייליגט אין דעם, האָטש זעהר וועניג. אַטהען האָט נאָר געשיקט עטליכע שיפֿען. אָנפֿאַנגס איז אַלץ געגאַנגען גוט, נאָר די גריכען האָבען בעגאַנגען דעם פֿעהלער צו פֿערברענען אַ שטאָדט, וואו די איינוואָהנער זענען געווען צוערשט אויף זייער זייט, אָבער נאָכדעם, ווי מען האָט פֿערברענט זייער שטאָדט, זענען זיי אָבגעפֿאַלען פֿון די גריכען און האָבען זיך פֿעראייניגט מיט די פּערסער. קיין אחדות צווישען די גריכישע שטעדט איז אויך נישט געווען. די פּערסער האָבען געזיעגט און האָבען בעצוואונגען די גריכישע קאָלאָניעס איינע נאָך דער אַנדערער.

אָבער דריוש האָט זיך דערמיט נישט בעגנוגענט. ער האָט זיך אויך געוואָלט נוקם זיין אָן די גריכען אויפֿ'ן באַלקאַן, וואָס האָבען געשטיצט די בונטאָווטשיקעס, אַגב האָט ער געוואָלט די באַלקאַן־פֿעלקער ברענגען אונטער זיין יאָך און פֿערברייטערען די גרענעצען פֿון זיין מלוכה. די פּערסער האָבען שוין געהאַט געפֿיהרט אַזוינע גרויסע מלחמות, אַז דער קריעג מיט גריכענלאַנד האָט זיי נישט געקענט אָבשרעקען. חוץ דעם האָבען די גריכישע שטעדט זיך אַרויסגעוויזען אַזוי שוואַך, וואָס אָנבעלאַנגט איינינקייט, אַז דריוש האָט גאָר נישט געקענט קלערען, אַז מען וועט זיך שטאַרק אַקעגענשטעלען געגען איהם און זיין חיל.

צוערשט האָבען טאַקי די גריכען שטאַרק זיך דערשראָקען פֿאַר די

פערסער. ווען דער פערסישער קעניג האט געשיקט העראָלדען (קעניגלי־כע שלוחים) צו גריכענלאנד פאָדערען „ערד און וואסער״ ד. ה. אז גרי־כענלאנד זאל זיך אונטערגעבען, האבען זיך נאָר צוויי שטעדט געשטעלט אקעגען, אטהען און ספארטא, וועלכע האבען די הערלדען דער׳הרג׳ט די איבריגע גריכישע שטעדט האבען זיך געהאלטען נישט פעסט, אָדער זיי האבען זיך באלד אונטערגעגעבען. די פערסער, וואס האבען נישט לאנג פערלוירען זייער פלאט, האבען געפיהרט די שלאכט קעגען די גריכען אויף דער יבשה. דורכ׳ן עגעאישען ים זענען זיי געקומען צושווי־מען און האבען ארויסגעזעצט אין אטיקא אַנ׳ארמעע פון 100 טויזענד סאָלדאטען. די אטהענער האבען זיך געמוזט אליין שלאגען מיט די פערסער. ספארטא האט כמעט נישט צוגעשיקט קיין הילף. אויפ׳ן מאַ־ראטהאָנישען פעלד האבען זיך בעגעגענט ביידע ארמעען און די אטהענער האבען געהאט א פאלקאמענעם נצחון (490 פ. א. צ.). אן דער שפיץ פון אטהענער חיל איז געשטאנען מילטיאדעס. דער זיעג פון די אטהענער האט זיך גענומען דערפון, וואס זיי זענען געווען בעסער בעוואפענט ווי די פערסער, הויפטזעכליך אבער דערפון, וואס די פער־סישע ארמעע איז בעשטאנען פון צעהנדליגער אזיאטישע שבטים, וואס האבען איינער דעם אנדערען נישט געקענט, בעת אטיקא איז געווען איינס ביי זיך און די שטעדט זענען געווען ענג פערקניפט דורך איין געזעץ און כמעט דורך איין קולטור.

באלד נאכ׳ן זיעג האבען די אטהענער פערשטאנען, אז מען מוז זיך גרייטען צו א נייער מלחמה, ווייל די פערסער וועלען מן הסתם קו־מען צום צווייטען מאל מיט א שטארקערער און א גרעסערער ארמעע. מעהר פאר אלץ האט מען זיך געגרייט צום קריעג אין אטהען, וואו דער גאנ־צער פיהרער איז דאמאלס געווען טהעמיסטאָקלעס. ער האט פאראויס געזעהען, אז נאר אויפ׳ן ים קענען האבען די גריכען א נצחון, אויף דער יבשה וועלען זיי נישט קענען פיהרען אנ׳אָפענע מלחמה צו־ליעב זייער קליינער צאָהל חיל, אויפ׳ן ים דאגעגען קאן מען זיך אין די דורכגענג בעסער וועהרען. איהם האט זיך איינגעגעבען צו בויען א גריכישען פלאט מיט דער הילף פון אראפאג, וואס האט זיך צו יענער צייט שטארק אויסגעצייכענט. די פאלקס־פערזאמלונג פון די בירגער האט אויך פערשטאנען די וויכטיגקייט פון דעם קומענדען קריעג, און האט זיך אין גאנצען פערלאזען אויפ׳ן אראפאג.

חוץ די אייגענע פארברייטונגען, האבען די אטהענער געטהון וואס

נאָר מעגליך, צו שאַפֿען אַ בונד פֿון אַלע גריכישע שטעדט. אין יאָהר 481 פֿ. א. צ. איז געגרינדעט געוואָרען אַ בונד צווישען אַטהען, ספּאַרטאַ און דער מעהרסטער צאָהל פֿון אַלע גריכישע שטעדט. עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו שאַפֿען איין חיל פֿון אַלע שטעדט אונטער דער אויבערהערשאַפֿט פֿון די ספּאַרטאַנער.



בילד **23** — אַ גריכיש שיף.

אין יאָהר 480 האָבען זיך בעוויזען די פּערסישע חילים. דריוש איז אונטערדעסען געשטאָרבען און דער חיל איז געגאַנגען אונטער דער הערשאַפֿט פֿון זיין זוהן קסערקסעס. אין אַלגעמיין האָבען די פּערסער אַרויסגעשטעלט אַנ׳אַרמעע פֿון 700,000 סאָלדאַטען. קסערקסעס איז געווען זיכער מיט אַ נצחון. אָבער גראָד די גרויסע צאָהל פֿונ׳ם חיל האָט שווער געמאַכט די פּערסער דעם קריעג. וייל אין די תבואה־אָרימע גריכישע פּראָווינצען איז שווער געווען צו בעקומען גענוג פּראָוויזיע פֿאַר אַזוי פֿיעל סאָלדאַטען. חוץ דעם איז כמעט נישט מעגליך געווען דורכצופֿיהרען דורך די ענגע בערג־שפּאַלטען, בערג־וועגע־לעך און די שלעכטע גריכישע פֿוהר־וועגען אַזאַ גרויסע אַרמעע. ווען נישט דער פֿלאָט אויפ׳ן ים, וואָס האָט צוגלייך געשטיצט די סאָלדאַטען אויף דער יבשה דערמיט, וואָס ער פֿלעגט זיי פֿערזאָרגען מיט עסענוואַרג

וואַלטען די סאָלדאַטען זיבער געמוזט אומקומען אין עלאַדע. די גריכען האָבען גוט פערשטאַנען אַלע חסרונות פון דער פערסישער אַרמעע, און זיי האָבען זיך גענויהט גוט אויסצוניצען די בערגיגע לאַגע פון זייער לאַנד, ווי אויך אָבצוררייסען דעם פערסישען פלאַט פון די פערסישע סאָל-דאַטען אויף דער יבשה. בעריהמט איז די שלאַכט אין ענגען באַרג-שפאַלט, וואָס הייסט נאָך עד היום דער טהערמאָפילער דורכ-גאַנג, וואו 300 גריכען האָבען אויפגעהאַלטען אַ גרויסע פערסישע אַר-מעע, ביז אַלע 300 זענען אייגציגווייז געפאַלען אין דער מלחמה. נאָכ-דעם, ווי דער דורכגאַנג איז אַיינגענומען געוואָרען, האָבען זיך די פער-פער איינגאַנצען אַריינגעריסען אין אַטיקא, צושטערט אַטהען און זיך געלאָזען געהען ווייטער, וואו עס האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט די סאָלדאַ-טען פון גריכישען בונד. דאַמאָלס האָבען די גריכען געזוכט מיט אַלע כחות אָבצוררייסען דעם פערסישען פלאַט מיט זייערע אייגענע לייכטע שי-פען פון די פערסישע סאָלדאַטען אויף דער יבשה. און אין דער שלאַכט ביי סאַלאַמיס אויפ'ן ים (480) האָט זיך אַיינגעגעבען די גריכען צו צושטע-רען דעם פערסישען פלאָט. דאָס איז געווען אַ נצחון פון אַ קליין הייפעל איבער אַ געוואַלדיגער מחנה. און דער נצחון נעהמט זיך נאָך הויפט-זעכליך דערפון, וואָס די פערסישע סאָלדאַטען זענען געווען צווישען זיך נאָר קינסטליך פעראייניגט, זיי האָבען אייגענטליך קיין אינטערעס נישט געהאַט פאַר די פלענער פון זייער קעניג. די מייסטע סאָלדאַטען זענען געווען קינדער פון פרעמדע שבטים, נישט קיין פערסער, יונגע-לייט פון נישט-לאַנג אַיינגענומענע פעלקער. די גריכען דאַגעגען האָבען געוואוסט, פאַרוואָס זיי קעמפפען, זענען געווען אַלע, פון לייכט-בעוואָפענטען ביז'ן רייטער, אייניג ביי זיך און אַלע האָבען געקעמפפט ווי איין מענש וואָס פיהלט, אַז זיין לעבען איז אין דער גרעסטער סכנה. נאָך דער שלאַכט אויפ'ן ים איז קסערקסעס אַוועק פון די גריכישע ימים און האָט נאָר איבערגעלאָזען אַ מחנה פון 300 טויזענד סאָלדאַטען אין מיטעל-גריכענלאַנד גופא.

אין אַ יאָהר אַרום, נאָכ'ן נצחון ביי סאַלאַמיס האָבען די גריכען גענומען אַרויסשטופען די פערסער פון לאַנד. צו דער צייט האָבען זיי שוין בעוויזען אויפצובונטעווען די קליין-אַזיאַטישע גריכישע קאָלאָניעס און זיי צו פערבינדען מיט'ן מוטערלאַנד. און אויך דאָ האָבען געזיעגט די גריכען איבער די פערסער, וואָס זענען געווען פיעל שטאַרקער אין צאָהל און וואָס האָבען געהאַט בעסערע שיסער און בעסערע רייטער.

מיט די דאָזיגע נצחונות האָט זיך געענדיגט די ערשטע פּעריאָדע פון די פּערסישע מלחמות. נאָר דער קאַמפּף איז נאָך נישט געווען צו ענדע. איצט האָט מען נאָך געדאַרפט אָבטרייניגען דעם אַרכיפּעלאַג און טראַציען פון די פּערסער, וואָס האָבען זיך דאָרט פעסט אַנידערגעזעצט, אויך האָט מען געדאַרפט זיך בעפרייען פון די פעניציער, וואָס האָבען געהאַט די מאַכט אויפ'ן מיטעללענדישען ים.

דאָס איז אָבער נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט. נאָך די נצחונות איבער די פּערסער האָבען די אַטהענער זיך שטאַרק אויפגעהויבען אין די אויגען פון אַלע גרופּען. ספּאַרטאַ האָט, אמת, געהאַט די איבערהער־שאַפט, אָבער מען האָט זיך איבערצייגט, אַז ספּאַרטאַ איז נאָר גרויס מיט איהרע גוטע סאָלדאַטען, וואָס קעמפּפען ווי די לייבען, אָבער אַז אין חכמה, שכל און גוטע איינפאַלען שטעהט דער אַטהענער העכער ווי דער ספּאַרטאַנער. עס האָבען זיך אָנגעהויבען קריעגערייען צווישען ספּאַרטאַ און אַטהען. אַסך סאָלדאַטען פון אַנדערע שטעדט און אינזלען האָבען נישט געוואָלט געהען אונטער דער איבערהערשאַפט פון ספּאַר־טאַ. דער אַלגעמיינער גריכישער בונד איז זיך צופאַ־לען אין צוויי. דער בונד מיט די אַטהענער איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. מיט דער צייט זענען צוגעטראָטען צום אַט־הענער בונד, וואָס איז פאַר די איינצעלנע שטעדט און געמיינדען גע־ווען גינסטיגער, ווי דער בונד מיט די ספּאַרטאַנער, ביז 300 געמיינ־דען. אַריסטידעס, וועלכען די גריכען האָבען געהאַלטען פאַר דעם גערעכטעסטען מענשען ביי זיך, איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דעם דאָזיגען בונד. יעדע געמיינדע האָט אויפ'ן בונד־צוזאַמענפאָהר געהאַט גלייכע רעכטען און אַ גלייכע שטים אין דער בעראַטונג. דער אָרט פון די צוזאַמענפאָהרען איז געווען די אינזעל דעלאָס, און דאָרטען איז אויך געווען דער אָרט פון דער מלוכה־קאַסע, וואָס פלעגט זיך צוזאַמענקלייבען פון דעם געלד, וואָס איטליכע געמיינדע פלעגט צאָהלען פאַר'ן בונד (דער דעלישער בונד).



בילד 24, אַ גריכישע מטבע מיט'ן בילד פון צעאוס.

מיט דער צייט איז אָבער אַטהען אַזוי אויסגעוואַקסען, אַז מען האָט זיך שוין ווייניג וואָס גערעכענט מיט די פערבונדעטע געמיינדען. עס זענען געווען אַזוינע געמיינדען, וואָס פלעגען נישט וועלען צאָהלען

אַלע יאָהר און פלעגען זיך אָבקויפען מיט אַמאָל. אַזוינע פערבונדענע געמיינדען פלעגט מען שוין נישט צולאָזען צום צוזאַמענפאָהר און זיי פלעגען שוין זיין אין דער לאַגע פון פשוט'ע אָבגאַבען־צאָהלער. ביס־לעכווייז האָט אויך דער צוזאַמענפאָהר פערלוירען זיין קראַפט, און די אַטהענער פלעגען שוין אָבטהון די מלוכה־זאַכען אַליין, ווי עס פלעגט זיי פאַסען. נאָך ערגער איז געוואָרען, ווען עטליכע געמיינדען האָבען זיך געפרובט אָברייסען פון בונד. די אַטהענער האָבען זיי בעטראַכט ווי בונטאָוושטשיקעס, און עס איז נישט שווער געווען זיי צו קנס'ענען דערפאַר. ענדליך האָבען די אַטהענער פערוואַנדעלט דעם בונד פון אַלע שטעדט און געמיינדען אין אַנ'איי־גענע מלוכה (שטאַאט). אין אַטהען פלעגט מען בעשליעסען, וויפיעל אָבגאָב עס צאָהלט איטליכע שטאָדט; די גרעסערע משפטים פלעגט מען אַריבערטראָגען אין אַטהענער געריכט; אין די שטעדט זענען געשטאַנען די גאַרניזאָנען פון אַטהענער חיל. אין יאהר 454 פ. א. צ. האָט מען אויך די קאַסע פון בונד אַריבערגעטראָגען פון דעלאָס אין אַטהען. אַזוי אַרום איז דער הויפטרעזולטאַט פון די גריכיש־פערסישע מלחמות געווען דער, וואָס עס האָט זיך געבילדעט אין עלאַדע אַ גרויסע אַטהענישע מלוכה, וואָס האָט בעקומען די ממשלה איבער'ן גאַנצען גריכישען מזרח.

---

פיערטער קאַפיטעל.

## די אַטהענער אין 5־טען יאָהרהונדערט פ. א. צ. און די צייט פון פעריקלעס.

דאָס, וואָס אַטהען איז אַזוי שנעל אויסגעוואַקסען, האָט אויך אַריינגעבראַכט גרויסע פערענדערונגען אין דער אינווענינסטער פערוואַל־טונג. ערשטענס, זענען די אַטהענער געוואָרען אַ פאָלק, וואָס זוכט צו בעהערשען דעם ים, אַ ים־מאַכט. דעריבער האָט שוין די אַלטע קלאַסענטיילונג, וואָס האָט זיך געגרינדעט אויף דער הכנסה פון אַקער־בוי, נישט געהאַט קיין שום פונדאַמענט. די פיערטע קלאַס, וואָס סאָלאָן האָט איהר געגעבען אַזוי ווייניג רעכטען (ד. ה. די לייכטבעוואָפענטע), האָט נאָך די פערסישע קריעגען בעוויעזען, אַז זי פערדיענט אַזוינע

רעכטען, ווי אַלע. די פֿיערטע קלאַס איז דערום גלייכגעשטעלט געוואָרען מיט אַלע אַנדערע, און דאָס רעכט צו פֿערנעהמען אַלע שטעלען אין דער מלוכה האָבען בעקומען אַלע קלאַסען אָהן אַ שום אונטערשיעד. גלייכצייטיג האָט מען איינגעפֿיהרט, אַז אַסך שטעלען זאָלען ווערען בעזעצט לויט דעם גורל נאָך. מען איז געקומען צו דער מיינונג, אַז יעדער בירגער אין לאַנד פֿערדיענט, אַזוי גלייך ווי אַן־אַנדערער, צו פֿערנעהמען די ערשטע שטעלען אין דער מלוכה, און כדי קיינעם נישט צו בעליידיגען, האָט מען בעשטימט צו וואָרפֿען בעפֿער אַ גורל.

צו דער צייט האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע די סטראַטעגען, וואָס האָבען פֿערוואַלטעט מיט די מיליטער־אַנגעלעגענהייטען, און האָבען געפֿיהרט די אויסלענדישע פּאָליטיק און די געשעפֿטען פֿון אַטהענער בונד. די דאָזיגע סטראַטעגען פֿלעגט דירעקט אויסקלייבען דאָס גאַנצע פֿאָלק, נישט נאָר דער ראַט פֿון די 400. צווישען זיי האָבען זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט אַריסטידעס און טהעמיסטאָקלעס, וואָס איז, ווי אַסך אַנדערע גרויסע מענער, דערנאָך פֿערטריעבען געוואָרען פֿון לאַנד און איז געשטאָרבען אין דער פֿרעמד.

עפֿיאַלטעס האָט רעפֿאָרמירט דעם אַרעאָפּאַג. ער האָט פֿערקלענערט די מאַכט פֿון אַרעאָפּאַג. וואָס איז געווען די איינציגע אינסטיטוציע פֿיי די גריכען, וואָס פֿלעגט נישט געוועהלט ווערען פֿון פֿאָלק. עפֿיאַלטעס האָט צוגענומען פֿון אַרעאָפּאַג דאָס רעכט אַכטונג צו געבען אויף אַנדערע אינסטיטוציעס און אויף די געזעצען פֿון לאַנד. די פֿאָלקס־פֿערזאַמלונג האָט ער אַוועקגעשטעלט איבער'ן אַרעאָפּאַג, דעם אַרעאָפּאַג איז נאָר געבליעבען די ראָליע פֿון אַ שופט (ריכטער) און דאָס רעכט אַכטונג צו געבען אויף די גוטע מאָראַלישע זיטען. די דאָזיגע רעפֿאָרם האָט אַזוי אויפֿגעפֿלאַקערט דעם צאָרן פֿון די אַריסטאָקראַטען, אַז זיי האָבען דעם רעפֿאָרמאַטאָר דערהרג'עט. נאָר פּעריקלעס האָט זיך נישט דערשראָקען פֿאַר דעם סוף פֿון עפֿיאַלטעס, און ער האָט פֿאָרטגעזעצט די אַרבייט פֿון זיין געשטאָרבענעם פֿריינד. פּעריקלעס איז געווען אַן־איינציגעל פֿון פֿאָלקס־פֿריינד קליסטהענעס און האָט אָנגעהערט צו די שענסטע אַריסטאָקראַטישע משפּחות. ער האָט זיך געהאַלטען אין דעם זיידענס פּאָליטיק און האָט זיך געשטיצט נאָר אויף דאָס פֿאָלק. ער איז געווען אַ גרויסער רעדנער, ער האָט פֿערשטאַנען מסביר

צו זיין דעם פֿאָלק זיינע מוטיגסטע געדאַנקען און פּלענער און אַרויס־צורופֿען ביי איהם אַ גרויסע בעגייסטערונג.

פּעריקלעס האָט געוואָלט מאַכען פֿון אַטהען די שענסטע שטאָדט אין גריכענלאַנד. ער האָט געוואָלט, אַז די שטאָדט זאָל צוציהען צו זיך די אויסלענדער צוליעב איהרע שענע בנינים און צוליעב איהרע טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען. מעהר ווי דרייסיג יאָהר האָט פּעריקלעס געפֿיהרט אַטהען לויט זיינע אידעען און פּלענער. די ערשטע 15 יאָהר האָט ער געהאַט נאָך שטאַרקע געגנער און פֿיינד, אָבער שפּעטער האָט זיך שוין אין אַטהען קיינער נישט דערוועגט זיך צו שטעלען געגען איהם. יאָהר־יעהר־ליך פֿלעגט מען איהם אויסקלויבען פֿאַר אַ סטראַטעגען, אויך מאַנכמאַל פֿלעגט מען איהם אויסקלויבען פֿאַר דעם אויבערשטען פֿיהרער פֿון מיליטער און פֿון פֿלאָט. מען פֿלעגט איהם פֿערגלייכען מיט'ן טיראַן פּייזיסטראַטעס, מען פֿלעגט זאָגען: אייגענטליך איז דער מושל אין אַטהען דאָס פֿאָלק, אין דער אמת'ען אָבער איז דער הערשער דער ערשטער מענש פֿון אַטהען.

פּעריקלעס האָט זיך געשטיצט הויפּטזעכליך אויף די מאַסען אין פֿאָלק, וואָס האָבען געלעבט פֿון ים, אַרום ים און וואָס האָבען געדאַרפֿט פֿערטיידיגען דעם ים פֿון אָנפֿאַלען. דאָס איינפֿאַכע פֿאָלק, וואָס האָט געדיענט אַלס מאַטראָזען אין פּערסישען קריעג, איז איצט געוואָרען אַ מאַכט. אויף די גרויסע פֿערזאַמלונגען, וואו מען האָט בעשלאָסען אַלע פֿאָלקס־ענינים, האָט עס איצט געהאַט די מעהרהייט. כדי אַז נאָכ'ן קריעג זאָלען זיי נישט זיצען לעדיג און האָבען פֿון וואָס פֿערדיענען, — האָט מען אָנגעהויבען אַ סך צו בויען אין אַטהען. חוץ די גרויסע פֿעסטונגען האָט מען נאָך געבויט גרויסע פּרעכטיגע טעמפּלען פֿאַר די געטער. פֿון דער מלוכה־קאַסע האָט מען אַרויסגענומען אַ סך געלד, אום צו בעשענקען און צו שטיצען די אָרימע אַטהענער. אָפֿט פֿלעגט מען צווישען זיי פֿערטיילען אומזיסט ברויט, וואָס איז געקויפֿט געוואָרען אויפֿ'ן חשבון פֿון דער מלוכה. שטענדיג פֿלעגען זיי בעקומען אומזיסטע בילעטען צו די טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען. פֿאַר זיין אַ בייזיצער אין געריכט פֿלעגט מען וויטער צאָהלען, און כמעט אַלע אַטהענער פֿלעגען זיין בייזיצער, וואָס פֿלעגען זיך טיילען אין גרופּען צו עטליכע הונדערט אויף אַמאָל.

חוץ דעם האָט איטליכער אַטהענער געקענט האָפֿען צו בעקומען אומזיסט אַ שטיק ערד, וואָס ווערט צוגענומען ביי די אַזיאַטישע שבטים

אָדער ביי די בונד־שטעדט. אין פעריקלעס צייט האָט מען פערטיילט אומזיסט ערד צו עטליכע צעהנדליג טויזענדער פאַמיליעס.

נאָר פון וואַנען האָט מען גענומען אַזוי פיעל געלד צו אַלעם־דיזם? אַנ׳אַטהענער בירגער האָט נישט געצאָהלט קיין אָבגאָבען. די מלוכה האָט פול געמאַכט איהר קאַסע פון אָבגאָבען, וואָס זי פלעגט נעהמען פון די אַריינגעפיהרטע סחורות, פוו די אָבגאָבען, וואָס עס פלעגען צאָהלען דער מלוכה די נישט געבוירענע אַטהענער און הויפט־זעכליך פון דעם געלד פון די פערבונדענע שטעדט.

די אַטהענער האָבען זיך דערום ערלויבט אַזוי צו בעל־הבת׳עווען מיט׳ן געלד פון די בונד־שטעדט, ווייל זיי האָבען בעשיצט גאַנץ גריבענלאַנד פון שונא׳ס אָנפאַל, און ווייל זיי טראָגען שטענדיג אויף זיך דעם יאָך פון דער גאַנצער פערוואַלטונג און פון אַלע פאָרבערייטונגען צו אַ קומענדיגען קריעג, וואָס קאָן נאָך ווידער פאָרקומען.

פעריקלעס איז געווען זיין אַטהען, ווי היינט ביי אונז דער קאַנצלער, דער פרעמיער־מיניסטער. האָטש דאָס פאָלק האָט אַליין אויף אַלין אַכטונג געגעבען, אָבער די אויספיהרענדיגע מאַכט האָט עס געמוזט איבערגעבען עטליכע מענשען, ווייל די מלוכה־געשעפטען פון לאַנד נאָכ׳ן קריעג זענען געווען צופיעל, אַז די פאָלקס־פערזאַמלונג זאָל זיך אין יעדער זאַך קענען אַליין אַריינמישען.

נאָר פעריקלעס איז נישט נאָר געווען אַ גרויסער פאָליטיקער און אַ גרויסער פעלדמאַרשאַל. חוץ די מעלות האָט ער נאָך פערשטאַנען זיך אַרומצורינגלען (ווי אַמאָל פיזיסטראַטעס) מיט די בעסטע ליטעראַרישע און קינסטלערישע טאַלאַנטען פון זיין צייט. צו פעריקלעס צייטען איז אַטהען געוואָרען בעציערט מיט די שענסטע בנינים, פון וועלכע עס זענען בעריהמט געווען דער טעמפעל פון דער געטין אַטהענע, פאַרטהענאָן; דער זיילענגאַנג ביים אַריינגאַנג אין אַקראָפאָל (די שטאָדט־פעסטונג), די פראָפילעען און דער בנין אדעאָן, וואו עס פלעגען פאָרקומען די טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

די נאָהענטסטע פריינד פון פעריקלעס זענען געווען דער פילאָזאָף אַנאַקטאַגאָראַס, דער גרעסטער סקולפטאָר פון אַלע צייטען — פידיאַס. אין פעריקלעס צייט האָט געלעבט דער בעריהמטער טראַגעדיע דראַמאַטורג סאָפאָקלעס און דער גרעסטער היסטאָריקער העראָדאָט, וואָס האָט זיך בעזעצט אין אַ קליין־אַזיאַטישער גריכישער קאָלאָניע אין אַטהען. מיט איין וואָרט, צו פעריקלעס צייט איז געוואָרען אַטהען די הויפטשטאָדט פון גריכענלאַנד אין

אַלע הינזיכֿטען און האָט זיך געמעגט מיט רעכֿט האַלטען פֿאַר דער פֿיהרערין און לעהרערין פֿון גאַנץ גריכֿענלאַנד.

---

## פֿינפֿטעס קאַפּיטעל.

## גריכֿישע קולטור אין 5—4־טען יאהר־ה. פֿ. א. צ.

### די געטער.

די אַלטע פּראָסטע בעגריפֿען וועגען די געטער האָבען זיך שוין לאַנג געהאַט געביטען. דער גאָט צעאוס איז שוין ריינער אין דער פֿאָרשטעלונג פֿון פֿאָלק, ווי אין האָמער׳ס צייטען, און ער פֿלעגט האָבען די אייגענע שוואַכֿקייטען ווי די מענשען אויף דער ערד. די געטער זענען הייליג און הויך אין זייער מאָראַל. זיי האָבען נישט די מענשליכֿע חסרונות. צעאוס איז דער געטליכֿער פֿיהרער פֿון דער וועלט, אַלץ ווערט געטהון לויט זיין געטליכֿען ווילען, וואָס האָט נישט קיין שום ניעדעריגע פּניות, ווי אַמאָל אין האָמער׳ס צייטען. זעהר הויך איז געשטיעגען די ווערדע פֿון גאָט אַפּאָלאָן, וואָס קעמפֿט שטענדיג מיט דעם שלעכֿטס אויף דער ערד, און וואָס גיעט די מענשען דעם כח זיך צו בעגייסטערען מיט הויכֿע שענע געדאַנקען. דער גאָט פֿון פּאָעזיע און דאָס גייסטיגסטע אין מענשען — איז אַפּאָלאָן.

חוץ אַפּאָלאָנ׳ען איז נאָך פֿאַרהאַן נאָך אַ גאָט, וואָס קאָן אויך בע־גייסטערען דעם מענשען, האָטש ער איז שוין נישט אַזאַ ערנסטער גאָט. דאָס איז דער גאָט דיאָניס. ווען דאָס לאַנד האָט אַ גוט געראָטעניש, אין דער צייט, ווען מען זאַמעלט צונויף דעם וויין און די פֿרוכֿטען און עס קומען פֿאָר די טענץ, קאַראַהאָדען און די ליעדערגעזאַנגען, — ווערט דער מענש גאַנץ אַנ׳אַנדערער, ער בעקומט עפּעס פֿליגעל, ער ווערט מונטער און פֿרעהליך און פֿערגעסט אָן אַלע זיינע צרות. און די גריכֿען האָבען געגלויבט, אַז די וואונדערליכֿע פֿערענדערונג אין מענ־שענ׳ס האַרצען מאַכֿט דער גאָט דיאָניס, דער פֿרעהליכֿער גוטמוטיגער גאָט, וואָס איז דער בעשיצער פֿון די וויינשטאָקען און דעם וויין.

לכבוד דיאָניס׳ען האָט מען געמאַכֿט פֿערשיעדענע יום־טובים, וואו מען פֿלעגט זינגען און טאַנצען, זיך פֿערשטעלען אין מאַסקעט און מאַכֿען קאַראַהאָדען. אָט פֿון די פֿאָלקס יום־טובים האָבען זיך שפּעטער ביי די נריכֿען ענטוויקעלט די טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען, וואו מען

פלעגט שפּיעלען קאָמעדיעס, טראַגעדיעס און אויספיהרען טענץ מיט גע־זאַנג.

## די קונסט.

די גריכען האָבען זיך געמיהט צו מאָלען און אויסצוהאַקען אין מאַרמאָר און שטיין זייערע שענע ערהאַבענע געטער. מאָלענדיג אַ גאָט האָבען זיי געזוכט איהם צו געבען די שענסטע געשטאַלט פון די מענשען וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלען. עס האָבען זיך דערום בעוויזען גרויסע קינסטלער, וואָס האָבען בעקומען פון יעדער שטאָדט אַ בעשטע־לונג אויף צו מאָלען אָדער צו מאַכען פון מאַרמאָרשטיין אַ גאָט. צוליעב דעם, וואָס די גריכען האָבען געפרובט שאַפען די שענסטע געטער־גע־שטאַלטען, האַלטענדיג זיך אָן מאָדעל פון אַ מענשליכער פיגור, זענען זיי דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה פון דער סקולפּטור־קונסט, פון וועלכער מען נעהמט זיך נאָך אָב אַ מוסטער עד היום.

---

## ארכיטעקטור.

די טעמפּלען אין גריכענלאַנד זענען נישט געווען אַזוי גרויס ווי אין עגיפּטען אָדער אין בבל, אָבער זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט דורך זייער שענעם פּלאַן און דורך די זיילען, וואָס האָבען אונטערגעהאַלטען דעם בנין. מיט איטליכער עפּאָכע זענען די זיילען אַלץ געוואָרען שענערע. מען אונטערשיידט דריי מינים זיילען: דעם דאָרישען זייל, וואָס געהט אַרויס ווי אַ רונדער, שטיינערנער קלאָץ פון פונדאַמענט ביז'ן דאַך, דעם יאָניִשען, וואו איבער'ן פונדאַמענט הויבט זיך אויף אַ שטיינערנע אונטערלאַגע און די זיילען געהען שוין אַרויס פון דער אונטערלאַגע מיט אַ רינגעלע פון אונטען און ביים געזימס, און דעם קאָרינטישען זייל, וואָס האָט שוין ביים געזימס אַ שטיינערנע פּערפּוצונג פון וויינבלע־טער. די דאָרישע זיילען מאַכען דאָס געביידע שווערפעליג, די יאָנישע — לייכטער און שלאַנקער, די קאָרינטישע — פּערפּוצטער און יום־טוב'דיגער.

---

## דאָס טעאַטער.

די גריכען האָבען ענטוויקעלט דאָס טעאַטער ביז צו אַ הויכער מדרגה. צוערשט פּלעגט מען שפּיעלען אין מאַסקעס די לעגענדעס וועגען

גאָט דיאָניס, דערנאָך האָט מען אָנגעהויבען פאָרשטעלען אין מאַסקעס אַנדערע לעגענדען, ווי די לעגענדע פון טהעזעאוס און פון אַנדערע האַלב־געטער. שפּעטער האָט מען אָנגעהויבען פאָרשטעלען סצענעס און געשעהענישען פון דער נאָהענטער לעבעדיגער צייט. עסכילעס, דער ערשטער גרויסער טראַגעדיען־שרייבער, האָט צוערשט געשילדערט אין זיינע שטיק דעם פערגאַנגענעם פערסיש־גריכישען קריעג. חוץ דעם האָט ער



בילד 25 — א טעמפעל מיט דאָרישע זיילען.



בילד 26 — א טעמפעל מיט יאָנישע זיילען.

רעפּאָרמירט דאָס שפּיעל אין טעאַטער בנוגע צו די אַקטיאָרען, אַזוי אַז עס זאָל אויסקומען דראַמאַטישער די סצענע. אין עספּילעס טראַגעדיען איז דער הויפּט־מאָטיוו געווען אַנ'ערהאַבענער אָבער אַ טרויעריגער שיקזאַל. די צושויער האָבען זיך צוגעקוקט מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ, ווי אָרעסטעס ווערט גע'רודפ'ט פון די שרעקליכע געטינען פון נקמה דערפאַר, וואָס ער האָט ערמאָרדעט זיין אייגענע מוטער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז זי האָט געקוילעט זיין פאָטער. זיי האָבען זיך שטאַרק אויפגערעגט, ווען זיי האָבען געזעהען דעם גאָט פּראָמעטעאוס, וואָס האָט גע'גנב'ט ביי צעאוס אַ פונק פייער פאַר'ן מענשען, ווי ער איז צוגעשמידט צו אַ פעלזען.

אין אַטהען האָט דאָס פאָלק שטאַרק ליעב געהאַט דאָס טעאַטער. סאָפאָקלעס, וואָס האָט געלעבט אין איין צייט מיט פּעריקלעס'ען האָט [illegible] פאַר'ן פאָלק ביז 100 טעאַטער־שטיק. מעהר פאַר אַלע האָט אויפגעטהון פאַר'ן טעאַטער איירופּידעס. די פאָרשטעלונגען פלעגען די אַקטיאָרען געבען אין מאַסקעס, וואָס פּאַסען צום האַראַקטער פון דער פּערזאָן, וואָס ווערט פאָרגעשטעלט. די פרויען־ראָלען פלעגען שפּיעלען מענער. אַ גריכישע טראַגעדיע איז געווען עהנ־ליך צו אונזער אַ היינטיגער אָפּערע: דער חאָר פלעגט אויף דער ביהנע זינגען איינציגע ליעדער. די אַקטיאָרען, חוץ דעם געוועהנליכען געשפּרעכס־טאָן, פלעגען האַלב דעק־לאַמירען, האַלב זינגען. דאָס גריכישע טעאַטער איז געווען אונגעפעהר געבויט אַזוי ווי ביי אונז היינט אַ צירק, עס האָט ניט גע־האַט קיין דאַך איבער זיך און מען פלעגט דאָרטען שפּיעלען נאָר ביי טאָג, ביי אַ שענעם וועטער. נאָר אַזוי ווי אין עלאָדע איז אַ געבענטש




בילד 27 — א גריכישער צירק:

7 — 2 — 1 — די סצענע

3 — 3 — די קוליסען

4 — 4 — דער אָרקעסטער

5 — דער אָרט וואו מען פלעגט אַמאָל ברענגען אַ קרבן פאַר דער פאָרשטעלונג.

6 — 6 — 6 — די פּלעצער צום זיצען.

קלימאַט, פֿלעגען די שענע לױטערע טעג זײן זעהר אָפֿט אין יאָהר. װען בײ'ם אָנהױב שפּיעלען פֿלעגט זיך װײזען אַ סימן, אַז די געטער זענען נישט צופֿריעדען מיט די מענשען, — פֿלעגט מען די טעג ניט שפּיעלען. דאָס גריכישע טעאַטער איז געװען אַזױ גרױס, אַז עס האָט געהאַט אָרט פֿאַר 20—30 טױזענד צושױער. חוץ טראַגעדיעס פֿלעגט מען אױך שפּיעלען קאָמעדיעס. דער גרעסטער קאָמעדיען-שרײבער פֿון אַטהען איז געװען אַריסטאָפֿאַנעס, און זײן נאָמען, װי זײנע װערק, זענען נאָך הײנט פֿון די בעריהמטעסטע אין דער ליטעראַרישער קינסטלערישער װעלט.

---

## די שולע.

דער אַטהענער האָט מעהר געלערנט אין גאַס, אין דער פֿאָלקס-פֿערזאַמלונג, אין געריכט אַלס בײזיצער, אין טעאַטער, זיך צוהערענדיג צו די געהױבענע װערטער פֿון אַנ'עסכילעס, סאָפֿאָקלעס און אײריפּידעס, װי אין דער שולע. די שולען זענען געװען צו טײער, פֿאַר דאָס לערנען זיך האָט מען געמוזט בעצאָהלען אַסך געלד. חוץ שרײבען און לעזען, פֿלעגט מען לערנען אין די שולען דרײ געגענשטענדען: ליטעראַטור, מוזיק און גימנאַסטיק.

נאָר אַזאַ למוד האָט נישט געקענט אַלעמען בעפֿריעדיגען. דערום האָבען זיך אַסך געלערנט בײ די פֿילאָזאָפֿען און בײ די סאָפֿיסטען. די פֿילאָזאָפֿען זענען מײסטענס געװען גריכען פֿון קלײנאַזיען, װאָס האָבען מיטגעבראַכט די אידעען און די טיעפֿע געדאַנקען פֿון די מזרח-פֿעלקער, װאָס האָבען זיך שטענדיג אױסגעצײכענט דערמיט, װאָס זײ האָבען זיך געגראָבען אין די טיעפֿסטע גײסטיגע און רעליגיעזע פֿראַגען. די גריכען האָבען גערופֿען אַזױנע מענשען, װאָס קלערען װעגען גאָט, מאָראַל, װעלט-שעפֿפֿונג און נאָך אַזױנע פֿראַגען — פֿילאָזאָפֿען (ד. ה. פֿרײנד פֿון חכמה). אַזאַ לעהרער פֿלעגט אָפֿען אין גאַס זיך נעהמען קנעלען מיט אַ גרופּע תלמידים, װאָס פֿלעגען דערפֿאַר איהם געבען מתנות, אָדער אַ געװיסען שכר-למוד.

חוץ דעם פֿילאָזאָף איז נאָך געװען אַ צװײטער מין לעהרער, װאָס פֿלעגט לערנען די תלמידים שען רעדען. און שען רעדען האָט זיך איטליכען אַטהענער שטאַרק געגלוסט, װײל איטליכער האָט געװאָלט אױסנעהמען מיט זײן לשון אױף דער פֿאָלקס-פֿערזאַמלונג. נישט נאָר רעדען פֿלעגען זײ די דאָזיגע מלמדים אױסלערנען, נאָר אױך גײסטרײך

רעזען, מיט אַלערליי שפּיצלעך, בּויך־סברות און גײַסטרייכע השערות, וואָס זענען אימשטאַנד צו פֿערטומלען דעם פּראָסטען מוח פֿון אַ גרויסע פּובּליקום. זיי האָט מען אַ נאָמען געגעבען סאָפֿיסטען.

ביי די סאָפֿיסטען איז נישט געווען דער אמת די הויפּטזאַך, נאָר דער סאָפֿיזם, (אַ פֿאַלשע שענע השערה, וואָס פֿערבּלענט אַ פּראָסטען מוח, ווייל זי ווייזט אוים אויפֿ'ן ערשטען בּליק ווי אַ שטיק אמת). מאנכע סאָפֿיסטען זענען מעהר געוועזען פֿילאָזאָפֿען, און אויך אומגעקעהרט. דער גרויסער פֿילאָזאָף סאָקראַטעס איז אַרוים פֿון דער שולע פֿון די סאָפֿיסטען.

---

## סאָקראַטעס.

סאָקראַטעס האָט געהאַט תלמידים אין אַלע קלאַסען פֿון פֿאָלק. נאָר חוץ די עפּענטליכע שמועסען און וכּוחים, האָט סאָקראַטעס ליעב געהאַט אריינצוגעהען אין אַ קרעמעל אָדער צו אַ בּעל־מלאכה און פֿילאָזאָפֿירען מיט דעם שוסטער אָדער דעם סוחר'ל. סאָקראַטעס האָט געקענט דעם קונץ צו פֿעראינטערעסירען איטליכען מיט זיין שמועס און צו רעדען וועגען הויכע ענינים מיט אַ קלאָרער פֿערשטענדליכער שפּראַך. אין אַטהען האָבּען אַלע געקענט דעם נישט הויכגעוואַקסענעם מענשען מיט



ב) אַ גריך אין מאַנטעל



בּילד 28, א) אַ גריכין מיט אַ קינד

דעם גרויסען פליכען קאָפּ, מיט דעם פּנים פון אַ היינטיגען רוסען, ביי וועמען עס פליעסט טאַטאַריש בלוט, מיט דעם לעבענדיגען בליק און דער שאַרפער קלוגער שפּראַך. זיין הויפּטציעל איז געווען צו וועקען דעם קריטישען פערשטאַנד ביי איטליכען מענשען, אַז ער זאָל נישט גלויבען אין קיין זאַך, כל זמן דער אייגענער שכל איז דערצו נישט מחייב.

די סאָפיסטען האָבען אויך זיך בעשעפטיגט מיט די פאָרשטעלונגען וועגען גאָט. עס זענען געווען אַזוינע, וואָס זענען שוין דערגאַנגען צום גלויבען אין א י נ ן גאָט, „וואָס איז נישט ענהליך צו קיינעם אויף דער וועלט, נישט מיט זיין געשטאַלט און נישט מיט זיין גייסט".

אַזוינע אַפּיקורסות איז געווען מאַנכמאָל געפעהרליך אויסצורעדען. בעזונדערס, ווען דאָס לאַנד האָט דורכגעלעבט אַ שלעכטע צייט, פלעגט מען מיינען, אַז די געטער, פון כעס אויף די אַפּיקורסים, שטראָפען דאָס לאַנד מיט אַלערליי אָנשיקענישען.

אַזאַ בעשולדיגונג האָט מען געמאַכט אין אַטהען קעגען דעם גרעס־טען סאָפיסט, דעם פילאָזאָף סאָקראַטעס (461—399 פ. א. צ.).

דאָס האָט פּאַסירט 30 יאָהר נאָך פּעריקלעס טויט, ווען אַטהען האָט געקומען פאַלען, און דאָס פאָלק האָט געזוכט די סיבה דערפון. סאָקראַטעס איז דאַמאָלס אַלט געווען 70 יאָהר. מען האָט איהם גע־רופען צום געריכט. די אַטהענער זענען געווען קלוגע מענשען און האָבען פשוט'ע זאַכען גאַנץ גוט פערשטאַנען ווי צו משפט'ען, אָבער אַזוינע פילאָזאָפישע גענג, ווי די גענג פון סאָקראַטעס, האָבען זיי נישט געקענט בעגעהמען. חוץ דעם האָט סאָקראַטעס געהאַלטען ניעדעריגער פאַר זיין כבוד זיך צו פערטיידיגען, ער האָט שאַרף און קורץ ער־קלערט, אַז מען דאַרף איהם נישט מ ש פ ט ' ע ן, נאָר געבען אַ פאָלקס־מתנה, ווייל צוליעב איהם זענען אַסך מענשען געוואָרען בעסער און קליגער. די שופטים זענען נאָך געוואָרען מעהר צורייצט, און דערפאַר, וואָס סאָקראַטעס לעסטערט די געטער, צו וועמען עס בוקען זיך אַלע בירגער פון לאַנד, האָט מען איהם פער'משפט צום טויט. זיינע תלמידים און פערעהרער האָבען איהם געגעבען די מעגליכקייט צו אַנטלויפען פון געפענגעניש, נאָר ער האָט דאָס נישט געטהון, „ווייל עס איז נישט ריכטיג נישט צו געהאָרכען דעם משפט פון דער אייגענער שטאָדט".

סאָקראַטעס האָט רוהיג אויסגעטרונקען דעם בעכער מיט גיפט (399), וואָס די שופטים האָבען איהם צוגעשיקט אין געפענגעניש

זיין שילער, דער פילאזאף פלאטא, האט נאך זיין טויט ארויסגעגעבען א פערטיידיגונגס־שריפט פאר זיין לעהרער. ער דערצעהלט, אז דער לעצטער שמועס פון סאקראטעס'ען מיט זיינע תלמידים איז געוועזען וועגען השארת־הנפש (אונשטערבליכקייט פון דער נשמה).

חוץ סאקראטעס האט אין דער עפאכע, וועלכע מיר בעשרייבען דא, געלויכטען דער פילאזאפישער גייסט פון פלאטא, וועלכער האט געלערנט זיינע תלמידים צו בעטראכטען די נשמה פון מענשען, ווי א זאך וואס שטאמט נישט פון דער ערד, זי שטאמט פון הימעל. פון איטליכען שטערן שיינט אויף אונז א נשמה. דער גוף איז די תפיסה פון דער נשמה. די מענשען אין לייב זענען ווי אין א פינסטערער הויהל, וואו עס דרינגט נאר אריין א זייטיג שוואך ליכט. די נשמה שוועבט צום הימעל. נאר די ריינע נשמות וועלען קומען צו זייער מקור, נישט די פערפלעקטע. די מגושמ'דיגע מענשען ווערען אויף אייביג פערפאלען. לייט פון וויסענשאפט און געדאנקען וועלען קומען צו א וועלט, וואס איז א בעסערע ווי אונזערע.

---

קאפיטעל זעקס:

## דער פעלאפאנעזער קריעג (431—404 פ. א. צ.)

## אטהען הויבט אן צו פאלען.

שוין צו דער שענסטער צייט פון אטהען, ווען פעריקלעס האט נאך געלעבט, האבען זיך בעוויזען די ערשטע סמנים, אז אויף אטהען קלויבען זיך גרויסע אונגליקען.

אטהען האט געהאט א סך שונאים: ערשטענס, די אלטע האנדעלסשטאדט קארינט, וואס האט פערלוירען איהרע האנדעלס־מערק, צייט אטהען איז געווארען א ים־מאכט און אליין גענומען האנדלען. צווייטענס, האט ספארטא נישט געקענט צוזעהען, ווי עס וואקסט דער איינפלוס פון אטהען. דריטענס, זענען די שטעדט פון אטהענער בונד, וואס האבען ביסלעכווייז פערלוירען זייער זעלבסטשטענדיגקייט און זענען ארונטער צ דעם מצב פון איינפאכע אבגאבען־צאהלער, געווען שטארק אויפגערעגט קעגען די איבערהערשאפט פון אטהען. פירטענס, האבען די פערסער נישט פערגעסען זייערע מפלות און האבען געווארט אויף די צייט, ווען מען וועט קענען ווידער צונעהמען די קליין־אזיאטישע גריכישע קאלאניעס.

צוערשט האבען זיך פעראייניגט קארינט מיט ספארטא קעגען

אַטהען. ספּאַרטאַ האָט געהאַט אין איהר בונד אַלע שטעדט פון דרום־גריכענלאַנד (פון דאַלב־אינזעל פּעלאָפּאָנעז), און דערום האָט מען אַ נאָמען געגעבען דעם קריעג דער פּעלאָפּאָנעזישער קריעג. די מלחמה האָט זיך נאָך אָנגעהויבען צו פּעריקלעס צייטען. אויף דער יבשה האָבען געזיעגט די ספּאַרטאַנער, אָבער צוליעב דער ים־מאַכט פון די אַטהענער איז צו אַ גאַנצען נצחון נישט געקומען.

די לאַגע פון אַטהען איז געוואָרען ערגער, ווען עס האָבען זיך פון איהר אָבגעריסען די שטעדט פון בונד. צו דער צייט איז אויפגעטרעטען אין אַטהען דער גרויסער אַלקיביאַדעס, וואָס האָט שטאַרק געהויבען די לאַגע פון אַטהען. אָבער ביי זיין ערשטער ניעדערלאַגע האָט ער געמוזט אַנטלויפען פון פאָלקס־צאָרן. ער איז דאַמאָלס געוואָרען דער שונא פון זיין אייגענער שטאָדט און האָט זיך פערבונדען מיט די פּערסער און מיט ספּאַרטאַ געגען די אַטהענער. אָט דער דאָזיגער אַלקיביאַדעס וויזט, אַז אין אַטהען האָבען שוין רעגיערט עהרגייציגע מענשען, נישט קיין ריינע נאַטורען, לייט, וואָס וואָלטען צוליעב כבוד און וואוילטאָג פערקויפען זייער אייגען לאַנד. אַלקיביאַדעס איז דער טיפּ פון אַטהענס אונטערגאַנגס־צייט.

די קריעגען צווישען אַטהען און ספּאַרטאַ האָבען זיך געצויגען זיבען און צוואַנציג יאָהר. קיינער האָט נישט געקענט בעזיעגען אינגאַנצען דעם אַנדערען, נאָר אונטערדעסען האָבען די פּערסער פערשטאַרקט ספּאַרטאַ'ס פלאָט און אין יאָהר 405 פ. א. צ. האָבען די אַטהענער בעקומען דעם לעצטען קלאַפּ, פון וועלכען זיי האָבען זיך שוין קיינמאָל נישט אויפגעהויבען. די אַטענישע מאַכט האָט סך הכל עקזיסטירט 75 יאָהר.

די ספּאַרטאַנער האָבען אין דער צייט פון פּעלאָפּענעזישען קריעג זיך געריהמט, אַז קעמפּפענדיג געגען אַטהען, זאָרגען זיי דערפאַר צו בעפרייען גאַנץ גריכענלאַנד. אין דער אמת'ן האָבען פון די מלחמות געהאַט מעהר נוצען די פּערסער, ווי די גריכען. דאָס, וואָס די פּערסער האָבען פערלאָרען אין פּערסיש־גריכישען קריעג, האָבען זיי כמעט אָהן מיה צוריק בעקומען פון די גריכען אַליין, צוליעב די ספּאַרטאַנער.

אין אַטהען האָט דערווייל נישט אויפגעהערט דער קאַמפּף צווישען דעם פאָלק און די אַריסטאָקראַטען, וואָס האָבען ווידער אויפגעהויבען דעם קאָפּ. אין לאַנד פלעגען אַלע וויילע פאַרקומען רעוואָלוציעס צווישען אַ הייפעל טיראַנען און צווישען די דעמאָקראַטישע פּאַרטייען. אין יאָהר

האבען די טיראנען זאגאר פערהאפט די גאנצע מאכט און אבגעשאפט אלע געזעצען פון סאלאן, אריסטידעס, פעריקלעס א. א. ו. אבער זייער מאכט האבען זיי באלד ווידער פערלארען און אטהען איז געווארען א שטאדט, וואו דאס בלוט פון די בירגער פלעגט נישט אויפהערען זיך צו גיסען צוליעב די אייביגע פארטיי־קריעגערייען.

אונטערדעסען איז אויסגעוואכסען די צאהל פון די אטהענער בירגער. א סך פון זיי האבען געמוזט געהען אין פרעמדע לענדער, אין מצרים, אין סיריען, וואו זיי פלעגען זיך פערדינגען אלס סאלדאטען, קריעגסלייט, אדער וואו זיי פלעגען האנדלען און וואנדלען. איטליכער קעניג אין קליין־אזיען האט געהאלטען געדונגענע גריכישע סאלדאטען.

אין די רייכע שטעדט פלעגט שוין נישט זיין קיין מיליץ (ד. ה. ווען יעדער יונגעמאן אין לאנד איז מחויב אין צייט פון א קריעג אוועקצווארפען זיין בעשעפטיגונג און געהען צו דער מלחמה); מען פלעגט פשוט פאר געלד אויסהאלטען ראטעס סאלדאטען מיט זייער פיהרער, וואס קריעג איז געווען ביי זיי, ווי א שטענדיגער בערוף. אין די צייטען פון שלום פלעגען אזוינע קריעגס־בעלי־מלאכות זיך פערדינגען ביי אנדערע שטעדט און פירשטען, וואס האבען גראד געפיהרט א מלחמה מיט עמיצען. נישט נאר גריכישע סאלדאטען פלעגט מען דינגען אין די פרעמדע לענדער, נאר אויך זייערע קאמאנדירען און זייערע גענעראלען. מאנכע גענעראלען זענען געווען זעהר בעליעבט ביי די סאלדאטען, און אזוינע מענשען פלעגט מען אנטרויען צונויפצושטעלען אנ'ארמעע פון געדונגענע סאלדאטען, זיי אויסצומושטירען און האלטען שטענדיג גרייט צו א מלחמה.

די געדונגענע פיהרער האבען זעהר ענטוויקעלט די קונסט פון דער קריעגס־טעכניק. זיי האבען זיך אויסגעלערנט צו מאכען גיכע מארשען מיט א סך חיל דורך שלעכטע וועגען, צו מאכען רייטער־אטאקעס, זיי האבען אויסגעקלערט אזא מאשינע, וואס ווארפט פון דער ווייטענס שטיינער און שפיציגע שטיקער אייזען. זיי האבען אויך אויסגעקלערט א סך אינסטרומענטען, וואס פערלייכטערן די בעלאגערונג פון א פעסטונג.

די גריכישע געדונגענע סאלדאטען האבען צוערשט געוויזען א וועג, ווי מען קאן אריינדרינגען אין טיעף אזיען. קסענאפאן, א תלמיד פון סאקראטעס, האט אונז איבערגעלאזען א בוך (אנאבאזיס) וועגען די 10 טויזענד גריכען, וואס זענען אריינגעדרונגען אין טיעף אזיען און וואס האבען פערשטאנען, נאך א גרויסער ניעדערלאגע, זיך ארויסצוקלויבען

צוריק פֿון לאַנד צו די ברעגען פֿון גריכֿענלאַנד, בעווייזענדיג אויף איט-ליכֿען טריט גבורות און אַ גרויסען שכל אין קריעגס-זאַכֿען.

---

זיעבענטעס קאַפּיטעל.

## מאקעדאניען. גריכענלאנד געהט-אונטער. אלעקסאנדער מוקדון.

אין דער צייט, וואָס גריכֿענלאַנד האָט פֿערגאָסען איהר בלוט אין דעם פּעלאָפּאָנעזישען קריעג, איז אין צפון פֿון באַלקאַנ-האַלב-אינזעל אויסגעוואַכֿסען אַ נייע מיליטערישע מאַכֿט, — מאַקעדאָניען. צוערשט האָ-בען די מאַקעדאָניער זיך געלערנט ביי די גריכֿען, אָבער ביסלעכֿוויז זענען זיי אויסגעוואַכֿסען און האָבען נאָך בעקומען אַ בעסערען חיל, ווי די גריכֿען אַליין. מאַקעדאָניער, וואָס זענען אויך געווען אַ גריכֿישער אָבשטאַם (שבט) נאָר פֿערווילדעטע, אָהן האַנדעל, אָהן מלאכות, אָהן קולטור — האָבען שטענדיג געהאַט צו טהון מיט די ווילדע בערג-פֿעלקער, וועלכֿע פֿלעגען מאַכֿען אויף זיי אָפטע אָנפֿאַלען. זיי זענען דערום געווען אויסגעצייכֿענטע פֿערהאַרטעוועטע קריעגער און גוטע יעגער. ס׳איז געווען ביי זיי אַ מנהג, נישט צוצולאָזען צו אַ גרויסער מאָהלצייט אַ יונגען מאַן, וואָס האָט נאָך קיינמאָל נישט גע׳הרג׳עט אַ ווילדען וואַלד-חזיר. ווער עס האָט נאָך אין זיין לעבען נישט דער-הרג׳עט קיין שונא, האָט געמוזט טראָגען אַלס שאַנדפֿלעק אַ שטריק אויפ׳ן האַלז.



בילד 29, אַ מאַקעדאָנישער רײטער, (מען רעכֿענט, אַז דאָס איז אלעקסאנדער מוקדון)

דער מאַקעדאָנישער קעניג פֿיליפּ האָט איבערגענומען בּיי די גריכען זייער גאַנצע קריעגס-קונסט. אין דער יוגענד האָט מען איהם געהאַלטען אין גריכענלאַנד פֿאַר אַ משכּון געגען מאַקעדאָניען, און זייענדיג בּיי די גריכען, האָט ער אויסגעלערנט דאָס בּעסטע פֿון זיי. און בּעת די גריכּישע שטעדט זענען שוין מיט דער צייט געוואָרען פֿערווייכליכט און האָבּען שוין געהאַלטען געדונגענע סאָלדאַטען, — איז געקומען אויף זיי אָט דאָס נייע פֿרישע פֿאָלק אַנ'אָבגעהאַרטעוועטעס און מיט אַלע גריכּישע ידיעות אין מלחמה-קונסט.

צו יענער צייט האָט געלעבּט דער גרויסער רעדנער (רהעטאָר) אין גריכענלאַנד דעמאָסטהענעס, וואָס האָט גערופֿען די שטעדט אַז זיי זאָלען מאַכען אַנ'אַלגעמיינעם בּונד, אָבּער די רעד זענען שוין געקומען צו שפּעט. די שטעדט האָבּען נישט געלעבּט בּשלום צווישען זיך, און פֿיליפּ האָט אין אַ קורצע צייט בּעצוואונגען גאַנץ גריכענלאַנד און מאַקעדאָניען איז געוואָרען דער אויבּערהאַר פֿון אַלע גריכּישע שטעדט.

## אַלעקסאַנדער מוקדון (336—323 פֿ. א. צייט-רעכ.).

זיין זוהן אַלעקסאַנדער מוקדון, דער גרויסער, האָט פֿאָרטגעזעצט די אַרבּייט פֿון פֿאָטער.

אויך ער האָט אויפֿגענומען אין זיך די גאַנצע גריכּישע קולטור. ער איז געווען אַ תּלמיד פֿון גרויסען גריכּישען פֿיליזאָף אַריסטאָטעלעס, און האָט די דאָזיגע קולטור זעהר הויך געשעצט.

אַלעקסאַנדער דער גרויסער, וואָס האָט שוין געהאַט אונטער זיך אַלע גריכּישע קריעגער, האָט זיך נישט בּעגנוגענט מיט גריכענלאַנד אַליין. ער איז איינגעדרונגען אין אַזיען, בּעזיעגט די פּערסער, די




2) בּראָנזענע קוילען, אונטען די אויפֿשריפֿט: „טרעף ווי געהעריג".



בּילד 30, 1) אַ גריכּישע קאַטאַפּולטא (אַ בּעלאַגערונגס-מאַשינע), וואָס וואַרפֿט שטיינער און בּראָנזענע קוילען.

עגיפּטען און איז דערגאַנגען ביז אינדיען, וואָס ער האָט אויך בעזיעגט. אַלעקסאַנדער איז אויך געווען אין סיריען. 332 האָט זיך איהם פּאַלעסטינא אונטערגעגעבען, און אין דער יודישער ווי קריסטליכער געשיכטע זענען דאָ הונדערטער לעגענדען וועגען איהם. אומעדום, וואו ער איז איינגעדרונגען, האָט ער געבויט נייע שטעדט, בעזעצט זיי מיט גריכען און פערגריכישט די קולטור פון די איינגענומענע פעלקער. די בעריהמטעסטע פון אַלעקסאַנדער'ס נייע שטעדט איז אין מצרים די האַנדעלס-שטאָדט אַלעקסאַנדריען, וואָס איז נאָך היינט אויך איינער פון די גרעסטע האַנדעלס-צענטרען אין מצרים און וואָס האָט אין דער געשיכטע שטענדיג געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע.

אַלעקסאַנדער דער גרויסער איז געשטאָרבען יונג, 32 יאָהר אַלט, און זיין גרויסע מלוכה איז צופאַלען אויף פיער מלוכות. אָבער זיינע שפּורען זענען געבליבען אויף דורות, דען אומעדום, וואו אַלעקסאַנדער'ס פוס האָט געטראָטען, האָט ער איבערגעלאָזען שטאַרקע סמנים פון דער גריכישער קולטור. כמעט קיינער פאַר איהם האָט נישט אַזוי פערגריכישט די דאַמאָלדיגע קולטורעלע וועלט, ווי אַלעקסאַנדער מוקדון. צוגלייך אָבער האָבען אַלעקסאַנדער'ס קריעגען צוזאַמענגעפיהרט דעם גריכען מיט דער וועלט פון די הויכגעבילדעטע אזיאַטען. און צוליעב דעם האָט זיך בעקומען עפּעס אַ נייע הרכבה (זינטעס), אַ צוזאַמענשטעלונג צווישען דער גריכישער און דער מזרח-קולטור. די דאָזיגע גריכיש-אָריענטאַלישע קולטור רופט מען העלעניזם.

נאָך אַלעקסאַנדער'ס טויט איז מאַקעדאָניען געבליבען אַ מאָנאַרכיע אליין פאַר זיך, וואָס האָט געהאַלטען אין די הענד גאַנץ גריכענלאַנד. אין דריטען יאָהרהונדערט פ. א. צ. האָבען די גריכען געמאַכט אָפּט בונדען צווישען די שטעדט, פטור צו ווערען פון מאַקעדאָניענס יאָך, נאָר דאָס האָט זיך קיינמאָל נישט איינגעגעבען. ביי מאַקעדאָניען איז געבליבען די אויבערמאַכט איבער גאַנץ גריכענלאַנד, ביז די רוימער האָבען נישט בעזיעגט מאַקעדאָניען צוזאַמען מיט די גריכישע שטעדט.

אזיען האָט צוגענומען איינער פון אַלעקסאַנדער'ס פעלדמאַרשאַלען, סעלעיקעס, וואָס האָט פאָרטגעזעצט אַלעקסאַנדער'ס פּאָליטיק צו פערגריכישען דאָס לאַנד און צו בויען נייע שטעדט. צו יענער צייט איז זיין ניי-געבויטע שטאָדט אַנטיאָכיע געוואָרען דער צענטער פון גריכען און מאַקעדאָנער. שפּעטער איז די מאַכט פון די סעלעיקידען צופאַלען.

אַנטיאָכיע איז געוואָרען אַליין אַ מלוכה. צו דער צייט פֿון די חשמונאים האָבען יודען געהאַט שטאַרק צו ליידען פֿון אַנטיאָכיע, וואָס האָט שטאַרק דורכגעפֿיהרט די גריכישע פּאָליטיק פֿון אַלעקסאַנדער׳ען.

חוץ דער מלוכה אַנטיאָכיע, האָט זיך ביים טייך פרת געגרינדעט אין דריטען יאָהר־הונ. פ. א. צ. אַ נייע מלוכה, די אַרמענישע. אין מזרח־זייט, פֿון פרת ביז צום אינדוס, האָט זיך געבילדעט די מלוכה פֿון די פּאַרטהענער, א. א. וו.

מצרים איז געבליעבען אין די הענד פֿון דער פּטאָלמעער דינאַסטיע. דאָ האָט זיך די גריכישע (העלענישע) קולטור נאָך גלענצענדער ענטוויקעלט הויפּטזעכליך אין אַלעקסאַנדריען; אין דער שטאָדט האָבען געוואָהנט אַלע מעגליכע פֿעלקער (אַנ׳ערך 500,000 מענשען), און זי איז געוואָרען דער שמעלץ־טאָפּ פֿאַר דער גריכישער קולטור. אויך יודען האָבען געהאַט דאָרט זייער קוואַרטאַל, מיט אַ גרויסאַרטיגער שוהל. די פּטאָלמעער האָבען ענטוויקעלט שטאַרק דעם האַנדעל, געשטיצט די קונסט און די וויסענשאַפֿט. צו דער צייט פֿון די פּטאָלמעער איז געוואָרען צוערשט איבערזעצט אונזער תנ״ך אויף די גריכישע שפּראַך (תּרגום השבעים — סעפּטואַגינטאַ). אַלעקסאַנדריען האָט געהאַט די גרעסטע וועלט־ביבליאָטעק מיט 700,000 מאַנוסקריפּטען אויף אַלע שפּראַכען פֿון דער וועלט. נאָר דער איינפֿלוס פֿון די גריכען אויפ׳ן פֿאָלק איז געוועזען שטאַרקער אין אַזיען ווי אין מצרים, חוץ אַלעקסאַנדריען. בכלל איז אַלעקסאַנדריען געוואָרען די הויפּטשטאָדט פֿון גריכענטום (העלעניזם), אָבער די פּטאָלמעער האָבען אויך שטאַרק געשעצט זייער אייגענע פֿערגאַנגענהייט און די איינוואָהנער אין מצרים האָבען נישט נאָר איבערגענומען דאָס גריכישע, נאָר האָבען אויך שטאַרק געווירקט אויף די גריכען מיט זייער אייגענער אַלטער און טיעפֿער קולטור.

---

אַכטעס קאַפּיטעל.

## שפּראַך, וויסענשאַפֿט, קונסט, רעליגיאָן, מאָראַל און פֿילאָזאָפֿיע אין די יאָהרען 400—100 פ. א. צייט־רעכ.

די גריכישע שפּראַך איז געוואָרען, ווי אַ מאָל אין מזרח — חאַלדעאיש (בבל־שפּראַך), און ווי היינט אין אייראָפּאַ — פֿראַנצויזיש — די שפּראַך פֿון אַלע געבילדעטע אין וויטעסטען מזרח. אפֿילו די יודען אין

אַלעקסאַנדריען האָבען גערעדט גריכיש. די עגיפּטישע און חאַלדעאישע כהנים (פּריסטער) האָבען געשריעבען די געשיכטע פון זייער פאָלק אויף גריכיש.

די גריכישע געלעהרטע זענען אין דער צייט שטאַרק אויסגעוואַכסען בנוגע צו דער וויסענשאַפט. די געאָגראַפען האָבען געפּרובט געבען אַ גענויע בעשרייבונג פון דער ערד־אויבערפלאַך. די פאָרשטעלונג פון דער ערד־אויבערפלאַך איז ביי די גריכען געוואָרען אפשר פינף מאָל אַזוי ברייט, ווי פאַר דעם גריכיש־פּערסישען קריעג. גריכישע ים־רייזענדער זענען דערפאָהרען ביז צו מאַדאַגאַסקאַר, ביז אינדאָ־חינא און ביז צו חינא גופא. דעם וועג אין חינא „אינ'ם לאַנד פון זייד” האָט מען גע־קענט סיי פון דער יבשה סיי פון ים.

די גריכען האָבען שוין געקענט כמעט די העלפט פון דער אַל־טער וועלט. די גריכישע געלעהרטע האָבען אויך שוין געהאַט די השערה, אַז די וועלט איז קיילעכדיג, און דער אַסטראָנאָם אַריסטאַרך (250 פ. א. צ.) האָט שוין זיך דערוועגט צו זאָגען, אַז די ערד און די פּלאַנעטען בעוועגען זיך אַרום דער זון, מיט אַן ערך 17 הונדערט יאָהר פאַר קאָפּערניקוס'ען. 150 פ. א. צ. האָט געלעבט פּטאָלמעאוס, וואָס האָט שוין געגעבען אַ פאָלקאָמענעם בילד פון די פּלאַנעטען און דער זון. זיין לעהרע האָט זיך געהאַלטען אַנדערטהאַלבען טויזענד יאָהר ביז 1500 נאָך אונזער צייט־רעכנונג.

אויך די געשיכטס־וויסענשאַפט האָט זיך שטאַרק ענטוויקעלט צוליעב טהוקידידעס, וואָס האָט בעשריבען דעם פּעלאָפּאָנעזישען קריעג און איז געווען נאָך העראָדאָטען דער גרעסטער היסטאָריקער פון גריכענלאַנד.

צווישען די פילאָזאָפען האָבען זיך אויסגעצייכענט סאָקראַטעס, פּלאַטאָ און אַריסטאָטעלעס, וואָס האָבען בעהערשט מיט זייערע גע־דאַנקען די גאַנצע געבילדעטע וועלט פון אייראָפּא און אַזיען ביז צום 1500־טען יאָהר נ. א. צ. הויפּטזעכליך, אַריסטאָטעלעס. אויך די מאָראַל איז געוואָרען אַ העכערע און האָט זיך שוין דערהויבען צו דער מאָראַל פון מאַנכע מזרח־פעלקער. אַ גרויסען איינפלוס האָבען אין דער היגזיכט געהאַט אויך די יודען, מיט פילאָן דעם אַלעקסאַנדרי־נער (ידידיה האלקסנדרוני) אָן דער שפּיץ.

מען האָט שוין נישט געמאַכט קיין חילוק צווישען גריכען און נישט ריכען. אַלע מענשען זענען געווען גלייך, ווען זיי זענען נאָר געווען

געבילדעט און האָבען פערשטאַנען די הויכע געדאַנקען פון די געלעהרטע און די פילאָזאָפען. דער פילאָזאָף עפיקור (300 פ. א. צ.; דערפון בעהמט זיך דאָס וואָרט אַפּיקורוס) האָט געלערנט זיינע תלמידים, אַז מענשען דאַרף מען אונטערשיידען נישט נאָך זייער אָבשטאַם, נאָר נאָך די מעלות און חסרונות זייערע. אַלע מענשען זענען איין משפחה, און אַז איינער בעפרייט זיין שקלאַף — האָט ער זיך אַליין בעפרייט. נאָך זוייטער דערין זענען דערגאַנגען די סטאָאיקער (אויך אַזאַ פילאָזאָפישע שולע ווי די עפיקורעער). מען האָט שוין מיט אַנדערע אויגען געקוקט אויף אַ שקלאַף און אויף שקלאַפעריי. עס האָבען שוין מעהר געאַרבייט אין די וואַרשטאַטען פרייע מענשען ווי שקלאַפען.

אין דער קונסט האָבען די גריכען נאָך פידיאַס'ען אַרויסגעשטעלט פּראַקסיטעלעס'ען, וואָס צעהלט זיך עד היום פאַר'ן צווייטען נאָך פידיאַס'ען. די קונסט האָט זיך שטאַרק ענטוויקעלט, חאָטש זי האָט שוין אין דער לעצטער צייט נישט געהאַט דעם חאַראַקטער פון דער אַמאָליגער דוהיגקייט. זי איז שוין געוועזען פול מיט ליידענשאַפטען, מיט אַ צו־שטאַר־קער בעוועגונג, און געמאָלט און געשניצט האָט מען שוין נישט בלויז געטער, אָדער בילדער, וואָס האָבען אַ שייכות צו רעליגיע, נאָר אויך סצענעס פון לעבעדיגען לעבען, פון פשוט'ע מענשען, ווי זיי רוהען, שפּיעלען זיך, ליידען און מאַכען זיך לוסטיג.

די גריכען זענען אַריבערגעוואַכסען זייער רעליגיע, זיי האָבען שוין פערשטאַנען דאָס לעכערליכע פון געצענדיענסט. סאָקראַטעס האָט שוין געהאַט די פאָרשטעלונג פון אַן'איינציגען גאָט. די נאָהענטקייט מיט די מזרח־פעלקער האָט געבראַכט דערצו, אַז דער גריך איז געוואָרען אַ מיסטיקער און אַז זיין האַרץ האָט זיך געעפענט פאַר דעם איי־ניגקייטס־געדאַנק, ווי דאָס האָבען צוערשט פערשטאַנען די יודען.

חאָטש די גריכען אַלס מאַכט זענען געפאַלען, נאָר זייער קולטור זייער העלעניזם, זייער וויסענשאַפט זענען אַריינגעדרונגען אין דער גאַנצער דאַמאָלדיגער וועלט און האָבען געהאַט דעם גרעסטען איינפלוס אויף אַלע מזרח־פעלקער, וואָס זענען געקומען נאָך זיי. אויך היינט איז דער איינפלוס פון די גריכען נאָך נישט אויסגעשטאָרבען און „האָ־מער'ס זון לייכט נאָך פאַר אונז אויך".



פערלאַג „יהודיה"

# וועלט־געשיכטע.

צווייטער טייל.

## די אלטע צייט.

II.

## רוים.

בעאַרבייט פון
ד"ר ג. עפּשטיין.



מיט 16 אילוסטראַציעס אין טעקסט.

וואַרשע תר"פ

דרוק ברידער לעווין עפּשטיין פּאַוויע № 38

# אינהאלטס-פערצייכניס.



אין בוך געפֿינען זיך 16 אילוסטראַציעס.


Drukarnia Lewin-Epstein Pawia

# רוים.

## ערשטעם קאפיטעל.

## רוים פון 500—270 פ. א. ציים־רעכנונג.

אין דער צייט, ווען אלעקסאנדער מוקדון האט געהאלטען מלחמה מיט די אזיאטישע פעלקער, האבען די גריכען אנגעהויבען צו רעדען וועגען א נייער מיליטערישער מאכט, וואס וואהנט אין מערב־אייראפא. דאס זענען געוועזען די רוימער אין איטאליען.

### די געאגראפישע לאגע.

איטאליען פערנעהמט די אפענינער האלב־אינזעל, וואס איז לאנג און שמאל. אזוי ווי די באלקאן־האלב־אינזעל, וואו עס האבען זיך פערשפרייט די גריכען — איז איטאליען פון צפון־זייט אבגעטיילט דורך הויכע בערג, דורך די אלפען. דורך דעם גאנצען לאנד ציהען זיך די אפענינער בערג־קייטען. אבער די אינעווענינסטע בערג צוברעקלען נישט אזוי דאס לאנד איטאליען, ווי די בערג אין גריכענלאנד. צו מערב צו פון לאנד געפינען זיך גרויסע שטרעקען פלאך־לאנד, און איטאליען לאזט זיך לייכטער בעפאהרען ווי גריכענלאנד. דארטען קאן מען אויך זיך לייכטער בעשעפטיגען מיט אקערבוי. דאס לאנד האט דעריבער געקאנט שפייזען אסך מעהר מענשען, ווי גריכענלאנד, און די היימישע בעפעלקערונג האט נישט געדארפט געהען זוכען קיין פרנסה איבער די ימים אין פרעמדע לענדער, ווי די גריכען.

איבריגענס, דער ים אין איטאליען איז נישט אזא גינסטיגער, ווי אין גריכענלאנד. אין מזרח־זייט איז דער אדריאטישער ים א שטורמיגער, עס איז נישט צוצוקומען צו זיינע ברעגען, קיין נאטירליכע האפענס, ווי אין גריכענלאנד, זענען ביי איהם נישטא. די ברעגען פון מערב־ים (דער טירענער ים) און בעזונדערס פון דעם טארענטער אויסגוס זענען שוין גינסטיגער אביסעל. זיי האבען עטליכע גוטע בוכטען. צו מערב־צו ליעגען די אינזלען סיציליען, סארדיניען און קארסיקא. צו די מערב־ברעגען פון איטאליען האבען צוערשט אנגעהויבען פאהרען די גריכען און די פעניציער. פון דער אייגענער זייט האבען אויך גענומען

אַרויספֿאָהרען די ערשטע איינוואָהנער פֿון לאַנד, ווען זיי האָבען אָנגעהויבען בעצווינגען דעם ים. דערום קאָן מען זאָגען, אַז איטאַליען קוקט שטענדיג אויף מערב-זייט, ווי גריכענלאַנד האָט שטענדיג געצויגען צו דער מזרח-זייט.

די גריכען האָבען בעקומען זייערע ידיעות וועגען אַלערליי סחורות פֿון מורח, און זיי האָבען זיך מעהר בעזעצט און פֿערשפּרייט אין מזרח-צו פֿון זייער פֿאָטערלאַנד. די איינוואָהנער אין איטאַליען זענען געווען מעהר פֿעראינטערעסירט מיט די לענדער, וואָס ליעגען אין מערב-זייט פֿון איטאַליען, (מיט דעם היינטיגען שפּאַניען, דעם איצטיגען פֿראַנקרייך, מיט אלזשיר און טונים).

איטאַליען איז ביי היינטיגער צייט אָרעם אין וועלדער; דער קלימאַט איז אַ טרוקענער. די הויפּט-פּלאַנצען וואָס וואַקסען דאָרט זענען: וויינטרויבען, רייז, מאַאיס, דרום-פֿרוכטען, צוקעררואָהר, פּאַלמען. — חוץ דעם ווייַן, זענען פֿאַרצייטען נישט געווען די דערמאָהנטע פּלאַנצען. מען האָט זיי שפּעטער אַריבערגעפֿלאַנצט פֿון אַנדערע לענדער. דאָס האָט מען צו פֿערדאַנקען די אַראַבער.

פֿאַר צוויי טויזענד יאָהר צוריק, צו דער צייט פֿון די רוימער, האָט איטאַליען געהאַט גאָר אַנ'אַנדער פּנים. די הויפּט-פּלאַנצען זענען בעשטאַנען פֿון אייראָפּעאישע תבואות. מעהר פֿאַר אַלץ האָט מען געזייהט ווייץ, נישט גערשטען, ווי מען טהוט דאָס נאָך ביז היינט אין די צפֿון-לענדער פֿון אייראָפּאַ. וועלדער זענען געווען אַ סך, און דער קלימאַט איז געווען פֿייכטער און קעלטער ווי היינט.

איטאַליען האָט אויך געהאַט מעהר טייכען ווי גריכענלאַנד. צוליעב די טייכען געפֿינען זיך צום ים צו אַ סך זומפּען, וואָס פֿלעגען מאַכען אונמעגליך זיך צו בעזעצען נאָהנט פֿון ים. די בעפֿעלקערונג האָט דערום געוואָהנט אויף בערגלעך און פֿלעגט בויען די דערפֿער אויף הויכע ערטער.

איטאַליען צוטיילט זיך אויף דריי געאָגראַפֿישע טיילען: אויף אויבער-איטאַליען, מיטעל-איטאַליען און דרום-איטאַליען.

## רוים.

אין מיטעל-איטאַליען האָבען געוואָהנט די לאַטיינער. זיי זענען געווען אַקערבויער און פֿיהציכטער. זייערע גרויסע דערפֿער זענען געווען אַרומגערינגעלט מיט פֿעסטונגס-בערגלעך. זייער גרעסטעס דאָרף איז געווען

רוים ביים טײַך טיבער. אין רוים פֿלעגען קומען האַנדלען די פֿעניציער און די גריכען, דעריבער האָט דאָס דאָרף גענומען אַלץ מעהר וואַקסען און האָט בעקומען די איבערהאַנד איבער אַנדערע דערפֿער. שפּעטער האָט זיך די גאַנצע בעפֿעלקערונג פֿון מיטעל-איטאַליען אַ נאָמען געגעבען רוימער, און פֿון דעם שבט לאַטײַנער איז נאָר געבליעבען דער זכר, וואָס מען רופֿט די רוימישע שפּראַך — לאַטײַניש.

די רוימער זענען בכלל נישט געווען עהנליך צו די גריכען. אַלע זייערע מנהגים זענען געווען אײַנפֿאַכער און שטרענגער. אַ צײַט לאַנג האָט זיך נאָך בײַ זיי געהאַלטען דער מנהג מקריב צו זײַן מענשליכע קרבנות. דער פֿאָטער האָט געהאַט אין דער פֿאַמיליע די גאַנצע מאַכט. ווייב און קינדער צוזאַמען מיט זיינע שקלאַפֿען און בהמות האָבען זיך גערעכענט פֿאַר זײַן האָב און גוטס. ער האָט געמעגט טהון מיט זיי, וואָס ער האָט געוואָלט.

דער האַרבער, שטרענגער כאַראַקטער פֿון די רוימער ווײַזט זיך אַרויס אין זייערע לעגענדען. די מעשה דערצעהלט, ווי דער הויפּט-קאָמאַנדיר פֿון רוימישען חיל האָט געהײַסען הרג'ענען זײַן אייגענעם זוהן דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיך געשלאָגען מיט'ן שונא, אָהן דעם בעפֿעהל פֿון קאָמאַנדיר. אײדער זיך אָבצוזאָגען פֿון דער דיסציפּלין אין דער אַרמעע, האָט ער בעסער מקריב געווען דאָס לעבען פֿון אײַגענעם זוהן. כאַראַקטעריסטיש איז אויך די לעגענדע וועגען דער גרינדונג פֿון דער שטאָדט רוים. צוויי ברידער, ראָם און ראָמולוס, וואָס זענען געוואָרען אויסגעהאָדעוועט פֿון אַ וועלפֿין, האָבען דערנאָך געבויעט די שטאָדט רוים. די שטאָדט איז געבויעט אויף בלוט, די ברידער האָבען זיך צוקריעגט דערנאָך, און אײַנער פֿון זיי האָט דער'הרג'עט דעם אַנדערן.

## רעליגיע.

די רוימער האָבען געהאַט די אײַגענע געטער, וואָס די גריכען. זייער יופּיטער איז דאָס אײַגענע, וואָס בײַ די גריכען צעאוס. יונאָ איז בײַ זיי די גריכישע הערא, דער גריכישער ים-גאָט פּאָסײַדאָן — הײַסט בײ זיי נעפּטון, די גריכישע אַפֿראָדיטע — ווענוס א. ז. וו. נאָר די געטער אַפּאָללאָן און דיאַנוס זענען געקומען צו די רוימער שפּעטער ווי די אַנדערע. אָבער אויך בנוגע צו די געטער זענען די רוימער געווען אַנדערש, ווי די גריכען. די גריכען האָבען זיך פֿאָרגעשטעלט די געטער ווי שענע הויך-ערהאַבענע מענשען מיט אַלע

פרטים; די רוימער האַנגען האָבען געהאַט אַ פֿאָרשטעלונג וועגען זיי נישט ווי פֿון מענשען, נאָר ווי פֿון געוויסע קרעפֿטען אין דער נאַטור, וואָס האָבען נישט קיין בילד און געשטאַלט. די רוימער האָבען געגלויבט, אַז צווישען די מענשען און די געטער איז דאָ אַ מין אָבמאַך, און ווען מען איז ממלא דעם אָבמאַך, מוזען די געטער אויך האַלטען וואָרט.

איטליכע אונטערנעהמונג בײַ די רוימער פֿלעגט זיך אָנהויבען דערמיט, וואָס מען פֿלעגט פּרובען טרעפֿען דעם ווילען פֿון די געטער. מען פֿלעגט מאַכען אַ צלם אויף דער ערד. דער כּהן פֿלעגט זיך שטעלען אויפֿ'ן פּונקט, וואו עס שנײַדען זיך די פּאַסען פֿון צלם, און פֿלעגט קוקען אויף לינקס און רעכטס, אויף דער ערד און אויפֿ'ן הימעל. אַלע סימנים פֿון רעכטס האָט מען געהאַלטען פֿאַר שלעכטע, פֿון לינקס — פֿאַר גוטע, און ווען די צײַכענס אויף רעכטס פֿלעגען זײַן מעהר ווי אויף לינקס, פֿלעגט מען זיך צוגעהען אַהײם, דען די געטער זענען קעגען דער אונטערנעהמונג.

## די פֿערוואַלטונג.

אין דער אינעווייניגסטער פֿערוואַלטונג זענען די רוימער געווען פּונקט אַזוי שטרענג, ווי אין דערהיים בײַ זיך אין דער פֿאַמיליע. אַלע יאָהר פֿלעגט מען אויסקלויבען צוויי קאָנסולען, וואָס האָבען געהאַט אַ גרויסע מאַכט. זיי זענען געווען די ערשטע לײַט, וואָס האָבען געפֿיהרט די שטאָדטיגע עסקים, וואָס זענען געווען אין מלחמה־צײַט די אויבערשטע פֿון חיל און וואָס האָבען זיך געצעהלט צו די הויפּט־שופֿטים בײַ איטליכען משפּט. זייערע געהילפֿען האָט מען גערופֿען ליקטאָרען. די בירגער פֿלעגען אויפֿ'ן אייגענעם חשבּון זיך מאַכען גרייט צום קריעג, איטליכער לויט זײַן פֿערמעגען. די ערשטע קלאַס, וואו עס זענען געווען די רײַכסטע לײַט, פֿלעגט בעזאָרגען אין מלחמה־צײַט די רײַטער־חיל. די, וואָס האָבען גאָר נישט פֿערמאָגט, פֿלעגען געהן אין קריעג אַלס מוזיקאַנטען, אַלס בעלי־מלאכות. ווען אַ בירגער איז נישט געווען עהרליך, אָדער גלאַט אַזוי אַ בוזי, פֿלעגט מען איהם אויסשליסען פֿון דער אַרמעע און ער האָט נישט געהאַט דאָס רעכט מיטצורײַדען אויף די אספֿות פֿון די כאָלדאַטען. דערבײַ פֿלעגט ער צאָהלען שטראָף־געלד צום נוצען פֿון דער אַרמעע.

חוץ די קאָנסולען איז נאָך געווען אין רוים אַ סענאַט (דער ראַט פֿון די זקנים). בײַ זעהר וויכטיגע אַנגעלעגענהײַטען, למשל, בײַ אַ קריעג, אָדער

ווען מען האָט געדאַרפט אויסקלויבען קאָנסולען, פלעגען ווערען צונויפגע-
רופען אויף אַנ׳אַסיפה אַלע מיליטער-פפליכטיגע בירגער. די דאָזיגע פאָלקס-
פערזאַמלונג האָט נישט געהאַט דעם חאַראַקטער פון דער גריכישער. דער
קול פון אַ קריעגס-שופר פלעגט צונויפרופען די בירגער. מען פלעגט זיך
צונויפקלויבען אויפ׳ן מאַרס-פעלד, דאָס הייסט אויפ׳ן פלאַץ פון די מילי-
טערישע איבונגען. די בירגער פלעגען קומען אין פולען וואַפען און פלעגען
זיך אויסשטעלען ראָטעסווייז, איטליכע ראָטע מיט איהר אָבצייכען און מיט
איהר ראָטניק פאָראויס. קיין גרויסע דרשות פלעגט מען נישט האַלטען.
דער קאָנסול פלעגט שטעלען די פראַגען, און מען פלעגט קורץ ענטפערען
„יאָ" אָדער „ניין". ביי די וואַהלען איז געווען אַ מנהג צו לאָזען דורכגעהן
איטליכע ראָטע דורך אַ בעזונדער בריקעל צו אַ בעזונדערער טהיר. אויפ׳ן
בריקעל פלעגט איטליכע ראָטע הויך מודיע זיין, פאַר וועמען זי שטימט.
צוערשט פלעגען אָבגעבען די שטימען די ראָטעס פון די בעסער בעוואָ-
פענטע. ווען זיי זענען געווען בעשלאָסען ביי זיך, פלעגט מען שוין ביי
די אַנדערע ראָטעס נישט פערלאַנגען זייערע שטימען. די רוימישע חילים
האָבען געהאַט אַ גרויסע ממשלה איבער זיך. זיי פלעגען אַליין אויסקלויבען
פאַר זיך פיהרער פון קאָמאַנדיר ביז צום פעלדמאַרשאַל.

## פאַטריציער און פלעבעער.

אָנפאַנגס האָבען געהערשט אין רוים די פאַטריציער, דאָס הייסט
די יחסנ׳ישע רייכע משפחות. זיי זענען געווען אַרומגערינגעלט פון קליינע
אָרעמע מענשען, וואָס זענען געווען פון זיי אָבהענגיג, אָדער, וואָס האָבען
זיך אַליין אָבגעגעבען אין זייער שוץ. פון זיי פלעגט מען אויסקלויבען
קאָנסולען און כהנים. נור די אַרמעע איז הויפטזעכליך בעשטאַנען פון
פויערן, לאַנד-אַרבייטער, און זיי פלעגט מען רופען פלעבעער.

צווישען די פאַטריציער און פלעבעער איז שטענדי׳ג געווען אַ קאַמפף.
די פלעבעער האָבען גענומען אַרויסשטעלען פון זייער צד שתדלנים, פיהרער,
וואָס האָבען געהייסען טריבונען. אַט די דאָזיגע פערטיידיגער פון
פראָסטען פאָלק פלעגען זיך אַריינמישען יעדעס מאָל, ווען עס פלעגט
פאָרקומען אַ שטרייט צווישען די קאָנסולען און דעם פאָלק. קומט אַ ליק-
טאָר און אַרעסטירט עמיצען — מישט זיך אַריין דער טריבון און רייסט
אַרויס מיט געוואַלט דעם אַרעסטאַנט פון ליקטאָרס הענד. די פאַטריציער
האָבען, נישטוועלענדיג, זיך געמוזט רעכענען מיט די דאָזיגע טריבונען, וואָס
די פלעבעער האָבען אַרויסגעשטעלט. ווען דאָס פאָלק איז געווען נישט

צופֿריעדען, איז שמענדיג געווען לייכטער צו פֿיהרען עסקים מיט עטליכע זיינע פֿערטרעטער, איידער מיט אַ המון מענשען. דערום האָט מען די פּלע-בעער געגעבען דאָס רעכט יעהרליך אויסצוקלויבען צעהן טריבונען פֿון זיך. די טריבונען האָבען פֿון זייער זייט אָנגעהויבען צו אָרגאַניזירען דאָס פֿאָלק אין בעזונדערע פֿערזאַמלונגען. און די דאָזיגע פֿערזאַמלונגען פֿלעגען זיך שוין נישט פֿערזאַמלען ראַטעסווייז, נאָר דערפֿערוויַיז. ווען אַ פּלע-בעאישע פֿערזאַמלונג פֿלעגט עפּעס בעשליעסען צווישען זיך, פֿלעגען זיך שוין מוזען דערמיט רעכענען סיי דער סענאַט, סיי די קאָנסולען. די טרי-בונען האָבען געהאַט צוטריט אין סענאַט, וואו זיי פֿלעגען איבערגעבען די בעשלוסען פֿון פֿאָלק.

די מאַכט פֿון די טריבונען איז אַלץ מעהר געשטיגען. אַסך פֿון זיי האָבען שוין געשטרעבט צו ווערען אויסגעקליעבען אַלס קאָנסולען און כהנים. די פּאַטריציער האָבען אַ צייט לאַנג נישט געוואָלט צולאָזען מענשען אָהן יחוס צו אַזוינע הויכע שטעלען. הויפּטזעכליך האָבען זיי נישט גע-וואָלט דערלאָזען, אַז עמיצער פֿון די טריבונען זאָל פֿערנעהמען די שטעל פֿון אַ כהן. דעם קונץ צו טרעפֿען דעם ווילען פֿון די געטער האָט מען געהאַלטען פֿאַר אַ הייליגען סוד און מען האָט איהם בשום אופן נישט גע-וואָלט ענטדעקען פֿאַר פּראָסטע מענשען. די פֿאָלקס-פֿערזאַמלונגען זענען געווען פֿון די כהנים שטאַרק אָבהענגיג. די כהנים פֿלעגען קענען געפֿינען אַזוינע סמנים, אַז די פֿערזאַמלונג זאָל אָבגעלעגט ווערען אויף אַנ׳אַנדער טאָג, ווען די פֿויערן קענען נישט קומען פֿון דאָרף צוליעב דער פֿעלד-אַרבייט. זיי האָבען געקענט ערקלערען דעם פֿאָלק, אַז דער, וואָס איז אויסגעקליעבען (און וואָס פּאַסט נישט פֿאַר דער פּאַטריציער-פּאָליטיק), גע-פֿעלט נישט די געטער, און די וואַהל פֿלעגט דערום בטול ווערען. נאָר נישט קוקענדיג אויף אַלעם דעם, האָט מען אַלץ עפֿטער און עפֿטער גענו-מען קלויבען פֿון די טריבונען קאָנסולען און כהנים. דעם סוד פֿון טרע-פֿעניש האָט מען געמוזט סוף כל סוף ענטפּלעקען די פּלעבעער, און דאָס האָט פּאַסירט 300 יאָהר פֿ. א. צ. אָנגעזעהענע רייכע פּלעבעער, וואָס האָ-בען פֿערנומען גרויסע שטעלען, האָבען שוין דערנאָך אויך אָנגעהויבען צו-נויפֿקלויבען אַרום זיך זייער משפּחה און זיך אַרומרינגלען מיט מענשען, וואָס זענען פֿון זיי אָבהענגיג. די טאַטעס פֿון אַזוינע משפּחות פֿלעגען שוין ווערען סענאַטאָרען צוזאַמען מיט די פּאַטריציער. צו די אַלטע פּאַטריציער-פֿאַמיליען זענען צוגעקומען נייע רייכע פּלעבעאישע. די רוימישע מלוכה האָט זיך אָפּגערופען די רעפּובליק פֿון די רוימער, אָבער

סוף כּל סוף האָבּען די גאַנצע ממשלה געהאַט אין די הענד עטליכע פּאַמיליעס, עטליכע אַלטע פּאַטריצישע און עטליכע נײַע גרויס-געוואָרענע פּלעבּעאישע.

די מלחמות אין איטאַליען בּיז 300 פּ. א. צײַט-רעכנונג.

די מעהרצאָהל פון די פּויערן, פירהרענדיג אַ קאַמפּף מיט די פּאַטריציער, האָבּען גאָר נישט געהאַט אַזאַ חשק צו די גרויסע שטעלען אין דער מלוכה. זיי האָבּען נאָר געוואָלט האָבּען מעהר ערד, וואָס איז בּעזונדערס קנאַפּ געווען פאַר פּויערן מיט אַ סך קינדער. דערום האָט מען געמוזט זעהען, וואָס מעהר ערד צו בּעקומען. מעהר פאַר אַלץ האָבּען די רוימער חשק בּעקומען צו פערנעהמען דעם שכנ'ישען פּאַס ערד בּײַ'ם ים מיט'ן נאָמען קאַמפּאַניע, וואָס איז די פעטסטע ערד אין גאַנץ איטאַליען.

נאָר אויך די אַנדערע שבטים אין איטאַליען האָבּען זיך פערמעהרט אין דער בּעפעלקערונג און האָבּען אויך געמאַכט נײַע פּלעצער פאַר זיך. די רוימער האָבּען דערום געמוזט פירהרען לאַנגע עקשנות'דיגע מלחמות. בּעזונדערס האָט זיך שטאַרק פערטיידיגט דאָס בּערג-פאָלק, די סאַמניטער אין דרום-איטאַליען, וואָס זענען געווען אַ בּעגאַבּט און ענערגיש פאָלק. די מלחמות האָבּען זיך געצויגען אָהן אַ סוף. פון בּיידע זײַטען פלעגען יאָהר-יעהרליך זיך קומען שלאָגען די פּויערן, וואָס זענען צוגלייך געווען גוטע סאָלדאַטען. די זיעגער האָבּען זיך בּיסלעכווייז, גאַנץ לאַנגזאַם פערהאַפּט איין פּלאַץ נאָכ'ן אַנדערן. דאָס זענען נישט געווען קיין ריכטיגע מלחמות, נאָר אַנ'אָנפאַל, וואָס פלעגט געדויערן עטליכע וואָכען, אין דער צײַט, ווען מען איז פריי פון דער פעלד-אַרבּייט. ווי נור עס פלעגט זיך ענדיגען דער אָנפאַל, פלעגט דער היינטיגער סאָלדאַט אויף מאָרגען ווידער ווערען אַ רוהיגער פּויער און פעלד-אַרבּייטער. די דאָזיגע סאָלדאַטען פלעגט די מלוכה גאָר נישט צאָהלען. מאַנכמאָל פלעגט מען נאָך בּײַ זיי נעהמען צו שטייער פאַר'ן צופירהרען בּעלאַגערונגס-אינסטרומענטען און פּראָוויאַנט. ווען דער אָנפאַל פלעגט זיך גוט ענדיגען און מען פלעגט חאַפּען אַ סך רויב, פלעגט מען דאָס צוטיילען צווישען זיך. ווען מען פלעגט דאַרפען אָבּראַטעווען רוים אָדער צונויפקלויבּען אַ גרויס חיל און די לעצטע קרעפטען געגען אַ געפעהרליכען שונא, פלעגען די רוימער וועהלען אַ געניטען פירהרער, אַ דיקטאַטאָר, וואָס האָט בּעקומען אויף אַ געוויסע צײַט אַנ'אונבּעגרענצטע מאַכט. בּײַ די רוימער איז געווען אַנ'אייגענאַרטיגער מיליטערישער סדר. זיי פלעגען צוטיילען זייערע פאָלקען (לעגיאָנען) אין מלחמה-צײַט אויף מעהרערע טיילען. איין טייל פלעגט רוהען, ווען דער אַנדערער

פלעגט זיך שלאָגען, און וויבאַלד דער ערשטער טייל פלעגט מאַט ווע-רען — פלעגט איהם שוין פערבייטען דער צווייטער טייל. חוץ דעם, האָבען זיי געהאַט די טבע צו בויען באַלד, וואו זיי האָבען זיך נור אָבגעשטעלט, אַ לאַגער פאַר די סאָלדאַטען. ווען עס איז אויסגעקומען לאַנג צו שטעהען אויף איין אָרט, פלעגט ווערען דער לאַגער בעפעסטיגט, ווי אַן אמת'ע פעסטונג. דער לאַגער פלעגט געבען די סאָלדאַטען אַ מעגליכקייט אויך צו קעמפפען דאַמאָלס, ווען מען האָט זיי אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען. אין דעם בעפעסטיגטען לאַגער איז נישט לייכט געווען צו זיי צוצוקומען. די סאָלדאַטען פלעגען חוץ וואַפען נאָך מיטנעהמען אַלערליי אינסטרומענטען און אָפטמאָל נאָך שפּיציגע פּלעקער. דער רוימישער סאָלדאַטען-דיענסט איז געווען אַ לאַנגער און אַ שווערער. די גריכען וואָלטען קיינמאָל נישט איינגעשטימט אַזוי שווער און לאַנג צו דיענען. ביי די רוימער דאַגעגען האָט זיך דער דיענסט אויסגעצייכענט מיט אַ פעסטער, גוטער דיסציפּלין.


בילד 1. — אַ רוימישער סאָלדאַט אין פולען וואַפען.

## דער בונד.

ביסלעכווייז זענען די בעסערע שטיקער ערד אַריבער צו די רוימער. די בעסטע ערד האָבען זיי צוגענומען פאַר זיך, די ערגערע האָבען זיי איבערגעלאָזען אין די הענד פון די בעזיגטע, וועלכע די רוימער האָבען געצוואונגען צו זיין מיט זיי אין איין בונד. פון די פערבונדענע האָט רוים געפאָדערט דעם אייגענעם מיליטער-דיענסט, ווי פון די אייגענע. דער גאַנצער איטאַליענישער בונד, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער מיליטערישער איבערמאַכט פון רוים, האָט געקענט אַרויסשטעלען אין מלחמה 800 טויזענד מאַן, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ געוואַלטיג גרויסער חיל.


בילד 2. — אַן אָרעמער רוימישער סאָלדאַט, וואָס איז נאָר בעוואָפענט מיט שטיינער צו וואַרפען אין שונא.

די רוימער האָבען זיך נישט געמישט אין דער אינעווייניגסטער פערוואַלטונג פון די אַנדערע פעלקער פון בונד. איטליך בונדס-פאָלק, אָדער בונדס-שטאָדט האָט זיך געהאַט איהרע אייגענע פיהרונגען. נור אין אַלגעמיינע ענינים, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַלע

פֿערבינדענע אָדער וועגען דער הויפּטשטאָדט רוים, פֿלעגען די רוימער אַרויס-
געבען ווייערע בעפֿעהלען די שכנ'ישע פֿעלקער און די שטעדט. וויכטיגע מענ-
שען פֿון די דאָזיגע שטעדט פֿלעגען זײַ זעהען צוצוציהען צו זיך, זיי געבען
דאָס רוימישע בירגעררעכט, ד. ה. זיי ערלויבט צו האַנדלען אָהן
אַ שום אָבצאָהל, צו קומען אין די רוימישע פֿאָלקס-פֿערזאַמלונגען און צו
פֿערנעהמען רוימישע שטעלען.

אמת'ע רוימער זענען געווען וועניגער ווי די בעפֿעלקערונג פֿון די
בונדס-פֿעלקער, דעריבער האָבען די רוימער געפֿיהרט שטענדיג אַזאַ פּאָלי-
טיק, אַז די בונדס-פֿעלקער זאָלען קיינמאָל נישט לעבען בשלום, אַז זײַ זאָלען
זיך נישט קאָנען אַמאָל פֿעראײניגען געגען רוים. divide et impera
ד. ה. צוטייל די מאַכט פֿון אַנדערע און האָב איבער זײַ די ממשלה, —
אָט דאָס איז געווען דער שפּרוך פֿון איטליכען רוימישען פּאָליטיקער. דע-
ריבער האָבען די רוימער די פֿערנומענע שטיקער ערד אַזוי אויסגעמאָסטען,
אַז אומעדום זאָל אַריין אַ שטיק רוימיש ערד אין מיטען צווישען די בע-
זיעגטע פֿעלקער. חוץ דעם האָבען זײַ געבילדעט אין מיטען פֿון די פֿרעמ-
דע ערד-פֿלעצער רוימישע מיליטערישע קאָלאָניעס. די קאָלאָניע
איז געווען אַזאַ מין פֿעסטונג, וואָס האָט אַכטונג געגעבען אויפֿ'ן בעזיעגטען
פֿאָלק און וואָס האָט געדאַרפֿט זײַן אַ שטיצע אין פֿאַל פֿון אַ קריעג
אָדער אַ בונט. צו די קאָלאָניעס פֿלעגען פֿיהרען פֿון רוים עקסטרע מיליטע-
רישע שאָסעען, אויף וועלכע מען האָט געקאָנט גיך ברענגען חיל, וואָפֿען
און צושטעלען שנעלער די פּאָסט. די דאָזיגע שאָסעען זענען נאָך ביז
היינט אַ מוסטער פֿון דער הויכער בוי-קונסט, וואָס האָבען בעזעסען די רוי-
מישע אינזשענערען. ביז צו דער היינטיגער צייט זענען נאָך פֿערבליבען
ערטערווייז די דאָזיגע שאָסעען, וואָס האָבען מעהר ווי טויזענד יאָהר נים
געהאַט קיין שום רעמאָנט.

---

## צווייטעס קאַפּיטעל.

## רוים אין דער צייט פֿון די גרויסע נצחונות.

(100-270 פֿאַר אונזער צייט-רעכנונג).

ביז צו דער צייט האָט זיך רוים'ס מאַכט צונויפֿגעשטעלט פֿון ,
קליינע זיגען איבער די שכנ'ישע פֿעלקער. 270 פֿ. א. צ. איז שוין גאַנץ
איטאַליען, חוץ דעם טהאַל בײַ'ם טײַך פּאָ, געווען אונטער דער רוימישער
אויבערמאַכט. צום בונד זענען אויך צוגעשטאַנען די בעפֿעלקערונג פֿון דער

דרום-איטאַליענישער שטאָדט קאַפּואַ און דער גריכישער—טאַרענטאָ, וואָס האָבען געלעבט פֿון האַנדעל און אָפֿט בעפֿאָהרען דעם ים. די בעזיצונגען פֿון רוים האָבען זיך שוין נאָהענט געגרעניצט מיט דער גרויסער ים-מאַכט קאַרטהאַגאָ, וואָס עס האָבען געגרינדעט די פֿעניציער. צווישען זיי ביידען איז נאָר געלעגען די אינזעל סיציליען, וואָס האָט זיך געצויגען כמעט ווי אַ בריק פֿון צפון-טייל-אַפֿריקא צו דרום-איטאַליען. קאַרטהאַגאָ האָט זיך געמיהט איינצונעהמען די אינזעל, כדי צו האָבען אין די הענד דעם גאַנ-צען האַנדעל אין מערב-טייל פֿון מיטעללענדישען ים.

די רוימער האָבען צוערשט נישט געקוקט, וואָס עס טהוט זיך אויף זייער נאָהענטען ים. האַנדלען פֿלעגען קומען צו זיי פֿרעמדע סוחרים, מעהרסטענטייל קאַרטהאַגער. איצט אָבער, ווען רוים האָט זיך שוין פֿער-שפּרייט ביז צום ים, האָבען זיי שוין נישט געקענט דערלאָזען, אַז די אינ-זעל סיציליען זאָל אַריבער צו די קאַרטהאַגער, וואָרום דאַמאָלס וואָלט קאַרטהאַגאָ געקענט האַלטען אין אַ בעלאַגערונגס-צושטאַנד אַלע ברעגען פֿון איטאַליען.

דער נייער שונא, קאַרטהאַגאָ, איז געווען מעכטיג און רייך, זיינע בעזיצונגען האָבען זיך געצויגען ביז צום גיבראַלטאַר. די פֿעניצישע סוחרים האָבען אַלץ געהאַט אין זייערע הענד. אויף זייער ערד האָבען געאַרבייט אַפֿריקאַנער פּויערן, וועלכע האָבען אויך געמוזט צושטעלען סאָלדאַטען. די שבט'ישע נאָמאַדען, די נומידיער (די היינטיגע בעוואָהנער פֿון אַלזשיר) האָבען געמוזט צושטעלען פֿערד און רייטער-חיל, חוץ דעם האָבען די קאַרטהאַגער געקענט דינגען סאָלדאַטען צווישען די אַפֿריקאַנער פֿעלקער, ביי די שפּאַניער און גריכען, זיי האָבען געהאַט דאָס, וואָס די רוימער האָט שטאַרק געפֿעהלט: די גרויסע מזומנים.

נור אין איין זאַך זענען די קאַרטהאַגער געווען שוואַכער פֿאַר די רוי-מער. די הערשענדע קלאַס, די פֿעניציער, זענען געווען צו קליין אין צאָהל אין פֿערגלייך מיט דער איבעריגער בעפֿעלקערונג. זיי זענען אונגעפֿעהר געווען אין זייערע לענדער דאָס, וואָס די היינטיגע ענגלענדער אין אינדיען. אין דער אַרמעע זענען געווען די פֿעניציער די אָפֿיציערען. זיי האָבען קאָמאַנדעוועט איבער סאָלדאַטען פֿון פֿרעמדע שבטים, וואָס האָבען נישט געהאַט די אינטערעסען פֿון דער הערשענדער קלאַס.

די סוחר'ישע קאָמפּאַניעס, וואָס האָבען געהאַט די ממשלה אין די-שטעט, האָבען זעהר נישט ליעב געהאַט צו פֿיהרען מלחמות: זיי זענען גרייט געווען אָפּצוגעבען די גרויסע מיליטערישע אונטערנעהמונגען צו עמי-

צען אַ העלדישען קאָמאַנדיר, ווען ער נעהמט נור אויף זיך און אויף זיין געוויסען אַלע רעזולטאַטען פון קומענדיגען קריעג.

## דער ערשטער קריעג מיט די קאַרטהאַגער 264—241 פ. א. צ.

די רוימער האָבען זיך געדאַרפט ענטשליסען, אויב זיי זאָלען פיהרען קריעג אויפ'ן ים, צי נישט? ביז יעצט האָבען די רוימער אויסגעבילדעט סאָלדאַטען נור פאַר אַ קריעג אויף דער יבשה. יעצט איז אָבער דאָס געווען צו ווייניג, חאָטש זיי האָבען ביז יעצט שטענדיג געזיעגט איבער די געדונגענע קאַרטהאַגער סאָלדאַטען אויף דער יבשה, נור די קאַרטהאַגער קענען זעהר לייכט פערנעהמען אַלע ברעגען און אָבשפּאַרען רוים פון סחורות און עסענוואַרג. רוים האָט געמוזט ווערען אַ ים-מאַכט. מען האָט אויסגעבוים גרויסע מיליטערישע שיפען; צו די שיפען האָט מען גענומען גריכישע סאָלדאַטען, וואָס האָבען געוואָהנט אין די בונדס-שטעדט פון דרום-איטאַליען. ביי איין ים-שלאַכט נישט ווייט פון סיציליען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען 700 שיפען מיט אַנ'אַרמעע פון 300 טויזענד סאָלדאַטען. 3 גרויסע פלאָטען האָבען די רוימער פערלאָרען צוליעב די שטורעמס אויפ'ן ים. אין משך פון גאַנצען קריעג האָבען זיי פערלאָרען 700 שיפען.

ענדליך האָבען די רוימער בעשלאָסען אַריבערצופיהרען אַנ'אַרמעע אין אַפריקא און צונעהמען קאַרטהאַגא פון דער יבשה. נור באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס איז ניט מעגליך. די סאָלדאַטען, וואָס זענען זיינט הונדערטער יאָהרען געוואָהנט געווען צו קורצע נאָהענטע מלחמות, האָבען זיך נישט געוואָלט לאָזען אַזוי ווייט. עס איז אַריבער אין אַפריקאַ נור אַ קלענער טייל סאָלדאַטען און מיט זיי זענען די געדונגענע גריכישע סאָלדאַטען גיך פאַרטיג געוואָרען. אפילו דער רוימישער קאָנסול רעגולוס איז אַריינגעפאַלען אין פלען (אין געפאַנגענשאַפט) ביי די קאַרטהאַגער (255 פ. א. צ.).

דער דאזיגער שווערער קריעג האט זיך געצויגען 23 יאהר. די סאָלדאַטען, וואס האבען געקעמפפט צום סוף מלחמה, זענען נאך אויף דער וועלט נישט געווען, ווען זי האט זיך אנגעהויבען. ענדליך האבען די קאַרטהאַגער אבגעטרעטען רוים סיציליען. דאס סוחרים-פאלק האט מעהר נישט געוואלט שטרייטען, ווייל די מלחמה האט אבגעשטעלט דעם גאַנצען האַנדעל.

אין רוים זענען אַסך געווען שטאַרק נישט צופריעדען מיט דער מלחמה. זי האט חרוב געמאַכט פעלדער פון די פויער און זייער פיהרער דער טריבון פלאַמיניוס האט אנגעהויבען פיהרען אַ קאַמפף געגען סע-

נאַט, וואָס בערייכערט זיך דורך די שיפען און דעם האַנדעל אויף חשבון פון פויער, וואָס מוז צוליעב'ן קריעג פערלאָזען זיינע פעלדער.

פלאַמיניוס האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל ווידער אָנהויבען, ווי אַמאָל, קעמפפען אין איטאַליען אויף דער יבשה און פערנעהמען וואָס מעהר ערד פאַר די פויערן. ווען דאָס פאָלק האָט איהם אויסגעקליבען פאַר אַ קאָנסול, — האָט ער אָנגעהויבען אַרויסצושטויסען די גאַליער (קעלטען), וואָס האָבען פערנומען אין איטאַליען דעם טהאָל בײ'ם טײַך פאָ. ער האָט צוגענומען זייער ערד, זי פערטיילט צווישען דער לאַנד-בעפעלקערונג און דורכגעפיהרט דעם ערשטען מיליטער-שאָסעע אין צפון-איטאַליען (פלאַמינישער-שאָסעע). פלאַמיניוס איז געווען אַ „נייער מענש" (homo novus). מיט דעם נאָמען פלעגען אָנרופען די אַלטע פאַטריציער איטליכען רוימער, וואָס האָט צוליעב אייגענע מעלות זיך דערשלאָגען צו דער העכסטער שטעלע אין דער מלוכה.

צו דער זעלבער צייט זענען אויפגעטרעטען אין קאַרטהאַגאָ אין דער משפחה באַרקאָ (ד. ה. בָּרָק, בליץ) צוויי הויכבעגאַבטע מענשען מיט אַ גרויסער מיליטערישער בעגאַבונג, דער פעלדמאַרשאַל האַמילקאַר און זיין זוהן האַניבאַל. זיי האָבען געפיהרט קריעג אויף אייגענער רעכנונג, און האָבען פערנומען כמעט העלפט שפאַניען. שפאַניען איז געוואָרען כמעט זייער אייגען פירשטענטום.

## דער צווייטער פונישער קריעג 218—201 פ. א. צייט-רעכנונג.

פון שפאַניען האָט זיך האַניבאַל אונטערגענומען צו מאַכען אַן אָנפאַל אויף רוים. זיין אַרמעע איז בעשטאַנען פון אויסגעמושטירטע סאָלדאַטען, אַפריקאַנער און שפאַניער. אַ גרעסערען געגנער, אַ שטאַרקערען שונא ווי האַניבאַל האָט רוים קיינמאָל נישט געהאַט, נישט פריהער, נישט שפּעטער. האַניבאַל האָט געהאַט אַ געניאַלען קאָפּ, די גרעסטע איינפאַלען; ער האָט אויסגעצייכענט קאָמאַנדירט איבער זיינע האַלב-ווילדע סאָלדאַטען; ער האָט אויסגעצייכענט אויסשטודירט אַלע מעלות און חסרונות פון דעם רוימישען חיל און פלעגט קונציג אויסנוצען איטליכע שוואַכקייט פון דער רוימישער אַרמעע. וועגען זיינע חיטרע געניגג דערצעהלט מען טויזענדער לעגענדען. מען דערצעהלט, אַז איינמאָל איז איהם אבגעלונגען זיך אַריינצוגנב'נען אין רוימישען לאַגער. ער האָט זיך קונציג פערקליידט, צוגעקלעבט אַ פאַלשע באָרד און איז אַליין געגאַנגען שפּיאָנירען. זיינע שפּיאָנען זענען געווען אומעדום, אפילו אין רוים גופא.

האַניבאַל האָט (אפשר דער ערשטער אין דער וועלט-געשיכטע) דורך שפּאַניען, די פּירענעען און דורך דרום-פראַנקרייך דורכגעפירט זיין אַרמעע איבער די אַלפּען אין איטאַליען. די איבערגענג איבער די בערג זענען געווען זעהר שווער און האָבען געקאָסט אַ סך סאָלדאַטען דאָס לעבען. אַלע קריעגס-העלפאַנדען זענען אומגעקומען אין די קאַלטע בערג. נאָר דאָס פּלוצלינגע קומען פון האַניבאַל פון צפון צו איז פאַר רוים געווען די גרעס-טע סכנה. אין טהאָל בײ'ם טייך פּאָ זענען צו איהם צוגעשטאַנען די גאַלער, וואָס פלאַמיניוס האָט זײ נאָר-וואָס מנצח געווען, די רוימישע פּוי-ערן, וואָס האָבען זיך נאָר-וואָס בעזעצט, האָט מען צוטריעבען. האַניבאַל האָט צושלאָגען און מנצח געווען צוויי רוימישע אַרמעען איינע נאָך דער צווייטער.

אין רוים איז געוואָרען אַ בהלה. מען האָט אָנגעהויבען שרייען, אַז די יחסנים, וואָס זיצען אין סענאַט און אײַלען זיך נישט אַרויסצושטעלען די גאַנצע מאַכט פון רוימישען חיל, ברענגען דערצו, אַז רוים זאָל אונ-טערגעהן. דאָס פאָלק האָט אויסגעקליבען ווידער פלאַמיניוס'ען. פלאַמיניוס האָט שטאַרק געגלויבט אין אַ ניכען נצחון און האָט פערנומען אַ שטאַרקע פּאָזיציע אויף די בערג. נאָר האַניבאַל האָט איהם קונציג אויסגעמיעדען און איז געגאַנגען צו רוים אַרום פלאַמיניוס חיל. ער איז געקראָכען דורך זומפּען, און זײַנע סאָלדאַטען האָבען זיך גור געקאָנט אויסרוהען אויף די טויטע קערפּער פון די געפאַלענע פערד. מיט אַ מאָל האָט פלאַמיניוס דער-זעהען האַניבאַל'ן הינטער זיך אויפ'ן וועג, וואָס געהט קײן רוים. פלאַמיניוס האָט זיך האַסטיג געוואָרפען אויף האַניבאַל'ן, נאָר האַניבאַל האָט פערניכטעט זיין גאַנצע אַרמעע. פלאַמיניוס'ען אַלײן האָט אײנער אַ גאַליער אַוועקגעלעגט מיט זײַן שווערד.

דער וועג צו רוים איז געלעגען אָפען. דער סענאַט האָט ווידער אײַנגעזעהען, אַז די בעסטע זאַך איז צו זײַן פאָרזיכטיג מיט האַניבאַל'ען און אויסצומײַדען אַנ'ענטשײַדונגס-שלאַכט. אַלס דיקטאַטאָר איז איצט אויס-געקליבען געוואָרען דער פּאַטריציער פּאַביוס, וואָס דאָס פאָלק האָט איהם אַ צונעמעניש געגעבען „פּאַביוס דער מאַרודניק". ער האָט זיך גע-מיהט אָבצושפּאַרען פון האַניבאַל'ס אַרמעע דעם צופוהר פון עסענוואַרג, און ממילא זי אויסצוהונגערען. אָבער אין אַ אָפענער שלאַכט האָט ער זיך ניט אַרײַנגעלאָזען. דאָס פאָלק האָט אָבער ווידער פערלאָרען די געדולד און מען האָט די דיקטאַטאָרישע מאַכט איבערגעגעבען צום צווייטען מאָל אַ פאָלקס-טריבון. און ווען דער טריבון וואַראָן, אַ זוהן פון אַ קצב, איז

אַרויס אין אַנ׳אַ[illegible]ענער שלאַכט מיט האַניבאַל׳ען, האָט ער פֿון זיין חיל, וואָס איז בעשטאַנען פֿון 76 טויזענד מאַן, צוריקגעבראַכט אַהיים אינגאַנצען 6000. דאָס איז געווען די שרעקליכסטע מפּלה, וואָס די רוימער האָבען ווען-ניט-איז געהאַט. רוים האָט געהאַלטען ביי׳ם אונטערגאַנג. אויף האַניבאַל׳ס צד זענען אַריבער די בונדס-שטעדט פֿון דרום-איטאַליען און די צווייטע שטאָדט נאָך רוים, קאַפּואַ. די אינזעל סיציליען איז אָבגעפֿאַלען פֿון רוים.

אָבער די לאַגע האָט זיך גיך פֿערענדערט. האַניבאַל׳ס נצחונות זענען געמאַכט געוואָרען אָהן אַשום הילף פֿון קאַרטהאַגאַ׳ס זייט. האַניבאַל האָט אָבער נישט געקאָנט פיהרען דעם קריעג ביז צום סוף מיט אייגענע קרעפֿטען. יעדער קריעג האָט קלענער געמאַכט זיין חיל, און עס איז געווען אונמעגליך צו נעהמען רוים אָהן הילף פֿון אויסען.

דערנאָך, ווי די טריבונען האָבען צוויי מאָל פֿערלאָרען זייער אַרמעע, איז די מאַכט ווידער אַריבער צום סענאַט, אין די הענד פֿון די פּאַטריציער, וואָס זענען געווען גענימער אין מלחמה-ענינים. דער יונגער סציפּיאָן איז אַוועק אין שפּאַניען, האָט צוגענומען דאס לאַנד פון די פֿעניציער, האָט אָרגאַניזירט אַנ׳אַרמעע אין אַפֿריקאַ געגען קאַרטהאַגאַ און האָט זיך געלאָזט דירעקט אויף די פֿעניציער. דאַמאָלס האָבען די פֿעניציער אַרויסגערופֿען האַניבאַל׳ען פֿון איטאַליען, וואו ער האָט צוגעבראַכט 16 יאָהר, נישט געהאַט קיין איין מפּלה, שטענדיג געזיעגט, און וואָס וואָלט געווים אַריבער אין די הענד פֿון די פֿעניציער, ווען קאַרטהאַגאַ וואָלט האַניבאַל׳ען געשטיצט מיט פֿרישע סאָלדאַטען. קומענדיג אין דערהיים, האָט מען האַניבאַל׳ען געגעבען שלעכטע, יונגע נישט-אויסגעלערנטע סאָלדאַטען, און סציפּיאָן האָט איהם מנצח געווען נישט ווייט פֿון קאַרטהאַגאַ.

די רוימער האָבען זיך גוט אָבגערעכענט מיט קאַרטהאַגאַ. זיי האָבען געשטעלט די בעדינגונג, אַז קאַרטהאַגא זאָל פֿערברענען דעם גאַנצען קריעגס-פֿלאָט; זאָל זיי אָבגעבען אַלע זייערע בעזיצונגען חוץ אַקליינעם טייל ערד, וואָס גרענעצט זיך מיט קאַרטהאַגאַ; זאָל צאָהלען אין משך פֿון 50 יאָהר אַ געוואַלטיג-גרויסען אָבצאָהל און זאָל זיך נישט דערוועגען צו פיהרען געשעפֿטען מיט אַנדערע מלוכות אָהן רוים׳ס ידיעה און צושטימונג.

### רוים׳ס מאַכט פֿון יאָהר 200—100 פ. א. צייט-רעכנונג.

קאַרטהאַגאַ׳ס מאַכט איז אין גאַנצען צובראָכען געוואָרען. זייערע לענדער און עשירות זענען אַריבער צו די רוימער. די רוימישע סוחרים האָבען

אַרויסגעשטויסען די פֿעניצישע פֿון מערב-טייל אין מיטעללענדישען ים. אָט דעם ערפֿאָלג האָבען די רוימער צו פֿערדאַנקען די צוויי פּונישע מלחמות (רוים האָט גערופֿען די פֿעניציער — פּוניער). נאָך די פּונישע קריעגען איז רוים געוואָרען די שטאַרקסטע מאַכט אין דער דאַמאָלסדיגער וועלט. די גריכישע מלכים אין מורח, די סירישע און מאַקעדאָנישע, האָבען זיך גענומען צו לעבען מיט רוים אין שלום. און באַלד טאַקי האָבען די רוימער פֿערנומען מאַקע-דאָניען צוזאַמען מיט גריכענלאַנד (176 פֿ. אָ. צ.).

די מלכים פֿון מצרים און סיריען האָבען געמוזט שליסען אַ בונד מיט רוים און ווערען אונטערטהעניג. איטליכער אָנפֿאַל אויפֿ'ן מורח פֿלעגט ברענגען רוים אַ נצחון, און די רוימישע סוחרים האָבען מיט יעדען יאָהר פֿערהאַפּט אַלץ נייע האַנדעלס-מערק.

ביז צו די פּונישע קריעגען איז רוים געווען אַ לאַנד פֿון פֿעלד-אַרביי-טער. דער האַנדעל איז געלעגען אין די הענד פֿון אויסלענדער. די רוימי-שע מלוכה-קאַסע האָט פֿערמאָגט ווייניג באַר-געלד, פֿון דער בעפֿעלקערונג האָט מען קיין אָבגאַבען נישט גענומען. נאָך די מלחמות מיט קאַרטהאַגאָ האָט רוים און איטאַליען בעקומען גאָר אַן אַנדער געשטאַלט.

## די פּראָווינץ.

איצט איז געוואָרען רוים די שאַצקאַמער פֿון אַלע מיניערע זאַכען, פֿון גאָלד און זילבער. דאָס רוימישע פֿאָלק האָט שוין געהאַט „גרויסע גיטער", וואָס וואַרפֿען אָב רענטעס, ד. ה. די ערד, וואָס איז צוגענומען געוואָרען הינטער די גרענעצען פֿון איטאַליען, למשל סיציליען, שפּאַניען, מאַ-קעדאָניען, גריכענלאַנד, אַ שטיק אַפֿריקאַ. די בעזיגטע פֿעלקער האָבען פֿערלאָרען זייער זעלבסטשטענדיגקייט. דאָס לאַנד, וואו עס איז אַריין דער רוימישער חיל, האָט מען פּראָקלאַמירט פֿאַר אַ רוימישע פּראָווינץ. מיט דער פּראָווינץ האָט פֿערוואַלטעט איינער פֿון די געוועזענע רוימישע קאָנסולען, וואָס איז געווען דאָרטען דער קאָמענדאַנט, אַלס דער גובערנאַ-טאָר. ער איז דאָרטען געווען אַ מין דיקטאַטאָר. די בעפֿעלקערונג האָט גע-מוזט אויסהאַלטען זיין הויף און זיין סוויטע. ער האָט זי געקענט פֿעראָרע-מען דורך גרויסע אָבגאָבען. געגען איהם אַרויסצוטרעטען איז געווען כמעט אונמעגליך. אין דער צייט פֿון זיין פֿערוואַלטונג האָט מען אין רוים נישט אָנגענומען קיין אָנקלאָגען אויף איהם.

## די פּאַדריאַטשיקעס.

די פּראָווינץ האָט זיך אונטערשיידט פֿון די רוימער בירגער און די בונדס-

שטעדט דערמיט, וואָס זי פֿלעגט מוזען צאָהלען אַנ'אָבגאָב. היינט נעהמען צונויף דעם אָבגאָב די בעאַמטע פֿון דער רעגיערונג; די רוימישע רעגיערונג אבער האָט זיך נישט געוואָלט אַריינלאָזען אין אַזעלכע דאגות. זי האָט געטהון דאָס אייגענע, וואָס עס טהוט היינט אַ גוטסבעזיצער, ווען ער וויל נישט אַליין בעאַרבייטען זיינע פֿעלדער, אָדער אַ הויז-בעזיצער, ווען ער וויל נים האָבען צו טהון מיט די שכנים: ער גיט זיי אין אַרענדע.

מען פֿלעגט צונויפֿרופֿען עטליכע גרויסע הענדלער, וועלכע פֿלעגען מאַכען אין איינעם אַ קאָמפּאַניע און אָבקויפֿען אין אַרענדע ביי דער רעגיערונג די אָבגאָבען פֿון אַ גאַנצער פּראָווינץ. דאס אַרענדע-געלד פֿלעגט מען איינצאהלען פֿאָראויס און דערפֿאַר בעקומען דאָס רעכט אַליין איינצומאהנען די אבגאַבען. זיי פֿלעגען אבקויפֿען די איינקונפֿטען אָגולנע, און זיי פֿלעגען שוין זעהען אַרויסצוציהען פֿון דער בעפֿעלקערונג די אייגענע אַרענדע מיט אַ גוטען רוח דערצו. די דאזיגע פּאדריאַטשיקעס (אָטקופּשטשיקעס) האבען שוין געדונגען פֿון זיך די אבגאבען-קלייבער. די רעכענער, די שרייבער, פֿלעגען שוין האבען אייגענע קאַנצעלאַריעס און לאַגערען פֿאַר סחורות. זיי האבען שוין ארגאַניזירט פֿון זיך אַ רעגעלמעסיגע פּאָסט, וואס איז אין גאַנצען געווען אין זייערע הענד. זייערע דיענער זענען געווען מייסטענס שקלאַפֿען אדער פֿרייגעווארענע שקלאַפֿען. די פּאדריאַטשיקעס פֿלעגען אויך אבדינגען ביי דער רעגיערונג ערדגרובען פֿון מעטאַל, וועלדער, פֿעלדער פֿאַר פּאַשע, זאַלץ-גרובען, דעם אבצאהל ביי די האַפֿענס, די פּאדריאַדען צו פֿערזארגען רוים מיט תבואה א. אַ. וו.

קלענערע בעלי הבתים פֿלעגען געבען זייער געלד די פּאָדריאַטשיקעס אויף גוטע פּראָצענטען, פֿלעגען נעהמען אַ אַקציע פֿון די נייע ערדגרובען, וואָס מען טרעט צו צו עקספּלואַטירען. אין רוים האָט מען זיך שוין גענומען שטאַרק אינטערעסירען מיט פֿערשיעדענע געשעפֿטען, וואָס קומען פֿאָר אין די וויטערע פּראווינצען. אויף דעם פֿאָרום, דעם גרויסען מאַרקפּלאַץ אין רוים, האָט זיך געבילדעט אַ מין היינטיגע בערזע. ביי קליינע טישלעך פֿלעגען זיצען די באַנקירען, פֿלעגען אויסביימען פֿרעמדע מטבעות אויף רוימישע, פֿלעגען לייהען געלד און פֿערקויפֿען אַקציעס.



בילד 3. — אַ רוימישער באַנקיר ביי זיין טישעל אויפ'ן פֿאָרום.

די קאַפּיטאַליסטען האָבען שוין בעקומען אַ גרויסע מאַכט. אין סענאַט און אין די פאָלקס-פערזאַמלונגען האָבען שוין געקענט די קאַפּיטאַליסטען דורכפיהרען אָפט זייער אייגענע סוחר׳ישע פּאָליטיק. נאָר צוליעב זיי האָט דער סענאַט בעשלאָסען 50 יאָהר נאָכ׳ן קריעג מיט האַניבאַל׳ען צו צושטע-רען קאַרטהאַגאָ.

די קאַרטהאַגער האָבען זיך שוין עטליכע מאָל געהאַט אָבגעקויפט פון רוים׳ס אַפּעטיט. זיי האָבען פּינקטליך ממלא געווען אַלע בעדינגונגען; זיי האָבען אפילו אַרויסגעגעבען זייערע וואָפען. נאָר ווען אין אַפריקאַ איז אָנ-געקומען אַ גרויסע רוימישע אַרמעע און האָט זיי בעפוילען צושטערען קאַר-טאַגאָ און זיך אָבטראָגען צוויי מייל ווייט פון ים, ד. ה. זיך אין גאַנצען אָבצוזאָגען פון ים-האַנדעל,—זענען די קאַרטהאַגער אַרויס פון געדולד און קאַר-טהאַגאָ האָט זיך גענומען בעוואָפענען. די רוימער האָבען בעלאַגערט קאַר-טהאַגאָ, וואָס איז געווען שטאַרק אַרומגערינגעלט מיט דרייפאַכע מויערען. גאַנצע דריי יאָהר האָבען די רוימער בעלאַגערט די שטאָדט, ענדליך איז זי געפאַלען אין די הענד פון סציפּיאָן דעם יונגערען און איז געוואָ-רען צושטערט ביז צום פונדאַמענט (146 פ. א. צ.). דאָס איז געווען דער לעצטער קריעג מיט קאַרטהאַגא, אדער דער דריטער פּונישער קריעג.

דאס אייגענע, וואס מיט קאַרטהאַגא, האט פּאַסירט מיט דער גרויסער גריכישער האַנדעלס-שטאָדט קאָרינט. די רוימישע סוחרים האבען זיך שוין בעוויזען אין די מזרח-לענדער, און באַלד זענען שוין געווען גאַנצע שטעדט זייערע בעלי-חובות, אפילו פירשטען פון גאַנצע מלוכות.

די רוימישע באַנקירען פלעגען פערלייהען געלד פאַר זעהר הויכע פּראָ-צענטען, און זיי פלעגען איינמאהנען דעם חוב אהן שום רחמנות. אַ שטאָדט אויף דער אינזעל ציפּערן איז געבליבען שולדיג אַ גרויסען רוימישען קאַפּי-טאַליסט אַ הויכע סומע, וואס איז פערליהען געוואָרען אויף 48% אַ יאָהר. און אַזוי, ווי די שטאָדט האָט קיין געלד נישט געהאַט, האט די שטאָדט-דומע זיך אבגעזאגט צו בעצאהלען דעם חוב. דאַמאלס האט דער שתדלן פונ׳ם קאַפּיטאַליסט זיך אויסגעבעטען ביי׳ם גובערנאַטאר פון דער שכנ׳י-שער פּראָווינץ עטליכע ראטעס סאלדאַטען, האט בעלאַגערט די דומע און קיינעם פון די שטאָדט-פערטרעטער נישט אַרויסגעלאזען. עטליכע זענען גע-שטארבען פון הונגער צו דער צייט פון דער בעלאַגערונג.

דער נאמען „רוים״ האט געוואָרפען אַנ׳אימה אויף אַלע ברעגען פון מיטעללענדישען ים. די רוימער האָבען שטאָלצירט דערמיט, וואס עס קלעקט נור זיך אָנצורופען אין דער פרעמד „רוימישער בירגער״, אַז יעדערער זאָל

בעקומען אַנ׳אָבשיי פֿאַר איהם. רוים וועט נישט דערלאָזען, אַז עמ׳צער זאָל פֿערטשעפּען איהרען אַ בירגער; אומעדום שטעהען זיינע שרעקליכע לעגיאָנען (פֿאָלקען).

## די נאָבלע.

די משפחות, וואָס האָבען געגעבען פֿון זיך קאָנסולען, סענאַטאָרען, דיקטאַטאָרס און גלאַט גרויסע מענשען, וואָס האָבען זיך פֿערדיענט געמאַכט אין דער רוימישער געשיכטע, האָט מען גערופֿען די נ אָ ב ל ע, די איידעלע — (nobil). זיי האָבען נישט דוקא געדאַרפֿט אָבשטאַמען פֿון די אַלטע פּאַטריצישע פֿאַמיליעס, זיי האָבען געמעגט זיך נעהמען פֿון פֿאָלק, פֿון די טריבונען, אָדער די גרויסע קאַפּיטאַליסטען, דאָס איז געווען אַ מין בעאַמטען־אַדעל.

צו דער צייט פֿון די פּונישע קריעגען האָבען זיך געבילדעט אַסך אַזעלכע פֿאַמיליעס. זיי זענען שוין געווען פֿיינער, געבילדעטער ווי די אַמאָליגע יחסנ׳ישע פֿאַמיליעס. פֿון זיי האָט מען שוין געפֿאָדערט נישט נור מיליטערישע מעלות, נאָר אויך די מעלות פֿון דיפּלאָמאַטען, פֿון גרויסהענדלער, וואָס קענען זיך בענעהען מיט פֿרעמדע פֿעלקער, וואָס קענען פֿיהרען צו רוים׳ס נוצען די פּאָליטיק פֿון פֿרעמדע ווייטע מלוכות. אַ בראַוועריעהרליכער קאָמאַנדיר האָט שוין נישט געהאַט אַזאַ ווערדע, ווי אַ בויגיגער טאַלאַנטפֿולער דיפּלאָמאַטישער קריעגס־פֿיהרער.

אַזוינע מענשען פֿלעגען בלייבען ביי דער קאָמאַנדע לענגער, ווי עס פֿאָדערט זיך לויט׳ן אַלטען געזעץ, וואָס פֿלעגט יאהר־יעהרליך קלויבען די רעגיערונגס־פֿערטרעטער. אַזוינע מענשען, ווען זיי פֿלעגען בעזיעגען אַ נייע פּראָווינץ, פֿלעגען דאָרטען בלייבען עטליכע יאהר און פֿלעגען זיך פֿיהלען ווי אמת׳ע קעניגען. דאָס מיליטער פֿלעגט זיך דערום צוגעוואוהנען צו אַזוינע קאָמאַנדירען, וואָס בייטען זיך נישט אַזוי אָפֿט, און אָפֿט פֿלעגען זיי די סאָלדאַטען געבען דעם טיטעל א י מ פּ ע ר אַ ט אָ ר, וואָס דאָס איז געווען צוערשט אַנ׳עהרענטיטעל פֿאַר׳ן פֿעלדמאַרשאַל דעם זיעגער. זיך קעהרענדיג אַהיים, פֿלעגט מען אַזאַ גרויסען זיעגער מאַכען אַ ט ר י א ו מ ף. דער אימפּעראַטאָר אין בעגלייטונג פֿון זיינע סאָלדאַטען, וועלכע פֿלעגען זינגען זיעגליעדער, פֿלעגט פֿאָהרען איבער גאַנץ רוים אין אַ געפֿאַרבטען וואָגען, אין אַ פּורפּור־מאַנטעל מיט אַ גאָלדענעם זוים, מיט אַ לאָרבער־קראַנץ אויפֿ׳ן קאָפּ און בראַנסילעטען אויף די הענד. איבער איהם פֿלעגט אַ שקלאַף האַלטען אַ גאָלדענע קרוין מיט טייערע שטיינער און פֿלעגט איבערחזר׳ן.

„קוק אַהינטער”, ד. ה. ווער נישט קיין בעל-גאוה. פאַראויס פלעגט מען פיהרען דאָס אנגערויבטע האָב און גוטס, פרעמדלענדישע זאַכען, זעלטענע פלאַנצען און חיה. די געפאַנגענע פרעמדע אידעל-לייט אין קייטען גע-שמידט. צוגלייך פלעגט מען טראָגען גרויסע בילדער, וואס פלעגען פאָר-שטעלען זיינע זיעגען, די פעסטונגען וואס ער האט איינגענומען, די בערג, טייכען, ימים און שטעדט, וואָס ער האָט בעזיעגט.



בילד 4. — די עמפפאַנגס-צימערען אין הויז פון אַ נאָבלען.

די נאָבלע אין רוים האָבען געהאַט בעזונדערע מנהגים ביי זיך. אין זייערע הייזער פלעגען ווערען אויפבעוואַהרט וואַקס-מאַסקעס, וואָס מען האָט אראָבגענומען פון די משפחה-גליעדער. וואָס האָבען פערנומען גרויסע שטע-לען אין דער מלוכה. די מאַסקעס זענען געווען געאָרדענט נאָך דעם סדר היוחסין (גענעאַלאָגיע). צו איטליכער מאַסקע איז געווען אַ בעשרייבונג. ווען אין דער משפחה איז געווען אַנ'אימפעראַטאָר, פלעגט מען לכבוד איהם נאָך אַוועקשטעלען אַ סטאַטוע.

שען און פרעכטיג פלעגט זיין די לויה פון אַזאַ נאָבלען. פאָראויס פלעגען פאָהרען מענשען אין די מאסקעס פון דעם געשטאָרבענעס'ס משפחה, אַקטיאָרען פלעגען אין די דאָזיגע מאַסקעס שפיעלען די ראָלע פון זיינע אַמאָ-ליגע קרובים, און איינער אין אַ מאַסקע פון א קרוב פלעגט האַלטען אַ רעדע וועגען געשטאָרבענעם, אויסרעכענענדיג אַלץ, וואָס ער האָט אויפגעטהון.

די נאָבלע האָבען פיל געמאַכט דעם סענאַט. אין סענאַט פלעגען זיך צוזאַמענקלייבען פון 300 ביז 600 מענשען. זיי פלעגען פעסט שטעלען צווישען זיך די רייהע פון די, וואָס דאַרפען געוועלטיגען אויף די רוימישע פראָווינצען. נאָר אַזוי ווי צו ווערען אַ גובערנאַטאָר אין אַ פראָווינץ האָט מען געמוזט זיין צוערשט אַ קאָנסול, און די קאָנסולען פלעגט אויסקלייבען דאָס פאָלק, — דערום פלעגען די נאָבלע זעהען מיט אַלע מיטלען צו לעבען בשלום מיט'ן פאָלק. זיי פלעגען זעהען דאָס פאָלק צו ווײלען מיט אַלערליי צירקען און טעאַטער-פאָרשטעלונגען, פלעגען טיילען מיטאָגען אויף די גאַסען, פלעגען צוטיילען אויך געלד צווישען פאָלק. איינמאָל האָבען 4 נאָבלע, וואָס האָבען קאַנדידירט אויף צו ווערען קאָנסול, צוטיילט איטליכער צווישען פאָלק אַ מיליאָן רובל אויף אונזער געלד. און דאָס האָט געלוינט, דען נאָך אַ קאָנסול-שטעל קומט די שטעלע פון אַ גובערנאַטאָר אין אַ פראָווינץ, וואו מען קאָן אַרויסציהען געלד מעהר ווי אַ מיליאָן.

די נאָבלע האָבען שוין נישט געהאַלטען פאַר פאַסיג צו בעשעפטיגען זיך מיט האַנדעל. זיי פלעגען אבגעבען געוועהנליך זייערע עסקים די שקלאַפען אדער די פריגעוואָרענע שקלאַפען, וואס פלעגען האַנדלען פאַר'ן בעל-הבית'ס געלד, און איהם אויסצאהלען דעם רוח.

וויטער האָט דער נאָבלער שטענדיג געהאַט אַרום זיך אַ מחנה מענשען, וואס האבען פון איהם געלעבט; קליענטען פלעגט מען זיי רופען, און זיי זענען געווען שטענדיג אַבהענגיג פון נאבעל'ענס קאַפריזען. די נאבלע האבען פון פאַראַד וועגען זיך אַרומגערינגעלט מיט הונדערטער דינערשאַפט. איין דיענער עפענט די טהיר, דער אַנדערער רופט אויס אין דער הויך דעם נאמען פון געריכט, וואס מען דערלאַנגט צום טיש, איינער איז אַ מאַרשאַלעק, אַ חוזק-מאַכער א. א. וו. מאַנכער נאבלער האט געהאַט ביז 400 דיענער. אין פאַרהויז ביים נאבלען פלעגען שטענדיג וואַרטען די קליענטען; וויבאַלד ער פלעגט אַרויסגעהן, פלעגט מען איהם בעפאַלען ווי ביהנען מיט זיסע אונטערטהעניגע ווערטלעך, און עפּיס אויסבעטען פאַר זיך. דאַמאלס פלעגט ער אויסטיילען צווישען די ארעמע קליענטען קליינע מטבעות, צושענקען זיינע אַלטע קליידער, אדער פערבעטען מאַנכע פון זיי צום טיש.

דער נאבלער האט געהאַלטען פאַר דעם גרעסטען כבוד צו האבען וואס מעהר ערד. און דערום פלעגט ער צונויפקויפען די ערד פון די פעראָרימטע פויערן. פון די פריהערדיגע אַקער-פעלדער פלעגט ער מאַכען אַ גרויסען פארק און פעלדער פאַר פאַשע. גרויסע

שטרעקעס ערד פלעגען בלייבען דערום נישט בעארבייט, און פון די פריהערדיגע פולע דערפער איז איצט געווארען א מדבר, וואו האלב-ווילדע פאסטוכער פלעגען פאשען די גרויסע סטאדעס פון זייער בעל-הבית. די דאזיגע פאסטוכער פלעגען אפט זיין אמת׳ע גזלנים, וועלכע פלעגען בע-ראבעווען די דורכפאהרענדיגע סוחרים.

## די שקלאפען.

מאנכער נאבלער פלעגט אליין פיהרען די ווירטשאפט אין זיינע גיטער. ער פלעגט פלאנצען וויין און עהל-בוימער, פלעגט האדעווען עופות א. א. וו. פריינע ארבייטער פלעגט ער נישט בענוצען צו דער ארבייט, וויל אזעלכע בעדארף מען בעצאהלען. ער פלעגט בעארבייטען זיינע גיטער מיט שקלא-פען, וועלכע פאדערען נור עסענווארג און א דאך, אונטער וועלכען צו שלאפען.

שקלאפען זענען געווען זעהר וואלוועל. איטליכע מלחמה פלעגט ברענגען אויפ׳ן שקלאפען-מארק אויך געפאנגענע. חוץ דעם האט זיך ענט-וויקעלט א בעזונדער שרעקליכער מסחר אין מיטעללענדישען ים. ים-גזלנים פלעגען בעפאלען די דערפער, וואס ביים ים, און פלעגען מיט געוואלט אוועקשלעפען א טייל בעפעלקערונג, וועלכע זיי פלעגען דערנאך פערהאנדלען פאר שקלאפען. אויף דער אינזעל דעלאס, וואו עס איז געווען דער שקלא-פען-מארק, האט מען אמאל אין איין טאג געמאכט האנדעל, געקויפט און פערקויפט ביז 10 טויזענד שקלאפען.

די רוימער, וואס זענען געווען גרעבער אין כאראקטער, זענען זיך פיעל ערגער בעגאנגען מיט די שקלאפען, ווי די גריכען. דער פראקטי-שער רוימער פלעגט וואלוועל קויפען א יונגען שקלאף, איהם אויסלערנען צו דער ארבייט, און ער פלעגט זעהען פון איהם פטור צו ווערען, ווי-באלד ער פלעגט אנהויבען ווערען אלט. אנדערע רוימער האבען געראטען, אז מען זאל געבען דעם שקלאף אזוי פיעל ארבייט, אז ער זאל קיין צייט נישט האבען צו טראכטען וועגען עפּיס, חוץ עסען און טרינקען. אין גרויסע גיטער פלעגט מען נישט ערלויבען די שקלאפען צו האבען אנ׳אייגענע פאמיליע. זיי פלעגען וואהנען אין קאזארמעס. ווען א שקלאף פלעגט עפּיס נישט טהון ווי געהעריג, פלעגט מען איהם שמידען אין קיי-טען און אריינווארפען אין תפיסה. די שקלאפען פלעגען אפט ארויס אויף דער ארבייט, ווי היינטיגע קאטארזשניקעס, אין קייטען געשמידעט, פארטיעס-ווייז און מיט א משגיח (א נאדזיראטעל) פארענט און הינטען. די איינענ-

טימער פֿון די שקלאַפֿען פלעגען ערקלערען זייער שלעכטע בעהאַנדלונג דערמיט, וואָס די שקלאַפֿען זענען מענשען פֿון אַנ׳אַנדער אמונה, וואָס זיי זענען אייביג אַ שונא דעם בעל-הבית און וואָס זיי זענען צופֿיעל דאָ אין לאַנד, דאָס נור דורך אַ שטרענגער הנהגה קאָן מען זיי האַלטען אין צוים. אַ שקלאַף צו דערהרג׳ענען האָט זיך נישט גערעכענט פֿאַר אַ חטא. עס איז געווען זאָגאַר אַ ספּעציעל געזעץ, וואָס האָט געדאַרפֿט האַלטען דעם שקלאַף אין אַ שטענדיגער אימה. ווען מען פֿלעגט געפֿינען אַ שקלאַפֿען-בעזיצער אַ טויטען, צי ביי זיך אין דערהיים, צי אין וועג, האָט דאָס געזעץ בעפֿויה-לען צו פּייניגען אַלע שקלאַפֿען, וואָס זענען געווען מיט׳ן בעל-הבית אין דערהיים, צי אויפֿ׳ן וועג; עס האָבען געמעגט זיין צעהנדליגער אָדער הונ-דערטער שקלאַפֿען.

אין די גרויסע גיטער פֿלעגען זיין ביז עטליכע טויזענד שקלאַפֿען. דער גוט-בעזיצער פֿלעגט זעהן אָבצושניידען זיינע שקלאַפֿען פֿון דער גאַנ-צער אַרומיגער וועלט. ייר פֿלעגט ביי זיך אין הויף נישט אַריינלאָזען קיין



אַ הויז-שקלאַף וואָס טראָגט אַ געריכט צום טיש.



אַנ׳אַרבייט׳ס-שקלאַף אין קייטען.

בילד 5.

פֿרעמדע מענשען. די שקלאַפֿען האָבען אַליין געמוזט מאַכען פֿאַר זיך: כלים, געוועבען פֿאַר קליידער א. א. וו.. די וואַרשטאַטען פֿון די שקלאַפֿען אין גוט האָט מען אַנאָמען געגעבען פֿאַבריקען. ביי די טויע-רען פֿון גוט איז געזעסען אַ שומר, וואָס האָט איטליכען נאָכגעקוקט, ווען ער איז אַריין צי אַרויס, און איבער׳ן טויער איז געווען אַ בנין מיט אַ פֿענסטער, וואו דער פֿערוואַלטער פֿלעגט אַלעמען האָבען פֿאַר זיינע אויגען, אויך דעם שומר פֿון טויער.

## דער בונט פֿון די שקלאַפֿען.

עס פֿערשטעהט זיך פֿון זיך אַליין, אַז אומעדום, וואו עס זענען געווען אַ סך שקלאַפֿען אויף אַמאָל, איז מען שטענדיג גרייט געווען צו אַ בונט. צווישען זיי האָבען זיך אײַנגעפֿונען שטאַרקע מענשען, צום בײַ-שפּיעל, די פּאַסטוכֿער פֿון דרום-איטאַליען, אָדער די גלאַדיאַטאָרען, ד. ה. די שקלאַפֿען, וואָס מען האָט אויסגעמושטירט צו שפּיעלען אין די צירקען אַלס שפּיז-וואַרפֿער, אַלס קעמפּפֿער א. ז. וו..

איינמאָל איז אויסגעבראָכֿען אַ בונט בײַ די שקלאַפֿען אין גאַנץ סיציליען. אָנגעהויבען האָט זיך עס דערמיט, וואָס איינעם אַ גוטס-בעזיצער, וואָס האָט זיך אַכזריות׳דיג בעגאַנגען מיט זײַנע שקלאַפֿען, האָט מען דער-הרג׳ט אין טעאַטער. באַלד דערנאָך האָט מען אָנגעהויבען אויסמאָרדען אַלע גוטס-בעזיצער אין די דערפֿער. צו די שקלאַפֿען זענען צוגעשטאַנען אויך די אָרעמע לייט פֿון די פֿרײַע קליענטען. איינעם אַ סירישען שקלאַף, וואָס איז געווען בײַ זײַן בעל-הבית אַ מאַרשאַלעק, אַ שוואַרצקינסטלער און אַ חוזק-מאַכֿער, האָט מען אויסגעקליעבען פֿאַר אַ קעניג, ווײַל די שקלאַפֿען האָבען געוואוסט, וואָס פֿאַר אַ מענש דאָס איז. מען האָט איהם געהאַלטען פֿאַר אַ מין נביא. דרײַ יאָהר האָבען די שקלאַפֿען געהאַט אין זייער מאַכֿט די אינזעל סיציליען. גאַנצע רוימישע מחנות מיט די קאָנסולען אין דער שפּיץ האָבען זיי נישט געקאָנט מנצח זײַן. ענדליך האָט זיי רוים בעזיעגט און האָט מורא׳דיג אָן זיי נקמה גענומען: 20 טויזענד שקלאַפֿען האָט מען צוגעשלאָגען צו די צלמים.

## די שטאָדט רוים.

רוים האָט בעקומען מיט דער צײַט גאָר אַ נײַעם פּנים. אַמאָל האָט די שטאָדט נור געהאַט קליינע הילצערנע בנינים, וואָס זענען ׳געלעגען צו-וואָרפֿען און צוזײַהט אויף די פּוסטע וויסטע גאַסען. נור בײַ גרויסע סכנות אָדער בײַ גרויסע יום-טובים פֿלעגען פֿול ווערען די גאַסען; זאָנסט האָט מען דאָ נישט געזעהן קיין סך מענשען און די שטאָדט האָט געלעבט כמעט, ווי אַ דאָרף.

איצט איז אָבער רוים געוואָרען די הויפּטשטאָדט כמעט פֿון דער גאַנצער וועלט. אין רוים פֿלעגען אָפֿט קומען אַ סך אויסלענדער: די געזאַנד-טע פֿון פֿרעמדע מלוכות מיט זייער סוויטע, הענדלער, קרעמער, קינסט-לער, רעדנער, פֿילאָזאָפֿען א. ז. וו. די פּאַדריאַטשיקעס האָבען דאָ געהאַט

זייער קאַנצעלאַריע און בענק. אַרום די נאָבלע האָבען זיך געשטופּט טוי־זענדער קליענטען. און פאַר אַלע די אָנגעפאָהרענע און היימישע האָט מען געדאַרפט צוגרייטען דאָס שענסטע, בעסטע און דאָס קאָמפאָרטאַבלסטע. פאַר בעלי־מלאכות, הענדלער, פוהרלייט, טרעגער, קינסטלער, אינזשענערען און געלערנטע לייט איז רוים געוואָרען די שטאָדט, וואו מען האָט געקאָנט שען פערדיענען. רוים האָט שוין געהאַט ביז אַ מיליאָן איינוואָהנער, פּרעכ־טיגע פּאַלאַצען, צירקען, טעמפּלען, טעאַטער־זאַלען האָבען פערפּוצט איצט די שטאָדט, די נאָבלע האָבען זיך אויסגעבויט פּאַלאַצען, וואָס זענען גע־ווען אַרומגערינגעלט מיט גרויסע גערטנער און פּאַרקען. אין די גאַסען, וואו די אָרעמקייט האָט געוואָהנט, איז געוואָרען ענגער און ענגער. עס האָבען זיך שוין אויפגעהויבען די הייזער ביז צום זיעבענטען שטאָק (עטאַזש). אונטען פּלעגען די הייזער האָבען קרעמלעך צו פערדינגען, אין די עטאַזשען פלעגען זיין קליינע דירות און קעמערלעך פאַר אַנ'אָרעמען שכן. דער אָרע־מאַן האָט געוואָהנט אָדער ביי'ם קוימען פון הויכען בנין אָדער 10—20 טרעפּלעך אונטער דער ערד, אין די קעלערען פון הויז. די העכערע עטאַ־זשען זענען געווען געבויט פון האָלץ און ביי איטליכער שרפה פלעגט אַזאַ הויז גיך אָבברענען, ווי אַ שייטער־הויפען.

די בעפעלקערונג אין רוים איז שוין נישט געווען קיין ריינע. אַ פריי־געוואָרענער שקלאַף, וואָס האָט לאַנג געלעבט אין רוים, האָט געקענט ווע־רען אַ רוימישער בירגער. דערום האָט זיך די רוימישע בעפעלקערונג יעצט צונויפגעשטעלט פון אַמאָליגע שפּאַניער, גריכען, סיריער, גאַליער, אַפרי־קאַנער א. ז. וו. אויף די פאָלקס־פערזאַמלונגען האָבען שוין געקלונגען אַנ־דערע שטימען. עס איז געוואָרען אַ מנהג צו האַלטען גרויסע רעדעס, זיך אַריינצולאָזען אין גרויסע וכוחים, נישט צו לאָזען אויסרעדען אַ געגנער, און צו האַלטען אַגיטאַטאָרישע דעמאַגאָגישע רעדעס. ווען אַ מאָל האָט מען נישט געלאָזט רעדען סציפּיאָנ'ען דעם יונגערען, וואָס האָט בעזיעגט קאַרט־האַגאָ, האָט ער אַ געשריי געטהון: „שווייגט שקלאַפען, וועלכע איך האָב נאָך נעכטען געבראַכט אין רוים אין קייטען געשמיעדט".

צוגלייך זענען אַריינגעדרונגען אין רוים נייע אמונות. די ניי־אָנגעקו־מענע האָבען מיטגעבראַכט זייערע געטער און נאָך זיי האָבען זיך נאָכגע־שלעפּט די כהנים פון די געטער און זייערע מגידים. צוערשט האָט גענומען אַריינדרינגען די אמונה פון די גריכען מיט זייערע געטער. גריכישע אַרכי־טעקטען האָבען שוין געבויט אין רוים טעמפּלען אויפ'ן גריכישען שטייגער, גריכישע קינסטלער האָבען אין מאַרמאָר אויסגעהאַקט די געטער יופּיטער־

אין יונאַ נאָך אַלטע גריכישע מוסטערן. איבריגענס, אַ טייל פון דער גרי־כישער אמונה האָבען די רוימער שוין לאַנג געהאַט איבערגענומען.

נאָר צוזאַמען מיט די גריכען זענען געקומען די כהנים פון עגיפּטען און פון מזרח און האָבען געבראַכט זייערע געטער, זייערע פאָרשטעלונגען וועגען אַנ'אָרמוזד און אַרימאַן, און האָבען ביסלעכווייז אויך אַריבערגעצויגען די רוימישע מאַסע צו זייער גלויבען. שפּעטער האָבען זיך בעוויזען די יו־דען, וואו זיי האָבען פערנומען אַנ'אייגענעם קווארטאַל אין רוים. זיי האָבען פערוואונדערט די רוימער דערמיט, וואָס זיי האָבען נישט קיין בילדער אין זייערע געבעט-הייזער, מיט דער איינפאַכקייט פון זייערע סינאַגאָגען, וואו זיי קלויבען זיך צונויף לייענען די תורה זייערע, און וואו מען פערברענגט אין אַ שטילען ערנסטען שמועס וועגען געטליכע זאַכען.

די געוועלטיגער אין רוים האָבען זעהר נישט ליעב געהאַט, וואָס עס דרינגען אַריין אין פאָלק נייע אמונות. זיי פלעגען רופען די אמונות „אַבער-גלויבען". די פרעמדע מנהגים זענען געווען אין זייערע אויגען די סבה, פאַר וואָס דאָס רוימישע פאָלק איז געוואָרען אַזוי פערדאָרבען, האָט פערלאָזען דאָס דאָרף און איז אַריבער אין שטאָדט. די אַנהענגער פון „די אַלטע צייטען" האָבען נישט געוואוסט, וואָס צו טהון געגען דעם נייעם פרעמד-לענדישען איינפלוס. דאָ פלעגען זיי אַרויסגעבען אַ פערבאָט געגען אויס-לענדישע קאָסטיומען, דאָ פלעגען זיי נישט ערלויבען צו האַלטען אין שטוב מעהר ווי אַ געוויסע צאָהל זילבערנע כלים, דאָ פלעגען זיי אַרויסטרייבען פון רוים די מגידים פון פרעמדע אמונות, פרעמדלענדישע לעהרער.

צווישען די נאָבלע האָבען זיך אויך פערשפּרייט פרעמדע מנהגים. ביידע סציפּיאָנס זענען געווען גרויסע אָנהענגער פון דער גריכישער בילדונג. אין דער בעסערער געזעלשאַפט איז געוואָרען אַ מאָדע צו רעדען אויף גריכיש. די נאָבלע פלעגען נעהמען צו זייערע קינדער לעהרער פון די גריכישע שקלאַפען, זיי פלעגען זיך לערנען ביי גריכישע רהעטאָרען (רעדנער) די קונץ צו האַלטען שענע רעדעס.

די רוימער האָבען צוערשט נישט געהאַט קיין אייגענע שענע ליטע־ראַטור. די אַלטע גריכען האָבען געהאַט זייערע זינגער, זייערע פאָלקס-ליעדער און זייערע פּאָעטען, נאָך איידער זיי זענען דערגאַנגען צו דער הויכער מדרגה פון פּאָליטישער מאַכט. ביי די רוימער איז דאָס אַלץ כמעט נישט געווען. די גריכען האָבען דערום בעקומען אַ גרויסען איינפלוס, ווען זיי האָבען איבערזעצט זייערע פּאָעמען און זייערע טעאַטער-שטיק אויף לאַטיין.

אין רוים האָט מען אָנגעהויבען נאָכמאַכען האָמער'ען, פֿערפֿאַסען און שרייבען טעאַטער-שטיק לויט דעם גריכישען מוסטער.

אין אַלגעמיינעם, אָבער, האָט זיך אַנ'עכטער רוימער נישט בעשעפֿטיגט מיט אַזוינע זאַכען ווי ליטעראַטור. די שרייבער, וואָס האָבען געשריעבען אויף לאַטייניש, זענען מייסטענס נישט געווען קיין געבוירענע רוימער, נור אויסלענדער אָדער בעפֿרייטע שקלאַפֿען. אין רוים זענען ווייניג מענשען געווען, וואס האבען אַזוי ליעב געהאַט שענע ליטעראַטור און טעאַטער-שטיק, ווי די גריכען.

נאָך ווייניגער האָבען זיך די רוימער אינטערעסירט מיט ריינער וויסענשאַפֿט. די רוימער זענען געווען גרויסאַרטיגע טעכניקער, גוטע אינזשע-



בילד 6. — אַ רוימער לייענט אַ בוך. רעכטס אַ שאַף מיט ביכער (מגילות).



בילד 7. — טאָוולען אויף צו שרייבען. די טאָוולען זענען געווען בעדעקט מיט אַ דינן וואַקס-הייטעל. שרייבען פֿלעגט מען מיט אַ גריפֿעל פֿון מעטאַל.

נערען, גענימע קריעגער, הויכבעגאַבטע פּאָליטיקער און אַדמיניסטראַטאָרען, אבער זיי האבען זיך ווייניג וואס אינטערעסירט מיט הויכע פֿילאָזאָפֿישע פֿראַגען, ווי למשל, מיט דער פֿראַגע וועגען בריאַת-העולם (וועלט-שעפֿפֿונג), אָדער וועגען דעם מהות פֿון דער מענשליכער נשמה א. אַ. וו., מיט וואס עס האָבען זיך אַזוי שטאַרק אינטערעסירט די פֿרייע גריכען.

---

דריטעס קאַפּיטעל.

## די עפּאכע פֿון די אינעווייניגסטע בירגער-קריעגען.

(130—30 פֿאַר אונזער צייט-רעכנונג).

צו דער אייגענער צייט, וואָס רוים איז געוואַכסען און איז אַלץ גרעסער, שענער און רייכער געוואָרען, פֿון איטאַליען געוואָרען אַ

חורבן. ערשטענס, האָבען האַניבאַל׳ס סאָלדאַטען, וואָס האָבען גע׳בעל-הבית׳עוועט איבער איטאַליען 15 יאָהר כסדר, שטאַרק חרוב געמאַכט די פעלדער און די דערפער. אַסך טיילען פון איטאַליען זענען שוין דערנאָך קיינמאָל צו זיך נישט געקומען. צווייטענס האָבען די רוימער נאָך האַני-באַל׳ס מפלה צוגענומען די ערד פון די פויערן, וואָס זענען אַריין אין אַ בונד מיט די קאַרטהאַגער. די ערד האָט זיך גערעכענט פאַר מלוכה-ערד, און האָט זיך אָנגערופען קהל׳שע ערד. מייסטענס פלעגען די דאָזיגע גרויסע שטרעקעס צוטיילען צווישען זיך די נאָבלע, וואָס פלעגען צאָהלען דערפאַר דער מלוכה אַ קליינעם אָבצאָהל און וואָס די נאָבלע פלעגען מאַכען פון דער ערד, האָבען מיר שוין געזעהן אין פאָריגען קאַפּי-טעל. פון אומעדום, וואו עס האָט געטרעטען דעם שונא׳ס חיל, אָדער וואו מען האָט מיט געוואַלד אַרויסגעשטויסען די איינגענטהימער, — זענען באַלד זיך צולאָפען די פויערן און די פעלד-אַרבייטער. דער פויער, וואָס האָט פערלאָרען זיין שטיקעל ערד, איז אַוועק אין שטאָדט און איז גע-וואָרען דאָס, וואָס מען רופט היינט און וואָס מען האט שוין דאַמאָלס גערופען מיט׳ן נאָמען פּראָלעטאַריאַט, ד. ה. אַ מענש, וואָס איז נישט זיכער מיט זיין מאָרגענדיגען טאָג.

דריטענס, איז צוליעב די בעזיצונגען אין סיציליען, אַפריקאַ און שפעטער אין מצרים שטאַרק געפאַלען דער פּרייז פון די היימישע תבואות. די בעזיעגטע לענדער פלעגען מוזען שיקען זייערע תבואות אַלס אָבגאָב פאַר רוים, און דער איטאַליענישער פויער האָט זיין איינענע תבואה נישט געהאַט, וואו אַהין צוטהון. דערום פלעגען אַסך פויערן פערקויפען דאָס שטיקעל ערד און אַוועק זיך פערדינגען אין סאָלדאַטען, אָדער זיך נעה-מען פאַר אַנ׳אַרבייט אין דער שטאָדט, און די דערפער פון איטאַליען זענען ביסלעכווייז אויסגעלעדיגט געוואָרען פון אַ געזונדטער פויערן-קלאַס.

צווישען די נאָבלע האָבען זיך איינגעפונען אַזעלכע, וואָס האָבען פערשטאַנען די סכנה פון דער לאַגע, ווען דער פויער מוז פערלאָזען זיין דאָרף. די דאָזיגע לייט האָט מען גערופען פּאָפּולערע, ד. ה. מענשען, וואָס זאָרגען פאַר דאָס פאָלק. טיבעריוס גראַקכוס, אַנ׳אייניקעל פון סציפּיאָן דעם עלטערען, וואָס האָט זיך גענוג אָנגעזעהען די צרות פון די פויערן, האָט איינמאָל אין אַ פאָלקס-פערזאַמלונג אויסגערופען: „חיות און פויגלעך האָבען זייער לאָך, זייער נעסט, און מענשען, וואָס האָבען בעזיעגט די גאַנצע וועלט, האָבען נישט וואו דעם קאָפּ אַניעדערצו-לעגען“. די פּאָפּולערע האָבען זיך געמיהט צו ווערען טריבונען, צו זיין,

ווי אַמאָל, די אַדוואָקאַטען פֿון פֿאָלק. און ווען מען האָט טיבעריוס׳ען אויסגעקליבען פֿאַר אַ טריבון, האָט ער געפּרובט דורכפֿיהרען אַ געזעץ, אַז די קהל׳שע מלוכה-ערד זאָל מען פֿונאַנדערטהיילען צווישען פֿאָלק. נאָר אַזוי ווי די נאָבלע האָבען געהאַלטען די ערד פֿאַר זיך, זי כמעט גישט אויסנוצענדיג, האָט ער דורכגעפֿיהרט נאָך אַ געזעץ, אַז קיינער טאָר נישט פֿערמאָגען פֿון קהל׳שע ערד מעהר ווי 250 דעסיאַטינעס און קיינער טאָר אויף דער קהל׳שער פּאַשע נישט פּאַשען מעהר, ווי טויזענד קעפּ בהמות, דאָס איבריגע מוזען די נאָבלע אָבגעבען צוריק דער מלוכה; עס וועט ווערען צוטהיילט אויף קליינע טהיילען פֿון 2 דעסיאַטינעס, וואו מען וועט אומזיסט אַוועקזעצען אַנ׳אָרעמע פּויערשע פֿאַמיליע.

די נאָבלע זענען געווען שטאַרק אויפֿגעבראַכט געגען נייעם געזעץ-פּראָיעקט, און נאָך אַ יאָהר גרויסע מחלוקת אין דער פֿערזאַמלונג, האָט די פּאַרטהיי פֿון די נאָבלעס טיבעריוס גראַקכוסען דער׳הרג׳עט.

נאָך טיבעריוס׳ען איז אָבער געקומען זיין יונגערער ברודער קאַיוס (120 פ. א. צ.), וואָס איז אויך געוואָרען טריבון און האָט פֿאָרטגעזעצט די אַרבייט פֿון זיין גרויסען ברודער. קאַיוס איז נאָך געווען טאַלאַנטפֿולער פֿאַר זיין ברודער. ער האָט נאָך פֿערלאַנגט, אַז מען זאָל די אָרעמע לייט געבען ערד נישט נאָר אין איטאַליען, נאָר אויך אין די פּראָווינצען.

אויך קאַיוס האָט געמוזט דורכפֿיהרען זיינע פּלענער אין דער פֿאָלקס-פֿערזאַמלונג. נאָר אַזוי ווי אין דער פֿאָלקס-פֿערזאַמלונג זענען געזעסען וועניג פּויערן און אַ סך קליענטען פֿון די גרויסע פּאָדריאַטשיקעס, — האָט ער געמוזט מאַכען גרויסע הנחות די נאָבלע און די לייט פֿון די שטעדט. פֿאַר דעם שטאָדט-המון האָט ער איינגעפֿיהרט די פֿערטהיילונג פֿון עסענ-וואַרג לויט אַ ביליגערן פּרייז. די מלוכה האָט גענומען אויף זיך צו קאָרמענען אין רוים מעהר ווי 100 טויזענד מיילער.

קאַיוס גראַקכוס האָט בעקומען אין רוים אַ גרויסע מאַכט. לויט דעם בעפֿעהל פֿון דער פֿאָלקס-פֿערזאַמלונג, וואָס האָט אָנגענומען אַלע זיינע פּראָיעקטען, האָט די מלוכה זיך גענומען צו גרויסע אַרבייטען אין איטאַל-יען, און דורכדעם געגעבען דעם פֿאָלק די מעגליכקייט צו פֿערדיענען. ער איז כמעט געווען אין רוים אַ דיקטאַטאָר אין די צוויי יאָהר פֿון זיין טריבו-נאַט. נאָר צום דריטען מאָל האָט מען איהם נישט אויסגעקליבען, ווייל ער האָט אויך געזאָרגט פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון רוים׳ס בונד-פֿעלקער.

כל-זמן קאַיוס איז געווען אַ טריבון, האָט מען איהם גאָרנישט געקענט טהון. נאָר ווען ער איז נישט אויסגעוועהלט געוואָרען, האָט איהם זיין

געגנערישע פּאַרטיי באַלד ערמאָרדעט, ווי זיין ברודער. די געגנער פון די גראַקכוסען האָבען באַלד ווידער איינגעפיהרט דעם אַלטען סדר. אַלע אַגראַר-פּראָיעקטען זענען בטל געוואָרען, עס איז נור געבליעבען פון די גראַקכוסען דאָס, וואָס מען האָט אומזיסט געשפּייזט טעגליך אין רוים אַ המון פון 300 טויזענד מענשען.

30 יאָהר נאָך די גרויסע ברידער איז איטאַליען ווידער געוואָרען אַזוי חרוב, ווי אַמאָל. די לייט פון די פערבונדענע שטעדט זענען געווען שטאַרק נישט צופריעדען, וואָס מען נעהמט זיי נישט אָן אַלס רוימישע בירגער, האָטש זיי טראָגען דעם מיליטער-דיענסט גלייך מיט אַלעמען, און נאָך אַ סך שווערער פאַר די רוימער. דאַמאָלס האָבען זיי זיך אָבגעריסען פון רוים, זיך געמאַכט אַנ'אייגענע הויפּטשטאָדט, וואָס זיי האָבען אַ נאָמען געגעבען **איטאַליען**, און האָבען אָנגעהויבען פיהרען אַ קריעג מיט רוים. צוויי יאָהר האָט געדויערט דער קריעג, אַ סך פון די **פערבונדענע**, בעזונדערס פויערן און קליינע גוט-בעזיצער, זענען אומגעקומען אין דעם שווערען קריעג; די לעבעדיג-געבליעבענע האָט מען אָבער אויפגענומען צווישען די רוימער בירגער מיט גלייכע רעכט.

גאַנץ איטאַליען איז דערנאָך געוואָרען אַ לאַנד פון רוימישע בירגער, נאָר דאָס לאַנד איז חרוב ומוחרב געוואָרען. אין איטאַליען זענען איצט אַרומגעגאַנגען טויזענדער, טויזענדער מענשען, אָרעמע, פערביטערטע, וואָס האָבען נאָר געוואַרט אויף דער צייט, ווען זיי וועלען קענען זיך אָברעכענען מיט די, וואָס האָבען זיי אָרעם געמאַכט און פערהאַפּט זייער ערד.

די אינוועניגסטע קריעגען אין איטאַליען האָבען זיך גענומען אַלץ עפטער איבער'חזר'ן, בעזונדערס דאַמאָלס, ווען עס האָט זיך בעוויזען און אָנגעהויבען צו שטאַרקען דער חשק ביי די סאָלדאַטען צו פערהאַפּען גרויסע שטרעקעס ערד און צו בע'גזל'ן די רייכע גוטס-בעזיצער און נאָבלע.

## דער רוימישער חיל, אַנ'ערך 100 יאָהר פ. א. צייט-רעכנונג.

צו דער דאָזיגער צייט איז שוין דער סאָלדאַט געווען נישט דאָס, וואָס אַמאָל, ווען ער פלעגט נור צייטענווייז געהן אין קריעג און מעהרסטענס זיצען אַלס פויער אויף זיין לאַנד. איצט האָבען די גרויסע יאָהרענלאַנגע מלחמות אָבגעריסען דעם סאָלדאַט פון דער ערד. זיין אַ סאָלדאַט איז שוין געווען, ווי אַ מין מלאכה. אַנשטאָט צו נעהמען רעקרוטען פון אַלע משפחות, האָט מען איצט גענומען יונגע-לייט, געניטע קריעגס-בעלי-מלאכות. אין דער אַרמעע איז פערשוואונדען די אַמאָליגע טיילונג לויט

דער רייכקייט און לויט די וואפען. אלע סאלדאטען זענען געווען גלייך פאר'ן קאמאנדיר, וועלכער איז געווען פאר זיי דער איינציגער, וועמען זיי פלעגען געהארכען, ווער עס צאהלט זיי דעם לויהן און טיילט זיך מיט זיי דעם קריעגס-רויב. די סאלדאטען, וואס זענען שוין געווען כמעט שטענדיג אין דיענסט, האבען זיך שטארק אבגעשיידט פון מיטעלען בירגער. זיי האבען זיך געהאלטען העכער פאר דעם געוועהנליכען מאן פון פאלק און פלעגען זיך זאגאר בעליידיגען מיט'ן נאמען „בירגער“, זיי האבען זיך ווייניג געקימערט וועגען רוימישען סענאט און דער פאלקס-פערזאמלונג.

דער פעלדמארשאל איז געווען פאר זיי אלץ. זייער שטענדיג לעבען אין לאגער האט אויסגעארבייט א נייעם רוימישען טיפ, וואס איז געווען אינגאנצען אבגעריסען פון דעם אינוועניגסטען מלוכה-גאנג אין איטאליען.

אין דער דאזיגער עפאכע האט רוים כמעט 60 יאהר נאכאנאנד גע־פיהרט גרויסע און שווערע מלחמות אויפ'ן צפון און אויפ'ן מזרח, וואס האבען שטארק אויפגעהויבען די וויכטינקייט פון די פעלדמארשאלען און די סאלדאטען אין רוים, ווי אין גאנץ איטאליען.

אנגעהויבען האט עס זיך דערפון, וואס פון די אלפען זענען געקו־מען אויף רוים צוויי ווילדע גערמאנישע פעלקער די קימבערען און די טייטאנען. דאס זענען געווען מורא'דיג שטארקע מענשען, הויך געוואק־סען און פלינק. זיי פלעגען קאנען לויפען גיך ווי די פערד, און ווען זיי פלעגען דערשטעכען אפיינד מיט'ן שפיז, פלעגען זיי נאך האבען כח אויפ־צוהויבען דעם דערשטאכענעם פאר'ן שפיעז אין דער הויך. זייערע ווייבער, שטארקע ווי די מענער, פלעגען קעמפפען מיט זיי צוזאמען געגען שונא. זייערע מחנות זענען געגאנגען אויף רוים אהן אנ'אבהאלט. זיי האט גע־טריעבען דער הונגער, און זיי האבען געזוכט נייע פעטע ערד פאר זייערע לעדיגע מאגענס.

דער קאנסול מאריוס האט זיך פינף יאהר געמאטערט מיט דעם נייעם שונא, ענדליך נאך א שווערען. הארטען קריעג האט ער זיי מנצח געווען. מאריוס חיל איז בעשטאנען פון אזעלכע, וואס קענען נאר לעבען פון קריעג. אין פריעדענס-צייטען זענען זיי געווען איינפאכע פראלעטאריער, און האבען זיך קוים געקענט ביים לעבען דערהאלטען. אז זיי זענען צוריק־געקומען פון קריעג, האבען זיי געפאדערט ביי זייער פיהרער, אז אדער ער זאל זיי געבען ערד אין איטאליען, אדער ער זאל זיי פיהרען אויף א נייע מלחמה.

## סולא.

צוגלייך מיט מאַריוס'ען האָט געלעבט אין רוים אַ גרויסער פיהרער פון די סאָלדאַטען, מיט'ן נאָמען סולאַ, איינער פון די יחסנ'ישע משפחות, וואָס האָט געשטרעבט צו פערנעהמען מאַריוס'עס שטעלע.

צו דער זעלבער צייט האָבען די רוימער כמעט פערלאָרען אַלע זייערע בעזיצונגען אין מזרח. דער האַלב-ווילדער קעניג מיטרידאַטוס בײ'ם מערב פון שוואַרצען ים האָט אויסגענוצט די פיינדשאַפט פון די בעזיעגטע פעלקער אין קליין-אַזיען געגען רוים און האָט פערחאַפט כמעט גאַנץ גריכענלאַנד, אויסקוילענדיג דערביי טויזענדער רוימישע קאָלאָניסטען. אַלס פעלדמאַרשאַל צו פיהרען מלחמה מיט מיטרידאַטוס'ען האָט מען אויסגעקליבען סולאַ'ן. מאַריוס, וואָס איז שוין דאַמאָלס געווען אַ זקן, האָט זיך געפוגען שטאַרק בעליידיגט דערפון און זיינע אַנהעננגער האָבען אויסגעפיהרט, אַז מען זאָל בטל מאַכען די ערשטע וואַהלען און ווידער וועהלען מאַריוס'ען.

ווען די סאָלדאַטען פון סולאַ זענען דערגאַנגען, אַז מען נעהמט צו פון זיי זייער פיהרער, האָבען זיי פערלאַנגט פון איהם, אַז ער זאָל מיט זיי געהען אַקעגען רוים. סולאַ האָט געמאַכט אַ מינע, אַז ער געהאָרכט זיינע סאָלדאַטען נעגען זיין איינענעם ווילען. אָבער מען האָט פערשטאַנען, אַז דאָס געהט נישט צו פשוט. מאַריוס און זיין פאַרטיי איז זיך צולאָפען. דעם צווייטען בעשלוס פון פאָלק האָט מען בטל געמאַכט. די געגנער פון סולאַ האָט מען אונטער די אויגען פערמשפט צום טויט און רוים האָט צום ערשטען מאָל דערלעבט, אַז די סאָלדאַטען האָבען איינגענומען די הויפּטשטאָדט און אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען דעם רוימישען פאָלק זייערע בעפעהלען.

פון סולאַ הויבט זיך אָן די צייט, ווען די סאָלדאַטען און די סאָלדאַטען-פיהרער בעקומען די איבערמאַכט איבער'ן סענאַט, איבער די פאָלקס-פערזאַמלונג און איבער דעם ווילען פון רוימישען פאָלק.

ווען סולא איז אַוועק אין מזרח אַקעגען מיטרידאַטוס'ען האָבען, זיך די אַנהעננגער פון מאַריוס צוריק אומגעקעהרט קיין רוים און האָבען גענומען מורא'דיג זיך נוקם זיין אָן די נאָבלעס, וואָס האָבען געהאַלטען פאַר סולאַ. באַלד איז אָבער געקומען סולא מיט זיינע סאָלדאַטען, נאָך אַ גרויסען נצחון, צוריק אין רוים און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ ביטערער קאַמפּף צווישעןביידע געגנערישע פאַרטייען. דער כּוֹף איז געווען, אַז איבער רוים האָט שוין נישט געקעניגט דאָס פאָלק, נור די פיהרער פון סאָלדאַטען.

סולא האָט געזיעגט איבער זיין געגנער. דער סענאַט האָט איהם געמאַכט פאַר אַ דיקטאַטאָר איבער רוים אָהן אַ שום טערמין און ער איז געוואָרען דער נישט-געקרוינטער קיסר פון גאַנץ איטאַליען. ער האָט די בעסטע עריד פון זיינע געגנער פערטיילט צווישען זיינע סאָלדאַטען. ער האָט בכלל געלאָזט בעל-הבית׳עווען זיינע סאָלדאַטען פראַנק און פריי. די סאָלדאַטען זענען שוין אָבער געווען אָבגעוואָהנט פון רוהיגער ערד-אַרבייט, און די גאַנצע ערד-פערטיילונג האָט נישט געבראַכט קיין שום נוצען און קיינעם נישט בערוהיגט.

סולאַ האָט אָנגעהערט צו דער פּאַרטיי פון די נאָבלע, נישט פון דער פאָלקס-פּאַרטיי. ער האָט זיך געשטיצט אויף זיינע סאָלדאַטען, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אין איטאַליען און וועלכע האָבען נור געהאַלטען אין איין ראַבעווען און בושעווען. פון סולאַ׳ס צייט אָן האָט איטליעבער, וואָס האָט בעזעסען ערד אָדער קאַפּיטאַלען, אָנגעהויבען מורא צו האָבען פאַר די פיהרער פון די רוימישע סאָלדאַטען.

נאָך סולאַ, וואָס האָט זיך אַליין אָבגעזאָגט פון צו זיין פעלדמאַרשאַל, האָט זיך אויפגעהויבען זיין אַמאָליגער געהילף פּאָמפּעיוס. ער האָט מנצח געווען אויפ׳ן מיטעללענדישען ים די ים-גזלנים, וואָס האָבען שוין כמעט געהאַט אַנ׳אייגענע מלוכה מיט פעסטונגען. ער האָט בעזיעגט מיטרידאַטוס, וואָס האט צום צווייטען מאָל אָנגעהויבען אַ מלחמה מיט רוים. ער איז דערגאַנגען מיט זיין חיל ביז צום קאַספּישען ים און דעם טייך פרת, ער האָט איינגענומען סיריען און נאָך רייכע פעטע לענדער. אין די מזרח-לענדער האָט ער שוין געקעניגט ווי אַ ריכטיגער קיסר. רוים האט איהם געגעבען אַנ׳אונבעגרענצטע מאַכט איבער זיינע אַלע ימים, ברעגען און אינזלען.

ווען פּאָמפּעיוס איז צוריקגעקומען אין רוים, האָט ער געוואלט ווערען דאָס אייגענע, וואס אַ מאָל סולאַ. אָבער דער סענאַט האט מורא געהאַט, צו בעקומען אויף זיך אַ צווייטען טיראַן, און האט זיך נישט געאיילט נאָכצוגעבען פּאָמפּעיוס׳ען. פּאָמפּעיוס האָט אַזוי שטאַרק געגלויבט אין זיך, אַז ער האָט אַפילו זיך נישט געמיהט מיטצונעהמען זיין חיל אין רוים. דערנ׳ך האָבען זיך בענוצט די סענאַטאָרען און האָבען פון איהם צוגענומען זיינע פריהערדיגע פריווילעגיעס. דאַמאָלס האָט יוליוס צעזאַר, זיין געוועזענער געגנער, איהם אָנגעבאָטען זיין הילף.

## יוליוס צעזאַר.

צעזאַר האָט געשטאַמט פֿון אַן׳אַלטער רוימישער משפּחה, אָבער ער איז נישט געווען איינגאַנצען איינשטימיג מיט דער אַריסטאָקראַטישער פּאַר-טיי. ער האָט געשטאַמט פֿון איין משפּחה מיט מאַריוס׳ען און ער האָט אַפּילו נישט מורא געהאַט פֿאַר׳ן מעכטיגען סולא. ער האָט געזוכט מיט אַלע מיטלען צו קריגען אויף זיין צד דעם המון פֿון רוים. ער פֿלעגט אויסגעבען דעריבער אַסך געלד אויף מאַכען פֿאַרשטעלונגען פֿאַר׳ן פֿאלק און אויסצוהאַלטען אויפֿ׳ן איינענעם חשבון גאַנצע מחנות פֿאַמיליען. צעזאַר האָט שטילערהייד זיך פֿערבונדען מיט אַלערליי פֿערדעכטיגע מענשען אין רוים, מיט וועמענס הילף ער האָט געהאָפֿט אין פּאָמפּעיוס אַבוועזענהייט צו פֿערכאַפּען די ערשטע שטעלע אין רוים.

צעזאַר האָט זיך נישט אָבגעשטעלט פֿאַר קיין מיטעל. ער האָט זיך בערעכענט, אַז בעסער איז אַריינצוטרעטען אין אַ בונד מיט פּאָמפּעיוס׳ען, איידער פֿאַר דער צייט אַליין אַרויסצוטרעטען. ער האָט אנגעשראָקען דעם סענאַט דורך זיין המון, וואס איז געווען ביי איהם אויף געהאַלט, פּאָמפּע-יוס סאָלדאַטען האָבען בעקומען אומזיסט ערד און ער מיט צעזאַר׳ען האָבען בעקומען אויף מעהרערע יאהרען די אויבערהערשאַפֿט אין לאַנד, אַלס די איינציגע צוויי פֿעלדמאַרשאַלען. צעזאַר האָט זיך אויסגעקליבען דאָס לאַנד פֿון די גאַליער (הײַנט פֿראַנקרייך, שווייץ און דרום-דייטשלאַנד) פֿון ביידע זייטען אַלפּען, וואס ציהט זיך ביז צום ים אין צפון און מערב און אין מזרח—ביז צום טייך ר ה י י ן.

## די גאַליער.

הינטער די אַלפּען האָט געהערט רוים נור אַ שמאָלער פּאַס ביי׳ם מיטעללענדישען ים. דאָס איבריגע לאַנד פֿון די גאַליער איז פֿון קיינעם נישט געווען אבהענגיג און עס האָט זיך געטיילט אויף פֿערשיעדענע טיי-לען, וואו עס האָבען געלעבט פֿערשיעדענע פֿעלקער. אומעדום האָבען דאָרטען געוועלטיגט גרויסע משפּחות פֿון די אַלטע לאַנדבעזיצער, ביי וועמען די פּויערן זענען געווען ל ײ ב א ײ ג ע נ ע. די דאָזיגע משפּחות האָבען געהאַט גרויסע מחנות קריגער אַרום זיך. מאַנכע פֿון די דאָזיגע משפּחות האָבען געהאַט ביז 10 טויזענד דיענער. אויך זענען דאָרט געווען אַסך שקלאַפֿען. זיי זענען געווען אַזוי וואלוועל, אַז פֿאַר אַ פֿעסעל ווײַן האָט מען געקענט קויפֿען אַ מענשען.

אַ געהויבענעם אָרט האָבען פֿערנומען ביי די גאַליער זייערע כּהנים

(דרואידען). זיי זענען געווען פריי פון אבגאבען און פון מיליטער-דיענסט, זיי זענען נאר געווען אבהענגיג פון עלטעסטען כהן, וואס פלעגט ווערען אויס-געקליבען אויף אנ׳אלגעמיינער פער-זאמלונג פון די דרואידען.

די דרואידען האבען געהאט אנ׳-אייגענע תורה. אסך רוימער פלעגען ספעציעל פאהרען אין בריטאניען און אירלאנד, וואו מען האט טיפער ווי אומעדום אבגעהיט און געלערנט די תורה פון די דרואידען.



בילד 8. — א גאליער וואס פערטיידיגט זיין געצעלט פון א רוימער.

אין פערלויף פון אכט יאהר איז שווערע עקשנות׳דיגע קריעג האט צע-זאר איינגענומען דאס גאנצע היינטיגע פראנקרייך, בעלגיען און מערב-דייטש-לאנד. די רוימער האבען בעקומען א רייך בעפעלקערט לאנד, וואס האט געהאט אסך, אסך מעהר מענשען ווי רוים מיט איטאליען צוזאמען. נור די גאליער זענען געווען צובראכען. קיין צוזאמענבונד איז צווישען זיי נישט געווען. צעזאר האט זיי געקומען טיילענווייז. די רייכע משפחות זע-נען אוועק דיענען ביי די רוימער, מיט וואס זיי האבען שטאלצירט. דאס פאלק אליין איז נאך געווען צו ווייניג ענטוויקעלט, אז עס זאל אבהיטען זיין שפראך און זיינע אייגענע מנהגים. 100 יאהר נאכדעם, ווי צעזאר האט בעזיגט די גאליער, האט דער מעהרסטער טייל גאליער שטאלצירט דערמיט, וואס ער איז אמת רוימיש און נישט גאליש.

צעזאר האט געוועלטיגט איבער גאליען, ווי איבער זיין אייגענער מלוכה. די סאלדאטען, וואס זענען אין א משך פון אכט יאהר דורכגע-גאנגען זיין מיליטערישע שולע, זענען געווארען די בעסטע רוימישע סאלדא-טען און צוגלייך די איבערגעבענסטע און די טרייעסטע פון יוליוס צעזאר, זייער גרויסען פעלדמארשאל. פון די גאליער׳ס אוצרות האבען זיך ביי איהם אנגעקליבען גרויסע קאפיטאלען. חוץ דעם האט ער נאך געקענט פערגרעסערן זיין חיל מיט הילפס-סאלדאטען פון גאליען גופא. צו דער צייט איז פאמפעיוס געבליבען אין רוים אהן ארבייט. די מייסטען נאבלע האבען נישט געוואלט זיין אונטערטהעניג נישט איהם, נישט צעזאר׳ען. דער סענאטאר קאטא (ער איז געווארען אין דער געשיכטע א שם-דבר פאר אנ׳עהרליכען, שטרענגען אפענעם כאראקטער) האט געפאדערט, אז ביידע

זאָלען זיך אָבזאָגען פֿון דער מאַכט, וואָס מען האָט זיי געגעבען, זאָלען זיך אָבזאָגען פֿון די פּראָווינצען, וואָס מען האָט זיי אָנגעטרויט, און אויך פֿון דער מיליטערישער מאַכט. בינו לבינו איז דער בונד צווישען פּאָמפּעיוס'ן און צעזאַר'ען געוואָרען שוואַכער. פּאָמפּעיוס האָט זיך ערקלערט פֿאַר די אַלטע מלוכה-אָרדנונג, פֿאַר אַ רעפּובליק, און די מעהרסטע נאָבלע זענען צוגעטרעטען צו איהם, אַפּילו דער עהרליכער קאַטאָ. דאַמאָלס האָט צעזאַר זיך אַ לאָז געטהון אין איטאַליען מיט זיינע לעגיאָנען (פּאָלקען). זיינע געגנער זענען אַנטלאָפֿען אין די מזרח-לענדער, וואו פֿריהער האָט געוועלטיגט פּאָמפּעיוס.

## צעזאַר ווערט דער איינציגער הערשער פֿון די רוימער (45 פּ. א. צ.).

צעזאַר האָט נישט בעהאַלטען זיינע פּלענער צו פֿערניכטען די אַלטע רוימישע מלוכה-אָרדנונג. ער האָט פֿערהאַפּט אין זיינע הענד די רעגיערונגס-קאַסע, און ווען אַ טריבון (וואָס האָט לויט'ן געזעץ נישט געטאָרט ווערען בעריהרט פֿון קיינעם) האָט איהם נישט געוואָלט דערלאָזען דערצו, האָט צעזאַר מתרה געווען, אַז ער וועט איהם פֿער'משפּט'ען צום טוידט.

4 יאָהר האָט געדויערט דער אינווענינסטער קריעג צווישען פּאָמפּעיוס און צעזאַר'ען. ער האָט זיך געצויגען איבער גריכענלאַנד, אַפֿריקאַ און שפּאַניען. פּאָמפּעיוס און אַסך פֿון זיינע נאָבלע זענען געוואָרען ערמאָרדעט. צעזאַר האָט מנצח געווען אויף דער גאַנצער ליניע.

צעזאַר, דערגרייכענדיג צו דער העכסטער מאַכט, איז געווען בעמער פֿאַר סולאַ. ער האָט נישט געזוכט זיך נוקם צו זיין אָן זיינע געגנער און האָט זיך געמיהט אַסך פֿון זיי צו בעקומען אויף זיין צד. נור די נישט אָבהענגיגע מענשען האָבען זיך נישט געוואָלט ערניעדריגען פֿאַר איהם. זיי זענען ווייטער געשטאַנען פֿאַר דער אַלטער רעפּובליקאַנישער אָרדנונג פֿון לאַנד. פֿאַר די נאָבלע איז געווען די רעפּובליק אַזאַ סדר, וואו קיינער קאָן זיך נישט אויפֿהייבען איבער'ן צווייטען, וואו אַלע זענען גלייך פֿאַר'ן געזעץ. צווישען זיי זענען געווען שטאַרקע האַראַקטערען. אַזוינע מענשען, ווי קאַטאָ, זענען געווען איבערצייגט, אַז די בעסטע זאַכען פֿאַר'ן מענשען זענען איינפֿאַכקייט און אַרוהיגער גייסט; אָדער: ווען עס איז נישטאָ קיין קראַפֿט צו קעמפֿען געגען דעם, וואָס דו האַלסט פֿאַר נישט גערעכט—איז בעסער צו שטאַרבען, און דערום האָבען קאַטאָ און אַנדערע רעפּובליקאַנער געענדיגט מיט זעלבסטמאָרד. אַסך נאָבלע זענען אָבער אַריבער אויף צעזאַר'ס צד, זיי זענען געוואָרען זיינע הויף-לייט.

נאָכדעם, ווי צעזאַר האָט זיך אומגעקעהרט אין רוים נאָך די מלחמות מיט פּאָמפּעיוס'ען, האט ער בעשענקט זיינע סאָלדאַטען כיד המלך. איטלי-כער סאלדאט האט בעקומען 2 מיט האַלבען טויזענד רובל אויף אונזער געלד, די אָפיציערען—דאס דרייפאַכע. דערנאָך האָט איהם דער סענאַט, ווי אַמאָל סולאַ, ערקלערט פאַר אַ דיקטאַטאָר אָהן אַ טערמין. ער האט געהאַט דאס רעכט צו פיהרען איינענמעכטיג מלחמות, צו שליעסען אַליין שלום, צו פערטהיילען אַלע שטעלען אין לאַנד, אַרויסצוגעבען אַלע מעגליכע בעפעהלען, צו געוועלטיגען איבער אַלע פּראָווינצען ד. ה. אַלץ, וואָס עס פלעגט ווערען פריהער בעשלאסען אויף דער פאלקס-פערזאַמלונג און אין סענאַט, איז יעצט געווען איינאַנצען אָבהענגיג פון צעזאַר'ס בעשלוס. אום שטענדיג צו ווייזען זיין גרויסקייט דעם פאלק, פלעגט צעזאַר קיינמאל נישט אַרויס אָהן דעם טריומפ-מאַנטעל פון פּורפּור מיט אַ גאלדענעם זוים און אָהן דעם קראַנץ אויפ'ן קאָפּ. דער סענאַט האט איהם אַנערקענט אַלס אַ האַלבען גאָט און לכבוד איהם און זיין נאָמען האט מען אויסגעבויט אַ נייעם טעמפּעל. צעזאַר האט מיט אַ כיון ערניעדריגט די וויכטיגקייט פון סענאַט. ער האט דארט אַריינגעזעצט גאַלישע אָפיציערען און ער פלעגט פרעגען דעם סענאַט'ס מיינונג נור דאַמאָלס, ווען עס פלעגט זיך איהם ווילען שפּיעלען אַ קאָמעדיע פון איינעם, וואס געהאַרכט כלומרשט דעם סענאַט. די בעפעלקערונג פון רוים האט ער געזוכט צו אַמוזירען (וויילען) מיט אַלערליי טעאַטער- און צירק-פארשטעלונגען און איטליכער רוימישער בירגער האט בעקומען פון איהם אַ טייערע מתנה.

צעזאַר האט נאר געפּלאַנט איינצופיהרען אין רוים די קעניגליכע מאַכט. ער האט דערום זיך צוגעגרייט צו אַ קריעג מיט די פּאַרטהען ביים טייך פרת, וואס האבען אָנגעהויבען צו ווערען געפעהרליך פאַר רוים. פאַ דעם דאזיגען קריעג האט ער געוואלט, אַז רוים זאל איהם קרוינען פאַר אַ קיסר איבער זיך. אַ טייל נאָבלע, וואס האבען געוואוסט פון זיינע פּלענער, האבען דאַמאָלס געמאַכט אַ געהיימען בונד צווישען זיך, וואס זייער ציעל איז געווען צו ערמארדען צעזאַר'ען. אן דער שפּיץ פון די בונטאָוושטשיקעס איז געשטאַנען דער בעסטער פריינד צעזאַר'ס ברוטוס און אַן'אָנהענגער פון אַמאָליגען פּאָמפּעיוס'ען, קאַסיוס. די פערשוואָרענע בונטאוושטשיקעס האבען איינמאל ביי אַ סענאַטס-זיצונג אַרומגערינגעלט צעזאַר'ען און איהם דערשטאָ-כען מיט זייערע דאָלכען (קינזשאַלען). דערזעהענדיג צווישען זיינע מערדער זיין פריינד ברוטוס'ן, האט צעזאַר אויסגעשריען: „אויך דו ברוטוס!" — און איז געפאַלען אַ טויטער.

נאר די אַלטע רעפּובליקאַנער האט זיך נישט איינגעבען אומצוקעה-רען די אַלטע רוימישע ארדנונג. די בעפעלקערונג פון רוים איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט געגען דעם מארד, בעזונדער, ווען זי האט ערפאַה-רען, אַז צעזאַר האט אבגעזאגט אין זיין צוואה זיין גאַנץ פעהמעגען דער שטאדט רוים.

די רעפּובליקאַנער, וואס האבען ערמארדעט צעזאַר'ען, האבען געמוזט אַנטלויפען פון רוים. זיי האבען אין מזרח צוזאַמענגעקליבען אַ גרויסען חיל. נור צעזאַר'ס פריינד אַנטאָניוס, און זיין יורש (אַ פלעמעניק פון צע-זאַר'ן) אָקטאַוויוס האבען בעזיעגט דעם דאזיגען חיל פון די רעפּובלי-קאַנער אין מאַקעדאניען. ברוטוס און קאַסיוס האבען זיך אַליין דערשטאָ-כען, ווי אַ מאל קאַטאָ. זייערע נעמען זענען דערנאָך געווארען אַ משל, ווען מען האט געבענקט אין רוים נאָך אַנ'עכטען טרייען רעפּובליקאַנער.

אויך צעזאַר'ס נאָמען איז געוואָרען דערנאָך דער טיטעל פון אַלע שפּעטערדיגע, וואָס האָבען געקעניגט איבער רוים. פון וואָרט צעזאַר, (גריכיש קעסאַר) שטאַמט אָב אונזער היינטיגער טיטעל „קיסר". די יורשים פון יוליוס צעזאַר'ען האָבען איהם פּראָקלאַמירט אַלס גאָט, אויף דעם אָרט, וואו מען האָט פערברענט זיין אַש, האָט מען אויסגעבויט אַ מזבח, וואָס איז געווען אַ צופלוכטסאָרט (אַ מין עיר-מקלט) פאַר פערברעכער און פער'משפט'ע, ווי די אַלע מזבחות און טעמפלען. ספּעציעלע כהנים האָט מען אַוועקגעשטעלט, וואָס האָבען געדאַרפט דיענען דעם נייעם גאָט.

די רעפּובליק האָט זיך שוין אין רוים נישט געקאָנט האַלטען. יעדער נייער מיליטערישער פיהרער האָט שוין געהאַט די מעגליכקייט אָבצוטהון דאָס אייגענע, וואָס סולאַ און צעזאַר. די גאַנצע פראַגע איז נור בעשטאַ-נען אין דעם, ווער פון די מיליטערישע פיהרער וועט זיך קאָנען אַוועק-שטעלען העכער פאַר די אַנדערע.

---

פיערטעס קאַפּיטעל.

## די רוימישע מלוכה פון 30-סטען יאהר פאר אונזער צייט־רעכנונג ביז צו 200 יאהר נאך א. צ.

נאָך די מלחמות צווישען די יורשים פון צעזאַר'ען וועגען דער אויי-בערהערשאַפט אין רוים האָט געזיעגט אָקטאַוויוס. 15 יאָהר נאָך צעזאַר'ס טויט איז ער געוואָרען דער אַליינהערשער איבער אַלע לענדער, וואָס

געהערען צו רוים. דערגרייכט האָט ער עס מעהר דורך געדולד און דיפּ־לאָמאַטישע מיטלען, איידער דורך געניאַלע מיליטערישע פֿעהיגקייטען.



בילד 9. די סטאַטוּע פֿון אָקטאַוויוס אין קאָסטיום פֿון אַן אימפּעראַטאָר און אין דער פּאָזע פֿון איינעם, וואָס רעדט צום פֿאָלק.

אָקטאַוויוס האָט נישט באַלד אָבגעשאַפֿט די אַמאָליגע אָרדנונגען פֿון לאַנד. צו זיין צייט האָט דער סענאַט בעקומען מעהר מאַכֿט, אָקטאַוויוס האָט זיך נור גערעכֿענט פֿאַר׳ן ערשטען אין רוים און אין דער מלוכה, און פֿאַר דעם אימפּעראַטאָר (אויבערפֿעלדמאַרשאַל) פֿון אַלע סאָלדאַטען אין לאַנד. ער האָט נאָך ניט אין גאַנצען צוריסען דעם בונד צווישען די רעכֿטען פֿון פֿאָלק און זיינע איינענע. ער האָט די סאָלדאַטען צושטעלט ביי די גרע־נעצען פֿון איטאַליען, און האָט זיך גע־מיהט, אַז דאָס פֿאָלק זאָל פֿערגעסען די צייטען פֿון אַ סילאַ און אַ צעזאַר.

די פֿאָלקס־פֿערזאַמלונגען האָבען אָבער אויפֿגעהערט זיך צונויפֿצוזאַמלען. כדי צו האָבען דאָס פֿאָלק פֿאַר זיך, האָט אָקטאַוויוס איצט גענומען אויף זיך אַלע הוצאות, וואָס קענען אַמוזירען דאָס פֿאָלק און וואָס קענען דאָס מאַכֿען פֿון צייט צו צייט זאַטער. דער ערשטער אין רוים (פּרינצעפּס, אויף לאַטיין) האָט גע־שפּייזט פֿון זיין איינענער קאַסע דעם שטאָדטישען פּראָלעטאַריאַט. זיינע בעאַמטע פֿלעגען צוטיילען אין פֿאָלק גאַנצע שפּייכלערס תבואה און עסענ־וואַרג. דער פּרינצעפּס האָט געמאַכֿט פֿאַר׳ן פֿאָלק צירק־פֿאָרשטעלונגען. נאָך אַ געלונגענעם קריעג פֿלעגט מען דעם פֿאָלק מאַכֿען יום־טובֿים אויף אַ מאָנאַט לאַנג. מיט דער צייט פֿלעגען שוין די יום־טובֿים צונעהמען כמעט אַ דריטעל, אָדער אַ העלפֿט טעג פֿון יאָהר.

## דער פּרינצעפּס און דאָס פֿאָלק.

דער געשמאַק פֿון רוימער איז געווען נישט דער ערך גרעבער, ווי ביי די גריכען. אין די טעאַטערען פֿלעגט מען שפּיעלען מוזיק, לייענען ליעדער, האַלטען רעדעס און הויפּטזעכליך אויפֿפֿיהרען פּאַנטאָמימעס, באַלע־

פּען און פֿאַנטאַסטישע שפּיעלערייען. נאָר מעהר פֿאַר אַלץ האָט ליעב גע-
האַט דאָס פֿאָלק יאַגערייען אויף די צווייַ-רעדער-וואָגענס און פֿערשיעדענע
בלוטיגע שפּיעלען. די ערשטע שפּיעלען פֿלעגען פֿאָרקומען אין צירקען,
די צווייטע אין אַמפּיטעאַטערען. בײדע בנינים האָבען געקענט אַרייַנ-
נעהמען אַ געוואַלטיגען עולם מענשען. דער גרויסער אַמפּיטעאַטער, וואָס
האָט געהייסען קאָלאָסעאום, און וואָס איז נאָך היינט נישט אינגאַנצען
חרוב געוואָרען, האָט געקענט אַרייַננעהמען ביז 200 טויזענד מענשען.



בילד 10. — אַמפּיטעאַטער. 1 — אַרענע. 2 — די ערטער פֿאַר'ן פּובליקום.

די פֿאָרשטעלונגען אין צירק פֿלעגען זיך אָנהויבען מיט אַ גרויסער
צערעמאָניע. פֿאָראויס פֿלעגט געהן אַ הויפּטמײַסטער, וואָס פֿלעגט עפֿענען
דאָס שפּיעל, נאָך איהם פֿלעגט מען פֿיהרען אויף פֿערפּוצטע עלפֿאַנטען
די געטער-בילדער און די סטאַטוען פֿון די צעזאַר'ען, אַרום פֿלעגען געהען
די כהנים. אין צירק פֿלעגט אויף אַ בעשטימטען יעהרענ-פּלאַץ זיך זעצען
דער פּרינצעפּס מיט זיין סוויטע און די סענאַטאָרען.

דאָס פּובליקום פֿלעגט איהם הויך בעגריסען. אַמאָל פֿלעגט אויך
פּאַסירען, אַז דאָס פֿאָלק פֿלעגט זיך ווענדען צום פּרינצעפּס מיט בקשות
און מיט טענות געגען די בעדריקער. דער פּרינצעפּס פֿלעגט שוין בע-
מערקען, זײַענדיג אין צירק, די גוטע אָדער שלעכטע שטימונג פֿון פֿאָלק,
און ווען עס איז נויטיג געווען, פֿלעגט ער זעהען דאָס פֿאָלק צו בערוהי-
גען. דער צירק איז געוואָרען אַ מין פֿאָלקס-פֿערזאַמלונג, וואָס עס האָט
שוין אויפֿגעהערט צו עקזיסטירען. דער פּרינצעפּס און דאָס פֿאָלק זענען
געווען די גאַנצע בעלי-הבתים פֿון צירק. דער פּרינצעפּס פֿלעגט געבען אַ
צייכען אָנצוהויבען. דאָס פֿאָלק פֿלעגט זיך טיילען אין פּאַרטײַען פֿאַר דעם
אָדער יענעם געליעבטען גלאַדיאַטאָר. אַלע צושויער, ביז צום פּרינצעפּס,
זענען געווען שטאַרק פֿעראינטערעסירט מיט די בלוטיגע שפּיעלען, פֿלעגען
רעש'ען און זיך שטאַרק אויפֿרעגען, פֿלעגען בעגריסען מיט התלהבות איי-

גלאַדיאַטאָר און פֿערשילטען מיט קללות דעם צוויַיטען. אַ סך פלעגען אויס־פּרעגען די כּהנים, פּ אָ ר א ו י ס - ז א ג ע ר, ווער פֿון די קעמפּפֿער וועט זיעגען.

די גלאַדיאַטאָרען־קאַמפּפֿען זענען געווען אַ ספּעציאַליטעט פֿון רוים. אַמאָל אין די בּאַרבּאַרישע צייַטען פֿון רוים פֿלעגט מען ברענגען אויף די קברים פֿון די געשטאָרבּענע קרבּנות פֿון שקלאַפֿען. שפּעטער פֿלעגט מען זיי הייסען זיך שלאָגען צווישען זיך, און דער קרבּן פלעגט פֿאַלען נאָך אַ קאַמפּף מיט אַ צווייטען שקלאַף. נאָך שפּעטער פֿלעגט מען שוין געבען אַזעלכע פֿאָרשטע־לונגען פֿאַר'ן פֿאָלק צו איטליכען יום־טוב. צו פּאָרוויַיז פלעגען זיך שלאָגען די שקלאַפֿען בּיז טוידט אַלס פֿערגעניגען פֿאַר'ן פֿאָלק. יוליוס צעזאַר האָט שוין איינמאָל מהנה געווען דאָס פֿאָלק דערמיט, וואָס ער האָט אַרויסגע־שטעלט 300 פּאָר גלאַדיאַטאָרען. נאָך צעזאַר'ען האָבען די שפּעטערע צע־זאַר'ס אַרויסגעשטעלט טייַלמאָל בּיז 5000 פּאָר. צווישען די גלאַדיאַטאָרען זענען געווען פֿער'משפּט'ע פֿערבּרעכער און שקלאַפֿען. טייל גלאַדיאַטאָרען פֿלעגט מען נאָך אַ פּאָר יאָהר אַרבּייַט אין די צירקען צוריקגעבּען די פֿריי־חייט. דאָס רוב גלאַדיאַטאָרען פֿלעגט מען פֿריהער אויסלערנען די מלאכה, צו קעמפּפֿען שען, שטאַרק און גראַציעז מיט אַ געגנער, אין ספּעציעלע שולען.

די פּרינצעפּסען נאָך אָקטאַוויוס'ען פֿלעגען אויסקלערען אַלץ נייַע און נייַע פֿערגעניגענס פֿאַר'ן פֿאָלק. מען פֿלעגט ברענגען ווילדע חיות פֿון די מדבּריות, זעלטענע פֿויגלען. אין די אַמפֿיטעאַטערען פֿלעגען זיך בּעוויַיזען לייבען, טיגערס, עלעפֿאַנטען, נאָזהאָרנס, זשיראַפֿען און שטרויסען. זיי פֿלעגט מען האַלטען אין די קעלערען פֿון די צירקען און פלוצלינג אַרויס־לאָזען אויף דער אַרענע פֿון אַמפֿיטעאַטער. אַקעגען זיי פֿלעגען אַרויס־יענער מיט וואָפֿען, אָדער מען פֿלעגט זיי איבּערלאָזען מיט די פֿער'משפּט'ע צום טוידט, וואָס האָבען זיך מיט לעדיגע הענד געמוזט מיט זיי ראַנגלען, בּיז די חיות האָבען זיי צוריסען. דאָס אַמפֿיטעאַטער איז געוואָרען אַ מין עפֿענטליכער אָרט, וואו מען דער'הרג'ט די פֿער'משפּט'ע.

אין די טעג פֿון פֿאָלקס־יום־טובים אָדער גרויסע פֿאָרשטעלונגען איז דאָס פֿאָלק געווען בּיי'ם פּרינצעפּס, ווי צ ו ג ע ס ט. איינמאָל האָבען 5000 שקלאַפֿען מיט ברענענדיגע פֿאַקעלען אין די הענד בּעגלייט די צו־שויער אַהיים. אין דער צייַט פֿון דער פֿאָרשטעלונג פֿלעגען זיך מיט אַ מאָל אָנהויבען שיטען פֿויגלעך, אַפֿריקאַנישע היהנער, עגיפּטישע ענט־לעך, אָדער אַ מאָל גאַר טויזענדער טאָגעס (מאַנטלען). אַ מאָל פֿלעגט מען

בעשענקען דאָס פֿאָלק מיט הילצערנע רעדלעך, וואָס דאָס איז געווען אַ מין בילעט צו בעקומען דערפֿאַר פֿון פּרינצעפּס קאַסע פֿלייש, תּבואה, קליידער, גאָלד, פּערל, טייערע שטיינער, בילדער, שקלאַפֿען, בהמות, לייבען און טיגערס, וואָס זענען אויפֿגעהאָדעוועט צווישען מענשען; אפילו שיפֿען, גאַנצע הייזער און שטיקער ערד.

חוץ דעם פֿלעגט נאָך דער פּרינצעפּס טיילען געלד צווישען פֿאָלק. אָקטאַוויוס האָט אַסך מאָל הונדערטער טויזענדער רוימער געשאָנקען צו 100, 200 און 300 רובל אויף אונזער געלד. סך־הכל האָט ער צוטיילט אין פֿאָלק אַ סומע פֿון $2^1/_2$ מיליאַרד.

דערנאָך ווי רוים האָט זיך בערוהיגט מיט דעם נייעם סדר, האָט אָקטאַוויוס זיך צוגעלעגט דעם טיטעל אויגוסטוס (ד. ה. דער עהרוויר־דיגער). דער אויבערהערשער האָט זיך שוין דערהויבען איבער אַלעמען, ער איז שוין געווען אַ הייליגער.

אין רוים איז געשטאַנען ביי איטליכען אָרט, וואו עס געהען זיך פֿונאַנדער די גאַסען, אַ מזבח פֿאַר די געטער (לאַרען), וואָס בעשירמען און בעשיצען דעם אָרט. אויגוסטוס האָט שוין בעפֿויהלען, אַז אין די תּפילות צו די לאַרען זאָל מען אויך בעטען ביי דעם גייסט פֿון דעם אימפּעראַטאָר, ד. ה. ביים גייסט פֿון רוים'ס בעשיצער. עס איז אַרוים אַ בעפֿעהל, אַז צוגלייך מיט דער געטין ראָמאַ זאָל מען דערמאָהנען דעם גייסט פֿון אויגוסטוס נישט נאָר אין רוים גופא, נאָר אויך אין אַלע פּראָווינצען און אין די טעמפּלען פֿון אַלע פֿעלקער און אמונות. דער שכל דערפֿון איז געווען, אַז אַלע זאָלען פֿיהלען פֿאַר רוים און פֿאַר איהר אויבערהערשער די גרעסטע אימה און פּחד.



בילד 11. די געטין ראָמאַ אין פֿולען פּאַראַד.

## דאָס רוימישע רייך (מלוכה).

אונטער דער רוימישער הערשאַפט האָט זיך איצט געפונען אַ מלוכה, וואָס איז געווען גרויס ווי האַלב איראָפּאַ, מיט 60 מיליאָן איינוואָהנער. צו איהר האָבען געהערט: שפּאַניען, פּאָרטוגאַל, פראַנקרייך און בעלגיען, (ביידע צוזאַמען האָבען געהייסען דאַמאָלס גאַליען), ענגלאַנד (וואָס האָט געהייסען בריטאַניען, און איז געוואָרען רוימיש 80 יאָהר נאָך אָקטאַוויוסען), איטאַליען, די שווייץ, דרום-עסטרייך — אונגאַרן, די גאַנצע באַלקאַן-אינזעל, אַ גרויסער טייל פון דער היינטיגער אַזיאַטישער טערקיי (חוץ דאָס לאַנד הינטער'ן פּרת), מצרים און דער גאַנצער ים-ברוך פון צפון-אַפריקאַ מיט מאַראָקאַ צוזאַמען (ביי די רוימער האָט זיך דאָס גערופען מוריטאַניען).

האָטש די מלוכה האָט זיך גערופען רוימישע אימפעריע, נאָר אין דער אמת'ען האָבען אויף איהר געהאַט די ממשלה די מיליטערישע קאָמאַנדירען און די שטאָדט רוים. קיין פעסטערען צוזאַמענבונד האָבען די לענדער צווישען זיך נישט געהאַט. זיי זענען געווען בעוואָהנט מינדעסטענס מיט 12 גרויסע פעלקער, חוץ איטאַליען מיט זיינע רוימער. אין די רוימישע בונד-פעלקער זענען געווען גריכען, איליריער (צווישען אַדריאַטישען ים און דונאַי), אַפריקאַנער (פעניצער, קאַרטהאַגער), יודען, גאַליער, שפּאַניער און אַנדערע. די מעהרערע פעלקער האָבען געהאַט זייער שפּראַך, זייער אמונה און זייערע מנהגים. נאָר די ווייניגער געבילדעטע פעלקער, ווי די גאַליער און די שפּאַניער, האָבען איבערגענומען די רוימישע שפּראַך און זענען געוואָרען דאָס, וואָס מען רופט היינט די ראָמאַנישע פעלקער?

די רוימער זענען שוין איצט זיכער געווען, אַז זיי זענען נאָר דאָ אויף דער וועלט אויף צו בעצווינגען אַלע פעלקער, אַלעמען אַרויסצוגעבען געזעצען און איבער אַלעמען צו קאָמאַנדעווען. ביים פּאָעט האָראַציוס געפינען מיר די ווערטער: „דאָס רוימישע וואַפען איז דערגאַנגען ביז צו די ברעגען פון דער בעוואָהנטער וועלט; אויף איין זייט פון די ברעגען איז שוין די לופט ווי פייער פון אַ קוימען און אויף דער אַנדערער — אַן'עוויגער נעבעל און אַ שטענדיגער רעגען". אויף רוימישע מטבעות פלעגט שוין זיין אויסגעשטעמפּעלט „דאָס עוויגע רוים". די רוימער האָבען מיט גאוה זיך גערימט, אַז בעצווינגענדיג די גאַנצע וועלט, האָבען זיי דערמיט אויסגעראָט דעם קריעג פון דער וועלט און געגעבען דער וועלט אַן'עוויגען שלום, אַ רוימישען פריעדען".

אויפ'ן מיטעללענדישען ים זעגען זיך אין אַלע ריכטונגען רוהיג געפאָהרען די האַנדעלס־שיפען. די שכנ'ישע לענדער פלעגען זיך בייטען מיט זייערע סחורות. שפּאַניען האָט געשיקט מעטאַלען, אַזיען — וואָל, אַפריקאַ און מצרים — תבואה. פון די גריכישע שטעדט פלעגט מען ברענגען כלים, פיינע אויסאַרבייטונגען, לוקסוס־זאַכען. רוים אַליין האָט וועניג וואָס פּראָדוצירט. רוים האָט געהאַט אַ סך אָנגערויבטע גאָלד און זילבער, חוץ דעם האָט מען איהר געצאָהלט אַ סך אָבגאַבען, און זי האָט נישט געדאַרפט אַליין אַרבייטען, און געקאָנט צאָהלען אַ גוטען מקח. אין מזרח — איז געוואָרען די הויפּט האַנדעלס־שטאָדט אַלעקסאַנדריען. אין אַפריקאַ קאַרטהאַגאַ, וואָס יוליוס צעזאַר האָט ווידער אויפגעבויט. אין גאַליען האָבען די רוימער ענטוויקעלט די היינטיגע שטאָדט ליאָן (לוגודון) צו אַ גרויסען צענטער.

אין סאַמע מיטען פון יעדעם פערהאַפּטען שטיק לאַנד פלעגען די רוימער אויפבויען אַ שטאָדט. די שטאָדט פלעגט ווערען דער אָרט פון די האַנדעלס־מערק, די שטעלע, וואו מען פלעגט ברענגען דעם אָבגאָב און וואו עס איז געווען דער געריכטס־אָרט. די דאָזיגע שטאָדט, אַ מין היינטיגע גובערניע־שטאָדט, איז געווען אַ קליינע קאָפּיע פון רוים: אַ סענאַט, אַ פאָר נאָבלע, אַ צירק, גרויסע בנינים פאַר שולען; פאַר עפענטליכער דעקלאַמאַציע, אַ וואַסער־לייטונג אויפ'ן געניטען רוימישען שטייגער. צוויי פּרעזידענטען (ווי די אַמאָליגע צוויי קאָנסולען אין רוים) פלעגען פיהרען די גאַנצע שטאָדט־פערוואַלטונג. די פּרעזידענטען פלעגען זיין אַזוי פרייגיביג פאַר'ן פאָלק, ווי דער פּרינצעפּס אין רוים. פאַר די וואַהלען פלעגט זיך אָבטהון דאָס אייגענע, וואָס אַמאָל אין רוים. איטליכער קאַנדידאַט פלעגט זוכען אַריינצוציהען דאָס פאָלק אויף זיין צד.

רייכע מענשען פלעגען זעהר אָפט אויסגעבען אַ סך געלד אויף צונויפצושטעלען ביבליאָטעקען. גריכישע און רוימישע ביכער פלעגען זיך דערום געפינען אין די ווייטעסטע ערטער פון רוים. אויף אייניגע ביכער זענען געווען אַ סך בעלנים. דער אַרויסגעבער פון אַזעלכע ביכער פלעגט לאָזען איבערשרייבען אַ סך עקזעמפּלאַרען אויף אַמאָל דורך זיינע שקלאַפען. איין שקלאַף פלעגט לייענען הויך דעם מאַנוסקריפּט, און צעהנדליגער געלערנטע שקלאַפען פלעגען איבערשרייבען וואָרט ביי וואָרט. מען פלעגט שרייבען אויף מגילות, ווי איצט אַ ספר תורה. די מגילה פלעגט מען אַ צונויפגעראָלטע אַריינלעגען אין אַ שיידעל פון ווייסען פּאַרמעט און פערצייכנען אויפ'ן שיידעל דעם טיטעל פון בוך.

## די יודען. *)

די בעצוואונגענע פֿעלקער האָבען זיך שוין צוגעוואָהנט צו זיין אונטער רוים׳ס ממשלה. קיינע בונטען, קיינע רעוואָלוציעס זענען במעט נישט פֿאָרגעקומען. נור די יודען האָבען זיך בשום אופֿן נישט געקאָנט בערוהיגען מיט דער ממשלה פֿון די געצענדיענער, וואָס האָבען נאָך דערצו אויף שריט און טריט בעליידיגט די יודישע אמונה.

די יודען האָבען שוין לאַנג פֿערלוירען זייער זעלבסשטענדיגקייט. אַסך פֿון יודישען פֿאָלק האָבען געלעבט ביים טייך פרת (אין בבל), אין מצרים אין קליין־אַזיען און אויך אין רוים גופא. צווישען די דאָזיגע יודען זענען געווען אַסך געלעהרטע, פֿילאָזאָפֿען, נביאישע גייסטער, וואָס האָבען פֿערשפרייט דעם גלויבען אין איין גאָט און די הויכע יודישע מאָראַל צווישען די גריכען און אַנדערע פֿעלקער. דאַמאָלס האָבען געלעבט אין מצרים אַסך יודען, וואָס האָבען געהאַט אַ שטאַרקען איינפֿלוס אויף די בעסערע מענשען פֿון זייער צייט, זייט דאָס יודישע פֿאָלק האָט זיך בעקענט מיט רוים דורך פּאָמפּעיוס׳ען, וואָס האָט זיך דערוועגט אַריינצוגעהן אין קדש־הקדשים פֿון בית־המקדש און האָט אויפֿגעפֿלאַקערט אין ירושלים אַ גרויסע שנאה צו די רוימער.

די רוימער האָבען צוערשט איבערגעגעבען די פֿערוואַלטונג פֿון פּאַלעסטינא די אָרטיגע מלכים, מיט וועלכע דאָס פֿאָלק איז נישט געווען שטאַרק צופֿריעדען, ווייל זיי האָבען זיך געחנפֿ׳עט צו רוים און גענומען מאַכען פֿון ירושלים אַ מין רוימישע שטאָדט מיט פֿאָרשטעלונגען, מיט אַ טעאַטער און מיט גריכישע בנינים. בעזונדערס שטאַרק האָט זיך אויסגעפֿיינט דערין דער קעניג הורדוס, וואָס האָט געשטאַמט פֿון אדום און האָט, פֿערנעהמענדיג דעם קעניגליכען טראָן, אויסגעראָט אלע יורשים פֿון די אַמאָליגע חשמונאים.

אַ יאָהר 80 פֿאַר אונזער צייטרעכנונג האָט רוים גענומען שיקען אַהין זיינע קאָנסולען. איינער פֿון זיי איז געווען דער בעריהמטער פּאָנטיוס פּילאַטוס, וואָס האָט געלעבט צו ישו הנוצרי׳ס צייטען.

די פּאָדריאַטשיקעס, וואָס האָבען אָבגעקויפֿט די שטייערן, האָבען געצויגען פֿון דער בעפֿעלקערונג דעם לעצטען גראָשען. חוץ דעם האָט די

*) מיר בעגנוגענ׳ען זיך מיט קורצע ווערטער וועגען דעם לעצטען אידישען חורבן, ווייל די „יודישע געשיכטע" וועט זיך ספעציעל דערמיט פערנעהמען; אין דעם ביכעל האָבען מיר צו בעלויכטען נאָר רוים און די רוימער.

יודישע בעפעלקערונג שטארק געליטען דערפון, וואס די רוימער האבען געשענדעט זייערע הייליגטימער און זייער אמונה. דער רוימישער שטאט-האלטער אין פאלעסטינא האט געוואלט מאכען א סטאטיסטיק (א קאפ-צעה-לונג) פון דער בעפעלקערונג, כדי ער זאל קענען ארויפלעגען א קאפ-שטייער. די יודישע פערטרעטער זענען געווען, ווי ס'פערשטעהט זיך, געגען דעם, ערקלערענדיג דיפלאמאטיש דעם קאנסול, אז לויט דער יודישער אמונה טאר מען נישט צעהלען די בעפעלקערונג. די רוימער האבען געוואלט אויפנעהמען די שטייערן פון דער ערד, נאר לויט דער יודישער תורה קאן מען אזא ערד-שטייער איינפיהרען נאר לטובת דעם בית-המקדש. האבען די יודען זיך געפרובט ווערען געגען די שטייער-איינגעהמער. ביי איטליכער בריק און אומעטום, וואו עס איז געקומען דער שטייער-איינגעהמער, פלעגט ווערען א סקאנדאל און מאנכמאל פלעגט עס קומען ביז צו א בלוטיגער מרידה. דאמאלס האבען די רוימער אוועקגעשטעלט אין ירושלים זייער גארניזאן סאלדאטען און גלייכצייטיג האבען זיי געוואלט בעפעסטיגען צום בית-המקדש זייער הערב, דאס בילד פון אנ'אדלער, נאר די יודען האבען דאס נישט געקאנט צולאזען — אזא הערב איז געווען א בעליידיגונג פאר דער הייליגער שטאדט און א פערשוועכונג פון בית-המקדש.

פילאטוס, בעקומענדיג די קאנסול-שטעלע אין ירושלים, האט גענומען אויף זיך מיט געוואלד איינצופיהרען די רוימישע צייכענס מיט'ן בילד פון אימפעראטאר. ער האט זיי געהייסען ביינאכט אוועקשטעלען נעבען בית-המקדש. באלד אויף מארגען האט שוין ירושלים געקאכט. מען איז געקומען אנצולויפען פון אלע ארומיגע דערפער. די פערטרעטער פון ירושלים האבען באלד בעשלאסען אוועקצוגעהען צום קאנסול, וואס האט געוואהנט צעהנדליגער ווייארסט פון ירושלים. 5 מעת-לעת איז דער יודישער המון גע-שטאנען פאר פילאטוס'עס פאלאץ און האט הויך געפאדערט, אז מען זאל דערוועקערען די רוימישע בילדער. פילאטוס האט געהייסען אריינגעהען די יודען אין צירק, ווי כלומר'שט ער וויל זיך מיט זיי דורכרעדען. ווי דאס פאלק איז אבער נאר אריין אין צירק, האט זיי פילאטוס ארומגערינגעלט מיט סאלדאטען און האט בעפויהלען דעם חיל צו ענטבלויזען זייערע וואפען. דאמאלס, זעהענדיג, אז עס איז ניטא קיין רעטונג, האבען די יודען זיך אנידערגעווארפען אויף דער ערד און האבען אויסגעשטרעקט זייערע העלזער, און זיי האבען דערביי ערקלערט, אז זיי וועלען געהען גיכער שטארבען, איידער דערלאזען, אז מען זאל שענדען זייער אמונה און תורה. פילאטוס איז א צומישטער געווארען פון אזא גלויבענס-שטארקייט און ער

האָט די יודען דאָסמאָל נאָכגעגעבען. די רוימער פלעגען זיך שטאַרק וואונדערן אויף די יודישע עקשנות, זיך נישט אונטערצוגעבען קיין פרעמדע מנהגים און איינפלוסען. צו דער צייט, ווען רוים האט פערנומען ירושלים, איז אַלץ שטאַרקער געוואָרען ביים יודישען פאָלק דער גלויבען אין משיח'ן. דאָס פאָלק האט געחלומט פון אַ משיח בן דוד, וואָס דאַרף אומקעהרען דעם יודישען פאָלק זיין אַמאָליגע גרויסקייט און זעלבסטשטענדיגקייט.

אין פּאַלעסטינאַ האָבען זיך דאַן איינגעפונען צוויי הויפּט-פּאַרטייען, איינע, וואָס איז געווען פאַר'ן שלום מיט רוים, די רייכע געלערנטע פּרושים-פּאַרטיי, און אַ צווייטע פאָלקס-פּאַרטיי, די פּריצים, בריונים, וואָס זענען געווען פאַר אַ קריעג מיט רוים.

מיט איטליכען יאָהר איז אַלץ געשטיגען דער איינפלוס פון די פּריצים און געפאַלען דער איינפלוס פון די געמעסיגטע פּאַרטייען. אַ יאָהר 30 דערנאָך, ווי מען האָט פער'משפט ישו הנוצרי, דעם בעגרינדער פון היינטי-גען קריסטענטום, האָט זיך אנגעהויבען אין פּאַלעסטינאַ אַ רעוואָלוציע גע-גען די רוימער. די רוימישע גאַרניזאָנען, וואָס זענען געווען אין לאַנד, האָט מען אויסגעראָט און רוים האָט געמוזט שיקען אַ גרויסען חיל פון אויסווערטס. צוויי פעלדמאַרשאַלען (שפּעטער זענען זיי געוואָרען צע-זאַרען) האָבען בעלאַגערט פּאַלעס-טינאַ, דערנאָך ירושלים: וועס-פּאַסיאַנוס און זיין זוהן טיטוס. דאָס אידישע פאָלק האָט פער-טיידיגט יעדער אייל פון זיין לאַנד. די אידען האָבען אַרויסגעוויזען אַזאַ העלדישקייט, דאָס די גאַנצע רוימי-שע אימפּעריע איז געווען פעראינ-טערעסירט מיט דעם סוף פון דיזען קריעג פון גרויסען עוויגען רוים מיט דעם קליינעם אידישען פאָלק.




בילד 12. דעם טריומף-בויגען פון טיטוס, וואָס האָט צושטערט ירושלים.

ענדליך אין 70 יאָהר נאָך אונ-זער צייט-רעכענונג זענען די רוימער אַריינגעדרונגען אין ירושלים, איינגענומען די פעסטונגען און די מויערן אַרום בית-המקדש, און האָבען זיך מורא'דיג נוקם געווען אָן דעם העלדי-שען עקשנות'דיגען אידישען שונא. טיטוס וועט עוויג בלייבען אין דעם

געשיכטע מיט דעם שווארצען פלעק פון א מענשען, וואס האט חרוב געמאכט דאס הייליגסטע פון א פאלק, וועלכעס האט געהאט די העכסטע מאראל און דעם טיעפסטען ריינסטען גלויבען אין א איינציגען גאט; פון א א פאלק, וואס איז געוועזען דאס איינציגע ריין-רעליגיעזע פאלק אונטער אלע געצענדינערישע מזרח-פעלקער.

די רוימער האבען זיך אכזריות'דיג נוקם געווען אין די אידען. א גרויסע צאהל בעפעלקערונג איז געווארען פערשקלאפט און פערטריבען פון לאנד. דעם בית המקדש און כמעט גאנץ ירושלים האט מען געמאכט גלייך מיט דער ערד. — נישט קוקענדיג אבער אויף דעם אלעם, האבען די יודען אין 50 יאהר ארום ווידער געמאכט א מרידה געגען רוים. דאס גאנצע יודענטום אויפ'ן מזרח האט ערקלערט רוים דעם קריעג (בר־כוכבא איז געווען דער פיהרער פון דער מרידה) און רוים האט ווידע געהאט צו קעמפפען מיט דעם פערוואונדעטען יודישען לייב, וואס האט זיך בשום אופן נישט געוואלט אונטערגעבען. דאמאלס האבען שוין די רוימער בעשלאסען נישט צו לאזען פון פאלעסטינא קיין שריד ופליט אויפ'ן ארט פון ירושלים האט מען אויפגעבויט א נייע רוימישע שטאדט און א נאמען געגעבען קאפיטאליניען, לכבוד דעם רוימישען גאט יופיטער, און די שטאדט האט מען הויפטזעכליך בעזעצט מיט פרעמדע פעלקער, וואס האבען נישט קיין שייכות צום אידישען פאלק.

## די גערמאנען.

בשעת די רוימער זענען אריבער די אלפען און האבען בעזיעגט גאליען און אילירען — האבען זיי זיך בעגעגענט מיט פערשיעדענע פעל־קערשאפטען. צווישען זיי זענען געווען די וויכטיגסטע די גערמאנען. צום ערשטען מאל האבען די רוימער זיך בעקענט אויף דער איינענער ערד מיט די גערמאנען צו מאריוס'עס צייטען. שפעטער האט יוליוס צעזאר געמאכט אפט קאמפפען מיט זיי, וואס פלעגען קומען פון הינטער'ן טייך רהיין אין גאליען ראבעווען און גזלנ'ען.

די גערמאנען זענען צו יענער צייט געווען אזעלכע ווילדע מענשען, ווי די היינטיגע מיטעל-אפריקאנישע פעלקער. זיי האבען נאך נישט פער־שטאנען גוט צו בעארבייטען די פעלדער און פלעגען לעבען פון געיעג און פישפאנג. שטענדיג פלעגען זיי זיך רייסען צווישען זיך צוליעב די זאלץ־גרובען אין זייער לאנד. דערביי האבען זיי נאך נישט פערשטאנען, ווי צו בעארבייטען דעם רויהען זאלץ.

די גערמאַנען האָבען געלעבט אין ערד-געצעלטען, וואָס זיי פלעגען צודעקען מיט שטרוי, מיט מיסט פון בהמות א. ז. וו. אָדער זיי פלעגען וואָהנען אין אַזעלכע ביידלעך, וואָס מען פלעגט קאָנען מיטנעהמען מיט זיך אין וועג. זייער לאַנד איז געווען בעדעקט מיט געדיכטע וועלדער און מיט זומפען. אַזוי ווי די גערמאַנען האָבען נאָך נישט פערשטאַנען אויסצו-נוצען די ערד, פלעגען זיי וואַנדערען פון איין אָרט אין אַנדערען. זיי זענען געווען וואַנדערענדע אַקערבויער. צווישען די פערשיע-דענע שבטים פון די גערמאַנען האָט שטענדיג געהערשט אַ קריעגס-צו-שטאַנד. זיי פלעגען, זוכענדיג נייע ערטער, זיך אָפט אָנשטויסען איינער אויפ'ן אַנדערען, און דערביי איינער דעם אַנדערען אויסראָטען עד חרמה. איינמאָל, צום ביישפיעל, איז אויסגעראָט געוואָרען אַ שבט פון 60 טויזענד מענשען. אַלע פרייע גערמאַנען זענען דערום געווען סאָלדאַטען. די סאָל-דאַטען פלעגען אויסקלויבען אַ פיהרער אויף דער צייט פון אַ קריעג, אָדער אַ רויב-צוג, און פלעגען איהם געבען דעם נאָמען, הערצאָג. אַנדערע שבטים פלעגען אויסקלויבען פיהרער אויף שטענדיג, און זיי האָבען גע-הייסען ביי זיי קאָנוּג (קעניג). דער פיהרער האָט געהאַט זיין סוויטע, וואָס איז בעשטאַנען פון די שטאַרקסטע, יונגסטע און בעסער בעוואָפענטע סאָלדאַטען. די סוויטע פלעגט זיך צוזאַמענשטעלען פון יונגע לייט פון אַלערליי גערמאַנישע שבטים, וואָס פלעגען וועלען דיענען ביי אַ פאָפולע-רען פיהרער.

## גערמאַנען און רוימער.

די רוימער וואָלטען גאָרנישט געהאַט וואָס צו זוכען ביי די גערמאַ-נען, ווען די גערמאַנען וואָלטען נישט אָפט געראַבעוועט דאָס רוימישע גאַליען. מען האָט זיי געמוזט מאַכען אונטערטעניג, כדי אָבצוהיטען גאַליען פון שטענדיגע רויב-אָנפאַלען. די רוימער האָבען צוערשט נישט געהאַט קיין שום פאָרשטעלונג פון דער גרויס פון דעם דאָזיגען לאַנד, דערום האָבען זיי מיט די גערמאַנען גאָר נישט געקאָנט מאַכען. צו דער צייט פון אויגוס-טוס'עס ממשלה האָבען די גערמאַנען אַריינגענאַרט דעם רוימישען שטאַטהאַל-טער וואַרוס מיט 20 טויזענד רוימישע סאָלדאַטען אין טייטאָנער וואַלד און זיי אַלעמען אויסגעקוילעט (9. פון א. צ.).

די רוימער האָבען זיך גענומען שטאַרק אינטערעסירען מיט די גער-מאַנען. אַ יאָהר 100 נאָך אויגוסטוס האָט דער בעריהמטער רוימישער שריפטשטעלער טאַציטוס פערפאַסט אַ בעשרייבונג פון דעם לעבען און די

זיטען בײַ די גערמאַנען. ער לויבט שטאַרק די העלדישקײַט און געזונדהייט פֿון די גערמאַנען און שטעלט זײַ אַרױס אַלס אַ מוסטער פֿאַר די רױמער.

דערנאָך װי די רױמער האָבען אַ פּאָר מאָל גע׳רודפ׳ט די גערמאַנען ביז אין זײער לאַנד אַריין — האָבען זײַ בעשלאָסען זיך צו פֿערפֿעסטיגען פֿון זײַ, כּדי גאַליען זאָל האָבען רוה פֿון זײערע רױב-צוגען.

אויף דער צפֿונ׳דיגער גרענעץ אין דער לענג פֿון רהײַן און דונאַי האָט מען אױעקגעשטעלט מעהר װי אַ העלפֿט פֿון רױמישען היל. — אין געװיסע פּונקטען האט מען אויסגעבויט פֿעסטונגען. װאו עס זענען נישט געװען קײַן נאַטירליכע מניעות פֿאַר׳ן װאַנדערענדען גערמאַנען האט מען געמאַכט קינסטליכע צױמען און פֿאָרטען. בײַ די גרענעצען פֿלעגט מען נישט נור זיך שלאגען כּסדר, די װילדע גערמאַנען פֿלעגען אױך קומען קױפֿען און בײַטען סחורות. אַסך גערמאַנען, זוכענדיג אַרבײַט און ערד, פֿלעגען אָפֿט געהען דינען בײַ די רױמער, אַלס סאָלדאַטען. די גערמאַנען, װאס האבען געװאָהנט בײַ דער גרענעץ, האבען אַסך זאַכען איבערגענומען בײַ די רױמער, װי, למשל, מאַכען מיהלען, מיסטיגען די פֿעלדער, פֿערפֿלאַנצען װײַנשטאָקען, פֿרוכטבױמער, באַקען ברויט, בויען שטיינערנע בנינים, געברױכען אין שטוב טישען, בענק, שאַפֿעס, א. אַז. װ.

די רױמישע לאַגערן, װאָס זענען געשטאַנען בײַ דער גרענעץ, זענען מיט דער צײַט געװאָרען נאָרמאַלע שטעדט און דערפֿער. פֿון די באַזאַרען און קראָמען בײַ׳ם לאַגער איז געװארען אַ מין פֿ אָ ר ש ט אַ ד ט. דער לאַגער גופֿא, פֿון לאַנגען שטעהען אויף איין אָרט, האט זיך פֿערװאַנדעלט אין אַ שטאָדט. עטליכע בעפֿעסטיגטע פּונקטען זענען מיט דער צײַט געװאָרען גרויסע שטעדט, װי למשל, קעלן, שטראַסבורג, װיען און בודאַפּעשט.

**די אימפּעראַטאָרען נאָך אויגוסטוס׳ען. (די ערשטע 100 יאָהר פֿון א. צ.)**

אויגוסטוס איז געשטאָרבען אין 17 יאָהר פֿון א. צ. — די אָרדנונג, װאָס ער האט פֿעסטגעשטעלט, האט זיך געהאַלטען 300 יאָהר נאָכאַנאַנד. חאָטש אויגוסטוס האט געהאַט דעם טיטעל אימפּעראַטאר, נור די סאָלדאַטען אין קריעג האָט ער נישט אַלײן אָנגעפֿיהרט, נור זײַנע גענעראַלען. אַזוי האָבען זיך אויך נוהג געװען די מײַסטען פֿון זײַנע נאָכפֿאָלגער. די אימפּעראַטאָרען האבען געלעבט אין זעהר פּרעכטיגע פּאַלאַצען אין רױם, װי אין די זומער-פּאַלאַצען אין איטאַליען, צוזאַמען מיט זײערע הויף-לייט און סוויטע. אָבער דער רױמישער סאָלדאַט האט גוט געדענקט, װער עס האט געמאַכט אין רױם דעם אימפּעראַטאָר. װי אײַנער זאל נישט װערען אַן׳אימפּעראַטאר,

צי ירשנ'ענדיג דעם פאטערס שטעלע, אדער ווערענדיג אויסגעקליבען פון סענאט, — ווען די סאלדאטען זענען נישט געווען מיט איהם צופריעדען, האט זיין גדולה ניט געהאט קיין קיום.

נאך אויגוסטוס'ען האט די גווארדיע אין רוים פראקלאמירט איין אימפעראטאר נאכ'ן אנדערען. נאך אויגוסטוס'ען איז געווען אימפעראטאר טיבעריוס, נאך טיבעריוסען,—א קרוב פון צעזאר'ען און אויגוסטוס'ען, קאליגולא (א האלבער משוגענער), נאך איהם—קלודיוס, און נאך קלוידיוס'ען, וועלכען מען האט פערגיפטעט—נעראן. נאר די לעגיאנען ביי דער גרענעץ האבען זיך אקעגענגעשטעלט דעם לעצטען אימפעראטאר פון דער פאמיליע אויגוסטוס, געגען אימפעראטאר נעראן (40 יאהר נאך אויגוסטוס'עס טוידט).

נעראן איז געווארען א צוגלייכעניש אין דער געשיכטע צו אל-דאס בייז, וואס א טיראן איז בכח אבצוטהון. ער פלעגט אנגעהמען מסירות פון שקלאפען געגען סענאטארען, פלעגט זיי פערמשפט'ען צום טוידט און קאנפיסקירען זייערע גיטער. אזוי האט ער איינמאל צוגענומען פאר זיך א העלפט פון א פראווינץ אין אפריקא, וואס האט געהערט צו 6 גוטסבעזיצער. צו זיין צייט איז געווען דער בעסטער עסק צו זיין א מוסר, וועלכען ער פלעגט בעשענקען מיט'ן פערמעגען פון פער'מסר'טען. מיליאנען פלעגט ער ארויסווארפען אויף פערשיעדענע משוגע'נע קאפריזען. אלע אין רוים האבען געזאגט פון איהם, אז נעראנ'ס פיהרונג איז נישט די פיהרונג פון ערשטען מענשען אין רוים, ווי אויגוסטוס האט געטראכט, נור די דרכים פון א דעספאט און א טיראן. צו נעראנ'ס צייטען איז ברויט געווארען טייער אין רוים און די הויפטשטאדט איז געשטאנען פאר א הונגער. מען דערצעהלט, אז בעת דאס פאלק האט מיט אונגעדולד געווארט אויף די שיפען מיט תבואות, וואס האבען געדארפט קומען פון מצרים, האט עס ווירקליך דערזעהען קומען שיפען פון אלעקסאנדריען, אבער זיי האבען נישט געבראכט קארן און ווייץ, נור זעם זאמד פון טייך נילוס, וואס נעראן האט בעשטעלט פאר זיינע צירקוס-ארענעס.

די לעגיאנען, וואס זענען געשטאנען ביי דער גרענעץ, האבען אויסגעקליבען זייערע צוויי פיהרער אלס אימפעראטארען און האבען זיך געלאזען געהען אויף רוים.

נישט קוקענדיג דערויף, וואס נעראן האט געהאט אלעמען אקעגען זיך, האט ער זיך נאך ווי עס איז געהאלטען אין רוים און זיינע קאפריזען און משוגעת'ען זענען געווארען אלץ ווילדער און שרעקליכער. נעראן איז בעקאנט אין דער געשיכטע דערמיט, וואס ער האט צוליעב א פוסטען

קאַפּריז אונטערגעצונדען זײַן אייגענע הויפּטשטאָדט (67 פֿ. א. צ.). נעראָן האָט זיך געהאַלטען פֿאַר אַ גרויסען קינסטלער און ער האָט געוואָלט בײַ די פֿלאַמען פֿון רוים געפֿינען די נויטיגע בעגײַסטערונג פֿאַר אַ גרויסער פּאָעמע, און דערום האָט ער בעפֿוילען זיינע דיענער אונטערצו־צינדען רוים.

ווי באַלד אָבער עס זענען געקומען די לעגיאָנען אין רוים, האָט שוין נעראָן געמוזט אָבטרעטען. ער האָט זיך אַליין דערשטאָכען. נאָך איהם האָט זיך אָנגעהויבען אַ מלחמה צווישען די בײדע אימפּעראַטאָרען, ווי אַ מאָל צווישען פּאָמפּעיוס און צעזאַר'ען. די גערמאַנער לעגיאָנען האָבען אַרויסגעשטעלט זײערען און די סירישע—זײערען, וועספּאַסיאַנוס, וואָס האָט געקעמפֿט דאַמאָלס מיט ירושלים. וועספּאַסיאַנוס האָט געזיעגט און ער איז געוואָרען נאָך אַ מעכֿטיגערער צעזאַר, ווי די פֿריהערדיגע. נאָך איהם איז געווען אַ קורצע צײַט אימפּעראַטאָר זיין זוהן טיטוס, וואָס האָט חרוב געמאַכט דעם בית־המקדש, און זײַן יונגערער זוהן דאָמיניציאַנוס. נאָך דאָמיניציאַנוס'ען איז אויסגעקליעבען געוואָרען פֿון סענאַט דער סענאַטאָר (נישט אַ פֿעלדמאַרשאַל) נערוואַ, נור פֿיהלענדיג, אַז ער מוז זיך שטיצען אויפ'ן חיל פֿון רוים, האָט ער געזעצליך ערקלערט דעם פֿעלדמאַרשאַל טראָיאַנוס פֿאַר זײַן זוהן. ער איז געוואָרען נאָך איהם אימפּעראַטאָר.

## טראָיאַנוס (98—117 יאָהר נאָך אונזער צײַט־רעכֿנונג).

אין די 100 יאהר נאָך אויגוסטוס'ען האָבען די רוימישע וואַפֿען אַליין געהאַט נײַע און נײַע נצחונות. דער לעצטער רוימישער פֿעלדמאַרשאַל, וואָס האָט געהאַט נצחונות, איז געווען טראָיאַנוס. ער האָט פֿערלעבט זײַנע בעסטע יאָהרען בײַ די צפֿון־גרענעצען אין שטענדיגע מלחמות. ער איז געווען אַנ'אויסגעצייכֿענטער סאָלדאַט און פֿעלדמאַרשאַל.

צווישען די קאַרפּאַטען־בערג און דונאַי האָבען געלעבט די דאַציער (אין הײַנטיגען רומעניען), זײער לאַנד האָט געהאַט רײַכֿע מעטאַל־גרובען; זײ פֿלעגען האַנדלען מיט די גריכֿען; רוימישע אַרבײַטער האָבען געבויט פֿאַר דעם קעניג זײערען שטאַרקע פֿעסטונגען. די דאַציער האָבען אָנגעהויבען צו ווערען געפֿעהרליך פֿאַר רוים'ס מאַכֿט. צו זײ האָבען זיך געצויגען די פֿעלקער פֿון באַלקאַנער האַלב־אינזעל, וואָס האָבען געלעבט אויף דרום־זײַט פֿון דונאַי.

טראָיאַנוס האָט בעשלאָסען צו פֿערניכֿטען די דאַציער, און נאָך אַ שווערען קריעג האָט ער אויסגעפֿיהרט זײַן פּלאַן. די דאַציער האָט מען

פֿערטריבען פֿון זייער לאַנד; כמעט אַ העלפֿט דאַציער האָט מען אוועקגע־לעגט אין דער מלחמה. זייער לאַנד האט מען בעזעצט מיט רוימישע קאָ־לאָניסטען און אַסך רוימישע סאָלדאַטען מיט זייערע פֿאַמיליעס. און דאָטש רוים האָט פֿערלאָרען די פּראָווינץ אין 200 יאהר אַרום נאָך טראַיאַנוס׳ען, נור די שפּורען פֿון רוים׳ס ממשלה זענען נאָך געבליעבען ביז היינטיגען טאג. דאס פֿאָלק, וואס וואָהנט היינט דאָרט, רופֿען זיך רומענער (ד. ה. ראָמענער, רוימער). טראַיאַנוס׳עס נאָמען לעבט נאך עד־היום אין די לעגענ־דען פֿון ניעדער־דונאַי און פֿון די קאַרפּאַטען־בערג.


בילד 13. טראַיאַנוס־קאָלאָנע.

אַלס זכר פֿון טראַיאַנוס׳עס מלחמות הינטערן דונאַי שטעהט נאָך ביז היינטיגען טאָג די טראַיאַנוס־קאָלאָנע (זעהט בילד) אין רוים. די פֿיגור פֿון אימפּעראַטאָר האט מען פֿאַר 300 יאָהר פֿערביטען מיט דער פֿיגור פֿון אַפּאָסטאָל פּעטרוס. נאָך טראַיאַנוס׳ען איז געווען אימפּעראַטאָר אַדריאַן (117—138 פּ. א. צ״ר), וואס אין זיין צייט איז אויסגעבראָכען די מרידה פֿון בר־כוכבא (132—135 פּ. א. צ.)

## רוים צו דער צייט פֿון דער אימפּעריע.

אין די צייטען פֿון די אימפּעראַטאָרען איז רוים נאָך גע־ווארען ברייטער ווי צו דער צייט פֿון די רעפּובליקאַנער. אין רוים האבען זיך שוין איינגעפֿונען אַזעלכע געוואַלטיגע בנינים, פֿון וועלכע גריכענלאַנד האט נאָך נישט געהאַט קיין שום בעגריף. די רוימישע אַרכיטעקטען האבען ענטדעקט דאס געזעץ צו מאַכען האַלב־רונדע און רונדע דעכער, דאס וואס מען רופֿט אָן אין דער בויקונסט אַ בויגען (אַ סוואָד). צו אויגוסטוס׳עס צייטען האט מען אויפֿגעבויט דעם פּאַנטעאָן, אַ צענטראַלען טעמפּעל פֿאַר אַלע געטער, וואָס זענען אָנגענומען אין רוים. די אימפּעראַטארען פֿלעגען בויען צום זכר פֿון זייערע נצחונות גרויסע שטיי־נערנע טריומפֿ־אַרקען און זיילען. אין פֿערשיעדענע טיילען פֿון שטאָדט פֿלעגען שטעהען די גרויסע טערמען (בעדער מיט זאַלען פֿאַר גימנאַסטיק אַרומגערינגעלט פֿון גערטנער), וואס פֿלעגען פֿערנעהמען גאַנצע קוואַרטאַלען פֿון שטאָדט. אויף מאַנכע פֿלעצער זענען געשטאַנען די שענע בנינים, וואס מען האט זיי אנגערופֿען באַזיליקען, וואס זענען געווען אַ מין עפֿענט־ליכע מלוכה־פּאַלאַצען, וואו עס פֿלעגען זיצען די ריכטער און וואו מען פֿלעגט קומען הערען די רעדעס פֿון בעריהמטע אַדוואָקאַטען. אין די זייטי־

גע גאַליעריען פֿון די באַזיליקען פֿלעגען זיין קראַמען, אין אַ צווייטען זאַל די בערזע א. אַז. וו. די שפּעטערדיגע קריסטליכע קלויסטערס האט מען געבויט נאָכ׳ן טיפּ פֿון די דאזיגע בנינים.

ווען אין די לענדער אַרום מיטעללענדישען ים האט זיך בעפֿעסטיגט די רוימישע אימפּעריע,—צו די צייטען פֿון פּאָמפּעיוס און יוליוס צעזאַר—האבען זיך די רוימער גענומען שטאַרק אָבשיידען פֿון זייערע אונטערטעניגע פֿעלקער. רוימער האבען זיך נאר אָנגערופֿען די בעפֿעלקערונג פֿון איטאַליען; איטאַליען איז געווען דער מושל איבער אַלע לענדער, וואס אַרום מיטעללענדישען ים.

פֿון יענער צייט האבען זיך די רוימער פֿערשפּרייט איבער דער גאַנצער דאַמאָלסדיגער וועלט, ווי היינט די ענגלענדער אין זייערע קאָלאָניעס. ענדליך 100 יאהר נאך טראַיאַנוס׳עס טוידט האט מען אַלע פרייע בירגער פֿון דער אימפּעריע ערקלערט פֿאַר רוימישע בירגער. דאס אַלטע רוימישע פֿאלק איז בטל געווארען צווישען די אַנדערע, מען קאן זאגען, עס האט אויפֿגעהערט זעלבסטשטענדיג צו עקזיסטירען. איטליכער, וואס האט גערעדט לאַטיין, האט געהייסען רוימער.

צוליעב דעם אומגאַנג מיט פֿרעמדע פֿעלקער און קולטורען זענען די רוימער געוואָהנט געווארען זיך צו צופּאַסען צו די מנהגים און צו די געזעצען פֿון פֿערשיעדענע לענדער. דער רוימישער ריכטער איז געווען אַן אָנגעפּראַקטיצירטער מענש. צווישען זיי האבען זיך געפֿונען אַזוינע געלעהרטע, וואס האבען שטודירט דעם גייסט און דעם שכל פֿון די געזעצען. מען האט זיי גערופֿען יוריסטען. די אימפּעראַטאָרען פֿלעגען זיך נישט קענען בעגעהן אָהן יוריסטען. צו זיי פֿלעגען אויך זיך ווענדען מענשען פֿון פֿערשיעדענע לענדער און פֿעלקער.

ווען די רוימישע יוריסטען אין דער צייט פֿון דער אימפּעריע פֿלעגען רעדען וועגען מענשענרעכט, פֿלעגען זיי שוין נישט האַלטען פֿון דעם אַמאָליגען הארבען רעכט. זיי פֿלעגען שוין קלערען, אַז דאס רעכט זאל זיין נוצליך נישט נור פֿאַר אַ געבוירטיגען רוימער, נור אויך פֿאַר פֿרעמדע. נאך די אַלטע השגות האט נאר דער אַ רעכט צו זיין פֿריי און צו האבען אַ פֿערמעגען, ווער עס האט זיך דערקעמפֿט דערצו, אדער ווער עס האט דאס גע׳ירשנ׳ט פֿון איינעם, וואס האט זיך דערצו דערקעמפֿט. דער מענש ווערט נישט געבוירען מיט די פֿאַרטיגע רעכט אויף פֿרייהייט און פֿערמעגען. די רוימישע יוריסטען האבען אבער שוין געגעבען צו פֿערשטעהן, אַז איטליכער ווערט געבוירען מיט די רעכט צו זיין פֿריי און צו

האבען אַנ'איֵיגען פֿערמעגען. די דאזיגע רעכֿט נעהמט מען זיך נישט מיט וואַפֿען אין די הענד, נור זיֵי שטאַמען פֿון דעם, וואס יעדער מענש האט זיין איֵיגענע מענשען-ווערדע. אין דער הינזיכֿט זענען אַלע מענשען גליֵיך און האבען אַלע גלייכֿע רעכֿט.

---

## פינפֿטעס קאַפּיטעל.

## דאס רוימישע רייך און די באַרבאַרען,

### דאָס קריסטענטום פֿון 200—400 יאָהר פֿון א. צ"ר.

נאָך טראָיאַנוס'ען, דעם ערשטען אימפּעראַטאָר, וואָס איז געבוירען געוואָרען אין שפּאַניען אין אַ פֿאַמיליע פֿון רוימישע קאָלאָניסטען, האָבען די לעגיאָנען פּראָקלאַמירט אַלס אימפּעראַטאָר אַ צווייטען שפּאַנישען רוימער אַדריאַנוס'ען, נאָך אַדריאַנוס'ען האָבען געקעניגט אַנטאָנינוס פּיוס און מאַרקוס-אוירעליוס, וואָס איז געווען אַ וויכֿטיגער דענקער און וואָס האָט זיך אויסגעצייכֿענט מיט גרויסע מעלות. מיט זיין טויט (180 נ. א. צ"ר) ענדיגט זיך די בעסטע עפּאָכֿע פֿון דער רוימישער אימפּעריע, וועלכֿע האָט געדויערט פֿון טראָיאַנוס'ען ביז מאַרקוס-אוירעליוס אַנ'ערך 80 יאָהר. זיין זוהן מאַרקוס-קאָמאָדוס איז נישט געווען בעסער פֿאַר קאַליגולא און נעראָנ'ען.

די אַרמעע ביים טייך דונאַי האָט אַרויסגעשטעלט סעפּטימוס-סעווערוס, וואָס איז געוואָרען אימפּעראַטאָר דערנאָך, ווי ער האָט בעזיעגט אַנדערע קאַנדידאַטען.

דער נייער הערשער האָט געשטאַמט פֿון אַנ'אַפֿריקאַנער רוימישער קאָלאָניע, ווי טראָיאַנוס און אַדריאַנוס פֿון אַ שפּאַנישער. ער האָט שוין זיך נישט געקענט פֿערגלייכֿען מיט די פֿריהערדיגע קיסרים אין בילדונג און מלוכה-קלוגשאַפֿט. זיין זוהן קאַראַקאַלאַ האט אויפֿגעטהון דאס, וואס ער האט ערקלערט אַלע פֿרייע בירגער אין רוים און אין די פּראָווינצען פֿאַר רוימישע בירגער (כדי צו בעקומען געלד פֿאַר זיינע טייערע בנינים). אויסגעשלאָסען האָט מען נאָר די באַרבאַרען, וואָס לעבען שבטים-וויז, און די, וואָס האָבען נישט אָנגענומען די רוימישע פֿיהרונגען.

נאָך איהם איז געוואָרען אימפּעראַטאָר העליאָגאַבאַלוס, אַ פּלימעניק פֿון פֿריהערדיגען. חוץ זיין קרוב'שאַפֿט מיט קאַראַקאַלאַ'ן האָט מען איהם נאָך אויסגעקליבען דערפֿאַר, וואָס ער איז געווען דער כהן גדול

אין זונען-טעמפעל פֿון דער שטאָדט עמעסאַ. ער איז שטאַרק נישט גע-פֿעלען דעם רוימער, און מען האָט איהם גיך ערמאָרדעט. זיין אָרט האָט פֿערנומען אַלעקסאַנדר סעווערוס, וואס האט זיך שוין אַסך בעסער בע-צויגען צו זיינע פֿליכטען, ווי זיינע פֿאָרגענגער.

צו זיין צייט האָט זיך שוין קלאָר אַרויסגעוויזען, אַז רוים׳ס קראַפֿט פֿאַלט ביסלעכווייז. חאָטש די רוימישע מנהגים זענען געווען פֿערשפּרייט אומעדום, אָבער נאָר אויבערפֿלעכליך. דער געדאַנק פֿון דער איינינקייט פֿון דער רוימישער אימפּעריע האט פֿערלאָרען זיין אַמאָליגען כשוף, און די פּראָווינצען האָבען גענומען לעבען אייגענע פֿאַר זיך און פֿאַר איהר איי-גענעם כבוד. יעדע פּראָווינץ און יעדע פּראָווינץ-לעגיאָן פֿלעגען שוין אַרויסשטעלען אַן אייגענעם אימפּעראַטאָר און דער רעזולטאַט דערפֿון איז געווען אַ שטענדיגער אינעווענינסטער קריעג, וואס האט געגעבען די מעג-ליכקייט די שונאים פֿון רוים אויפֿצוהויבען די קעפּ. אַלע ווילע פֿלעגען זיך אַריינרייסען אין די רוימישע אימפּעריע פֿערסער, גאָטהען, אַלעמאַנער, פֿלעגען צושלאָגען גאַנצע רוימישע אַרמעען און בעראַבעווען די פּראָווינצען.

דער רוימישער חיל איז שוין קיינמאל נישט געגאַנגען ווייטער, ווי דער חיל פֿון טראַיאַנוס, וואָס האָט בעזיעגט די דאַציער און די אַרמע-נישע מלוכה. אינגיכען איז שוין אויסגעקומען שווער צו פֿערטיידיגען די אַלטע גרענעצען, און אָפּטמאָל האט מען זיי שוין געמוזט לאָזען פֿאַלען אין די הענד פֿון שונא. 50 יאָהר נאָך טראַיאַנוס׳ען איז ביים דונאַי געווען שווער זיך צו האַלטען. עס האָבען זיך בעוויזען מיט אַמאָל נייע מחנות באַרבאַרען. זיי האָבען זיך דורכגעריסען דורך די רוימישע פֿעסטונגס-ליני-עס, גענומען אין געפֿענגעניש הונדערטער טויזענדער רוימישע קאָלאָניס-טען, צוראַבעוועט די דונאַיער פּראווינצען און זענען אפילו אַריבער די אַלפּען, וואָס ביי צפֿון-איטאַליען. אמת, די רוימער האָבען זיי צוריק אַרויסגעשטופּט, אבער דאס האט געפֿאדערט 15 יאָהר צייט.

אָבער דאָס איז נאָר געווען דער אַנפֿאַנג. מיטעל-אייראָפּאַ און מזרח-אייראָפּאַ פֿלעגט יעדעס יאָהר ארויסשיקען נייע מחנות הונגעריגע און קריעגערישע באַרבאַרען, וואָס פֿלעגען געהען צו דרום און מערב פֿערחאַ-פּען נייע ערד. עס האט שוין נישט געקלעקט קיין רוימישער חיל אויף צו פֿערטיידיגען אַלע גרענעצען. בריטאַניען האט מען געדאַרפֿט היטען פֿאַר די שאָטלענדישע בערג-פֿעלקער, דעם טייך רהיין און אויבער-דונאַי — פֿון די גערמאַנען, ניעדער-דונאַי — פֿון די וואַנדער-פֿעלקער (ווי גאָטהען) אין היינטיגען דרום-רוסלאַנד.

די ניי־פערסישע מלוכה אַנ׳ערך 250 נאָך אונזער צייט־רעכנונג.

צו אַלע צרות איז נאָך צוגעקומען אויפ׳ן מזרח אַ נייער פיינד. די פערסער, וואָס האָבען שוין מיט אַ 500 יאָהר צוריק פערלאָרען זייער הערשאַפט אין אזיען, האָבען זיך ווידער אויפגעהויבען און האָבען בע־זיגט דאָס לאַנד פון פרת ביז׳ן אינדוס. און זייער גאַנג איז געווען אויס־צוראָטען אַלעס פרעמדע, אַלץ, וואָס נעהמט זיך פון גריכענלאַנד און רוים.

די פערסער האָבען געפיהרט מיט רוים אַ גלויבענס־קריעג, און דערי־בער איז זייער קראַפט נאָך געווען אסך שטאַרקער ווי אין אַ געוועהנליכען קריעג.

150 יאהר נאך טראַיאַנוס׳ען איז די רוימישע אימפעריע געווען אין דער גרעסטער סכנה. איינער פון זייערע אימפעראַטאָרען, וואָס די פערסער האָבען בעזיעגט, איז אַריינגעפאַלען בײ זײ אין געפענגעניש. די רויב־צוגען פון די גערמאַנען האָבען נישט אויפגעהערט, און זענען געוואָרען אַלץ עפטער און דרייסטער. אַ טייל גערמאַנען האָבען זיך אַריינגעריסען אין גריכענלאַנד, האבען זיך אַלאָז געטהון אויף קליין־אַזיען און זענען דער־פאָהרען מיט זייערע שיפען ביז צום נילוס.

די פעסטונגס־ליניעס ביי די גרענעצען האָבען נישט געקענט ביי־שטעהן געגען די מחנות בארבאַרען, וואָס זענען אָנגעקומען ווי היישרעקען פון אַלע זייטען. עס איז אויסגעקומען איטליכע שטאָדט אין לאַנד אַרומ־צורינגלען מיט פעסטונגען. ווען אַ שטאָדט איז געשטאַנען ביי אַ טייך, פלעגט מען זי אין דער לענג פון טייך־ברעג פערפעסטיגען מיט פעסטונגס־ווענד. די שטעדט האָבען צו יענער צייט נישט געהאַט קיין פרייען טייך.

די מלוכה־קאַסע האָט נישט געהאַט אַזוי פיעל געלד צו בויען און אויסצוהאַלטען אַלע די דאָזיגע פעסטונגען. די הוצאות פון די פעסטונגען זענען געלעגען אויף די שטאָדטיגע איינוואָהנער, און דערום זענען אַ סך שטעדט צוליעב די הוצאות שטאַרק פעראָרעמט געוואָרען. די רוימישע שטעדט האָבען פערלאָרען אַלץ, וואָס האָט זיי אַמאָל געמאַכט פאַר אַזוי בעקוועם און שעהן. די וואַסער־לייטונגס־רעהרען פלעגען שוין נישט פערריכט ווערען, עס איז שוין נישט געווען קיין געלד, מיט וואָס צו בויען טעמפ־לען, ביבליאָטעקען, באַזיליקען, מיט וואָס אויסצוהאַלטען די טעאַטערען. די מייסטען שולען האָט מען צוגעמאַכט. קונסט־זאַכען האָט מען מעהר נישט פערלאַנגט. דער געשמאַק איז געפאַלען. די קינסטלער זענען אויסגעשטאָר־בען פאַר הונגער, די מענשען האבען זיך אָבגעוועהנט פון אַלע בעקוועמ־

ליכקײטען, זײער האַריזאָנט איז געװאָרען ענגער און זײערע זיטען פֿער-
גרעבטער. די פֿאַראָרעמטע פױערן און קלײנע ערד-בעזיצער זענען געװאָ-
רען שלעפּערס, פֿלעגען שױן אָרגאַניזירען גזלנים-באַנדעס, און די בעפֿעל-
קערונג פֿלעגט זיך פֿון זײ מוזען אָבקױפֿען מיט אַ יעהרליכען אָבגאָב.

אַלע קרעפֿטען פֿון דער מלוכה זענען נאָר אַװעק דערױף, צו קעמפּ-
פֿען מיט דעם שונא, װאָס שפּאַרט אָן פֿון אַלע זײטען. פֿון די שטעדט
פֿלעגט מען נעהמען גרױסע שטײערען אױף אױסצוהאַלטען דעם חיל און
אױף די מיליטערישע הוצאות. די רײכע לײט, װאָס פֿלעגען זיצען אין די
שטאָדט-דומעס, פֿלעגען מוזען ערב זײן פֿאַר די אָבגאַבען אין שטאָדט; און
כּדי די אָנגעזעהענע בירגער זאָלען נישט קענען זיך אַרױסדרעהען, פֿלעגט
זײ די רעגירונג האַלטען אין שטאָדט, װי לײב-אײגענע. פֿאַר איטליכען
פּרוב צו ענטלױפֿען פֿלעגט מען װערען שטרענג בעשטראָפֿט.

אָט אַזױ האָט מען אױך צוגעשמידט צו דער שטאָדט די הענדלער און
די בעלי-מלאכות. זײ האבען נישט געטאָרט בײטען דעם ארט און זײער
בעשעפֿטיגונג. דער זוהן האָט געמעגט פֿיהרען די אײגענע געשעפֿטען װאָס
דער פֿאטער. חוץ די בעשטעלונגען, װאָס זײ פֿלעגען בעקומען פֿאַר זיך,
פֿלעגען זײ נאָך מוזען אַרבײטען אומזיסט פֿאַר'ן חיל און פֿאַר דער מלוכה:
מאַכען שיף, קלײדער, װאַפֿען, פֿיהרען תּבואה א. ז. װ..

דעם חיל האָט מען געמוזט פֿערגרעסערען. מען האט שױן געמוזט
נעהמען אין דיענסט פֿון די באַרבאַרען, בעזונדערס, גערמאַנען. אַמאָל
פֿלעגען די רױמער שלום װערען מיט די גערמאַנען, װען זײ פֿלעגען צוזאָגען
צו צושטעלען פֿון זיך סאָלדאַטען פֿאַר רױם.

פּונקט װי דער שטאָדטיגער איז געװאָרען אַ פֿערקױפֿטער בײ דער
מלוכה, איז אױך דער פּױער געװאָרען אַ ל י י ב-א י י ג ע נ ע ר (אַ קאָלאָן) בײם
גוטס-בעזיצער. אױף שקלאַפֿען צו קױפֿען איז שױן קײן געלד נישט געװען,
און די גוטס-בעזיצער האָבען ביסלעכװײז געמאַכט פֿון דעם פֿרײען פּױער
אַ האַלבען שקלאַף. דער גוטס-בעזיצער האָט שטאַרק אַכטונג געגעבען, אַז
דער פּױער זאָל נישט קענען פֿון איהם אַװעקגעהען. גרױסע גוטס-בעזיצער
זענען געװאָרען אין זײערע גיטער עפּעס אַ מין קלײנע קעניגען. ער פֿלעגט
שױן זײן דער ריכטער פֿון די פּױערן און קלענערע גוטס-בעזיצער, ער פֿלעגט
שױן נישט דערלאָזען, אַז אַ פּױער זאָל נעהמען אַ װײב פֿון אַ פֿרעמדען אָרט
און אַ העכערען שטאַנד, כּדי דער קאָלאָן זאָל נישט אװעק חלילה פֿון
זײן ערד.

די אימפעראַטאָרען האָבען זיך נישט געמישט אין די עסקים פון די נוטס-בעזיצער. זיי האָבען נור פערלאַנגט, אַז זייערע פויערן זאָלען פינקט-ליך צאָהלען זייערע שטייערען און צושטעלען די נויטיגע צאָהל רעקרוטען.

ביז טראַיאַנוס'ען האָט זיך נאָך אימער פערשפרייט די לאַטייניש שפראַך און די רוימישע בילדונג. 100—200 יאָהר נאָכדעם זעהען מיר שוין דאָס אומגעקעהרטע. ביי די קאַנטען פון דער אימפעריע זיצען שוין מחנות באַרבאַרען. די לאַטיינישע שפראַך פערשווינדעט ערטערווייז, אָדער ווערט פערגראָבט. בעזונדערס שטאַרק ווערט אָן דער רוימישער חיל זיין אַלטען כאַראַקטער. אין דער אַרמעע האָט מען שוין כמעט נישט געהאַלטען פון די רוימישע געטער.

דער חיל האָט אָנגענומען ביסלעכווייז דעם גלויבען פון די פרעמדע פעלקער, אַזוי, למשל, האָבען אַסך פערגעטערט דעם פערסישען גאָט מיטראַ. מענשען פון פרעמדען אָבשטאַם, די יורשים פון באַרבאַרען, בעקומען הויכע שטעלען, בעקומען די פיהרערשאַפט איבער לעגיאָנען, ווערען אימ-פעראַטאָרען, ווייל זייערע לעגיאָנען האָבען זיי אַרויסגעשטעלט, און אין רוים הויבען אָן צו קאָמאַנדעווען אימפעראַטאָרען, וואָס שטאַמען פון שפאַניער, אַפריקאַנער, סירייער, אילירייער און גאַליער.

דיאָקלעטיאַנוס 300 יאָהר נ. א. צייט-רעכנונג.

עטליכע ענערגישע אימפעראַטאָרען, וואָס האָבען מעהרסטענטייל גע-שטאַמט פון אילוריען, האָבען אויסגעבעסערט די מיליטערישע לאַגע פון רוים. זיי האָבען ווידער פערפעסטיגט די גרענעצען געגען די באַרבאַרען אין צפון און אָבגעשטעלט די געפאַהר פון די פערזער אין מזרח. דער גרעסטער פון די דאָזיגע אימפעראַטאָרען איז געווען דיאָקלעטיאַנוס.

דיאָקלעטיאַנוס האָט איינגעזעהן, אַז איינער אַליין וועט ער נישט פאַרטיג ווערען מיט די באַרבאַרען, און ער האָט גענומען צו זיך נאָך דריי חברים, וועלכע האָבען געהאַט אויטליכער אַ גלייכע מאַכט אין זייגע פראָ-ווינצען, אָבער וואָס האָבען געדאַרפט אַלע פיער פיהרען איין פּאָליטיק. אַלע 4 האָבען זיך אויסגעקליבען פאַר רעזידענץ-שטעדט ווייטע שטעדט פון רוים, נאָהענט פון די רוימישע גרענעצען.

די אַלטע רוימישע מנהגים זענען שוין פערשוואונדען געוואָרען. דעם אימפעראַטאָר פלעגט מען אַמאָל פערגעטערען אין די פראָווינצען, יעצט האָט זיך שוין יעדער אימפעראַטאָר געפיהרט אומעטום, ווי אַ גאָט אויף דער ערד.

צו דער צייט האט מען גענומען זיך בוקען פאר'ן אימפעראטאר, ווי פאר א גאט. ער פלעגט זיך בעוויזען דעם פאלק אין א לאנגען מלבוש פון א כהן-גדול, אויפ'ן קאפ פלעגט ער טראגען א וויסען טורבאן פון ערשטען פריסטער, בעזעצט ארום און ארום מיט פערל. ווען מען פלעגט מאלען זיין בילד, פלעגט מען ארום זיין קאפ אויסמאלען א שטראהלונג, אדער א קראנץ פון שטראהלען, וואס געהען זיך פונאנדער, אין די צירקולארען פלעגט מען איהם שוין רופען „דער הייליגסטער", „דער, וועמען קיינער וועט נישט בעזיעגען". מען פלעגט זאגען, אז ער איז דער פערקערפערטער גאט, וואס איז דעריבער געווארען זעהענדיג פאר פשוטע מענשען; דאס ער איז אויף דער ערד דאס לערענדיגע געזעץ, א. א. וו. אלץ, וואס האט איהם ארומגערינגעלט, האט בעקומען עפעס א הייליגקייט. זיינע הויפ-לייט האבען געהאט אכטונג צו געבען אויף זיין „הייליגען פאלאץ", צו פערטיילען „זיינע הייליגע גענאדען" א. ז. וו.

דער אימפעראטאר האט שוין נישט געטיילט זיין מאכט, ווי צו אויגוסטוס'עס צייטען, מיט'ן סענאט. ער האט זיך שוין נישט גערעכענט אלס שטעלפערטרעטער פון פאלק, נאר אלס הערשער לויט גאטס ווילען. רוים איז שוין געווען א מאנארכיע, ד. ה. ווען די רעגיערונגס-ארדנונג פון לאנד ליעגט אין די הענד פון א נישט בעגרענצטען הערשער.

די מאנארכען האבען זיך שוין ארומגערינגעלט מיט אסך בעאמטע (טשינאווניקעס) און האבען ענטוויקעלט דאס, וואס מען רופט היינט דאס ביוראקראטישע סיסטעם. די לאסטען פונ'ם שטייערצאהלער זענען געווארען צוליעב דעם סיסטעם נאך גרעסער און די רוימישע אימפעריע האט דערלעבט מיט יעדען יאהר אלץ שווערערע און שווערערע צייטען.

צו דער דאזיגער צייט זענען די רוימער געווען שטארק געפאלען ביי זיך, מאנכע האבען געזוכט טרייסט אין אלטען גלויבען, וואס האט שוין אנגעהויבען אבצושטארבען, מאנכע זענען געווארען אנהענגער פון נייע אמונות, וואס האבען געווירקט מיט זייער געהיימניספולקייט און די מאדנע מיסטישע צערעמאניעס. דיאקלעטיאנוס איז געווען א פאנאטישער אנהענגער פון די אלטע געטער און דעריבער טאקי האט ער אזוי שטארק גערודפ'ט די נייע קריסטליכע אמונה.

## די קריסטען.

די קריסטליכע אמונה האט זיך צוערשט פערשפרייט אין מזרח צווי-שען די אידען, וואס האבען נישט געלעבט אין זייער לאנד, צווישען די

גריכען און אין די לענדער, וואו גריכיש איז געווען די הויפט-שפראך. דער „ברית חדשה" (די עוואנגעליען) איז געווען פערפאסט אין דער גריכישער שפראך. אין די ערשטע 150 יאהר נאך ישו הנוצרי איז דער קריסטענטום געווען וועניג פערשפרייט אין רוים און אין דעם מערב-טייל פון דער אימפעריע.

די גריכען האבען פריהער אנגענומען דאס קריסטענטום, ווייל זיי זענען געווען עדעלער און געבילדעטער ווי די רוימער. דאס קריסטענטום, גרינ־דענדיג זיך אויף דער יודישער אמונה, האט נישט געמאכט קיין אונטערשיעד צווישען מענשען פון פערשיעדענער הערקונפט. דער אפאסטאל זייערער, וועלכער האט אויך געשטאמט פון יודען, זאגט, אז עס איז נישטא קיין גריך און קיין בארבאר, קיין פרייער און קיין שקלאף, אלע זענען גלייך פאר'ן פאטער אין הימעל.

צוערשט האבען די קריסטען געגרינדעט קליינע ברודער-געזעלשאפטען. די חברים פון די געזעלשאפטען פלעגען זיך צונויפקומען אינאיינעם דאווענען און צו שמועסען וועגען געטליכע זאכען. געוועהנליך פלעגען זיי זיך צונויפ־קומען אויף דער נאכט. נאך אזעלכע צוזאמענקונפטען פלעגט מען אלע אינאיינעם זיך זעצען ביי'ם טיש עסען, און דערנאך פלעגט מען זאגען א מין קריסטליכען ודוי. שפעטער פלעגט מען די דאזיגע צערעמאניע מאכען נישט ביינאכט, נאר אויף מארגען נאכ'ן עסען.

די נאכט-עסענס פלעגען ווערען געמאכט אויף אלעמענס הוצאות. די רייכע חברים פלעגען נאך געבען חוץ דעם פערשיעדענע מתנות פאר ארעמע צו צוטיילען. מיט גוטע מעשים און צדקה האבען זיי געוואלט אפרייניגען די זינד פון זייער נשמה. אויף אנ'ארעמאן פלעגט מען זאגען „ער איז דער טייערסטער אוצר פון דער קירכע". פאר איינע פון די בעסטע מהאטען האט זיך גערעכענט פריי צו מאכען א שקלאף. „קויפסטו אוים א שקלאף, האסטו דיין נשמה אויסגעקויפט" — פלעגען זאגען די קריסטען.

די ערשטע קריסטען פלעגען רוהען דריי טעג אין וואך: מיטוואך, פרייטאג און זונטאג. אין די רוהע-טעג פלעגען זיי נישט בעפוצען די טהי־רען און די גאסען מיט בלומען, לויט דעם רוימישען מנהג, פלעגען זיי נישט טאנצען, און דאס פלעגט זיך ווארפען אין די אויגען פון די נישט-קריסטען.

די ערשטע יאהרהונדערטען פלעגט מען שטארק רודפ'ן די קריסטען און דערום האבען זיי געלעבט א פערבעהאלטען אמונה-לעבען. צווישען זיך האבען זיי געהאט געהיימע סמנים.

די קריסטליכע שרייבער האָבן אָנגעהויבן פֿערשפּרייטען זייער אמונה דורך אויפֿרופֿען און ביכער. עס איז געווען ביי זיי שטרענג פֿער־באָטען צו האָבן עסקים מיט געצענדיענער. זיי פֿלעגען אויסמיידען די רוימישע שפּיעלען און די טעאַטערען. אַ קריסט האָט נישט געטאָרט זיין קיין סקולפּטאָר, ווייל צוליעב דעם וועט ער מוזען אויסהאַקען פֿון שטיין רוימישע און אַנדערע געצען. ער טאָר נישט האַלטען קיין שולע, ווייל דאָרטען לערנט מען די לעגענדעס פֿון די געטער; ער טאָר נישט זיין קיין סאָלדאַט, ווייל ער דיענט אונטער אַ פֿאָהן, וואו עס איז אויסגעמאָלט אַ געץ; ער טאָר נישט אָננעהמען קיין רעגיערונגס־שטעל, ווייל ער וועט מוזען שווערען דעם גאָט דעם אימפּעראַטאָר און מיטמאַכען אַלע צערעמאָניעס פֿון געצענדיענסט.

אַזעלכע פֿאַנאַטישע קריסטען, וואָס פֿלעגען לייקענען אין קרבנות, זיך נישט בוקען פֿאַר'ן אימפּעראַטאָרס בילד, פֿלעגט מען נעהמען אונטער אַ שטאַרקער וואַך און פֿער'משפּט'ן אָפֿט צום טוידט. זעהר אָפֿט פֿלעגט דער רוימישער המון, וואָס האָט אָט ערשט דורכגעלעבט אַ'ערדציטערניש, אָדער אַ'אַנדער אונגליק, בעפֿאָלען די קריסטען און זיי אויס'שחט'ען. דער המון האָט גע'טענה'ט, אַז אַלע צרות קומען פֿון די קריסטען, וואָס דער־צאָרנען זייערע געטער דורך זייערע זינד און אַפּיקורסות.

די לאַגע פֿון די ערשטע קריסטען פֿון 100—300 נ. א. צ. איז געווען זעהר אַ שווערע, ווארום די רוימישע הערשער אין דער צייט פֿון דער אימפּעריע האָבן זעהר שטרענג געקוקט אויף אַלערליי חברות און געזעל־שאַפֿטען, אפילו אויף די אונשולדיגסטע. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז אַזעלכע חברות זאָלען נישט ווערען די נעסטען פֿון אַלערליי מרידות און בונטען. טראַיאַנוס צ. ב. האָט נישט ערלויבט צו גרינדען אַ חברה פֿון פֿרייע פֿייער־לעשער אין דער שטאָדט ניקאָדעמוס, מורא האָבענדיג, אַז דאָס וועט ווערען דערנאָך אַ פּאָליטישע חברה. די איינציגע חברות, וואָס פֿלעגען ווערען ערלויבט, זענען געווען די חברות, וואָס זענען זיך מתעסק מיט בעגראָבען אַ טויטען.

אָט אַזעלכע רוימישע חברות האָבן שוין עקזיסטירט פֿון לאַנג אָן. מייסטענס פֿלעגען דאָס גרינדען צווישען זיך אָרעמע־לייט און שקלאַפֿען. אַ רייכער־מאַן פֿלעגט האָבען זיין פֿאַמיליען־קבר און פֿלעגט איבערלאָזען אַ סך געלד אויף אַ שענער לויה און דערויף, אַז מען זאָל איהם אָפֿט דער־מאָהנען אין טעמפּעל פֿאַר די געטער. אָרימע־לייט פֿלעגען זיך פֿערזאָרגען אַ „קדיש" ביי די געטער דאַדורך, וואָס זיי פֿלעגען צאָהלען בייים לעבען אין אַזאַ רוימישער „חברה קדישא". עטליכע מענשען, מענשען פֿון איין

מלאכה, שקלאַפֿען פֿון איין האַר פֿלעגען מאַכֿען צווישען זיך איין חברה. די חברה-לייט פֿלעגען זיך רופֿען צווישען זיך „ברודער און שוועסטער". אַלע פֿלעגען זיך פֿערפֿליכֿטען צו בעזאָרגען דעם קבר פֿון אַ געשטאָרבענעם חברה-מאַן. זיי פֿלעגען אויסבויען איין גרויסען קבר (סחאָלע). דאָס איז געווען אַ רונדער צווייעטאַזשיגער בנין. דער אונטערשטער עטאַזש איז געווען ניעדעריגער פֿון דער ערד, און דאָרטען פֿלעגט מען בעגראָבען די טויטע פֿון דער חברה. אין אויבערשטען עטאַזש פֿלעגט זיין אַ זאַל, וואו מען פֿלעגט קומען עסען און דאַוונען אין די יאָהר-צייט טעג.

## קאַטאַקאָמבען, סחאָלען.

נאָר די מייסטע אָרעמע ברודער-פֿערבאַנדען האָבען נישט געהאַט אַזעלכֿע מיטלען צו בויען צווייעטאַזשיגע הייזער; דאַמאָלס פֿלעגען זיי זיך מאַכֿען אַזעלכֿע הויהלען. ווייט-ווייט הינטער'ן שטאָדט. צ. ב. אין רוים פֿלעגט מען אויסגראָבען טיעפֿער די הויהלען און גריבער, וואָס זענען שוין



בילד 14. דער פּלאַן פֿון אַ טייל פֿון די רוימישע קאַטאַקאָמבען.

געווען פֿון פֿריהער, ווייל פֿון דאָרטען פֿלעגט מען גראָבען לעהם. די טויטע פֿלעגט מען אַריינלעגען אין אַזעלכֿע פֿערטיעפֿונגען, וואָס מען פֿלעגט

נאָך עקסטרע אויסגראָבען אין די ווענד פון די הויהלען. און צוליעב דעם מנהג ביי די אָרעמע חברות האָט רוים בעקומען גאַסען און געסלעך אונ-טער דער ערד, וואָס מען רופט דאָס קאַטאַקאָמבען. אַלאַנגע צייט נאָך דער רייה פלעגט מען בעגראָבען אין די דאָזיגע קאַטאַקאָמבען, וואו אין געוויסע טעג פלעגט מען קומען זיך דערמאָהנען אָן די טויטע. עס זיינען פאַרהאַן ערטער אין רוים, וואו די קאַטאַקאָמבען זיינען אַזוי טיעף, אַז זיי ליעגען איינע איבער דער אַנדערער. ווען מען זאָל אויסציהען אין דער לענג אַלע קאַטאַקאָמבען פון רוים, וואָלט מען בעקומען אַ שטח פון טויזענד וויאָרסט.

אום זיך צו בעהאַלטען פון די רדיפות, פלעגען די קריסטליכע געזעל-שאַפטען לפנים, פאַר דער רעגיערונג, זיך אָרגאַניזירען אַלס חברות, וואָס פערזאָרגען די טויטע. די קריסטען פלעגען אויך גראָבען זייערע קאַטאַקאָמ-בען, און אין די דאָזיגע הויהלען פלעגען זיי זיך פערזאַמלען אויף די קריסטליכע צוזאַמענקונפטען. און שפעטער זיינען נאָך די ערשטע קריסטליכע קירכען געווען זעהר ענהליך צו די סהאַלען. אין דעם ניעדריגערען טייל פון דער קירכע, אונטער דער פאָדלאָגע, פלעגט שטענדיג זיין אַ בית-עולם.

אין צוויי הונדערט יאָהר אַרום נאָך ישו הנוצרי זיינען שוין געווע' אויפ'ן מערב אַסך קריסטען. זיי זיינען שוין געווען אין חיל, אין הויף און ביי די רייכע גוטס-בעזיצער. פון פערשיעדענע מתנות, מיט וואָס מען פלעגט בעשענקען די קריסטליכע געמיינדען, זיינען שוין צונויפגעקליעבען געוואָרען גרויסע מיטלען.

אין די שטעדט האָבען שוין די קריסטען אויסגעבויט גרויסע קירכען. זיי האָבען מייסטענס געהאַט די אייגענע אַרכיטעקטור, וואָס די רוימישע באַזיליקען. אום צו פיהרען די קריסטליכע עסקים, פלעגען שוין די געמיינדען אויסקלויבען זייערע עפיסקאָפען. דער עפיסקאָפ איז געווען פון די ערשטע פערזאָנען ביי די קריסטען. ווען איינער פלעגט קומען מיט אַ בריעף פון עפיסקאָפ אין אַ ווייט לאַנד, האָט ער שוין געמעגט זיכער זיין, אַז די דאָרטיגע קריסטען וועלען טהון פאַר איהם אַלץ, וואָס גע-העריג איז. אַלע קריסטען האָבען זיך גערעכענט מיט דער מיינונג פון די פערשיעדענע עפיסקאָפען, אָדער פויבסטען, ווי מען פלעגט זיי אויך רופען אַמאָל, אָבער דער רוימישער עפיסקאָפ האָט בעקומען אַלץ אַ גרע-סערע און גרעסערע בעדייטונג.

די קריסטליכע געמיינדען האָבען זיך צום סוף 300-טען יאָהר פער-

שפרײט איבער דער גאַנצער רוימישער אימפעריע. די עפּיסקאָפּען האָבּען זיך שטענדיג געמיהט, אַז אין אַלע געמײנדען זאלען הערשען די אײגענע מנהגים, גלויבּענס-געזעצען, אײנאײנציגע אָרדנונג. װען עס פלעגט אויס-ברעכען אַ וכּוח אין גלויבּענס-זאַכען צװישען די געמײנדען, פלעגען זיך צו-נױפפאָהרען אַלע עפּיסקאָפּען מיט זײערע פּרעסבּיטערען (ד. ה. די זקנים און די פרימסטע פון די געמײנדען) אויף אַ צוזאַמענפאהר, װאָס האָט גע-הײסען סינאָד, און אויף די סינאָדען פלעגט מען קומען צו אַנ׳אַלגעמײנעם הסכּם.

איטליכער, װאָס איז אָבּגעטרעטען פון די רעגעלען, האָט געהײסען „הערעטיקער", ד. ה. אבטריניגער. די אָבּטריניגע פלעגט מען אויסשליסען פון דער קירכע, ד. ה. מען פלעגט זײ ערקלערען פאַר מענשען, װאָס גאָט האט זיך אָבּגעזאָגט פון זײ.

צו דיאָקלעטיאַנוס׳עס צײטען זענען די קריסטען געװאָרען אַ מאַכט אין דער אימפעריע. ערטערװײז זענען שוין צוליעב זײ פערשװאונדען געװאָ-רען די רוימישע מזבחות און די געטער-טעמפּלען פלעגען שוין נישט האָבּען קײן גלויביגע. דער אימפּעראַ-טאָר און זײנע שטעל-פערטרעטער האָ-בּען שוין געפיהלט, װי גרױס ס׳איז דער אײנפלוס פון די עפּיסקאָפּען. זײ זענען געװען איבערצײגט, אַז די קירכע פעראָרעמט דאָס לאַנד און נעהמט אָבּ פון רוים אַ גרויסע צאָהל פון רעקרוטען, סאָלדאַטען.



בּילד 15. אַ קריסט אין געבּעט, לויט אַ בּילד, װאָס מען האָט געפונען אין די קאַטאַקאָמבּען.

שוין 50 יאָהר פאַר דיאָקלעטיאַ-נוס׳ען האָט מען אַרויסגעגעבּען שטרענ-גע בּעפעהלען געגען די קריסטען (אַזוי גערופענע—עדיקטען). בּיסלעכװײז זענען די רדיפות קלענער געװאָרען, און דאָס קריסטענטום האָט זיך פערשפּרײט פראַנק און פרײ.

צום סוף פון דיאָקלעטיאַנוס׳עס מלוכה האָט מען אָבּגעפרישט די אַלטע צירקולאַרען געגען די קריסטען און מען האָט נאָך אַרויסגעגעבּען אַסך

שטרענגערע. דיאָקלעטיאַנוס האָט פֿעראָרדענט צו פֿערברענען אַלע קריסט־ליכע ביכער, חרוב צו מאַכען אַלע קירכען און געבעט־הייזער פֿון די קריסטען.

## קאָנסטאַנטין (307—337 נאָך אונזער צייט־רעכנונג).

די נייע רדיפות אויף די קריסטען האָבען נישט געהאַט קיין ערפֿאָלג. דער זוהן פֿון דיאָקלעטיאַנוס'עס מלוכה־חבר, קאָנסטאַנטין, האָט צוערשט געשלאָסען שלום מיט די קריסטען, און שפּעטער איז ער אַליין אַריבער אויף זייער צד. 10 יאָהר נאָך דיאָקלעטיאַנוס'עס צירקוליאַר געגען די קריסט־טען האָט קאָנסטאַנטין איהם צוריק אָבגעשאַפֿט.

קאָנסטאַנטין האָט דערנאָך אָנגעהויבען מקרב צו זיין צו זיך די קריסטען. אין חיל האָט ער איינגע־פֿיהרט אַ נייע פֿאָהן מיט אַ צלם אַנשטאָט אַ בילד. אויף די מטבעות האָט מען ערלויבט אָבצושטעמפּלען אַ צלם. הויפּט־זעכליך האָט קאָנ־סטאַנטין גענומען צוציהען צום הויף די עפּיסקאָפּען. ער האָט אויך בע־פֿרייט די קריסט־ליכע גייסטליכע פֿון אָבגאָב און פֿון דער שווערער פֿליכט צוצושטע־לען תבואה אין די מלוכה־שפּייכלערס. ער האָט איינגעפֿיהרט דעם זונטאָג אַלס רוה־טאָג און האָט ערלויבט צו מאַכען צוואות לטובת דער קירכע. ער פֿלעגט איינ־לאַדען די עפּיסקאָפּען ביי זיך צום טיש און פֿלעגט בעשענקען די קירכען



בילד 16. אַ צירק אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דער אימפּעראַטאָר אין לאָזשע מיט זיין גוואַרדיע. אין האַנד האַלט ער אַ ווייס־טיכעל, צו געבען דעם סימן ווען אָנצוהויבען. אונטען דאָס פּובליקום, נאָך טיפֿער אונטען ווערט געשפּיעלט אַ פּאַנטאָמימע.

מיט רײַכע מתנות. די עפּיסקאָפּען זענען מיט דער צייט געוואָרען זייַ גאַנצע שטיצע; זײַנע קינדער האָט ער שוין דערצויגען אין קריסטליכע גלויבען. דאָס קריסטענטום איז געוואָרען די אָפיציעלע מלוכה-רעליגיאָן (324).

## קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

אומעטום זענען די קריסטען געוואָרען גרויסע אַנהענגער פון קאָנ-סטאַנטינ'ען, ער איז כמעט שוין געווען דער אײַנציגער אימפּעראַטאָר איבער דער גאַנצער אימפּעריע. ער האָט אויסגעקליבען אלס רעזידענץ-שטאָדט די שטאָדט ביצאַנץ, וואָס האָט בעקומען נאָך איהם דעם נאָמען קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אין דער דאָזיגער שטאָדט האָט מען אַריבערגע-פיהרט דעם רוימישען סענאַט, אויסגעבויט אַ טעאַטער און אַ צירק, אַ טעמ-

צו דער געטין טיכי (ד. ה. געטין פון גוטען מזל). די נײַע שטאָדט האָט אָנגעהויבען לעבען אויפ'ן אַלטען שטייגער פון רוים. דער צירק איז געוואָרען דער צענטער פון פאָלק. דאָ האָט מען זיך אַמוזירט אויפ'ן חשבון פון אימפּעראַטאָר, דאָ האָט מען געמאַכט אַלערלײַ בונטען און מרידות.

קאָנסטאַנטין האָט שטאַרק געזאָרגט, אַז אין דער קריסטליכער קירכע זאָלען זײַן וואָס וועניגער סכסוכים. די „אָבטריניגע" פלעגט ער בעשטראָפען און פערשיקען. צו זײַן צייט האָבען זיך אָנגעהויבען די וכוחים צווישען פערשיעדענע קריסטליכע סעקטען ווי אויך צווישען די אַריאַנער און אַנדערע.

דער עפּיסקאָפּ אַריוס האָט געלערנט, אַז קריסטוס איז נישט דער זוהן פון גאָט, נאָר עהנליך צו גאָט. פאַר אַריוס'ען האָט געהאַלטען כמעט אַ העלפט פון די קריסטליכע געמיינדען. דער וכוח האָט אַרויסגע-רופען אַ גרויסע פערביטערונג און עס איז דערגאַנגען ביז צו דער גרעסטער פײַנדשאַפט. דאַמאָלס האָט קאָנסטאַנטין צונויפגערופען אַ פערזאַמלונג פון אַלע עפּיסקאָפּען אין קלײַן-אַזיאַטישען שטעדטעל ניקעיאַ (אין 325 יאָהר), וואס בײַ קאנסטאַנטינאפּאל. די לעהרע פון אַריוס'ען איז אַנערקענט גע-וואָרען פאַר פאַלש.

קאָנסטאַנטין איז געווען עטליכע מאָל פאָרזיצענדער אויף דער דאָזיגער פערזאַמלונג, ער האָט זיך געהאַלטען פאַר'ן ערשטען עפּיסקאָפּ, די אַנדערע האָט ער אָנגערופען מיט די גענאָדיגע ווערטער: מײַנע ברידער, מײַנע מיטאַרבײַטער.

נישט-קריסטען זענען אבער געווען נאָך דאַמאָלס אַסך מעהר ווי

קריסטען. עס האָט נישט געלויהנט זיך אָנצוהויבען מיט זיי. זיי פלעגען נאָך ווייטער בויען זייערע טעמפלען, זיך ווענדען צו די אייגענע טרעפערס און פריסטער. דער וועכענטליכער רוהע-טאָג אין דער גאַנצער אימפעריע האָט נאָך געהייסען דער זונען-טאָג (אין דייטש, ענגליש — נאָך עד-היום זאָנטאַג), א. ז. וו.

נאָך קאָנסטאַנטינ'ען (געשט. 337), האָט רעגירט זיין זוהן קאָנסטאַנציעס. ער האָט נאָך מעהר געקעמפּפט ווי זיין פאָטער געגען די געצענדיענער.

נאָך איהם אָבער האָט פערנומען דעם טהראָן זיין פלעמעניק יוליאַן, וואָס איז בעקאַנט ביי די קריסטען מיט'ן נאָמען „יוליאַן אַפּאָסטאַטאַ" (ד. ה. דער אָבטריניגער). ער איז געווען אַ הויכבעגאַבטער פעלדמאַרשאַל, זעהר אַ געבילדעטער און דורכגעדרונגען מיט דער אַלטער גריכישער קולטור. אויף דאָס קריסטענטום האָט ער געקוקט ווי אויף אַ פרעמדער קראַפט, וואָס האָט געבראַכט די אַלטע וועלט צום אונטערגאַנג. צו דער צייט פון זיין קורצער הערשאַפט (אינגאַנצען $1^1/_2$ יאָהר) האָט יוליאַן אַלסדינג געטהון, מבטל צו מאַכען דאָס, וואָס קאָנסטאַנטין האָט אויפגעטהון פאַר'ן קריסטענטום. יוליאַן האָט ווידער ערקלערט פאַר דעם אָפיציעלען גלויבען די אַלטע געצענדינעריי, ער האָט געזעהען אַרויסצושטויסען די קריסטען פון אַלע מלוכה-שטעלען.

יוליאַן איז אומגעקומען ביי די ברעגען פון טיגרוס, וואו ער האָט געפיהרט אַ אונגליקליכען קריעג מיט די פערזער, און מיט איהם איז אויך בטל געוואָרען זיין גאַנצע פּאָליטיק קעגען די קריסטען. דער לעצטער פרוב, ווידער אויפצולעבען די אַלטע געצענדינערישע פאָלקס-רעליגיאָן, האָט זיך ניט איינגעגעבען.

## טהעאָדאָזיוס, אַנ'ערך 350 יאָהר נ. א. צ"ר.

50 יאָהר נאָך קאָנסטאַנטינ'ס טויט האָט שוין גענומען דאָס קריסטענטום אויסצוראָטען אַלע נישט-קריסטליכע אמונות. די עפּיסקאָפּען האָבען שוין פערבאָטען צו רופען די אימפעראַטאָרען מיט'ן טיטעל כהן גדול, (פּאָנטיפעקס). פון סענאַט-זאַל האָט מען אַרויסגעטראָגען די סטאַטוע פון דער געטין פון נצחון. דער אימפעראַטאָר טהעאָדאָזיוס איז שוין געווען אַ פרומער קריסט, ער האָט שוין פערבאָטען די קרבנות. די טעמפּלען האָט מען פערוואַנדעלט אין קירכען מיט אַ צלם איבער'ן קופּעל. אָט אַזוי האָט מען פערוואַנדעלט דעם אַמאָליגען גריכישען פּאַרטהענאָן, דעם טעמפּעל

פֿון דער געטין אַטהענע, אין אַ קריסטליכע קירכע לכבוד „דער הײליגער מוטער”. די קריסטליכע קירכע האָט שוין געהײסען די אַלוועלטליכע (לאַטײניש—די קאַטוילישע). די סעקטע פֿון די אַריאַנער האָט מען גענומען שטאַרק רודפֿ’ען און די עפּיסקאָפּען האָבען שוין דערגרײכט, אַז אין גלױ־בענס־זאַכען זאָלען זײ שטעהען אױף אײן שטופע מיט’ן אימפּעראַטאָר. נאָך מעהר, אַפֿילו דער אימפּעראַטאָר איז אָבהענגיג פֿון דער קירכע.

אײנמאָל האָט מאַקי פּאַסירט, אַז טהעאָדאָזיוס איז געוואָרען גע־משפּט פֿון עפּיסקאָפּ אַמבראָזיוס דערפֿאַר, וואָס ער האָט אױס נקמה צו אַ שטאָדט בונטאָוושטשיקעס אַרײנגעיאָגט די גאַנצע שטאָדט מענשען אין אַ צירק און אױסגעקוילעט די אונשולדיגע צוגלײך מיט די שולדיגע. דאַמאָלס האָט אַמבראָזיוס ערקלערט דעם אימפּעראַטאָר פֿאַר דער דאָזיגער בלוטיגער טהאַט אַלס „אַנ’אָבטריניגען” און האָט איהם אױסגעשלאָסען פֿון דער קאַ־טוילישער קירכע. טהעאָדאָזיוס האָט דערנאָך געמוזט עפֿענטליך תשובה טהון, כדי נישט צו שטאַרבען אַלס „אָבגעשײדטער” פֿון דער קריסטליכער קירכע.

צו טהעאָדאָזיוס’עס צײטען איז שוין דאָס קריסטענטום געוואָרען די גרעסטע מאַכט אין דער רוימישער אימפּעריע. אין די אײראָפּעאישע קולטור זענען אַרײן צוױי נײע פּרינציפּען: די פֿאָרשטעלונג, אַז דער מענש איז בטבע אַ זינדיגער און אַז די קריסטליכע קירכע מוז האָבען די מאַכט זיך צו מישען אין אַלע בירגערליכע און קהל’שע זאַכען.

שוין פֿאַר איהם איז די רוימישע אימפּעריע געוואָרען צוטײלט אין אַ מערב- און אַ מזרח־טײל, וואָס האָבען זיך שטאַרק אונטערשײדט סײ אין דער שפּראַך, סײ אין דער קולטור. דער מזרח איז געווען העלעניסטיש, דער מערב—ראָמאַניש. דאָרט האָט געהערשט די גריכישע שפּראַך, און דאָ—די לאַטײנישע, האָטש דער מזרח און מערב זענען געווען שטענדיג אונ־טער דער רוימישער מאַכט, נור צײט אַלעקסאַנדער מוקדון האָבען דאָרט געהערשט צוױי פֿערשיעדענע קולטורען און שפּראַכען און דערום איז די שפּעטערדיגע טײלונג פֿון דער אימפּעריע אױף אַ רוימישע מזרח־און מערב־אימפּעריע נישט געווען קײן צופֿעליגקײט, נור דאָס רעזולטאַט פֿון אַ טיע־פֿען היסטאָרישען אונטערשייד.

פֿון דיאָקלעטיאַנוס’עס צײטען אָן איז שוין געווען אײנגעפֿיהרט, אַז עס זאָלען בעהערשען די אימפּעריע אַנ’אימפּעראַטאָר מיט עטליכע געהילפֿס־קאַמעראַדען, וואָס איטליכער איז געווען אַנ’אימפּעראַטאָר אין זײן טײל לאַנד.

טהעאָדאָזיוס האָט ווידער פֿעראײניגט די גאַנצע אימפּעריע אונטער

זיך אַליין, אָבער נאָך זיין טוידט האָבען זיך זיינע זיהן צוטיילט די אימ־פעריע. דעם מזרח האָט בעקומען זיין עלטערער זוהן אַרקאַדיוס, און דעם מערב—דער יונגערער האָנאָריוס. פון דאַמאָלס אָן איז שוין די טיילונג פון דער אימפעריע אויף מזרח און מערב געבלי־בען אויף לענגערע צייט ביז צום פאָלקאָמענעם אונטערגאַנג פון דער גאַנ־צער רוימישער אימפעריע. דער מערב׳דיגער טייל האָט נישט געקענט אַזוי לאַנג ביישטעהען געגען די אָנפאַלען פון די באַרבאַרען ביי אַלע גרענעצען פון דער אימפעריע. דער מזרח־טייל האָט זיך לענגער געהאַלטען, ווייל ער האָט וועניגער געהאַט אויסצושטעהען פון די געוואַלדיגע מחנות באַרבאַרען, וואָס האָבען הויפטזעכליך פערפלייצט אייראָפּאַ פון אַלע זייטען. אָבער אויך דער מזרח־טייל פון דער רוימישער אימפעריע איז שוין געווען צו אַלט, צו פערוויילכט, צו פערדאָרבען, אַז ער זאָל קענען זיך לאַנג האַלטען.

---

## זעכסטעס קאַפּיטעל.

# די רוימישע קולטור.

צווישען די רוימער און גריכען (זעה אויבען) איז בעשטאַנען אַגרוי־סער חלוק. די רוימער האָבען נישט געהאַט די פאַנטאַזיע און דעם ערפינדונגס־גייסט, ווי די גריכען. זיי זענען גע־ווען פראַקטיש און האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַ שטאַרקען געדולדיגען ענערגישען כאַראַקטער.

דער רוימער האָט שטענדיג געקוקט מיט גרינגשעצונג אויף דעם לע־בענדיגען, ריהרעוודיגען פלאַפּלענדיגען גריכען, נור אָהן די גריכען האָט ער זיך נישט געקענט בעגעהן אין קיין הינזיכט.

ביי די גריכען האָט ער גענומען זיין געטער־לעהרע. ביי זיי האָט ער זיך אויסגעלערנט שרייבען פּאָעזיע און פערפאַסען טעאַטער־שטיק. אַלע גע־בילדעטע רוימער האבען שטענדיג געהאַט אַ שטאַרקע סימפּאַטיע צו די גרי־כישע וויסענשאַפטען, ווי למשל: סציפּיאָן דער עלטערער און דער יונגערער, פלאַמיניוס און אַנד.

פון די טעאַטער־שטיק האָט רוים איבערגענומען ביי די גריכען צו־ערשט דעם מין שטיק, וואָס מען רופט קאָמעדיע. זייערע בעסטע קאָ־מעדיע־פערפאַסער זענען געווען פּלויטוס און טערענציוס.

פון די גריכישע היסטאָריקער האָבען זיי זיך אויסגעלערנט די גע־שיכטס־וויסענשאַפט. פאַביוס פּיקטאָר און דער צענזאָר קאַטאָ האָבען אוי־

בערגעלאָזען גרויסע היסטאָרישע ווערק. דער בעריהמטער היסטאָריקער פּאָ-
ליביוס, וואָס האט בעשריעבען די פּונישע קריעג, איז געווען אַ גריך.
דער גרעסטער היסטאָריקער פֿון דער רוימישער רעפּובליק איז געווען טי-
טוס ליוויוס.

רוים האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איהרע גרויסע רעדנער. די רעד-
נער-קונסט האָבען זיי זיך צוערשט אויסגעלערנט ביי די גריכישע רהעטאָרען.
שפּעטער האבען זיי געגעבען אייגענע רעדנער. די ברידער גראַקכוס,
ליציניוס קראַסוס דער עלטערער און בעזונדער ציצעראָ האָבען זיך
נישט געהאַט וואס צו שעמען פאַר די אַמאָליגע בעסטע רעדנער אין גרי-
כענלאַנד.

צווישען די פּאָעטען זענען געבליעבען פֿון די רוימער אין דער וועלט-
ליטעראַטור ווירגיליוס, קאַטולוס, האָראַציוס (צו אויגוסטוס צייטען),
פּעטראָניוס (צו נעראָנ'ס צייטען), יובענאַל (צו דאָמיציאַנוס צייטען);
פֿון די פּובליציסטען לייענט מען נאָך היינט טאַציטוס (צו די צייטען פֿון
טראַיאַנוס'ען), מאַרקוס אוירעליוס.

אין דער פּלאַסטישער קונסט האָבען די רוימער נור געלערנט ביי די
גריכען, אָבער קיינמאָל נישט דערגרייכט צו זייער שטופע און אין אַלגע-
מיין זענען זיי געווען גרעבער, נאַטוראַליסטישער, ווי די גריכען. זייערע
סטאַטועז פּלעגען אַמאָל זיין אַזוי ריעזיג גרויס, אַז מען האט שוין קיין
הנאה נישט געקענט האבען פֿון זיי.

אַלס אַרכיטעקטען זענען די רוימער שטאַרק איבערגעשטיגען די
גריכען. די גריכען האבען נאָך נישט פֿערשטאַנען צו בויען קופּעל-רונדע
דעכער.

אין דער וויסענשאַפֿט האט זיך ביי זיי אויסגעצייכענט פּליניוס דער
עלטערער, דער גרעסטער נאַטורפאָרשער פֿון אַלטערטום. ער האָט געלעבט
אין וועספּאַסיאַנוס און נעראָנ'ס צייטען. גאַלענוס איז געוואָרען דער בע-
גרינדער פֿון דער מעדיצינישער וויסענשאַפֿט. דער גרעסטער אַסטראָנאָם פֿון
די רוימישע בירגער איז געווען דער אַלעקסאַנדרינער קלוידיוס פּטאָל-
מעיוס, וואָס איז געווען ביז'ן 15-טען יאָהרהונדערט (ביז קאָפּערניקוס'ען)
דער וועגווייזער פֿאַר אַלע אַסטראָנאָמען אין אייראָפּא.

אין איין זאַך זענען די רוימער געווען פֿאָלקאָם זעלבסטשטענדיג. מען
קען זאָגען, אַז זיי האָבען בעשאַפֿען אַ נייע וויסענשאַפֿט, וואָס ס'איז נאָך
פֿאַר זיי נישט געווען, די וויסענשאַפֿט וועגען רעכט און געזעץ
(יוריספּרודענץ). מען קאָן זיך לייכט פֿאָרשטעלען, וואָס פֿאַר גרויסע יוריס-

מען זיי האָבען געהאַט, אַז נאָך ביז היינטיגען טאָג איז די בעסטע פּאָרט בעריהמטע רעכטס-שולע פאַר אַן׳אַדוואָקאַט, ווען ער בעקענט זיך פריהער גרינדליך מיט׳ן אַלטען רוימישען רעכט.

פון די רוימישע האַלבע פילאָזאָפען, וואָס דערנעהנטערען זיך שוין לויט זייער מאָראַל צו אונזערע היינטיגע בעגריפען, דאַרף מען געדענקען די סטאָאיקער (אַזאַ פילאָזאָפישע שולע), עפּיקטעט׳ען און מאַרקוס-אוירעליוס׳ען.

אין דריטען יאָהרהונדערט ג. א. צ. בעוויזען זיך אַסך רעליגיעזע דענקער און עס גרינדעט זיך אַ נײַ-פּלאַטאָנישע שולע. די נײַע קריסטליכע קירכע שטעלט אַרויס אַן׳אָריגינעלען דענקער דעם הײליגען אױגוסטין וועמענס בוך, „דער ווידוי פון אויגוסטין” האָט נאָך ביז יעצט נישט פערלוירען דאָס אינטערעס פאַר מאַנכע ליטעראַטען און פילאָזאָפען.

אויגוסטין איז געוועזען דער פילאָזאָפישער אויסטײַטשער פון די עקרים אין דער קריסטליכער אמונה. ער האָט געפּרובט פעראײניגען די גריכישע בילדונג און פילאָזאָפיע מיט דער קריסטליכער רעליגיאָן.

די רוימישע קולטור איז אָבער בּיסלעכווייז פערשאָטען געוואָרען פון די מחנות בּאַרבּאַרען, וואָס האָבען זיך אַרײַנגעריסען אין דער רוימישער אימפּעריע.

אונגעפעהר 700 יאָהר ג. א. צ. איז גאַנץ אײראָפּאַ צוריקגעקעהרט צו דער ווילדער צײַט, וואָס האָמער האָט אַמאָל בעשריבען. די בּאַרבּאַרען האָבען מיט זייער ווילדקײַט און זייערע ווילדע מנהגים כמעט דערשטיקט די גאַנצע אַלטע בילדונג און קולטור. די נײַע אײראָפּעאישע פעלקער האָבען געמוזט אָנהויבען ווידער פון דאָס ניי.



פערלאַג „יהודיה"

# וועלט־געשיכטע.

## דריטער טייל.

# דאס מיטעלאלטער.

בעאַרבייט דורך

ד"ר ג. עפשטיין.



מיט 21 אילוסטראַציעס אין טעקסט.


ווארשע תר"פ

דרוק ברידער לעווין עפשטיין פאַוויע 38 №

# אינהאלטס-פערצייכניס.

## ערשטער אבשניט.

### ווי ס'האט זיך געבילדעט די מיטעלאלטערליכע וועלט.



## צווייטער אבשניט.

### די פעאדאלע עפאכע.



## דריטער אבשניט.

### ווי עס האבען זיך געבילדעט די מלוכות פון די בענייטע אייראפעאישע פעלקער.

# דאס מיטעלאלטער.

## ערשטער אבשניט.

## ווי ס'האט זיך געבילדעט די מיטעלאלטערליכע וועלט

### ערשטעס קאפיטעל.

### די פעלקער־וואנדערונג.

די געשיכטע פון מיטעלאלטער הויבט זיך אן פון דער צייט, ווען עס ווערט צופאלען די רוימישע אימפעריע, אין א מזרח'דיגע און א מערב'דיגע, און ווען עס דרינגען אריין בארבארישע פעלקער אין די רוימישע פראווינצען.

די אימפעריע איז צופאלען צוליעב דעם, וואס אין די מערב־פראווינצען האט געהערשט די רוימישע בילדונג און קולטור, וואו אלע איינוואהנער האבען גערעדט לאטייניש אדער אויף א לאטיינישען (ראמאנישען) דיאלעקט, — בעת אין די מזרח־פראווינצען איז די בילדונג געווען ווי די שפראך אגריכישע, די קולטור — א ה ע ל ע נ י ס ט י ש ע.

דאס אריינדרינגען פון די בארבארען אין רוים האט איינגעפיהרט אין דער געשיכטע אסך נייע פעלקער. צווישען זיי זענען געווען די בעדייטענדסטע די ג ע ר מ א נ ע ן און די ס ל א ו ע ן.

### די ג ע ר מ א נ ע ן.

די גערמאנען זענען אריינגעדרונגען אין אייראפא באלד נאך די קעלטען. דערנאך, ווי זיי האבען געהאט פערשיעדענע נישט־גליקליכע מלחמות מיט די רוימער, האבען זיי זיך בעזעצט הינטער'ן רהיין און דונאי, אין דעם היינטיגען דייטשלאנד, עסטרייך, אויף דער סקאנדינאווער האלב־אינזעל, אין דער שווייץ און אין מערב־רוסלאנד. אין די מערב'דיגע טיילען פון זייערע בעזיצונגען האבען זיי אונטערטעניג געמאכט די קעלטישע שטאמען (למשל, אין היינטיגען בעהמען האט געוואהנט אמאל דער קעל־

טישער שטאַם באָיאָ, (דאָס וואָרט „בעהמען“ נעהמט זיך פון די ווער־טער „באָיאָ־היים“), אין צפון האָבען זיי זיך אויסגעמישט מיט די פינלענ־דער, אויף מזרח — מיט די סלאַוון.

ווען די גערמאַנען זענען אַריינגעדרונגען אין אייראָפּאַ, האָבען זיי נאָך נישט פערשטאַנען צו בעאַרבייטען די פעלדער, זיי האָבען געלעבט הויפּטזעכליך פון פלייש און מילך און פלעגען זיך נאָר בעשעפטיגען מיט פיה־צוכט (האָדאָוואַניע פון בהמות). די פערנומענע ערטער זענען געווען בעדעקט מיט געדיכטע וועלדער און זומפּען, די בהמה האָט נישט געהאַט וואו זיך צו פיטערען, און דערום פלעגען די גערמאַנישע שטאַמען שטענדיג בייטען די ערטער, זוכען נייע פלעצער, ראַבעווען, און איינם דעם אַנדע־רען שטויסען און דריקען. די רוימישע גרענעץ האָט זיי אָבגעהאַלטען אין משך פון פינפהונדערט יאָהר צו געהען ווייטער, און דערום האָבען זיי זיך ממילא געמוזט נעהמען דערצו, אויסצוהאַקען די פעלדער און אָבצורייניגען זייער ערד פאַר אַקערבוי. די רוימישע גרענעצען האָבען געבראַכט דערצו, אַז די גערמאַנען זענען אַריבער פון אַ נידעריגער קולטור צו אַ העכערער.

צוערשט פלעגען די גערמאַנען בעאַרבייטען נאָר די בעסטע שטיקער ערד. זיי פלעגען יאָהרען נאָך דער רייה זיי בעאַקערען און בעזייהען. כל זמן זיי פלעגען געבען תבואה. דערנאָך פלעגען זיי זיי פערלאָזען, פער־וואַנדלען אין פאַשע־פעלדער און זיך נעהמען צו אַ נייעם נישט־אויסגעמוטשע־טען פלאַץ. די ערד איז געווען אין די הענד פון עטליכע פאָרשטעהער פון די שטאַמען. זיי פלעגען צוטיילען צווישען די שטאַם־מיטגליעדער די ערד און פלעגען קאָנען, לויט זייער ווילען נאָך, בייטען אַלע ווייַלע די ערטער פון די לאַנדס־לייט און די פויערים.

די גערמאַנען זענען געווען געצענדיענער. מעהר פאַר אַלץ האָבען זיי פערגעטערט אין דער נאַטור דעם שטורם. זייער גאָט האָט געהייסען טאָר (דאָנאַר), אַ מין גריכישער יופּיטער, וואָס האָט רעגיערט מיט׳ן דונער אין די הענד. די געטין פון דער ערד און פרוכט־באַרקייט, ווי ביי די גרי־כען הערא, האָט געהייסען ביי זיי פריַיע, חוץ דעם האָט געשפּיעלט ביי זיי אַ גרויסע ראָלע דער גאָט פון ווינד אָדין (וואָטאַן), וואָס איז ענליך געווען צום רוימישען מערקוריוס. דער קעניגליכער פּאַלאַץ פון אָדין אין די וואָלקען האָט געהייסען וואַלהאַלע. דאָרטען פערברענגט ער פרעהליך די צייט מיט די נשמות פון די קריעגער, וואָס זענען געפאַלען אין דער מלחמה

די געצענדיענער האָבען זיך פֿאַרגעשטעלט די געטער פֿאַר זעהר מעכטיגע, אָבער דאָך נישט פֿאַר די מעכטיגסטע. די גערמאַנען האָבען געגלויבט, אז דער קאַמפף צווישען די געטער און שלעכטע קרעפֿטען וועט זיך אַמאָל ענדיגען מיט'ן זיעג פֿון די שלעכטע איבער די גוטע. דאַמאָלס וועט קומען אַ פֿייער און וועט פֿערניכטען די גאַנצע ערד. נאָך דעם „פֿייער-מבול" וועט קומען די צייט פֿון דער „געטער-דעמערונג", ווען עס וועט געבוירען ווערען, ריין פֿון זינד, דער ליכטיגער גאָט באַלדור, דער זוהן פֿון פֿריע און אָדין.

## די סלאַווען.

באַלד נאָך די גערמאַנען זענען געקומען די סלאַווען. אַ טייל פֿון זיי האָבען געדריקט און געשטויסען די מזרח-גערמאַנען און פֿערנומען זייער לאַנד פֿון ניעמאַן, ווייכסעל ביז צו דער עלבע, אַ טייל האָט געקעמפֿפֿט מיט די פֿינען און די טורקמענער שטאַמען אין היינטיגען רוסלאַנד, דער דריטער טייל איז געגאַנגען צו מערב צו, פֿערנומען די מיטעלסטע און הינטערשטע ברעגען פֿון דונאַי און זיך אויך אַריינגעריסען אין דער באַלקאַנישער האַלב-אינזעל.

די סלאַווען זענען אַריין אין אייראָפּאַ ביי זעהר שלעכטע בעדינגונגען. די בעסטע שטיקער ערד זענען שוין געווען פֿערנומען און זיי איז אויסגעקומען זיך אָבצושטעלען צווישען געדיכטע און זומפּיגע וועלדער און צווייהט צו ווערען אין די גרענצענלאָזע פלאַטשיגע לענדער פֿון היינטיגען רוסלאַנד. חוץ דעם האָבען זיי שטענדיג געהאַט נאָר צו טהון מיט אַזעלכע באַרבאַרישע פֿעלקער, ווי זיי אַליין, און האָבען נישט געהאַט דעם מזל, ווי די גערמאַנען, צו האָבען צו טהון מיט דער געבילדעטער רוימישער אימפּעריע, ביי וועלכער די גערמאַנען האָבען זיך אַסך גוטע זאַכען אָבגעלערנט. און דעריבער האָבען זיי זיך אַסך לאַנגזאַמער ענטוויקעלט ווי די גערמאַנען.

אין די וועלדער האָבען זיי זיך בעשעפֿטיגט מיט געיעג, מיט ביהנען-האָדאָוואַניע און מיט אַנדערע וואַלד-עסקים. פֿיה-צוכט האָט נישט געשפּיעלט ביי זיי קיין גרויסע ראָלע. דערפֿאַר האָבען זיי פֿריה זיך אָנגעהויבען צו בעשעפֿטיגען מיט אַקערבוי. מיט פֿעלד-אַרבייט האָבען זיך בעשעפֿטיגט אַלע, קיינער האָט זיך דערמיט ניט געשעמט. שקלאַפֿען האָט מען נישט געהאַלטען. פֿאַר געפֿאַנגענע פֿלעגט מען אָדער בעהמען אָבקויפֿגעלד, אָדער מען פֿלעגט איהם צונעהמען אין דער

געמיינדע. דער פאמיליען-בונד איז געווען זעהר שטארק. נישט נאר וואס איטליכער פון די צוואקסענע משפחות פלעגט שטעהען איינער פאר'ן אנדערען מיט'ן לעבען, נאר אלע פערשוועגערטע משפחות אינאיינעם האבען געבילדעט איין איינציגע ווירטשאפטליכע געמיינדע (אבשטשינא). אלע גליעדער פון דער געמיינדע האבען געארבייט צוזאמען און פלעגען זיך צוטיילען מיט די פירות פון זייער ארבייט לויט די בעדערפענישען אין דעם מין און דער אבגעטהוענער ארבייט. ווען די נאהענטע משפחות פלעגען זיך אזוי שטארק צוואכסען, אז עס איז שוין געוואָרען אונמעגליך צו פיהרען א געמיינזאמע ווירטשאפט, פלעגען זיך מאנכע משפחות אבטיילען און בילדען א נייעם ישוב.

דער צוזאמענבונד פון אזעלכע געמיינדען איז געווען א שוואכער. זיי פלעגען זיך פעראייניגען אין שטאמען, איבער וועלכע עס איז געשטאנען דער קניאז, וואס פלעגט זיין אמאל דער עלטסטער אין א געוויסען פאמיליען-בונד, אדער וואס פלעגט ווערען אמאל געוועהלט פון אלע פאמיליען-בונדען צוזאמען. אלגעמיינע פראגען פלעגט מען בעשטימען אויף דעם ראט, וואס האט געהייסען וועטשע. די בעציהונגען צווישען די מיטגליעדער פון שטאם זענען געווען שלעכטע. די פאמיליען-בונדען פלעגען זיך שטענדיג קריגען. אט די עוויגע רייסענישען און דאס, וואס די סלאווען זענען געווען שלעכט ארגאניזירט, האט זיי געבראכט אסך שאדען אין זייערע צוזאמענשטויסונגען מיט די שכנ'ישע פעלקער. די גערמאנען, וואס האבען זיך שוין אסך אנגעלערנט ביי די רוימער, האט זיך איינגעגעבען אבצושטופען די סלאווען צו מזרח צו און אונטערטעניג צו מאכען די מערב'דיגע סלאווישע שטאמען. ווידער האבען די סלאווען געהאט אסך צו ליידען פון די אזיאטישע מאנגאלישע שטאמען, וואס זענען געווען נאמאדען און פלעגען שטענדיג בעאונרוהיגען די גרענעצען פון די סלאווישע ערטער.

די רעליגיע פון די סלאווען איז געווען פונקט אזוי פערגרעבט ווי זייער פאליטיש לעבען. איטליכער שטאם האט זיך געהאט זיינע אייגענע געטער. דער הויפט-גאט איז געווען ביי זיי סטאוראג, דער קעניג פון הימעל און ליכט, וואס האט געהאט אסך עהנליכקייט מיט'ן ארמוזד ביי די איראנער. דער הימלישער דונער-ווארפער האט געהייסען ביי די סלאווען פערון. די געטין, וואס האט פערקערפערט די ערד און די נאטור, האט געהייסען וועסנא. די געטין פון ווינטער און טויט—מאראנא. ביי די מייסטען סלאווען איז די געצענדינעריי בטל געוואָרען, ווי נאר זיי

האָבען זיך בעקענט מיט'ן קריסטענטום, אָבער די איבערגעשטען פֿון איהר לעבען נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג אין דעם פֿאָלק-אַבערגלויבען.

## גערמאַנען און רוימער.

ווי געזאָגט, האָט די שטענדיגע בעריהרונג צווישען די גערמאַנען און רוימער געבראַכט דערצו, אַז די גערמאַנען האָבען זיך שטאַרק ענטוויקעלט בנוגע צו בילדונג און קולטור. ביי רהיין און דונאַי האָבען זיך געבילדעט שטילע שטעדט, וואָס האָבען פֿערשפּרייט רוימישע אויסאַרבייטונגען און רוימישע בילדונג. חוץ דעם האָט דער שטענדיגער קאַמפּף מיט די רוימער געצוואונגען די גערמאַנען זיך פֿעסטער צו פֿעראייניגען; אַנשטאָט די אַמאָליגע קליינע געמיינדע-פֿיהרער האָבען זיך שוין בעוויזען הערצאָגען און קעניגע. די קליינע שטאַמען זענען זיך צופֿאַלען און האָבען זיך צונויפֿגענומען אין שטאַמבונדען און אין פֿעלקער. אין פֿיערטען יאָהרהונדערט נ. א. צ"ר זענען שוין פֿעסט געזעסען ביי'ן רהיין די אַלעמאַנען, ביי'ם נעקאַר—די בורגונדער, ביי'ם דונאַי—די באַוואַרען, וואַנדאַלען און לאַנגאָבאַרדען, די זאַקסען—ביי עלבע, די פֿריזען און די אַנגלען, ביים דונאַי, דניעפּר און בוג—די גאָטען א. א. וו. די גאָטען זענען געווען נישט בלויז מעכטיג, נאָר זיי האָבען שוין געהאַט אַ געוויסע בילדונג, איינער פֿון זיי אולפֿילע האָט איינגעפֿיהרט ביי די גאָטען דאָס קריסטענטום שוין אין יאָהר 341 נ. א. צ"ר און האָט איבערזעצט אויף גאָליש דאָס עוואַנגעליום.

קאָנסטאַנטין דער גרויסער און זיינע נאָכפֿאָלגער האָבען נאָך בכח געהאַט אָבצוהאַלטען די גערמאַנען ביי די גרענעצען. אָבער די גערמאַנען האָבען אויך נישט גערוהט. זיי האָבען געשטויסען די פֿעלקער, וואָס האָבען געשפּאַרט פֿון מזרח צו מערב צו, און דערום האָט דאָס גלייכגעוויכט געמוזט צושטערט ווערען, וויבאַלד אַ נייע קראַפֿט איז געקומען צו די גרענעצען פֿון דער רוימישער מלוכה.

## די ערשטע פֿעלקער-וואַנדערונג.

אין 375-טען יאָהר האָט זיך אַ וואָרף געטהון איבער גאַנץ אייראָפּא אַ וואַנדערענדער שטאַמענבונד, וואָס איז געקומען פֿון קליין-אַזיען, די הונען. די הונען האָבען אָנגעוואָרפֿען אַ מורא איבער גאַנץ אייראָפּא. איינער אַ גאָלישער געשיכטס-שרייבער האַראַקטעריזירט זיי מיט די דאָזיגע ווערטער: „מיאוס'ע, קליינוואוכסיגע, ווען זיי וואָלטען נישט גערעדט מיט אַ מענשליכער שפּראַך, וואָלט מען נישט געגלויבט, אַז דאָס זענען מענשען". זייער

קראַפּט איז בעשטאַנען דערין, וואס זיי זענען געווען גוטע רייטער און האָבען געהאַט אַ מאַסע רייט-סאָלדאַטען. די וואַנדערענדע הונען זענען נאר געגאַנגען אויף רויב און אומעדום האבען זיי געמאַכט אַ תל פון די צוראַבירטע שטעדט. צו די הונען האבען זיך אַנגעשלאָסען אַסך אַנדערע שטאַמען, סלאַווען און אויך גערמאַנען. ווי נאר די הונען האבען בעקומען זייער מפלה, זענען זיי זיך צופאַלען, ווי אַ באַנדע רויבער. זייערע איבערעשטען זענען נאך געבליעבען אין היינטיגען אונגאַרן און אין מערב-רוסלאַנד.

דער ערשטער אָנפאַל פון די הונען האט צורודערט אַלע שטאַמען פון אייראָפּא. די וועסטגאָטען האבען זיך אַ ווארף געטהון אויף די רוימישע גרענעצען (די אָסטגאָטען זענען געוואָרען אונטערטעניג צו די הונען). דעם גרויסען טהעאָדאָזיוס איז נאר געלונגען אויף אַ ווילע איינצושטעלען דעם אַלטען סדר. נאך זיין טויט איז געווארען דער גאַנצער פערטיידיגער דער וואַנדאַל סטיליחאָן, דער אָפּעקון פון דעם מערב'דיגען אימפּעראַטאָר האָנאָריוס. ער איז געווען אַ גרויסער פעלדמאַרשאַל און ער האט צוויימאָל בעזיעגט דעם פיהרער פון די גאַלען אַלאַריכ'ען; חוץ דעם האט ער אַרויסגעשטויסען פון איטאַליען אַנדערע שטאַמען, וואס זענען געקומען ראַבעווען די רוימישע לענדער. אין יאהר 408 האבען איהם אָבער די הויפלייט ערמאָרדעט און צוויי יאהר שפּעטער איז צוריקגעקומען אַלאַריך (410) און האט דאס מאל איינגענומען רוים און אינגאַנצען חרוב געמאַכט און פון דארט איז ער אַוועק אין מערב-איטאַליען. נאך אַלאַריכ'ס טויט האט זיין נאכפאָלגער געמאַכט שלום מיט'ן רוימישען אימפּעראַטאָר און ער האט אַוועקגעפיהרט זיין שטאַם אין גאַליען און שפּאַניען. דאָרטען האָבען שוין גע'בעל-הבית'ועט עטליכע יאהר די וואַנדאַלען און די בורגונדער. די וועסטגאָטען האבען די פּראָווינצען געריינגט פון די באַנדעס. אָבער די בורגונדער זענען פאָרט געבליעבען אין טאָל פון די טייכען רהאָן און סאָן. די וואַנדאַלען זענען אַוועק קיין אַפריקא.

דערמיט האָט זיך געענדיגט ביים יאָהר 430 די ערשטע וואַנדערונג פון די פעלקער. אָנגעהויבען האט זי זיך צוליעב די הונען און די וועסטגאָטען. דאס רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאס אין די לענדער פון דער מערב'דיגער אימפּעריע האבען זיך געבילדעט דריי באַרבאַרישע קעניגטימער: דאס וועסטגאָטישע אין שפּאַניען און אין מערב-פראַנקרייך, דאס בורגונדישע אין דרום-מזרח-פראַנקרייך, דאס וואַנדאַלישע אין אַפריקא.

## די צווייטע פעלקער-וואַנדערונג.

די צווייטע פעלקער-וואַנדערונג האָט זיך ווידער אָנגעהויבען צוליעב די הונען. זיי האָבען זיך נאָך דער ערשטער מפלה אָבגעשטעלט אין פאַנאָניען (אין היינטיגען אונגאַרן). איינער פון די פיהרער זייערע **אַטילאַ** האָט אויסגעקוילעט אַלע זיינע קרובים און פעראייניגט אַלע הונישע שטאַמען אונטער זיין מאַכט און צוזאַמען מיט סלאַווישע און גער-מאַנישע שטאַמען האָט ער אָנגעהויבען מלחמה האַלטען מיט אַלע זיינע שכנים. זיין שפרוך איז געווען, אַז „וואו עס טרעט מיין פערד וועט שוין קיין גראָז נישט וואַקסען". זיין חיל האָט זיך אַריבערגעוואָרפען איבער די קאַווקאַזער בערג און איז בעפאַלען דאָס פערזישע קעניגרייך אין קליין-אַזיען. צוויי מאָל האָט ער חרוב געמאַכט די באַלקאַן-האַלבאינזעל, און ער איז אָבגעטרעטען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל נאָר צוליעב אַ גרויס אָבקויפגעלד. אין יאָהר 451 איז ער אַוועק מיט אַ חיל פון 600 טויזענד מאַן אין גאַליען. מיט גרויס מיה איז געלונגען די רוימער צו פערטרייבען אַטילאַ'ן. קעגען איהם האָבען געקעמפפט אויך די באַרבאַרען, וואָס האָבען זיך בעזעצט אין איטאַליען. די רוימער צוזאַמען מיט די וועסטגאָטען האָבען פערטריעבען די הונען, אָבער די מלחמה איז געווען אַזא בלוטיגע, אַז זיי האָבען נישט געהאַט קיין כח צו געבען די הונען אַן ענטשיידענדע שלאַכט, און די הונען זענען ווידער אַוועק אין פאַנאָניען. אין אַ יאָהר אַרום איז ווידער געקומען אַטילאַ אין איטאַליען, אָבער נאָר צוליעב דעם, וואָס אין זיין חיל האָט אויסגעבראָכען די פעסט (דזשומאַ), איז אַטילאַ נישט דערגאַנגען ביז צו רוים, און ער האָט געמוזט נאָך עטליכע נצחונות זיך אומקעהרען אין פאַנאָניען, באַלד דערויף איז אַטילאַ געשטאָרבען און זיין קעניגרייך איז צופאַלען.

אַטילאַ'ס אָנפאַלען האָבען צוגענומען די לעצטע קרעפטען ביי דער מערב'דיגער רוימישער אימפעריע. און מיט דער דאָזיגער שוואַכקייט האָט זיך אויסגענוצט דער קעניג פון די וואַנדאַלען **הענזעריך**. אין יאָהר 455 האָט זיין חיל **איינגענומען רוים**. די וואַנדאַלען האָבען געראַבע-וועט די רוימישע הויפטשטאָדט 12 טעג נאָכאַנאַנד; די מענשען האָבען זיי נאָך געשאַנעוועט, אָבער אָהן רחמנות האָבען זיי פערניכטעט כמעט אַלע דענקמעלער פון דער רוימישער קונסט און גרויסקייט (ביז היינטיגען טאָג רופט מען „וואַנדאַלען" דעם, וואָס בעציהט זיך גראָב און אונברחמנות'-דיג צו אַלטע דענקמעלער פון קונסט און קולטור).

די איבערעשטען פון דער מערב-אימפעריע זענען ביסלעכווייז אַרי-

בער אין דער מאַכט פֿון די באַרבאַרען. אין יאָהר 476 האָט זיך געביל־דעט אין איטאַליען די באַרבאַרישע מלוכה פֿון די הערולען און שפּעטער איז אַהין אַריבער מיט זיין שטאַם, לויט דעם וואונש פֿון אימ־פּעראַטאָר אין דער מזרח־אימפּעריע, דער אָסטגאָטישער קעניג טעאָדאָריך (490). דאָס יאָהר 476 איז אָנגענומען צו רעכענען פֿאַר דעם היסטאָרישען מאָמענט, ווען די מערב־אימפּעריע איז אינגאַנצען צופֿאַלען.

אין גאַליען האָבען זיך בעוויזען, צו די וועסטגאָטען און בורגונדער, די פֿראַנקען. זייער קעניג חלאָדוויג האָט אין יאָהר 486 צוגענומען די לעצטע פֿעסטונג פֿון די רוימער. די רוימישע לעגיאָנען האָבען שוין פֿון פֿינפֿטען יאָהרהונדערט פֿערלאָזען בריטאַניען און פֿון 449־טען יאָהר האָבען גענומען זיך בעפֿעסטיגען דאָרטען די זאַקסישע אין ענגלישע שטאַמען, וואָס זענען געקומען אויף שיפֿלעך פֿון צפון־ים. די געבירטיגע בעפֿעלקערונג האָט נישט געקענט בעשטעהן קעגען די נייע אָנגעקומענע און זיי האָבען געמוזט אָבטרעטען אַלץ ווייטער און ווייטער צום צפון און מערב פֿון ברי־טאַניען. צום סוף פֿון פֿינפֿטען יאָהרהונדערט איז די רוימישע מאַכט חרוב געוואָרען אויף דער גאַנצער לענג און ברייט פֿון דער אַמאָליגער מערב־אימפּעריע. מאַסענהאַפֿט זענען אַריבער די גערמאַנען די רוימישע גרענעצען און צוגלייך זענען מאַסענהאַפֿט אַריבער די סלאַווען אין איצטיגען דייטש־לאַנד און עסטרייך.

די וואַנדערונגען און נצחונות פֿון די סלאַווען האָבען נישט איבער־געלאָזען אַזאַ זכר, ווי די אנפֿאַלען פֿון די הונען אין גערמאַנען, ווייל ביי זייערע אָנפֿאַלען האבען זיי געהאַט צו טהון לויטער מיט באַרבאַרישע פֿעל־קער, וואָס פֿערשרייבען נישט זייער פּאָליטישע געשיכטע. דער איינציגער זכר ווענען די סלאַווישע פֿעלקער־וואַנדערונג געפֿינען מיר נאר ביי די גע־שיכטעס־שרייבער פֿון דער מזרח־אימפּעריע, וועלכע עס פֿלעגען אָפֿט בעפֿאַ־לען די סלאַווען אין זייערע וואַנדערונגען. אין אַלגעמיין האבען די סלאַווי־שע שטאַמען אין דער צייט זיך בעוועגט פֿאָרווערטס איבער'ן ווייכסעל, על־בע און דונאַי. זייער מערב־גרופּע איז בעשטאַנען: 1) פֿון באַלטישע סלאַווען (ווענדען); 2) פֿון פּאָליאַקען (ליאַכען); 3) פֿון טשעכען און 4) סלאָוואַקען. צו דער דרום־גרופּע האָבען געהערט: 1) די סלאָווענצעס; 2) די חאָרוואַטען און סערבען און 3) די בולגאַרען. צו דער מזרח־גרופּע— די רוסען. אינגאַנצען בעפֿעסטיגט האָבען זיך די סלאַווען אויף די נייע ער־טער ערשט ענדע פֿון 6־טען און אָנפֿאַנגס פֿון 7־טען יאָהרהונדערט פֿון אונזער צייטרעכנונג.

## צווייטעס קאפיטעל.

## די אימפעריע אין 7־טען און 8־טען יאהרהונדערט נ. א. צ.

דאס, וואס די בארבארען האבען זיך בעפעסטיגט אין איטאליען, הייסט נאך נישט, אז די רוימישע מלוכה איז שוין איינגאנצען בטל־געוואָרען. אפילו אין דער מערב׳דיגער אימפעריע, וואו עס האבען געקעניגט די בארבארישע קעניגען, האבען די בעזיעגער אנגעווענדט אלע מיטלען, נאר אז די אימפעראטארען אין קאנסטאנטינאפאל זאלען אנערקענען זייער מאכט. טעאדאריך האט שטענדיג געפיהרט צוליעב דעם אונטער־האנדלונגען מיט דער מזרח־אימפעריע. ער פלעגט גיעסען מטבעות מיט דעם בילד פון די אימפעראטארען און אויף די אויפשריפטען פון דענק־מעלער פלעגט ער פריהער פאר זיין נאמען שטעלען דעם נאמען פון אימ־פעראטאר. זיי פלעגען זיך געבען דעם טיטעל פון פעלדמארשאלען פון דער אימפעריע. חלאדוויג פון די פראנקען איז געווען איבערגליקליך, וואס פון קאנסטאנטינאפאל האט מען איהם צוגעשיקט דעם טיטעל פון א קאנסול.

די בארבארישע קעניגען האבען געהאט א מורא׳דיגען אבשיי פאר די אימפעראטארען. חוץ דעם האבען זיי זיך געפיהלט נישט זיכער צווישען דער געבילדעטער רוימישער בעפעלקערונג, און דערום האבען זיי זיך גע־סטארעט צו איבערצייגען די בעפעלקערונג, אז די מאכט איז זיי געגע־בען געווארען פון דער אימפעריע גופא.

### יוסטיניאנוס.

די נישט־פעסטקייט פון זייער לאגע האט זיך קלאר ארויסגעוויזען, ווען אין דער מזרח־אימפעריע איז ארויף אויפ׳ן טראהן, נאך א סך נישט־בעגאבטע אימפעראטארען, יוסטיניאנוס (527). ער האט זיך געשטעלט די אויפגאבע ווידער צו בעקומען די מערב־אימפעריע. צוערשט האט ער זיך גענומען פאר די וואנדאלען, וואס האבען זיך בעפעסטיגט אין אפריקא, נישט ערגער ווי אמאל די פעניציער. זיין פעלדמארשאל וועליזאריוס האט אין יאהר 534 בעזיעגט די וואנדאלען און ווידער פעראייניגט מיט דער אימפעריע א פערלארענעם טייל אפריקא. דערנאך האט ער זיך גענומען ארויסצוטרייבען און אונטערטעניג צו מאכען די גאטען אין איטאליען. און די דאזיגע מלחמה איז שוין געווען אסך א שווערערע. זי האט גע־דויערט 20 יאהר, די אסטגאטען האבען געקעמפפט ווי די העלדען. איטאל־

יען איז אַלע ווײַלע אַריבער דאָ צו דער אימפּעריע און דאָ צו די גאָטען. ענדליך אין יאָהר 555 איז איטאַליען ווידער פֿעראײניגט געוואָרען מיט דער אימפּעריע. באַלד נאָך דעם קריעג מיט די אָסטגאָטען האָט יוסטיניאַנוס אָנגעהויבען פֿיהרען אַ מלחמה מיט די וועסטגאָטען, וואָס האָבען זיך פֿעסט בעזעצט אין שפּאַניען. און די אייגענע סבות, וואָס האָבען געשאַדט די אָסטגאָטען, האָבען אויך שטאַרק אָבגעשוואַכט די וועסטגאָטען. סײַ אין איטאַליען סײַ אין שפּאַניען האָבען זיך די נײַע זיעגער נישט צונויפֿגעמישט מיט דער געבירטיגער רוימישער בעפֿעלקערונג, סײַ אין איטאַליען סײַ אין שפּאַניען איז די גאַנצע אַדמיניסטראַטיווע און געריכטליכע פֿיהרונג געבליעבען רוימיש. די בעזיעגער זענען געווען נישט פֿערקניפּט און פֿערבונדען מיט די אינעווייניגסטע אינטערעסען פֿון לאַנד, און דערום האָבען זיי אין דער בעפֿעלקערונג נישט געהאַט קײַן שום וואָרצלען. דעריבער איז טאַקי נישט געווען אַזוי שווער זײַ צו בעזיעגען. יוסטיניאַנוס האָט אויך שפּאַניען ווידער פֿעראײניגט מיט דער אימפּעריע.

יוסטיניאַנוס האָט מיט פֿולען רעכט זיך געקאָנט האַלטען פֿאַר'ן אימפּעראַטאָר נישט נאָר פֿון דער מזרח, נאָר אויך פֿון דער מערב-אימפּעריע, דען גראַדע אויפֿ'ן מערב האָט ער געפֿיהרט די בעסטע געלונגענסטע מלחמות מיט די באַרבאַרען. אין מזרח דאַגעגען האָט ער נישט געקאָנט שפּיעלען די ראָלע פֿון אַ זיעגער, נאָר פֿון אַנ'אימפּעראַטאָר, וואָס האַלט זיך שטענדיג אין אײַן פֿערטײַדיגען געגען די אָנפֿאַלען פֿון די פּערזער, סלאַווען און בולגאַרען.

צו דער דאָזיגער צײַט האָט אין פּערזען געקעניגט דער סאַסאַנידער חאָזראָי. חאָזראָי האָט אָנגעטהון צרות דער אימפּעריע אין דרום-קאַווקאַז און אין סיריען, חוץ דעם האָט ער פֿערנומען אַנטיאָכיע.

די סלאַווען פֿלעגען זיך אָפֿט אַרײַנרײַסען אין טראַציען און גריכענלאַנד. זײַערע אָנפֿאַלען זענען געווען בעזונדער געפֿעהרליך, ווען מיט זײַ האָט זיך פֿעראייניגט אַ טערקישער שטאַם, בולגאַריען, וואָס איז געקומען פֿון וואָלגאַ באַלד נאָך די הונען. זעהר אָפֿט פֿלעגט זיך די אימפּעריע מוזען אָבקויפֿען פֿון זײַ מיט געלד; אין דער לענג פֿון דונאַי האָט מען צוליעב זײַ געמוזט אויסבויען ביז 80 פֿעסטונגען.

יוסטיניאַנוס איז נישט נאָר געווען אַ גרויסער קריעגס-פֿיהרער. נאָר ער האָט אויך אַסך אויפֿגעטהון אין דער אינערער פֿערוואַלטונג פֿון לאַנד. איהם האָט מען צו פֿערדאַנקען די זאַמלונג פֿון אַלע כללים אין רוימישען

רעכט, וואָס איז ביז היינטיגען טאָג דער פונדאַמענט פון ציווילרעכט (גראַזשדאַנסקיע זאַקאָני) אין אייראָפּאַ.

ווי אַלע אין וויזאַנטיע (ביצאַנץ), האָט יוסטיניאַנוס זיך זעהר אינטערעסירט מיט אַלערליי רעליגיעזע וכוחים פון זיין צייט, נישט אַלע מאָל איז ער געווען גערעכט, אָבער ער האָט מיט אַלע כוחות געזוכט אויסצוראָטען די געצענדיענעריי.

יוסטיניאַנוס איז געשטאָרבען אין יאָהר 565. נאָך זיין טויט האָט דאָס פאָלק נישט אַזוי געשעצט זיינע נצחונות ווי די שווערע אָבגאָבען, מיט וואָס מען האָט זיי בעלעגט צוליעב די שטענדיגע קריעג. דאָס פאָלק האָט פערלאַנגט, אַז מען זאָל נישט האַלטען אַזאַ גרויסען חיל. און פערקלענערען די אָבגאָבען. און גראַדע דאַמאָלס איז די אימפעריע געשטאַנען פאַר אַ נייער געפאַהר. פון מיטעלען דונאַי האָט זיך אויף איטאַליען געלאָזען דער שטאַם פון די לאָנגאָבאַרדען, זייער קעניג האָט בעזיעגט איטאַליען, צוגענומען דעם צפון'דיגען טייל און געמאַכט פון דער שטאָדט פאַוויע זיין הויפט-שטאָדט. ביי דער אימפעריע איז געבליעבען: וועגעדיג, ראַוועגעל, רוים, נעאַפּאָל מיט די דערפער אַרום. דער אויבערשטער איבער זיי איז געווען אַנ'עקזאַרך, וואָס האָט בעקומען זיין שטעלע פון אימפעראַטאָר.

די מלוכה-בעזיצונגען אין איטאַליען זענען געווען אַזוי צוואָרפען צוליעב די נצחונות פון די לאָנגאָבאַרדען, אַז יעדעס שטיק לאַנד איז געווען כמעט זעלבסטשטענדיג. אומעדום איז געווען אַ דוקס (דער סאָלדאַטען-פיהרער), פון וועמען עס זענען געווען אַבהענגיג די טריבונען (וואָס האָבען געקאָמאַנדעוועט איבער קליינע סאָלדאַטען-טרופען). חוץ דעם האָבען נאָך געהאַט אַ דעה צו זאָגען די פערטרעטער פון דער קירכע. די עפּיסקאָפּען פלעגען זיך מישען אין אַלערליי ענינים. בעזונדערס פלעגען זיי זיך אָננעהמען פאַר די אָרעמע קלאַסען און אָפט אַרויסטרעטען געגען דער פערוואַלטונג פונ'ם עקזאַרך. אין ערגיץ אָבער האָט דער קירכליכער איינפלוס נישט דערגרייכט צו אַזאַ מדרגה, ווי אין דער שטאָדט רוים.

## די ענטשטעהונג פון פּויבסטטום.

רוים, וואָס איז געווען אַמאָל דער צענטער פון דער גאַנצער אַלטער בילדונג, האָט זיך שטאַרק פערענדערט. חאָטש די אימפעראַטאָרען האָבען רוים פערלאָזען, נאָר אין די אויגען פון דער בעפעלקערונג איז די שטאָדט געבליעבען דער צענטר פון דער רוימישער קולטור. די רוימישע

עפיסקאָפּען זענען געווען כמעט ווי די יורשים פֿון דער אַמאָליגער געצענ־דיענערישער גרויסקייט, ווען די אימפּעראַטאָרען האָבען פֿערלאָזען די עווינע שטאָדט. זיי האָבען זיך נעהאַלטען פֿאַר די נאָכפאָלגער פֿון אַפּאָסטאָל פּעטער, וועמען ישו הנוצרי האָט געזאָגט כלומר׳שט: „אויף דעם שטיין וועל איך בויען מיין קירך, און די טויערען פֿון גיהנם וועלען זיי נישט קאָנען צושטערען“, און האָבען שוין אין די ערשטע יאָהר־הונדערטען פֿערלאַנגט, אַז מען זאָל זיי אַנערקענען העכער ווי די עפּיס־קאָפּען פֿון אַנדערע רוימישע פּראָווינצען. די אַנדערע פּאַטריאַרכען, ווי דער ירושלים׳ער, דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער און אַנד. האָבען אַפּילו נישט געוואָלט זיי אַנערקענען העכער פֿאַר זיך, אָבער אָפּט פֿלעגען זיי זיי אָב־טרעטען די ערשטע שטעלע.

אַלע עפיסקאָפּען אין דער אימפּעריע זענען געווען אַבהענגיג פֿון אימפּעראַטאָר. דערנאָך, ווי דאָס פֿאָלק און די קירכע פֿלעגען אויסקלויבען אַן עפּיסקאָפּ, פֿלעגט ער נאָך מוזען בעקומען די בעשטעטיגונג פֿון אימפּע־ראַטאָר. נאָר די מערב-אימפּעריע איז בטל געוואָרען, קאָנסטאַנטינאָ־פּאָל איז געווען צו ווייט, דאָס צונויפֿרעדען זיך מיט איטאַליען איז געוואָרען אַלץ שווערער און שווערער, און די ווערדע פֿון די רוימישע עפּיסקאָפּען (אָדער פּויבסטען) איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. די מאַכט פֿון די רוימישע פּויבסטען איז נאָך געשטיעגען צוליעב דעם, וואָס זיי האָבען געהאַט ווייניגער אויסצושטעהן פֿון די נייע קריסטליכע סעקטעס, ווי אין מזרח, וואו די סעקטעס פֿלעגען וואַכסען ווי די שוואָ־מען, און וואו עס האָבען שטענדיג עקזיסטירט קריעגעריי און רייסענישען צווישען זיי.

ענדליך האָט דער רוימישער עפּיסקאָפּ געצויגען נוצען דערפֿון, וואָס די מערב-אימפּעריע פֿלעגט שטענדיג ליידען פֿון די באַרבאַרישע אָנפֿאַלען, ער איז געווען שטענדיג דער פֿערמיטלער צווישען די זיעגער און די בעזיעגטע.

אין דער דאָזיגער עפּאָכע איז געווען דער גרעסטער פֿערטרעטער פֿון פּויבסטטום לעאָ דער גרויסער. ער איז געגאַנגען צו אַטילאַ׳ן אין לאַגער איבעררעדען איהם, אַז ער זאָל נישט געהען אויף רוים. שפּעטער אין 455-טען יאָהר האָט ער אויסגעפֿיהרט ביי׳ם באַרבאַרישען קעניג הענזעריך, אַז ער זאָל ביי׳ם חרוב מאַכען רוים שאַנעווען דאָס לעבען פֿון די איינוואָהנער. לעאָ דער גרויסער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט מודיע געווען דער וועלט, אַז ער איז דער אויבערשטער אין

דער קירך, וואָס פּאַשעט די שאָף פֿון קריסטוס׳ען, עהנליך צו פּעטער׳ען דעם עלטעסטען פֿון די אַפּאָסטאָלען.

דערנאָך, ווי די לאָנגאָבאַרדען זענען אַריינגעדרונגען אין איטאַליען, האָבען די רוימישע עפּיסקאָפּען געמאַכט דעם צווייטען גרויסען שריט צו פֿערנעהמען די אויבערהערשאַפֿט אין דער קריסטליכער קירך, און דעם דאָזיגען טריט האָט געמאַכט גרעגאָריוס דער גרויסער (604).

אין דער צייט ווען די לאָנגאָבאַרדען זענען געגאַנגען אַלס זיעגער איבער איטאַליען, האָט מען אַלע ווייַלע געקענט ערוואַרטען אַנ׳אָנפֿאַל אויף די רוימישע פֿעסטונגען. צונויפֿצוקומען זיך מיט די פּראָווינצען אין אַפֿריקאַ און אין מזרח — איז געווען כמעט אוממעגליך. און דאָך האָט מען גע־מוזט פֿערזאָרגען די בעפֿעלקערונג מיט עסענוואַרג און וואַסער. גרעגאָריוס האָט אַריינגענומען דאַמאָלס אין זיינע הענד די מיליטערישע און די אַדמיניסטראַטיווע מאַכט, זיך וועגען אַלץ געזאָרגט אַיינער אַליין, פֿערזאָרגט מיט פּראָוויאַנט די סאָלדאַטען, פֿעררכט די וואַסער-לייטונג, געטיילט ברויט צווישען פֿאָלק, צונויפֿגעזאַמעלט די אָבגאָבען, פֿערוואָרנט דאָס קירכליכע האָב און גוטס, וואָס איז שוין בעשטאַנען פֿון גאַנצע שטיקער ערד א. ז. וו. די רוימישע פּראָווינץ איז נישט מערקליך געוואָרען די פּראָווינץ פֿון פּויפּסט, כאָטש אָפֿיציעל איז זי געווען אונטערטעניג דעם עקזאַרכען.

דערביי האָט גרעגאָריוס זיך געפֿיהרט זעהר דיפּלאָמאַטיש מיט דעם עקזאַרכען, ווי מיט׳ן אימפּעראַטאָר. נאָר ער האָט שטענדיג געוואוסט, אַז אויפֿ׳ן מזרח האָט ער נישט וואָס צו האָפֿען, און דאָס ער מוז אַליין קאָנען בעשטעהן געגען די זיעגער, די באַרבאַרען.

גרעגאָריוס איז געווען אין שטענדיגען בריעף-וועקסעל מיט די באַר־באַרישע קעניגען, און איהם האָט מען צו פֿערדאַנקען, וואָס דער וועסט גאָטישער קעניג האָט זיך אָבגעזאָגט פֿון דער אַריאַנישער סעקטע און איז געוואָרען אַ קריסט, לויט דעם רוימישען קריסטענטום. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די שפּאַנישע קירך האָט זיך פֿעסט צונויפֿגעבונדען מיט דער רוימישער און זי נאָך מעהר פֿערשטאַרקט.

גרעגאָריוס האָט זיך דערמיט נישט בעגנוגענט. זיין גרעסטע טהאַט איז געווען דאָס, וואָס ער האָט געשיקט מיסיאָנערען קיין ענגלאַנד. די אַרבייט פֿון די מיסיאָנערען האָט געבראַכט אַ גרויסען ערפֿאָלג. באַלד האָט שוין געקאָנט געגרינדעט ווערען אַ גרויסע קריסטליכע קירכע מיט אַנ׳עפּיס־קאָפּ אין דער שפּיץ.

גרעגאָריוס איז געווען אַ גרויסער וויט-זיכטיגער פּאָליטיקער. ער האָט געראַטען די מיסיאָנערען נישט צו צושטערען די געצענדינערישע טעמפּלען, נאָר זיי צו פערוואַנדלען אין קירכען; נישט צו פערבאָטען קיין קרבנות, נאָר צונויפבינדען די קרבנות-טעג מיט וואָס עס איז פּאַר אַ קריסטליכען יום-טוב. בכלל נישט צו אַסר'ען קיין מנהגים, חאָטש די מנהגים זענען געצענדיענערישע, נאָר זיי צופּאַסען צו דעם קריסטליכען גאָטעס-דיענסט.

## די קליין-אַזיאַטישע דינאַסטיע.

אין יאָהר 717 איז געוואָרען אימפּעראַטאָר לעאָ איסאַוור, וואָס האָט אָבגעשטאַמט פון אַ קליין-אַזיאַטישער משפחה. צו דער צייט פון זיין מלוכה איז קאָנסטאַנטינאָפּאָל געווען ווידער אין אַ גרויסער סכנה. סיי פון ים, סיי פון דער יבשה איז בעלאַגערט געוואָרען די שטאָדט פון אַנ'אַראַבישען חיל. לעאָ האָט געקעמפּפט ווי אַ העלד. ער האָט פערברענט אַ טייל פון דעם מוסולמאַנישען פלאָט מיט אַזאַ גריכישען פייער (אַ מין אויפריים-שטאָף, ווי אונזער פולווער), וואָס פלעגט ווערען געשליידערט פון אַזוינע רעהרליך אויף'ן שונא. אַ יאָהר לאַנג האָבען די אַראַבער בעלאַגערט קאָנסטאַנטינאָ-פּאָל, נאָר ענדליך האָבען זיי געמוזט אַראָבנעהמען די בעלאַגערונג. פון דאַמאָלס אָן, אין משך פון גאַנצען 8-טען יאָהרהונדערט, האָט זיך גע-צויגען די מלחמה צווישען די אַראַבער אין ביצאַנץ, דאָ — האָט דער מנצח געווען, — דאָ יענער. דאָך האָט זיך איינגעגעבען דער אימפּעריע צו פערטיידיגען קליין-אַזיען און דעם אַרחיפּעלאַג.

די ערשטע אימפּעראַטאָרען פון דער קליין-אַזיאַטישער דינאַסטיע האָבען אַסך אויפגעטהון אויף צו פערבעסערען די לאַגע פון די אָרעמע קלאַסען. זיי האָבען אַרויסגעגעבען אַסך געזעצען, וואָס בע-שיצען דעם אַרענדאַטאָר און דעם פויער, זיי האָבען אויך געשטרעבט צו מאַכען פון פויער אַ זעלבסטשטענדיגען לאַנד-בעזיצער.

אין איין זאַך האָט אָבער די נייע דינאַסטיע זיך אַ גרויסען שאָדען געטהון. צו דער צייט פון לעאָ איסאַוור איז אויסגעבראָכען דער קאַמפּף צווישען די קריסטליכע סעקטען, וואָס האָבען זיך געטיילט אין בילדער-פערגעטער (איקאָנאָדולען) און בילדער צושטערע (איקאָנאָקלאַס-טען). לעאָ איז געווען אונטער דעם איינפלוס פון די לעצטע, וואָס האָבען בעטראַכט די בילדער-פערגעטערונג ביי די קריסטען ווי געצענדינעריי.

לעאָ איסאַוור, וואָס האָט שטענדיג געפיהרט מלחמה מיט די אַראַ-בער און וועלכע ער האָט אויס פּאָליטיק געוואָלט מאַכען פאַר קריסטען,

איז צוגעשטאַנען צו די בילדער-צושטערער, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז קיין אַראַבער וועט נישט אָננעהמען אַנ'אמונה, וואו עס ווערען פֿערגע־טערט בילדער. דער קריעג צווישען די סעקטען האָט אָבער צורואינירט דאָס אינעווענינגסטע לעבען פֿון לאַנד, און מיט דער לאַגע האָט זיך אויס־גענוצט דער רוימישער פּויפּסט, וואָס האָט אין דער מהומה אויפגעהויבען נעגען די אַפּיקורסישע אימפּעראַטאָרען די גאַנצע בעפֿעלקערונג, וואָס האָט בעסער געוואָלט אַריבער אונטער דער מאַכט פֿון די לאָנגאָבאַרדען, ווי צו אַנערקענען אַנ'אַפּיקורוס אַנ'אימפּעראַטאָר.

צו דער צייט פֿון לעאָ איסאַוור איז געווען פּויפּסט אין רוים גרעגאָריוס דער צווייטער (715—31), וואָס האָט זיך אָבגעזאָגט צו פֿאָלגען דעם אימפּעראַטאָר, און פֿערבאָטען דער וועלטליכער מאַכט זיך צו מישען אין קירכליכע אַנגעלעגענהייטען.

די מזרח-אימפּעריע איז שטאַרק אָבגעשוואַכט געוואָרען צוליעב דעם דאָזיגען קאַמפּף, און די מאַכט פֿון רוימישען פּויפּסט איז צוליעב דעם נאָך ווייטער געשטיגען.

---

## דריטעס קאַפּיטעל.

# דער ארויסטריט פֿון די אראַבער און די בילדונג פֿון דער מוזולמאַנישער וועלט.

צום סוף פֿון דער אַלטער געשיכטע האָבען זיך אַסך סעמיטישע לענדער איינגעפֿונען אונטער דער הערשאַפֿט פֿון דער רוימישער אימפּעריע. יהודה איז געוואָרען דאָס וויעגעל פֿון קריסטענטום. די יודען, וואָס האָבען זיך צושפּרייט איבער דער גאַנצער אימפּעריע, האָבען זיך נישט אויסגע־מישט מיט דער געבירטיגער בעפֿעלקערונג און האָבען בעהאַלטען זייערע נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייטען. אין מיטעלאַלטער איז אויף דער סצענע פֿון דער געשיכטע אויפֿגעטרעטען אַ צווייט סעמיטיש פֿאָלק, אַ נאָהענטער קרוב פֿון די יודען, די אַראַבער, וואָס האָבען אויך געגעבען אַנדערע פעלקער אַ נייע אמונה, דעם איסלאַם. אַז דאָס קריסטענטום, אַז דער איסלאַם, וואָס שטאַמען פֿון די סעמיטען, האָבען זיך צושפּרייט ווייט איבער די אייגענע גרענעצען פֿון דער סעמיטישער ראַסע.

דאָס קריסטענטום איז געוואָרען די רעליגיע פֿון די אייראָפּעאישע פעלקער, דער איסלאַם — פֿון די אַזיאַטישע און אַפֿריקאַנישע פֿעלקער.

דער געבורטס־אָרט פֿון איסלאַם איז אַראַביען. קײן מלוכה האָט זיך נישט איינגעגעבען אַמאָל צו בעקומען אַ מאַכט איבער די אַראַבער. אַלעק־סאַנדער מוקדון איז ביז אַראַביען נישט דערגאַנגען, און טראַיאַנוס האָט נאָר אַ קלײנעם טײל פֿון אראַביען אײנגענומען. אַראַביען האָט געראַטעוועט דאָס, וואָס עס פֿערמאָגט זעהר גרויסע מדבריות, נאָר דאָס אײגענע האָט אויך נישט דערלאָזען, אַז די אַראַבער זאָלען זיך פֿעראײניגען אין אַ שטאַרק פֿאָלק.

די אַראַבער זענען געווען גראָבע געצענדיענער. זײ האָט נאָר פֿער־אײניגט אין רעליגיעזען זין די פֿערגעטערונג פֿון אַ הײליגען שוואַרצען שטײן, וואָס איז לויט זײער גלויבען אַראָבגעפֿאַלען פֿון הימעל. דער



בילד 1 — קאַאַבאַ אין אַ שײדעל מיט אַנ'אויפֿגעהויבענעם פּרוכת.

שטײן איז געווען אײנגעמויערט אין דער שטאָדט מעקאַ אין הײליגטום קאַאַבאַ, וואו פֿון עביגע צײטען אָן פֿלעגען עולי־רגל זײן די אַראַבער פֿון אַלע קאַנטען. אין דער קאַאַבאַ פֿלעגען אויך שטעהן פֿערשיעדענע גע־צער, אויך אברהם אבינו און דאָס קינד ישו (די צאַהל פֿון די געטער

האָט דערגרייכט 360), ווייל צווישען די אַראַבער איז אויך גע־
ווען פערשפּרייט דער איינפלוס פון דער יודישער אמונה,
ווי פון דער קריסטליכער. צווישען די געבילדעטע אַראַבער זענען
אויך געווען סעקטען, וואָס האָבען געגלויבט אין אַנ׳איינציגען גאָט (די
חאַניפען) און אין אַ יענער וועלט, און וואָס האָבען געלערנט, אַז מען
דאַרף זיך איינגאַנצען אָבגעבען אין דער מאַכט פון גאָט (אויף אַראַביש
הייסט די לעהרע איסלאַם). ווי ס׳ווייזט אויס, איז די לעהרע פון די
חאַניפען געווען דער פונדאַמענט, אויף וואָס עס האָט זיך געגרינדעט דער
מחמד׳אַנישען גלויבען.

## מחמד.

דער בעגרינדער פון דער נייער אמונה, מחמד, איז געבוירען געוואָ־
רען ערך 570 יאָהר נ. א. צ. אין מעקא. ער האָט געשטאַמט פון אַ יחסנ׳



בילד 2. — דער נביא מחמד.

דיגער משפחה, וואָס האָט בירושה געהאַט צו בעוואַכען דעם הייליגען
שטיין. ער איז געווען אַנ׳אָרעמער יתום, און האָט נישט געהאַט קיין רייכע
קרובים. פון דער יוגענד אָן האָט ער געמוזט אַליין פאַר זיך פערדיענען,

און ער איז דעריבער געוואָרען נאָך פון קליינוויז אָן אַ פּאַסטוך פון ציעגען און שעפּסען, וואָס האָט געהערט דער בעפעלקערונג פון מעקאַ. צו 23—24 יאָהר איז ער געוואָרען אַ דיענער ביי אַ רייכער אַלמנה חאַדידושע, וואָס האָט געפיהרט אַ קאַראַוואַנען-האַנדעל, און וואו מחמד איז געווען צוערשט אַנ׳אָנטרייבער און שפּעטער אַ געשעפטס-משרת. מחמד איז זעהר געפעלען חאַדידושע׳ן, וועלכע האָט מיט איהם חתונה געהאַט, און מחמד איז געוואָרען אַ רייכער מאַן.

צו דער עפּאָכע פון זיין לעבען איז ער געווען זעהר אַ ווייכער צערט-ליכער מענש, מיט אַ פּאָעטיש ציטעריגער נאַטור. פון יוגענד אָן, זייענדיג אַ פּאַסטוך, האָט ער יאָהרען לאַנג פערבראַכט איינער אַליין אויף די פעל-דער, וואָס עס האָט ענטוויקעלט אין איהם אַ פער׳חלומ׳טקייט, אַ פערקלערט-קייט און אַ נייגונג צו אומעטיגקייט.

ער האָט זיך זעהר אינטערעסירט מיט רעליגיעזע פראַגען און פלעגט הנאה האָבען צו רעדען וועגען דעם מיט יודען, קריסטען און חאַניפען. מאַנכמאָל פלעגט ער אַוועק אין אַ באַרג-שפּאַלט ביי מעקאַ און פלעגט דאָרטען פערברענגען די צייט אין תפילות און תעניתים. זעהר אָפט פלעגט ער צו דער דאָזיגער עפּאָכע בעקומען אַזעלכע נערוועז-קאָנוואולסיעס, וואָס פלעגען איהם ברענגען אין פערצווייפלונג, ווייל ער האָט געמיינט, אַז אין איהם האָבען זיך בעזעצט די טייוואָלאָנים. אָפט-מאָל אָבער פלעגט ער בעקומען אַזעלכע נערוועזע זעהונגען (האַלוצי-נאַציעס), ווען ער פלעגט אָנהויבען פרעגען ביי זיך: צי איז ער נישט אַ נביא, אַ געשיקטער פון אַלמעכטיגען גאָט? זיינע נאָהענטע פון די חאַניפען פלעגען איהם בערוהיגען און טרייסטען; סוף כל סוף אָבער האָבען זיי אַליין אָנגעהויבען גלויבען אין זיין געטליכער שליחות. צוערשט האָבען איינגעגלויבט אין מחמד׳ען חאַדידושע און איהרע טעכטער, זיין פלימעניק אַלי, זיין שטיפזוהן זעאיד און די רייכע קויפלייט אַבו-בעקר און אָסמאַן. מחמד איז אַרויסגעטרעטען מיט פייערדיגע רעדען געגען די געצענדינערי, וואָס איז זעהר נישט געפעלען געוואָרען די דיענער פון קאַאַבאַ און וועלכע האָבען פון איהם געמאַכט חוזק. איהם אַליין האָט מען נישט פערפאָלגט צוליעב זיינע רייכע קרובים און בעציהונגען. אָבער זיינע אַנהענגער, וואָס זענען מייסטענס געווען קנעכט, שקלאַפען און אָרעמע-לייט, פלעגט מען אַזוי אונמענשליך רודפ׳ן, אַז מחמד אַליין האָט זיי אַנ׳עצה געגעבען צו אַנטלויפען קיין אַביסיניען. באַלד אָבער האָט ער בעקומען אַ וויכטיגען אַנהענגער, אָמאַר׳ען, וואָס האָט געגעבען אַ געוואַלטיגען שטויס

דער ענטוויקלונג פֿון דער נייער אמונה. אָמאַר איז געווען אַנ׳ענערגישער און אַ גרויסע מוטיגע אונטערנעהמערישע נאַטור. מחמד אַליין איז געווען אַ צו־שטילער מענש, אַז ער זאָל קאָנען אַליין פֿיהרען די פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר זיין נייעם גלויבען. אָמאַר דאַגעגען האָט באַלד אָנגעהויבען אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע און איז געוואָרען דער ערשטער בעראַטער פֿון מחמד׳ען.

מחמד׳ס לאַגע אין מעקאַ איז שוין געוואָרען זעהר אַ שווערע. דער־פֿאַר אָבער האָט ער בעקומען אַסך אַנהעננגער אין מעדינאַ, וואָס האָט געלעבט אין פֿיינדשאַפֿט מיט מעקאַ און וואו אַלץ איז שוין געווען גרייט אָנצונעהמען אַ ריינערע אמונה, צוליעב דעם, וואָס דאָרטען האָבען געלעבט און געאַרבייט די חאַניפֿען און די יודען, וואָס האָבען געזוכט צו פֿער־שפּרייטען איטליכער זיין אמונה. און ווען מחמד׳ס לעבען איז שוין געשטאַ־נען אין סכנה, איז ער אַנטלאָפֿען קיין מעדינאַ.

דער פֿאַקט, וואָס האָט פּאַסירט אין 622 יאָהר, איז בעקאַנט ביי די מחמד׳נער מיט׳ן נאָמען הֶעדזשירע, און פֿון דעם יאָהר צעהלען די הייַנטיגע מוסולמענער די צייט־רעכנונג (למשל, ווען ביי אונז איז געווען 1822 איז ביי זיי 1200. איצט צעהלען מיר 1913, ביי די מוסולמענער איז די רעכנונג מיט 622 יאָהר וועניגער). די מעדינער האָבען אַנערקענט מחמד׳ען פֿאַר אַנ׳אויבערשטען איבער זיך און פֿאַר אַ נביא. אין זייער שטאָדט האָט זיך אָנגעהויבען די אָרגאַניזאַציע פֿון דער נייער מחמד׳נישער געמיינדע. מען האָט אויסגעבויט דאָ אַ מעטשעט (אַ מוסולמענישען טעמפּעל), בעשטימט דעם מוסולמענישען גאָטעס־דיענסט. דאָ האָט מען איינגעפֿיהרט אַ מעשר־אָבגאָב פֿאַר רעליגיעזע צוועקען, איינגעפֿיהרט דעם פֿרייטאָג פֿאַר דעם רוהע־טאָג אין דער וואָך און פֿעסטגעשטעלט דעם מאָנאַט אויף פֿאַסטען א. אַז. וו. די מעדינער פֿלעגען געהען צו מחמד׳ען ווי צו זייער איינציגען שופט (ריכטער), און זיינע פסקים, וואָס פֿלעגען זיך שטיצען געוועהנליך אויף פֿאָלקס־מנהגים און די געזעצען פֿון חומש, זענען שפּעטער געוואָרען די גרונד־שטיינער פֿון דער גאַנצער ענטוויקלונג פֿון דער מחמד׳נישער געזעצ־געבונג.

באַלד איז אויסגעבראָכען אַ קריעג צווישען מעקאַ און מעדינאַ. די מחמדאַנער האָבען געזיעגט. דער זיעג האָט געהאַט אַ שטאַרקען און אַ שלעכטען איינפֿלוס אויף מחמד׳ען. ער האָט דערפֿיהלט דעם זיסען טעם פֿון מאַכט און איז געוואָרען אַ נוקם ונוטר. ער האָט שוין אָנגעהויבען רו־פֿען צו אַ קאַמפּף געגען די נישט־גלויביגע, און האָט שוין געפֿיהרט

עראָבערונגס-קריעגען מיט די שכנ'ישע שטאַמען. צו דער זעלבער צײַט האָט ער אײנגעפיהרט אַ האַרעם. נאָך זײַנע ערשטע זיעגען האָט ער צושיקט בריעף צו אַלע אַראַבישע פירשטען, אַז זײ זאָלען אָננעהמען די נײַע אמונה. ענדליך האָט ער אויך בעזיעגט מעקאַ, וואָס ער האָט אָבגעריײניגט פון די געצען, נאָר איבערגעלאָזען דעם הײליגען שוואַרצען שטײן, און מעקאַ איז באַלד דערויף געוואָרען דער רעליגיעזער צענטר פון איסלאַם. די נײַע אמונה האָט שוין געאַרבייט מיט אַחיל פון 40 טויזענד מאַן. זי האָט שוין מיט געוואַלד געמאַכט פאַר מחמד'נער די אײנגענומענע לענדלעך. צו דער אײנענער צײַט האָט מחמד, וואָס האָט זיך פריהער פרײנדליך בעצויגען צו יודען און איבערגענומען בײ זײ אַסך זאַכען פאַר זײן נײַער אמונה, אָנגעהויבען צו רודפ'ען פיעלע יודישע געמײנדען. מחמד'ען האָט מען עס צו פערדאַנקען, וואָס ער האָט חרוב געמאַכט אין אַראַביען די לעצטע כמעט פאָליטישע זעלבסט-שטענדיגקייט פון קלײנע יודישע פירשטענטימער. מחמד איז געשטאָרבען אין יאָהר 632, דערנאָך ווי ער האָט געפיהרט מלחמה אין סיריען, וואו ער האָט געפרובט פערשפרײטען זײן נײַע אמונה מיט'ן שווערד און בלוט.

די אמונה פון מחמד הײסט איסלאַם (דאָס בעדײַט: „זיך אָבגעבען גאָט") און די אַנהענגער הײסען מוסולמענער (מאָסלימער). דער ערשטער אני מאמין פון איסלאַם איז: „עס איז נישטאָ קײן גאָט אויסער גאָט און מחמד איז זײן נביא". דער מאָסלים גלויבט אין אַנ'אײנציגען גאָט ער טאָר זיך נישט בוקען פאַר קײן בילד אין דער וועלט און טאָר דאָס נישט אָנבעטען. ער גלויבט, אַז אַלץ איז פון גאָט פאָראויס בעשטימט (פאַטאַליזם), אַז עס איז דאָ אַ יענע-וועלט, אַגן-עדן און אַ גיהנם, אַ תחית המתים און דער לעצטער שרעקליכסטער משפט. מחמד האָט געפרובט צונויפמישען אין זײן אמונה אַ טײל פון דער יודישער און קריסטליכער רעליגיע. יודען און קריסטען זענען געווען פאַר איהם די דאָזיגע לײַט, וואָס „פערמאָגען די הײליגע שריפט", און משה און ישו זענען געווען כלומר'שט זײנע פאָרגענגער. בײ יודען האָט ער גענומען דעם פערבאָט צו עסען חזיר-פלײש און האָט נאָך פון זיך אַלײן גע'אסר'ט צו טרינקען ווײן. געגען אַלע נישט-גלויביגע האָט ער געפרעדיגט דעם הײליגען קריעג אין נאָמען פון זײן נײַער אמונה. טאָלעראַנט איז ער נאָך געווען צו די, „וואָס פערמאָגען די שריפט", אָבער ער האָט זײ געצוואונגען צו צאָהלען איהם אַנ'אָבגאָב.

מחמד האָט געפּרעדיגט, אַז אַלע גלויביגע דאַרפֿען זיין גלייך פאַר'ן געזעץ, נישט קוקענדיג אויף זייער יחוס און זייער געזעלשאַפטליכער שטעלונג. ער איז געווען אַ געגנער פון גזירות (אַסקעטיזם); און אפילו דעם גן-עדן שטעלט ער זיך פאָר אין דעם אופן, אַז דער גוף בעקומט דאָרטען די גרעסטע גוטיגקייטען און הנאות.

די גאַנצע מאָראַל פון איסלאַם בכלל האָט מחמד גענומען ביי די יודען, ווי ביי די קריסטען. מחמד'ס תורה געפינט זיך אין קאָראַן, וואָס איז ביי די מוסולמענער דאָס הייליגסטע בוך. אין 7-טען יאָהרהונדערט האָט דער קאָראַן בעקומען זיין ענדגילטיגע רעדאַקציע. אין קאָראַן געפינען זיך מעהר ווי הונדערט קאַפּיטלעך (סורען). חוץ דעם קאָראַן שפּיעלט נאָך ביי אַ טייל מוסולמענער דאָס הייליגע בוך סונאַ (ד. ה. די הייליגע קבלות, פון די מינדליכע איבערליפערונגען, חוץ דעם קאָראַן) אַ גרויסע ראָלע. די, וואָס האַלטען נישט פון סונאַ (ווי ביי אונז די קאַראַאימען — פון תורה שבעל פּה), הייסען שיאיטען, און סוניטען — די, וואָס גלויבען אין דער תורה שבעל פּה.

מחמד איז געווען פאַר די אַראַבער סיי אַ נביא סיי אַ קעניג, ד. ה. אין זיין פּערזאָן האָט זיך פעראייניגט די געטליכע און די וועלטליכע מאַכט. ביי די מוסולמענער איז דער אימאַם (דער גייסטיגער הויפּט) צוגלייך אויך דער עלטעסטער אין וועלטליכע זאַכען. די אייגענע מאַכט איז אַריבער צו די קאַליפען, ווי עס האָבען זיך אַ נאָמען געגעבען די נאָכפאָלגער פון מחמד'ען.

דער איסלאַם ווייס נישט פון דעם חלוק, וואָס עס בעשטעהט צווישען דער קירכליכער מאַכט און דער וועלטליכער מאַכט אין דער גאַנצער קריסטליכער וועלט.

דער איסלאַם האָט ערלויבט צו האָבען אַסך פרויען מיט אַמאָל. נאָך לויט דעם קאָראַן טאָר מען מעהר ווי פיער ווייבער נישט האָבען (דאָס, וואָס די ווייבער האַלט מען אין האַרעמ'ס, איז מעהר אַ מנהג, ווי אַ דין). דער איסלאַם גיעט קיינעם נישט דאָס רעכט צו בעטראַכטען די ערד אַלס אַנ'אייגענטום. די גאַנצע ערד געהערט גאָט, און דער בעל-הבית אויף איהר איז נאָר דער אימאַם (קאַליף), ווייל ער איז דער שאָטען פון גאָט אויף דער ערד.

אין דער קריסטליכער וועלט איז מען געוואָהנט, אַז אַנ'ענדערונג אין די וועלטליכע געזעצען בעריהרט נישט די קירכליכע, ביי די מוסולמענער אָבער איז איטליכע ענדערונג אין אַ וועלטליכען געזעץ

צוגלייך אַנ'ענדערונג אין דער אמונה. און דאָס שטערט שטאַרק, אַז די מוסולמענער זאָלען זיך קאָנען פריי און גיך ענטוויקלען.

דער-איסלאַם האָט זיך מורא'דיג צושפּרייט צווישען פיעלע פעלקער. אין ערשטען יאָהרהונדערט נאָך מחמד'ען איז ער איינגעדרונגען אין סיר־יען, פּערסיען, מיטעל-אַזיען, עגיפּטען און צפון-אַפריקא. ווי אויך אין שפּאַניען. ער איז אַריינגעדרונגען אין אינדיען און אין חינאַ; ער האָט זיך פערשפּרייט צווישען די אַפריקאַנישע נעגער-שטאַמען. צום איסלאַם זענען נאָך צוגעשטאַנען די מאָנגאָלען און די טערקען, די בעזיעגער פון מזרח-אייראָפּאַ אין 14-טען און 15-טען יאָהרהונדערט.

אַלזאָ איז אין 7-טען יאָהרהונדערט צוגלייך מיט דער קריסטלי־כער וועלט אַרויף אויף דער וועלט-סצענע אַ מוסולמענישע, וואָס האָט צו־ליעב איהר גרויסען איינפלוס און גרויסער צאָהל אַנהענגער פערנומען אַ וויכטיגען אָרט אין דער וועלט-געשיכטע.

נאָך מחמד'ען איז געוואָרען דער ערשטער קאַליף אַבו-בעקר, נאָך איהם — אָמאַר. ביידע קאַליפען האָבען איינגענומען סיריען, מעסאָפּאָטאַמיען, פּערסיען און עגיפּטען. דער ערפאָלג און דער פאַנאַטיזם פון די מוסולמע־נער האָבען געמאַכט אַ געוואַלדיגען איינדרוק אויף די אַרומיגע פעלקער, חוץ דעם האָט געהאָלפען דעם איסלאַם דאָס, וואָס ער איז געווען צונויפ־געמישט פון פערשיעדענע רעליגיאָנען און ער האָט נישט אויסגעזעהען צו זיין אַזוי פרעמד אין די אויגען פון די נישט-מוסולמענער. צוליעב פּראַק־טישע ציעלען פלעגען די מוסולמענער זיך אָפט בעגנוגענען מיט'ן נצחון אַליין, נישט צווינגענדיג אָנצונעהמען די בעפעלקערונג דעם איסלאַם.

נאָך אָמאַר'ס טויט, וואָס האָט געלאָזען נאָך זיך אַ זכר אין דער געשיכטע דערמיט, וואָס ער האָט פון פאַנאַטיזם פערברענט די געוואַלטיג גרויסע ביבליאָטעק אין אַלעקסאַנדריען (זאָגענדיג דערביי די ווערטער: זענען זיי געגען קאָראַן — מעגען זיי אוודאי ברענען, און זענען זיי פאַר'ן קאָראַן — זענען זיי דאָך אנ'איבעריגע זאַך), האָבען זיך אָנגעהויבען בלוטיגע מחלקות'ען וועגען אַ נאָכפאָלגער. מחמד האָט נישט אָנגעזאָגט, אַז דער קאַליפאַט געהט איבער בירושה, און עס האָבען זיך געבילדעט צוויי פּאַרטייען. איינע איז געווען פאַר אַלי'ן, דעם פלימעניק פון מחמד'ען, די אַנדערע — פאַר אָטמאַנ'ען. צום סוף האָט געזיעגט די צווייטע פּאַרטיי און דער קאַליפאַט איז אַריבער צו דער דינאַסטיע פון די אָמאַיאַדען. די מוסולמענער, וואָס האָבען געוועהלט די אָמאַיאַדען, זענען סוניטען (גלויבען אין זייער תורה של בעל-פה), די אַנהענגער פון אַלי הייסען

שיאיטען. בײַ היינטיגער צײַט זענען פֿון די מוסולמענישע פֿעלקער די טערקען סוניטען און די פּערסער—שיאיטען. די אָמאַיאַדען האָבען פֿערלאָזען מעקאַ און געמאַכט דמשק פֿאַר זײַער הויפּט-שטאָדט. פֿאַר זײַ האָט שוין אַראַביען מיט זײַנע ווילדע שטאַמען נישט געהאַט אַזאַ ווערט, ווי די נײַע אײַנגענומענע רײַכע לענדער, און זײַ האָבען ווידער אויפֿגעבויט אַגרויסע אַזיאַטישע מלוכה, ווי אַמאָל די פּערסישע און די אַסירישע.

די אַראַבער האָבען נישט אויפֿגעהערט צו פֿיהרען מלחמות אויף אײַנצונעהמען נײַע לענדער. נאָכדעם, ווי זײַ האָבען אונטערטעניג גע-מאַכט אַרמעניען און טורקעסטאַן, זענען זײַ געקומען אין קאַווקאַז און צום קאַספּישען ים. זײַ האָבען באַלד ענטוויקעלט דעם האַנדעל אין פּערסישען אויסגוס און האָבען געהאַט נאָהענטע בעציהונגען צו אינדיען.

פֿון עגיפּטען זענען זײַ אַריבער אין די אַפֿריקאַנישע בעזיצונגען פֿון דער רוימישער אימפּעריע און האָבען געמאַכט פֿאַר מוסולמענער די קריג-געריש מויערישע שטאַמען. דערנאָך זענען זײַ אַריבער קײַן שפּאַניען און בעזיגט אין יאָהר 711 די וועסטגאָטען.

אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 8-טען יאָהרהונדערט האָט דער קאַ-ליפֿאַט זיך ברײַטער פֿערשפּרייט, ווי פּערסיען צו דער צײַט פֿון דריוש'ען. דאָס לאַנד איז געוועזען צו גרויס, אַז עס זאָל זיך קענען פֿערטײַדיגען פֿון אַלע זײַטען. אין יאָהר 750 האָט זיך דער פֿעלדמאַרשאַל פֿון צפֿון-פּערסיען אַבדול-אַבאַס אָבגעריסען פֿון די אָמאַיאַדען, פֿערנומען מעקאַ און מעדינאַ און אָנגעמאַכט דאָרטען אַ מורא'דיג בלוט-באָד. די לעגענדע דערצעהלט, אַז די זיעגער האָבען געהוליעט און גע'שכור'ט אויף די קערפּער פֿון די געשאָכטענע לײַבער. די הויפּטשטאָדט איז פֿון דמשק אַריבער קײַן באַג-דאַד בײַם טײַך טיגרוס. נאָר די אָמאַיאַדען האָבען נאָך נישט פֿערלאָרען זײַער גאַנצעס קעניגרײַך. זײַ האָט אָבגעלונגען זיך צו פֿערפֿעסטיגען אין שפּאַניען, וואו זײַ האָבען געגרינדעט אַ נײַעס קאַליפֿאַט מיט דער הויפּט-שטאָדט קאָרדאָוואַ

---

## פיערטעס קאַפּיטעל.

# די מלוכות פון די באַרבאַרען און די קאַראָלינגער מאָנאַרכיע.

### די גערמאַנען אין איטאַליען.

די גאָטען, וואָס האָבען זיך בעזעצט אין איטאַליען, האָבען נישט איבערגעמאַכט די סדרים אין לאַנד און אַלץ האָט זיך געפֿיהרט ווייטער ווי צו דער צייט פֿון די אימפּעראַטאָרען. אויך די וואַנדאַלען און די לאָנגאָבאַרדען האָבען נאָר די ערשטע צייט געדריקט די בעפֿעלקערונג. שפּעטער האָבען זיי אויך איבערגענומען די אַלטע רוימישע סדרים. אמת, עס זענען געווען אַזוינע גערמאַנישע הערצאָגען, וואָס האָבען אַרויסגעגעבען געזעצען לויט גערמאַנישע מנהגים, אָבער דאָס רוב בעפֿעלקערונג איז געבליעבען רוימיש ווי פֿריהער. אַפילו די גערמאַנען האָבען אָנגעהויבען רעדען אַ שלעכטע לאַטיינישע שפּראַך און בעל-הבית'עווען אין זייערע דערפֿער און גיטער, לויט'ן סדר פון די אַמאָליגע רוימער.

איבריגענס, נישט אומעטום האָבען די זיעגער די באַרבאַרען איבערגענומען די אַלטע קולטור פֿון די בעזיעגטע. וואָס ווייטער פֿון רוים און איטאַליען, אַלץ שטאַרקער זענען געווען צו מערקען די מנהגים פֿון די גערמאַנישע פֿעלקער, ווייל ערשטענס, זענען דאָרט געווען די באַרבאַרען אין אַ גרויסער צאָהל. און צווייטענס, איז די דאָרטיגע בעפֿעלקערונג געווען אַ געמישטע, אַ גרעבערע און איז נישט געווען אַזוי שטאַרק דורכגענומען פֿון דער ראָמאַנישער קולטור. דאָס, וואָס ס'איז פֿאָרגעקומען אין צפון-טייל פֿון דער אימפּעריע אין בריטאַניען, איז געווען גאָר נישט עהנליך צו דעם, וואָס מיר זעהען אין איטאַליען און אין שפּאַניען.

### די אַנגלאָ-זאַקסען.

די רוימער האָבען פֿערנומען אין משך פֿון פֿיער הונדערט יאָהר דעם גרעסטען טייל פֿון דער דאָזיגער אינזעל (דאָס היינטיגע ענגלאַנד). נאָר אין צפון'דיגען טייל (אין היינטיגען שאָטלאַנד) זענען זיי נישט איינגעדרונגען אינגאַנצען צוליעב די קעלטישע שטאַמען. אין אירלאַנד זענען זיי בכלל נישט אַריין. און אַפילו אין די ערטער, וואו עס זענען אַריין די רוימער, זענען זיי אויך נישט געוואָרען אינגאַנצען ראָמאַניזירט. דעריבער, ווי באַלד די רוימישע לעגיאָנען האָבען פֿערלאָזען בריטאַניען, ווייל גאַליען און איטאַליען זענען געווען אין געפֿאַהר, איז דער רוימישער

אײנפֿלוס גיך צורונען און די קעלטישע שטאַמען זענען װידער געװאָרען די בעל׳הבתים פֿון לאַנד. די זיגער די גערמאַנען האבען די דאזיגע קעלטען נישט געהאַלטען געבילדעטער פֿאַר זיך, האבען זיך בעצױגען צו זײ מיט פֿעראַכטונג און האבען נישט אנגענומען זײערע מנהגים. די גערמאַנען האָבען אַסך קעלטען אָבגעשטופּט ביז׳ן צפון און מערב, אַסך פֿון זײ אױסגע׳הרג׳עט און די איבריגע פֿערװאַנדעלט אין קנעכט און פּויערן. דאָס, װאָס די אַנגלען און זאַקסען (גערמאַנישע שטאַמען) האָבען זיך בעזעצט אין בריטאַניען, האָט נישט נור ראָמאַניזירט דאָס לאַנד, נאָר עס האָט אויך בעשאַפֿען אַ נײעם גערמאַנען-פֿאָלק אױף דער אינזעל.

אין אָנפֿאַנג פֿון 9-טען יאָהרהונדערט האָט עגבערט די אַנגלאָ-זאַקסישע דערפֿער פֿעראײניגט אונטער אײן מלוכה.

נאָר אין אײן זאַך האָבען זיך די אַנגלאָ-זאַקסען אונטערגעגעבען דעם אײנפֿלוס פֿון די רוימער. עס האָט זיך אָנגעהויבען צװישען זײ דאָס קריסטענטום, און אינאײנעם דערמיט איז געקומען צו זײ די מאַכט פֿון דער רוימישער קירכע.

## די פֿראַנקען.

דרום-גאַליען ביז צום טײך לואר האָבען פֿערנומען די װעסטגאָטען, דרום-מזרח — די בורגונדער. אין 486 האָט דער קעניג פֿון די פֿראַנקען חלאָדװיג*) אײנגענומען די שטאָדט, װאו עס איז געשטאַנען דער רוימישער גאַרניזאָן. חוץ דעם האָט ער בעזיעגט די װעסטגאָטען און צוגענומען זײער גאַנץ לאַנד. זײנע נצחונות זענען געװען פֿעסטע און דױערנדיגע, װײל פֿאַר איהם האָט געהאַלטען די קירכע. ער האָט צוזאמען מיט זײן פֿאָלק אָנגענומען דאָס קריסטענטום. נאָך זײן טױדט האָבען זיך זײנע פֿיער זיהן צוטײלט מיט זײן קעניגרײך, װי מיט אַ גרױסען לאַנדגוט. איטליכער האָט בעקומען אַ פּראָװינץ מיט אַ בעשטימטער צאָהל שטעדט. עס האָבען זיך אָבער באַלד אָנגעהויבען מחלוקות׳ען צװישען די ברידער. עטליכע פֿון זײ האָט מען ערמאָרדעט, און דאָס קעניגרײך האָט זיך פֿעראײניגט װידער אין די הענד פֿון יונגסטען ברודער קלאָטאַר. זײן ערשטע אַרבײט איז געװען צו פֿערנעהמען בורגונדיען. נאָך קלאָטאַר׳ס טױט זענען די בלוטיגע מלחמות צוליעב דער ירושה געװאָרען נאָך גרעסער

*) די דינאַסטיע, װאָס עס האָט געגרינדעט חלאָדװיג, הײסט די מעראָװינגער, נאָכ׳ן נאָמען פֿון זײן זײדען מעראָװעיאַ.

און אכזריות'דיגער. די פֿערגרעבטקייט און די רציחות פֿון די באַרבאַרען האָבען זיך דאָ נאָך פֿעראייניגט מיט דער פערדאָרבענקייט און פֿאַלשקייט פֿון די רוימישע זיטען. דאָס פֿאָלק איז אינגאַנצען פֿערווילדערט געוואָרען, אָבער די מלחמות האָבען זיך געענדיגט דערמיט, וואָס פֿון צוריסענעם גאַליען איז געוואָרען איינאיינציגע מלוכה — פֿראַנקרייך.

די זיטען ביי די פֿראַנקען זענען געווען עהנליך אי צו די רוימישע אי צו די גערמאַנישע. זייער הויפט-פֿיהרער איז געווען אַ קעניג, וואָס האָט געהאַט די רעכטען פֿון אַמין רוימישען אימפעראַטאָר, און איז געווען דער ערשטער פֿעלדמאַרשאַל. נאָר איינמאָל אין יאָהר פֿלעגט דער קעניג צונויפרופֿען די רוימער און פֿראַנקען, פֿון וועמען עס איז בעשטאַנען זיין חיל, און אויף אַזעלכע אסיפֿות פֿלעגט מען בעשליעסען פֿערשיעדענע רע-גיערונגס-זאַכען און אַרויסגעבען נייע געזעצען. חוץ דער יאָהרעס-פֿערזאַמ-לונג פֿלעגען זיך אַרום קעניג פֿעראייניגען אויף פֿערזאַמלונגען די פֿאָר-נעהמסטע לייט, מיט וועמען דער קעניג פֿלעגט זיך בעראַטען אין די וויכטיגסטע אונטערנעהמונגען. אין די פּראָווינצען האָבען געוועלטיגט די גראַפֿען, וואָס דער קעניג פֿלעגט בעשטעטיגען. סיי דער רוימער סיי דער גערמאַנער האָבען געדיענט אין קעניג'ס חיל; אָבער דער גערמאַנער האָט זיך העכער געשעצט. ווער עס האָט גע'הרג'ט אַ פֿראַנק, פֿלעגט צאָהלען 200 מאָנעטען, און פֿאַר אַ רוימער פֿלעגט מען בע-צאָהלען 100.

## די ירידה פֿון די מעראָווינגער.

צוליעב דעם, וואָס עס האָבען זיך אויסגעמישט גערמאַנישע און רוי-מישע זיטען, האָט זיך די מלוכה-פֿיהרונג שטענדיג געפּלאָנטערט אין דער אַרבייט. חוץ דעם זענען די באַרבאַרען נישט מסוגל געווען צו פֿערוואַלטען אַזאַ גרויסע מלוכה. די באַרבאַרען האָבען זיך פֿעראייניגט אויף צו פֿיהרען קריעג, נאָר זיך אונטערצוגעבען אַנ'איינענער רעגיערונג און צו בעגרייפֿען די קאָמפּליצירטע אָרגאַניזאַציע פֿון אַ רעגעלמעסיגען מלוכה-לעבען זענען זיי נישט פֿעהיג געווען. למשל, די פֿראַנקען האָבען נישט געוואָלט צאָהלען דער רעגיערונג אָבגאָבען, און אַזוי ווי די רעגיערונג האָט זיך שטענדיג גענויטיגט אין געלד, פֿלעגט זי צאָהלען פֿאַר די רעגיערונגס-שטעלעס מיט גיטער, מיט שטיקער פֿון די פּראָווינצען. נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די מלוכה האָט פֿערהאַפט אַ גרויסע צאָהל רוימישע גיטער, נאָר סוף כל סוף האָבען זיי אויך נישט געקלעקט. און צוליעב דעם איז מיט דער צייט

געפאַלען דער כח פון די קעניגען, ווייל צוליעב דעם שטענדיגען פערשענקען פון גיטער זענען זיי אַליין אָרעמער געוואָרען. ווי באַלד אָבער עס איז געפאַלען דער כח פון קעניג, איז די אונגערעכטיגקייט פון די שטאַרקע געגען די שוואַכע אין דער מלוכה געוואָרען אַלץ גרעסער און גרעסער. דאָס לעבען, דער כבוד און דאָס אייגענטום פון די בירגער זענען געוואָרען אַלץ אונזיכערער און האָבען געשוועבט אין אַ שטענדיגער געפאַהר. די גרעסטע מאַכט אין לאַנד האָבען בעקומען די פערוואַלטער איבער די קרוינ'שע גיטער, די הויפּמאַיאָרען, ווייל זיי האָבען געהאַט צו זאָגען איבער די קרוינ'שע גיטער און זיי זענען געווען די אויבערשטע פון דער קעניגליכער סוויטע. שוין אין 7-טען יאָהרהונדערט פלעגען די ענערגישע הויפּמאַיאָרען זיין מעכטיגער, ווי דער שוואַכער קעניג, וועמענס אָפּיעקון זיי זענען כמעט געווען, און די מעראָווינגישע דינאַסטיע איז אין אַנפאַנג פון 8-טען יאָהרהונדערט צוליעב די אַלע סבות שוין כמעט אין גאַנצען געפאַלען.

און גראָד איז די צייט געווען זעהר אַ קריטישע. פון אַלע זייטען האָבען זיך געריסען אין לאַנד די באַרבאַרען. די זאַקסען זענען שוין לאַנג געווען שונאים די פראַנקען. מיט זיי האָבען זיך נאָך פעראייניגט די דרום-סלאַווען, וואָס האָבען פערנומען דייטשלאַנד ביז צום טייך עלבע. פון דרום-זייט האָבען געלויערט אויף די פראַנקען די מוזולמענער. די אַראַבער, וואָס האָבען איינגענומען די וועסטגאָטען (711), האָבען זיך בעוויזען אין גאַליען און האָבען דאָס פערנומען ביז'ן טייך לואַר. אין דער דאָזיגען קריטישען מאָמענט האָבען זיך די פראַנקען ווידער פעראייניגט צום קריעג געגען די פערשיעדענע שונאים. זיי האָבען ווידער בעקומען אויך איינציגע פיהרער, האָטש די פיהרער האָבען שוין נישט געשטאַמט פון דער מעראָווינגער דינאַסטיע.

## קאַרל מאַרטעל.

אין דער ערשטער העלפט פון 8-טען יאָהרהונדערט איז געווען הויפּמאַיאָר אין דער פראַנקישער פראָווינץ אויסטראַזיען קאַרל מיט'ן צונאָמען מאַרטעל (האַמער). דורך עטליכע נצחונות האָט ער פערשטאַנען צו פעראייניגען אונטער זיך אַלע פראַנקען. פון לייטענס אויגען וועגען האָט ער געהאַלטען ביי זיך די קעניגען פון די מעראָווינגער, אין דער אמת'ן, אָבער, איז ער געווען דער איינציגער געוועלטיגער אין לאַנד.

קאַרל מאַרטעל האָט געפיהרט זיין חיל קיין גערמאַניען און צוגענו-

מען שוואַביען, בייערען, טירינגען, וואָס האָבען געוואָלט זיך אָבריַיסען פֿון די פֿראַנקען. נאָר זיין גרעסטען נצחון האָט ער געהאַט איבער די אַראַבער, וואָס זענען נאָכ'ן נצחון אין שפּאַניען איינגעדרונגען אין גאַליען צו די פֿראַנקען. אין יאָהר 732 האָט מאַרטעל בעזיעגט די אַראַבער ביי פּואַטיע. דער דאָזיגער נצחון האָט געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג פֿאַר דער געשיכטע, וויל צוליעב איהם זענען די אַראַבער און די מוסולמענישע אמונה נישט אַריינגעדרונגען אין מערב-אייראָפּאַ.

די שטענדיגע קריעגען האָבען פֿערלאַנגט גרויסע מיטלען. מאַרטעל האָט שוין נישט געהאַט אַזוי פֿיעל פֿרייע ערד, וואָס ער זאָל קאָנען צושענקען, אָבער ער האָט זיך נישט געשעמט צו פֿערנעהמען צוליעב זיינע צוועקען די ערד פֿון די קירכען.

די קירכע האָט שוין דאַמאָלס געהאַט גרויסע שטיקער ערד און אַלערליי אוצרות. צו יענער פֿערגרעבטער צייט האָט איטליכער רוצח און גזלן געזעהען פּטור צו ווערען פֿאַר זיינע בלוטיגע עבירות דאַדורך, וואָס ער וועט שענקען דער קירכע צי אַ הויז, צי אַ גוט, צי גלאַט אַזוי אַ טייערע זאַך. די ערגסטע מענשען פֿלעגען פֿאַר'ן טויט זיך זוכען אָבצוקויפֿען פֿון אַ שלעכטען משפּט אויף יענער וועלט דורך אַן אָבקויף-געלד ביי דער קירכע. און קאַרל מאַרטעל האָט גענומען פֿערניצען די מיטלען פֿון דער קירכע פֿאַר מלוכה-צוועקען. די קירכען זענען געוואָרען פֿעראָרעמט, דער גאָטעס-דיענסט און די קירכליכע בעל-הבית'ישקייט איז געגאַנגען צו גרונד, אָבער מאַרטעל'ס חיל האָט בעקומען דאָס נויטיגע, און דאָס איז פֿאַר איהם געווען די הויפּטזאַך.

צו דער צייט פֿון מאַרטעל האָט געאַרבייט דער וויקאַר באָניפֿאַציוס, וואָס האָט נעשטרעבט צו ברענגען די קירכען פֿון די גערמאַנען און גאַליער אונטער דער אויבערהערשאַפֿט פֿון רוימישען פּויפּסט. מאַרטעל איז איהם שטאַרק ביינעשטאַנען ביי דער דאָזיגער שטרעבונג און, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מאַרטעל האָט בעראַבעוועט זיין אייגענע קירכע, איז בעשטאַנען אַנ'ענגער בונד צווישען דער פֿראַנקישער מלוכה און דער קריסטליכער קירכע.

## די קאַראָלינגער.

זיין זוהן פּיפּין*) האָט מיט דעם וויסען פֿון פּויפּסט געצוואונגען דעם לעצטען קעניג פֿון די מעראָווינגער צו געהן אין קלויסטער זיך אָבצוזאָגען

*) פֿון פּיפּין הייבט זיך אָן די דינאַסטיע פֿון די קאַראָלינגער.

פון דער מלוכה און איבערצוגעבען איהם די מלוכה-קרוין (752). באַני-פאַציוס האָט איהם געזאַלבט דערנאָך און זיין סוויטע האָט איהם אויפגע-הויבען אויפ׳ן שילד, אַלס צייכען, אַז ער איז דער אויסגעקליבענער קעניג. די טובה, וואָס די פויפסטען האָבען געטהון פיפינ׳ען, האָט זיי גע-געבען דאָס רעכט צו פערלאַנגען ביי איהם אַ שטענדיגע דאַנקבאַרקייט.

## דער יחוס פון דער פויפסטליכער וועלטליכער הערשאַפט.

בשעת די לאָנגאָבאַרדען האָבען אָנגעהויבען שטאַרק צו דריקען רוים, האָט זיך טאַקי דער פויפסט געווענדעט צו די פראַנקען נאָך הילף. אין יאָהר 754 איז געקומען דער פויפסט סטעפאַן דער צווייטער צום פראַנ-קישען קעניג אין אַזאַק אנגעטהון, מיט אַש אויפ׳ן קאָפּ, און קניענדיג, האָט ער געבעטען ביי איהם צו קומען איהם צו הילף געגען די לאָנגאָ-באַרדען. פיפין איז צוויי מאָל געקומען מיט זיין חיל אין איטאַליען. ער האָט נישט נאָר בעפרייט רוים, נאָר ער האָט אויך צוגענומען ביי די לאָנגאָבאַרדען דעם עקזאַרכאַט פון ראַווענאַ. די איינגענומענע שטעדט האָט ער נישט איבערגעלאָזען פאַר זיך, נאָר ער האָט דאָס געשענקט דעם פויפסט, וואָס צוליעב דער מתנה איז ער געוואָרען אַ וועלטליכער מאָנאַרך, אַנ׳אומאַבהענגיגער פון דער מזרח-אימפעריע, און צו פערדאַנקען האָט ער נאָר געהאַט נישט דעם אימפעראַטאָר, נאָר דעם באַרבאַרישען קעניג פון די פראַנקען. שפעטער האָט זיך אַרויסגע-וויזען, אַז די הערקונפט פון דער פויפסטליכער וועלטליכער מאַכט איז נישט קיין גאַנץ שענע. דעריבער האָט מען אין רוים אויסגע-טראַכט אַלעגענדע, אַז כלומר׳שט קאָנסטאַנטין דער גרויסער האָט געשענקט די פויפסטען די רוימישע פראָווינץ און די רעכטען פון אימפעראַטאָר אויף דער מערב-אימפעריע. ס׳איז אפילו פערפאַסט געוואָרען אַ געפעלשטער דאָ-קומענט וועגען „קאָנסטאַנטינ׳ס מתנה", דערמיט אַז די וועלטליכע הערשאַפט פון פויפסט זאָל זיין וואָס עלטער אין יאָהרען און וואָס וויכטיגער לויט דער הערקונפט איהרער, דערמיט אַז די וועלט זאָל מיינען, אַז דער אימ-פעראַטאָר אַליין האָט זיך אָבגעזאָגט פון זיינע רעכטען צום נוצען פון רוי-מישען פויפסט.

## קאַרל דער גרויסער.

נאָך פיפין איז געוואָרען קעניג קאַרל. ער האָט פאָרטגעזעצט די קריגען מיט די לאָנגאָבאַרדען און סוף כל סוף צוגעלעגט צו זיין קרוין

אויך די לאַנגאָבאַרדישע. קאַרל דער גרויסער האָט שוין פֿערגרע־סערט זיין מלוכה דערמיט, וואָס צו גאַליען אין גערמאַניען האָט ער נאָך צוגעלעגט אַ שטיק איטאַליען. שפּעטער האָט ער נאָך געפֿיהרט מלחמות מיט די זאַקסען (אין גערמאַניען) און די אַראַבער.

קאַרל׳ס זיעגען האָבען נאָר אויף אַ קורצער צייט בערוהיגט אייראָפּאַ. ווי באַלד ער פֿלעגט זיך פֿערוויקלען אין אַ נייעם קריעג, פֿלעגען שוין אויס־ברעכען אין אַלע פּראָווינצען בונטען, און די אונטערטעניגע שטאַמען פֿלעגען וויעדער פּרובען זיך אָבצורייסען פֿון די פֿראַנקען. די זאַקסען וואָס זענען געווען שטאַרק צוגעבונדען צו זייער לאַנד און האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַ ווילדער העלדישקייט, פֿלעגען ביי יעדער געלעגענ־הייט פֿערטרייבען די פֿראַנקישע גאַרניזאָנען, אויסראָטען די קירכען און אויס׳הרג׳נען די גלחים. ווען קאַרל וואָלט זיך אָבגעגעבען מיט איין ציעל, וואָלט ער זיך אפשר סוף כל סוף באַלד בעפֿעסטיגט ביי די זאַקסען. נאָר ער האָט געהאַט פֿערשיעדענע פּלענער, ער האָט זאָגאַר געקלערט אַרויס־צוטרייבען די אַראַבער פֿון שפּאַניען און זיך דאָרטען אויף שטענדיג צו בעזעצען. ער איז אָבער מעהר נישט דערגאַנגען ביז צו סאַראַגאָסאַ און זיך באַלד געמוזט אומקעהרען. זיין הינטערשטע אַרמעע איז אַריינגעפֿאַלען אין די הענד פֿון די באַסקען. (אין דער דאָזיגער אַרמעע האָט אויך געפֿונען זיין טוידט איינער פֿון די גרעסטע קאַרל׳ס העלדען, גראַף ראָלאַנד. זיין העלדישער טויט האָט נאָך לאַנג געלעבט אין די ליעדער און לעגענדעס פֿון די שפּעטערע ריטער).

די בשורה, אַז קאַרל, דער גרויסער זיעגער, האָט געהאַט אַ מפּלה אין שפּאַניען, האָט אויפֿגעהויבען געגען איהם אַלע זיינע שונאים. קאַרל האָט אויך דעם בונט בעזיעגט, ער האָט נאָך צוגענומען צו זיך אין הויף אַלס משכון די בעזיעגטע עדעל־לייט, פֿערשטאַרקט די פֿראַנקישע גאַרניזאָ־נען און אַרויסגעגעבען געגען די צובונטעוועטע פּראָווינצען האַרבע געזעצען. דערביי האָט ער געשטרעבט צו פֿערשטאַרקען אין זאַקסען דאָס קריסטענ־טום. די בעזיעגטע האָט מען געצוואונגען מיט געוואַלד אָנצונעהמען די קריסטליכע אמונה און זיך אָבצוזאָגען פֿון זייער וואָטאַן און דאָנאַר א. ז. וו.. ער האָט פֿערבאָטען צו ברענגען מענשליכע קרבנות, אָדער דעם מנהג צו עסען דאָס מענשליכע פֿלייש פֿון די געטויטע מכשפים און מכשפות. פֿאַר אַנ׳אָנפֿאַל אויף אַ גלח אָדער אַ קירכען־דיענער פֿלעגט מען ווערען בעשראָפֿט מיט׳ן טויט. די איינציגע שטראָף פֿלעגט קומען דעם, וואָס טרעט אָב פֿון דער קריסטליכער אמונה.

בײַ אַ צװײַטען בונד פֿון די זאַקסען האָט קאַרל פֿערמשפּט צום טױט אין אײן טאָג 4500 מאַן. עס האָט נאָך געדױערט אַבּיסעל צײַט ביז די זאַקסען זענען געװאָרען װײך צו די פֿראַנקען. ענדליך האָט זײער העלדישער און שטאַרקסטער פֿיהרער װידיקונד זיך אַלײן אָבגעגעבען אין די הענד פֿון קאַרל׳ען און אָנגענומען דאָס קריסטענטום.

קאַרל האָט נאָך בעפֿרײַט בײַערען פֿון די אָנפֿאַלען פֿון דעם אַװאַרענשטאַם, װאָס האָט געלעבּט אין הײַנטיגען אונגאַרן. זײַן מלחמה מיט די אַװאַרען, װאָס פֿלעגען ראַבּעװען בײַערען װי פּראָסטע גזלנים, האָט אויסגעזעהען װי אַ הײליגער קריעג. דער חיל האָט זיך בעװעגט פֿאָרװערטס, זינגענדיג די הײליגע פּסאַלמען; פֿאָראױס זענען געגאַנגען גלחים, טראָגענדיג די קירכליכע פֿאָהנען. קאַרל האָט צושלאָגען און צוטריעבען די אַװאַרען; נאָך דער מפּלה האָבען זײ שױן קײנמאָל נישט געקענט אינגאַנצען קומען צו זיך.

פֿון די לענדער בײ׳ם דונאַי איז קאַרל אַװעק אין איטאַליען, װײל דער פּױפּסט לעאָ דער דריטער האָט בשום אופן נישט געקאָנט אַלײן פֿאַרטיג װערען מיט די גרױסע רױמישע מאַגנאַטען. קאַרל האָט געשטיצט דעם פּױפּסט געגען בונט אין זײַן אײגענער פּראָװינץ, און ער האָט װיעדער געזעהען, אַז דער אַלטער סדר אין דער רױמישער קירכע זאָל נישט װערען צושטערט. דערמיט האָט ער בעװיזען, אַז ער איז נישט נאָר דער גרױסער זיעגער און דער קעניג פֿון איטאַליען, גאַליען און גערמאַניען, נאָר אַז פֿון איהם הענגט אויך אָב די אָרדנונג און די מאַכט פֿון דער קריסטליכער קירכע. און אײנמאָל אין דער קירכע פֿון הײליגען פּעטער, בײַ דער קריסטליכער מנחה־צײַט אין יאָהר 800 נ. א. צ. איז פֿאָרגעקומען אַנ׳אונגעװעהנליכע סצענע. װען קאַרל איז אַרײַן אין דער קירכע, האָט דער פּױפּסט אָנגעטהון אויף זײַן קאָפּ אַ טײַערע קרױן און האָט זיך געשטעלט פֿאַר איהם אויף די קניע. דער עולם האָט דערבײַ דרײַ מאָל בעגריסט קאַרל׳ען מיט די װערטער: „זאָל לעבען און זיעגען קאַרל, דער פֿרימסטער אױגוסטוס (לױכטענדיגער), דער גרױסער אימפּעראַטאָר און שלום־מאַכער, דער געקרױנטער פֿון גאָט״.

דערמיט, װאָס קאַרל האָט אָנגענומען דעם אימפּעראַטאָר־טיטעל, האָט ער װיעדער פֿעראײניגט די מערב־אימפּעריע, װאָס איז שױן געװען אינגאַנצען צופֿאַלען. זײַן מאַכט האָט שױן נישט אױסגעזעהען װי די פּראָסטע פֿיהרער־ראָלע פֿון אַ פֿעלדמאַרשאַל איבער די גערמאַנען, נאָר זי האָט

שוין געהאַט דעם חן און די קראַפֿט פֿון דעם יורש, וואָס האָט גע׳ירש׳ט די זעלבסטהערשאַפֿט פֿון די רוימישע אימפּעראַטאָרען.



בילד 3. — קאַרל דער גרויסער.

צו יענער צייט איז נאָר וויכטיג געווען, אַז צוויי מעכטיגע מלוכות װאָלען איינשטימען מיט׳ן נייעם טיטעל פֿון קאַרל׳ען: דער קאַליף פֿון באַג-דאַד און די מזרח-אימפּעריע אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דער קאַליף פֿון באַג-דאַד איז דאַמאָלס געווען האַרון אל-ראַשיד. ער איז געווען מיט קאַרל׳ען אין די בעסטע בעציהונגען. איהם האָט וועניגער אינטערעסירט מערב-אייראָפּאַ, ווי דער אָמאַיאַד אַבדער-ראַמאַן, וואָס האָט זיך בעזעצט אין קאָרדאָוואַ. מיכאַיל דער אימפּעראַטאָר פֿון קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט אויך ענדליך אַנערקענט קאַרל׳ען אַלס דעם אימפּעראַטאָר פֿון דער מערב-אימפּעריע.

די עלטערע יאָהרען האָט קאַרל געפֿיהרט קריעג מיט די מערב-

סלאָוועז. אום זיי איגנאַנצען אונטערטעניג צו מאַכען, האָט ער געגרינדעט אַסך מיליטערישע גרענעץ-פּראָווינצען (מאַרקען). שפּעטער האָבען זיך די דאָזיגע פּראָווינצען אויסגעבילדעט אין דאָס הערצאָגטום עסטרייך.

גלייכצייטיג מיט די מלחמות האָט קאַרל נישט פֿערגעסען די אינע-וועניגסטע אַנגעלעגענהייטען פֿון די אייגענע און בעזיעגטע לענדער. ער איז געווען אַלס פֿערוואַלטער, געזעצגעבער און בילדונגס-פֿערשפּרייטער אַזוי גרויס, ווי אַלס פֿעלדמאַרשאַל. ערשטענס, האָט ער אין זיין אימ-פּעריע בטל געמאַכט די זעלבסטשטענדיגקייט פֿון די פֿער-שיעדענע הערצאָגען, בנוגע צו דער רעגיערונגס-מאַכט, וואָס האָבען זיך נישט געהאַלטען פֿאַר אונטערטהאַנען פֿון קעניג, נאָר פֿאַר זעלבסטשטענ-דיגע פֿירשטען. אין דער שפּיץ פֿון אַלע פּראָווינצען האָט ער געשטעלט די גראַפֿען, וואָס ער פֿלעגט אַליין אויסקלייבען. זעהר אָפֿט פֿלעגט פּאַסי-רען, אַז דער דאָזיגער גראַף האָט געשטאַמט פֿון אַ פֿריי-געוואָרענער שקלאַ-פֿען-פֿאַמיליע. ביי די גרענעצען (מאַרקען) פֿון אימפּעריע האָט ער איינגע-אָרדנעט גרויסע גראַפֿסטוועס מיט אַסך חיל און איבער זיי האָבען גע-קאָמאַנדעוועט די מאַרק-גראַפֿען. אום צו בעטראַכטען אָרטיגע אַנגעלע-גענהייטען פֿלעגען זיך צוזאַמענקלייבען אַלע ערוואַקסענע איינוואָהנער פֿון אָרט. געריכט-זאַכען פֿלעגען בעשליעסען ביי־זיצער, וואָס פֿלעגען ווערען אויסגעקליבען פֿון די פֿאָרנעהמסטע מענשען אין קאַנט. איבער די גראַפֿען און מאַרק-גראַפֿען זענען געשטאַנען די שליחים פֿון אימפּעראַטאָר, וואָס זענען געווען נאָהענטע, פֿערטרויטע מענשען ביים הויף און וואָס פֿלעגען פֿאָהרען קאָנטראָלירען אַלע בעאַמטע פֿון דער אימפּעריע.

חוץ דעם פֿלעגען צוויי מאָל אין יאָהר זיין ביי'ם אימפּעראַטאָר פֿער-זאַמלונגען, וואו עס פֿלעגען זיך בעטייליגען מענשען פֿון דער גאַנצער אימפּעריע. הערבסט-צייט פֿלעגען זיך צונויפֿזאַמלען די העכערע בעאַמטע און די עפּיסקאָפּען, און פֿריהלינגס-צייט — אַלע פֿרייע אונטערטאַנען. נאָר קאַרל האָט זיך נאָך אַלץ נישט בעגנוגענט מיט דער קאָנטראָלע פֿון די שליחים אין די פֿערזאַמלונגען, נאָר ער האָט נאָך בעטרויט די גלחים פֿון די צושפּרייטע קירכען אַכטונג צו געבען אויף די גראַפֿען, פֿערלאַנגט פֿון די עפּיסקאָפּען, אַז זיי זאָלען איהם געבען בעריכטען וועגען זייער גראַפֿסקער טעטיגקייט און, אין געוויסע פֿעלען, זאָלען זיי זיך אַריינמישען אין די אַדמיניסטראַטיווע בעפֿעהלען פֿון די גראַפֿען. קאַרל האָט דערום פֿאָרגעצויגען די גלחים, ווייל זיי זענען

דאַמאָלס געווען געבילדעטער פאַר די מיליטערישע בעאַמטע, פון וואַנען עס האָבען זיך גענומען די גראַפען.

צו די אַלע אַרבייטען האָט קאַרל נאָך גענומען אויף זיך די פערוואַלטונג פון דער קירכע. ער פלעגט בעשטימען די עפיסקאָפען, די וויקאַרען, פערשיעדענע גלחים, פלעגט אַרויסגעבען כּללים מכּח דער קירכליכער בעל-הבית׳ישקייט און מכּח די סדרים, וואָס דאַרפען ווערען דאָרטען איינגעפיהרט. אויפ׳ן פּויפּסט האָט ער געקוקט, ווי אויף דעם גייסטיגען פערטרעטער פון דער קירכע, אָבער אין אַלע פראַקטישע פראַגען האָט ער געהאַט דאָס לעצטע וואָרט צו זאָגען.

קאַרל האָט פערשטאַנען, אַז אָהן אַ ברייטערער בילדונג אין דער געזעלשאַפט וועלען קיינע געזעצען נישט נוצען אויף לאַנג. קאַרל האָט צו זיין צייט געטהון אַלץ, וואָס מען האָט געקאָנט, אום אויפצוהויבען דעם בילדונגס-צושטאַנד פון זיין אימפּעריע. דער הויפּט-צענטר פון קולטור איז געווען ביי איהם אין הויף. ער האָט צונויפגעזאַמעלט אַסך געלעהרטע ארום זיך. זיין הויפּט-מיטאַרבייטער איז געווען דער גלח אַקולין, וואָס האָט געשאַפען אַ שולע ביי׳ם הויף, וואו מען האָט געלערנט די „זיעבען פרייע קונסט-געגענשטענדע”: גראַמאַטיק, רהעטאָריק (די קונסט שען צו רעדען), דיאַלעקטיק (די קונסט שכל׳דיג צו רעדען און צו דיספּוטירען), אַריפמעטיק, געאָמעטריע, מוזיק און אַסטראָנאָמיע. קאַרל האָט געוואָרגט, אַז עס זאָלען ווערען איבערגעשריעבען אין אַ גרויסער צאָהל די ווערק פון די פרומע, געלעהרטע קריסטען און די ביכער פון די אַלטע און אַז עס זאָלען ווערען געזאַמעלט די גערמאַנישע ליעדער. צו קאַרל׳ס צייט האָבען זיך געעפענט שולען ביי די קלויסטערען און די גרויסע קירכען. ער האָט אַרויסגעגעבען אַ צירקולאַר, אַז מען זאָל גרינדען שולען פאַר די קלויסטער-ברידער. נישט קוקענדיג אויף זיין טיטעל און זיין גרויסער אַכטונג צו דער אַלטער קולטור, האָט ער זיך נישט געשעמט מיט זיין גערמאַנישער אָבשטאַמונג און האָט קיינמאָל נישט פערגעסען אָן זיין אייגענעם שטאַם.

קאַרל איז געשטאָרבען אין יאָהר 814. ער האָט כּשר פערדיענט פאַר זיין פּיעלזייטיגער טעטיגקייט דעם נאָמען „דער גרויסער”. די סלאַווישע פעלקער האָבען מיט זיין נאָמען אָנגערופען זייער קעניג (קאָראָל), אַזוי ווי די רוימער פלעגען רופען דעם אימפּעראַטאָר מיט׳ן נאָמען צעזאַר און אויגוסטוס, נאָך יוליוס צעזאַר און אויגוסטוס.

די גרויסאַרטיגע געשטאַלט פון דעם אונבעזיעגבאַרען אימפּעראַטאָר

האָט אַרויסגערופֿען אין דער פֿאָלקס-פּאָעזיע אַ גאַנצע מאַסע פֿון לעגענדען, וואָס עס ווערען בעזונגען די גרויסע העלדען-טהאַטען פֿון קאַרל׳ען און זיינע מיטהעלפֿער (פּאַלאַדינען). אין משך פֿון זיינע 46 רעגיערונגס-יאָהרען האָט קאַרל געפֿיהרט 60 מלחמות, ביי וועלכע ער האָט זיך פּערזענליך בעטהייליגט 30 מאָל. זיינע געזעצען און די צירקוליאַרען, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען, פֿערנעהמען גאַנצע פֿאָליאַנטען. אין גייסטיגען לעבען פֿון אייראָפּאַ קומט נאָך איהם אַ גרויסע ענדערונג צום גוטען. נאָך דעם תּוהו ובוהו פֿון די בארבארישע פֿעלקער-וואַנדערונגען און אָנפֿאַלען הויבען אָן מיט קאַרל דעם גרויסען אַריינצודרינגען די ערשטע שטראַהלען פֿון בילדונג און פֿון אַ מלוכה-קולטור. די אימפּעריע זיינע איז צופֿאַלען באַלד נאָך זיין טויט, פּונקט אַזוי ווי עס איז באַלד צופֿאַלען די אימפּעריע פֿון אַלעקסאַנדער מוקדון, נאָר זיינע אַלגעמיינע אידעען און דער מלוכה-סדר האָבען נאָך לאַנג אַריבערגעלעבט זיין מלוכה.

מיט קאַרל׳ען ענדיגט זיך די פֿעלקער-וואַנדערונג און עס הויבט זיך אָן די פֿונאַנדערטהיילונג פֿון די שטאַמען איבער אייראָפּאַ. קאַרל דער גרויסער האָט פֿעסטגעשטעלט די גרענעצען פֿון דער מערב-אייראָפּעאישער קריסטליכער וועלט, וואָס טהיילען זי אָב פֿון גריכישען מזרח און איסלאַם.



## צווייטער אבשניט.

# די פעאָדאַלע עפּאָכע.

### ערשטעס קאַפּיטעל.

## דער פעאָדאַליזם.

קאַרל דער גרויסער האָט דורכגעפיהרט זיין גיגאַנטישען פּלאַן — צופעראייניגען די גאַנצע מערב'דיגע קריסטליכע וועלט. אָבער שוין צו דער צייט פון זיין זוהנ'ס מלוכה לודוויג דער פרומער האָט גענומען צופאַלען די גרויסע אימפּעריע. צווישען לודוויג'ען און זיינע קינדער האָבען זיך אָנגעהויבען מלחמות. זיין חיל איז צוגעשטאַנען צו די קינדער, און די עפּיסקאָפּען האָבען איהם אַראָבגעזעצט פון טהראָן. נאָך זיין טויט האָבען מיט דער אייגענער שנאה געקעמפּפט געגענאייננאַנדער די זיהן, וואָס האָבען זיך נישט געקענט אויסגלייכען מיט דער ירושה. געגען דעם עלטערען לאָטאַר, וואָס האָט איבערגענומען דעם טיטעל אימפּעראַטאָר, האָבען זיך פעראייניגט די יונגערע לודוויג און קאַרל; ביי שטראַסבורג (842) האָבען זיך פעראייניגטביידענס חיל. מיט דעם ערשטען זענען געקומען די בייערען, זאַקסען און שוואַבען, מיט'ן צווייטען — די פראַנקען און די אַקוויטאַנער. די פעראייניגטע אַרמעען האָבען געשוואָרען געגענזייטיג, אַז זיי וועלען שטענדיג געהן צוזאַמען געגען אימפּעראַטאָר. לודוויג האָט געשוואָרען אויף ראָמאַניש, כדי עס זאָלען איהם פערשטעהן די פראַנקען, און קאַרל — אויף דייטש. די שבועות, וואָס זענען דערגאַנגען צו אונז דורך די אַלטע דאָקומענטען, בעווייזען, אַז צו דער צייט האָבען זיך שוין שטרענג צוטיילט די צוויי נאַציאָנאַליטעטען, פראַנקרייך און דייטשלאַנד, וואָס האָבען שוין גערעדט אויף צוויי פערשיעדענע שפּראַכען. די גאַליער און די פראַנקען זענען צונויפגעשמאָלצען אין איין פאָלק, וואָס האָט גערעדט פראַנצויזיש (אַראָמאַנישע שפּראַך); אויפ'ן רעכטען ברעג פון רהיין האָבען דאָס רוב געלעבט גערמאַנישע שטאַמען, וואָס האָבען גערעדט אויף דייטש.

די פעראייניגטע אַרמעען האָבען בעזיעגט לאָטאַר'ען, און די ברידער האָבען (843) געמאַכט שלום צווישען זיך. לאָטאַר האָט בעקומען איטאַליען.

פראָוואַנס, בורגונדיען און דאָס היינטיגע לאָטאַרינגען. צו מערב-צו פון לאָ-טאַרינגען האָט קאַרל (דער פליכער) בעקומען די היינטיגע פראַנצויזישע מלוכה, און לודוויג צו מזרח-צו — די דייטשע מלוכה. דערמיט האָט זיך געענדיגט די ערשטע טיילונג פון קאַרל דעם גרויסענס אימפעריע, וואָס איז געטיילט געוואָרען צוליעב טיעף נאַציאָנאַלע סבות. נאָר דערמיט האָט זיך די טיילונג נאָך נישט געענדיגט.

## דאָס וואַנדערן פון דער קירכליכער מאַכט.

קאַרל דער גרויסער האָט געהאַלטען די קירכע אין זיין מאַכט און פלעגט זיך מיט איהר בענוצען פאַר זיינע רעגיערונגס-צוועקען. נאָר שוין באַלד נאָך זיין טויט איז זי געוואָרען זעלבסטשטענדיגער און אָנגעהויבען שפּיעלען אַ וויכטיגע ראָלע אין דעם ברידער-קריעג. וואָס פערפלאָנטערטער עס זענען געוואָרען די מלוכה-ענינים, וואָס שוואַכער און טעמפּער עס זענען געווען די רעגיערונגס-פערטרעטער, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרען ביי דער קירכע דער געדאַנק, אַז לויט דעם גייסט און דער בילדונג שטעהט זי טויזענד מאָל העכער פאַר די דאָזיגע וועלט-ליכע פערגרעבטע און אונגווויסענדע מענשען, און זי איז מחויב זיך צו בעפרייען פון זייער ממשלה. די פאַנאַטיקער פון דעם געדאַנק האָבען זיך פאַר קיין זאַך נישט אָבגעשטעלט. אַנ׳ערך 850 יאָהר נ. א. צ. האָט מען געפעלשט און נאָכגעמאַכט אַסך דאָקומענטען פון כלומר׳שט אַלטע פויפּסטען, וואָס האָבען פעסטגעשטעלט, אַז די עפּיס-קאָפּען טאָרען נישט אַנערקענען קיין אַנדער געריכט, חוץ אַ קירכליכען, און דאָס דער לעצטער בעשלוס אין זייערע משפּט-זאַכען געהערט צו דעם פויפּסט, און צו קיין אַנדערען נישט. די דאָזיגע דאָקומענטען הייסען די פאַלשע איזידאָר דעקרעטאַליען (ווייל זיי האָבען כלומר׳שט גע-שטאַמט פון עפּעס אַנ׳אַלטען פויפּסט איזידאָר). די פאַלשע דעקרעטאַליען האָבען געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג. מען האָט זיך אויף זיי געשטיצט, ווי אויף אַנ׳אַלטען געזעץ, וואָס מען טאָר נישט אָבשאַפען. וויכטיג זענען זיי געווען נאָך צוליעב דעם, וואָס ביי יעדער סכסוך פון דער מלוכה מיט דער קירכע פלעגען די עפּיסקאָפּען זיך ווענדען צום פויפּסט, ווי צו דעם איינציגען ריכטער און געוועלטיגער אין קירכליכע אַנגעלעגענהייטען.

דער פויפּסט ניקאָלאַי דער ערשטער (858) האָט שוין מודיע געווען דער וועלט, אַז ער איז דער איינציגער מושל נישט נאָר אויף דער מערב-קירכע, נאָר אויך אויף דער מזרח׳דיגער.

ער האָט זיך אויך באַלד גענומען אַריינמישען אין די ענינים פון דער מזרח-קירכע. בעת אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט די הויף-פּאַרטיי אַראָבּגעוואָרפען פון זיין פּאָסטען דעם פּאַטריאַרך איגנאַטיוס און אַוועקגעזעצט אויף זיין שטעל פאָטיוס'ען, האָט ניקאָלאַי פּראָטעסטירט דערמיט, וואָס ער האָט אין רוים צונויפגערופען אַ פערזאַמלונג פון קירכען-פירשטען און האָט מבטל געמאַכט דעם בעשלוס פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל אויף דעם סמך, וואָס אָהן דער ערלויבניש פון פּויפּסט אין רוים טאָר מען נישט אַראָבּזעצען פון זיין שטעל קיין איינציגען עפּיסקאָפּ. פאָטיוס האָט נישט געהאָרכט אויפ'ן בעשלוס פון פּויפּסט און האָט דערויף געענטפערט מיט אַ שטרייט-שריפט, וואו ער בעווייזט, אַז דער פּויפּסט האָט פאַלשע פּרעטענזיעס, און אַז דער אויבערשטער פון דער קירכע איז נאָר קריסטוס אַליין. די שטרייט-שריפט האָט געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג, ווייל מיט איהר זענען געווען איינפערשטאַנען אַלע פערטרעטער פון די מזרח-קירכען. אין 867 האָט מען אויף אַ פערזאַמלונג פון די פאָרשטעהער פון אַלע מזרח-קירכען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואָס איז צונויפגערופען געוואָרען פון פאָטיוס'ען, אַריינגעלעגט ניקאָלאַי'ען און זיינע אַנהענגער אין חרם. דעם פּויפּסטס לאַגע איז געוואָרען צוליעב דעם זעהר אַ שווערע. ער האָט געהאַט אַסך שונאים אין די מערב-לענדער ווי אין איטאַליען גופא. עס האָט איהם אויך פיינד געהאַט לודוויג דער צווייטער, וואָס האָט געקאָנט מאַכען אַ גיכען סוף מיט'ן פּויפּסט. נאָר די עפּענטליכע מיינונג אין מערב איז געווען אויף דער זייט פון פּויפּסט. דער אימפּעראַטאָר האָט זיך נישט דערוועגט איהם צו נעהמען אין געפאַנגענשאַפט און די עפּיסקאָפּען אין מערב האָבען גע-האַלטען מיט איהם. אפילו אין מזרח האָט ער כלומר'שט געזיגט. פאָטיוס איז אַראָבּגעזעצט געוואָרען און מען האָט צוריקגעקעהרט איגנאַטיוס'ען דעם אַלטען טיטעל. איבריגענס, דאָס איז נאָר געווען אַ קורצער ערפאָלג. פאָטיוס איז באַלד ווידער געוואָרען פּאַטריאַרך.

## די נאָרמאַנען.

נאָך קאַרל דעם גרויסענס טויט איז די אימפּעריע צופאַלען אין אַסך טיילען, וואָס האָבען קיינמאָל נישט געלעבט אין שלום. די קעניגען פון די קאַראָלינגער האָבען שטענדיג זיך געקריעגט צוליעב פער-שיעדענע פּראָווינצען, און איינער דעם אַנדערען נישט געשטיצט. מיט די רייסענישען האָבען זיך בענוצט די אָרטיגע פירשטען, הערצאָגען און גראַ-פען, וואָס האָבען אָנגעהויבען זיך צו פיהרען גאַנץ זעלבסטשטענדיג און

געקלערט אַליין צו ווערען קעניג, איטליכער אין זיין פּראָווינץ. דאָס פעהלען פון אַ שטאַרקער מאַכט און פון אַ פעסטער אינעווענינסטער אָרדנונג האָט פערלייכטערט די אַרבייט פון אַלע מוטיגע און העלדישע לייט, וואָס זענען געווען מסוגל אויסצונוצען די פערפלאָנטערטע לאַגע פון לאַנד. און אויף מערב-אייראָפּאַ האָבען טאַקי פון דריי זייטען אָנגעהויבען אָנצופאַלען רויבערישע אַרמעען. פון צפון האָבען אָנגעהויבען אָנצופאַלען ים-גזלנים—די נאָרמאַנען, פון דרום זענען אָנגעפלויגען די סאַראַצינען און פון מזרח זענען געקומען די גאַכפאָלגער פון די הונען און די אַוואַרען, וואָס האָבען זיך נישט געהאַט וואָס צו שעמען פאַר זייערע פאָרגענגער.

אין די אָנפאַלען פון די נאָרמאַנען האָבען זיך בעטייליגט אויך אַסך פריינווילינע, וואָס איז זיי דערעסען צו זיצען אין דענעמאַרק און נאָרוועגען. די קריעגערישע יוגענד און אַלטע געניטע קריעגס-לייט פלעגען זיך צונויפזאַמלען אַרום זייער וויקינג, דעם ים-מלך, און פלעגען אינאיינעם מיט איהם זיך לאָזען אויף רויב קיין אייראָפּאַ. די אָנפאַלען זענען נאָך געוואָרען שטאַרקער, ווען דער דענישער און גאָרוועגישער קעניג האָבען פערטריעבען פון לאַנד די אַדעל-לייט (די יאַרלען). די נאָרמאַנען פלעגען קומען צו שווימען אויף לייכטע שיפלעך אָהן אַנ׳איבערדעק, וואו עס פלעגען זיצען ביז 70 מענשען. די שיפלעך פלעגען זיי אַליין אַריבערשלעפּען פון איין טייך צום צווייטען, ווען דער מהלך איז נישט געווען צו גרויס.



בילד 4. — אַ נאָרמאַניש שיפעל.

זייער חיל איז געווען אַזוי לייכט בעוועגליך, אַז די שוואַך-בעוואָפענטע סאָלדאַטען פון די קאַראָלינגער האָבען זיי זעלטען-ווען געקאָנט געבען אַ מפלה, און אויך נאָך דער מפלה פלעגען די נאָרמאַנען באַלד ווידער קומען צו זיך און אָנהויבען ראַבעווען דאָס לאַנד פון אַנ׳אַנדער זייט.

די קריסטליכע בעפעלקערונג איז שוין פערצווייפעלט געוואָרען. אויף אַלע וועגען זענען געלעגען גע׳הרג׳טע. די רייכסטע קלויסטערען און שטעדט

פֿלעגען ווערען אויסגעראַבירט און פֿערברענט, און צו פֿערהיטען דעם רהיין האָט דער אימפּעראַטאָר בעזעצט ביי דעם אָנפֿאַנג פֿון רהיין, ווי ער געהט אַרויס פֿון ים, אַ טייל פֿון נאָרמאַנישען חיל. און פֿון דעם נאָרמאַנישען בעזיצטום האָט זיך אָנגעהויבען די גראַפֿסטוואָ האָלאַנד.

אין פֿראַנקרייך האָבען אויפֿגעהערט די אָנפֿאַלען דאמאָלס, ווען מען האָט איינעם פֿון די שטאַרקסטע נאָרמאַנישע קריעגס-פֿיהרער, ראָלאָנ׳ען, אַוועקגעשענקט אַ גאַנצע פּראָווינץ, די צפֿון-מערב׳דיגע האַלבּ-אינזעל מיט דער שטאָדט רואַן בײ׳ם טײך סענאַ (911). אָט אַזוי האָט זיך געבילדעט דאָס שפּעטערדיגע נאָרמאַנדיען (אין איצטיגען פֿראַנקרייך).

## די נאָרמאַנען אין ענגלאַנד.

עקשנות׳דיגער נאָך איז געווען דער קאַמפּף פֿון די נאָרמאַנען אין ענגלאַנד. דער קעניג אַלפֿרעד אין ענגלאַנד איז נישט אָבגעשטאַנען אין ווילדקייט און מוט פֿון די נאָרמאַנען. איין צייט איז זיין לאַגע געווען זעהר קריטיש: גאַנץ ענגלאַנד איז געלעגען אין די הענד פֿון די נאָרמאַנען. אַלפֿרעד האָט זיך געמוזט בעהאַלטען אין זומפּען און אין וועלדער מיט אַ קליינער צאָהל חיל. נאָר ער האָט אַרויסגעוויזען אַ גרויסע ענערגיע. צו-ערשט האָט ער זיך בעפֿעסטיגט אין אַ זומפּיגען אָרט, וואו עס איז נישט געווען צוצוטרעטען אַזוי לייכט, און פֿון דאָרטען האָט ער שטענדיג געמאַכט פֿון זיין זייט די אָנפֿאַלען אויף די נאָרמאַנען, וואו ער האָט בים-לעכווייז צונישטערט זייער חיל, און אַז ער האָט זיך שוין געפֿיהלט גענוג שטאַרק, איז ער אַרויס געגען זיין שונא אין אַנ׳אָפֿענער מלחמה. נאָך אַ בלוטיגען קריעג האָט מען בעשלאָסען צו טיילען ענגלאַנד אויף צוויי טיילען. דעם מערב-טייל האָט בעקומען אַלפֿרעד, דער מזרח-טייל איז אָבגעגעבען געוואָרען דעם „דענישען חיל״, ווי די נאָרמאַנען האָבען זיך אַליין גערופֿען (878).

אַלפֿרעד האָט זיך נישט בעגנוגענט נאָר דערמיט, וואָס ער האָט גע-קעמפּפֿט אויפֿ׳ן שלאַכט-פֿעלד. ער האָט אויך געשטרעבט צו פֿערשפּרייטען בילדונג צווישען זיין פֿאָלק, האָט געגרינדעט אַ סך שולען און צונעצוי-גען צום הויף אַסך געלעהרטע און ליטעראַטען. ער אַליין האָט שטאַרק געליעבט די ליטעראַטור, און ער האָט איבערזעצט אויף ענגליש אַסך בי-כער פֿון לאַטיינישען אַדאַנק דעם, האָט זיך די ענגלישע שפּראַך שוין אַזוי אויסגעאַרבייט, אַז מען פֿלעגט זיך שוין מיט איהר עפּטער בענוצען ווי מיט דער לאַטיינישער שפּראַך.

נאָך אַלפֿרעד'ס טויט האָבען זיך ווידער אָנגעהויבען די מלחמות צווישען די ענגלענדער און די דענער. ענדליך האָט דער דענישער קעניג קאַנוט פֿערשפּרייט זיין מאַכט אויך איבער די מערב'דיגע גראַפֿסטוועס (1017—35). ער האָט פֿערענדיגט דעם לאַנגען קאַמפּף דער־מיט, וואָס ער האָט אָנגענומען די קריסטליכע אמונה, גע־מאַכט אַ סוף צו די רויבעריִען פֿון זיינע אָבשטאַם-ברידער, ווידער איינגע־פֿיהרט די אַלטע אַנגלאָ-זאַקסישע מנהגים און נאָך זיי פֿערפֿאָלקאָמט מיט אַסך נייע געזעצען.

## די סאַראַצינען און די אונגאַרען.

אין דער צייט, וואָס די נאָרמאַנען האָבען געראַבעוועט צפון- און מערב-אייראָפּאַ, האָבען דעם דרום וויסט-געמאַכט די סאַראַצינען. אין אַפֿריקאַ האָבען זיי בעשאַפֿען אַ פֿלאָט, מיט וועלכען זיי פֿלעגען אַרומפֿאָהרען איבער'ן מיטעללענדישען ים. זיי האָבען פֿער־כאַפּט סיציליען, פֿון דאָרטען זענען זיי איינגעדרונגען אין דרום-איטאַליען און דערגאַנגען אַזש ביז רוים. אין פּראָוואַנס און ביים ליגורישען ברעג האָבען זיך די סאַראַצינען אויסגעבויט פֿעסטונגען, פֿון וועלכע זיי פֿלע־גען מאַכען רויבערישע אָנפֿאַלען אויף די אַרומיגע לענדער.

באַלד זענען אויך געקומען אויף אייראָפּאַ די אונגאַרען. זיי האָבען זיך בעוויזען אין די דונאַי-לענדער אין סוף פֿון עלפֿטען יאָהרהונדערט צוערשט זענען זיי בעפֿאַלען די גערמאַנישע מאַרקען (היינט עסטרייך), דערנאָך האָבען זיי זיך אַריינגעריסען אין איטאַליען און האָבען חרוב גע־מאַכט דעם גאַנצען טהאָל פֿון טייך פּאָ. נאָר הויפּטזעכליך האָבען זיי גע־ראַבעוועט די דייטשע און סלאַווישע פּראָווינצען. זיי האָבען גע־בראַכט צו אַ מפלה בייערען און האָבען חרוב געמאַכט טירינגען, בעהמען און מאָראַוויען. זייערע לייכטע רייט-פֿערד פֿלעגען זיך דורכשפּאַציערען דורך גערמאַניען, פֿערהאַפֿען אַסך רויב און צוריק אַוועקרייטען אַהיים צום מיטעלסטען דונאַי.

מען קאָן זאָגען בכלל, אַז זעלטען איז געווען אין דער געשיכטע שרעקליכערע צייטען, ווי אַם-ענדע פֿון 9-טען און אָנפֿאַנג פֿון 10-טען יאָהר־הונדערט. די רויבער האָבען זיך געוואָרפֿען אויף איירָאפּאַ ווי הייש־רעקען פֿון אַלע זייטען. נאָר זייערע רציחות און די פֿערוויסטונגען, וואָס זיי האָבען אָנגעמאַכט, איז נישט געווען קיין פּשוט'ער צופֿאַל, נאָר דאָס רעזולטאַט, דער פּועל יוצא, פֿון דער אינעווייניגסטער אונאָרדנונג אין דער

דאַמאָלסדיגער וועלט. אייראָפּאַ האָט זיך שלעכט פערטיידיגט געגען די זייטיגע אָנפאַלען, ווייל עס איז נישט געווען קיין שום סדר און קיין שום פעראייניגונג.

## די פעאָדאַלע אָרדנונג.

נאָך קאַרל דעם גרויסען און די שטענדיגע קריעג ביי'ם צוטיילען זיך פון די פּראָווינצען איז אומעדום געפאַלען די רעגיערונגס-מאַכט און איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר אָבגעשוואַכט געוואָרען. יעדער גרויסער לאַנד-בעזיצער איז געוואָרען אין זיין אָרט אַ מלך פאַר זיך. די דאָזיגע צובּרעקלונג פון דער מאַכט און איהר איבערגאַנג צו די גוטסבעזיצער רופט מען די פעאָדאַלע אָרדנונג אָדער פעאָדאַליזם. ווען דער דאָזיגער סדר האָט זיך איינמאָל פאַר אַלע מאָל בעפעסטיגט (אַנ'ערך 1000 יאָהר נ. א. צ.), איז גאַנץ אייראָפּאַ צוטיילט געווען אויף אַ סך פירשטענטימער, וואו די אייגענטימער זייערע פלעגען זיך רופען מיט'ן נאָמען קעניג, הערצאָג, גראַף אָדער באַראָן. די בעפעלקערונג פון די פירשטענטימער פלעגען זיך טיילען אין צוויי טייל: איין טייל איז בעשטאַ-נען פון די הערשענדיגע פון די, וואָס פערטיידיגען זיך, און זייערע אינטערטאַנען. אין דעם טייל זענען אַריין אַלע מיליטערישע קרעפטען מיט די ריטערען אין דער שפּיץ. צו דער דאָזיגער העכערער קלאַס האָבען זיך אויך געצעהלט די קירכען-לייט, וואָס האָבען אַליין נישט געפיהרט קיין קריעג, נאָר וואָס האָבען אויך געהאַט זייער חיל. צום צווייטען טייל האָט זיך געצעהלט די אַרבייטענדע מאַסע, וואָס האָט געדאַרפט שאַפען לעבענס-מיטעל פאַר זיך און פאַר די אַנדערע. צו דעם טייל האָבען אָנ-געהערט די פויערן, די בעלי-מלאכות און די קויפלייט. נישט נאָר די גרויסע גראַפסטוועס און די פירשטענטימער, נאָר אַפילו איטליכער קלענערער גוטס-בעזיצער, אַ באַראָן מיט זיין חיל און פויערן האָט זיך געפיהרט ווי אַ זעלבסטשטענדיג מלוכה'לע. דער באַראָן דער געוועלטיגער פלעגט מיט די וואָפען אין די הענד פערטיידיגען זיינע אייגענע, ווי די אינטערעסען פון זיינע אונטערטאַנען. ווי באַלד מען פלעגט פערטשעפען איהם אָדער זיין פריינד, פלעגט ער באַלד אָנהויבען אַ מלחמה מיט די, וואָס האָבען איהם בעליידיגט. אין אַלע ווינקעלעך פון מערב-אייראָפּאַ פלעגען זיך פיהרען אָט די דאָזיגע פּריוואַטע מלחמות, וואָס האָבען סוף כל סוף געבראַכט אין סך־הכל מעהר שאָדען, ווי אַ צוזאַמענשטויסונג פון גרויסע מלוכות.

די קירכע האָט זיך געפּרובט אַריינמישען אין דעם, אָבער די איינ-

ציגע זאַך, וואָס זי האָט געקענט אויספֿיהרען, איז געווען צו אַסר׳ען אין דער אַנדערער העלפֿט פֿון וואָך אַלערליי רויבערייען און וואַפֿען-קריגען. פֿון דאָנערשטאָג ביז נאָך זונטאָג האָט די קירכע איינגעפֿיהרט דעם שלום פֿון גאָט׳ס וועגען.

אַזוי ווי איטליכער באַראָן איז געווען אַ מלך פֿאַר-זיך, דערום האָט קיינער נישט געהאַט דאָס רעכט איהם עפּיס דערווידער צו זאָגען, איהם אונטערטעניג צו מאַכען דעם געזעץ און צו נעהמען פֿון זיין ערד אָבגאָב אָהן זיין ערלויבניש. ווען מען האָט געדאַרפֿט נעהמען עפּיס אַנ׳אָבצאָהל אָדער איינפֿיהרען אַ געזעץ, האָט מען געמוזט צונויפֿרופֿען אַלע באַראָנען פֿון אַ געוויסער פּראָווינץ און פּועל׳ען זייער צושטימונג.

די דאָזיגע צוברעקלונג פֿון דער מאַכט איז געווען אַ געפֿאַהר פֿאַר איטליכען בעזונדער. אויך דעם באַראָן האָט נישט געלויהנט צו בלייבען אַזוי אָבגעזונדערט. ער האָט שטענדיג געלעבט אין דער סכנה, אַז עמיצער אַ שטאַרקערער שכן, אָדער אַ באַנדע נאָרמאַנען וועלען מיט אַמאָל קומען אויף זיינע ערד און וועלען מאַכען פֿון איהם און פֿון זיינע פּויערן אַ תּל. דערום איז איטליכער באַראָן אַריין אין אַ בונד מיט אַנדערע זיינסגלייכען. אַ שטאַרקערער באַראָן, אָדער גראַף, האָט גענומען דעם שוואַכערען אונטער זיין שוץ, און דער לעצטער האָט פֿון זיין זייט פֿערשפּראָכען דעם שטאַרקערען צו נעהמען אויף זיך בעשטימטע פּפֿליכטען. דער שוואַכערער פֿלעגט ווערען, ווי מען האָט זיך דאַמאָלס אויסגעדריקט, דער מענש פֿון צווייטען. דער שטאַרקערער פֿלעגט זיך דאַמאָלס רופֿען: סעניאָר סוזערען, און דער שוואַכערער — וואַזאַל. און עס איז אויסגעקומען, אַז איין באַראָן צום אַנדערען איז געשטאַנען אין אַזעלכע בעציהונגען, ווי אַ דיענער (וואַזאַל) צו אַ הערר (סעניאָר).

יעדעס שטיק ערד האָט זיך גערעכענט פֿאַר אַ געליהענע זאַך (לעהן, פֿעאָד), וואָס דער שטאַרקערער האָט געליהען דעם שוואַכערען, למשל דער באַראָן — דעם ריטער. דער סעניאָר האָט עס איבערגעגעבען אין די הענד פֿון וואַזאַל, און ער האָט דערפֿאַר געשוואָרען צו דיענען 40 טעג אין חיל פֿון סעניאָר, אָדער צו צאָהלען איהם אַ געוויסע סומע געלד. אַרום איטליכען שטאַרקען סעניאָר פֿלעגט דערום אויסוואַכסען אַ גאַנצער קרייז פֿון אַזעלכע וואַזאַלען. ער האָט זיך גערעכענט צווישען זיי אַלס דער עלטעסטער צווישען גלייכע קאָמעראַדען (פּערען). ווען עס פֿליגען פֿאָרקומען אַלגעמיינע פֿראַגען, פֿלעגט דער סעניאָר צונויפֿרופֿען אַלע וואַזאַלען, פֿלעגט פֿערזאַמלען זיין הויף (די קוריע). פֿערשיעדענע סכסוכים

פֿלעגט מען ענטשיידען דערמיט, וואָס ביידע צדדים פֿלעגען זיך שלאָגען אין צווייִ-קאַמפּף (דועל). ווען דער סעניאָר האָט געדריקט אײַנעם פֿון זײַנע וואַזאַלען, האָט דער וואַזאַל געהאַט דאָס רעכט זיך פֿרײַ צו מאַכען פֿון זײַנע פּפליכטען, אָדער צו פֿאָדערען די הילף פֿון אַנדערע וואַזאַלען, ווען ער האָט זיך געמיזט ווערען געגען די בעדריקונגען פֿון סעניאָר.



בילד 5. — די שבועה פֿון אַ וואַזאַל, לויט אַנ'אַלטער חתימה פֿון 13-טען יאָהרהונדערט.

די בעציהונגען פֿון די ריטער צווישען זיך און דעם באַראָן זענען געווען געגרינדעט אויף בעשטימטע אָבמאַכען; דער באַראָן האָט ווידער געהאַט אַנ'אָבמאַך מיט'ן גראַף, דער גראַף מיט'ן הערצאָג א. ז. וו. אַדאַנק דעם, האָט זיך געבילדעט אַלײַטער פֿון סעניאָרען, וואָס האָט דערגרײַכט ביז צו דעם אָדער יענעם קעניג, וואָס האָט זיך גערעכענט פֿאַר'ן העכסטען סעניאָר. צ. ב. פֿון פֿראַנצויזישען קעניג האָט געהאַט אַ לעהן (אַ פֿעאָד) דער נאָרמאַנדישער הערצאָג, פֿון הערצאָג — דער סעניאָר פֿון בעלעם און פֿון לעצטען — אַ גרויסע צאָהל ריטער.

וואָס אַנבעלאַנגט ווידער די פּויערן און די געמײַנע לײַט, איז דער סעניאָר געווען אַ נישט-בעגרענצטער געוועלטיגער און קעניג. די געמיינע האָבען טײַלווײַז געשטאַמט פון אַמאָליגע שקלאַפֿען, טײַלווײַז פֿון די אַרענדאַרען און אַדריטער טײַל פֿון קליינע פֿרייע לאַנד-בעזיצער, וואָס זענען אַרונטער אונטער די הערשאַפֿט פֿון באַראָן. אַלע זענען געווען אין די אויגען פון באַראָן גלייך, אַלע האָבען זיי געהאַט צו טהון מיט איין-איינציגען געוועלטיגער.

איבריגענס די לאַגע פֿון די געמײַנע לײַט איז עפּעס אָבגעהאַנגען פֿון די מנהגים און די זיטען אין פּראָווינץ, איידער פֿון באַראָנ'ס קאַפּריזען. די בעפֿעלקערונג

פון איטליכען דאָרף האָט געהאַט איהר געמיינדע, וואָס האָט אַליין געפיהרט איהרעווירטשאַפטליכע און געריכטליכע ענינים אויף דער דאָרף-פערזאַמלונג. דעם באַראָן פלעגט מען צאָהלען אַ געוויסען אָבּגאָב און אַרבּייטען פאַר זיינע פעלדער אַ געוויסע צאָהל טעג אין וואָך. חאָטש עס איז שווער געווען דעם געמיינעם מאַן צו לעבען אין אַזאַ אַבּהענגיג-קייט, נאָר זיין לאַגע איז געווען אַסך בּעסער, ווי די שקלאַפען אין אַל-טען רוים. דער געמיינער איז געווען, ווי דער באַראָן, אַ קריסט, און קיינער האָט שוין נישט געצווייפעלט, אַז ער איז אַ מענש; אין גע-וויסע פעלען פלעגט זיך פאַר איהם אויך אָננעהמען די קירכע געגען די אַכזריות'ען פון באַראָן.

דער פעאָדאַליזם האָט זיך בּעפעסטיגט כמעט אין אַלע לענדער פון מערב-אייראָפּא. אויפ'ן מזרח זענען נאָר געווען עטליכע איינריכטונגען, וואָס האָבּען געהאַט אַנ'עהנליכקייט מיט'ן פעאָדאַליזם, נאָר בכלל האָבּען זיך דאָרטען די אינעווייניגסטע סדרים אויסגעבּילדעט אין אַנ'אַנדער פאָרם. די וויזאַנטינישע (ביצאַנטינישע) אימפעריע האָט זיך ווי-דער אָבּגעפרישט, ווי באַלד עס האָט אויפגעהערט דער קאַמפף צוליעב דער בילדער-פערגעטערונג. נאָך דער קליין אַזיאַטישער דינאַסטישע זענען אַרויף אויפ'ן טהראָן די מאַקעדאָנישע אימפעראַטאָרען.

דער פערוואַלטונג אין וויזאַנטיען.

די נצחונות פון די מאַקעד. אימפעראַטאָרען נעהמען זיך נישט נאָר פון דער בּעגאַבונג פון זייערע פעלדמאַרשאַלען, נאָר אויך צוליעב דעם, וואָס זייערע שונאים זענען בּעגאַנגען אַסך פעהלער. אַ גרויסע וויכטיגקייט האָט געהאַט אויך דאָס, וואָס אין לאַנד האָט געהערשט אַ פעסטער סדר. די קעניגס-מאַכט איז נישט צובּרעקעלט געוואָרען, ווי אין מערב, נאָר זי האָט זיך קאָנצענטרירט אין די הענד פון אימפעראַטאָר, דער אימפעראַטאָר איז געווען דער איינציגער הערשער פון אימפעריע. זעלבּסטפערוואַלטונג אין פערשיעדענע געוועהלטע שטעלען האָבּען נישט עקזיסטירט. די טויזענדער בּעאַמטע, וואָס האָבּען פערוואַלטעט מיט דער אימפעריע, זענען געווען פאָלקאָם אַבּהענגיג פון אימפעראַטאָר. חאָטש דער סענאַט האָט נאָך עקזיסטירט, נאָר ער האָט בּלויז געהאַט אַ בּעראַטונגס-שטימע און האָט קיין אַנגעלעגענהייט נישט געקאָנט בּעשליע-סען אָהן ווילען פון אימפעראַטאָר. נאָר ווען דער אימפעראַטאָר איז געווען אַ שוואַכער, פלעגט דער סענאַט בּעקומען אַ שטיקעל ווערדע און מאַכט.

די גאַנצע אימפּעריע איז געווען צוטיילט אויף 29 פּראָווינצען. אין איטליבער האָט געוועלטיגט אַ סטראַטיג, אַמין גענעראַל-גובערנאַטאָר, וואָס האָט געהאַט צו זאָגען אויף דער אַרמעע און די ציוויל-בעאַמטע. די מיליטערישע און די ציווילפערוואַלטונג איז געלעגען אין איין האַנד. אַ בעזונדער אויפמערקזאַמקייט האָט מען פערווענדעט אויף די אויסבילדונג און קרעפטיגונג פון דער אַרמעע. מען פלעגט זי נאָר קאָמפּלעקטירען מיט לייט פון קריגער-שטאַנד, וואָס פלעגען מייסטענס בעשטעהען פון אויסלענ-דער. אומעדום אין אימפּעריע פלעגען זיך בעזעצען גאָטען, סלאַווען, אַר-מענער, וואָס פלעגען אַ דור נאָך אַ דור צושטעלען סאָלדאַטען. חוץ דעם פלעגט די אימפּעריע האַלטען פאַר געצאָהלט גאַנצע מחנות לייט פון די שטאַמען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייערע גרויסע קריגערישע פעהיגקייטען. פון זיי פלעגט מען צונויפשטעלען די גוואַרדיע און פון זיי פלעגט מען שיקען סאָלדאַטען צו פערטיידיגען די גרענעצען פון אימפּעריע. בעזונדערס האָט מען געשעצט די געדונגענע זעלנער פון די פראַנקען, נאָרמאַנען און סלאַווען.

אין וויזאַנטיען האָט די צענטראַלע מאַכט זיך נישט געטיילט מיט איהרע רעכטען, ווי אין מערב, מיט דער אַריסטאָקראַטיע. אויך אין דער מזרח-אימפּעריע האָבען זיך איינגעפונען די דריי שטאַנדען, פון וואַנען עס האָט זיך גענומען די פעאָדאַלע אַריסטאָקראַטיע אין מערב: די הויכע בע-אַמטע און פעלדמאַרשאַלען, וואָס האָבען אויסגענוצט זייער לאַגע אום צו בעקומען אַ גרויסע פריוואַטע מאַכט, די גרויסע ערד-בעזיצער, וואָס האָבען געוועלטיגט איבער טויזענדער פויערן, די קירכען און די קלויסטערס, וואָס האָבען פערמאָגט אוצרות און וואָס האָבען געהאַט אונטער זיך טויזענדער מאָנאַכען, קירכען-דיענער און גלאַט אַזוי אַסך לייט, וואָס זענען געווען אבהענגיג פון זיי. נאָר די אימפּעריע האָט נישט אויפגעהערט צו פיהרען אַ קאַמפף געגען די דאָזיגע „שטאַרקע מעכטיגע מענשען". די מאַקעדאָנישע אימפּעראַטאָרען גיעבען אַרוים אַ מאַסע צירקולאַרען געגען די געוואַלד-טהאַ-טען פון די בעאַמטע און פערווערען זאָגאַר צו בויען נייע קלויסטערס און צו פערשענקען ערד די קירכען. זיי האָט אָבגעהאַלטען דורכצופיהרען דעם כלל, אַז די מאַכט איבערן פאָלק געהערט דעם שטאַט (דער מלוכה), און נישט פריוואַטע מענשען.

סוף־כל־סוף האָט די העכערע גריכישע קולטור נישט דערלאָזען צו אַזאַ שלעכטער פּאָליטישער לאַגע די מזרח-אימפּעריע, צו וועלכער עס האָט דערלעבט מערב-איירופּאַ. די מזרח-אימפּעריע האָט שוין נישט געליטען

אַזוי דערפֿון, וואָס איינצעלנע מענשען און קלאַסען האָבען געוואָלט אָב-
שוואַכֿען די מלוכה-מאַכֿט, ווי דערפֿון, וואָס די מלוכה האָט שוין דורך
איהר זעלבסטהערשאַפֿט אין גאַנצען אויסגעראָט די ענערגיע און
די זעלבסטשטענדיגקייט פֿון איטליכֿען איינצעלנען בירגער.

אַ געוויסע צייט האָט מען נישט געפֿיהלט אַזוי שטאַרק די צווייטע
געפֿאַהר, ווייל די מזרח-אימפעריע האָט אויפֿגענומען אין זיך נייע קרעפֿ-
טיגע שטאַמען. בעזונדערס פֿיעל האָבען זיך דאָרט בעזעצט די סלאַווען.
איין אימפעראַטאָר האָט אַמאָל געזאָגט, אַז „גאַנץ גריכֿענלאַנד איז געוואָרען
סלאַוויש". זיי האָבען זיך פֿערשפּרייט איבער דער גאַנצער באַלקאַנישער האַלב-
אינזעל אַלס סאָלדאַטען און לאַנד-אַרבייטער. די גריכֿען זענען צוליעב זיי
אַריבער צו די ים-ברעגען, וואו זיי האָבען זיך בעשעפֿטיגט מיט שיף-
טראַנספּאָרט און האַנדעל. די דאָזיגע נייע תושבים האָבען אַריינגעבראַכֿט
פֿריש בלוט אין דער אימפעריע און האָבען אויך נישט צוגענומען איהר
העלעניסטישען כאַראַקטער, ווייל, אַלס די גרעבערע און באַרבאַרישע,
האָבען זיי באַלד איבערגענומען די גריכֿישע שפּראַך און קולטור.

## די ערשטע בולגאַרישע מלוכה.

גלייכֿצייטיג האָט די אימפעריע געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג פֿאַר די
סלאַווישע פֿעלקער, וואָס האָבען געלעבט הינטער די גרענעצען פֿון דער
אימפעריע. אַזוי ווי די מלחמות מיט רוים האָבען געלעגט ביי די גערמאַ-
נען דעם ערשטען גרונדשטיין צו זייער מלוכה-לעבען, אַזוי האָט די מזרח-
אימפעריע, וויזאַנטיען (ביצאַנץ), צוערשט געמאַכֿט די סלאַווען פֿאַר אַ
פֿאָלק, וואָס איז פֿעהיג געוואָרען צו בילדען אַנ'אייגען זעלבסטשטענדיג
מלוכה-לעבען אויף דער גרונדלאַגע פֿון אַ העכֿערער קולטור, און וועלכֿער
זיי האָבען זיך איינגעפֿונען פֿאַר דעם צוזאַמענלעבען מיט דער מזרח-
אימפעריע.

די געפֿעהרליכֿסטע און די נאָהנטעסטע שכנים פֿון דער אימפעריע
זענען געווען די בולגאַרען, וואָס האָבען זיך אין גאַנצען סלאַוויאַניזירט.
ווייער פֿירשט באָריס האָט אָנגענומען, אַ דאַנק וויזאַנטיען, דאָס קריסטענ-
טום (864). נאָר די דאָזיגע פּאָליטיק פֿון וויזאַנטיען האָט נישט פֿערקלע-
ערט די פֿיינדשאַפֿט פֿון די בולגאַרען צו דער אימפעריע, און באָריס האָט
איין צייט אונטערהאַנדעלט מיט'ן פּויפּסט ניקאָלאַי, אַז ער זאָל איהם
שיקען עפּיסקאָפּען און גלחים פֿאַר זיינע קירכֿען, ווייל ער האָט געוואָלט
צורייסען זיין בונד מיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל. די רוימישע קירכֿע האָט זיך

יעהר דערפֿרייעט צו קענען בעקומען אין איהרע הענד די הערשאַפֿט איבער די קירכען פֿון די סלאַווען. נאָר דאָס צונויפֿרעדען זיך מיט רוים איז געווען פֿאַר יענער צייט נישט אַזוי לייכט צוליעב דעם גרויסען מהלך — און באָרים האָט זיך ווידער פֿערבונדען מיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל. די מזרח־אימפעריע איז שוין דערום געווען ליעבער די סלאַווען, ווייל זי האָט ערלויבט איינצופֿיהרען דעם גאָטעס־דיענסט אויף די סלאַווישע שפּראַכען. באָרים'ענס זוהן סימעאָן איז געווען דער מעכטיגסטער פֿירשט פֿון דער בולגאַרישער מלוכה. ער האָט איינגענומען דעם גרעסטען טייל פֿון דער באַלקאַנישער האַלב־אינזעל און שטאַרק געדריקט קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ער האָט שוין אָנגענומען דעם טיטעל פֿון אַ „צאַר" (קעסאַר, צעזאַר) און האָט שוין געהאַט זיין אייגענעם פּאַטריאַרך איבער אַלע זיינע קירכען, וואָס איז שוין געווען אונאַבהענגיג פֿון וויזאַנטיען. אויף אַלט־בולגאַריש האָט מען איבערזעצט נישט נאָר די ביבעל, נאָר אויך וועלטליכע וויסענשאַפֿטליכע ביכער.

## דער אונטערגאַנג פֿון דער בולגאַרישער מלוכה.

די מיליטערישע קראַפֿט פֿון דער בולגאַרישער מלוכה האָט שטאַרק געדריקט די פּויערן־קלאַס און די געמיינע לייט. דאָס פֿאָלק איז געקומען צוליעב די גרויסע גוטס־בעזיצער אין אַזאַ מצב, ווי די געמיינע לייט אין מערב־אייראָפּאַ. גלייכצייטיג האָבען די פּויערן נאָך געמוזט שטענדיג דיענען אין חיל, ווייל די מלחמות געגען וויזאַנטיען, אונגאַרן, פּעטשענעגען און די רוסען האָבען קיינמאָל נישט אויפֿגעהערט. די מאַקעדאָנישע אימפּעראַטאָרען האָבען צוערשט צוגענומען דאָס בולגאַריען ביי'ם דונאַי און דערנאָך מאַקעדאָניען און אַלבאַניען.

די אייגענע געשיכטע פֿון אַ גיכער גדולה און נאָך אַ גיכערער מפּלה האָט פּאַסירט מיט אַנ'אַנדערער סלאַווישער מלוכה, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין מערב־אייראָפּאַ. ראָסטיסלאַוו פֿון מאָראַוויען האָט איינגעפֿיהרט ביי זיך דאָס קריסטענטום. פֿון וויזאַנטיען האָט מען איהם אויף זיין פֿערלאַנג צוגעשיקט צוויי גלחים קיריל און מעטאָדיוס, אַז זיי זאָלען גרינדען אין לאַנד קריסטליכע קירכען. זיי האָבען גענומען זייער אויפֿגאַבע פֿון דער ריין פּראַקטישער זייט, האָבען איבערגעמאַכט דעם גריכישען אלף־בית פֿאַר דעם סלאַווישען געברויך און האָבען איבערזעצט פֿאַר די סלאַווען די ביבעל און די גאָטעס־דיענסט־ביכער (די תּפילות) אויף זייער אייגענע שפּראַך.

פֿון מאָראַוויען זענען זייערע איבערזעצונגען אַריבער צו אַלע סלאַווען. זייער נייער אַלף-בית האָט בעקומען דעם נאָמען „קירילִיצע” נאָך קיריל'ס נאָמען. מיט דעם אַלף-בית שרייבט מען נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג ביי די סלאַווען די קירכליכע ביכער און תּפילות און די רוסישע „אַזבוקאַ” האָט זיך אויסגעבילדעט פֿון דער דאָזיגער קירילִיצע. קיריל'ס און מעטאָדיוס'עס טעטיגקייט האָט זעהר געקרעפֿטיגט די סלאַווישע שטאַמען און געגען זיי האָבען זיך אויפֿגעהויבען ווי די וועלטליכע אַזוי די קירכליכע פֿיהרער. די דייטשע עפּיסקאָפּען האָבען גע'טענה'עט, אַז די ביבעל מעג מען נאָר אַרויסגעבען אויף דריי שפּראַכען: העברעאיש, גריכיש און לאַטייניש. קיריל איז באַלד געשטאָרבען און מעטאָדיוס האָט סוף כּל סוף בעקומען די ערלויבניש פֿון פּויפּסט אָבצוהאַלטען אין דער סלאַווישער שפּראַך די קירכליכע תּפילות און זיך צו רעכנען פֿאַר דעם עלטסטען עפּיסקאָפּ אין מאָראַוויען און פּאַנאָניען (היינט—אונגאַרן). נאָר די דייטשען האָבען זיך אויך דערמיט נישט בערוהיגט; זיי האָט אָבגעגאָלטען צו נעהמען מעטאָדיוס'ען אין געפֿאַנגענשאַפֿט, וואו זיי האָבען איהם אָבגעהאַלטען צוויי יאָהר, נאָר ער האָט נאָך ביז צום טויט (885) נישט אויפֿגעהערט צו פֿערטיידיגען די אוּנאָבהענגיגקייט פֿון דער סלאַווישער קירכע.

ראָסטיסלאַוו האָט שטאַרק פֿערשפּרייט די מאַכט פֿון מאָראַוויען, ער האָט בעשאַפֿען די גרויסע מאָראַווישע מלוכה, אין וועלכער עס האָבען זיך פֿעראייניגט די בעהמען און די סלאַווען פֿון טייך עלבע. נאָר ער האָט שטענדיג געהאַט צו קעמפֿען מיט די דייטשען. זיין זוהן סוויאַטאָפּאָלק איז אָבגעטרעטען פֿון סלאַווישען גאָטעס-דיענסט. ער האָט זיך גענומען פֿריינדלען מיט דער לאַטיינישער קירכע. די תּלמידים פֿון מעטאָדיוס'ען האָט מען גענומען רודף'ען און פֿערקויפֿען פֿאַר שקלאַפֿען. די דייטשען ווידער האָבען געמאַכט אַ בונד מיט די אונגאַרען געגען גרויסמאָראַוויען און די אָנפֿאַלען פֿון די ווילדע טורקמענישע באַנדעס האָבען צושלאָגען די קראַפֿט פֿון דער גרויסער מערב-סלאַווישער מלוכה.

די מפּלה פֿון דער סלאַווישער מערב-מלוכה האָט געהאַט גרויסע פֿאָלגען פֿאַר די גאַנצע ווייטערדיגע געשיכטע פֿון די סלאַווישע שטאַמען. אמת די טשעכען און די מאָראַווער זענען ווידער געקומען צו זיך און עס האָט זיך דערנאָך געבילדעט אַ טשעכיש קעניגטום, נאָר די זיעגען פֿון די אונגאַרען און דאָס, וואָס דער דאָזיגער טורקמענישער שטאַם האָט זיך בעזעצט ביי מיטעל-דונאַי, האָט אויף שטענדיג צושיידט די מערב-סלאַווען פֿון די דרום'דיגע און פֿון וויזאַנטיען. די בע-

ציהונגען, וואָס עס האָבען זיך אָנגעהויבען צווישען דעם גריכישען מזרח, זענען איבערגעריסען געוואָרען. די מערב-סלאַווען זענען געוואָרען צוגע-קוועטשט צו די גערמאַנען און האָבען זיך געמוזט אונטערגעבען דער לאַטיי-נישער קולטור אין דעם פעאָדאַליזם.

## די מוסולמענישע מלוכות.

די דאָזיגע מלוכות, וואָס אַנבעלאַנגט די אָרדנונגען, זענען אין 9-טען און 11-טען יאָהרה, זעהר עהנליך צו דער מזרח-אימפעריע. באַלד נאָכדעם צופאַלען זיי, ווי די מלוכות פון דעם פעאָדאַלען מערב. נאָך די גרויסע נצחונות צו דער צייט פון די ערשטע קאַליפען און אָמאַיאַדען הויבט זיך אָן אַ צייט פון אַ רוהיגער פריעדליכער אויפבליהונג אונטער דעם קאַליפאַט פון די אַבאַסידען. אַראַביען פערגעהמט שוין דעם צווייטען פלאַץ, וואו מען פאָהרט נאָר עולי-רגל זיין, און דעם ערשטען פלאַץ פערנעהמען די גרויסע קולטורעלע לענדער פערסיען, עגיפטען און מעסאָפאָטאַמיען. די הויפטשטאָדט פון די אַבאַסידען איז באַגדאַד און אין רייכקייט און גלאַנץ קאָנקורירט זי שוין מיט קאָנסטאַנטינאָפאָל. אין דער גאַנצער וועלט האָבען אַ שם די טייערע געוועבען און די מעטאַל-אויסאַרבייטונגען פון מוסולמענישען אַזיען. בעזונדערס האָבען זיך די מוסולמענער אויסגעצייכענט אין אַקערבוי; זיי האָבען קונציג פערשטאַנען אויסצונוצען פערשידענע סיסטעמען אויף צו בע-וואַסערען די טרוקענע לענדער. גלייכצייטיג מיט דער הויכער עקאָנאָמישער קולטור איז אויך געשטאַנען אויף אַזאַ מדרגה די גייסטיגע קולטור. אין וויסענשאַפט און קונסט האָבען די דאַמאָלסדיגע מוסולמענער ווייט אַריבער-געשטיגען די פעלקער פון אייראָפאַ. דער הויף פון קאַליף האַרון אַל-ראַשיד איז געוואָרען דער צענטער פאַר אַלע געלעהרטע, פאָעטען און בע-גאַבטע מענשען פון זיין צייט.

נאָר די גוטע צייטען פון קאַליפאַט האָבען זיך באַלד גענומען בייטען אויף ערגער, צוליעב אַסך אורזאַכען, וואָס דערמאָהנען שטאַרק די אייגענע סבות אין מערב-איירָאפאַ: ערשטענס, די פעראייניגונג פון פערשידענע פראָווינצען אין דער מוסולמענישער וועלט האָט זיך לאַנג נישט געקענט האַלטען, ווייל די אמונה, וואָס האָט זיי פערבונדען, האָט גענומען צופאַלען אין סעקטעס. שוין צו דער צייט פון די אָמאַיאַדען איז דער איסלאַם צושפאָלטען געוואָרען אין סוניטען און שיאיטען.

חוץ די אמונה-וכוחים, וואָס האָט געשאַדט דעם צוזאַמענבונד, איז צו-געקומען דער אונטערשיעד צווישען פערשידענע פעלקער און לענדער,

װעלכע זענען אַרײַן אין דער מוסולמענישער װעלט. אין שפּאַניען האָבען זיך דערהאַלטען די אָמאַיאַדען; אין עגיפּטען איז געגרינדעט געװאָרען אַ נײַער קאַליפאַט די פּאַטימידען; ענדליך זענען די עמירען (די קריעגס-פּיהרער) פון אײַנצעלנע פּראָװינצען און שטעדט געװאָרען כמעט זעלבסט-שטענדיגע פירשטען, חאָטש איז זײערע געבעטען פּלעגען זײ בעטען אַלע טאג פאַר זײער קאַליף אין באַגדאַד, צי אין קאָרדאָװאַ, צי אין קאַאיראָ. די דאָזיגע עמירען פּלעגען פיהרען צװישען זיך שטענדיגע מלחמות, פּלעגען אײנער דעם אַנדערען אַרונטערװאַרפען פון דער ממשלה און פּלעגען אָפּט-מאָל בונטעװען געגען אײגענעם קאַליף, אָדער געגען זײן פערטרעטער. די קאַליפען אַלײן זענען געװאָרען װאָס װײטער אַלץ מעהר פערװײכליכט, פּלעגען שױן נישט געהען אױף מלחמות און כמעט איבערגעבען די פער-װאַלטונג אין די הענד פון די כלומר'שט געטרײע. פאַר'ן פאָלק זענען זײ געװען די פערטרעטער פון דער מחמד'נישער אמונה. די װעלטליכע מאַכט איז אַריבער אין די הענד פון זײערע מיניסטארען און פעלדמאַרשאַלען.

די בעשעפטיגונג מיט מיליטערישע ענינים איז געװאָרען אַ ירושה-זאַך פון אײן קלאַס. בעלויהנען פּלעגט מען די דאָזיגע קלאַס מיט ערד, אַזױ װי אין מערב-אײראָפּאַ. חוץ דעם פּלעגען די קאַליפען און עמירען צונױפשטעלען מחנות חיל פון פרײַגעװאָרענע קריסטליכע שקלאַפען, װאָס האָבען אָנגענומען דעם איסלאַם. דערום פּלעגען אין מוסולמענישען חיל זײן גריכען, פראַנקען, סלאַװען א. אַנד. העכער װי אַלץ האָט מען אָבער גע-שעצט דעם טערקישען חיל. טערקען האָבען געדיענט אין באַגדאַד, אין קאַאיראָ און בײ די גרענעצען.

חוץ די אַלטע סבות, װאָס האָבען אָבגעשװאַכט די מוסולמענישע װעלט, האָבען אין אַפגאַניסטאַן און אין טורקעסטאַן זיך גענומען בילדען גאַנצע מלוכות מיט סולטאַנען אָן דער שפּיץ, װעלכע האָבען אנגעהױבען בעקומען אַנ'אײַנפלוס אױף די שכנישע לענדער. אַזאַ סולטאַן איז געװען אין האַזנע בײַ קאַבולע דער טערק מאַחמוד. ער האָט אײַנגענומען אַפ-גאַניסטאַן און בעלודזשיסטאַן, דורך װאַנען ער איז אײַנגעדרונגען אין אינ-דיען און האָט געלעגט אַ פונדאַמענט פאַר אַ מחמדאַנישע מלוכה אין טאָל פון טײַך גאַנגעס. דער שטאַם פון די טערקען-סעלדזשוקען האָט זיך געלאָזען אין די אומגעקעהרטע ריכטונג, צום מערב-װעג. אין קלײַנאַזיען האָט זיך געגרינדעט אַ סולטאַנסטװאָ מיט דער הױפּטשטאָדט ניקעיאַ— פונקט אַקעגען קאָנסטאַנטינאָפּאָל; סיריען און פאַלעסטינא האָבען אױך פערכאַפּט די טערקען-סעלדזשוקען.

## צווייטעס קאַפּיטעל.

# די אימפּעריע און דער פּויפּסט.

### דער אונטערגאַנג פון דער קאַראָלינגער דינאַסטיע.

אין אָנפאַנג פון 10-טען יאהרהונדערט, נאָכ'ן טויט פון דייטשען קאַראָלינגער לודוויג דאָס קינד, איז די גערמאַנישע קרוין אַריבער צו היינריך פויגעלפאַנגער, דעם הערצאָג פון זאַכסען (919) (די זאַכסישע דינאַסטיע). ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע מלחמות געגען די אונגאַרען, נאָרמאַנען און סלאַווען. די אונגאַרען האָבען זיך שוין דאַמאָלס אַזוי וויַיט דערוועגען, אַז זיי האָבען שוין גענומען דורך דייטשלאַנד איינצודרינגען אין פראַנקרייך און איטאַליען. היינריך האָט דאַן גענומען בויען אָקעגען זיי שטאַרקע בעפעסטיגטע שלעסער און אויסאַרבייטען אַ גוטע רייטער-אַרמעע. ער האָט געגעבען די רויבער אַ מפּלה נאָך אַ מפּלה, און אויף אַ קורצע-צייט האָבען די אונגאַרען אויפגעהערט צו בעאונרוהיגען דייטשלאַנד. היינריך האָט אויך מיט גרויס אַכזריות געקעמפט מיט די סלאַווען, וועלכע ער האָט מיט געוואַלד בעקעהרט צו קריסטענטום. ווי וויַיט די אַכזריות איז דערגאַנגען, איז צו זעהען דערפון, וואָס מען פלעגט אין די דערפער אויסקוילענען אַלע דערוואַכסענע מענער, און קינדער און פרויען מאַכען פאַר שקלאַפען.

נאָך מעהר ערפאָלג האָט געהאַט זיין זוהן אָטאָן. איהם איז אָבגענאָלטען צו פערטיילען אַלע דייטשע הערצאָגטימער צווישען זיינע קרובים. אָטאָן האָט נאָך בעקומען אין זיין פּאָליטיק אַ גרויסע שטיצע אין דער קירכע. אין זיין קאַמפּף מיט די סעניאָרען האָבען די עפּיסקאָפּען געזעהען אַ נוצען פאַר זיך, וואָס האָבען אויך געהאַט פון זיי גענוג אויסצושטעהען, און האָבען איהם געשטיצט מיט'ן אייגענעם חיל. די ענדגילטיגע מפּלה האָבען די אונגאַרען בעקומען פון אָטאָנ'ען אין יאָהר 955.

אָטאָן דער ערשטער האָט זיך נישט בעגנוגענט מיט זיינע גערמאַנישע אַנגעלעגענהייטען. אין איטאַליען איז די פעאָדאַלע אונאָרדנונג געווען שטאַרקער ווי אומעדום. נאָכ'ן אויסשטאַרבען פון דער קאַראָלינגער דינאַסטיע איז דער אימפּעראַטאָר-טיטעל אַריבער דאָ צו איין פירשט, דאָ צו אַנ'אַנדערען. נאָר קיינער האָט נישט געקאָנט איינמאָל אויף אַלע מאָל פערפעסטיגען זיין מאַכט. אָטאָן האט זיך גענומען אַריינמישען אין די רוימישע אַנגעלעגענהייטען.

די וועלטליכע מאַכט, וואָס די פּויפּסטען האָבען בעקומען פון פּיפּינ'ען, האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ נישט-בעדאַכטע מתנה. די פּויפּסטען זענען צוליעב דער מתנה אַריינגעשלעפּט געוואָרען אין אַלערליי פּעאָדאַלע אינטריגען און קליינע צוזאַמענשטויסונגען. זיי זענען געוואָרען אָבהענגיג פון אַלערליי סעניאָרען, וואָס האָבען זיך געקענט אַריינמישען ביי דער וואַהל פון אַ פּויפּסט, וואָס האָבען געשטרעבט צו בעזעצען דעם פּויפּסט-שטוהל און די שטעלען פון די עפּיסקאָפּען מיט קרובים און אייגענע מענשען און וואָס האָבען אַריינגעצויגען די קירכע אין זייערע פערדאָרבענע נישט-געזעצליכע פיהרונגען.

ווען אָטאָן איז געקומען אין איטאַליען, איז געווען פּויפּסט יאָהאַן דער צוועלפטער, אַ צולאָזענער פערדאָרבענער מענש, וואָס האָט זיך מעהר אינטערעסירט מיט אַלע זינדיגע תאוות איידער מיט דער פערוואַלטונג פון דער קירכע. אָטאָן האָט צונויפגערופען אַ פערזאַמלונג פון קירכענלייט, וואָס האָט געדאַרפט משפט'ען דעם פּויפּסט, און ווען ער איז פער־משפט געוואָרען, האָט ער איהם אַראָבגעזעצט און בעשטעטיגט אויף זיין אָרט אַנ'אַנהענגער פון זיין פּאָליטיק. אין איטאַליען און אין דייטשלאַנד האָט מען אָנגעהויבען קוקען אויף אָטאָנ'ען, ווי אויף אַ ווירדיגען יורש פון קאַרל דעם גרויסען, וואָס האָט אויך גענומען אין שוץ דעם רוימישען פּויפּסט-שטוהל און וואָס איז געווען דער וועלטליכער פיהרער פון דער קירכע. אין 962 יאָהר האָט אָטאָן איבערגענומען דעם טיטעל אימפּעראַטאָר און איז געקרוינט געוואָרען מיט דער קרוין פון אימפּעראַטאָר. ער האָט נאָך געפּרובט צו פערנעהמען דרום-איטאַליען. צו דעם צוועק האָט ער זיך אויך מתחתן געווען מיט'ן וויזאַנטישען אימפּעראַטאָר. אָבער דער טויט (972) האָט איבערגעריסען זיין לעצטע אונטערנעהמונג. זיין זוהן און אייניקעל האָבען שוין נישט געהאַט די גרויסע מעלות פון אָטאָנ'ען דעם ערשטען; אין 1024 האָבען די גערמאַנישע פירשטען אויסגעקליבען אַ פראַנקאָנישען הערצאָג אַלס קעניג איבער זיך, מיט וועמען עס הויבט זיך אָן די

פראַנקאָנישע דינאַסטיע.

ביי דער דאָזיגער דינאַסטיע האָבען אַ בעזונדערע בעדייטונג געהאַט די אַריינמישונגען פון די אימפּעראַטאָרען אין איטאַליענישע אַנגעלעגענהייטען.

די פּויפּסטען זענען ווידער געוואָרען אַבהענגיג פון די רוימישע מאַגנאַטען (סעניאָרען). זייערע פּויפּסטען, וואָס זיי פלעגען דורכפיהרען

אויף די וואַהלען, האָבען געקוקט מיט פּעראַכטונג אויף אַלע קירכליכע ענינים און פלעגען זיך נישט שעמען אויפצופיהרען ערגער, ווי די פשוט'ע פּערגרעבטע ריטער. איינער, למשל, איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט פאַר געלד פּערקויפט דעם פּויפּסט-שטוהל אַ רייכען רוימישען מאַגנאַט. צו דער צייט האָט זיך ענטוויקעלט אַ בעוועגונג צווישען די קלויסטער-ברידער, אַז אַן'אמת'ער גלח טאָר נישט האָבען קיין וועלטליכע אינטערע-סען און זיך אָנטהון וועלטליכע תענוגים. בעזונדערס איז די בעוועגונג שטאַרק געוועזען אין פראַנקרייך (דער קלויסטער אין קליוני) און היינריך דער דריטער פון דער פראַנקאָנישער דינאַסטיע האָט שטאַרק מיטגע-פיהלט מיט דער בעוועגונג, אויף ווי ווייט עס האָט זיך געהאַנדעלט מכח סימאָניע (דער מנהג צו פערקויפען פאַר געלד אַלערליי קירכליכע שטעלען) און מכח די אונאָרדנונגען אין דער קירכליכער פערוואַלטונג. דריי מאָל האָט היינריך אַליין בעשטעטיגט אַ פּויפּסט.

## די טיילונג פון די קירכען.

צו דער איינענער צייט, וואָס דאָס פּויפּסטטום האָט געשפּיעלט אַזאַ ווירוויגע ראָלע אין מערב-אייראָפּאַ — האָט עס זיך פון דעסטוועגען נישט אָבגעזאָגט פון זיינע אַלטע פּרעטענזיעס צו זיין דער איינציגער אויבערהאַר איבער אַלע קריסטליכע קירכען. אין יאָהר 1054 האָט דער שליח פון פּויפּסט איבערגעגעבען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַ בולע (אַן'אָפיציעל פּאַפּיער), וואו ער לעגט אַריין אין חרם אַלעמען, וואָס ווילען נישט אַנערקענען די אויבערהערשאַפט פון דער רוימישער קירכע. דערמיט האָט בעקומען די בעוועגונג אין מורח, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען פון פּויפּסט ניקאָלאַי זיך אָבצוטיילען פון דער רוימישער קירכע, אַן'ענדגילטי-גען סוף. די קריסטליכע קירכען זענען צופאַלען אויף אַ מערב- און אַ מזרח-קירכע, אָדער, ווי מען דריקט זיך היינט אויס, אויף אַ רוימיש-קאַטוילישע און אַ גריכיש-קאַטוילישע (פּראַוואָסלאַוונע).

## פּויפּסט גרעגאָריוס דער זיעבענטער.

היינריך דער פיערטער איז נאָך געוועזען קליין, ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבען. צו זיין צייט איז די אימפּעראַטאָרען-מאַכט ווידער אָבגע-שוואַכט געוואָרען. די קירכע, אַ דאַנק דעם הויפּטראַטגעבער ביי די פּויפּסטען, דעם ענערגישען קלויסטער-ברודער הילדעבראַנד, איז ווידער מעכטיג געוואָרען, און ווען הילדעבראַנד איז אַליין געוואָרען פּויפּסט

(אונטער'ן נאָמען גרעגאָריוס דער זיעבענטער), האָט ער אָבגע-
פּרישט ביי דער קירכע דעם אַלטען געדאַנק, אַז דער אויבערהאַר איבער
דער קירכע איז נישט דער קעניג און דער אימפּעראַטאָר, נאָר דער פּויפּסט
אַליין. ער האָט לחלוטין פערבאָטען די גלחים חתונה צו
האָבען און האָט בעפויהלען, אַז איטליכע שטעלע אין דער קירכע זאָל
דורכגעהן אַ בעשטימטע וואַהל-פערזאַמלונג און זאָל נישט זיין אַבהענגיג פון
וועלטליכען סעניאָר אַלס קירכליכער וואַזאַל. גרעגאָריוס איז געשטאַנען אָן
דער שפּיץ פון דער בעוועגונג אין קליוני. דאָס, וואָס אַ גלח איז נישט
געווען ערלויבט חתונה צו האָבען (צעליבאַט), האָט געבראַכט דערצו, אַז
די גלחים האָבען נישט געקאָנט האָבען קיין גרויסע משפחה-קרובה'-
שאַפט, און דערום האָבען זיי, לויט גרעגאָריוס'עס מיינונג, געדאַרפט ווערען
מעהר אָבגעזונדערט פון דער וועלט. ער האָט געשטרעבט דערצו, אַז די
גלחים זאָלען זיין די טריי פאַסטוכער פון געמיינעם פאָלק, נישט די
וואַזאַלען פון די סעניאָרען.

נישט אומעדום האָט מען אָנגענומען דעם חתונה-פערבאָט
(צעליבאַט). און מאַנכע ערטער האָט מען דעם פּויפּסט'ס שליחים געשלאָגען,
אַרויסגעטריבען, און די גלחים האָבען זיך אַ צייט-לאַנג נישט געוואָלט שיי-
דען מיט זייערע ווייבער און קינדער. בעזונדערס שלעכט האָבען זיך בע-
צויגען צו דעם פּויפּסט'ס נייע בעפעהלען די קירכען אין גערמאַניען.
גרעגאָריוס איז אָבער נישט געווען פון די שרעקענדיגע. איטליכען, וואָס
פלעגט זיך שטעלען געגען איהם, פלעגט ער אַריינלעגען אין חרם. ס'איז
קיין אונטערשיעד נישט געווען, צי פאַלט דער חרם אויף אַ עפּיסקאָפּ,
אָדער אַ קעניג.

ווען דער פּויפּסט פלעגט אַריינלעגען אין חרם אַ קעניג, פלעגט ער
דערביי אָפיציעל בעפרייען דעם קעניג'ס אונטערטאַנען פון זייער טריי-הייטס-
שבועה און פון קעניג אַליין פלעגט ער צונעהמען זיין קעניגס-טיטעל.
און ווען היינריך דער פיערטער איז אַרויס געגען פּויפּסט, האָט ער מיט
אַמאָל זיך נאָך דעם חרם דערפיהלט איינזאַם אָהן אַ שום שטיצע. דאָס
פאָלק איז געווען פאַר די רעפאָרמען פון פּויפּסט. אפילו די סעניאָרען
אַליין האָבען זיך דערשראָקען פאַר דעם ענערגישען גרעגאָריוס. און אין
יאָהר 1077 האָט היינריך זיך געמוזט אונטערגעבען דעם רצון פון פּויפּסט.
ער האָט געשיקט צום פּויפּסט געזאַנדטע, אַז ער וועט פון היינט אָן טהון
תשובה, וועט אָננעהמען אַלע פאָדערונגען פון איהם, און בעט אַראָבצו-
נעהמען פון איהם דעם חרם. דריי טעג האָט דער פּויפּסט גע-

צוואונגען צו שטעהן דעם קעניג אין קעלט פֿאַר די מויע-רען פֿון זיין שלאָס אין קאַנאָסע (איטאַליען) אין די אָרעמע קליידער פֿון בעל-תשובה און מיט אַ בלויזען קאָפּ. ענדליך האָט דער פּויפּסט אָנגענומען זיין בקשה און האָט אַראָבגענומען פֿון איהם דעם חרם.



בילד 7 — היינריך דער פערטער אין קאנאסא.

נאָך ביז היינטיגען טאָג, אַז מען וויל שילדערן אַ מענשען, וואָס האָט זיך דערניעדעריגט ביז צו דער לעצטער מדרגה, זאָגט מען: „ער איז געגאַנגען קיין קאַנאָסע".

היינריך האָט אָבער זיך נישט בערוהיגט נאָך דער ערניעדערונג.

באַלד דערנאָך האָט ער געפֿיהרט אַ רייהע מלחמות מיט זיינע געגנער, וואָס האָבען אויסגעקליבען אַנ'אַנדער אימפּעראַטאָר. ער האָט דאָס געבראַכט אַזוי וויט, דאָס זיין חיל האָט פּערטריבען גרעגאָריוס'ען פֿון זיין שטוהל און אויסגעקליבען אַנ'אַנדער פּויפּסט. גרעגאָריוס האָט זיך אויך נישט אונטערגעגעבען אַזוי לייכט. ער האָט גערופֿען צו הילף די נאָרמאַנען און סאַראַצינען, וועלכע האָבען פּערטריבען היינריכ'ס חיל, אָבער וועלכע האָבען דערנאָך אַכזריות'דיג חרוב געמאַכט די שטאָדט רוים א געגענוואַרט פֿון פּויפּסט אַליין. פֿאַר'ן טויט האָט ער נאָך געזאָגט זיינע געטרייע: „דעם גאַנצען לעבען האָב איך ליעב געהאַט דעם אמת און געקעמפּפט געגען די גערעכטיגקייט, דערפֿאַר שטאַרב איך א פּערטריבענער פֿון מיין לאַנד“. גרעגאָריוס איז געשטאָרבען אין יאָהר 1085.

נאָך גרעגאָריוס'ען האָט אורבאַן דער צווייטער פֿאָרטגעזעצט די פּלענער פֿון זיין פֿאָרגענגער. היינריך האָט שוין נישט געהאַט די מעגליכקייט צו פֿיהרען וויטער דעם קאַמפּף מיט'ן נייעם פּויפּסט. ער האָט געהאַט גענוג ארבייט מיט זיינע דייטשע און לאָנגאָבאַרדישע וואַזאַלען. אויף דער עלטער האָבען זיך געגען איהם אויפֿגעהויבען זיינע אייגענע קינדער. אין 1106, ווען עס זענען געשטאַנען די חילים פֿון פֿאָטער און זוהן איינער געגען אַנדערען, איז היינריך פּלוצלינג געשטאָרבען.

היינריך דער פֿינפֿטער איז געגאַנגען אין די דרכים פֿון פֿאָטער. ענדליך איז געשלאָסען געוואָרען אַנ'אָבמאַך צווישען פּויפּסט און אימפּעראַטאָר, לויט וועלכען אַלע קירכען-שטעלען זענען צוערשט אַבהענגיג פֿון אַ קירכליכען וואַהל-גאַנג, און ערשט דערנאָך דאַרפֿען זיי ווערען בעשטעטיגט פֿון אימפּעראַטאָר. פֿון דעם דאָזיגען קאַמפּף איז אַרויס דאָס פּויפּסטטום אַסך שטאַרקער ווי עס איז געווען, האָטש נישט אַזוי שטאַרק, ווי גרעגאָריוס האָט געהאַפּט.

נאָך זיין טויט האָבען די דייטשע פֿירשטען געדאַרפֿט וועהלען אַנ'אימפּעראַטאָר פֿון דעם געועלפען-הויז, וואָס האָט געהאַט אַסך ערד אין איטאַליען, זאַקסען, באַיערען און דייטשלאַנד, אָדער פֿון דעם שוואַבישען האָהענשטויפֿען-הויז, וואָס האָט שטאַרק געשטיצט היינריכ'ען אין זיין קאַמפּף מיט די וואַזאַלען. די צווייטע פּאַרטיי האָט געזיעגט און דער הערצאָג פֿון שוואַבען איז געוועהלט געוואָרען אַלס קעניג.

## פרידריך באַרבאַראָסע.

בעזונדערס שטאַרק האָט זיך אויסגעצייכענט דער צווייטער קעניג פֿון

דער האָהענשטויפענער דינאַסטיע, פֿריעדריך באַרבאַראָסע. נאָכדעם, ווי ער האָט בערוהיגט גערמאַניען, איז ער אַוועק קײן איטאַליען בעקומען די אימפּעראַטאָרען-קרוין.

פֿריעדריך האָט באמת געגלויבט, אַז דאָס, וואָס גאָט האָט איהם געזאָלבט אלס אימפּעראַטאָר, שטעלט ער איהם דערמיט העכער איבער יעדע אַנדערע מאַכט אויף דער ערד. אין איטאַליען האָבען זײנע יוריסטען פֿעסטגעשטעלט דעם כלל, אַז די מאַכט, וואָס דאָס פֿאָלק גיעט איבער דעם קעניג, קאָן בשום אופן נישט זײן בעגרענצט און העננגט בשום אופן נישט אָב פֿון דעם ווילען פֿון פּריוואַטע מענשען. דער קעניג איז דערום געשטאַנען העכער פֿאַר'ן געזעץ, ווייל זײן ווילען—איז דאָס געזעץ.

די דאָזיגע השגה ווענען דער קעניגליכער מאַכט און מיט דער פּראַקטישער ווירקליכקײט אין מיטעלאַלטער האָט אָבער דורכאויס נישט האַרמאָנירט. ווי באַלד פֿריעדריך האָט געפּרובט דורכפֿיהרען דעמדאָזיגען כלל אין לעבען, האָט ער זיך געמוזט מיט אַלעמען צוקריעגען. צוערשט האָט ער געמוזט אײנגרייסען מיט די רײכע שטאָדטיגע געמײנדען, וועלכע האָבען זיך געבילדעט אין צפון-איטאַליען.

## דער קאַמפּף מיט די שטעדט.

די רײכקײט פֿון די איטאַליענישע שטעדט איז שטאַרק געוואָרען אין 10-טען און 11-טען יאָהרהונדערט. די בעפֿעלקערונג דאָרטען איז געוועזען אַסך געבילדעטער ווי אין פֿראַנקרײך, ענגלאַנד און דייטשלאַנד. ווענעדיג, גענואַ, פּיזאַ האָבען געפֿיהרט אַלעבענדיגען האַנדעל מיט וויזאַנטיען און די מוסולמענישע לענדער. אין לאָמבאַרדיען און טאָסקאַניען האָבען זיך געביל- דעט גרויסע האַנדעלס-צענטרען. מיט דער בעפֿעלקערונג, וואָס האָט זיך צונויפֿגעזאַמעלט הינטער די שטאָדטיגע מויערען, האָט מען זיך נישט גע- קענט בענעהן, ווי מיט די פֿויערן אין די דערפֿער. די עפּיסקאָפּען, וואָס זענען געוועזען די סעניאָרען פֿון די שטעדט, האָבען געמוזט זיך אָבזאָגען פֿון אַסך רעכטען צוליעב די שטאָדט-בעוואָהנער. אין די צפון'דיגע שטעדט האָבען זיך געבילדעט זעלבסטשטענדיגע רעפּובּ- ליקען. אַלע דרײ קלאַסען פֿון שטאָדט: די פֿאָרנעהמע, די ריטער און די געמײנע לײט, האָבען זיך פֿערבונדען אין אײן געמײנדע. איטליכער האָט אויסגעקליעבען פֿון זיך עטליכע קאָנסולען, וועלכע האָבען פֿערוואַלטעט מיט דעם מיליטער, דער פּאָליציי און דעם געריכט. איבער

די קאָנסולען איז געווען אַ ראַט, אין וועלכען עס פלעגען זיך ביי גע-וויסע וויכטיגע פעלען פערזאמלען אַלע דערוואַכסענע בירגער. זייער אָב-העננינקייט פון אימפעראַטאָר איז בעשטאַנען דערין, וואָס זיי פלעגען צאָהלען (נישט שטענדיג) אַ געוויסען אָבגאַב און שיקען אַמאָל חיל צו אַ מלחמה.

פריעדריך האָט געקוקט אויף די שטעדט מיט אַנדערע אויגען. ער האָט פערלאַנגט, אַז זיי זאָלען איהם אָבגעבען זיינע רעגאַליען (מלוכה-רעכ-טען), לויט וועלכע ער האט דאָס רעכט צו בעלאַסטען די בעפעלקערונג מיט אַ בעשטימטען אָבגאַב און צו זיין דער איינציגער ריכטער אין די וויכטיגסטע פראָצעסען. דער מעהרסטער טייל שטעדט האָט נישט אָנגענו-מען פריעדריכ׳ס פאָדערונגען און אָן דער שפיץ פון זיי האָט זיך געשטעלט די שטאָדט מילאַן. צוויי מאָל האָט פריעדריך בעלאַגערט די שטעדט. זיי האָבען זיך פערטיידיגט מיט די לעצטע קרעפטען, ביז עס איז זיי נישט אויסגעגאַנגען דער גאַנצער פאָרראַט. די גאַנצע בעפעלקערונג איז אַרויס דערנאָך מיט אַ שטריק אויפ׳ן האַלז, אַלס סימן פון אַנ׳ענדגילטיגער אונ-טערגעבונג. מילאַן איז צושטערט געוואָרען, אַלס זכר פאַר די בונטאָוו-שטשיקעס, ביז אויפ׳ן גרונד. אין די שטעדט זענען איינגעפיהרט געוואָרען די ריכטער פון קעניג, און יעדע שטאָדט האָט געמוזט צאָהלען אַנ׳אָבצאָהל אין דער מלוכה-קאַסע.

זיין נצחון איבער די שטעדט איז אָבער נישט געווען קיין פאָלקאָ-מענע. געגען פריעדריכ׳ען איז אַרויס דער פויפסט אַלעקסאַנדער דער דריטער. די לאָמבאַרדישע שטעדט האָבען ווידער אויפגעבליהט און גע-מאַכט אַנ׳אַלגעמיינעם בונד. פריעדריך איז ווידער געקומען אין איטאַליען. אָבער זיינע וואַזאַלען פון דעם גוועלפען-הויז האָבען איהם פערלאָזען. פריעדריך האָט אַפילו זיך נישט אָבגעזאָגט פון פלאַן צו בעזיעגען די לאָמ-באַרדישע שטעדט, אָבער דאָסמאָל האָט ער בעקומען פון די שטעדט אַ פאָלקאָמענע ניעדערלאַגע. דאַמאָלס האָט פריעדריך מיט אַמאָל געענדערט זיין גאַנצע פאָליטיק, בנוגע צו די שטעדט. ער האָט אַנערקענט די זעלבסטשטענדיגקייט פון די שטעדט און דעם פויפסט אַלעקסאַנדער. אין וועגעדיג האָט ער זיך פאַר דער שטאָדט-געמיינדע עפענטליך געשטעלט אויף די קניע. דערפאַר אָבער האָט ער זיך באַלד גוקם געווען אָן די גוועלפען, זיי מנצח געווען און צוגענומען פון זיי זייערע הערצאָגטימער.

נישט קוקענדיג אויף זיין ניעדערלאַגע אין איטאַליען, האָט ער שטאַרק

פֿערפֿעסטיגט זיין מאַכט אין גערמאַניען. פֿריעדריך איז מעהר מסוגל געווען אויף פֿאַנטאַסטישע פּלענער, ווי געדולדיג דורכצופֿיהרען זיינע פּלענער אויף אָנ׳אָרט. ער איז נאָך נישט אינגאַנצען פֿאַרטיג געוואָרען מיט זיינע פֿיינד, ווי ער האָט שוין געפּלאַנט צו געהען אויף ירושלים, וואָס איז געלעגען אין די הענד פֿון מוסולמענער. צו דער צייט פֿון דעם דאָזיגען קרייץ-צוג איז ער דערטרונקען געוואָרען אין סיריען אין יאָהר 1190.



בילד 8. פריעדריך באַרבאַראָסע.

אין די דייטשע לעגענדען לעבט נאָך ביז היינט די געשטאַלט פֿון פֿריעדריך באַרבאַראָסע. לויט זיי, איז ער נישט געשטאָרבען, נאָר ער געפֿינט זיך אין אַ פֿער׳כּשופֿ׳טען שלאָס צוזאַמען מיט זיינע ריטער. עס וועט קומען אַ צייט, ווען ער וועט פֿערלאָזען דעם איינזאַמען שלאָס און דייטשלאַנד וועט ווידער זיך בעדעקען מיט רוהם און מיט גלאַנץ.

פֿאַר׳ן טוידט האָט פֿריעדריך פֿערזאָרגט זיין מלוכה דערמיט, וואָס ער האָט חתונה געמאַכט זיין זוהן מיט דער טאָכטער פֿון דעם נאָרמענער

קעניג, וועלכער איז דאמאלס געווען זעהר שטארק. זיין זוהן היינריך דער 6-טער האט פעראייניגט אונטער זיך אזא מלוכה, וואס ציינט קארל דעם גרויסען איז נאך אזוינע נישט געווען. בעזונדערס געפעהרליך איז געוואָרען זיין מלוכה פאר׳ן פויפסט, וואס איז געווען פון אלע זייטען ארומגערינגעלט מיט דעם אימפעראטאָרס בעזיצונגען. נאר היינריך איז פריה געשטאָרבען. אין א טייל פון זיין מלוכה האט מען פראָקלאמירט אלס אימפעראטאָר זיין דריי-יעהריגען זוהן פריעדריך דעם צווייטען און אין גערמאניען האט זיך ווידער אָנגעהויבען א קאמפף צווישען די גוועלפען און די האָהענשטויפען.

## פויפסט אינאָקענטיוס דער דריטער.

א סוף צו דעם דאָזיגען קאמפף האט געמאכט דער פויפסט אינאָקענטיוס, דער מעכטיגסטער פון אלע פויפסטען, וואס זענען אמאל געווען אין



בילד 9 — א פאלאץ פון א נאָרמענישען קעניג אָדער פון די האָהענשטויפען.

רוים. ווי באלד ער האט בעקומען דעם פויפסט-שטוהל, האט ער ערשטענס פערפעסטיגט די וועלטליכע מאכט פון פויפסט איבער רוים און די אַרומיגע פראָווינצען. צווייטענס, האט ער זיך גענומען אריינמישען אין די

סכסוכים פֿון אַלע דעמאָליגע מלוכות און האָט שטענדיג דורכגעפֿיהרט דעם געדאַנק, אַז דער פּויפּסט איז דער אויבערהאַר פֿון דער קריסטליכער וועלט און ער האָט צו זאָרגען, אַז אומעדום זאָל הערשען אַ סדר און די גע־רעכטיגקייט. אין שפּאַניען האָבען צוליעב איהם די קריסטען חרוב געמאַכט די מױרען (מוסולמענער). אין פֿראַנקרייך האָבען די צפֿונ'דיגע ריטער גענו־מען אויסראָטען צוליעב איהם די סעקטע פֿון די אַלבּיגענזער, און דעריבער האָבען זיי פֿערוויסט די דרום'דיגע פֿראַנצױזישע פּראָווינצען. אין ענגלאַנד האָט דער קעניג יאָהאַן זיך ערקלערט פֿאַר אַ וואַזאַל פֿון פּויפּסט. דער חיל פֿון די קרייצפֿאַהרער האָט צוליעב איהם איינגענומען קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל און איינגעפֿיהרט די סדרים פֿון דער רוימישער קירכע, אַנשטאָט די פֿערהאַסטע אָרדנונגען פֿון דער מזרח-קירכע. אין דער גאַנצער קאַטױלישער וועלט האָבען די שליחים פֿון פּויפּסט גענומען זאַמלען פֿאַר די רוימישע קירכע אַנ'אָבגאַב אונטער'ן נאָמען די מטבע (דינאַריום פֿון הייליגען פּעטער: פּעטערס גראָשען).

אין שטרייט צווישען די גוועלפֿען און די האָהענשטויפֿען איז ער צוערשט געווען אויף דער זייט פֿון די גוועלפֿען. ער האָט ערקלערט, אַז די מאַכט פֿון אימפּעראַטאָר נעהמט זיך נאָר צוליעב דעם פּויפּסטס ברכה און בעשטעטיגונג. נאָר דער פּויפּסט קרוינט דעם אימפּעראַטאָר, אויף דעם סמך האָט ער צוערשט געקרוינט איינעם פֿון די גוועלפֿען, נאָר אַזוי ווי די גוועלפֿען זענען נישט געווען גענוג אונטערטעניג דעם פּויפּסט-ליכען שטוהל, האָט אינאָקענטיוס דערנאָך געשטיצט דעם יונגען פֿריעדריך, וואָס האָט מיט געוואָלט ווידער פֿערנומען דעם מלוכה-שטוהל פֿון זיינע עלטער-עלטערען.

## פֿריעדריך דער צווייטער.

פֿריעדריך דער 2-טער, אַנ'איינינקעל פֿון פֿריעדריך באַרבאַראָסע, איז געווען אַלס טיפֿ זעהר נישט עהנליך צו די אימפּעראַטאָרען פֿון זיין צייט. ער איז אויסגעוואַכסען אין סיציליען. אין זיינע אָדערען האָט זיך אויסגע־מישט דאָס בלוט פֿון אַ דייטשען ריטער, וואָס האָט ליעב אַלערליי פֿאַנ־טאַסטישע העלדישע אונטערנעהמונגען, און דאָס בלוט פֿון זיין מוטער, וואָס איז געווען אַ נאָרמאַנישע פּרינצעסין, און האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַ פֿעסטיגקייט, בויגינקייט און מיט גרויסער שלויהייט (חיטראָסט). אין דער יוגענד האָט ער געהאַט צו טהון אַ סך מיט גריכען און אַראַבער. ער איז געווען זעהר געבילדעט פֿאַר זיין צייט און אַ גוטער מלוכה-פֿערוואַלטער. צו

אַלע מעלות איז ער געווען גלייכגילטיג אין אמונה-זאַכען און האָט נישט בעזעסען קיין שום רעליגיעזען פאַנאַטיזם. זיין הויף פלעגען בעזוכען אַראַבישע געלעהרטע, מיט זיי פלעגט ער פערברענגען אין שמועסען מכח השארת הנפש (אונשטערבליכקייט), וועגען דער וועלט-שעפּפונג א. א. וו. ער האָט געשעצט געלעהרטע, נישט ווייניגער ווי די ריטער און די קלויסטער-ברידער, און האָט געשטיצט די אוניווערזיטעט אין נעאַפּאָל און די מעדיצינישע שולע אין סאַלערנאָ. ער האָט בעזעצט גאַנצע קאָלאָניעס מוסולמענער-סאַראַצינען אין דרום-איטאַליען און פון די דאָזיגע קאָלאָניעס פלעגט ער צונויפשטעלען זיין חיל.

פריעדריך האָט שוין נישט געקלערט צו האַלטען אין זיינע הענד, ווי זיין זיידע, גאַנץ דייטשלאַנד. ער האָט זיך הויפּטזעכליך פערפעסטיגט אין איטאַליען, און פון דייטשלאַנד האָט ער נור געפאָדערט אַ מיליטערישע הילף. ער האָט דערשטיקט דעם בונט פון זיין זוהן, וואָס האָט געוואָלט ווערען גערמאַנישער קעניג, און האָט אָפיציעל אַנערקענט, אַז די דייטשע פירשטען מעגען זיך אין זייערע פראָווינצען פיהרען זעלבסטשטענדיג, ווי דער קעניג אַליין. אין איטאַליען, דאַגעגען, האָט ער געפיהרט פונקט אַנ'ענטגעגענגעזעצטע פּאָליטיק. ער האָט פון דרום-איטאַליען געמאַכט אַ פעסט-אָרגאַניזירטע מלוכה און אין גאַנצען בעזייטיגט דעם פעאָדאַליזם, וואָס אין דייטשלאַנד האָט ער נאָך אַיינער אַליין פערשטאַרקט. דערנאָך האָט ער זיך גענומען פאַר מיטעל- און צפון-איטאַליען, אָבער דאָ האָט ער זיך בעגעגענט מיט דעם ווילען פון פּויפּסט און מיט דעם שטאַרקען בונד פון די פרייע שטעדט.

די פּויפּסטען האָבען גענומען שטיצען די גוועלפען געגען די גיבעלינען (ווי מען האָט גערופען דעם חיל פון אימפּעראַטאָר). דער קאַמפּף האָט זיך געצויגען אַנ'ערך 30 יאָהר. פריעדריך, זיינע זיהן און זיינע דייטשען אין סאַראַצינען האָבען בעוויזען דערביי אַ סך העלדישקייט, אבער בכלל איז זייער לאַגע געווען אַ שלעכטע. דער פּויפּסט האט אַרויפגעלעגט אַנ'אינטעדיקט (דער אָבזאג פון אַלע קירכליכע צערעמאָניעם—חוץ דער צערעמאָניע פון טויפען,— ווי חתונה-האָבען, תשובה-טהון, איינגעהמען דאס הייליגע אָבענדם-מאהל פאַר'ן טויט א. ז. וו.) אויף אַלע מלוכות און פּראָווינצען וואס זענען פאַר דעם אימפּעראַטאר. גלייכצייטיג האבען די פרייע שטעדט געפיהלט, אַז ווען דער אימפּעראטאר זאל זיעגען, איז אַ סוף צו זייער בעשטאַנד, און האבען געקעמפּפט געגען איהם מיט די לעצטע קרעפטען. פריעדריך איז מיעד געווארען פון דער דאזיגער אייביגער מלחמה.

נאָר די לעצטע מפלה האָבען בעקומען די האָהענשטויפֿען נאָך זייִן טויט, ווען עס האָבען זיך אַרייַנגעמישט אין קאַמפּף די פֿראַנצויזען מיט קאַרל'ען פֿון אַנזשו אָן דער שפּיץ.

דער לאַנגער קאַמפּף צווישען פּויפּסטטום און דער אימפּעריע האָט זיך געענדיגט מיט אַ נצחון פֿון פּויפּסטטום. סוף כּל סוף איז דייַטשלאַנד און איטאַליען, וואָס זענען געווען אין צעהנטען יאָהרהונדערט די פֿעסטעסטע מלוכות פֿון מערב-אייראָפּאַ, צוברעקעלט געוואָרען, צוליעב דעם קאַמפּף, אויף קלייַנע שטיקלעך.

---

## דריטעם קאַפּיטעל.

# די קרייץ-ציגע.

די שטרעבונג פֿון די פּויפּסטען צו מאַכען די קירכע פֿאַר דעם אויבערהאַר איבער אַלע מלוכות האָט זיך אויסגעדריקט נישט נאָר אין דעם, וואָס זיי האָבען געקעמפּפֿט מיט דער קעניגליכער און אימפּעראַטאָרישער מאַכט. די פּויפּסטען קלערען אויס פֿאַר די ריטער נייע אויפגאַבען, אום זיי אָבצורייַסען פֿון די אייביגע קריעגערייַען אין די פּראָווינצען און זיי צו מאַכען פֿאַר אַ מין חיל פֿון קריסטליכען גאָט. גרעגאָריוּס דער זיעבענטער האָט שוין גערופֿען די ריטער פֿון דער גאַנצער קריסטליכער וועלט צו געהען בעפֿרייַען גאָטס קבר (אין ירושלים) פֿון די נישט-גלויביגע. דעם דאָזיגען אויפֿרוף האָט פּראַקטיש אויסגעפֿיהרט סוף עלפֿטען יאָהרהונדערט דער פּויפּסט אורבאַן דער צווייטער.

צייַט אָמאַר האָט אייַנגענומען ירושלים, האָבען די מוסולמענישע געוועלטיגער זיך בעצויגען צו די קריסטען און צו זייערע הייליגע ערטער גאַנץ טאָלעראַנט. צו דער צייַט פֿון הארון-אַל-ראַשיד איז קאַרל דער גרויסער אַנערקענט געוואָרען פֿאַר אָפֿיציעלען שיצער פֿון הייליגען קבר. עס האָבען זיך אָנגעהויבען די צייטען פֿון די עולי-רגלים (פּיליגרימען), וואָס פֿלעגען קומען פֿון אַלע קריסטליכע מלוכות. דער עפּיסקאָפּ פֿון מאַינץ איז אייַנמאָל געקומען אַהין מיט 1000 פּיליגרימען. נאָר ווי באַלד די טערקען האָבען זיך פֿערשטאַרקט, איז די לאַגע געוואָרען אַנ'אַנדערע. מען האָט שוין אָנגעהויבען צו רודפֿ'ען די קריסטען און אייַנמאָל האָט מען אפילו אַרייַנגעזעצט אין תּפיסה דעם פּאַטריאַרך פֿון ירושלים, וועלכען מען האָט אַרויסגעלאָזען ערשט נאָך גרוים אויסקויף-געלד. די נצחונות פֿון די טערקען האָבען שוין געשטעלט אין סכּנה גאַנץ וויזאַנטיען, און

די שטענדיגע בעציהונגען מיט די הייליגע ערטער זענען געוואָרען מיט יעדעם יאָהר שווערער און שווערער. אין יאָהר 1081 איז אַרויף אויפ'ן טהראָן אין וויזאַנטיען אַלעקסיי קאָמנין, וועלכער איז געווען זעהר אַ פעהיגער אימפעראַטאָר. ער איז כמעט פאַרטיג געוואָרען מיט אַלע זיינע שונאים, אָבער נעגען די טערקען האָט ער גאָרנישט געקאָנט אויספיהרען. דערום האָט ער זיך געווענדעט ווענען הילף צום פויפסט אורבאַן דעם צווייטען. דער פויפסט האָט איהם פערשפּראָכען זיין הילף, ווייל דאָס האָט געפּאַסט מיט זיין גאַנצער פּאָליטיק, וואָס האָט געשטרעבט אָבצוציהען די ריטער פון אימפעראַטאָר, און, אָנצינדענדיג זייערע הערצער מיט אַ רעליגיעזען פאַנאַטיזם, זיי בעקומען אונטער דער מאַכט פון פויפסטטום.

אין יאָהר 1095 האָט דער פויפסט (אין קלערמאָן) עפענטליך געהאַלטען אַ רעדע פאַר אַ טויזענד קעפיגען עולם, וואָס האָט זיך צוזאַמענגעקליבען, וואו ער האָט אין שוואַרצע פאַרבען געמאָלט די ליידען פון די קריסטען, וואָס געהען צו די הייליגע ערטער, די חרפה, וואָס דאָס קריסטענטום שטעהט אויס, וואָס דער הייליגער קבר געפינט זיך אין די הענד פון נישט-גלויביגע, און האָט פערשפּראָכען אייביגע עולם הבא איטליכען, וועער עס וועט אָוועקגעבען זיין לעבען אין קאַמפּף מיט די נישט-גלויביגע. די התלהבות פון עולם איז געווען אַ מורא'דיגע. די פראַנצויזען און איטאַליענער, וואָס האָבען איהם אַרומגערינגעלט, האָבען בעגייסטערט אָנגעהויבען שרייען: „דער אויבערשטער אַליין פערלאַנגט דאָס״! (Dieu le veut) איינער אַנ'עפּיסקאָפּ איז געפאַלען פאַר'ן פויפסט אויף די קניע און האָט געבעטען זיין ברכה אויף די הייליגע נסיעה. דער פויפסט האָט איהם בעציערט מיט אַ רויטען צלם (קרייץ), אַלס צייכען פון זיין הייליגער קריעגס-אונטערנעהמונג. פון דאַמאָלס אָן פלעגען די, וואָס פלעגען געהען אין דאָס הייליגע לאַנד, אָננעהען אַ צלם אויף זייער קלייד. די קירכען-פערזאַמלונג האָט דערביי אָנגענומען פאָלגענדע בעשלוסען: 1) די, וואָס געהען פון רעליגיעזער איבערצייגונג צום הייליגען קריעג, איז מען מוחל אַלע עברות; 2) אין דער צייט פון זייער אָבוועזענהייט נעהמט אויף זיך די קירכע אָבצוהיטען זייער משפּחה און זייער פערמעגען; 3) עס טאָר קיינער נישט מאַכען אַנ'אָנפאַל אויף די ערד פון אַ קרייץ-פאַהרער און 4) מען טאָר ביי איהם קיין חובות נישט מאָהנען; 5) אַלע וואַזאַלען זענען מחויב צו העלפען דעם סעניאָר, ווען ער נעהמט אויף זיך די פפליכט פון אַ קרייץ-פאַהרער.

## דער ערשטער קרייץ-צוג.

דער פויפסט האָט אַרויסגעשיקט פּראָקלאַמאַציעס צו אַלע קעניגען און סעניאָרען, אומעדום האָבען געאַרבייט די פּרעדיגער, די קלויסטער-ברידער, וואָס פלעגען רופען צום קריעג אַלעמען אָהן אַ אונטערשיעד. צו ערשט האָבען זיך אָנגעחאַפּט פאַר דעם פאָרשלאַג די פרומע און קריעגע-רישע ריטער. אַסך איז געפעלען געוואָרען דאָס, וואָס זיי וועלען פיה-רען אַזאַ פאַנטאַסטישען און פרייען לעבען. אין זייערע אָדערען האָבען זיך אָבגערופען די בלוטען פון זייערע עלטער-עלטער-עלטערען, צו דער צייט פון דער פעלקער-וואַנדערונג, ווען גאַנצע שטאַמען האָבען זיך געלאָזען בלינדערהייד פערנעהמען פרעמדע לענדער און פרעמדע האָב און גוטס. חוץ דעם איז אַלעמען געווען שלעכט צו לעבען אין די אונאָרדנונ-גען פון דער פעאָדאַלער עפּאָכע.

בעזונדערס האָבען זיך געריסען אויף נייע ערטער די פויערן, וואָס האָבען שטענדיג געמוזט אַרבייטען אומזיסט פאַר'ן סעניאָר און נאָך דיענען דערצו אין זיין חיל. איטליכער, וועלכער האָט נאָר געקאָנט, האָט פערלאָזען זיין אָרט און האָט זיך אָנגעשלאָסען צו דעם חיל פון די קרייצפאַהרער. מעהר ווי פון אומעדום זענען געקומען די קרייצפאַהרער פון פראַנקרייך און זיינע נאָהנטע פּראָ-ווינצען. אין צפון-פראַנקרייך און אין נערמאַניען ביי'ם רהיין האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט אונטער דער פיהרונג פון דעם ריטער קאָטיע דעם אָביון (Cautier sans Avoir) מהנות פויערן און גלאַט אָרעמע לייט. קוים בעוואָפענטע, האַלב-נאַקעטע אָהן פּראָוויאַנט און געלד האָבען זיך די דאָזיגע אָרעמע לייט, ווי עס איז, דורכגעשטופּט אין דער לענג פון דונאַי, נישט קוקענדיג אויף די שטענדיגע צוזאַמענשטויסונגען מיט די אונגאַרען און בולגאַרען, אַזש ביז קאָנסטאַנטינאָפּאָל. באַלד האָבען זיי אָנגעהויבען צו ראַבעווען די הויפּטשטאָדט, און דער אימפּעראַטאָר אַלעק-סיי האָט זיי גיך אָבגעפיהרט קיין קליינאַזיען. ביי ניקעיע זענען אויף זיי בעפאַלען די טערקען און דעם גרעסטען טייל פון זיי אויסגעהרג'עט.

די אַנדערע מחנות קרייצפאַהרער זענען געקומען שפּעטער און זענען געגאַנגען אַסך פאָרזיכטיגער. אין ערשטען קרייץ-צוג האָבען זיך בעטייליגט פון 300 ביז 600 טויזענד מאַן, וואָס זענען אויך נישט געווען אַסך בעסער אָרגאַניזירט ווי די אָרעמע לייט פון קאָטיע דעם אָביון. בעת עס איז אָנגעקומען דער דאָזיגער הייליגער חיל אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איז

איז דארט געווארען אַ גרויסע סומאַטאָכע (בהלה), מען האט באַלד דער־פיהלט, אין וואס פאַר אַ סכנה עס געפינט זיך די שטאדט. די ריטער האָבען געקוקט מיט נייגיער און קנאה אויף די רייכקייט און דעם קינסט־לערישען פוץ פון דער שטאָדט, געגען וועלכע זייערע שלעסער מיט דער בעל־הבית׳שקייט אין די שלעסער האָבען אויסגעזעהן אַזוי געמיין און אָרעם. די גריכען האָבען נאָר געטראַכט, ווי גיכער פטור צו ווערען פון זייערע העל־פער אין דער נויט, וועלכע זיי האָבען פעראכט פאַר זייער פערגרעבטקייט און פאַר זייער רוימיש־קאַטוילישע אמונה. אַלעקסיי׳ען האָט אָבער אָבּ־געגאָלטען צו בעקומען ביי די פיהרער א שבועה, אַז די ערד, וואָס זיי וועלען צונעהמען ביי די טערקען, וועלען זיי אָבגעבען די גריכען. אויף אַזעלכע בעדינגונגען האָבען די גריכען אַריבערגעפיהרט די קרייצפאַהרער קיין קליינאַזיען, וועלכע האָבען מיט זייער הילף איינגענומען ניקעיע.

נאָך שווערער ווי די צוזאַמענשטויסונגען מיט די טערקען איז געווען דער מאַרשרוט פונ׳ם חיל, וואָס איז געגאַנגען דורך אַנ׳אונבעקאַנט לאַנד, וואָס האָט ניט קיין וואַסער און וואו עס ברענען שטענדיג אַזעלכע היצען, צו וואָס דער אייראָפּעער איז גאָרניט געוועהנט. אין איין טאָג זענען 500 מענשען געשטאָרבען בלויז פון דורשט. צווישען די פיהרער איז אויך ניט געווען קיין אייניגונג, און איטליכער האָט מעהר געקלערט צו פערכאַפּען וואָס־עס־איז פאַר אַ שטאָדט פאַר זיך, ווי צו געהן דירעקט אויף ירושלים. ניט קוקענדיג אָבער אויף דעם אַלעם, זענען די קריסטען אויפ׳ן אָפענעם שלאַכט־פעלד געווען שטאַרקער פאַר די מוסולמענער. די פראָווענסאַלער האָבען צוגענומען טריפּאָלים און סיריען, זיי האָבען בע־זיעגט דעם עמיר פון מאָסול, וואָס האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פון די בעזיעגטע טערקען־סעלדזשוקען.

ענדליך, דריי יאָהר דערנאָך, ווי זיי זענען אַרויס פון אייראָפּאַ, אין יאָהר 1099 זענען די קרייץ־פאַהרער דערגאַנגען ביז ירושלים. פון דער גאַנצער מחנה זענען איבערגעבליבען נאָר 25 טויזענד מאַן, די איבעריגע זענען אָדער אומגעקומען, אָדער האָבען זיך אָבגעשטעלט אין מיטען וועג.

ירושלים האָט דאַמאָלס שוין ניט געהערט צו די טערקען, נאָר צום קאַליפאַט פון עגיפּטען. דער קאַליף האָט ערלויבט די קרייצפאַהרער פריי דורכצוגעהען די שטאָדט אויף צו בעזוכען די הייליגע ערטער, נאָר זיי האָבען זיך אָבגעזאָגט דערפון און אָנגעהויבען צו בעלאַגערען די שטאָדט. די בעלאַגערונג האָט געדויערט אַ פּאָר טעג, די קרייצפאַהרער האָבען זיך אַריינגעריסען אין שטאָדט און האָבען אָנגעהויבען ראַבעווען און קוילענען

קלײן און גרױס. די קרײצפֿאַהרער האָבען נאָר אױף אַ װײַלע אָבגעשטעלט זײערע בלוטיגע אַרבײט: זײ זענען אַװעקגעגאַנגען צום הײליגען קבר. װי באַלד זײ האָבען זיך צוריק געקעהרט, האָבען זײ װײטער אָנגעהױבען מאָרדען און ראַבעװען.

נאָכ׳ן ערשטען קרײצצוג האָט זיך געבילדעט אַ ירושלים׳ער מלוכה. דער קעניג האָט געטראָגען דעם טיטעל „דער שיצער פֿון הײליגען קבר". די גאַנצע טעריטאָריע פֿון איהר איז צופֿאַלען לױט דעם אײראָפּעאישען מוסטער אױף לעהנען און סעניאָראַטען. אין די ים־ברעג־שטעדט האָט זיך ענטװיקעלט אַ גרױסער קריסטליכער האַנדעל, װאָס איז געלעגען אין די הענד פֿון די איטאַליענער. און די דאָזיגע שטעדט האָבען זיך ענטװיקעלט לױט דעם מוסטער פֿון די איטאַליענישע פֿרײע שטעדט.

די ריטער און די קױפֿלײטע, װאָס האָבען זיך בעזעצט אין דער נײער מלוכה, האָבען אָהן דער הילף פֿון אײראָפּאַ נישט געקענט אױסקומען. פֿון צײט צו צײט פֿלעגען אָנקומען נײע מחנות קרײצפֿאַהרער. חוץ דעם זענען דאַן ענטשטאַנען פֿערשיעדענע בעזונדערע ברידערשאַפֿטען צװישען די ריטער, אַזױנע אָרדענס, װאו עס פֿלעגען זיך פֿערשרײבען ריטער פֿון אַלע קריסטליכע מלוכות. אײן אָרדען האָט געדאַרפֿט זיך אָבגעבען צו קראַנקע און צו די פּילגרימען, װאָס קומען צום הײליגען קבר. דערבײ האָבען זײ געדאַרפֿט שטענדיג קעמפֿען מיט די נישט־גלױביגע. די מיטגליעדער פֿון דעם אָרדען האָבען גענומען אױף זיך דעם נדר פֿון אַ קלױסטער־ברודער, װאָס טאָר קײנמאָל נישט חתונה האָבען, װאָס מוז שטענדיג געהאָרכען דעם אױבערשטען אָרדענס־ברודער און מוז פֿערברײנגען זײן לעבען אין אָרעמ־קײט. אַזױנע ריטער פֿלעגען טראָגען אַ שװאַרצען מאַנטעל מיט אַ װײסען צלם אױף איהם, װאָס פֿלעגט צודעקען די װאַפֿען פֿון ריטער. דער דאָזיגער אָרדען, װי דער צװײטער אָרדען פֿון די טעמפּלער (אַ װײסער מאַנטעל מיט אַ רױטען צלם), װאָס האָט געדאַרפֿט אָבהיטען די רײזענדע קרים־טען פֿון אָנפֿאַלען, און דער דריטער אָרדען פֿון די טײטאָנער (אַ װײסער מאַנטעל מיט אַ שװאַרצען צלם), װאָס האָט געהאַט צו שטיצען און שי־צען די דײטשע קריסטען אין ירושלים,—זענען געװאָרען מיט דער צײט זעהר רײך און מעכטיג.

דער צװײטער קרײצצוג איז געװען אין 12־טען יאַהרהונדערט, דער־נאָך, װי די קאַליפֿען פֿון באַגדאַד און קאַאירא האָבען זיך פֿעראײניגט און אַרױסגעטריעבען די קריסטען פֿון ירושלים. אַלע טעמפּלער און די געװעהנ־

ליכע סאָלדאַטען האָט מען אויסגעהרג'עט, נאָר די וועלטליכע ריטער האָט מען געשענקט דאָס לעבען. אין ירושלים האָט מען פֿערניכ-טעט אַלע צלמים און גלאָקען און מען האָט אָבגערייניגט די מקומות, וואָס די קריסטען האָבען זיי פֿעראונריינִיגט.


בילד 10.—א טייטאָנישער ריטער אין זיין מונדיר.

אין דריטען — האָט זיך בעטייליגט פֿריעדעריך באַרבאַראָסע. אָבער ווי עס איז שוין דערמאָהנט געוואָרען, איז ער דערטרונקען געוואָרען ביי סיריען, באָ-דענדיג זיך אין אַ טייך. די פֿיהרער פֿון די קרייצפאַהרער פֿלעגען זיך שטענדיג רייסען, און דער דריטער קרייצצוג האָט זיך געענדיגט מיט גאָרנישט.

אין פֿיערטען — האָבען די קרייצ-פֿאַהרער צוליעב פֿערשיעדענע אינטריגעס אַריינבעקומען אין זייערע הענד קאָנסטאַנ-טינאָפּאָל, געבילדעט אַ לאַטיינישע מלוכה און זיך אויסגעקליעבען אַן אייגענעם רוימיש-קאַטוילישען פּאַטריאַרך. נאָר די גריכישע בעפֿעלקערונג האָט פֿיינד געהאַט די זיעגער, און אַלע די נצחונות פֿון די קרייצפֿאַהרער האָבען נישט גע-האַט קיין דויערהאַפֿטיגקייט. אין עפּיר און אין קליינאַזיען זענען פֿאָרט פֿערבליע-בען נאָך גריכישע קעניגען. די בולגאַרען, וואָס זענען אַמאָל געוואָרען בעזיעגט פֿון דער מאַקעדאָנישער דינאַסטיע, האָבען ווידער געבילדעט אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה. די ריטער האָבען זיך שווער בעקעמפֿט האַלטען געגען אַלע די דאָזיגע שונאים. אין 1261, 57 יאָהר נאָך דעם זיעג פֿון דער רוימישער קירכע איבער די גריכען, האָט דער גריכישער קעניג מיכאַאיל דער 8-טער ווידער אָבגענו-מען קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

דער זעקסטער קרייצצוג, וואָס פֿריעדריך דער צווייטער האָט גע-

פיהרט זעהר בערעכענט און דיפלאמאטיש, האט אהן בעלאגערונגען, לויט א געוויסען אבמאך מיט'ן קאליף אין עגיפטען, ווידער איינגעבראכט ירושלים צו די קרייצפאהרער. אבער דער פויפסט איז דערמיט געווען אונ-צופריעדען. ער האט ערקלערט דעם אבמאך מיט דעם נישט-גלויביגען פאר פערראט (בגידה) און האט ארויפגעלעגט אויף ירושלים א נ'א י נ ט ע ר ד י ק ט. ירושלים איז באלד ווידער אריבער אין די הענד פון די מוסולמענער, (1244) און איז פון דאמאלס אן געבליבען ביי זיי אויף שטענדיג.

דער לעצטער אכטער קרייצצוג איז געווען אין יאהר 1270. צווישען די קרייצפאהרער האט געבושעוועט די פעסט. דער פראנצויזישער קעניג לודוויג אליין, וואס איז געווען דער אנפיהרער פון צוג, איז אומגעקומען פון פעסט. די איבערגעבליבענע האבען גיך געמאכט שלום מיט די מו-סולמענער און האבען זיך אומגעקעהרט קיין פראנקרייך. ווייבאלד אבער עס האבען זיך אויפגעהערט די קרייצציגע, האבען שוין די קריסטען, וואס האבען פערחאפט די סירישע ברעגען, זיך לאנג נישט געקאנט האלטען. די ריטער, וואס זענען געבליבען לעבען, האבען זיך געראטעוועט אויף דער אינזעל צ י פ ע ר ן, און ביז צום 15-טען יאהרהונדערט האט דארט עקזיסטירט א בליהענדיגע מלוכה'לע, וואס איז געווען די פערמיטלערין אין האנדעל צווישען מוסולמענישען מזרח און מערב-איירפא.

דער טייטאנישער ארדען האט איבערגעטראגען זיין טעטיגקייט ביי'ם באלטישען ים און האט גענומען אונטערטעניג מאכען און בעקעהרען צום קריסטענטום דעם דארטיגען פ ר י י ס ע נ - ש ט א ם.

ס'איז נאך כדאי צו דערמאהנען, דאס צווישען דעם פינפטען און זעכסטען קרייצצוג איז געווען א ק ר י י צ צ ו ג פ ו ן ב ל ו י ז ק י נ ד ע ר. א פראנצויזישער פאסטוך פון א יאהר 15 איז בעפאהרען א טייל פראנקרייך, צונויפזאמלענדיג קינדער אויף צו געהען אין דאס הייליגע לאנד. אסך ער-וואכסענע האבען זיך נאכגעשלעפט נאך די קינדער, גלויבענדיג, אז גאט, וואס וויל נישט טהון קיין נס פאר זינדיגע דערוואכסענע, וועט דאס טהון צוליעב די ריינע אונשולדיגע קינדער. עס האבען זיך צונויפגעקליבען 30 טויזענד קינדער. די קויפלייט פון מארסעל האבען זיך אונטערגענומען זיי צו ברענגען אין סיריען, נאר אנשטאט דער מלאכה האבען זיי די קינדער פערקויפט די מוסולמענער אלס שקלאפען. אין דייטשלאנד האט זיך אויך צונויפגעקליבען א מחנה קינדער. נאר אין איטאליען האט מען זיי פערהאלטען און ווייטער נישט געלאזען פאהרען.

אין אלגעמיין האבען די קרייצפאהרער מיט זייערע מלחמות גארנישט

אויפגעטהון געגען די מוסולמענער. רעליגיעזער פאנאטיזם און העלדיש-קייט זענען נאך וועניג געווען אויף צו בעזיעגען די מוסולמענער. דאס הויפט-אונגליק איז געווען די צוריסענקייט, מיט וואס עס האט זיך אויסגעצייכענט די פעאדאלע עפאכע.

נאך אלעם דעם האבען די קרייצציגע געהאט א גרויסע בעדייטונג פאר די מיטעלאלטער-צייט: 1) האבען זיי אבגעשוואכט די מזרח-אימפעריע, וואס איז שטענדיג געווען אין שלעכטע בעציהונגען מיט די קרייצפאהרער און וואס איז כמעט אונטערגעגאנגען אין פיערטען קרייצצוג. 2) האבען דעם גרעסטען נוצען געהאט פון זיי די איטאליענישע שיף-פאהרער. ווענדיג און גענוא האבען צוליעב זיי ענטוויקעלט זייער האנדעל מיט'ן מזרח, האבען געגרינדעט נייע קאלאניעס און האנדעלס-לאגערן און האבען שטארק ענטוויקעלט די תקנות פון א ריכטיגען וועלט-האנדעל. 2) האבען אין די קרייצציגע געפונען פאר זיך אנ'ארט אלע אונרוהיגע און אונצו-פריעדענע עלעמענטען פון דער געזעלשאפט, וואס ביי אנדערע אומ-שטענדען וואלטען זיי געווארען פשוט'ע גזלנים און רוצחים. 4) האט די מערב-ריטערשאפט צו דער צייט פון די קרייצציגע זיך אויסגעמישט מיט איינאנדער און די צוזאמישונג האט געהאלפען צו בעשאפען שפעטער אנ'אלגעמיינע אייראפעאישע ריטער-קולטור. 5) האבען די קרייצפאהרער בעקומען א ברייטערען בליק, נאכדעם ווי זיי זענען בעקאנט געווארען מיט נייע לענדער. פערגרעבט און אונוויסענד זענען זיי אוועק פון אייראפא, און געקומען זענען זיי צוריק מיט נייע פארשטעלונגען וועגען דער וועלט, וועגען די מענשען פון פערשיעדענע אמונות און וועגען דער נאטור פון אנדערע לענדער. 6) האט די בעקאנטשאפט מיט די מוסולמענער נישט געהאט שטענדיג א האראקטער פון קאמפף. נישט-ווילענדיג, האט מען גע-מוזט אסך ביי זיי איבערנעהמען, האבען מיט זיי עסקים, און ממילא ווע-רען טאלעראנטער צו מענשען פון אנ'אנדער גלויבען. 7) האט די דאזיגע אונטערנעהמונג, וואס האט זיך געצויגען א פאר הונדערט יאהר און וואס האט געקאסט אזוי פיעל בלוט און געלד, געמאכט אנ'איבערקעהרעניש אין די געדאנקען פון די דאמאליגע מענשען מכח דער קירכע און מכח די אויפגאבען פון דער געזעלשאפט.

די מפלות פון די קרייצפאהרער איז צוגלייך געווען די מפלה פון פויפסטטום, וואס האט געוואלט זיין דער איינציגער געוועלטיגער איבער אלץ. די געזעלשאפט האט פערלארען די אמונה אין די פאליטישע אידע-

אלען, וואס די קירכע האט פאר איהר אויפגעשטעלט, און די פראקטישע וועלטליכע אינטערעסען זענען ארויף אויפ'ן ערשטען פלאן *).

---

## פיערטעס קאפיטעל.

# די קולטור אין מיטעלאלטער.

### די וויזאנטישע קולטור.

באלד, ווי עס האט זיך אנגעהויבען די פעלקער-וואנדערונג, איז שטארק געפאלען אין דער גאנצער רוימישער אימפעריע די אלטע הויכע בילדונג. מעהר ווי אומעדום האט זי זיך דערהאלטען אין דער מזרח-אימפעריע, וואס האט געהאט וועניגער אויסצושטעהען פון די בארבארען, חאטש אסך בארבארישע שטאמען זענען געווארען אין איהר שטענדיגע איינוואהנער. די טעטיגקייט פון יוסטיניאנוס, פון דער מאקעדאנישער דינאסטיע, בעווייזט, אז עס זענען נישט געווארען בטל די וויסענשאפטען, וואס בעציהען זיך צו דער מלוכה-פיהרונג און צו דער יוריספרודענץ. שטענדיג איז געווען ביי די גריכען אנ'אינטערעס צו פילאזאפישע וויסענשאפטען. און די דאזיגע טבע ביי די גריכען, זיך אין אלץ פילאזאפיש צו פערטיעפען, איז געווען די סבה, וואס אין דער צייט פון דער ענטוויקלונג פון קריסטענטום האט די מזרח-אימפעריע נישט גערוהט צוליעב אלערליי נייע רעליגיעזע סעקטעס (כתות). די נעסטאריאנער, מאנאפיזיטען, מאנאהעליטען, פוליקאנער, איקאנאדולען, איקאנאקלאסטען און מאניחעיער האבען זיך שטענדיג געגריבעלט אין דער קריסטליכער אמונה, און אין די וכוחים פלעגען זיך בעטייליגען נישט נאר די געלעהרטע, נאר אויך דאס רוב פון דער פשוט'ער בעפעלקערונג.

אבער צו דער צייט, ווען די רעליגיעזע וכוחים זענען געווען זעהר שטארק, איז די וועלטליכע בילדונג נישט געגאנגען א טריט ווייטער. די וויזאנטישע געלעהרזאמקייט איז בעשטאנען דערין, וואס מען פלעגט שריי-

---

*) די געשיכטע פון די יודישע צרות צו דער צייט פון די קרייצציגען, די ערצעהלונג וועגען דעם, וויפיעל יודישע קהילות זענען אונטערגעגאנגען צוליעב דעם פאנאטיזם פון די קריסטען צו יודען, ווי צו אנדערע אמונות, וויפיעל מסירת-נפש די יודישע נאציאן האט ארויסגעוויעזען דאמאלס אין קאמפף פאר איהר אמונה — וועגען אלעם דעם קענען מיר דא נישט שרייבען, דאס וועט גענוי בעשריבען ווערען אין דער ספעציעלער יודישער געשיכטע, וועלכע מיר וועלען ארויסגעבען. די רעד.

בען באורים (קאָמענטיראַען) צו די אַלטע גריכישע און רוימישע ביכער.

אין דער קונסט צייכענען זיך אויס די וויזאַנטינער מיט דעם אייגע־נעם, וואָס אין דער וויסענשאַפט. מעהר פאַר אַלץ האָט געבליהט די אַרכיטעקטור. אין זייערע קירכען האָבען זיי אויסגעאַרבייט אַ סטיל, וואָס הייסט דער וויזאַנטינישער סטיל. אויך אין דער מאַלעריי האָ־בען זיי אויסגעאַרבייט אַ סטיל, וואָס מען קאָן דאָס גענוי בעטראַכטען אין דער אַלטער און אַפילו אין דער היינטיגער קירכען־מאַלעריי (בעזונדערס ביי די סלאַווען).

## די גערמאַניש־ראָמאַנישע בילדונג.

אין מערב־אייראָפּאַ פאַלט די אַלטע בילדונג ביז צום טיעפסטען שטאַפּעל. אָבער אין 12־טען יאַהרהונדערט דרינגט אַריין אַ נייער שטאַרקער שטראָם פון בילדונג.

ווי אין דער רוימישער אַזוי אין דער גריכישער קירכע עקזיסטירט דאָס אידעאַל פון נזירות (אַסקעטיזם). עס בילדען זיך קלויסטערס מיט מאָ־נאַכען, וואָס קעמפּפען געגען חומר, זוכען אויסצוראָטען אין זיך אַלע מענשליכע נאַטירליכע תאוות. די מאָנאַכען אין מערב־אייראָפּאַ, צום אונ־טערשיעד פון מזרח, געהען נישט אַוועק פון קאָכענדיגען לעבען אין די מדבריות און אין די הויהלען. זיי שטעלען זיך פּראַקטישע ציעלען, דערמיט זיי זאָלען קענען ווירקען אויף די וועלטליכע לייט און זיי האַלטען אונטער זייער פרומע הנהגה. שוין אין 6־טען יאַהרהונדערט בילדעט זיך אַ בענעדיקטינער מאָנאַכען־קלויסטער, וואו די מיטגליעדער פּרובען צו פערברייטען אין פאָלק די קענטניש פון ערד־בעאַרבייטונג.

גלייכצייטיג האָבען די מאָנאַכען געוואָרגט פאַר די גייסטיגע קולטור: זיי פלעגען איבערשרייבען די ווערק פון די קירכען־פעטער, פון די אַלטע גריכען און רוימער, און פלעגען גרינדען שולען.

אין 13־טען יאַהרהונדערט האָט פראַנץ פון אסיזי (אַ געוועזענער רייכער קויפמאַן, וואָס איז געווען בעוואוסט פאַר אַ פרעהליכען לעבע־יונג) געגרינדעט אַ פראַנציסקאַנער־אָרדען פון קלויסטער־ברידער, וואָס האָבען זיך געדאַרפט שטענדיג אָפּפערען פאַר שוואַכע, קראַנקע און אָרעמע. צוערשט האָט פראַנץ זיך געמאוס'ט אומצוגעהען אַרום די קרעציגע (מצורעים), אָבער ענדליך האָט ער אויך דעם דאָזיגען עקעל גובר געווען אין זיין עדעלען האַרצען. לויט די תקנות פון זיין אָרדען מוזען לעבען די פראַנציסקאַנער בלויז פון נדבות, דערמיט, אַז זיי זאָלען נישט זעהן קיין חלוק צווישען זיך און די אָרעמע לייט. די דאָזיגע אָרעמע קלויסטער־ברידער

פֿלעגען זיך נישט בעהאַלטען אין די קלויסטערס, נאָר געהען איבער די שטעדט און דערפֿער, בריינגענדיג שטענדיג מאָראַלישע הילף און וועקענדיג אַ האָפֿנונג אין האַרצען פֿון אַלע לײַדענדיגע און אַלע פֿערבלאָנדזשעטע.

די צאָהל פֿון די פֿראַנציסקאַנער איז געווען סוף 13-טען יאָהרהונ־דערט 800 טויזענד.

אין דער אײַגענער צײַט האָט זיך געגרינדעט דער אָרדען פֿון די דאָמיניקאַנער, וואָס האָבען געהאַט די אויפֿגאַבע צו קעמפֿפֿען געגען אַלערלײַ אַפּיקורסים, בנוגע צום קריסטענטום. דאָס פֿאָלק האָט אָבער מעהר ליעב געהאַט די פֿראַנציסקאַנער, וועלכֿע האָבען שפּעטער בעקומען די גאַנצע פֿיהרונג און לייטונג אין די שולען און אוניווערזיטעטען.

די דאָמיניקאַנער ווידער זענען שפּעטער געוואָרען די פֿיהרער און די גרינדער פֿון דער אינקוויזיציע; זיי פֿלעגען משפּט׳ן אַלערלײַ אַפּיקורסים און פֿיהרען אַלע ענינים וועגען פֿערשיעדענע סעקטען און אַפּיקורסישע ביכער.

אין מיטעלאַלטער איז דער קירכֿליכֿער שטאַנד צוגלײַך געווען דער שטאַנד פֿון די געלערנטע לײַט. פֿון קאַרל דעם גרויסענס צײַטען אָן איז געוואָרען אַ כּבֿוד צו לערנען אין אַ שולע. איטליכֿער, וואָס האָט געוואָלט בעקומען בילדונג, פֿלעגט זיך לערנען אין אַ קירכֿען־ אָדער אַ קלויסטער־שולע. ווער עס פֿלעגט ענדיגען אַזאַ שולע פֿלעגט קענען אַרײַן אין אַ ספּעציעלע שולע, וואו מען לערנט יוריספּרודענץ, מעדיצין, אָדער טעאָלאָגיע (די קיר־כֿענ־וויסענשאַפֿטען). די גרעסטע און בעסטע שולען, וואָס האָבען זיך גע־גרינדעט דורך די קלויסטערס, זענען שפּעטער געוואָרען זעלבסטשטענדיג און האָבען בעקומען דעם נאָמען אוניווערזיטעט.

די פּאַריזער אוניווערזיטעט איז געווען אַ מעכטיגע קאָרפּאָראַציע (חבֿרה), וואָס האָט געהאַט איהר אײַגענע פֿערוואַלטונג און איהר אײַגע־נעם געריכֿט, און וואו עס האָבען זיך געלערנט צעהנדליגער טויזענד סטו־דענטען. בעזונדערס האָבען איהר געשטיצט די קעניגען פֿון פֿערשיעדענע מלוכות. אין ענגלאַנד האָבען גע׳שם׳ט די אוניווערזיטעטען פֿון אָקספֿאָרד און קעמברידזש. אין איטאַליען איז סאַלערנאָ געווען בעריהמט מיט איהר מעדיצינישער אוניווערזיטעט, באָלאָניע מיט איהר יורידישער, ווי פּאַריז מיט איהר פֿילאָזאָפֿישער און טעאָלאָגישער. גריכֿיש האָט מען שוין אין מערבֿ־אײַראָפּאַ אין גאַנצען פֿערגעסען. אַריסטאָטעל׳ען און פּלאַטאָנ׳ען האָט מען געלערנט עטליכֿע שטיקלעך אין איבערזעצונגען. ערשט אין 12-טען יאָהר־הונדערט האָט זיך אין קאָרדאָוואַ געגרינדעט אַ שולע, וואו מען האָט גע־

לערנט דעם גאַנצען אַריסטאָטעל׳ען, דער טאָלעדער אַרחיעפּיסקאָפּ האָט בעפאָוּלען צו איבערזעצען פון אַראַביש אויף לאַטיין מיט אַלע באורים דעם גאַנצען אַריסטאָטעל׳ען, און דערמיט האָט ער געעפענט פאַר אַלע מערב־געלעהרטע אַ נייע אונבעקאַנטע וועלט.

אַזוי ווי צו דער צייט זענען נאָך ווייניג געווען קענטענישען, וואָס די שולע האָט געקענט פערשפּרייטען, האָט מען מעהר זיך בעשעפטיגט מיט פּלפּול: פרעגען אויסגעטראַכטע קשיות, ענטפערען תרוצים, געפינען פערשיעדענע סתירות און זיי פּרובען מיט׳ן שכל צו פערענטפערען. צוליעב דעם דאָזיגען פּלפּול האָט דער געלעהרטער אין מיטעלאַלטער מעהר זיך גע׳חריפ׳ט, מעהר געשאַרפט דעם מח אויף פוסטע ווערטער, ווי דאָס אויג און דעם אויער, וואָס האָבען געדאַרפט זעהען און הערען, וואָס טהוט זיך אַרום איהם אין גאַנס נאַטור. די דאָזיגע מיטעלאַלטער־וויסענשאַפט האָט מען גערופען סכאָלאַסטיק (אַ מין פּלפּול). דער בעריהמטעסטער פון די סכאָלאַסטיקער איז געווען אַבעלאַר, וואָס איז שוין דערגאַנגען צוליעב זיין פּלפּול צו אַפּיקורסות, אויך טהאָמאַס פון אַקווינאַ, וואָס האָט במעט פערפאַסט אַ גאַנצען „שלחן ערוך“ פאַר די קאַטאָליקען, און לויט וועלכען מען פיהרט זיך נאָך ביי היינטיגען טאָג אין דער קאַטוילישער וועלט.

די קירכע האָט אָהן רחמנות גערודפ׳ט די אַפּיקורסים. אין 13־טען יאַהרהונדערט איז איינגעפיהרט געוואָרען די אינקוויזיציע; מענשען, וואָס מען האָט חושד געווען אין אַפּיקורסות פלעגט מען אַזוי לאַנג פּייניגען, ביז זיי פלעגען זיך מודה זיין. די גרעסטע עקשנים פלעגט מען אָדער פערברענען אויף אַ שייטער־הויפען, אָדער פערמויערען אין אַ הייל; אַפילו די, וואָס פלעגען שוין בעקומען אַ תשובה און אַרוים לעבענדיגערהייד פון די הענד פון די אינקוויזיטאָרען, פלעגען שטענדיג מוזען טראָגען צו זייער שאַנד אַ רויטען צלם אויפ׳ן מאַנטעל. דאַמיט די קירכע זאָל קענען אויספיהרען איהר גמר־דין (פערברענען, פערמויערען), פלעגט זי זיך בענוצען מיט דער וועלטליכער מאַכט, וועלכע פלעגט מקיים זיין דעם פסק פון דער קירכע, ווייל לויט דער אַלטער פאָרשטעלונג טאָר די קירכע נישט פערגיסען קיין בלוט מיט די אייגענע הענד. אַלס דאַנק דערפאַר, וואָס די וועלטליכע מאַכט פיהרט אוים דעם פסק פון דער קירכע, פלעגען די קעניגען בעקומען דאָס רעכט צו קאָנפיסקירען פאַר זיך דאָס פערמעגען פון פער׳משפט׳ען. מיט די דאָזיגע בלוטיגע מיטלען האָט אָבגעהאַלטען דער קירכע צו דערשטיקען אַ סך מיטעלאַלטערליכע סעקטעס.

## דאָם ריטערטום.

דער אינהאַלט פון דער וועלטליכער ליטעראַטור איז בעשטאַנען פון דעם, וואָס מען האָט בעשריבען די העלדישקייטען און די געהויבענע געפיהלען פון דעם ריטערטום.

אַ ריטער האָט געקאָנט ווערען איטליכער וואָזאַל. ביז 7 יאָהר פלעגט דער קומענדיגער ריטער זיין אונטער דער השגחה פון ווייבער. דערנאָך פלעגט ער אַריבער אין די הענד פון די מענער, וואָס פלעגען איהם לערנען רייטען, ווי זיך אומצוגעהען מיט שפיעז און שווערד, ווי צו מאַכען מיט הינד און סאָקאָלען (אַ מין רויב-פויגעל) געיעג אויף חיות און פויגלען. חוץ דעם פלעגען נאָך מאַנכע זיך לערנען לייענען און שפיעלען אויף אַנ'אינסטרומענט. שפעטער פלעגט דער יונגער ריטער געהען דיענען ביי אַ גרויסען סעניאָר, וואו עס פלעגען זיך צונויפקלויבען אַ סך אַזוינע לייט און וואו מען פלעגט בעקומען מאַניערען און די אמת'ע ריטערישע העלדישקייט. צו צוואַנציג יאָהר פלעגט מען איהם אַנערקענען עפענטליך פאַר אַ פאַרטיגען ריטער. די צערעמאָניע פון אַ ריטער-ווערען איז געוועזען זעהר אַ געהויבענע. דער ניי-אויסגעבאַקענער ריטער האָט געמוזט געבען אַ שבועה, אַז ער וועט אָבהיטען דעם ריטערישען כבוד. אַ ריטער האָט שטענדיג געמוזט האָבען אַ גרוים געפיהל פון בעזוסענהייט אין זיך. ער האָט נישט געטאָרט מוחל זיין קיין בעליידיגונג; ער האָט שטענדיג געדאַרפט פערטיידיגען זיין כבוד, חאָטש די געגענער זיינע מעגען זיין שטאַרקער פאַר איהם. אַנ'אמת'ער ריטער האָט הויך געדאַרפט שעצען זיין געגעבענעם ווערט און זיין פערשפרעכען; ער האָט געדאַרפט פיינד האָבען אַ ליגען, פאַלשקייט, פערראַט און די מיאוס'ע מדה אָנצופאַלען אויף אַ שונא פון הינטען, פון אַ בעהעלטעניש. צוגלייך האָט דער ריטער געמוזט זיין העפליך, זעהן צו זיין צווישען מענשען זיינסגלייכען לייכט און אַנגענעהם. אין דער פעאָדאלער וועלט האָט דער שטאַרקער שטענדיג געדאַרפט שיצען דעם שוואַכען.

אין דער צייט פון ריטערטום ווערט די פרוי, וואָס איז געשטאַנען אין אַלטערטום אויף אַזאַ ניעדעריגער מדרגה, שטאַרק דערהויבען. די ריטער בוקען זיך פאַר דער שענהייט און גראַציעזיגקייט פון די פרויען, הויבען זיי אָן צו פערגעטערען, און טהוען אָב אַסך העלדישע טהאַטען נאָר צוליעב אַ שמייכעלע פון אַ פרוי. איינער, צום ביישפיעל, אַ טרובאַדור (אַ ריטער אַ פּאָעט) פערליעבט זיך פון הערען אין אַ גרעפין, געהט צוליעב איהר אויף אַ קרייצצוג, און צוריק-קומענדיג

אַהיים, אַ קראַנקער, אַ מיעדער, שטאַרבט ער צו די פּיס פון זיין געליעבטער.

חוץ אַלע מעלות האָט זיך דער ריטער געדאַרפט אויסצייכנען מיט אַ געוויסער פּ ר ו מ ק י י ט, מיט אַנ׳איבערגעבענהייט צו דער קירכע.

עס פערשטעהט זיך, אַז נישט אַלע ריטער האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַלע דערמאָהנטע מעלות אויף אַ מאָל, נאָר די דאָזיגע מעלות זענען געווען ד אָ ס א י ד ע אַ ל פון דער ריטער-צייט, צו וועלכען אַלע פלעגען דאַמאָלס שטרעבען. פון דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען האָבען זיך דאַמאָלס אויסגעצייכענט די מ י ס ט ע ר י ע ן און מ י ר אַ ק ל ע ן. אין קירכען אָדער אויף אַ פלאַטפאָרם פאַר די קירכען פלעגט מען דראַמאַטיש פאָרשטעלען די געשיכטען און די געשעהענישען פון דער נייער ביבעל, ווייזען בחוש די נסים, וואָס זענען געטהון געוואָרען מיט מאַנכע הייליגע. סיי אין די מיסטעריען סיי אין די מיראַקלען (נסים) פלעגען פאָרקומען קאָמישע סצענעס. שפּעטער האָט מען גענומען געבען פאַר׳ן עולם קאָמישע שטיק, די יוגענד פלעגט איבערמישען אויף אַ געלעכטער דעם גאָטעס-דיענסט און פאָרשטעלען גלחים און עפיסקאָפּען אין קאָמישע פּאָזען.

אין דער אַרכיטעקטור האָט זיך אין מיטעלאַלטער אויסגעבילדעט דער ר אָ מ אַ נ י ש ע ר ס ט י ל. צו דער צייט פון די קרייצציגע איז פאָרגעקומען אַנ׳איבערקעהרעניש אין דער קונסט פון בויען קירכען. די קונסט איז אַריבער פון די גלחים צו די צ ע כ ע ן (אַ בונד פון בעלי-מלאכות ספּעציאַליסטען) און צו די ב ר י ד ע ר ש אַ פ ט ע ן פ ו ן ד י מ ו י ע ר ע ר א ו ן אַ ר כ י ט ע ק ט אָ ר ע ן. און זיי האָט מען צו פערדאַנקען דעם נייעם נ אָ ט י ש ע ן בוי-סטיל.

## די מוסולמעניש קולטור.

די מורה-פעלקער, וואָס האָבען אָנגענומען דעם איסלאַם, האָבען אויסגעאַרבייט אַ קולטור, וואָס איז געווען שטאַרק פערשיעדען פון דער אייראָפּעאישער. ד י י ר ו ש ה פ ו ן אַ ל ט ע ר ט ו ם האָט אויך פאַר זיי געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג. אין עגיפּטען, סיריען און קליינאַזיען האָבען זיך די אַראַבער בעקענט געמאַכט מיט דער גריכישער וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע. אין באַגדאַד און אין קאָרדאָוואַ האָט מען אַסך בעסער געקענט אַריסטאָטעל׳ען, ווי אין פּאַריז, אַפילו ווי אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. חוץ דעם האָט דער האַנדעל, ווי אויך זייערע נצחונות שטאַרק ענטוויקעלט אַזעלכע ז י י ט ע ן פון קולטורעלען לעבען ביי די מוסולמענער, פון וואָס אין אייראָפּאַ

האָט מען נאָך נישט געהאַט קײן פֿאָרשטעלונג. אין דער בליהונג פֿון דער מוסולמענישער קולטור האָבען אַ גרויסען אַנטײל גענומען, חוץ די אַראַבער, יודען, פּערזער, אינדוסען א. אַנד.



בילד 11.— דער דאָם אין רײמס, אַ מוסטער פֿון גאָטישען סטיל.

אין דער מוסולמענישער ליטעראַטור זענען געווען בעזונדערס פֿער־שפּרייט די ווערק וועגען פֿערשיעדענע רייזען און געאָגראַפֿישע בעשרייבונ־גען. די מוסולמענער האָבען פֿאָרטגעזעצט די מאַטעמאַטישע, נאַטור־וויסענ־שאַפֿטליכע און פֿילאָזאָפֿישע אַרבייטען פֿון די אַלטע גריכען. בעזונ־דערס פֿיעל האָבען זיי אויפֿגעטהון פֿאַר אַלגעבראַ, אַסטראָנאָמיע, מעדיצין און חעמיע.

אין דער קונסט האָבען זיי זיך נאָר אויסגעצייכענט מיט דער אַרכי־טעקטור. סקולפּטור און מאַלעריי האָט זיך ביי זיי נישט ענטוויקעלט, ווייל דער קאָראַן האָט פֿערבאָטען צו מאַכען און מאָלען בילדער. זייערע מעט־שעטען צייכענען זיך אויס מיט אַ בעזונדערען סטיל (דעם מויריטאַנישען, אָדער אַראַבישען) און האָבען פֿערשיעדענע פֿערפּוצונגען אויף די ווענד, וואָס זענען בעקאַנט מיט'ן נאָמען אַראַבעסקען. די מוסולמענישע גע־ביידען זענען געווען פּרעכטיג, לייכט און פֿאַנטאַסטיש. די גרעסטע ענט־וויקלונג האָט בעקומען דער מויריטאַנישער סטיל אין שפּאַניען. בעזונדערס האָט זיך אויסגעצייכענט דער פּאַלאַץ אַלהאַמבראַ אין גרענאַדאַ.

פֿון זייערע דאַמאָלסדיגע פּאָעטען איז בעריהמט פֿירדוזי (אין 11-טען יאָהרהונדערט) און האַפֿיז (אין 14-טען). אַלע פֿעלקער פֿון דער דאַמאָלסדיגער מוסולמענישער וועלט האָבען אנטייל גענומען אין דער זאַמ־לונג פֿון די פֿאַבעלען און מעשיות, וואָס איז בעקאַנט נאָך עד־היום אונ־טער דעם נאָמען „טויזענד און איין נאַכט“ (שטאַמען אָב פֿון 10-טען און 11-טען יאָהרהונד ערט).



## דריטער אבשניט.

# ווי עס האבען זיך געבילדעט די מלוכות פון די בעניימע אייראפעאישע פעלקער.

### ערשטעס קאפיטעל.

## ענגלאנד.

נאך קאנוט'ען, וואס האט פעראייניגט די דענער מיט די אנגלא-זאקסען, האבען זיך ווידער אנגעהויבען די קאמפפען צווישען די ענגלענדער און נארמאנען. א טייל האבען אויסגעקליבען דעם נארמענער וויל. העלם, און א טייל דעם זאקסען האראלד. הארלד האט בעזיעגט די נארמאנען, נאר ביי האסטינגס האט זיין חיל בעקומען א מפלה פון די פראנצויזען, וואס האבען זיך אריינגעמישט אין קאמפף. ווילהעלם דער ערשטער איז געווארען דער הערשער איבער גאנץ ענגלאנד. די זיעגער האבען פערחאפט די גאנצע ערד פון די זאקסען. דער בעל-הבית פון דער גאנצער ערד איז געווארען דער קעניג, וואס ער האט זי צוטיילט אלם לעהנען צווישען די סעניארען, וועלכע זענען געווארען צוליעב דעם זיינע וואזאלען. אזוי ווי ווילהעלם איז געווען דורך און דורך לויט זיין ערציעהונג א פראנצויז, איז ענגלאנד געווארען פראנצויזיש, ווייל די נרעסטע לעהנען האבען בעקומען די פראנצויזען, וואס האבען ווילהעלם'ען געהאלפען אין זיין נצחון. די לאגע פון די פויערן האט זיך אייגענטליך נישט פערענדערט, ווייל אנשטאט צו ארבייטען פאר'ן ענגלענדער, האבען זיי איצט געארבייט פאר'ן פראנצויזישען באראן.

ווי נאר ווילהעלם האט בעפעסטיגט זיין ממשלה, האט ער אריינגענומען אין זיינע ענערגישע הענד נישט נאר די זאקסען, נאר אויך די פראנצויזען, די סעניארען.

נאך ווילהעלם'ס זוהנ'ס טויט, היינריך דעם ערשטען, האבען זיך ווידער אנגעהויבען די שטרייטיגקייטען צוליעב דער ענגלישער קרוין. געזיעגט האט דער מאן פון ווילהעלם'ס אייניקעל, וואס איז געווען דער גראף פון אנזשו. אלס קעניג היינריך דער צווייטער האט ער

ענערגיש געקעמפּפט מיט די סעניאָרען. אין זיין צייט האָבען אויפגעהערט די רייסעררייען צווישען זיי. ער האָט צושטערט 350 בעפעסטיגטע שלעסער פון די סעניאָרען, וואָס זענען אויפגעבויט געוואָרען אין דער צייט פון די פערשיעדענע אָנפּאַלען און מיט וועלכע עס האָבען זיך דערנאָך אויסגע-



בילד 12. — דאָס אינעווייניגסטע אויסזעהן פון מעטשעט אין קאָרדאָוואַ.

נוצט די סעניאָרען, ווען זיי פלעגען פיהרען צווישען זיך די שטענדיגע מלחמות איינער מיט'ן אַנדערען. ער האָט שטאַרק געקעמפפט געגען די אונגערעכטיגקייטען פון די סעניאָרען און האָט צוגענומען פון זיי דעם גרעסטען טייל פון זייערע גערעכטס-פּריווילעגיעס.

היינריך האָט אויך נישט געוואָלט מסכּים זײַן, אַז די קירכע קאָן נאָר גע'משפּט ווערען פֿון דער קירכע אַליין און אַז פֿון די קירכענ-מיטגליעדער טאָר דער קעניג נישט נעהמען קיין שום אָבגאָב. ווען אַ קירכענ-מיטגליעד האָט בעגאַנגען אַ געוועהנליכען מאָרד אָדער אַ געוועהנ־



בילד 13. — דער מעטשעט קאַאיט-בײַ אין קאַאירא.

ליכע גנבה — האָט איהם דאָס קעניגליכע געריכט נישט געקענט משפּט'ען. דער קעניג האָט אויף קיין פֿאַל נישט געוואָלט אײַנשטימען אויף אַזאַ אָרדנונג. ער האָט אָנגעהויבען פֿיהרען אַ קאַמפּף מיט דער קירכע. אָבער די בעפֿעלקערונג האָט נישט פֿערשטאַנען דעם גאַנצען קאַמפּף, און האָט נעקוקט אויפ'ן קעניג, ווי אויף איינעם, וואָס וויל אָבנעהמען די אַלטע פֿרײַהייטען פֿון פֿאָלק צום נוצען פֿון קעניג. דער סוף

פון זיין ממשלה איז געווען אַטרויעריגער. אין די ענגלישע און פראַנצוי-
זישע בעזיצונגען איז מען מיט איהם געווען שטאַרק נישט צופריעדען.
זיינע אייגענע זיהן האָבען געפיהרט מיט איהם מלחמות. פאַר'ן טויט האָט
ער בעטראַכט זיין גאַנצען קאַמפף מיט די פעאָדאַלען און די פרעטענזיעס
פון דער קירכע פאַר אַ פערשפּיעלטען, און זיינע לעצטע ווערטער זענען
געווען „וועה און ווינד איז צו דעם בעזיעגטען קעניג״.



בילד 14. — דער פאלאץ אלהאמברא (מאורישער סטיל).

די זיהן פון היינריך דעם צווייטען האָט זיך אויך נישט איינגעגעבען
צו בעפעסטיגען די מאַכט פון קעניג. דער עלטערער ריכאַרד ליי בענ-
האַרץ (מיט'ן צונאָמען) איז געווען אַנ'אמת'ער ריטער לויט זיינע מעלות.

אָבער אַ שלעכטער מלוכה־פערוואַלטער. נאָך ערגער איז געווען די פערוואַלטונג פון יאָהאַן אָהן ערד. ער האָט געפּרובט צוערשט קעמפּפען מיט דער קירכע, נאָר וויבאַלד דער פּויפּסט האָט אַרויסגעלעגט אַנ׳אינטערדיקט אויף זיינע פּראָווינצען, האָט ער אומגעקעהרט דעם דייכסעל פון זיין פּאָליטיק, אַוועקגעלעגט צו די פיס פון פּויפּסט אינאָקענטיוס זיין קרוין און האָט צוריק בעקומען פון איהם זיין לאַנד, ווי אַ לעהן; ער איז געוואָרען אָפיציעל דער וואַזאַל פון פּויפּסט. די בעפעלקערונג איז געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט צוליעב דער ערניעדערונג, וואָס דער קעניג האָט זיך אין זיין לאַנד אָנגעטהון. צו דער אייגענער צייט האָבען די פראַנצויזען אָבגענומען ביי די ענגלענדער אַ פּראָווינץ נאָך אַ פּראָווינץ.

נישט קוקענדיג דעריף, איז יאָהאַן געווען נאָך אַ שטרענגערער קעניג צו די ענגלענדער, ווי זיינע פאָרגענגער. ווען עס פלעגט שטאַרבען אַ באַראָן, פלעגט ער איינמאָהנען ביי די יורשים אַ גרויסען אָבגאָב, אייִדער ער פלעגט בעשטעטיגען די ירושה. ווען דער יורש פלעגט זיין נאָך אַ נישט־דערוואַכסענער, פלעגט ער ווערען זיין אַפּיעקון און בעל־הבית׳עווען אין געשטאָרבענעם באַראָנ׳ס גיטער, ווי עס פלעגט איהם איינפאַלען אין קאָפּ. ווען עס פלעגט בלייבען נאָכ׳ן געשטאָרבענעם בלויז אַ טאָכטער, פלעגט ער זי נויטען חתונה צו האָבען מיט דעם אָדער יענעם ריטער, וואָס פלעגט ביי איהם פריהער „קויפען״ די כלה פאַר אַ געוויסע סומע געלד. פאַר די קלענסטע זאַכען פלעגט ער קנס׳ענען מיט גרויסע שטראָפען.

## די גרויסע חאַרטיע.

די געדולד פון די באַראָנען האָט סוף כל סוף געמוזט פּלאַצען, ווען דער ענגלישער חיל האָט בעקומען אין 1214 אַ גרויסע מפּלה אין פלאַנדריען און דער קעניג איז געקומען אַ בעזיעגטער מיט אַ רוהיגען געמיט פאָדערען פון זיינע וואַזאַלען נייע הוצאות אויף קריעג. די באַראָנען פון צפון־ענגלאַנד האָבען זיך דאַמאָלס פערזאַמעלט און בעשלאָסען אַרויסצוטרעטען געגען קעניג מיט וואַפען אין די הענד. דער חיל, וועלכען זיי האָבען אַרויסגעשטעלט געגען קעניג, האָט זיך גערופען „דער חיל פון גאָט און פון דער קירכע״. פון גאַנץ ענגלאַנד האָט מען געשטיצט די בונטאָווּשטשיקעס און יאָהאַן האָט זיך געמוזט אונטערגעבען. אין יאָהר 1215 האָט יאָהאַן געמוזט אונטערשרייבען „די גרויסע חאַרטיע (כתב) פון די

פּריַיהייַטען". דורך דעם כתב האָבען זיך די באַראָנען בעוואָרענט אַלס וואַזאַלען פון קעניג, דערבייַ האָבען זיי אָבער געדענקט נישט נאָר וועגען זיך, נאָר אויך בעוואָהרענט מיט אַסך פּריַיהייַטען די גאַנ-צע בעפעלקערונג, ווי די ריטער, די קירכע, די שטאָדטיגע אייַנ-וואָהנער, אַפילו אויך די פויערן. עס איז בעשטימט געוואָרען דער אָבגאָב, וואָס אַ יורש דאַרף צאָהלען בייַם איבערנעהמען די ירושה. עס איז פער-באָטען געוואָרען די סעניאָרען אַריבערצוגעהען געוויסע גרענעצען בייַם איבערנעהמען אין אָפּיעקע אַ בעזיצונג פון אַ באַראָן, וואָס האָט נישט געלאָזען קיין ערוואַכסענע קינדער, אָדער ביים חתונה-מאַכען די טעכטער פון געשטאָרבענעם. מיט שטראָפען קאָן מען נאָר אַזוי פיעל קנס'ענען, אַז מען זאָל נישט ברייַנגען דעם בעשטראָפטען צו אַ פאָלשטענדיגער פער-אָרימטקייַט. דער קעניג האָט פערשפּראָכען, אַז ער וועט קייַנמאָל נישט אַרעסטירען אַ פרייַען מענשען, אָדער קאָנפיסקירען זייַן פערמעגען, אָהן דעם בעשלוס פון געזעץ און אָהן דעם געריכט פון די פערען (די ערשטע אין לאַנד), וואָס גיעבען אַרויס דעם דאָזיגען פסק. עס ווערען אין כתב בעשטימט די רעכ-טען פון די קירכען און די שטאָדטיגע געמייַנדען. אָבגאַבען און קאָנטרי-בוציעס קענען נאָר דאַמאָלס אייַנגעמאָהנט ווערען, ווען דאָס ווערט בעשלאָסען אויף דעם צוזאַמענפאָהר פון די וואַזאַלען. ענדליך בעשטימט דער כתב, אַז אַ קאָמיסיע פון 25 באַראָנען דאַרף אכטונג געבען, אַז די דאָזיגע האַרטיע זאָל ווערען ריכטיג אָבגעהיט; אין פאַל, ווען דער קעניג וועט געהען געגען דער האַרטיע פון די פרייַהייַטען, דאַרף מען באַלד, נישט געזוימט, אָנהויבען אַ קאַמפף געגען קעניג.

דער לעצטער פונקט אין כתב איז געווען דערום זעהר וויכטיג, ווייַל יאָהאַן איז נישט געווען פון די מענשען, וואָס האַלטען וואָרט. באַלד מאַ-קי נאָכ'ן אונטערשרייַבען פון כתב האָט ער גע'פועל'ט בייַם פּויפּסט, אַז ער זאָל איהם פרייַ מאַכען פון זייַן פערשפּרעכען, צונויפגעזאַמעלט חיל און אָנגעהויבען אַ קריעג געגען די באַראָנען. צום גליק פאַר ענגלאַנד, איז ער באַלד געשטאָרבען. זייַן נאָך נישט דערוואַכסענער זוהן הייַנריך דער דריטער האָט ווידער אונטערגעשריעבען די האַרטיע און פון דאַמאָלס אָן איז זי געוואָרען דער פונדאַמענט פון דעם מלוכה-סדר אין ענגלאַנד.

צו הייַנריכ'ס צייַטען האָבען די אָנגעפאָהרענע פראַנצויזען און אי-טאַליענער בייַם קעניגליכען הויף בעקומען אַ גרויסען אייַנפלוס אויף ענגלאַנד. די מאַסען אָנגעפאָהרענע פרעמדע האָבען שטאַרק אויפגערעגט די געבאָ-

רענע ענגלענדער, וואָס זענען שוין צו דער צײַט געווען אײן פֿאָלק, אָהן שום אונטערשײד צווישען די, וואָס האָבען געשטאַמט פֿון די זאַקסען אָדער נאָרמאַנען.

ווידער האָט זיך אָנגעהויבען אַ מלחמה מיט פראַנקרײַך, און וויעדער האָבען די ענגלענדער קײן סך נישט אויסגעפֿיהרט. בעזונדערס שטאַרק האָט פֿיינד געהאַט די אָנגעפֿאָהרענע הויפֿלײַט (וועמען די באַראָנען האָבען בעשולדיגט פֿאַר אַלע פֿעהלערען אין קריעג) סימאָן דע-מאָנפֿאָר, גראַף לעסטער. ער איז געווען אַ בעגאַבטער זעלבסטשטענדיגער מענש און איז באַלד נאָך אַ פֿריהערדיגער הויף-קאַריערע צוגעשטאַנען צו די אונצופֿריעדענע ענגלישע באַראָנען. די באַראָנען האָבען ענדליך אויסגעפֿיהרט, אַז די פֿערוואַלטונג פֿון לאַנד זאָל ווערען אינגאַנצען אָבּהענגיג פֿון זײ. די בעפֿעלקערונג איז דערמיט נישט געווען שטאַרק צופֿריעדען, ווײַל איצט האָבען געדריקט דאָס לאַנד די ענגלישע הויפֿלײַט נאָך אַ סך מעהר, ווי די אָנגעפֿאָהרענע. הײנריך האָט געפּרובט זיך בעפֿרײַען פֿון דער באַראָנענ ממשלה, אָבער אין דער מלחמה מיט זײ איז ער געפֿאַנגען געוואָרען. דער פֿיהרער פֿון ענגלאַנד איז געוואָרען דער סימאָן דע-מאָנפֿאָר, גראַף לעסטער, וואָס האָט שטאַרק און אויף אַ נוצליכען אופֿן רעפֿאָרמירט די מלוכה-פֿערוואַלטונג אין ענגלאַנד. די פֿערוואַלטונג האָט זיך געפֿיהרט צו זײַן צײַט דורך אַ ראַט פֿון 10 מענשען, נאָר די וויכטיגסטע מלוכה-בעשלוסען האָט ער איבערגעגעבען דעם צוזאַמענפֿאָהר פֿון די פֿערטרעטער פֿון דער גאַנצער פֿרייער ענגלישער בעפֿעלקערונג. ער האָט זיך נישט בעגנוגענט דערמיט, וואָס ער האָט גערופֿען אין דעם דאָזיגען „פּאַרלאַמענט” די באַראָנען און די הויכע פֿאָרשטעהער פֿון דער קירך, נאָר ער האָט אין 1265-טען יאָהר צושיקט אײַנלאַדונגען אין אַלע גראַפֿסטוועס און שטעדט, און די לאַנד-בעזיצער פֿון יעדער גראַפֿסטוואָ, ווי די שטאָדטיגע אײַנוואָהנער פֿון יעדער שטאָדט, האָבען אויסגעקליעבען צו צוויי דעפּוטאַטען אויף זיך צו בעטײליגען אין פּאַרלאַמענט. נאָר מאָנפֿאָר האָט נישט לאַנג געוועלטיגט איבער ענגלאַנד, די באַראָנען האָבען גע'טענה'ט, אַז ער האָט בעגרענעצט זײערע רעכטען, און די קעניגס-פּאַרטײ האָט אָנגעהויבען פֿיהרען געגען איהם אַ מלחמה. דער קלײנער חיל פֿון מאָנפֿאָר'ען איז בעזיעגט געוואָרען. אַלײן איז ער דער'הרג'עט געוואָרען אין דעם דאָזיגען קריעג, און אויפֿ'ן טהראָן איז אַרויף עדוואַרד דער ערשטער. בײַם פֿאָלק איז מאָנפֿאָר'ס נאָמען אָבער שטאַרק אויסגעוואַכסען און זײַן געגנער, עדוואַרד, ווערענדיג קעניג, האָט זיך בע-

נוצט מיט זײַנע הויפּט-רעפֿאָרמען: אָנגעהויבן פֿערזאַמלען אין וויכטיגע מלוכה-ענינים נישט נאָר די פֿעאָדאַלען נאָר אויך פֿערטרעטער פֿון די גראָפֿסטוועס און די שטעדט. דעריבער רעכענט זיך אין ענגלאַנד סימאָן-דע-מאָנפֿאָר, גראַף לעסטער, פֿאַר דעם בעגרינדער פֿון ענגלישען פּאַרלאַמענט.

עדוואַרד פֿלעגט אָפֿט צונויפֿרופֿען דעם פּאַרלאַמענט, און האָט זיך אַפילו אָבגעזאָגט אַרויפֿצולעגען אָבגאַבען אָהן דער צושטימונג פֿון פּאַרלאַמענט. ער פֿלעגט זיך שטענדיג ווענדען צום פּאַרלאַמענט וועגען שטיצע, ווײַל ער איז געווען שטענדיג פֿערוויקעלט אין פֿערשיעדענע מלחמות. ער האָט בעהעפֿט צו ענגלאַנד שאָטלאַנד. די שאָטלענדער האָבען נישט געוואָלט זײַן אונטערטעניג ענגלאַנד און פֿלעגען אָפֿט זיך בונטעווען. חוץ דעם האָט ער געזוכט צו בעפֿעסטיגען די ענגלישע בעזיצונגען אין דרום-פֿראַנקרײַך. אויף אַלץ אָבער האָט ער געפֿונען צײַט, און ער האָט נאָך אַ סך אויפֿגעטהון אויף צו פֿערבעסערען די ענגלישע געזעצען.

זײַן אײניקעל **עדוואַרד דער דריטער** האָט פֿאָרטגעזעצט די מלחמות פֿון זײדען. ער האָט אָנגעהויבן אַ בלוטיגע מלחמה מיט פֿראַנקרײַך, וואָס האָט געדויערט 100 יאָהר. די סבּות פֿון דאָזיגען קריעג זענען געווען: 1) ווײַל די פֿראַנצויזען האָבען געשטיצט שאָטלאַנד אין זייער קאַמפּף מיט ענגלאַנד, 2) האָט ענגלאַנד אַרויסגעפֿיהרט אַ סך וואָל קײַן פֿלאַנדריען, וואו די וואָל פֿלעגט ווערען פֿעראַרבײַט אין טוך, און דערום האָבען די ענגלענדער געהאַלטען פֿאַר די פֿלאַנדרישע שטעדט, וואָס פֿראַנקרײַך האָט געוואָלט צונעהמען פֿאַר זיך, 3) האָבען די פֿראַנצויזען געוואָלט דעם געפֿעהרליכען געגנער אַרויסשטופּען פֿון פֿראַנקרײַך, וואו ענגלאַנד האָט געהאַט אַ סך פּראָווינצען, 4) האָט נאָך עדוואַרד געהאַט פּרעטענזיעס אויף דער פֿראַנצויזישער קרוין. זײַן מוטער איז געווען אַ פֿראַנצויזין, די טאָכטער פֿון פֿיליפּ דעם פֿיערטען, און ווען עס זענען געשטאָרבען אַלע איהרע ברידער, נישט איבערלאָזענדיג קײַן זיהן, האָט עדוואַרד פֿערלאַנגט, אַז די פֿראַנצויזישע קרוין זאָל אַריבער צו איהם בירושה, נאָר אין פֿראַנקרײַך האָט מען זיך געהאַלטען פֿאַר'ן כלל, אַז פֿרויען און די יורשים פֿון פֿרויען טאָרען נישט ירש'ענען די מלוכה-קרוין. דערום איז אויפֿ'ן טהראָן אַרויף דער נאָהענטעסטער קרוב פֿון לעצטען קעניג אין דער **מעגליכער ליניע, פֿיליפּ דער זעכסטער פֿון וואַלואַ.**

## דער פּויערן-בונט.

צום אונטערשיעד פֿון גאַנץ מערב-אײראָפּאַ, האָט ענגלאַנד צוליעב

זיין בעסערען מלוכה-סדר אָנגעהויבען שטארק צו וואַכסען. פֿון אײַביגע צײַטען איז אין ענגלאַנד געווען אַ שטאַנד פֿון פֿרײַע פּויערן, וואָס זענען נישט געווען אַבהענגיג פֿון דער פֿעאָדאַלער מאַכט. דער דאָזיגער שטאַנד איז שטענדיג געוואַכסען, ווײַל צו איהם פֿלעגען צושטעהען די פּויערן, וואָס פֿלעגען זיך אָבקויפֿען בײַ'ם גוטס-בעזיצער. נאָר וואָס גרעסער עס איז געוואָרען דער שטאַנד פֿון די פֿרײַע פּויערן, אַלץ בעסער איז געוואָרען זײער לאַגע, אַלץ מעהר פֿלעגען זײ ווערען דערצאָרנט דורך די אונגערעכטיגקײַטען פֿון די באַראָנען; און דערבײַ פֿלעגט בײַ די פֿערקנעכטעטע פּויערן אַלץ קלאָרער ווערען זייער שלעכטער מצב, אין פֿערגלײַך מיט די פֿרײַע פּויערן. צווישען פֿערשיעדענע קלאַסען פֿון דער ענגלישער בעפֿעלקערונג האָבען זיך אָנגעהויבען צו שטאַרקען די סכסוכים. בעזונדערס שטאַרק זענען זײ געוואָרען צו די צײַטען פֿון עדואַרד'ס אײניקעל ריטשאַרד דעם צווייטער, וואָס איז אַרויף אויפֿ'ן טהראָן אין 9. יעהריגען עלטער. אין 1381 האָבען באַנדעס פּויערן זיך פֿערזאַמעלט אין דרום-ענגלאַנד און פֿון דאָרטען האָבען זײ גענומען צינדען די שלעסער, פֿערברענען די רײַסטערס פֿון די אָבגאַבען און אויס'הרג'ענען די גוטס-בעזיצער און די יוריסטען. איין באַנדע האָט אײַנגעדרונגען אין לאָנדאָן און זיך פֿעראײַניגט מיט די בעלי-מלאכות. מען האָט גע'הרג'ט דעם אַרכיעפּיסקאָפּ, עטליכע ריכטער און אַדוואָקאַטען. דער יונגער קעניג איז דאַמאָלס אַרויס צו די בונטאָווטשיקעס און האָט אונטערגעשריבען אַ כתב, לויט וועלכען איז גאַנץ ענגלאַנד איז אָבגעשאַפֿט געוואָרען די לײב-אײגענשאַפֿט (פּאַנשטשיזנאַ) און אַלע פּויערן זענען געוואָרען פֿרייע בירגער. אַ דאַנק דעם כתב, זענען די מײסטען בונטאָווטשיקעס זיך צוגעגאַנגען אַהײם. צו די איבערגעבליעבענע איז ווידער אַרויס דער קעניג. בײ די צווײטע אונטערהאַנדלונגען האָט דער לאָנדאָנער מער (שטאָדט-הויפּט) ערמאָרדעט דעם פֿיהרער פֿון די רעוואָלוציאָנערען וואָט טאַילער, און אַלע הנחות, וואָס זענען געגעבען געוואָרען די צובונטעוועטע פּויערן, האָט מען ווידער בטל געמאַכט. דער קעניג און זײנע העלפֿער האָבען מיט חיל צוטריעבען די באַנדעס פּויערן; אין אַלע גראַפֿסטוועס האָט מען גענומען אויס'הרג'ענען איטליכען, וואָס איז געווען פֿערמישט אין בונט.

הײנריך דער פֿינפֿטער (1413—22) האָט ענדליך בעקומען דאָס אויבערגעוויכט איבער פֿראַנקרײַך. ער האָט פֿערנומען פּאַריז און איז אַנערקענט געוואָרען פֿאַר אַ פֿראַנצויזישען קעניג. אָבער דערמיט האָט זיך נאָך

דער לאַנגער קריעג נישט געענדיגט. נאָך הײנריכ׳ס טױדט האָט פראַנקרײך דערשפירט בײַ זיך אַ גרױסען פּאַטריאָטיזם. די ענגלענדער האָבען פער־לאָרען אַ שטאָדט נאָך אַ שטאָדט, פון זײ האָט זיך אָבגעזאָגט אױך זײער הױפּטהעלפער אין קריעג דער הערצאָג פון בורגונדיען, און פון אַלע זײ־ערע נצחונות איז ענגלאַנד איבערגעבליעבען נאָר איין שטאָדט קאַלע.

אין ענגלאַנד גופא האָבען אין משך פון גאַנצען 15-טען יאָהרהונדערט נישט אױפגעהערט די גרעסטע אונאָרדנונגען. עס האָבען זיך געבילדעט אין לאַנד צװײ פּאַרטײען, װאָס האָבען געהאַלטען פאַר צװײ דינאַסטיעס. די פּאַרטײ פון דער װײַסער רױז*), פאַר װעלכע עס האָבען געהאַל־טען די האַנדעלס-בעפעלקערונג פון דרום-ענגלאַנד, און די פּאַרטײ פון דער רױטער רױז**), פאַר װעלכע עס האָט געהאַלטען די קריעגערישע און האַלב-פערװילדעטע בעפעלקערונג פון צפון-ענגלאַנד. בײדע פּאַרטײען האָבען געפיהרט בלוטיגע מלחמות. דאָ פלעגט זיעגען איין פּאַרטײ, דאָ אַ צװײטע, ענדליך האָט געזיעגט די „רױטע רױז״, װאָס האָט געהאַלטען פאַר די לאַנקאַרסטערשע דינאַסטיע, און די קרױן איז אַריבער צום לעצטען לעבעדיג-געבליעבענעם פערטרעטער פון דעם הױז,— צו הײנריך טיודאָר.

טיודאָר האָט אָנגענומען דעם נאָמען הײנריך דער זיעבענטער. ער האָט געזוכט צו פערענדיגען דעם קריעג פון די פּאַרטײען, דערום האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ פּרינצעסין פון דער יאָרקשיער דינאַסטיע (פאַר װעלכע עס האָט געקעמפּפט די װײַסע רױז) און האָט אין זײַן הערב פער־אײניגט די װײַסע מיט דער רױטער רױז (1485).

די מלחמה צװישען די בײדע פּאַרטײען האָט שטאַרק אָבגעשװאַכט די גרױסע אַריסטאָקראַטיע. עס האָבען אָנגעהױבען צו שפּיעלען אַ ראָלע די מיטעלערע און קלענערע אַדעללײט, װאָס פלעגען פערװאַל־טען מיט די גראַפּסטװעס און שיקען דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט. גלײַכ־צײַטיג האָט די „אונטערע פּאַלאַטע״, װאָס איז בעשטאַנען פון די פערטרע־טער פון די גראַפּסטװעס און שטעדט, בעקומען אַ גרעסערע בעדײטונג אין פּאַרלאַמענט, און די „אױבערשטע פּאַלאַטע״ װאו עס פלעגען זיצען די הער־צאָגען, גראַפען און עפּיסקאָפּען, װאָס פלעגט ביז איצט פיהרען אַלע אַנ־געלעגענהײטען, איז אַרונטער אױפ׳ן צװײטען פּלאַן. דער פּאַרלאַמענט איז געװאָרען שטאַרקער פון קעניג צו קעניג. דאָס מיטעלאַלטער פאַר ענגלאַנד

---

*) דער סימן פון דער אָנגעהעריגקײט צו דער יאָרקשער פּאַרטײ.

**) דער סימן פון דער אָנגעהעריגקײט צו דער לאַנקאַרסטער פּאַרטײ.

האָט זיך געענדיגט דערמיט, וואָס דאָס לאַנד איז אַרוים פֿון אַלע אונאָר-דנונגען און מלחמות, אַלס אַ לאַנד, וואו עס הערשט אַ נאַציאָנאַלע מאָנאַרכיע און וואָס ווערט בעגרענעצט פֿון אַ פּאַרלאַמענ-טאַרישער מאַכט.

---

## צווייטעס קאַפּיטעל.

## פֿראַנקרייך.

ענדע 10-טען יאָהרהונדערט איז שוין פֿראַנקרייך געווען אַ פּאַרטיגע פֿעאָדאַלע מלוכה. דאָס לאַנד איז צופֿאַלען אין אַ סך זעלבסטשטענדיגע בעזיצונגען, וואָס זענען געווען שוואַך פֿערבונדען צווישען זיך דורך דעם וואַזאַלען-סיסטעם.

די קאַראָלינגער-קעניגען האָבען פֿערלאָרען דעם איינפֿלוס אינ׳ם לאַנד אין 987-טען יאָהר האָבען די פֿעאָדאַלען אויסגעקליבען הוגאָ-קאַפּעט, אַ הערצאָג פֿון איל דע פֿראַנס, וואָס האָט בעגרינדעט די קאַפּעטינגער דינאַסטיע. די ערשטע קאַפּעטינגער האָבען נישט פֿערשטאַרקט זייער מאַכט. זיי האָבען נאָר געזעהען, אַז דער קעניגס-טיטעל זאָל בלייבען בירושה אין דער משפחה. צו דעם צוועק פֿלעגען זיי נאָך ביים לעבען קרוינען זייער יורש. אין עלפֿטען יאָהרהונדערט האָט פֿראַנקרייך דורכגעלעבט שווערע צייטען: דעם אָנפֿאַל פֿון די נאָרמאַנען, ווילהעלם האָט בעצוואונגען ענג-לאַנד, אורבאַן דער צווייטער האָט אָבגעצויגען די ריטער צום ערשטען קרייצצוג. נאָר אין אַלע די געשעהענישען האָבען די קאַפּעטינגער נישט גענומען קיין שום אנטייל; זיי זענען זיך געזעסען אין פּאַריז, פֿלעגען זיך בעגנוגענען דערמיט, וואָס זיי פֿלייען איינגעהמען דעם אָדער יענעם ריטער-שלאָס און פֿלעגען זיך מיט מיה פֿערטיידיגען פֿון די שכנים, בעזונ-דערס פֿון די נאָרמענישע הערצאָגען. ביסלעכווייז אָבער האָבען זיי בע-פֿעסטיגט זייער מאַכט. אַ בעזונדערע שטיצע האָבען זיי בעקומען פֿון דער קירכע. די קירכע האָט געהאַט אַ סך גיטער. איהר איז אויך געווען שווער זיך צו פֿערטיידיגען פֿון די סעניאָרען, און דערום איז פֿאַר איהר וויכטיג געווען, אַז דער קעניג זאָל איינפֿיהרען אין לאַנד אַ פֿעסטע און אַ שטרענ-גע אָרדנונג.

חוץ דער קירכע האָבען די קאַפּעטינגער בעקומען אַ שטיצע פֿון די שטעדט, וואָס האָבען געוואָלט פּטור ווערען פֿון די סעניאָרען. די שטעדט האָבען געהאַט אייגענע פֿעסטונגס-מויערען, און אָפֿטמאָלס פֿלעגען

זײ זיך אין די מויערן פֿערטײדיגען געגען די קאַפּריזען פֿון די סעניאָרען,
יי סעניאָרען אַלײן האָבען אויך געפֿיהלט די מאַכט פֿון די האַנדעלס-שטעדט,
אזוי פֿלעגען זײ אַלײן געבען אָפֿט פֿערשיעדענע פּריווילעגיעס. ווען אַ



בילד 15 — אַ מוסטער פֿון די שטאָדטישע בעפֿעסטיגונגען אין מיטעלאַלטער.

שטאָדט פלעגט זיך בעפרייען פון איהר סעניאָר, פלעגט זי ווערען אַ מין רעספובליק (קאָמונע) מיט אַ געוועהלטען מאַגיסטראַט, מיט אַ ראַט פון די פערמעגליכע בעלי־הבתים און מיט אַ שטאָדט־פערזאַמלונג, אין וועלכער עס פלעגען זיך בעטייליגען אַלע דערוואַכסענע מענער פון דער שטאָדטיגער געמיינדע.

און דערום איז צוגעקומען, צוליעב דער ענטוויקלונג פון די שטעדט, חוץ די ריטער און די קירכען־פאָרשטעהער, נאָך אַ דריטער שטאַנד, אָדער שטאַט (ווי מען זאָגט אין פראַנקרייך), די שטאָדטיגע איינוואהנער פון די פריווילעגירטע און פרייע שטעדט (tier-état). דאָס, וואָס זיי האָבען זיך ביסלעכווייז בעפרייט פון יאָך פון די פעאָדאַלען, האָט אָבגעשוואַכט די סעניאָרען. די אינטערעסען פון די שטעדט און די קירכען האָבען האַר־מאָנירט מיט די אינטערעסען פון קעניג, וואָס האָט געשטרעבט איינצופיה־רען אַ בעסערען סדר אין לאַנד, און דערמיט אָבצושוואַכען זיינע נאַטיר־ליכע נעגנער, די סעניאָרען.

דער ערשטער פון די קאַפעטינגער, וואָס האָט בעקומען אַן איינפלוס אויף גאַנץ פראַנקרייך, איז געווען פיליפ דער צווייטער. ער האָט זיין גאַנצען לעבען געפיהרט קריעג מיט די ענגלענדער, וואָס האָבען געהאַט אין פראַנקרייך זייערע בעזיצונגען. ער האָט צוגענומען פון די נאָרמאַנער נאָרמאַנדיען. צו זיין צייט האָט מען איינגעפיהרט אַ קעניגליכע אַד־מיניסטראַציע, וואָס האָט פערוואַלטעט מיט די בעזונדערע פראָווינצען, און פלעגט פון די בעקומענע אָבגאַבען אויפהאַלטען דעם קעניגליכען הויף און זיין אַרמעע.

## לודוויג דער פרומער.

זעהר שטאַרק האָט זיך ענטוויקעלט די קעניגליכע מאַכט צו זיין אייניקעלס צייטען, לודוויג דער נייגטער, דער פרומער. ערשטענס האָט ער דורך זיין פרומער געהעכטער הנהגה דערוואָרבט צו זיך ביי די פראַנצויזען אַ גרויסע אַכטונג. זיי האָבען איהם בעטראַכט אַלס דעם אָפּ־קון פון אַלע דערשלאָגענע, שוואַכע און געדריקטע. ער האָט חנאה גע־האַט צו זיצען נאָכמיטאָג אונטער זיין דעמבע, וואָס ביים פאַלאַץ, און אָננעהמען אַלערליי בקשות פון זיינע אונטערטאַנען. ער האָט נישט גע־מאַכט קיין חלוק צווישען אָרעם און רייך, צווישען אידעלע און געמיינע לייט. איינעם אַ מעכטיגען באַראָן האָט ער אַריינגעזעצט אין געפענגניש דערפאַר, וואָס ער האָט אייגענוויליג זיך אכזריות׳דיג בעגאַנגען מיט עטלי־



בילד **16** — דאָס ראַטהויז פֿון בריגע. אַ מוסטער פֿון אַ מיטעלאַלטערליכען שטאָדט-געביידע.

יענער, וואָס האָבען געטריעבען געיעג אין באַראָנס וועלדער. זיין אייגענעם ברודער האָט ער בעשטראָפט מיט אַ געלדשטראָף דערפאַר, וואָס זיינע לייט האָבען בעראַבעוועט דורכרייזענדע סוחרים. לודוויג דער 9-טער האָט געהערשט אין אַזאַ צייט, ווען די גערמאַנישע מנהגים און דאָס פעאָדאַלע רעכט האָבען שוין נישט געהאַט ביי קיינעם קיין שום ווערדע.

פון איטאַליען אויס האָט זיך אָנגעהויבען צו פערשפרייטען דאָס רזימישע רעכט, דאָס רעכט, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען צו יענער געבילדעטער צייט, ווען רוים איז געווען אַ שטאַרקע גוט איינגעאָרדענטע מלוכה. די פראַנצויזישע יוריסטען, וואָס האָבען זיך אויסגעבילדעט אין באָלאָניע, פאַריז, אָרלעאַן, האָבען געשטרעבט דאַמאָלס אָנצווענדען צו פראַנקרייך די אייגענע גוטע און קלוגע געזעצען בנוגע צו די רעכטען פון דער מלוכה און פון איטליכען אונטערטאַן, מיט וועלכע זיי האָבען זיך בעקענט פון יוסטיניאַנוס'ס געזעצען-זאַמלונג. אויף די פערפלאָנטערטע און פערגרעבטע געזעצען פון דער פעאָדאַלער עפּאָכע האָבען זיי געקוקט מיט גערינגשעצונג און פעראַכטונג. לודוויג האָט זיך שטאַרק אויסגענוצט מיט די דאָזיגע שטרעבונגען, בכדי צו בעזייטיגען אַ סך נאַרישקייטען און אונגערעכטיגקייטען פון די פעאָדאַלע רעכטען.

ערשטענס האָט ער בטל געמאַכט דעם משפט דורך אַ צוויי-קאַמפף (אַ דועל צווישען די צדדים). זיינע ריכטער האָבען געמוזט פיהרען דעם פראָצעס אויפ'ן סמך פון עדות און דאָקומענטען, וואָס איטליכער צד שטעלט צו. דערביי פלעגען פיהרען די פראָצעסען לויטער יוריסטען און געלעהרטע אַדוואָקאַטען. בייזיצער פון פאָלק, ווי אין ענגלאַנד, זענען נישט געווען. לודוויג האָט זיך געמיהט, אַז אַלע פראָצעסען זאָלען אַריין אין קעניגליכען געריכט. ער האָט מודיע געווען, אַז יעדער, וואָס איז נישט צופריעדען מיט דעם משפט פון די פעאָדאַלען, קאָן אַריבערטראָגען זיין פראָצעס צום קעניגליכען געריכט. און אַזוי, ווי די פראָצעסען זענען מיט יעדען טאָג געוואַכסען אין דעם קעניגליכען געריכט, האָט ער איינגעאָרדענט פאַרלאַמענטען. דאָ איז געווען אַנ'אַנדער פאַרלאַמענט, ווי אין ענגלאַנד, וואו פערטרעטער פון לאַנד פלעגען בעקלערען מלוכה-ענינים. דאָס זענען געווען געריכטס-פּאַלאַטעס, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט מיט קרימינעלע און ציווילע פראָצעסען. דער הויפּטפּאַרלאַמענט איז געווען אין פאַריז, שפּעטער זענען צוגעקומען די פאַרלאַמענטען פון די איינגענומענע פראָווינצען, ווי אין רויאַן, טולוז, רען א. א. וו.

נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די נישט גליקליכע בעטייליגונג אין קרייצצוג האָט לודוויג'ען אָבגעצויגען פון דער מלוכה-אַרבייט, נאָך דעם אַלעם איז די אַכטונג און די ליעבע, וואָס מען האָט צו איהם געפיהלט,



בילד 17 — אַ צווייקאַמף (גאָטס אורטייל).

אין גאַנץ פראַנקרייך נישט געמינערט געוואָרען. נאָך זיין טויט (1270) איז ער פערבליעבען אין זכרון פון פאָלק מיט'ן נאָמען לודוויג דער פרומער

## די גענעראַל־שטאַטען.

זיין אייניקעל, פיליפּ דער שענער, האָט פיעל אויפגעטהון צו שאַפען אַ פינאַנצ־סיסטעם פאַר דער מלוכה. פיליפּ האָט נישט געהאַט די מעגליכקייט איינצוואָרדנען די פינאַנצען פון דער מלוכה איינענ־ווייליג. ער איז נאָר געווען דער ערשטער פון פיעלע קעניגען אין פראַנק־רייך, און דערום האָט ער ביי וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען אָנגעהויבען צו־נויפרופען צוזאַמענפאָהרען, אויף וועלכע עס פלעגען זיך צונויפקומען די באַראָנען, די פאָרשטעהער פון דער קירכע און פון די פרייע שטעדט. די דאָזיגע צוזאַמענפאָהרען האָבען זיך גערופען גענעראַל־שטאַטען און זיי זענען עהנליך געווען צום ענגלישען פאַרלאַמענט. נאָר די שטאַנ־דען זענען אין די שטאַטען געווען שטאַרקער אָבגעשיידט, ווי אין ענגלישען פאַרלאַמענט. איטליכער שטאַט, אָדער שטאַנד, פלעגט פיהרען זיינע בע־ראַטונגען בעזונדער. די ריטער פלעגען זיצען צוזאַמען מיט די באַראָנען, און נישט ווי אין ענגלאַנד, וואו אַלע ריטער צוזאַמען פון אַ גראַפּסטוואָ האָבען געהאַט זייער אייגענעם בעזונדערען פערטרעטער. מיט דער הילף פון די גענעראַל־שטאַטען האָט פיליפּ דערגרייכט, אַז ער זאָל קענען בע־לעגען דאָס לאַנד מיט אַנ'אַלגעמיינעם אָבגאַב. שטאַרקער פאַר אַלעמען האָבען פראָטעסטירט דאַגעגען די פערטרעטער פון די קירכען. זיי זענען אַרויס מיט דער אַלטער טענה, אַז די וועלטליכע מאַכט טאָר נישט נעה־מען קיין אָבגאַב פון דער קירכע און טאָר קיין קירכענ־פערטרעטער נישט משפט'ען אָהן דער ערלויבניש פון פויפּסט. די דאָזיגע טענה, וואָס האָט נאָך אין 12־יאָהרהונדערט געהאַט אַזאַ מאַכט, האָט איצט, אין 14־טען יאַהרהונדערט, ווען דער פויפּסט באָניפאַציוס איז אַרויס געגען פיליפּ'ען, שוין קיין שום ממשות נישט געהאַט. די מייסטען זענען געשטאַנען אויפ'ן צד פון פיליפּ'ען. ער אַליין האָט זיך אויסגעלאַכט פון פויפּסטס בולעס (התראה־בריעף), און האָט איינגעשפּאַרט אין געפענגעניש דעם שליח פון פויפּסט. און ווען דער פויפּסט האָט איהם אַריינגעלעגט אין חרם, האָט ער קיין איטאַליען געשיקט זיינע לייט, וואָס זענען אַריינגעדרונגען אין פּאַלאַץ פון פויפּסט און איהם מיאוס בעליידיגט. באָניפאַציוס איז באַלד דערויף געשטאָרבען און זיין נאָכפאָלגער קלעמענטיוס איז גענויטיגט געווען זיך אַריבערצופעקלען אין פראַנקרייך און אויסבעטען שטיצע ביי'ם פראַנצויזישען קעניג געגען זיינע איטאַליענישע שונאים. סוף־כל־סוף איז פיליפּ'ען געלונגען אָבצוטיילען די הערשאַפט פון אַ נאַציאָנאַלער מלוכה, וואָס מאַכט קיין חלוק נישט צווישען אונטערטאַנען, פון דער הערשאַפט פון דער קירכע, וואָס

האַלט זיך פֿאַר דעם אויבערהאַר איבער אַלע מלוכות און פֿערלאַנגט פֿאַר איהרע מיטגליעדער אַ בעזונדערע אויסנאַהמס-שטעלונג אין יעדער מלוכה.

אין יאָהר 1328 איז געשטאָרבען דער לעצטער זוהן פֿון פֿיליפּ'ען, נישט לאָזענדיג קיין מענליכען יורש. די קרוין איז אַריבער צו דער דינאַסטיע וואַלואַ, בײַ וועמען די קעניגען זענען געווען עכּטע פֿעאָדאַלען, און וואָס האָבען געפֿיהרט די אײַגענע פּאָליטיק פֿון די קעניגען אין 13-טען יאָהרהונדערט. צו זײַער צײַט האָט פֿראַנקרײַך בעקומען די גרעסטע מפּלות פֿון ענגלאַנד. אין יאָהר 1356 האָבען די פֿראַנצויזען בעקומען אַ צווײַטע מפּלה; דער קעניג און אַ גרויסער טײל ריטער זענען גענומען געוואָרען אין געפֿאַנגענשאַפֿט. אויפ'ן אָרט פֿון געפֿאַנגענעם קעניג איז אַרויף זײַן זוהן, אַלס רעגענט. ער האָט צונויפֿגערופֿען די גענעראַל-שטאַטען. עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו געבען געלד אויף אַ נײַעם חיל, אָבער די שטאַטען האָבען געפֿאָדערט ערשטענס, אַז די אָבגאַבען זאָלען נישט זאַמלען די בעאַמטע פֿון קעניג, נאָר די פֿערטרעטער פֿון די שטאַנדען (שטאַטען), און צווייטענס, זאָלען די שטאַטען ווערען צוזאַמענגערופֿען רעגעלמעסיג צווײַ מאָל אין יאָהר. בעזונדערס שטאַרק האָבען פֿערטײַדיגט די דאָזיגע פֿאָדערונגען די פֿערטרעטער פֿון דריטען שטאַנד. נאָך אַ קורצען זיעג פֿון די שטאַטען האָבען זיך אָנגעהויבען גרויסע בלוט-פֿערגיעסונגען און מהומות אין דער בעפֿעלקערונג פֿון פֿראַנקרייך. די שטאַטען זענען ענדליך בטל געוואָרען און דער רעגענט מיט זיין אַדמיניסטראַציע זענען ווידער געוואָרען די זעלבסטהערשער פֿון פֿראַנקרייך.

אין דער דאָזיגער בהלה-צײַט האָט הײַנריך דער פֿינפֿטער בעזיעגט דעם פֿראַנצויזישען חיל. זײַן זוהן איז געוואָרען פּראָקלאַמירט פֿאַר דעם קעניג פֿון פֿראַנקרײַך און ענגלאַנד, און דער געזעצמעסיגער יורש פֿון דער פֿראַנצויזישער קרוין האָט געמוזט זיך בעהאַלטען אין אָרלעאַן, אין דעם אײַנציגען נאָך נישט בעזיעגטען אָרט, וואָס איז אויך געווען אַרומגערינגעלט פֿון אַלע זײַטען פֿון די זיעגענדע ענגלענדער.

## זשאַנאַ ד'אַרק.

אין דער דאָזיגער פֿערצווײַפֿעלטער לאַגע פֿון די פֿראַנצויזען איז פֿאָרגעקומען עפּיס אַזוינס, וואָס האָט, ווי דורך אַ נס, געראַטעוועט פֿראַנקרײַך פֿון אַנ'אונטערגאַנג. אַ פּראָסטע פּויערטע האָט צוגליהט דעם פֿערלאָשענעם פּאַטריאָטיזם פֿון די פֿראַנצויזען, האָט אויפֿגעהויבען זייער געפֿאַ-

לענעם גײַסט און האָט זײַ אויסגעלערנט, ווי צו בעזיעגען די ענגלענדער. אין אַ דאָרף האָט געלעבט אַ 17-יעהריג מײדעל זשאַנאַ ד׳ארק. איהר דאָרף איז געלעגען ווײַט פון שלאַכט-פעלד, אָבער פון קינדווײַז-אָן איז זי געוועהנט געוואָרען צו הערען וועגען בלוטיגע מלחמות, וועגען די רויבערײַען פון די ענגלענדער. זי האָט בעשלאָסען צו געהן צום קעניג (ווײַל אין חלום האָט איהר אַזוי געהייסען אַ מלאך), איהם קרוינען און בעפרייען דאָס לאַנד פון די שונאים. קוים מיט צרות האָט מען די פויערטע דערלאָזען צום קעניג קאַרל. די בשורה אָבער פון דעם דאָזיגען מיידעל האָט געמאַכט אין חיל אַ געוואַלדיגען רושם. די פראָסטע סאָלדאַ-טען האָבען באַלד איינגעגלויבט, אַז זשאַנאַ איז געשיקט געוואָרען פון גאָט צו ראַטעווען פראַנק-רייך. זשאַנאַ איז בע-שטאַנען, אַז מען זאָל



בילד 18. — זשאַנאַ ד׳ארק.

געבען די ענגלענדער אַ שלאַכט. מיט אַ קירבעס-פאָהן אין דער האַנד איז זי אַרויס אין דער שפּיץ פון חיל געגען די ענגלענדער און האָט איינגע-נומען איינעם פון די ענגלישע פעסטונגס-טהורעמס. פון דאַמאָלס אָן האָט דער פראַנצויזישער חיל מיט זשאַנאַ אָן דער שפּיץ אָנגעהויבען צו זיעגען. זשאַנאַ האָט געבראַכט דעם קעניג אין ריימס, וואו ער איז געקרוינט גע-וואָרען. זי האָט אויך גערופען דאָס מיליטער צו בעפרייען פון די ענגלענ-דער פאַריז. נאָר די פראַנצויזען, ד. ה. דער קעניג און זיין הויף, האָבען זיך גענומען מיט אַמאָל בעציהען צו זשאַנאַ מיט אַן׳אונפערשטענדליכען חשד. אין אַ צוזאַמענשטויס מיט׳ן ענגלישען חיל איז זשאַנאַ גענומען געוואָרען אין געפאַנגענשאַפט פון די בורגונדער, וואָס זענען געגאַנגען צו-זאַמען מיט די ענגלענדער, און יענע האָבען זי איבערגעגעבען צו די ענג-

לענדער, וועלכע האָבען זי גע׳משפט אַלס מכשפה און זי פֿערברענט אויפֿ׳ן שײַטערהויפֿען (1431).

אָבער דאָס, וואָס זשאַנאַ האָט אויפֿגעטהון, איז געווען אַ רעטונג פֿאַר פֿראַנקרײַך. זי האָט געוויזען, אַז די ענגלענדער קאָן מען בעזיעגען און וואָס פֿאַר אַ מאַכט דאָס איז, ווען דאָס מיליטער שלאָגט זיך אוים ליעבע צום פֿאַטערלאַנד. ווי עס איז שוין געווען דערמאָנט אין ערשטען קאַפּיטעל, האָבען די פֿראַנצויזען באַלד אַרויסגעשטופּט די ענגלענדער כמעט פֿון גאַנץ פֿראַנקרײַך, חוץ דער שטאָדט קאַלע.

נאָך דעם הונדערט-יעהריגען קריעג מיט די ענגלענדער האָט מען נאָך לאַנג געפֿיהלט אין פֿראַנקרײַך די שרעקליכע רעזולטאַטען פֿון דעם קריעג. פֿון קריעג האָבען געלעבט גאַנצע באַנדעס געדונגענע סאָל-דאַטען, וואָס האָבען איצט, נאָך דעם קריעג, פֿערלאָרען זײַער פּרנסה. זיי זענען זיך נישט צוגאַנגען, און פֿלעגען פּאַרטיעס-ווײַז ראַבעווען דאָס לאַנד, נעהמען אָבגאַב פֿון שטעדט און שטעדטלעך, בעלאַגערען די שלע-סער פֿון די באַראָנען און ענטפֿערען מיט אַ ריכטיגער קריעגס-שלאַכט, ווען מען פלעגט שיקען געגען זיי חיל. קאַרל האָט אָבגערײניגט פֿראַנקרײַך פֿון די באַנדעס גזלנים. אום צו קעמפֿפֿען מיט זיי, האָט מען בעדאַרפֿט האָבען אַ שטענדיגען חיל. די גענעראַל-שטאַטען, וואָס זענען צונויפֿגערופֿען געוואָרען אין יאָהר 1434, האָבען בעשטימט אַ בעזונדערען אַלגעמײַנעם אָבגאַב אויף אויסצוהאַלטען אַזאַ שטענדיגען חיל.

## לודוויג דער עלפֿטער.

זײַן זוהן לודוויג דער 11-טער האָט ווידער פֿאָרטגעזעצט דעם קאַמפּף פֿון דער קעניגליכער מאַכט מיט דער מאַכט פֿון די פֿעאָדאַלען. צו זײַן צײַט האָבען די פֿעאָדאַלען געמאַכט אַ בונד (אַ ליגע), וואָס האָט געדאַרפֿט צווינגען די קעניגליכע מאַכט אומצוקעהרען די באַראָנען געוויסע פֿעאָדאַלע פּריווילעגיעס, וואָס זיי האָבען פֿערלאָרען. צו דער ליגע זענען צוגעטרעטען אויך אַ סך קרובים פֿון קעניג, ווי דער מעכטיגסטער פֿירשט פֿון בורגונדיען קאַרל דער מוטיגער, וואָס האָט פֿערמאָגט אַנ׳אײַגענע מלוכה בײַ די טײַכען רהײַן און רהאָן. לודוויג האָט אָנגעווענדעט אַלע קרעפֿטען, אום נאָר פֿאַרטיג צו ווערען מיט די אונצופֿריעדענע באַראָנען. ער האָט געפּרובט אין אַ אָפֿענעם קריעג צו בעזיעגען זײַנע געגנער, נאָר דער קריעג האָט זיך געענדיגט פֿאַר איהם מיט אַ ניעדערלאגע. דאַמאָלס האָט ער זיך גענומען

צו דער פּאָליטיק, וואָס שטרעבט צו מאַכען די פּעראייניגטע פריינד, זיינע שונאים, צווישען זיך אונאייניג. מיט גרויס קלוגהייט האָט ער צושיידט זיינע געגנער, און אין געוויסע גינסטיגע מאָמענטען איז ער אַרויס געגען איטליכען געגנער בעזונדער. געגען שטאַרקסטען געגנער זיינעם, קאַרל דעם מוטיגען, האָט ער געפיהרט קריעג מיט דער הילף פון קאַרל'ס



בילד 19. — לודוויג דער 11-טער.

אייגענע אונטערטאַנען. ער האָט געהיים געשטיצט די בונטען פון די פלאַנדרישע שטעדט, פון די שווייצער און די לאָטאַרינגער. אין קריעג מיט די לאָטאַרינגער איז קאַרל ערמאָרדעט געוואָרען. אַ טייל פון זיינע בעזי-צונגען זענען אַריבער צום מאַן פון זיין טאָכטער, דעם דייטשען אימפּעראַ-

גוטסבעזיצער האָבען פערלוירען אַ סך פּריווילעגיעס בנוגע די פויערן (למשל, דאָס געריכט, דאָס רעכט אַרויספצולעגען אָבגאַבען א. א. וו.), נאָר זיי זענען געבליעבען די לייבאייגענע פון אַמאָל מיט דער פפליכט צו אַר־בייטען עטליכע טעג אין וואָך פאַר'ן גוטסבעזיצער, מיט דעם חוב צו צאָהלען אַ געוויסען שטייער דעם באַראָן א. א. וו. און אַזוי ווי די שטאַנדען האָבען געלעבט אין שטענדיגער פיינדשאַפט, איז געוואָרען דער קעניג דער איינציגער פערטרעטער פון דער נאַציאָנאַלער איינציגקייט פון דער מלוכה-מאַכט און די מלוכה-אינטערעסען.

---

דריטעס קאַפּיטעל.

## די פירענעאישע האלב-אינזעל.

די אַראַבער האָבען נישט איינגענומען די גאַנצע האַלב-אינזעל. ביי די גרענעצען פון איהר האָבען געלעבט די גאָטען און די פראַנקען. פון די דאָזיגע ביידע שטאַמען האָבען זיך שפּעטער גע־בילדעט די מלוכות אַראַגאָניען, קאַסטיליען (שפּאַניען) און פּאָרטוגאַל. די דאָזיגע קריסטליכע מלוכות האָבען שטענדיג געפיהרט מיט די מוירען (אַזוי האָט מען גערופען די אַראַבער) עקשנות'דיגע מלחמות. דער קאַלי־פאַט אין קאָרדאָוואַ איז זיך צופאַלען אין 7 פירשטענטימער, און אין קליינע מלחמות מיט די מוסולמענער האָבען די קריסטען איינגענומען איין פירשטענטום נאָך אַ צווייטען. אין 1212 האָבען די אַראַבער בעקומען אַ גרויסע מפלה, נאָך וועלכער זיי זענען אָבגעשטופּט געוואָרען ביז צום עקסטען דרום פון דער האַלב-אינזעל און וואו זיי האָבען זיך נאָך גע־האַלטען אין גראַנאַדאַ (אַנדאַלוזיען) העכער צוויי הונדערט יאָהר.

צוליעב די בעזונדערע געאָגראַפישע פערהעלטניסען און דעם חאַראַק־טער פון דער בעפעלקערונג האָבען פריה זיך אָנגעהויבען צו בילדען אין איטליען וויגקעל פון שפּאַניען זעלבסטשטענדיגע שטאָדטיגע געמיינדען.

אין ערגעץ אין אייראָפּאַ האָט די קירכע נישט געהאַט אַזוינע פּריווילעגיעס, ווי אין שפּאַניען. אין די שטענדיגע קרייצציגע געגען די מוירען האָט די קירכע געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. אַקוראַט, ווי עס האָ־בען זיך געבילדעט אין פּאַלעסטינאַ פרומע ריטער-אָרדענס, האָבען זיך אויך אין שפּאַניען געבילדעט די אָרדענס פון שפּאַנישע ריטער, וואָס האָבען זיך אויך געשטעלט פאַר די העכסטע אויפגאַבע צו קעמפּפען מיט

זאַר מאַקסימיליאַן דעם ערשטען, און די בעזיצונגען אין בורגונ־דיען ביים רהיין און רהאָן האָט פערהאַפט לודוויג אַליין און נאָך פער־שטאַרקט צוליעב דעם זיין מלוכה אין מזרח־פראַנקרייך. לודוויג איז געווען, אַלס כאַראַקטער, אַ זעלטענער קעניג אונטער די פראַנצויזישע קעניגען. ער האָט פעראַכטעט די מענשען און האָט ליעב געהאַט זיי ביטער אויסצולאַכען, אויף אַ קלוגען פיינעם אכזריות'דיגען אופן פלעגט ער זיך אָפּרעכענען מיט זיינע שונאים. ער האָט קיינעם נישט געטרויט, קיינעם נישט ליעב געהאַט און האָט אייביג זיך געטראָגען מיט'ן חשד, אַז איטליכער טראַכט געגען זיין לעבען. נאָכדעם, ווי ער פלעגט אָפּטהון עפּיס אַן עולה אָדער עפּיס אַן אכזריות'דיגע מהאַט געגען עמיצען, פלעגט ער זיך ערלייכטערען דאָס געמיט מיט אַ תפילה אין קירכע, און פלעגט ווייטער אָנהויבען רודפ'ען עד חרמה זיינע געגנער. די ריטער האָט ער נישט ליעב געהאַט; ער פלעגט מעהר צוציהען צו זיך די שטאָדטישע לייט. נאָר ווייבאַלד עס פלעגט זיך האַנדלען וועגען דער קעניגליכער מאַכט, פלעגט ער נישט אָפּגעבען פון זיין מאַכט, וואָס אַ האָהר איז ווערט, און פלעגט באַלד געבען צו פיהלען, אַז ער האָט נישט אין גאַנץ פראַנקרייך קיין גלייכען צו זיך.

פראַנקרייך האָט זיך צום סוף פון 15-טען יאָהרהונדערט שטאַרק פערענדערט. די פעאָדאַלישע צוברעקעלטקייט איז פערשוואונדען. אין דעם שווערען קאַמפף מיט די ענגלענדער איז פראַנקרייך אויסגעוואַק־סען אַלס אַ נאַציאָנאַלע מאָנאַרכיע מיט אַ שטאַרקער קעניגליכער מאַכט. קיין זעלבסטשטענדיגע פירשטען זענען שוין אין פראַנקרייך נישט געווען. די באַראָנען און די ריטער האָבען פערלאָרען זייער מאַכט צוליעב דעם קעניגליכען געריכט, דער שטענדיגער אַרמעע און דעם נייעם פינאַנציעלען סדר אין לאַנד. אָבער צום אונטערשייד פון ענגלאַנד, האָט זיך אין פראַנקרייך נישט אויסגעבילדעט קיין פאָלקס־פערטרעטונג. נישט אין די פראָווינצען נישט אין פאַריז, נישט צוליעב אָרטיגע בעדערפ־נישען, נישט צוליעב מלוכה־אַנגעלעגענהייטען האָבען זיך די קלאַסען נישט געקענט פעראייניגען. דער אַדעלמאַן האָט זיך געהאַלטען העכער פאַר'ן סוחר, די קירכען־פאָרשטעהער האָבען זיך געהאַלטען פאַר די געבילדעטסטע פון אַלע; אין די גענעראַל־שטאַטען אַפילו פלעגט איטליכער שטאַנד אָפּ־האַלטען די בעראַטונגען בעזונדער, זיך נישט וועלען אויסמישען מיט אַנ־דערע שטאַנדען, און אָננעהמען בעזונדערע בעשלוסען, נישט רעכענענדיג זיך מיט די בעשלוסען פון אַנ'אַנדער שטאַנד. דער פויערן־שטאַנד האָט געהאַט אין פראַנקרייך אַנ'ערגערע שטעלונג ווי אין ענגלאַנד. אמת, די

די נישט-גלויביגע. די שטעדט זענען נישט געווען אַזוי רייך, ווי די ענגלישע, פלאַנדרישע און פראַנצויזישע, ווייל דער האַנדעל איז געווען שוואַך ענטוויקעלט אין שפּאַניען, נאָר אַזעלכע שטעדט זענען געווען דאָרט אַסך, און די שטאָדטישע בעפעלקערונג האָט פון שטענדיג אָן זיך געהאַלטען אייניג, ווען מען האָט געדאַרפט פערטיידיגען די אינטערעסען און די בעזונדערע מנהגים פון דער שטאָדטישער געמיינדע.

ביי אַזעלכע בעדינגונגען איז טיעף איינגעפלאַנצט געוואָרען די פעאָדאַלע זעלבסטשטענדיגקייט פון איטליכען אָרט בעזונדער אין שפּאַניען. איטליכע מלוכה'לע איז געווען אַ בונד פון נאָך קלענערע זעלבסטשטענדיגע מלוכה'לעך. ווען מען פלעגט דאַרפען פיהרען קריעג, פלעגט מען מוזען קומען מיט איטליכען זעלבסטשטענדיגען פירשט, אָדער שטאָדטישער געמיינדע, אין אַנ'אָבמאַך. די פערטרעטער פון אַלע פראָווינצען פלעגען זיך דאַמאָלס צוזאַמענקלויבען אויף אַ צוזאַמענפאָהר (די קאָרטעס). דעם קעניג האָט מען בעטראַכט, ווי דעם ערשטען צווישען גלייכע. אין דער שבועה, וואָס מען פלעגט געבען דעם נייעם קעניג, פלעגט מען זאָגען: „ווען דו וועסט היטען און אַכטען אונזערע געזעצען, שווערען מיר דיר, אַז מיר וועלען דיר זיין אונטערטעניג, ווען נישט — נישט".

אין 15-טען יאָהרהונדערט איז אָבער שפּאַניען געוואָרען אַ גרויסע מלוכה, און דער דאָזיגער פעאָדאַלער סדר האָט זיך נישט געקענט ווייטער האַלטען. צוויי פון די גרעסטע מלוכות, אַראַגאָניען און קאַסטיליען, האָבען זיך פעראייניגט אין איין מלוכה, צוליעב דעם שדוך פון פערדינאַנד פון אַראַגאָניען מיט איזאַבעלע פון קאַסטיליען. אין דעם יאָהר 1492 האָבען די שפּאַניער איינגענומען די לעצטע בעזיצונג פון די מויערען אין גראַנאַדאַ.

פערדינאַנד האָט גענומען בעגרענצען די פריווילעגיעס פון די אַדעלליים. ערשטענס איז ער געוואָרען דער אויבערהאַר פון די ריטערארדענס און צוליעב דעם בעקומען אַ גרויסע מיליטערישע מאַכט, צווייטענס, האָט ער אָרגאַניזירט די הייליגע הערמאַנדאַד, אַ פּאָליציי פון שטאָדטישע און דאָרפישע לייט, וואָס האָבען געדאַרפט אַכטונג געבען אויף די רוהע אין די שטעדט און דערפער און האָבען נישט געדאַרפט דערלאָזען צו קריעג, רויבערייען און צו די ווילדע קאַפּריזען פון די ריטער.

די קירכע האָט איהם שטאַרק געשטיצט. די אינקוויזיציע האָט צו זיין צייט שטאַרק געבושעוועט אין שפּאַניען. ער האָט זי שטאַרק אויסגע-

נוצט אי גענען די אַפּיקורסים, אי גענען זיינע פּאָליטישע געגנער. פערדינאַנד האָט איבערגעלאָזען אין דער וועלט-געשיכטע דעם זכר, וואָס ער האָט אַרויסגעטריבען פון זיין לאַנד אַלע יודען (1494). וועןנישט די באַלדיגע ענטדעקונג פון אַמעריקאַ, וואָס האָט שטאַרק פעראינטערעסירט דאַמאָלס די אַדעלליַיט, וואָלט פערדינאַנד נישט אַזוי לייכט געקענט דורכפיהרען זיינע פּלענער, וואָס האָבען אויף הונדערטער יאָהרען חרוב געמאַכט די צוקונפט פון שפּאַניען, צוליעב דער אינקוויזיציע און צוליעב דעם, וואָס ער האָט פערטריעבען די פעהיגסטע אונטערטאַנען פון זיין לאַנד, די יודען.

---

## פיערטעס קאַפּיטעל.

# איטאַליען.

פערשיעדענע סבות האָבען געבראַכט דערצו, אַז איטאַליען איז נישט צוזאַמענגעשמאָלצען געוואָרען אין איין גרויסע מלוכה, נאָר איז זיך צופאַלען אין אַסך קליינע זעלבסטשטענדיגע מלוכות. ערשטענס, האָבען זיך אין קיין לאַנד נישט אַזוי אויסגעמישט די פערשיעדענע שטאַמען אין דער צייט פון דער פעלקער-וואַנדערונג, ווי אין איטאַליען. 2) איז נאָך פון רוים'ס צייטען געבליעבען ביי די שטעדט די טבע צו לעבען איטליכע פאַר-זיך און שטענדיג צו לעבען צווישען זיך אין אונאייניגקייט. 3) האָבען די קאַמפּפען צווישען די אימפּעראַטאָרען מיט'ן פּויפּסט נישט דערלאָזען, אַז עס זאָל זיך בילדען אַנ'איינציגע נאַציאָנאַלע מלוכה, מיט אַנ'איינציגען פערטרעטער אין דער שפּיץ, ווי אין פראַנקרייך, אָדער אין ענגלאַנד.

### אַוויניאָן, קאָלאַ דע-ריענצאָ.

נאָכדעם, ווי עס זענען אַרונטער פון דער וועלט-סצענע די האָהענשטויפען, האָט אייגענטליך די פּאָליטיק פון פּויפּסטטום געזיעגט, אָבער באַלד איז אויך געקומען די ירידה פון פּויפּסטטום. די פּויפּסטען האָבען נישט פערמאָגט די מאַטעריעלע קרעפטען צו בעגרינדען אַ וועלטליכע מאַכט. ווי באַלד עס איז געפאַלען דער פחד פאַר די אימפּעראַטאָרען, האָט יעדער באַראָן געפיהרט פּאָליטיק נאָך זיינע אייגענע אינטערעסען, יעדער נעניטער פעלדמאַרשאַל, יעדע שטאָדט האָט נאָר געשטרעבט זיך צו פערשטאַרקען אויפ'ן פרעמדען חשבון. מעהר פאַר אַלין האָבען די פּויפּסטען שטאַרק געהאַט צו ליידען פון דער רוימישער בעפעלקערונג און פון די

באַראָנען פֿון די רוימישע פּראָווינצען. אום זיך ווי-עס-איז צו בעשיצען פֿון אַלערליי געוואַלד-טהאַטען, האָבען די פּויפּסטען אויסגעקליבען אַ משונה'דיג מיטעל. דער פּויפּסט קלעמענטיוס איז אַריבער פֿון רוים אין אַוויניאָן אין בורגונדיען (1308). דאָרטען האָט ער זיך געפֿיהלט זיכערער, האָטש די פֿערוואַלטונג זיינע פֿון רוימישע פּראָווינצען האָט דאַדורך שטאַרק געליטען. די בעפֿעלקערונג פֿון רוים איז דערפֿון געווען זעהר אונצופֿריעדען, און איינער אַ רוימער, קאָלאָ דע-ריענצאָ, וואָס האָט גע'חלומט פֿון אַ רוים, ווי עס איז אַמאָל געווען, און וואָס האָט גע-שטרעבט צו פֿעראייניגען גאַנץ איטאַליען אונטער איין מלוכה, האָט אויס-גענוצט די דאָזיגע שטימונג פֿון פֿאָלק און האָט פּראָקלאַמירט אַ רוימישע רעפּובליק. דאָס פֿאָלק האָט אַרויסגעטריבען דעם פּויפּסט'ס פֿערטרע-טער, און ריענצאָ איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס פֿערטרעטער פֿון דער נייער רעפּובליק מיט'ן טיטעל „טריבון" (1347). קאָלאָ דע-ריענצאָ האָט נישט לאַנג רעגיערט. אַלס די רוימער זענען דערגאַנגען, אַז ער קלערט זיך צו לאָזען קרוינען, זענען זיי אַרויס געגען איהם, און ער האָט געמוזט אַנטלויפֿען. צוריק איז ער געקומען שוין גאָר אַנ'אַנדערער מיט דעם חיל פֿון פּויפּסט. די שטאָדט איז ווידער אַריבערגעגאַנגען אין זיינע הענד, וואו ער האָט שוין גע'בעל-הבית'ועט אַלס „סענאַטאָר". נאָר אויך אַלס דיענער פֿון פּויפּסט האָט ער זיך אַרויסגעוויזען פֿאַר נישט קיין זיכערען מענשען, און זיין קאַריערע האָט זיך געענדיגט דערמיט, וואָס ביי אַ גע-וויסען בונט פֿון דער רוימישער בעפֿעלקערונג האָט מען איהם ער-מאָרדעט.

„נאָך אַ זיעבענציג-יעהריגען גלות" איז גרעגאָריוס דער עלפֿטער (1377) ווידער אַריבערגעצויגען קיין רוים, דערנאָך, ווי דאָס פּויפּסטטום האָט ווידער אונטערטעניג געמאַכט צו זיך די רוימישע פּראָווינצען. נאָר דאָ האָט זיך אָנגעהויבען אַנ'אַנדער צרה. די פֿראַנצויזען האָבען מורא געהאַט, אַז דערמיט, וואָס איטאַליען בעקומט ווידער דער פּויפּסט, זאָל דאָס לאַנד נישט בעקומען דאָס איבערגעוויכט איבער פֿראַנקרייך, און דערום האָבען די פֿראַנצויזישע קאַרדינאַלען נאָך גרעגאָריוס'עס טויט אויסגעקליבען איין פּויפּסט פֿאַר זיך און די איטאַליענער אַ צווייטען פֿאַר זיך, און פֿון דאַמאָלס אָן האָט זיך אָנגעהויבען „די גרויסע צושפּאַלטענקייט פֿון דער קירכע".

נישט דער רוימישער, נישט דער אַוויניאָנער האָבען פֿערשטעהט זיך, נישט געקענט טראַכטען וועגען דעם צו פֿערגרעסערען זייער וועלטליכע מאַכט. זיי זענען שוין געווען צופֿריעדען, ווען זיי האָבען זיך נאָר ווי-עס-

איז געהאַלטען אויף זייערע שטוהלען און ווען איטליכער פון זיי האָט בעקומען זיינע אָנהענגער אין די קאַטוילישע לענדער. נאָר ווען אין 1417 איז אויסגעקליעבען געוואָרען, נאָך דער צושפּאַלטענקייט פון דער קירכע, מאַרטין דער פינפטער, האָבען די פּויפּסטען ווידער אָנגעהויבען צו פערפעסטיגען און צו פערשפּרייטען זייער וועלטליכע מאַכט אין צענטר פון איטאַליען. עטליכע פון די פּויפּסטען אין 15-טען יאָהרהונדערט זענען גע- ווען געבילדעטע קלוגע דיפּלאָמאַטען, גרויסע ליעבהאָבער פון וויסענשאַפט און קונסט; אַנדערע ווידער זענען געווען שטאַרק פערדאָרבענע, האַבגיע- ריגע, פאַלשע מענשען, וואָס האָבען געלאַכט פון זייער אייגענער אמונה, פון יעדער מאָראַל און פּראָסטער אַנשטענדיגקייט. נאָר אַלס פערטרעטער פון דער קירכע האָבען זיי קיינער נישט געטויגט, ווייל ערשטענס, האָבען זיי נור געהאַט פאַר זיך ריין וועלטליכע ציעלען, און צווייטענס, האָבען זיי אויסגענוצט זייער רעליגיעזען מיטעל, אַלס אַ מיטעל לייכטער צו דערגריי- כען זייערע ריין עגאָאיסטישע אָבזיכטען. בעזונדערס האָבען זיך אויסגעציי- כענט די פּויפּסטען פון 15-טען יאָהרהונדערט מיט זייער **נעפּאָטיזם**, ד. ה. זיי פלעגען זיך אַרומרינגלען מיט לויטער קרובים, געבען זיי שטעלען אין אַלע זייערע פּראָווינצען, אין פערשיעדענע קלויסטערען, קירכענגעמיינ- דען א. א. וו.

די האָהענשטויפען זענען געפאַלען צוליעב די פּראַנצויזען, וואָס האָ- בען זיך דערנאָך בעזעצט אין דרום-איטאַליען און אין סיציליען. די בע- פעלקערונג האָט זיי שרעקליך פיינד געהאַט, און אום זיך ווי-עס-איז צו האַלטען, האָבען די פראַנצויזישע זיעגער געמוזט געבען די אָרטיגע באַראָ- נען די גרעסטע פּריווילעגיעס; דערום האָט אין די דאָזיגע מלוכות גע- הערשט די גרעסטע אונאָרדנונג.

די שטעדט פון צפון-איטאַליען האָבען אויך שטאַרק געליטען צוליעב דעם קאַמפּף פון פּויפּסט מיט די האָהענשטויפען. די שטעדט האָבען זיך אויך צוטיילט אין צוויי פּאַרטייען: גיבעלינען און גוועלפען. מיט די אונרוהען האָבען זיך אויסגענוצט פערשיעדענע לייט, און מאַנכע שטעדט זענען אַרי- בער, ווי אַמאָל די פרייע גריכישע שטעדט, אין די הענד פון איינצעל- נע טיראַנען.

אין מילאַן איז די טיראַניע אַריבער צו דעם רייכען הויז וויסקאָנטי, וועלכעס האָט מיט דער צייט איינגענומען גאַנץ לאָמבאַרדיען. אין מיטען פון 15-טען יאָהרהונדערט איז די מאַכט פון הויז וויסקאָנטי אַריבער צו פּראַנצעסקאָ ספאָרצאַ, דעם שוויגערזוהן פון לעצטען וויסקאָנטי. ספאָרצאַ

האָט זיך אַ נאָמען געמאַכט אַלס אַ גרויסער אָנפֿיהרער פֿון אַ געדונגע־נעם חיל (קאָנדאָטיערי). ער איז שפּעטער געוואָרען דער הערצאָג פֿון מילאַן און האָט געפֿיהרט אַ פֿיעל קלינערע און נוצליכערע פּאָליטיק, ווי די וויסקאָנטים.

די הויפּטשטאָדט פֿון טאָסקאַנאַ איז געוואָרען מיט דער צייט פֿלאָ־רענץ. דאָרטען האָט בעקומען די טיראַניע די פֿאַמיליע מעדיטשי, וואָס האָט שטאַרק פֿערשענערט די שטאָדט מיט אַלערליי גרויסע קונסטווערק. דער הויף פֿון מעדיטשי האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין גרויסער ליעבע צו וויסענשאַפֿט, קונסט און ליטעראַטור.

די רעפּובליק פֿון ווענעדיג האָט זיך ענטוויקעלט גאָר אויף אַן׳אַנדער אופֿן. דאָרטען האָט געוועלטיגט אַ קליינע אַריסטאָקראַטיע פֿון קאַפּיטאַליס־טען, וועלכע האָט שוין אין 14־טען יאַהרהונדערט בעזייטיגט דאָס פֿאָלק פֿון די פּאָליטישע אַנגעלעגענהייטען. דער ערשטער אין דער רעפּובליק איז געווען אַ דאָזש (פֿון דוקס, הערצאָג), וועלכען מען פֿלעגט אויסקלויבען אויפ׳ן גאַנצען לעבען; זיין מאַכט פֿלעגט בעגרענעצען אַ גרויסער ראַט. די ערטער אין דעם דאָזיגען ראַט פֿלעגען איבערגעהען בירושה. חוץ דעם איז נאָך געווען דער ראַט פֿון די צעהן, וואָס פֿלעגען פֿיהרען די אויספאָרשונג און דאָס געריכט וועגען פּאָליטישע פֿערברעכען.

ווענעדיג האָט געפֿיהרט אַ גליקליכען און העפֿטיגען קריעג געגען די טערקען. נאָר פֿון 15־טען יאַהרהונדערט איז ווענעדיג׳ס מאַכט שטאַרק געפֿאַלען. זי איז געפֿאַלען צוליעב די רייבענישען מיט די אַנדערע איטאַל־יענישע מלוכות און צוליעב די נײַ־ענטדעקטע האַנדעלס־וועגען אין אינ־דיען און אַמעריקאַ.

---

## פֿינפֿטעס קאַפּיטעל.

# דייטשלאַנד.

דאָס, וואָס די גערמאַנישע קעניגען האָבען שטענדיג געשטרעבט צו שאַפֿען אַ „הייליגע רוימישע אימפּעריע אונטער דער הערשאַפֿט פֿון דער גערמאַנישער נאַציאָן", האָט גרויס געמאַכט דעם נאָמען פֿון עטליכע אימ־פּעראַטאָרען. אָבער גערמאַניען האָט דאָס נישט געבראַכט קיין גליק. אַנשטאָט צו קלערען, ווי צו שטאַרקען דייטשלאַנד, צו רעפֿאָרמירען דעם פֿעאָדאַלען סדר, צו קרעפֿטיגען די מלוכה־מאַכט, האָבען זיך די קעניגען פֿערנומען מיט ברייטע פֿאַנטאַסטישע פּלענער, צו זיין דער אויבערהאַר

איבער אַלע לענדער, צו זיין דער אָפּיעקזן פֿון דער רוימישער קירכע און צו מאַכען מיט גערמאַנישע קרעפֿטען איין איינציגע מלוכה פֿון צובּרעקעל־טען איטאַליען. דײַטשלאַנד איז דערום צופֿאַלען אין צעהנדליגער גראַפֿסטוועס, פֿירשטענטימער, באַראָניען און אין די קלענערע בעזיצונגען פֿון די ריטער.

אין מזרח־גערמאַניען האָט זיך פֿלאַנלאָז געפֿיהרט אַנ׳ערביטערטע מלחמה מיט די סלאַווען. אין דעם דאָזיגען לאַנגען קאַמפּף האָבען געזיעגט די דייטשען, צוליעב זייער העכערער קולטור (די סלאַווען זענען נאָך גע־ווען געצענדינער), צוליעב זייער ריטער־אַרמעע און צוליעב דעם, וואָס זייערע קאָלאָניסטען האָבען בעסער פֿערשטאַנען די קונסט פֿון אַקערבוי.

די עפּאָכע, ווען פֿון גערמאַניען, וואו עס האָבען געוואָהנט אַ סך סלאַווען, ווערט אַ דייטשלאַנד, הויבּט זיך אָן פון די האָהענשטויפֿען. ביי די פּאָליאַקען נעהמט אַלבּרעכט דער בער צו אַ שטיק לאַנד ביים טײַך שפּרע, אַנ׳אָרט, וואו שפּעטער איז אויסגעבויט געוואָרען בערלין. שפּעטער קומט נאָך צו אַ שטיק סלאַוויש לאַנד ביים טײַך אָדער. אָט אַזוי ענטוויקעלט זיך אויף דער ערד פֿון די ליוטיטשען (אַ סלאַווישער שטאַם) דאָס פֿירשטענטום בּראַנדענבּורג, וואָס איז מיט דער צייט אויסגעוואַכסען אין הײַנטיגען קעניגטום פּרייסען.

אין אַנדערע עקען פֿון דײַטשלאַנד, וואו עס געפֿינען זיך סלאַווישע און אַנדערע שטאַמען, טהוט דאָס אייגענע הײנריך דער לייב. זײַנע גראַפֿען, וואָס פֿערוואַלטען מיט די אײַנגענומענע פּראָווינצען, ראָטען אויס עד חרמה די סלאַווען אין מזרח־זײַט פֿון האָלשטײַן. הײַנריך דער לייב איז געוואָרען דער גריגדער פֿון היינטיגען זאַכּסען.

## האַנזאַ.

די דייטשען האָבען זיך נישט בעגנוגענט מיט אַ פּשוט׳ען נצחון איבער די סלאַווען. אומעדום האָבען זיי גערמאַניזירט די אײַנגענומענע לענדער. אין געוויסע ערטער פֿלעגען די דייטשען אויסקוילענען די גאַנצע דײַטשע פֿרעמדע בעפֿעלקערונג.

צוליעב דער דאָזיגער גערמאַניזאַציע, האָבען זיך שטאַרק געענדערט די האַנדעלס־וועגען אין צפון־איירָאָפּאַ. די ערשטע האַנדעלס־וועגען דורכ׳ן באַלטישען ים זענען געלעגען אין די הענד פֿון די סלאַווען. אין 9־טען יאַהרהונדערט האָט זיך געבילדעט דער צפון׳דיגער האַנדעלס־וועג, און דערבײַ האָט נאָווגאָראָד געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע. אין יאָהר 1256 האָט ליובּעק (וואָס איז אַ מאָל געווען אַ סלאַווישע שטאָדט) געמאַכט אַ

בונד מיט האַמבורג, ברעמען און אַנדערע שטעדט, מיט דעם אַבמאַך, אײנע די אַנדערע צו העלפֿען און שיצען. דערנאָך האָט זיך געבילדעט אַ בונד מיט די שטעדט בײ'ם באַלטישען ים אויף צו קעמפֿען מיט די ים־גזלנים.

פֿון די בײדע בונדען האָט זיך שפּעטער ענטוויקעלט די האַנזאַ פֿון די צפון שטעדט, וועלכע האָט געפֿיהרט דעם גאַנצען האַנדעל אויפ'ן צפון־ און באַלטישען ים. זײערע הויפּט־קאַנטאָרען זענען געווען אין לאָנדאָן, בערגען (נאָרוועגען) און אין נאָווגאָראָד. דאָס הויפּט־געריכט פֿון אַלע האַנדעלס־סכסוכים און די צוזאַמענפֿאָהרען פֿוּן די האַנדעלס־פֿערטרעטער פֿלעגען פֿאָרקומען אין ליובעק.

די דײטשען האָבען זיך אויך פֿערשפּרײט צווישען די פֿינען און ליטווינער. זײ זענען אָבער נישט געווען גענוג מעכטיג צו גערמאַניזירען זײערע בעזיצונגען אין עסטלאַנד און קורלאַנד. אין 13־טען יאַהרהונדערט האָט זיך געגרינדעט אין די באַלטישע פּראָווינצען דער ריטער־אָרדען פֿון די שווערד־טרעגער, וואָס האָבען געשטרעבט צו גערמאַניזירען די פֿערהאַפּטע לענדער. אָבער דאָס האָט זיך זײ נישט אײנגעגעבען, ווײל זײ האָבען שטאַרק געהאַט צו לײדען פֿון די רוסען, ליטווינער און די דענער.

אין דרום־מזרח האָט זיך אויך פֿערשפּרײט די דײטשע קאָלאָניזאַציע, וועו אויך נישט אַזוי שטאַרק ווי אויף צפון־מזרח.

אין 12־טען יאַהרהונדערט האָט זיך דאָ געגרינדעט אַ מעכטיגעס עסטרײכישעס הערצאָגטום.

דערנאָך ווי די דײטשען האָבען אויסגעראָט די סלאַווען, איז נאָך געבליעבען אין מיטעל־אײראָפּאַ דער סלאַווישער שטאַם פֿון די טשעכען (בעהמען). אין 13־טען יאַהרהונדערט האָט בעהמען דערגרײכט אַ גרויסע מאַכט. נאָר בעהמען איז געווען אַ וואַזאַלען־מלוכה פֿון די דײטשע קעניגען, און אין דעם זעלבען יאַהרהונדערט האָבען זײ גענומען בעהמען שטאַרק קאָלאָניזירען מיט דײטשע פּויערן און בעלי־מלאכות. די דײטשען פֿלעגען פֿון קעניג בעקומען ערד אויף זעהר גינסטיגע בעדינגונגען. אַ גאַנצע רײהע נײ־געגרינדעטע שטעדט האָבען בעקומען דײטשע נעמען. די פֿאָלגען פֿון דעם, וואָס די דײטשען האָבען זיך אַזוי שטאַרק פֿערשפּרײט צווישען די טשעכען, זענען נאָך קענטיג ביז הײנט. די בעפֿעלקערונג אין בעהמען טײלט זיך נאָך עד היום אין צוויי פֿײנדליכע לאַגערען: אין דײטשען און טשעכען, וואָס קעמפֿען שטענדיג פֿאַר די איבערהערשאַפֿט פֿון דער דײטשער, אָדער טשעכישער נאַציאָן.

אין 13-טען יאָהרהונדערט האָט דער ערשטער פֿון דער דינאַסטיע האַבסבורג, רודאָלף, צוגענומען דאָס הערצאָגטום פֿון עסטרייך. נאָך די האַבסבורגער זענען אַרויף אויפֿ'ן טהראָן די לוקסענבורגער, וואָס האָבען אויך פֿערגרעסערט די מאַכט פֿון דייטשלאַנד. אין 14-טען יאָהרהונדערט האָבען זיך די שווייצער אָבגעריסען פֿון די האַבסבורגער און זענען געוואָרען אַ פֿריי שווייצעריש פֿאָלק (1315).

קאַרל דער פֿירטער פֿון די לוקסענבורגער איז געווען אַ פֿריעדענליעבענדיגער קעניג. הויפּטזעכליך האָט ער זיך געזאָרגט וועגען בעהמען, וואָס איז געוואָרען די בליהענדסטע און די געבילדעטסטע פּראָווינץ פֿון מיטעל-אייראָפּאַ. ער האָט אויך געזאָרגט וועגען דייטשלאַנד און דער אימפּעריע. ער האָט זיך געמיהט, אַז דער סדר אין לאַנד זאָל ווערען אַ פֿעסטערער. זיין „גאָלדענע בולע" (כתב) האָט פֿעסטגעשטעלט געוויסע כללים ביי'ם אויסקלויבען אַן אימפּעראַטאָר. די בולע האָט זיך נאָר גערעכענט מיט די פֿירשטען און עפּיסקאָפּען, און האָט פֿערבאָטען די ריטער אויפֿצוהויבען די וואָפֿען געגען זייערע סעניאָרען; אויך צו די דייטשע שטעדט האָט קאַרל זיך בעצויגען מיט נישט קיין גרויסער אַכטונג.

די שטעדט האָבען אָבער איהם באַלד בעוויזען, אַז זיי זענען נישט קיין קליינע מאַכט. די שוואַבישע שטעדט האָבען זיך פֿעראייניגט אין אַ בונד אין וועלכען עס האָבען זיך בעטייליגט 89 שטעדט. די שטעדט, וואָס ביי'ם רהיין, האָבען זיך אויך פֿעראייניגט צווישען זיך און מיט דעם שוואַבישען בונד פֿון די שטעדט.

נאָך קאַרל'ען, וואָס האָט נאָך ווי-עס-איז געהאַלטען דעם סדר אין לאַנד, האָבען זיך אָנגעהויבען נייע אונרוהען. אַלע מעכטיגע לייט אין דער אימפּעריע האָבען געמאַכט צווישען זיך בונטען. געגען די בונטען פֿון די שטעדט האָבען זיך געבילדעט די בונטען פֿון די ריטער. די פֿירשטען האָבען זיך אויך פֿעראייניגט געגען די שטעדט. נאָר די שווייצערישע שטעדט (קאַנטאָנען) האָבען גליקליך געקעמפֿט געגען זייערע שונאים.

די גערמאַנישע קרוין האָט בעקומען זיגמונד, וואָס איז צוליעב דעם שדוך מיט דער יורש'טע פֿון אונגאַרישען טהראָן געווען אויך דער קעניג פֿון אונגאַרן.

צו אַלע פּאָליטישע פֿערדרעהענישען זענען נאָך צוגעקומען די אונרוהען צוליעב דער קירכע. אויפֿ'ן פּויפּסטליכען שטוהל האָבען געהאַט פּרעטענזיעס דריי פּויפּסטען אויף אַ מאָל: איינער אין שפּאַניען, דער

אַנדערער אין רוים און דער דריטער אין אַוויניאָן. אונטער דעם איינפלוס פון „דער גרויסער צושפּאָלטענהייט“ האָט זיך געבילדעט, אַ פּאַרטיי וואָס האָט פערלאַנגט רעפאָרמען פאַר דער קירכע. אין בעהמען האָט יאָהאַן הוס גענומען פרעדיגען אַזאַ תורה, וואָס איז געגאַנגען געגען



בילד 20. — יאָהאַן הוס.

קאַטאָליציזם און וואָס האָט געפונען אַ הייסען אָבקלאַנג ביי דער טשעכי־שער בעפעלקערונג. זיגמונד האָט צונויפגערופען אַ גרויסען צוזאַמענפאָהר פון די קירכען־פאָרשטעהער. אויף דעם דאָזיגען צוזאַמענפאָהר האָט מען אַראָבגעזעצט אַלע דריי פּויפּסטען, אויסגעקליבען אַ פּיערטען, אָנגענומען געוויסע קליינע רעפאָרמען פאַר דער קירכע, פעראורטיילט הוס'ען צו שייטערהויפען און איהם פערברענט דאָס, וואָס מען האָט אָבער פערברענט הוס'ען, האָט אַרויסגערופען אין בעהמען אַ בונט. דער דאָזיגער בונט

איז נישט נאָר געווען צוליעב רעליגיעזע מאָטיוואָן, נאָר אויך צוליעב דער שנאה פון דער בעפעלקערונג צו די דייטשען.

זיגמונד האָט געפיהרט אַ קאַמפּף געגען די הוסיטען, אָבער זיי האָבען נישט נאָר בעזיעגט דעם חיל פון די פרומע ריטער, נאָר אויך צושלאָגען די אַרמעע פון קעניג. דער קאַמפּף מיט די הוסיטען האָט געדויערט זעהר לאַנג. שטענדיג זענען זיי געווען די זיעגער, ביז עס האָבען זיך נישט אָנגעהויבען בילדען פערשיעדענע סעקטען אין הוסיטענטום גופא, און זיגיזמונד האָט מיט די פעראייניגטע קרעפטען פון די גערמאַנישע פירשטען ענדגילטיג בעזיעגט די רעליגיעזע בעוועגונג, וואָס האָט זיך געוואָלט אָבּרייסען פון דער רוימישער קירכע.

צו דער צייט פון קאַמפּף מיט די הוסיטען האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויעזען, ווי אונאייניג און צושפּאָלטען איז דייטשלאַנד, וואָס איז אפילו מאַכטלאָז געגען דעם קלענסטען בונט אין אייגענעם לאַנד.

נאָך זיגיזמונד'ען איז אַריבער די קרוין ווידער צו אַ האַבסבורגער פריעדריך דער 3-טער. טהוענדיג אַ שדוך מיט דער טאָכטער פון זיגיזמונד'ען, האָט ער פעראייניגט די לוקסענבורגער און די האַבסבורגער דינאַסטיעס.

צו זיינע צייטען האָבען זיך בעהמען און אונגאַרן אָבגעריסען פון די האַבסבורגער. אין פערשיעדענע מלחמות מיט דעם אונגאַרישען קעניג האָט ער פערלאָרען אַ סך פון זיינע בעזיצונגען, אויך זיין הערצאָגטום עסטרייך. פריעדריך האָט געבראַכט זיין לאַנד צו אַ פאָלשטענדיגער מפלה. ווען נישט די פעהלער פון זיינע שונאים און די בעגאַבטקייט און די פעסטיגקייט פון זיין זוהן מאַקסימיליאַן, וואָלט שוין דאָס לאַנד אויף לאַנג נישט געקאָנט קומען צו זיך.

אַ דאַנק די העלדענטהאַטען פון מאַקסימיליאַן, האָבען די האַבסבורגער ווידער בעקומען זייער אַלטע מאַכט.

## מאַקסימיליאַן דער ערשטער.

ווען מאַקסימיליאַן איז געוואָרען אימפּעראַטאָר (1493—19), האָט מען געהאָפט, אַז ער וועט דורכפיהרען נייע רעפאָרמען, וועט אַריינברענגען אין דער אימפּעריע אַ סדר, וועט זי עהנליך מאַכען צו פראַנקרייך, אָדער ענגלאַנד.

די אַלע האָפנונגען זענען געווען פאַלשע, חאָטש מאַקסימיליאַן האָט נישט איינמאָל פּרובירט צו מאַכען רעפאָרמען אין לאַנד. די פירשטען און די שטעדט האָבען איינגעשטימט צו צאָהלען דעם קעניג אַ נ׳אָבגאַב פאַר

דער אימפעריע, אָבער דעם אָבגאַב האָט מען בשום אופן נישט גע-
קענט איינמאָהנען. עס איז געגרינדעט געוואָרען אַ געריכט אויף צו
משפט'ען די פערוואַלטער פון פערשיעדענע פראָווינצען, נאָר דעם פסק פון
געריכט פלעגט מען נישט מקיים זיין. ענדליך האָט מען צוטיילט די אימ-
פעריע אויף 10 פראָווינצען. אַ בעזונדערער פירשט האָט געדאַרפט
אויפפאַסען אויף די פראָווינץ און פערטיידיגען די אינטערעסען פון דער
אימפעריע. אָבער יעדער פירשט האָט זיך מעהר אינטערעסירט מיט זיינע
אייגענע אינטערעסען, ווי מיט די אינטערעסען פון דער אימפעריע.

דאָס מיטעלאַלטער האָט זיך געענדיגט פאַר דייטשלאַנד דערמיט, וואָס
עס איז געבליעבען צובּרעקעלט און שוואַך, חאָטש עס האָט בעזעסען
אַ גרויס לאַנד און אַ סך ענערגישע אַרבּייטס-ליעבענדיגע און מוטיגע מענ-
שען און קריעגער. דאָס לאַנד האָט זיך געטיילט אין פיעל פראָווינצען,
וואָס האָבען געלעבט שטענדיג אין קריעג און וואָס האָבען צוליעב זייערע
רייסענישען געגעבען אויסלענדישע מלוכות די מעגליכקייט זיך אַלע ווילע
אַריינצומישען אין דעם מלוכה-לעבען פון דייטשלאַנד.

---

זעכסטעס קאַפּיטעל.

## די באַלקאַנישע האַלבּאינזעל.

די מזרח-אימפעריע איז נאָך די קרייצציגע שטאַרק אָבגעשוואַכט גע-
וואָרען. ביי אַלע ברעגען פון דער האַלבּאינזעל האָבען זיך בעפעסטיגט
די סוחרים פון ווענעדיג, און אַזוי ווי וויזאַנטיען האָט זיך נישט געפיהלט
גענוג שטאַרק צו קעמפפען מיט זיי, האָט זי געשטיצט געגען זיי די סוחרים
פון גענואַ, וואָס האָבען אויך פערחאַפּט אַ טייל ברעגען. אין גריכענלאַנד
האָבען געהאַט זייערע זעלבּסטשטענדיגע בעזיצונגען די פראַנצויזען.
וויזאַנטיען האָט געקעמפפט געגען זיי מיט שפּאַנישען חיל, אָבער דער
דאָזיגער חיל איז אויך מיט דער צייט געוואָרען פאַר איהר אַ געפאַהר.
און איינמאָל האָט ער אַפילו צושלאָגען די אַרמעע פון אימפּעראַטאָר און
איינגענומען אַ שטיק גריכענלאַנד פאַר זיך.

אין צפון פון דער האַלבּאינזעל האָבען זיך געבילדעט צוויי מעכטיגע
סלאַווישע מלוכות: די בולגאַרישע און סערבישע. די איינציגע זאַך,
וואָס וויזאַנטיען האָט געקענט געגען זיי טהון איז געווען צו פיהרען אַזאַ
פּאָליטיק, דאָס די צוויי מלוכות זאָלען שטענדיג פיהרען צווישען זיך
מלחמות.

די טערקען-סעלדזשוקען, וואָס זענען געווען אַמאָל, צו דער צייט פון די קרייצציגע, אַזוי מעכטיג, זענען מיט דער צייט שטאַרק געפאַלען. זייערע מלוכות זענען זיך צופאַלען אויף אַ סך סולטאַנאַטען און עמיראַטען, וואָס האָבען שטענדיג געפיהרט צווישען זיך מלחמות. זייער אַמאָליגע מאַכט איז אַריבער צו די טערקען-אָסמאַנען.

זייערע אָנפאַלען אויף די בעזיצונגען פון דער מזרח-אימפעריע פלעגען נאָר זיין אַזוי לאַנג אַכזריות'דיג, כל זמן זיי פלעגען נישט פערכאַפּען אַ שטאָדט, אָדער אַ פּראָווינץ. ווייבאַלד אָבער זיי פלעגען ווערען די בעלי-הבתים פון אַן'איינגענומענער שטאָדט, פלעגען זיי שוין ווערען גאָר אַנדערע מענשען. זיי פלעגען נישט טשעפּען די בעפעלקערונג און פלעגען זיך בעגנוגענען מיט קליינע אָבגאַבען. אַזאַ פּאָליטיק האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ נוצליכע, ווייל די איינוואָהנער פון די גרענעץ-שטעדט פלעגען גלייכ-בער וועלען ווערען אונטערטעניג די אָסמאַנען, איידער צו ליידען פון זייע-רע אונב'רחמנות'דיגע אָנפאַלען, ווען זיי פלעגען חרוב מאַכען גאַנצע שטעדט און דערפער. אין דער ערשטער העלפט פון 14-טען יאָהרהונדערט האָבען זיי שוין פערנומען די שטעדט ברוסאַ, ניקאָדעמיום און ניקעיע, וואָס זענען געווען די הויפּטפּאָזיציעס פון וויזאַנטיען. זיי האָבען אויסגע-בילדעט אַ נייעם מין חיל, דורך וועלכע זיי האָבען געהאַט די גרעסטע שפּעטערדיגע נצחונות. זיי האָבען געבילדעט פּיהאָטנע פּאָלקען פון די יאַניטשאַרען; מען פלעגט צונויפנעהמען קריסטליכע קינדער, וואָס מען האָט מיט געוואַלט אָבגענומען פון די עלטערן, און זיי ערצויגען נאָכהער אין איסלאַם, און פון זיי פלעגט מען דערנאָך צונויפשטעלען די פּאָלקען פון די יאַניטשאַרען (דאָס וואָרט יאַניטשאַרען בעדייט „דער נייער חיל“). נישט קוקענדיג דערויף, וואָס דער טערקישער שונא איז געווען פאַר אַלע-מען אַ געפאַהר, האָבען זיך די פעלקערשאַפטען אויפ'ן באַלקאַן נישט אויפ-געהערט צו קריעגען. די גריכען, די גענועזער, ווענעציאַנער, פראַנצויזען, שפּאַניער, סערבען, בולגאַרען א. א. וו. זענען אַזוי געווען צוריסען צווישען זיך, אַז די אָסמאַנער טערקען האָבען נישט געדאַרפט שטאַרק קעמפפען אום איינצונעהמען אַדריאַנאָפּאָל און פיליפּאָפּאָל און צו ווערען נאָהענטע שכנים פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

באַלד האָבען די אָסמאַנישע טערקען בעזיעגט די בולגאַרישע און סערבישע מלוכות. דערנאָך האָבען זיי זיך בעגעגענט, צוליעב די אונגאַ-רישע לענדער, מיט זיגיזמונד'ס חיל, וועלכען זיי האָבען שטאַרק צושלאָגען און זיי וואָלטען זיך נישט אָבגעשטעלט צו געהען אויף קאָנסטאַנטינאָפּאָל

וועג אין אזיען וואָלט זיך דאַמאָלס נישט געגרינדיזט די גרויסע מאָנגאָלישע מלוכה, מיט וועלכער זיי האָבען געמוזט פיהרען אַ שווערען קאַמפף.

## דער אונטערגאַנג פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

די טערקען רוקען זיך צו אַלץ נעהענטער צו קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אין אָנפאַנג 15-טען יאַהרהונדערט איז שוין די מזרח-אימפּעריע צוזאַמענגעשמאָלצען אויף די הויפּטשטאָדט און די פּראָווינצען וואָס נאָהענט ביי איהר.

וויזאַנטיען האָט זיך געמיהט צוציהען צו זיך די רוימישע אימפּעריע. אויס ריין פּאָליטישע מאָטיווען האָבען ביידע קירכען פון די אימפּעריעס געמאַכט אַ „אוניע“ (אַ פעראייניגונג), לויט וועלכער די גריכיש-קאַטוילישע קירכע אַנערקענט דעם רוימישען פּויפּסט אַלס דעם אויבערהאַר פון אַלע קריסטליכע קירכען. אָבער די בעפעלקערונג איז צו דער אוניע נישט צוגעטרעטען; דער פּויפּסט האָט אויך נישט געהאַט קיין קרעפטען צו שטיצען די גריכען געגען די טערקען.

אין 1451 יאָהר איז מחמד דער צווייטער אַרויס געגען מזרח-אימפּעראַטאָר קאָנסטאַנטין דעם עלפטען, ביידע יונגע ליַיט, מיט דעם פעסטען הסכם צו נעהמען קאָנסטאַנטינאָפּאָל. צוויי יאָהר האָט געדויערט די מלחמה. דעם 29-טען מאַי 1453 יאָהר, האָבען די טערקען אין שטורם גענומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואָס זיי האָבען דערנאָך אַ נאָמען געגעבען „סטאַמבול“.




בילד 21 — מחמד דער צווייטער, וואָס האָט איינגענומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

די מוסולמענער האָבען זיך בעצויגען צו די גריכען מיט חסד. זיי האָבען ערלויבט די קריסטען זיך צו האַלטען ביי זייער אמונה, צו האַנדלען און צו טרייבען אַקערבוי. אין די גריכישע גע-

מיינדען האָבען זיי דער גריכישער קירכע איבערגעגעבען די גאַנצע פּער־וואַלטונג. די טערקען זענען נאָר געוועזן די איינציגע מיליטער־אַריס־טאָקראַטיע. פרעמדע האָבען נאָר געקענט אַריין אין די אַריסטאָקראַטיע, ווען זיי האָבען אָנגענומען דעם איסלאַם.

קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו בליהען אין די הענד פון די טערקען, איהר בליהונג אָבער האָט לאַנג נישט געדויערט.

---

זיעבענטעם קאַפּיטעל.

# רוסלאַנד און פּוילען.

## רוסלאַנד.

די רוסען הויבען אָן אַרויסצוטרעטען אין דער געשיכטע אין יאָהר 865. אין ענדע 10־טען יאַהרהונדערט נעהמען זיי אָן דאָס קריסטענטום לויט דעם נוסח פון דער קירכע אין וויזאַנטיען.

פון אָנפאַנג 13־טען ביז מיטען 14־טען יאַהרהונדערט געפינען זיי זיך אונטער דעם יאָך פון די מאָנגאָלען.

צו דער דאָזיגער צייט האָבען זיך שוין ענטוויקעלט ביי זיי גרויסע האַנדעלס־שטעדט, ווי נאָווגאָראָד, פּסקאָוו, פּאָלאָצק און סמאָלענסק.

צוזאַמען מיט׳ן קריסטענטום דרינגט אַריין אין רוסלאַנד דאָס מאָנאַ־כענטום. רוסלאַנד בעקומט איהרע ערשטע בילדונג פון דער מזרח־אימפעריע. אָבער צוליעב דעם מאָנגאָלישען יאָך, וואָס רייסט רוסלאַנד אָב פון ווי־זאַנטיען, און צוליעב די ליטווינער, וואָס רייסען מערב־רוסלאַנד אָב פון מערב־איירעפּאַ, קומט רוסלאַנד עטליכע יאַהרהונדערטען אין אַזאַ לאַגע, ווען זי ווערט פערגרעבט, ווי צו די צייטען פון געצענדיענסט.

אין 14־טען יאַהרהונדערט בילדעט זיך די מאָסקאָווער מלוכה, וועלכע וואַקסט כסדר ביז צום 15־טען יאַהרהונדערט. ענדע 15־טען יאַהרהונדערט ווערט די מאָסקאָווער מלוכה אַ מאָנאַרכיע, וואָס איז שוין בכח צו פערניכטען די קליינע זעלבסטשטענדיגע רוסישע פירשטענטימער און שטעדט.

## פּוילען.

די פּוילען האָבען אָנגענומען דאָס קריסטענטום לויט דעם רוימישען נוסח אין יאָהר 966. פריהער איז פּוילען געוועזן צושפּאָלטען אויף קליינע זעלבסטשטענדיגע בעזיצונגען. אין 1306 פעראייניגט זיך פּוילען אין איין

מלוכה. אין 1386 פֿעראייניגט זיך פּוילען מיט דער ליטווישער אין איין מלוכה. אין 15-טען יאהרהונדערט הויבט זיך אָן די צייט פֿון די פּוילישע סיימען (צוזאַמענפֿאָהרען פֿון די אַדעללייט.)

אין דעם אייגענעם יאהרהונדערט נעהמען די פּוילען צו אַ טייל בעזיצונגען פֿון טייטאָנישען אָרדען.



פערלאג „יהודיה"

# וועלט-געשיכטע.

## פיערטער טייל.

## די רעפארמאציאנס-צייט.

בעארבייט פון

ד"ר ג. עפשטיין.



ווארשע תר"פ

דרוק ברידער לעווין עפשטיין פאוויע 38 №

# אינהאלטס-פערצייכניס.



Drukarnia Lewin-Epstein Pawia 38.

## ערשטעס קאפיטעל.

# ערפינדונגען און ענטדעקונגען.

עס ווייזט אויס, אז דער מענשליכער שכל קען זיך נאר ענטוויקלען ביז צו א געוויסער הויך און מוז זיך דעמאלט אבשטעלען, ווען ער וויל בלייבען געזונד שטארק און פריש און נישט פערליערען דאס, וואס ער האט זיך מיט גרויס מיה ערווארבען. דאס זעהען מיר אין לעבען פון איינצעלנעם מענשען, דאס אייגענע זעהען מיר אין לעבען פון גאנצע פעלקער אין דער געשיכטע. אנגעקומען ביז צו א געוויסען פונקט פון קולטור, מוזען זיך די פעלקער אבשטעלען, מאכען א פויזע. ווארום אזוי ווי גאונות, ד. ה. דער צו־שארפער שכל גרעניצט זיך אפט מיט משוגעת, אזוי גרעניצט זיך איבער־קולטור, ד. ה. די צו־רייכע פיינע קולטור מיט ווילדקייט און בארבאריזם.

אין די לעצטע יאהרהונדערטען פון דער אלטער צייט האט די קולטור פון די אלטע פעלקער, פון די גריכען און רוימער, געהאט דערגרייכט אזא געפעהרליכע שטופע. די קולטור איז געווארען צו־רייך, צו־איידעל, און רוים איז פון איהר אייגענער צו־גרויסער עשירות דערשטיקט געווארען. די אוצרות האבען די ווענד געבראכען, און דער גאנצער בנין איז איינגעפאלען און האט בעגראבען אונטער זיך זיינע מענשען.

עס איז געווען א גליק פאר דער מענשהייט, וואס גראד צו דער צייט בעוויזען זיך אויף דער וועלט־סצענע נייע פעלקער מיט פריש אונפערדארבען בלוט, מיט א מוטיגען אנטערנעהמונגס־גייסט.

די גערמאנען, וואס נעהמען איין אין יאהר 476 די מערב־רוימישע מלוכה, זענען נאך אמת ווילדע בארבארען, אקארשט פון וואלד אנטלאפענע חיות, אבער זייערע כחות זענען נאך נישט אויסגענוצט, זיי

ברענגען אריין אין לעבען פון איראפא א פרישען שטראם און איצט וויסען מיר, ווי נוצליך אט דער פרישער שטראם איז געווען פאר דער גאנצער איראפעאישער קולטור.

אבער דער נוצען האט זיך אזוי גיך נישט ארויסגעוויזען. טויזענד יאהר בערך האט דאס געדויערט, ביז די ווילדע בארבארען האבען זיך אבגעוועהנט פון זייערע וואלד־אינסטינקטען, און האבען ביסלעכווייז ווידער דערגרייכט די שטופע, אויף וועלכער די אלטע פעלקער זענען שוין לאנג געשטאנען, און נאך עטליכע הונדערט יאהר האט געמוזט געדויערן, ביז זיי האבען געקענט אריבערוואקסען די אלטע קול־טור און שאפען אן׳איינגענע, זעלבסטשטענדיגע טיעפערע קולטור. טויזענד יאהר האט דער מענשליכער שכל זיך אויס־גערוהט, געזאמעלט כחות פאר זיין ווייטערדיגען וועג.

די צייט פון 476 ביז 1492 ווערט אין דער געשיכטע אנגערופען דאס מיטעלאלטער, ד. ה. די מיטלע צייט צווישען דער אלטער און דער נייער צייט. פון די ערשטע טיילען פון דער „וועלט־געשיכטע" זענען שוין די לעזער בעקאנט מיט דעם צושטאנד פון דער דאזיגער צייט. מען דארף זיך נישט פארשטעלען, אז די דאזיגע געשיכטס־פעריאדע איז געווען אין גאנצען א רוהיגע און אז אין איהר זענען נישט פאר־געקומען קיין שום פערענדערונגען. אין פערגלייך מיט דער קולטור פון דער אלטער צייט, איז דאס מיטעלאלטער אמת א צוריק־גאנג, א גרויסע רעאקציע. אבער יעדענפאלס איז זי נישט געווען אזוי פער־גליווערט און אזוי טויט, ווי מען האט א צייט לאנג געמיינט. מיר געפינען אין מיטעלאלטער שפראצונגען פון גאנץ מאדערנע געדאנקען (די מחלוקת פון רעאליסטען און נאמינאליסטען), א דייטליכען קלאסען־קאמפף (צווישען פריצים און פויערן און צווישען מייסטער און געזעלען), און נאך לאנג פאר דער אפיציעלער רעפארמאציאן, אין 16־טען יאהר־הונדערט, האט דאס מיטעלאלטער שוין אויפגעוויזען דענקענדע רע־פארמאטארען, וועלכע טרעטען ארויס קעגען דער הערשאפט פון דער קאטוילישער קירך און פון אבערגלויבען בכלל.

אבער די אלע בעוועגונגען און שטרעמונגען זענען נאך צו־שוואך, כדי צו מאכען אן׳איבערקערעניש. די געדאנקען זענען מעהר פרומע וואונשען פון גוטע מענשען, זיי האבען אבער נאך נישט דעם מוט ארויס־צוטרעטען אפען אין קאמפף. און א חוץ דעם זענען זיי נאך אלץ פער־מישט מיט פערשיעדענע סכאלאסטישע בעגריפען, מיט הונדערטער

פאלשע פארשטעלונגען און פאראורטיילען. דאס זענען נאך געבורטס-וועהעניסען פון'ם מאדערנעם געדאנק, וועלכער איז זיך נאך אליין נישט געווארען קלאר און שטעהט נאך נישט אויף פעסטע פיס.

די הערשענדע מאכט אין מיטעלאלטער איז די קאטוילישע קירך און דער הערשענדער פרינציפ (גרונד-געדאנק) איז דער פרינציפ פון אויטאריטעט, וועלכען די קאטוילישע קירך האט ארויסגעשטעלט.

דער פאפסט און די גייסטליכקייט (דער אזוי-גערופענער קלערוס) זענען אויטאריטעטען, די ערשטע און די לעצטע פוסקים נישט נאר אין אלע פראגען, וואס זענען נוגע דער אמונה, נאר אפילו אין אלע פאליטישע און ווירטשאפטליכע פראגען. דער פאפסט שטעהט איבער דעם קייזער, ממילא שטעהען די בישאפען איבער די אנגעשטעלטע פון דער מלוכה, און די קאטוילישע קירך האט זעהר גוט פערשטאנען, אריינצונעהמען אין איהר האנד דאס גאנצע לעבען פון איירא[פ]א, דאס קולטורעלע און דאס ווירטשאפטליכע. זי איז אליין געווען די גרעסטע ערד-בעזיצערין אין לאנד, זי האט גענומען מעשר און אפגאבען פון אלע קלאסען, פון קעניג און פון פירשט, פון בירגער און פון פויער. אבער נאך מעהר, ווי איבער דעם ווירטשאפטליכען לעבען, האט זי גע-הערשט איבער דעם גייסטיגען לעבען. אלע אוניווערזיטעטען געפינען זיך אונטער איהר איינפלוס און אונטער איהר ממשלה. די וויסענשאפט פון דער סכאלאסטיק ווענדט אן אלע איהרע כחות און איהר גאנצען שארפזין, כדי צו בעווייזען די ריכטיגקייט און דאס רעכט פון'ם אויטא-ריטעט (איבערהערשאפט) פון דער קירך. און אויף אזא אופן איז דער פרינציפ פון אויטאריטעט אריין די מענשען אין פלייש און בלוט. דאס איז געווען די לופט, מיט וועלכער מען האט געאטעמט. דאס איז געווען אזוי נאטירליך און זעלבסטפערשטענדליך, אז מען האט שוין גע-מוזט האבען א סך מוט, כדי קעגען דעם אויפצוטרעטען.

דער פרינציפ פון אויטאריטעט בעהערשט מיט דער צייט דאס גאנצע לעבען, אלץ איז איינגעארדענט לויט פעסטע כללים, וועלכע מען טאר נים אנריהרען. די וועלטליכע מאכט (די מלוכה), וועלכע ליידט פון איין זייט צוליעב דעם פון דער קירך, נוצט אויף דער אנדערער זייט אוים דעם זעלבען פרינציפ בנוגע צו די פירשטען, די פירשטען טהוען דאס איינגענע מיט די ריטער, די ריטער מיט די פויערן, און אפילו אין די צעכען, וואס האבען זיך אין די שטעדט אויסגעבילדעט פון די דארפישע האנד-

ווערקער, און וואס זענען אין אנפאנג געווען פרייע קאמפף־ און שוץ־ארגאניזאציעס, דרינגט אלץ מעהר און מעהר אריין דער געדאנקען פון אויטאריטעט, זיי ווערען פערגליווערט אין געוויסע פארמען און סטאטוטען, צו וועלכע מען טאר זיך נישט מיט א פינגער אנריהרען.

דער גייסט פון ד א ג מ א, פון חוק ולא יעבור, הערשט אין מיטעל־אלטער. דער מענשליכער האריזאנט איז גאנץ גענוי בעגרענעצט, און אך און וועה צו דעם, וועלכער דערוועגט זיך איהם צו פערגרעסערן.

און פונדעסטוועגען האט זיך דער האריזאנט דאך פערגרעסערט און פערברייטערט.

אין 14־טען און 15־טען יאהרהונדערט זענען איינגעטרעטען געשעהענישען, וועלכע האבען אנגעמאכט א איבערקעהרעניש אין די פערהעלטניסען פון די איראפעאישע פעלקער און מיט וועלכע עס הויבט זיך אן א נ י י ע צ י י ט. די דאזיגע געשעהענישען זענען געווען: 1) די ערפינדונג פון קאמפאס, 2) די ערפינדונג פון שיס־פולווער, 3) די ערפינדונג פון בוך־דרוקעריי, 4) דאס איינעהמען קאנסטאנטינאפאל דורך די טערקען, 5) די ענטדעקונג פון אמעריקא און 6) די ענטדעקונג פון ים־וועג נאך מזרח־אינדיען.

---

## די ערפינדונג פון קאמפאס.

דעם מאדערנעם מענשען פון 20־סטען יאהרהונדערט איז זעהר שווער זיך פארצושטעלען, ווי דאס גייסטיגע לעבען פון איראפא האט אויסגעזעהן מיט 500 יאהר צוריק, ווען פון אמעריקא און אויסטראליען האט מען נאך אפילו נישט געוואוסט און וועגען אפריקא און אזיען זענען נאר ארומגעגאנגען אין פאלק אונקלארע לעגענדעס. מיר זענען איצט אזוי צוגעוועהנט צו די 5 וועלט־טיילען, אז מיר קענען זיך אונזער קולטור פשוט נישט פארשטעלען אהן זיי. אמעריקא דערגרייכען מיר איצט אין 6 טעג, אין דרום־אפריקא האבען מיר קרובים און אפילו א רייזע אין אינדיען איז שוין פאר אונז אויך נישט פון די גרויסע נסיעות. אבער מיר דארפען נישט פערגעסען, אז ביז צום 15־טען יאהרהונדערט איז דער האריזאנט פונ'ם איראפעאישען מענשען נישט דערגאנגען א סך ווייטער, ווי איבער די גרענעצען פון איראפא און די ימים, וועלכע ליגען ארום איראפא. ערשט דורך די געאגראפישע ענטדעקונגען פון 15־טען און 16־טען יאהרהונדערט האט זיך דאס וועלט־בילד פון די איראפעער פערגרעסערט.

אַבער די דאָזיגע ענטדעקונגען זענען נאָר מעגליך געוואָרען, צייט מען האָט ערפונדען דעם שיף־קאָמפּאַס.

אין דער אַלטער צייט און אין מיטעל־אַלטער האָבען די ים־פאָהרער מורא געהאַט זיך צו לאָזען ווייט אין אָפענעם ים אַריין און דעריבער פלעגען זיי זיך האַלטען ביי די ברעגעס און פלעגען נאָר זעגלען פון איני־זעל צו אינזעל. מען האָט שוין פריהער אפילו אויך געוואוסט, אַז די מאַגנעט־נאָדעל האָט די טבע, צו ווייזען אויף צפון/ווייט, אַבער אויסצו־נוצען די דאָזיגע טבע פון דער מאַגנעט־נאָדעל פאַר די ים־רייזעס האָט מען נאָך נישט פערשטאַנען. דער איטאַליענער פלאַוויאָ דזשאָיאַ האָט דעם דאָזיגען כח צוערשט אויסגענוצט און האָט ערפונדען דעם קאָמפּאַס (זעה פאָלקס־אוניווערזיטעט, געאָגראַפיע 3 ז. 7). אויפ'ן דעק פון קאָמפּאַס זענען אָנגעצייכענט די זייטען פון דער וועלט, און ווייסענדיג, אַז דער מאַגנעט ווענדט זיך אַלע מאָל מיט איין שפּיץ צו צפון און מיט דעם אַנדערען שפּיץ צו דרום־זייט, האָבען די שיף־פאָהרער שוין געקענט לייכט אויסרעכענען די אַנדערע ריכטונגען און גאַנץ גענוי בעשטימען זייער מאַרשרוט. דורך דעם האָט זיך דער שיף־פערקעהר שטאַרק ענטוויקעלט.

---

## די ערפינדונג פון שיס־פולווער.

דאָס שיס־פולווער איז שוין געווען לאַנג בעקאַנט די חינעזער און די אַראַבער אין שפּאַניען. אַבער אין אייראָפּאַ איז דאָס פולווער בעקאַנט געוואָרען ערשט אַרום דאָס יאָהר 1330. ווי מען נעהמט אָן, זאָל דאָס האָבען ערפונדען דער מאָנאַך בערטהאָלד שוואַרץ. זיכער איז, אַז אין 14־טען יאָהרהונדערט האָט מען שוין אָנגעווענדט דאָס פולווער אין מלחמה און באַלד האָט דאָס פולווער פערנומען אין אַלע מלחמות דעם ערשטען פּלאַץ און האָט אָנגעמאַכט אַן איבערקעהרעניש אין דער גאַנצער קריעגס־טעכניק.

אַבער אַ חוץ דער בעדייטונג פאַר דער טעכניק פון קריעג, האָט די ערפינדונג פון'ם שיס־פולווער אויך געהאַט אַ גרויסע געזעלשאַפטליכע בעדייטונג. דאָס פולווער האָט אומגעבראַכט די רויב־ריטער, וועלכע האָבען ביז אַהער געהאַלטען גאַנץ אייראָפּאַ אין אייך ציטערניש.

נאָך די קרייץ־צוגען, וועלכע האָבען זיך אַזוי מאָוס אויסגעלאָזען, האָט דער ריטער־שטאַנד געהאַלטען אין איין פאַלען, ער איז געוואָרען אַלץ מעהר אָפּהענגיג פון די רייכערע פירשטען. די פויערן זענען אויך געוואָרען קליגער און האָבען זיך שוין נישט געלאָזען אַזוי אויסרויבען,

ווי פריהער. די ריטער האבען זיך געפונען צווישען צוויי פייערען, און כדי ווי נישט איז דורכצולעבען, האבען זיי זיך גענומען צו פשוט'ע רויבע־רייען. זיי האבען זיך אויסגעבויט אזוי־גערופענע „בורגען" און שלעסער אויף די שפּיץ בערג ארום דעם טייך רהיין, האבען זיך שטארק פער־פעסטיגט און פלעגען בעפאלען די סוחרים, וועלכע זענען געפאהרען מיט זייערע סחורות אין די שטעדט אויף די מערק. צו דעם צוועק האבען זיי געדונגען העלפער, וועלכע פלעגען שוין אבלויערן די רייזענדער, זיי אנ־האלטען און אוועקנעהמען אלץ, וואס זיי האבען מיט זיך געפיהרט. אפט־מאלס פלעגען זיי די רייכערע סוחרים נעהמען געפאנגען, זיי פערשלעפט אין שלאס און זיי דארט האלטען אזוי לאנג, ביז זייערע קרובים האבען זיי נישט אויסגעלייזט פאר א גרויסע סומע.

איצט אבער, ווען מען האט געהאט דאס שיס־פולווער, איז די מורא פאר די רויב־ריטער געווארען קלענער. געגען דעם שיס־פולווער האבען זיך זייערע פעסטונגען נישט געקענט האלטען, דאס פולווער האט געגעבען די ריטער דעם לעצטען קלאפּ.

א סך א גרעסערע בעדייטונג פאר דער אלגעמיינער קולטור פון אייראפּא האט געהאט די:

---

## ערפינדונג פון בוך־דרוקעריי.

אין גאנצען אלטערטום און אין מיטעלאלטער, ווען די קונסט פון בוך־דרוקעריי איז נאך נישט געווען בעקאנט, האט מען די ביכער איבער־געשריבען, צוערשט אויף ליימענע און הילצערנע טאוולען, שפּעטער אויף פאפּירוס און נאך שפּעטער אויף פאפּיר. דאס שרייבען נעהמט־אב א סך צייט, בעזונדערס ווען מען וויל שרייבען קלאר און שען. די רייכע מענשען פלעגען זיך האלטען שקלאפען, וועלכע האבען פאר זיי איבערגעשריבען די ביכער. אבער דאס פלעגט קאסטען זעהר טייער, און אזא פערגניגען האבען זיך געקענט פערגינען נאר גרויסע שררות. דאס בוך איז דעריבער געווען א יקר־המציאות, דער פשוט'ער מענש האט זיך נישט געקענט ערלויבען אזא לוקסוס. און אויף אזא אופן איז די ב י ל ד ו נ ג  ג ע ו ו א ר ע ן א מ א נ א פ א ל פ ו ן ד י  ר י י כ ע ר ע  ק ל א ס ע ן, דאס פאלק האט צו איהר נישט געהאט קיין צוטריט.

אין 14־טען יאהרהונדערט האט זיך אנגעהויבען צו ענטוויקלען די קונסט פון האלץ־שניידען. מען האט געמאכט פערשיעדענע קונציגע שני־

צערייען. און צווישען אנדערע זאכען האט מען שוין אנגעהויבען צו שניצען בוכשטאבען (אותיות) אויך.

אבער די בוכשטאבען פלעגען ווערען געשניצט פון איין שטיק, ד. ה. מען פלעגט שניצען גאנצע זאצען, און ס'פערשטעהט זיך, אז אויף אזא אופן האט מען אין בעסטען פאל געקענט אבדרוקען נאר איין בוך.

דאן איז געפאלען יאהאן גוטענבערג אויפ'ן געדאנק, צו שניצען נישט גאנצע זאצען, נאר איינצעלנע אותיות, וועלכע לאזען זיך פונאנדערנעהמען און צוזאמענשטעלען אויף פערשיעדענע ווערטער.

דורך דעם איז גוטענבערג געווארען דער ערפינדער פון דער בוך־דרוקעריי. אין יאהר 1455 האט ער ארויסגעגעבען דעם ערשטען געדרוקטען תנ"ך אויף לאטיין.

גוטענבערג אליין האט פון זיין ערפינדונג וועניג וואס נוצען געהאט. דערפאר זענען אבער זיינע העלפער און שותפים, דער מאינצער גאלד־שמיעד פוסט און דער בוכער־איבערשרייבער פעטער שעפער רייך געווארען פון דער ערפינדונג. איבריגענס מוז מען צוגעבען, אז שעפער האט די ערפינדונג בעדייטענד אויסגעבעסערט. אנשטאט די אותיות פון האלץ, האט ער איינגעפיהרט אותיות, געגאסענע פון מעטאל.

אין דער ערשטער צייט האט מען די ערפינדונג געהאלטען בסוד, אבער באלד האבען איהר די דייטשע דרוקער־געזעלען איינגעפיהרט אין אלע לענדער פון אייראפא.

דאס בוך איז ארויין אין די ברייטסטע פאלקס־מאסען. מען האט שוין געהאט די מעגליכקייט צו דרוקען וויפיעל עקזעמפלארען מען בעדארף, דער פרייז פון די ביכער איז געווארען א סך ביליגער, אויך פאר די קעשענע פון פשוט'ען מענשען.

---

## די געאגראפישע ענטדעקונגען.

די ערשטע, וואס האבען אויסגענוצט די ערפינדונג פון קאמפאס, זענען געווען די פארטוגאלען. גראד אין דער צייט האבען די טערקען פערהאפט די מזרח־ברעגען פון מיטעללענדישען ים און האבען פערשטעלט פאר די אייראפעער דעם האנדעלס־וועג מיט אזיען. דעריבער איז אויפגעקומען דער געדאנק צו געפינען א דירעקטען וועג נאך אזיען, בעזונדערס נאך דעם וואונדער־לאנד אינדיען, וואס זיינע פראדוקטען פלעגען האבען אין אייראפא א לייכטען אבזאץ. פארטוגאל האט געהאט פאר א דירעקטען פערקעהר מיט אינדיען די בעסטע לאגע. דאס האט

דער ענערגישער אינפאנט היינריך דער ים־פאהרער זעהר גוט פערשטאנען און ער האט זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט. זיין גאנצען לעבען האט ער אבגעגעבען, כדי צו עפענען דעם וועג ארום דעם מערב־ברעג פון אפריקא. ווען ער איז געשטארבען, האבען זיך שוין געפינען די וויכטיגסטע אינזלען פון מערב־אפריקא, מאדערא, די קאנארישע אינזלען און די אזארישע און פארטוגאלישע הענד.

די דאזיגע עקספעדיציעס האבען אריינגעבראכט אין פארטוגאל גרויסע עשירות. מען האט זיך אמת פאר קיין זאך נישט דערשראקען. מען האט געפאנגען נעגער און זיי פערקויפט אין איראפא פאר שקלאפען. לויט א בולע (א בריעף) פון פאפסט, האבען די פארטוגאלער בעקומען דאס מאנאפאל אויף די אלע אינזלען, וואס מען האט שוין ענטדעקט, און אויף די אלע אינזלען, וואס מען וועט נאך ענטדעקען ביז אינדיען. דאס האט די פארטוגאלער צוגעגעבען נאך מעהר מוט. זיי האבען זיך ווידער געלאזען אין ים, און אין יאהר 1486 האט בארטאלאמעא דיאז שוין געהאט דערגרייכט דעם דרום־שפיץ פון אפריקא, וועלכען מען האט א נאמען געגעבען קאפ פון דער גוטער האפנונג, ווייל איצט האט מען שוין געהאט א האפנונג צו דערגרייכען דעם ענד־ציעל אויך — אינדיען. אין יאהר 1498 האבען די פארטוגאלער ווירקליך דאס ציעל דערגרייכט. וואסקא דע גאמא האט אין דעם יאהר, פאהרענדיג וויטער פון אפריקאנישען מזרח־ברעג איבער דעם אינדישען אקעאן, ענטדעקט דעם ים־וועג נאך מזרח־אינדיען.

דאס איז געווען א געוואלדיגער נצחון, וועלכער האט ארויסגערופען בעוואונדערונג און קנאה און האט אנגערייצט אלע ים־פאהרער, אויך צו פערזוכען זייער מזל. אלע נעהמען זיך צו עקספעדיציעס. דער שפאניער באלבאא געהט מיט אונגלויבליכע שוועריגקייטען אריבער דעם לאנד־פאס פון פאנאמא (וואו עס ווערט איצט געגראבען א קאנאל) און ענט־דעקט דעם שטילען אקעאן.

דער פארטוגאלער מאגעלאן דערוועגט זיך זאגאר צו מאכען די ערשטע ים־רייזע ארום דער וועלט. איבער דרום־אמעריקא פאהרט ער אריין אין גרויסען שטילען אקעאן. אבער דעם דאזיגען שריט האט ער בעצאהלט מיט זיין לעבען. אויף די פהיליפינישע אינזלען איז ער געווארען דערמארדעט פון די ווילדע. פון זיינע פינף שיפען איז נאר איין שיף צוריקגעקומען אהיים.

דאס גרעסטע געשעהעניש פון דער צייט איז געווען די ענטדעקונג

און דאָס איינגעהמען פון מעקסיקא דורך פערדינאַנד קאָרטעז

דאַ האָט מען שוין נישט געהאַט צו טהון מיט ווילדע, נאָר מיט אַ פאָלק, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ געוויסער שטופע פון קולטור. די אַצטעקען, די איינוואוינער פון מעקסיקא, האָבען שוין געוואוינט אין שטעדט, האָבען שוין געהאַט ענטוויקעלט ביי זיך פערשיעדענע מלאכות. זיי האָבען שוין געהאַט אַ איינגעאָרדענטע מלוכה מיט אַ קעניג, מיט אַ רייכען אדעל און מיט אַ שטאַרקען כהנים-שטאַנד. אָבער אַנטקעגען די אייראָפּעאישע וואָפען האָבען זיי זיך נישט געקענט שטעלען. דערזעהענדיג די בעוואָפענטע סאָלדאַטען אויף זייערע פערד, זענען די נייע אונבעקאַנטע מענשען זיי פאָרגעקומען, ווי עפּעס העכערע בעשעפענישען פון אַנ׳אַנדער וועלט. זיי זענען מיט זייערע אונגעלומפּערטע וואָפען (דאָס אייזען האָבען זיי נאָך נישט געקענט) פּשוט בטל ומבוטל געוואָרען פאַר די נייע מענשען, און אַזוי האָט קאָרטעז געקענט איינגעהמען דאָס גרויסע לאַנד מיט דער הילף פון פיער הונדערט שפּאַניער!

מיט נאָך קלענערע כחות האָט מען שפּעטער איינגענומען דאָס גאָלד-לאַנד פּערו, וואו עס האָבען געהערשט די מלכים פון שבט אינקאַ. די פּערואַנער זענען געוועזען אַ געבילדעט פאָלק מיט אַ רוהיגען כאַראַקטער. זייער רעליגיאָן איז געשטאַנען אַ סך העכער ווי די רעליגיאָן פון די מעקסיקאַנער (וועלכע האָבען נאָך מקריב געווען צו זייער גאָט מענשען), אָבער זיי האָט געפעהלט דער קריגערישער מוט. אויסער דעם זענען גראַד אין דער צייט פאָרגעקומען אין פּערו גרויסע מחלקות וועגען דער מלוכה, און דאָס האָבען די שפּאַניער אויסגענוצט פאַר זייערע צוועקען.

די גרעסטע ענטדעקונג פון דער צייט איז אָבער געווען די

## ענטדעקונג פון אַמעריקאַ.

אַמעריקאַ איז ענטדעקט געוואָרען פון קריסטאָף קאָלומבוס, כמעט צופעליג, גאַנץ אונערוואַרטעט.

קאָלומבוס האָט זיך מתקנא געווען אין די פּאָרטוגאַלער מיט זייערע גרויסע נצחונות און ער האָט זיך אריינגענומען דעם געדאַנק, זיי אריבער צוטראָגען און צו געפינען אַ נייעם וועג נאָך אינדיען פון אַנ׳אַנדער זייט. ער איז געווען זיכער, אַז ווען ער וועט פאָהרען גלייך אויס איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אין מערב-זייט, מוז ער קומען אין אינדיען. אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין שיפען פאַר אַזאַ גרויסע נסיעה. צוערשט האָט

ער זיך געווענדעט צו פארטוגאל, אבער דא האט מען איהם אבגעזאגט. דאן האט ער זיך געווענדעט צום שפאנישען קעניג, אבער דא האט מען אויך א צייט לאנג נישט געוואלט הערען פון זיין פלאן. גראד אין דער צייט האט פערדינאנד (וועלכער שפיעלט אזא טרויעריגע ראליע אין דער אידישער געשיכטע) איינגענומען גראנאדא, די לעצטע פעסטונג פון די אראבער, און, פאר שמחה איבער דעם גרויסען נצחון, האט זיך איזאבעלא געלאזט איבעררעדען און האט געגעבען קאלומבוס'ן דריי שיפען צו דער רייזע (א מליץ-יושר איז פאר קאלומבוס'ן געווען א איד א קרוב למלכות). גלייכצייטיג האט מען איהם צוגעזאגט, אז ער וועט ווערען דער גרויס-אדמיראל און וויצע-קעניג פון אלע לענדער, וואס ער וועט ענטדעקען, און אויסערדעם האט ער און זיינע יורשים געדארפט בעקומען דעם צעהנ-טען טייל פון אלע נייע איינקינפטען.

דעם 3-טען אויגוסט 1492 איז קאלומבוס אבגעפאהרען פון אנדא-לוזישען האפען פאלאס. בשעת דער רייזע איז אויסגעבראכען א גרויסער שטורם, די מאטראזען האבען זיך דערשראקען און האבען זיך געוואלט אומקעהרען. אבער קאלומבוס האט זיי מיט זיין גאנצער ענערגיע צוריק-געהאלטען. דעם 12-טען אקטאבער האט מען צום ערשטען מאל דער-זעהען לאנד. דאס איז געווען די אינזעל גואנאהאני. קיין סך זילבער און גאלד, ווי מען האט גערעכענט, האט מען דא אבער נישט געפונען. קאלומבוס האט ענטדעקט נאך א פאר אינזלען, האאיטי און קובא, און האט זיך אומגעקעהרט נאך שפאניען, ברענגענדיג דער אייראפעאישער וועלט די בשורה פון דער נייער וואונדערבארער וועלט. איבריגענס, האט קאלומבוס די נייע אינזלען פערגערעכענט צו אזיען, און ער האט זיי דערי-בער אנגערופען וועסט- (מערב) אינדיען. ער האט נישט געוואוסט, אז ער האט א סך מעהר דערגרייכט, ווי ער האט אליין ערווארטעט, אז ער האט געפונען גאר א נייעם וועלט-טייל.

אין סעפטעמבער 1493 האט קאלומבוס אונטערגענומען א צווייטע רייזע, דאס מאל שוין מיט 1500 מאן אויף 17 שיפען. אויף דער דאזיגער רייזע האט ער ענטדעקט א סך נייע אינזלען. אונטער זיי האבען זיך געפונען די וויכטיגע אינזלען פארטאריקא און יאמאיקא.

אין האאיטי האט קאלומבוס געהאט געגרינדעט א קאלאניע פון שפאניער. אבער די אייראפעער האבען זיך אזוי שטארק אנגעווארפען אויף דאס נייע לאנד, און האבען די היימישע אינדיאנער אזוי אונמענשליך בעהאנדעלט, אז ס'איז באלד אויסגעבראכען א גרויסער אויפשטאנד. די

האב־גיער פון די אייראפעער האט נישט געהאט קיין גרענעצען. זיי האבען זיך מיט דער לייכטער ירושה נישט געקענט פונאנדערטיילען. עס זענען ענטשטאנען צווישען זיי גרויסע רייסענישען און די ארימע אינדיאנער זענען געווען דער שעיר לעזאזל. קאלומבוס איז געקומען אין האאיטי און האט די שולדיגע, וועלכע האבען מיט זייער אונברחמנות'דיגער אויפפיהרונג ארויסגערופען דעם אויפשטאנד, שטרענג בעשטראפט. ער האט אבער דערפאר טייער בעצאהלט. זיינע שונאים האבען איהם פער'מסר'ט פאר'ן שפאנישען קעניג. פערדינאנד האט אראבגעשיקט א בעאמטען, די זאך צו אונטערזוכען. דער בעפאלמעכטיגטער האט קאלומבוס'ן אראבגעזעצט פון זיין שטעל, און האט איהם אבגעפיהרט אין קייטען קיין שפאניען. דא האט מען איהם אפילו אין גיכען בעפרייט, אבער די בעלוינונג, וואס מען האט איהם צוגעזאגט, האט ער שוין נישט געקריגען.

פונדעסטוועגען האט נאך קאלומבוס אונטערגענומען א פיערטע רייזע, כדי צו געפינען א דורכפאהר אין אינדיען. אויף דער דאזיגער לעצטער רייזע האט ער געהאט אויסצושטעהן א סך געפאהרען. דאס איז געווען די אונגליקליכסטע רייזע פון זיין לעבען. זיינע שיפען זענען איינע נאך די אנדערע אונטערגעגאנגען, און ער מיט זיינע מאטראזען האבען אכט מאנאט נאכאנאנד געמוזט לעבען אויף א אינזעל צווישען ווילדע, ביז ס'איז סוף כל סוף אנגעקומען א שיף און האט זיי אבגעפיהרט אין האאיטי. פון דאנען איז קאלומבוס צוריקגעפאהרען נאך שפאניען. ער איז שוין געווען קראנק און פערמאטערט. די לעצטע יאהרען פון זיין לעבען זענען געווען זעהר טרויעריגע. ער איז געשטארבען אין יאהר 1506 אין דער שטאדט וואלאדאליד.

ביז צו זיין טויט האט ער נישט געוואוסט, וואס ער האט אויפגעטהון, אז ער האט ענטדעקט א נייעם וועלט־טייל. זיין טויטען קערפער האט מען שפעטער בעגראבען אויף דער אינזעל קובא. אין זיין צואה האט ער געבעטען, מען זאל איהם אריינלעגען אין קבר די קייטען, מיט וועלכע מען האט איהם אמאל געשמידט.

קאלומבוס האט אפילו נישט זוכה געווען, אז דער נייער ערד־טייל זאל אנגערופען ווערען אויף זיין נאמען. דער נאמען אמעריקא שטאמט פון א געוויסען אמעריגא וועספוצי, וועלכער האט דער ערשטער ארויסגעגעבען א בעשרייבונג פון דעם נייען לאנד.

אמעריקא איז ענטדעקט געווארען אין דעמזעלבען יאהר, ווען מען האט ארויסגעטריבען די אידען

פון שפאניען. ס'איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואס אויך אידען, וועלכע האבען דורך דער גזרה פערלארען איבער נאכט זייער האב און גוטס, האבען זיך אנגעכאפט אן קאלומבוס'עס פלאן און זענען מיטגעפאהרען מיט איהם, נישט קוקענדיג אויף די גרויסע סכנות פון אזא רייזע. ס'איז א סברא, אז אהן אידישע הילף וואלט קאלומבוס קיינמאל נישט ענטדעקט אמעריקא. יעדענפאלס איז היסטאריש פעסטגעשטעלט, אז די אידען האבען קאלומבוס'ן שטארק געשטיצט מיט געלד און מיט עצות און אויף קאלומבוס'עס שיפען האבען זיך געפונען א סך אנוסים (מאראנען), וועלכע האבען אין שפאניען נישט געוואלט מעהר פערבלייבען.

אידען האבען אין דער ענטדעקונג פון אמעריקא א גרויסען חלק. ווען מען האט זיי פון זייער אלטער היים פערטריבען, האט זיך זיי געעפענט א נייע לאנד, וואס איז איצט פאר זיי געווארען א נייע היים. צווישען די אייראפעער, וועלכע האבען צוערשט געשטעלט זייער פוס אויף אמעריקאנישע ערד, זענען שוין געווען אידען.

---

## די רעזולטאטען פון די ענטדעקונגען.

די גרויסע לענדער-ענטדעקונגען האבען געהאט פאר אייראפא זעהר וויכטיגע רעזולטאטען. אין דער געשיכטע איז אריינגעטרעטען א נייער וועלט-טייל. דער היסטארישער האריזאנט האט זיך פערגרעסערט. אמעריקא בעקומט אלץ א גרעסערע בעדייטונג. די פרוכטבארקייט און דער רייכטום פון'ם נייעם לאנד ציהט-צו טויזענדער אייראפעער, בעזונדערע שפאניער, וועלכע בעזעצען זיך דארט.

אבער ווי מען זאל נישט בעוואונדערען דעם העלדענמוט און דעם אונטערנעהמונגס-גייסט, וואס די אייראפעער האבען ארויסגעוויזען בייַ דער ענטדעקונג און בייַ'ם איינגעהמען פון דער נייער וועלט, פערלאנגט דער היסטארישער אמת, מודה צו זיין, אז זייער אכזריות האט דאס אלץ אריבערגעשטיגען. די ענטדעקונג פון אמעריקא איז בכלל געווען פאר שפאניען א גליקליכער צופעליגער געווינס. אין שפאניען איז גארנישט געווען אזא גרויסע בעפעלקערונג, אדער אזא גרויסע איבערפראדוקציאן פון סחורות, אז זי זאל זיך געווען נויטיגען אין קאלאניעס.

די מענשען, וואס האבען זיך געלאזען אין ים, האבען געוואלט ליכט רייך ווערען. אמעריקא איז פאר זיי געווען א גאלד-גרוב (עלדא-

ראדא), וואו מען קען שעפן גאלד מיט'ן עמער. אליין ארבייטען האבען זיי נישט געוואלט, און זיי האבען מיט אנ'אומעגשליכער גרויזאמקייט געלאזט ארבייטען פאר זיך די אינדיאנער. די אינדיאנער האבען געמוזט בעארבייטען די פלאנטאציעס, וואס די אייראפעער האבען פאר זיך צוגענומען, האבען געמוזט ארבייטען אין די גאלד- און זילבער-שאכטען, און האבען געמוזט שלעפען משאות, וואס זייער שוואכער קערפער האט נישט געקענט פערטראגען. זיי האבען באלד אנגעהויבען אויסצושטארבען אין גרויסע מאסען.

כדי צו פערלייכטערן די לאגע פון די אומגליקליכע אינדיאנער, האט דער קאטוילישער גייסטליכער לאס קאזאס געגעבען אנ'עצה, אז מען זאל איינפיהרען אנשטאט די אינדיאנער נעגער פון אפריקא, וועלכע זענען שטארקער און געזינדער.

מען האט זיין עצה געהערט און דערמיט הויבט זיך אן אין אמעריקא די שקלאפעריי, וואס האט אנגעהאלטען ביז צום 19-טען יאהרהונדערט און וואס האט געמאכט א תל פון די נעגער אין אפריקא. די אינדיאנער האבען דערפון געהאט א קנאפע טובה, די ישועה איז געקומען צו שפעט, און זיי זענען בילעכוויז פון די שווערע בעדריקונגען אויסגעשטארבען.

די שפאניער האבען בכלל נישט פערשטאנען, ווי אויסצונוצען דאס נייע רייכע לאנד. אין דער ערשטער צייט האבען זיי אפילו אנגעהויבען ארויסצופיהרען פעל און קאלאניאל-פראדוקטען, אבער אין זעהר א קליינער מאס. זיי האבען זיך הויפטזעכליך געיאגט נאך גאלד און זילבער. אויף די שפאנישע קארטעס פון אמעריקא האבען זיך ביי די טעריטאריעס, וואו ס'איז נישט געווען קיין גאלד און זילבער, געפונען די ווערטער: „לענדער, וואס גיעבען קיין הכנסה נישט".

שפאניען האט ארייגענומען אין איהרע הענד דעם גאנצען האנדעל מיט אמעריקא. אין לאנד איז אנגעשוואומען א סך גאלד און זילבער, אבער דאס איניוועניגסטע לעבען פון לאנד איז געווען זעהר ארעם, דאס לאנד האט נישט געהאט קיין ענטוויקעלטען האנדעל, קיין בעדייטענדע האנדווערקער- און ארבייטער-קלאס און קיין גרויסע קאפיטאליסטען. אין לאנד האבען זיך אנגעקליבען גרויסע עשירות, אבער אנשטאט אויסצונוצען די עשירות פאר גרויסע פאבריק- און האנדעל-אונטערנעהמונגען, האט מען זיך געלאזט וואויל-געהן און מען האט „געלעבט א טאג" — פון אלעם פארטיגען. ווען נישט די פערמיטלער פון אייראפא, וואלט

דער גאנצער רייכטום געבליבען ליגען, ווי א טויטער קאפיטאל.

ביסלעכווייז זענען שפאניען און פארטוגאל געווארען אין גאנצען אבהענגיג פון די דייטשע און איטאליענישע האנדעלס-פירמעס. זיי גיבען געלד אויף נייע עקספעדיציעס און זיי בעשטימען שוין דעם פרייז פון אלע סחורות. ליסאבאן, וואס איז א לאנגע צייט געווען דער האנדעלס-צענטער פון אייראפא, געהט אראב פון דער סצענע. דער גאנצער האנדעל טראגט זיך אריבער אין א נייעם צענטער, אין אנטווערפען. בכלל, האבען שפאניען און פארטוגאל פון גאנצען עסק וועניג וואס נוצען געהאט.

אמעריקא האט ארויסגעצויגען פון לאנד, וואס איז אזוי אויך נישט געווען שטארק בעוואוינט, די יונגסטע און שטארקסטע כחות. מען דארף נאך דערמאהנען, אז אין דערזעלבער צייט האט שפאניען פערלארען איהרע בעסטע, געבילדעטסטע און געשיקטעסטע מענשען, די אידען, און פון דעמאלט אן הויבט זיך אן שפאניען'ס אונטערגאנג.

די מאסע געלד און זילבער, וואס האט זיך א שאט געטהון אין אייראפא, האט ארויסגערופען א גאנצע עקאנאמישע איבערקעהרעניש. דער פרייז פון געלד, וואס איז אין מיטעלאלטער געווען זעלטען, איז מיט איין מאל געפאלען, און לעבענס-מיטלען זענען טייערער געווארען. דער צושטראם פון אזוי פיעל געלד האט מיטגעהאלפען, עס זאל זיך שטארק ענטוויקלען די געלד-טויש-ווירטשאפט, וואס האט שוין אין סוף פון מיטעלאלטער אנגעהויבען ארויסצושטופען די פריהערדיגע פארם פון ווירטשאפט, די נאטורל-ווירטשאפט (ווען יעדעס הויז האט פאבריצירט אלץ, וואס ס'האט בעדארפט, פאר'ן אייגענעם געברויך).

אייראפא הויבט איצט אן צו בעקומען פון אמעריקא נייע פראדיקטען, וואס האבען א ווירקונג אויף דער גאנצער ארט לעבען, ווי צום ביישפיעל, קארטאפעל, וואס איז ביי אונז געווארען „דאס ברויט פון די ארעמע", מאיס, קאקאא און טאבאק. פון אמעריקא קריגט מען צוקער, קאווע, בוימוואל, פערשיעדענע פארב-שטאפען. דער האנדעל בעגנוגענט זיך נישט מעהר מיט'ן פערקעהר ארום די ים-ברעגעס, עס ענטוויקעלט זיך א אקעאנישער וועלט-האנדעל. די אלטע האפען-שטעדט ווענעדיג און גענוא ווערען-אן זייער בעדייטונג פאר'ן האנדעל, אויך דער האנזע-בונד שפיעלט שוין נישט מעהר די ראליע, וואס פריהער. אנשטאט זיי בליהען אויף די אטלאנטישע מלוכות, בעזונדערס שפאניען און פארטו-

גאַל. ליסאַבאָן איז איצט געוואָרען דער גרעסטער מאַרק פאַר אַלע טייערע פּראָדוקטען פון מזרח=אינדיען און דער גרעסטער וועלט=האַנדעלספּלאַץ. שפּעטער, אַדאַנק דער נאַכלעסיגקייט און פוילקייט פון די שפּאַניער און פּאָרטוגאַלער, געהט דער גאַנצער האַנדעל אַריבער אין ענגלישע, האָלענדישע און דייטשע הענד און די הויפּט=בערזע ווערט אַנטווערפּען.

די וויסענשאַפטען האָבען אויך אַ סך געוואונען פון די נייע ענטדעקונגען בעזונדערס געאָגראַפיע און נאַטור=וויסענשאַפט. איצט, נאָך דער גרויסער רייזע אַרום דער וועלט, האָט מען שוין נישט געצווייפעלט אין דעם, אַז די ערד האָט די פאָרם פון אַ קוגעל (איז קיילעכדיג). דער קוק פון'ם אייראָפּעאישען מענשען ווערט ברייטער, זיכערער. ער נעהמט שטאַלץ אַרום די גאַנצע וועלט.

---

צווייטעס קאַפּיטעל.

# די רענעסאַנס און דער הומאַניזם.

און איין צייט מיט די גרויסע ענטדעקונגען און ערפינדונגען, איז אין 15=טען און 16=טען יאָהרהונדערט אויפגעקומען אַ געוואַלדיגע קולטור=בעוועגונג, וועלכע איז בעקאַנט געוואָרען אונטער דעם נאָמען רענעסאַנס (ד. ה. ניי=געבורט) אָדער הומאַניזם. די פערטרעטער פון דער בעוועגונג האָבען זיך אַליין אָנגערופען הומאַניסטען, ד. ה. מענשען, וואָס שטודירען די וועלטליכע ליטעראַטור. דערמיט האָבען זיי געוואָלט אויסדריקען זייער פּראָטעסט צו דער גאַנצער קולטור פון מיטעלאַלטער, וועלכע האָט זיך נאָר אָבגעגעבען מיט רעליגיעזע, נישט=ממשות'דיגע פראַגען. מען הויבט זיך ווידער אָן צו אינטערעסירען מיט'ן מענשען און מיט זיינע נאַטירליכע בעדערפעגישען. די הומאַניסטען ווילען אָבציהען דעם מענשען פון זיינע הימעלישע חלומות און איהם צוריק אַוועקשטעלען אויף דער ערד, וואו ער איז געבאָרען געוואָרען און וואו ער דאַרף זיך זעהען איינצוריכטען צוזאַמען מיט זיינע גלייכען.

די גאַנצע קולטור פון מיטעלאַלטער איז געווען אַן'אַסקעטישע (נזיר'ישע). די מענשליכע נאַטור, האָט מען געזאָגט, איז זינדיג, מען דאַרף מיט איהר מלחמה האַלטען דורך תעניתים און סגופים, וואָס מעהר זיך דערווייטערן פון'ם חומר=לעבען, וואָס מעהר זיך בעפרייען פון'ם זינדיגען גוף.

די הומאַניסטען טרעטען אַרויס געגען דער דאָזיגער פאָרשטעלונג. דעם מענשען'ס נאַטור, זאָגען זיי, איז איהם געגעבען פון גאָט, און

דעריבער איז זי געטליך. דעם מענשען'ס גליק ליגט נישט אין פאסטען און אין דער בלינדער אמונה, נאר אין זיין שכל און אין זיין איינגענעם כח. זיי ענטוויקלען ווידער די קערפערליכע קולטור, וואס דאס מיטעלאלטער האט געהאט איגנאנצען פערנאכלעסיגט. דאס גרעסטע אידעאל איז פאר זיי דער געזונדער, שענער, געבילדעטער און פרייער מענש.

דעם דאזיגען אידעאל האבען זיי געפונען אין דער אלטער קלאסי-שער ליטעראטור פון די גריכען און רוימער, און דעריבער ווארפען זיי זיך איצט אויף דער דאזיגער ליטעראטור מיט'ן גאנצען אימפעט און מיט דער גאנצער בעגייסטערונג פון זייער שטארקער איבערצייגונג.

ארום דער צייט האבען די טערקען איינגענומען קאנסטאנטינאפאל (אין יאהר 1453) און האבען געמאכט א סוף צו דער גריכישער (מזרח-רוימישער) מלוכה, וואס האט איבערגעלעבט די מערב-רוימישע מלוכה מיט טויזענד יאהר. די טערקען ווערען איצט פאר אייראפא א שטענדיגע געפאהר. די גריכישע געלעהרטע, וואס האבען ביז אהער געלעבט אין קאנסטאנטינאפאל, אנטלויפען אין איטאליען און ברענגען מיט זיך מיט די אוצרות פון דער אלטער גריכישער בילדונג. די גריכישע און רוימישע אריגינעלע ווערק, וועלכע זענען ביז אהער געווען בעקאנט אין אייראפא נאר דורך שלעכטע און פעהלערהאפטע אבשריפטען (פון די אראבער). אין איטאליען האט מען די גריכישע געלעהרטע אויפגע-נומען מיט אפענע ארעמס. פלארענץ, בעזונדערס דער הויף פון דער רייכער משפחה מעדיטשי, איז געווארען דער מיטעל-פונקט פון גיי-סטיגען לעבען. לאטיין ווערט די שפראך פון די געבילדעטע, מען רעדט אפילו גריכיש. אין רום גראבט מען אויס די אלטע חורבות (די איבער-רעשטען פון די אלטע געביידעס און פאלאצען) און די אלטע פערשאטענע קונסט-ווערק און מען הויבט אן, לויט זייער מוסטער, צו בעשאפען א נייע קונסט. מען עפענט קונסט-גאלעריען, ביבליאטהעקען, אוניווער-זיטעטען. דער קלאסיציזם (דאס שטודיום פון דער רוימישער און גריכישער קולטור) איז געווארען א מאדע-זאך. ער האט בעהערשט דאס גאנצע געזעלשאפטליכע לעבען. א געבילדעטע סאלאן-דאמע האט געמוזט קענען לאטיין אדער גריכיש. די הומאניסטען זענען אזוי ארום געווארען אנ'אנגעזעהענער שטאנד, מען האט זיי בעטראכט, ווי די פערטרעטער פון דער עפענטליכער מיינונג. די אריסטאקראטישע פא-מיליעס און די רייכע פירשטען האבען זיך פשוט געריסען ארום די

הומאַניסטען, עס איז געוואָרען מאָדערן צו האָבען בײַ זיך אין הויף געבילדעטע הומאַניסטען און צו אונטערשטיצען זייערע וויסענשאַפטליכע און קינסטלערישע אונטערנעהמונגען. פון די הומאַניסטען האָבען די איטאַליענישע רעפּובליקען אויסגעקליבען קאַנצלערס, סעקרעטאַרען, געזאַנדטע, און אפילו די קאַטוילישע קוריע האָט זיך בענוצט מיט דער אַרבײַט פון די הומאַניסטען. נאָך מעהר, אין 15־טען און 16־טען יאָהרהונדערט האָבען הומאַניסטען אָפטמאָלס פערנומען אפילו דעם פּאַפּסטשטוהל. אַזוי זענען געווען ניקאָלאַי V., פּיוס II און בעזונדערס לעאָ X איבערגעגעבענע הומאַניסטען.

פון איטאַליען האָט זיך דער הומאַניזם פערשפּרייט איבער גאַנץ מערב־אייראָפּאַ. אָבער ס'איז זעהר אינטערעסאַנט, וואָס אין יעדען לאַנד האָט דער הומאַניזם אָנגענומען אַ בעזונדערען נאַציאָנאַלען חאַראַקטער.

אין איטאַליען איז בכלל געווען אַ גרייטער באָדען פאַר דער נייער קולטור. איטאַליען איז דאָן געווען נעהנטער פאַר אַלע אַנדערע לענדער צו דער קלאַסישער קולטור, דאָרטען האָבען זיך נאָך געפונען אין אַ גרויסער צאָהל איבערערעשטען פון דער אַלטער קונסט. אין איטאַליען ענטוויקעלט זיך דעריבער דער הומאַניזם הויפּטזעכליך אין דער פאָרם פון קונסט: ער דריקט זיך קודם־כל אויס אין נייע פּאָעטישע ווערק, אין מאַלערײַ, אַרכיטעקטור און סקולפּטור. דער גרעסטער דיכטער פון דער עפּאָכע איז געווען פּעטראַרקאַ. צוזאַמען מיט דאַנטע אַליגהערי (אין זײַן ווערק „געטליכע קאָמעדיע") האָט ער בעשאַפען דעם איטאַליענישען ליטעראַרישען סטיל. נאָך איהם קומט באָקאַטשיאָ, וועלכער האָט מיט זײַן בערימטען בוך „דעקאַמעראָן" געבראַכט די איטאַליענישע פּראָזאַ אויף אַ הויכער מדרגה. אין אַ לײַכטער הומאָריסטישער שפּראַך ווייזט ער אויף די פערדאָרבענקייט און די אויסגעלאַסענקייט פון די דעמאָלדיגע קאַטוילישע גלחים און מאָנאַכען (נזירים), און נעהמט זיך אָן פאַר די נאַטירליכע מענשליכע אינסטינקטען. דאָס בוך האָט אין זײַן צײַט געמאַכט אַ טומעל אין גאַנץ אייראָפּאַ, און ווערט נאָך איצט געלעזען מיט דעם גרעסטען אינטערעס.

דאָס גרעסטע און שענסטע האָט דער איטאַליענישער הומאַניזם דערגרייכט אין דער קונסט. די קינסטלער פון דער עפּאָכע, וועלכע האָבען זיך אָנפאַנגס געלערנט פון די אַלטע קלאַסישע מוסטערן, האָבען די אַלטע גריכישע קונסט ווייט איבערגעשטיגען. אַזאַ אויפבלעהונג פון

קונסט האט די געשיכטע צייט פהידיאס'ן נישט געזעהן. די גרעסטע קינסטלער פון דער צייט זענען געווען לעאנארדא דא ווינטשי (געב. 1452 געשט. 1519), מיקעל אנדזשעלא בואנארטי (געב. 1475, געשט. 1564) און ראפאעל סאנציא (געב. 1483, געשט. 1520).

לעאנארדא דא ווינטשי איז געווען זעהר פיעלזייטיג, ער איז געווען טעכניקער, ארחיטעקטאר, מאלער, מוזיקאנט, געלעהרטער און דיכטער. זיין בעריהמטעסטעס בילד איז „דאס אבענד־מאהל", וואו ער שטעלט פאר ישו הנוצרי מיט זיינע אפאסטאלען, צווישען וועלכע עס געפינט זיך יהודה אישאריאט (יהודה איש־קריות). מיקעל אנדזשעלא איז אויך געווען אזוי פיעלזייטיג, ווי דא־ווינטשי. ער איז געווען מאלער, ארחיטעקטאר און מאטעמאטיקער. זיין בעריהמטעסטע סטאטוע איז „משה". מיקעל אנדזשעלא האט אויך מיטגעהאלפען בויען די בעריהמטע פעטער־קירך אין רוים. (אויספיהרליכער איבער זיי זעה אין לעצטען קאפיטעל).

סאוואנארלא. אין מיטען דער שמחה ארום דער נייער קולטור, אין מיטען דער בערוישונג און בעגייסטערונג מיט דער נייער לעבענס־אנשויאונג, האט זיך בעוויזען אין פלארענץ, וואו ס'איז געווען דער צענטער פון דער רענעסאנס, אין דער דאזיגער שטאדט פון וועלטליכע וויסענשאפטען, פון פראכט און פרעהליכען לעבען, די שטרענגע מיטעלאלטערליכע געשטאלט פון'ם מאנאך סאוואנארלא. מיט פלאמענדיגע ווערטער טרעט ער ארויס געגען די וועלטליכע פערגניגענס. ער שילדערט אין די שרעקליכסטע בילדער די פערדארבענקייט פון דער צייט און די שרעקליכע יסורים, וואס ערווארט די מענשען דערפאר אין גיהנם, ווען זיי וועלען נישט וואס גיכער תשובה טהון. סאוואנארלא'ס דרשות האבען געהאט אויפ'ן פאלק א געוואלדיגען איינדרוק. מען האט אוועק־געווארפען די פריהערדיגע פערגניגענס און מען האט זיך גענומען צו גרויסע רעליגיעזע פראצעסיעס. די וועלטליכע ביכער האט מען פער־ברענט, די סטאטועס האט מען צושטערט, די מוזיקאלישע אינסטרומענטען האט מען אויף שטיקער צובראכען, די מאסקען־קליידער האט מען אין פייער געווארפען. — אין א קורצער צייט האט מען די פריהערדיגע לעבענס־לוסטיגע שטאדט נישט מעהר געקענט דערקענען.

סאוואנארלא איז אבער ארויסגעטרעטען נישט נאר געגען די וועלטליכע מענשען, ער איז אויך ארויסגעטרעטען געגען דער פערדאר־בענער גייסטליכקייט, וועלכע איז געווען איינגעטונקט אין מגושם'דיגע תאוות. ער האט זיך אפילו נישט אבגעשטעלט פאר דעם פאפסט אליין.

און דערפאר האט מען איהם פערברענט אויפ'ן שייטער-הויפען (אין יאהר 1498).

## דער הומאניזם אין דייטשלאנד.

אין קיין לאנד האט דער הומאניזם נישט געהאט אזא גרויסען איינפלוס, ווי אין דייטשלאנד. דא האט ער געפונען פאר זיך א צוגעגרייטען באדען. אין איטאליען איז דער הומאניזם, ווי מיר האבען געזעהן, הויפטזעכליך קינסטלעריש. אין דייטשלאנד איז ער מעהר ערנסט, מעהר ווינסענשאפטליך. די איטאליענישע הומאניסטען האבען זיך מיט פאליטישע און רעליגיעזע פראגען וועניג וואס אבגעגעבען, און דעריבער זענען זיי גאנץ גלייכגילטיג קעגען דער קירך. די דייטשע פערטרעטער פונ'ם הומאניזם זענען געשטימט רעליגיעז און פאטריאטיש. אין דייטשלאנד נעהמט מען דורך דעם הומאניזם מיט דער בעוואוסטער דייטשער גרינדליכקייט. דא טרעט דער הומאניזם ארויס אין א אפענעם קאמפף מיט דער קאטולישער קירך און מיט דער ווינסענשאפט פון דער קאטולישער קירך — מיט דער סכאלאסטיק.

די אנגעזעהענסטע הומאניסטען אין דייטשלאנד זענען געוועזן: רייכלין, ערזמוס פון ראטערדאם און אולריך פון הוטען. רייכלין איז פאר אונז דער וויכטיגסטער און אינטערעסאנטעסטער. ער איז געוועזן דער ערשטער אין דייטשלאנד, וואס האט שטודירט די העברעאישע שפראך (לשון קודש). ער האט פערגליכען די לאטיינישע איבערזעצונג פון תנ"ך מיט'ן העברעאישען טעקסט און האט אויפגעדעקט א סך פעהלערען אין דער איבערזעצונג. די קאטולישע מאנאכען און די סכאלאסטיקער האבען אין דער דאזיגער ארבייט פון רייכלין דערשמעקט אפיקורסות. זיי האבען אבער אלץ געוואַרט אויף א פאסיגע געלעגענהייט, כדי איהם צו פערקלאגען. און אזא געלעגענהייט האבען זיי אין גיכען געפונען. דער משומד פעפערקארן האט געהאט געפועל'ט ביי מאקסימיליאן דעם ערשטען, ער זאל ארויסגעבען א בעפעהל, צו פערברענען אלע אידישע ספרים, וועלכע זענען געגען דעם קאטולישען גלויבען. קוים האט ער דעם דאזיגען בעפעהל געהאט אין האנד, האט ער האט געוואלט אויסטייטשען אזוי, אז מען דארף איבערהויפט פערברענען אלע ספרים, וואס זענען אנגעשריבען אויף לשון-קודש. געגען דעם איז ארויסגעטרעטען רייכלין. אלס ספעציאליסט האט ער נאכגעוויזען, ווי נאריש אזא פאדערונג איז. און דאס איז געווארען די סבה

פון א היסער מלחמה צווישען די הומאניסטען און סכאלאסטיקער פון בײדע זײטען זענען געפלויגען נײע פערפאסטע ביכער און בראשורען. די קעלנער דאמיניקאנער מאנאכען האבען זיך אנגעהאפט אן דער מציאה און האבען רײכלינ׳ען פערקלאגט פאר אפיקורסות. דער פראצעס האט אנגעמאכט א טומעל אין גאנץ אײראפא, ביז דער פאפסט האט געמאכט א סוף צום פראצעס. אין דער געשיכטע איז ער בעקאנט אונטער דעם נאמען „רײכלין־שטרײט“.

---

## דריטעס קאפיטעל.

# די רעפארמאציאן.

## די רעפארמאציע אין דײטשלאנד.

אין איין צײט מיט דעם הומאניזם איז אין א גרויסען טײל פון די קאטוילישע לענדער פארגעקומען א שטארקע רעליגיעזע בעוועגונג, וועלכע איז בעקאנט אונטער דעם נאמען „רעפארמאציאן“ און וועלכע האט געפיהרט דערצו, אז א גאנצע העלפט פון די דאזיגע לענדער איז אבגעפאלען פון דער קאטוילישער קירך און האט זיך געשאפען א נײעם גלויבען מיט נײע קירכען.

צוליעב פערשידענע ווירטשאפטליכע און פאליטישע סבות איז די דאזיגע בעוועגונג געווען שטארקער, ווי אומעטום, אין דײטשלאנד.

דײטשלאנד האט זיך צו דער צײט געפונען אין זעהר אנ׳אויפגע־רעגטען אונרוהיגען צושטאנד, עס האט אין אלע פאלקס־קלאסען געקאכט און געזודט. אומעטום האבען זיך געוויזען סמנים פון א גרויסער איבער־קעהרעניש. פון אויסענווייניג האט דאס ווירטשאפטליכע לעבען אויסגע־זעהען צו זײן גלענצענד, אבער באמת זענען די פערהעלטניסען נישט גע־ווען געזונד און נארמאל.

אין די לעצטע פאר הונדערט יאהר זענען די דײטשען געווארען פון א פאלק פון פויערן — א פאלק מיט שטעדט, מיט א גרויסען האנדעל און א רײכער אינדוסטריע. פון דער פרימיטיווער נאטור־ווירטשאפט איז מען אריבערגעגאנגען צו געלד־ווירטשאפט. דער גרויסער האנדעל מיט איטאליען, פראנקרײך, ענגלאנד, פוילען און רוסלאנד האט אויסגעהא־דעוועט א וואוילהאבענדען מיטעל־שטאנד. אין לאנד איז ארײן א סך געלד און זילבער, אבער דורך דעם איז דאס געלד געפאלען אין פרײז,

און דער פרייז פון לעבענס־מיטלען איז שטארק געשטיגען, ד. ה. פאר דער זעלבער צאהל מזומנים האט מען שוין נישט בעקומען די זעלבע צאהל סחורות. די מענשען מיט גרויסע איינקינפטען און אן׳איינגענער פאבריקאציע האבען דערפון וועניג וואס געליטען. הויפטזעכליך האבען דערפון געליטען די מענשען מיט א געוויסער איינקונפט. די מענשען, וואס לעבען פון א גענוי־בעשטימטען פעסטען געהאלט. די איינקונפט איז נישט געווארען גרעסער, אבער פאר זייער געלד האבען זיי בעקומען א סך וועניגער סחורה און לעבענס־מיטלען, וואס פריהער.

געליטען האט אויך שטארק די לאנד־ווירטשאפט, און בעזונדערס די פויערן. די לאנדווירטשאפטליכע פראדוקטען קענען זיך בכלל נישט פערגלייכען מיט אנדערע האנדעלס־פראדוקטען. די האנדעלס־פראדוקטען קען מען לייכט פערמעהרען דורך מעהר ארבייט אדער דורך מעהר קאפיטאל. דער באדען אבער גיעט זיינע פירות נור אין א געוויסער מאס. בכלל, קען זיך דער מקח פון לאנד־פראדוקטען נאר הויבען ביז צו א געוויסער גרעניץ. די פויערן זענען אריינגעפאלען אין א ביטערע לאגע. דערפון האבען געליטען די אדעליגע פריצים, וואס זענען געוועזען אנגעוויזען אויף די אבגאבען פון די פויערן. זיי האבען זיך גענומען צו פשוט׳ע רויבערייען און האבען אונ׳ברחמנות׳דיג געדריקט דעם פויער. זיי האבען אויף איהם ארויפגעלעגט אונערטרעגליכע לאסטען, כדי צו פערגרעסערן זייערע איינקונפטען. די גרויסע סוחרים האבען פארלויפיג אויסגענוצט די לאגע און געגרינדעט אזוי גערופענע „רינגען“ (ווי די איצטיגע אמעריקאנישע טרעסטען) כדי וואס מעהר ארויפצוציהען די פרייזען.

און אלע קלאסען פון פאלק קומט־פאר א ביטערער עקאנאמישער קאמפף. און די שטעדט קעמפפען די צעכען מיט די אדעל־לייט, מיט די פאטריציער, די געזעלען מיט די מייסטערס און בכלל — ארעמע מיט רייכע. די גרעסטע אונצופריעדענהייט האט געהערשט צווישען די פויערן, וועלכע זענען געדריקט געווארען פון אלע זייטען. פויערן־אונרוהען זענען אין 15־טען יאהרהונדערט א געוועהנליך פארקוממעניס.

די קירך איז נישט געוועזען בעסער פאר די פריצים און סוחרים. אפטמאלס נאך א סך ערגער. די קירך איז געוועזען איינגאנצען פערוועלטליכט. די קאטוילישע בישאפען זענען געוועזען די גרעסטע גרונד־בעזיצער אין לאנד. און אנשטאט צו בעשיצען די געדריקטע פויערן, האבען זיי

די פויערן נאך מעהר אויסגעזויגען דורך פערשידענע אבגאבען און שטייערן.

רוים ווייזט אונז צו דער צייט א שרעקליך בילד:

אויפ'ן שטוהל פון פאפסט זיצען אזעלכע פערברעכערישע נאטורען, ווי אלעקסאנדער דער זעקסטער. די גייסטליכע פיהרען אנ'אויסגעלאסען לעבען און זענען פערטהון אין הפקר'דיגע, אפט אוננאטירליכע פערגניגענס. מען בויט פרעכטיגע קירכען און פאלאצען, און כדי צו קריגען די נויטיגע אונגעהויער גרויסע סומעס, איז מען געווען גרייט אויסצוזויגען פון די קאטוילישע פעלקער די מארך פון די ביינער. יעדער גייסטליכער האט געמוזט אבגעבען די העלפט איינקונפט פון ערשטען יאהר, די בישאפען מוזען צאהלען פאר זייער שטעלע, די שטעלע פון א ערצבישאף (פון גרעסטען קאטוילישען גייסטליכען אין לאנד) ווערט עפענטליך פערקויפט. ווער עס גיעט מעהר, דער בעקומט די שטעל. אלע קירכען־שטעלעס ווערען פערקויפט. וואס פעטער די „היפארכיע", אלץ גרעסער דער פרייז. דאס וויסען און די פעהיגקייט פון גייסטליכען האט דערביי געשפיעלט א קנאפע ראליע.

עס פערשטעהט זיך, אז די גייסטליכע, וואס האבען אזוי טייער בעצאהלט פאר דאס רעכט צו פאשען די „סטאדע", האבען געמוזט זעהן ווי נישט אזוי אויסצונוצען די שאף, וואס מען האט זיי אנגעטרויט. אומעטום האט מען זיך געקלאגט איבער די פוילקייט, ווילדקייט און אונפערשעמטע רויבערייען פון די גייסטליכע (פון קלערוס). אלע האבען געפיהלט, אז דא מוז געשעהן אנ'ענדערונג, אז די קירך מוז גרינדליך ווערען רעפארמירט.

---

## מארטין לוטער.

אנגעהויבען דעם קאמפף מיט דער קאטוילישער קירך האט מארטין לוטער. ער איז געווען א זוהן פון אנ'ארעמען קוילען־גרעבער און האט פערבראכט זעהר א טרויעריגע יוגענד. אבער נישט־קוקענדיג אויף זיין ארעמקייט, האט דער פאטער איהם אבגעגעבען אין א שול. ער האט געוואלט, דאס זיין זוהן זאל ווערען א יוריסט און א דיפלאמאט, וואס איז דעמאלסט געווען זעהר אנ'אנגעזעהענע בעשעפטיגונג. אבער לוטער האט זיך מיט יוריספרודענץ נישט אינטערעסירט, און ער האט שטודירט טעאלאגיע (וויסענשאפט פון דער אמונה). נאכ'ן ענדיגען די

אוניווערזיטעט. איז ער אריינגעטראטען אין א קלויסטער פון אויגוסטינער־מאנאכען־ארדען און איז געווארען אן איבערצייגטער מאנאך. שפעטער האט ער בעקומען די שטעל פון א פראפעסאר אין ווינטענבערגער אוניווערזיטעט.

לוטער איז געווען איבערצייגט, אז דער מענש קען זיך מיט קיין זאך נישט ראטעווען, נישט מיט גוטע מעשים און נישט מיט משונה־דיגער עהרליכקייט, נאר איין זאך קען איהם העלפען: די אמונה אין קריסטוס'ען.

די דאזיגע לעהרע, אז מען קען זיך נאר העלפען דורכ'ן גלויבען, איז געווארען א גרונד־דאגמא (דער אני מאמין) פון פראטעסטאנטיזם.

ביז דעם יאהר 1507 האט לוטער געלעבט אין שלום מיט דער קאטוילישער קירך. זייענדיג איינמאל אין רוים, האט איהם אפילו אנגעכאפט א שרעק פאר דער אויסגעלאסענקייט פון דער גייסטליכקייט, אבער ער האט זיך נאך נישט דערוועגט ארויסצוטרעטען עפענטליך געגען דער הערשאפט פון פאפסט.

אין יאהר 1517 איז אבער געשעהען אזוינס, וואס לוטער האט שוין נישט געקאנט רוהיג צוזעהען.

דער פאפסט לעא X האט געבויט די גרויסע פעטער־קירך אין רוים, וואס האט אבגעקאסט גאנצע אוצרות. ער האט בעדארפט א סך געלד, און די גייסטליכע האבען געקליבען צו דעם צוועק געלד אין אלע קאטוילישע לענדער. כדי צו פערגרעסערן די הכנסה, האט ער געלאזט וויסען, אז ווער ס'וועט געבען אויף דער קירך, דעם וועט די קירך מכפר זיין אלע עבירות. אין אלע קאטוילישע לענדער זענען ארומגעפאהרען אגענטען פון פאפסט און האבען פערקויפט אזוינע פדיון־קוויטלעך (אינדולגענציעס), ווער ס'האט געקויפט די קוויטלעך, דער איז געווארען אויסגעלייזט פון זיינע זינד און דער האט שוין נישט בעדארפט מורא צו האבען פאר'ן פייער פון גיהנם. וואס מעהר קוויטלעך מען האט געקויפט און וואס טייערערע, אלץ מעהר האט מען שוין גיי־קענט זינדיגען. א דייטשעם באנקיר־הויז האט די דאזיגע פדיונות גענומען אין ארענדע און האט שוין פון זיך ארומגעשיקט די אגענטען.

אזא אגענט האט זיך בעוויזען אין יאהר 1517 אין וויטענבערג. ער האט געהייסען טעצעל. ער האט זיך גענומען צום עסק אהן חכמות, און האט געהאט א געוויסע רייסטער פון אלערליי זינד מיט א געוויסען

פרייז-קוראנט. און ער האט געמאכט גאנץ גוטע געשעפטען. מען דערצעהלט, אז ער פלעגט לויבען זיין סחורה מיט די ווערטער:

וויי נאר דאס געלד אין קאסטען קלינגט

די נשמה פון גיהנם שפרינגט.

לוטער האט נישט געקענט אריבערטראגען אזא עפענטליכע בעליידיגונג פון די רעליגיעזע געפיהלען. ער האט אנגעשריבען זיין מיינונג איבער דעם דאזיגען האנדעל אין 95 פונקטען און האט זיי ארויסגעהאנגען אויף דער טהיר פון וויטענבערגער שלאס-קירך. צום סוף רופט ער יעדען איינציגען, וואס איז נישט מסכים מיט זיין מיינונג, ארויסצוגעהן קעגען איהם אין אנ'עפענטליכען וכוח.

די פונקטען האבען זיך באלד פערשפרייט איבער גאנץ דייטשלאנד. גראד דעמאלט האט זיך געענדיגט דער רייכלין-וכוח. דער פאפסט לעא X האט צו לוטער'ן געשיקט צוויי שליחים, כדי איהם איבערצורעדען, ער זאל זיך אבזאגען פון זיינע אפיקורסות, אבער ס'האט נישט געהאלפען. לוטער האט אליין מעהר אנגעהויבען צו צווייפלען אין פאפסט, און ווען א געוויסער דאקטאר עק האט איהם ארויסגערופען אויף א וכוח אין לייפציג, האט ער שוין אפען דערקלערט, אז ער גלויבט נישט אין דער היילינקייט פון פאפסט, און אז ער גלויבט נאר אין דער היילינקייט און ריכטיגקייט פון דער היילינער שריפט.

נאך דעם לייפציגער וכוח איז ער שוין אויפגעטרעטען אפענער און פעסטער. ער הויבט אן ארויסצוגעבען איין בוך נאכ'ן אנדערען געגען דער קאטוילישער קירך. אין זיינע ביכער ענטוויקעלט ער דעם געדאנק, אז די קירך קען זיך אליין נישט איבעראנדערשען, אז די קעניגע און די פירשטען מוזען זי נעהמען אין האנד. ד. ה. די קירכליכע מאכט מוז ווערען געשטעלט אונטער דער וועלטליכער מאכט. דעם פאפסט'ס ממשלה מוז אין דייטשלאנד אויפהערען, יעדע געמיינדע מוז זיך אליין אויסוועהלען איהרע גייסטליכע און די גייסטליכע מוזען בעקומען דאס רעכט חתונה צו האבען. אויסער דעם טרעט ער ארויס געגען די קאטוילישע צערעמאניעס, וועלכע פערדונקלען נאר די קעפ.

לעא X האט לוטער'ן אריינגעלעגט אין חרם, אבער לוטער האט דעם פאפסט'ס חרם-בריעף פערברענט.

לוטער'ס ווערק האבען געמאכט אין גאנץ דייטשלאנד א געוואלדיגען איינדרוק: זיינע ביכער האט מען פשוט געכאפט פון די הענד, דער

מען האט אין זיי געפֿינען דאס, וואס מען האט שוין לאנג געהאט גע־פֿיהלט, און פֿאר וואס עס האט ביז אהער נאר געפֿעהלט דער קלארער אויסדריק.

לוטער'ס גלויבען איז הויפּטזעכליך אנגענומען געווארען אין צפֿון־דייטשלאנד (וואו די בעפֿעלקערונג איז א מעהר ניכטערנע, פּראקטישע) און אין די לענדער, וואס ליגען ארום דעם באלטישען ים: אין דענעמארק, נארוועגען, שוועדען, פֿינלאנד און אין די באלטישע פּראווינצען.

די רעפֿארמאציאנס־בעוועגונג איז נישט געוועזען נאר א ריינע רעליגיעזע בעוועגונג. אין איהר מישען זיך צונויף פֿערשיעדענע אנדערע עלעמענטען, פּאליטישע און ווירטשאפֿטליכע בעוועגונגען, און בכלל אזוינע שטרעמונגען, וואס האבען אפֿטמאלס מיט אמונה וועניג וואס צו טהון. דער גרויסער שטראם האט אריינגענומען די דאזיגע אלע קלענערע טייכען און טייכלעך. אלע פֿראגען און פּראבלעמען, וואס האבען בעשעפֿ־טיגט יענע צייט, טשעפּען זיך אן צו דער גרויסער אלגעמיינער בעוועגונג. אין יעדער צייט הערשט געוועהנליך איין הויפּט־פּרינציפּ, צו וועלכען אלע אנדערע שטרעמונגען מוזען זיך צופּאסען. אין 16־טען יאהרהונדערט הערשט די רעליגיעזע אידעע, און אלע מלחמות, סיי ריין גייסטיגע, סיי פּאליטישע אדער ווירטשאפֿטליכע, פֿיהרען זיך אונטער דער פֿאהן פֿון דער רעליגיעזער אידעע. די רעפֿארמאציע האט צ. ב. געהאט אן'אויס־געשפּראכענע ווירטשאפֿטליכע און סאציאלע זייט: די פֿראגען וועגען דער בעציהונג צווישען קירך און מלוכה, וועגען דער לאגע פֿון די גייסטליכע; וועגען דעם ערד־בעזיץ פֿון דער קירך, וועגען די אבגאבען א. א. וו. פֿאר אלע אזוינע פֿאדערונגען זוכט'מען איצט א ראיה פֿון פּסוק, מען בעציהט זיך אויף גאט'ס געבאט, אויף דער הייליגער שריפֿט.

פֿאר די מלוכות און פֿירשטען איז די רעפֿארמאציע בכלל געוועזען זעהר געוואונשען. זי האט אריינגעגעבען אין זייערע הענד די ממשלה איבער די גייסטליכע, וועלכע זענען פֿריהער געוועזען פֿון זיי אונאבהענגיג. אין די פּראטעסטאנטישע לענדער פֿלעגט מען סעקולאריזירען (ד. ה. פֿער־וועלטליכען) די גיטער פֿון דער קאטוילישער קירך און פֿון די קלויסטערס און די מלוכה איז דערפֿון רייך געווארען. אלע געפּלאגטע און געדריקטע, אלע עלענדע און פֿערלאזענע האבען געזעהן אין דער רעפֿארמאציע א ישועה פֿאר זיך און האבען זיך אנגעשלאסען צו דער בעוועגונג. אזוי שטעהט מיר, אז אין דעם צוטרעטען צו דער רעפֿארמאציע ווירקט נישט

אַלע מאָל די איבערצייגונג אָדער דאָס רעליגיעזע געפיהל, נאָר זעהר אָפט שפּיעלען דאָ אַ ראָליע פּראַקטישע אינטערעסען און אויסרעכענונגען.

די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דער רעפאָרמאַציע איז שטאַרק אָבהענגיג פון די דעמאָלדיגע פּאָליטישע פערהעלטניסען, וועלכע מיר וועלען איצט קורץ בעטראַכטען.

## די פּאָליטישע לאַגע אין דער צייט פון רעפאָרמאַציע. קאַרל V און פראַנציסק I.

עס איז איינע פון די גרעסטע טראַגעדיעס אין דער וועלט-געשיכטע, וואָס די גייסטיגע כחות קענען זיך נישט ענטוויקלען זעלבסטשטענדיג אין פריי און וואָס די אידעאַלסטע שטרעבונגען ווערען גלייך צונויפגעמישט מיט די פּאָליטישע און ווירטשאַפטליכע פניות פון די פערשיעדענע צדדים און וועהרען דורכדעם אָן זייער ריינקייט און זייער הייליגקייט. מיר געפינען נישט איין איינציג ביישפּיעל פון אַ ריין און ערהליך דורכגעפיהרטען קולטור-קאַמפּף. פריהער אָדער שפּעטער בעוויזט זיך די פּאָליטיק, וועלכע נוצט-אויס די בעגייסטערונג פון'ם עולם פאַר איהרע נידעריגע צוועקען, מאַכט פון'ם אידעאַל אַ גאַנגבאַרע מאַרק-סחורה און פון דעם פאָלקס-ענטוזיאַזם (התלהבות) — אַ מיטעל, אויפצוהעצען די נידעריגע אינסטינקטען און צו פערנעפּלען די מחות.

דיזעלבע ערשיינונג טרעפען מיר אָן ביי דער דייטשער רעפאָרמאַציע.

אין יאָהר 1519, גראָד אין דער צייט, ווען לוטער האָט אָנגעהויבען זיין טעטיגקייט, איז אין דייטשלאַנד געשטאָרבען דער קייזער מאַקסימיליאַן I, „דער לעצטער ריטער“, ווי מען האָט איהם אָנגערופען. די דייטשע פירשטען האָבען אויסגעקליבען פאַר אַ קייזער זיין איינניקעל קאַרל דעם V (אין שפּאַניען האָט ער געהייסען קאַרל I). קאַרל דער V האָט פעראייניגט אין זיין האַנד די ממשלה כמעט איבער גאַנץ מערב-אייראָפּאַ. פון זיין זיידען מאַקסימיליאַן I האָט ער געירש'נט עסטרייך, קאַרינטען און טיראָל; פון זיין באָבען האָט ער געירש'נט נידערלאַנד (האָלאַנד) און די בורגונדישע מלוכות (וואו איצט ליעגט עלזאַס-לאָטהרינגען). זיין פאָטער פיליפּ האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון שפּאַנישען קעניג פערדינאַנד, מיט „יאָהאַנע די משוגע'נע“, און נאָך זיין ווידענ'ס טויט האָט ער געירש'נט גאַנץ שפּאַניען, נעאַפּאָל, סיציליען,

און סאַרדיניען. אויסערדעם איז ער, אַלס שפּאַנישער קעניג, געוואָרען דער הערשער פון אַמעריקא, וואו די שפּאַניער האָבען געמאַכט גרויסע ענטדעקונגען, און איצט איז ער געוואָרען אויסגעוועהלט אַלס קייזער פון דייטשלאַנד. מען האָט געזאָגט וועגען קאַרל דעם פינפטען, אַז אין זיין מלוכה „איז קיינמאָל נישט אונטערגעגאַנגען די זון".

די דייטשע פירשטען האָבען, אויסקלויבענדיג קאַרל'ען, בענוצט די געלעגענהייט און האָבען פאַר זיך אויסגעדונגען גרויסע פריווילעגיעס. בכלל האָבען זיך די דייטשע קורפירסטען פון יענער צייט געהאַט זעהר פערשטאַרקט. די קלענערע ריטער זענען דערמיט געווען שטאַרק נישט צופרידען. זיי האָבען געהאָפט, אַז קאַרל וועט די שטאַלץ געוואָרענע פירשטען אַ ביסעל אַרונטערדריקען און זיי האָבען איהם דעריבער אין דער ערשטער צייט שטאַרק געשטיצט. אָבער זיי האָבען געהאַט אַ ביטערען טעות.

קאַרל V איז באמת געווען אַ סך שוואַכער, ווי עס האָט אויסגעזעהן. צווישען זיינע גרויסע מלוכות איז נישט געווען קיין צוזאַמענבונד. אין יעדען לאַנד זענען געווען אַנדערע אינטערעסען און אַנדערע פראַגען און ער האָט בשום אופן נישט געקענט אויפקומען געגען די פערשידענע פאַרטייען און געגען די אַלטע טראַדיציעס, וואָס האָבען זיך שוין געהאַט אין יענעם לאַנד איינגעוואָרצעלט. זייענדיג אַ קעניג איבער אַזוי פיעל מלוכות, איז ער באמת נישט געווען קיין קעניג פון קיין לאַנד. די מלוכה איז געווען צו גרויס און צו פערשידענאַרטיג, אַז ער זאָל זיך קענען צוזאַמענבינדען מיט די אינטערעסען פון אַ געוויסען לאַנד; און דעריבער האָט ער אַלע לענדער נאָר באַטראַכט, ווי מיטלען צו אַ גרעסערען צוועק, מיט וועלכע ער האָט זיך בענוצט, ווי ס'האָט איהם געפּאַסט.

דער גרעסערער צוועק איז ביי איהם געווען די אידעע פון אַ גרויסער אוניווערזאַלער (וועלט)־מלוכה. די דייטשע קעניגען האָבען זיך שוין אין מיטעלאַלטער אָנגערופען „קסרים פון דער הייליגער רוימישער אימפּעריע". אַלע דייטשע קעניגען פלעגען פאָהרען קיין רוים, כדי זיך לאָזען קרוינען פון פּאַפּסט.

קאַרל האָט זיך אַריינגענומען דעם געדאַנק, צו ווערען דער אויבער־האַר פון גאַנצען קריסטליכען איראָפּאַ.

זיין גאַנץ לעבען האָט ער געאַרבייט, כדי דאָס דאָזיגע ציעל צו דערגרייכען. אָבער דאָ האָט ער געקריגען אַ געפעהרליכען קאָנקורענט

אין דעם פראנצויזישען קעניג פ ר א נ צ י ס ק  ד ע ם  ע ר ש ט ע ן.

די קאנקורענץ האט זיך שוין אנגעהויבען פריהער, אין איטאליען. איטאליען איז צו יענער צייט געווען דער ווייניגער שפעל, וועגען וועלכען עס האט זיך געריסען גאנץ איירפא. אין איטאליען איז נאך נישט געווען קיין איינהייטליכע מלוכה, עס איז צופאלען אין א סך קליינע בעזונדערע מלוכה׳לעך און רעפובליקען, וואס האבען שטענדיג געפיהרט צווישען זיך א קאנקורענץ און האבען שטענדיג אויפגעפאסט, אז איינע זאל נישט ווערען צו־שטארק פאר דער אנדערער. דא האט זיך צוערשט אויסגעבילדעט די ד י פ ל א מ א ט י ע, וואס איז שפעטער איינגעפיהרט געווארען אין איירפא. די דאזיגע צורייסענקייט פון איטאליען האבען שטענדיג אויסגענוצט די איירפאפעאישע מלוכות, און אלע האבען גע־פיהרט צווישען זיך די אזוי גערופענע „איטאליענישע מלחמות“. אין מיטעלאלטער האבען די דייטשע קעניגען געמאכט איטאליענישע רייזעס און האבען פערהאפט איטאליענישע פראווינצען, אבער דעמאלט פלעגט דאס נישט ארויסרופען קיין גרויסען רעש. איצט האבען זיך די צייטען שוין געהאט געביטען. אין איירפא האבען זיך געבילדעט גרויסע זעלבסטשטענדיגע, בעוואוסטזיניגע מלוכות, מיט נאציאנאלע מלכים. דער הויפט־אינטערעס פון די דאזיגע מלוכות איז איצט געווען, נישט צו דער־לאזען, אז איין מלוכה זאל ווערען צו־שטארק אויפ׳ן חשבון פון דער אנדערער. אויף אזא אופן האט זיך אויסגעבילדעט די א י ד ע ע פון א נ׳ א י י ר א פ ע א י ש ע ן  ג ל ײ כ ג ע ו י כ ט. יעדער קעניג האט זיך געננוי צוגעקוקט, וואס עס טהוט זיך ביי׳ם אנדערען. מען האט ביי יעדען הויף געהאט א געזאנדטען, וואס האט געדארפט פערטרעטען די אינטע־רעסען פון זיין מלוכה, און אזוי זענען ביסלעכווייז געשאפען געווארען די דיפלאמאטישע בעציהונגען, וואס מיר האבען איצט.

ווען פראנקרייך האט אין 15־טען יאהרהונדערט צוגענומען א פאר איטאליענישע פראווינצען, האט דאס דעריבער אנגעמאכט א רעש אין גאנץ איירפא. בעזונדערס האט זיך דערמיט פעראינטערעסירט קארל V. נאכ׳ן טויט פון מאקסימיליאן I האט פראנציסק ארויסגעשטעלט זיין קאנדידאטור געגען קארל דעם ערשטען. ער איז אפילו ביי די וואהלען דורכגעפאלען, אבער פון דעמאלט אן האט איהם קארל בעטראכט פאר זיין געפעהרליכסטען געגנער, וועלכען מען טאר נישט לאזען אויס־וואקסען צו הויך. זיין גרעסטע דאגה איז געווארען די מלחמה מיט פראנ־ציסק דעם ערשטען, און אזוי ווי דער פאפסט האט געקענט האבען

אויף דער מלחמה א גרויסען איינפלוס, האט זיך קארל געמיהט, צו לעבען מיט'ן פאפסט בשלום. זיין פערטרעטער אין רוים האט איהם אויך אב־געוויזען, אז ער מוז ארויסטרעטען געגען לוטער'ן. אלע די פאליטישע אויסרעכענונגען האבען גענוי בעשטימט קארל'ס בעציהונג צו דער רעפארמאציע.

גלייך נאכדעם, ווי ער איז געווארען קעניג פון דייטשלאנד, האט קארל דער פינפטער צונויפגערופען א סיים אין ווארמס (אין יאהר 1525). פון דעם דאזיגען סיים האט דאס פאלק א סך דערווארט. קארל האט אמת פארגעלעגט געוויסע רעפארמען, וויל זיין הויפט־צוועק איז געווען צו קריגען די נויטיגע מיטלען צו דער מלחמה מיט פראנקרייך. אזוי ווי אלע האבען זיך אינטערעסירט מיט דער רעפארמאציע, האט ער ארויס־גערופען לוטער'ן צום סיים און האט איהם פארגעלעגט, זיך אבצוזאגען פון זיינע אפיקורס'ישע מיינונגען, אבער לוטער איז בעשטאנען אויף זיינע מיינונגען. דאן האט קארל, וואס האט געוואלט הויבען דעם אויטא־ריטעט פון פאפסט, ערקלערט לוטער'ן פאר „פויגעל־פריי", ד. ה. דאס געזעץ בעשיצט איהם נישט מעהר. פארלויפיג האט מען איהם אבגע־לאזען, וויל מען האט איהם פריהער געהאט גאראנטירט א פרייען אבצוג. זיין פריינד, פרידריך פון זאקסען, האט איהם בעהאלטען אין זיין שלאס ווארטבורג (אין טירינגען), וואו ער איז געווען זיכער. דארטען האט ער געמאכט זיין בעריהמטע איבערזעצונג פון תנ"ך אויף דייטש, וואס האט געהאט א גרויסע בעדייטונג נישט נאר פאר דער רעליגיעזער ענטוויקלונג פון דייטשען פאלק, נאר אויך פאר דער ענטוויק־לונג פון דער דייטשער ליטעראטור און פון דייטשען פאלקס־בעוואוסטזיין.

קארל V. האט באלד געמוזט פערלאזען דייטשלאנד, און איז א פאר יאהר נאכאנאנד געווען פערנומען מיט זיינע מלחמות מיט פראנציסק דעם ערשטען. די רעפארמאציע האט זיך דערפאר געקענט פריי ענטוויק־לען, נאר זי האט באלד אנגענומען אזעלכע ראדיקאלע פארמען, מיט וועלכע לוטער האט שוין נישט געקענט מסכים זיין. אין וויטענבערג האט מען אנגעהויבען צו צושטערען אלע קירכען און צו ברעכען די הייליגע בילדער. ער האט געמוזט אליין קומען און מאכען ארדנונג. ביי דער געלעגענהייט האט ער געשאפען די לוטעראנישע קירך מיט איהרע נייע דאגמען (אני מאמין'ס). שטארק געהאלפען האט איהם דערביי פיליפ מעלאנכטאן, וואס איז אלס געלעהרטער גע־שטאנען א סך העכער פאר לוטער'ן. דער גאטעס־דיענסט איז

געוואָרן איינפאַכער, מיט ווייניגער פּאָמפּ, און מיט אַ סך רעליגיעזע פאָלקס-ליעדער. גרויס אויפמערקזאַמקייט האָט ער אָבגעגעבן דער פאָלקס-ערציהונג. די גייסטליכע האָבן בעקומען דאָס רעכט חתונה צו האָבן. אַלע קירכען-גיטער זענען איבערגעגאַנגען צו די פירשטען. די פירשטען האָבן איהם דערפאַר גערן געשטיצט, ווייל זיי זענען דורך דעם זעהר רייך געוואָרן.

צו דערזעלבער צייט זענען פאָרגעקומען נאָך צוויי גרויסע בעוועגונגען: די בעוועגונג פון די ריטער און די בעוועגונג פון די פויערן.

די ריטער האָבן זיך מתקנא געווען אין די פירשטען, וואָס האָבן בעקומען אַזאַ גרויסע מאַכט, און זענען בעפאַלען די שלעסער און זיי געראַבעוועט.

גרעסער איז געווען די פויערן-בעוועגונג פון יאָהר 1525, וואָס איז פאָרגעקומען הויפּטזעכליך אין דרום-דייטשלאַנד. דאָס איז געווען אַ פּאָליטישע בעוועגונג מיט ווירטשאַפטליכע פאָדערונגען, וועלכע זיי האָבן פאָרמולירט אין 12 פּונקטען. די פויערן האָבן פערלאַנגט די אָבשאַפונג פון דער לייב-אייגענשאַפט (פאַנשטשיזנע), פערקלענערונג פון די אָבגאַבען און אַ געוויסע בעשטימונג פון די שטראַפען (ד. ה. מיט אַנדערע ווערטער: אַ נייע רעכטס-אָרדנונג). די פויערן-בעוועגונג האָט זיך שטאַרק פערשפּרייט און האָט באַלד אָנגענומען אַן אויסגעשפּראָכען רעוואָלוציאָנער-קאָמוניסטישען כאַראַקטער. מען האָט זיך שוין מיט די 12 פּונקטען נישט בעגנוגענט און מען האָט פערלאַנגט צוטיילונג פון אייגענטהום און ווייבער - געמיינשאַפט (בשותפות'ע), (די אַנאַבאַפּטיסטען). אין דער שפּיץ פון די בונטאָווששיקעס איז געשטאַנען טאָמאַס מינצער. זיי האָבן געבערענט די שלעסער און האָבן גע'הרג'ט די ריטער, וואָס זענען אַריינגעפאַלען אין זייערע הענד. אָבער דעמאָלס האָבן זיך אַלע פערייניגט געגען זיי, קאַטאָליקען און לוטעראַנער, און מען האָט די פויערן באַלד בערוהיגט.

קאַרל V האָט דאָס אַלץ געמוזט רוהיג צוזעהן. ער האָט געמוזט פיהרען מלחמה מיט פראַנקרייך און אויסערדעם האָט ער נאָך געקריגען אַ נייעם געפעהרליכען שונא — דעם טערקישען סולטאַן סולימאַן I, מיט וועלכען פראַנציסק האָט זיך געהאַט פערבונדען.

אין צפון-אַפריקא האָבן זיך בעפעסטיגט ים-רויבער (פּיראַטען), וואָס פלעגען בעפאַלען די קריסטליכע שיפען אויפ'ן מיטעללענדישען ים

און פלעגען אפילו בעפאלען די שפאנישע און איטאליענישע ברעגעס, רויבען און פלינדערן און פערקויפען די איינוואהנער פאר שקלאפען.

ער האט דעריבער אין דייטשלאנד גארנישט געקענט טהון. אין יאהר 1544 האט ער ענדליך שלום געמאכט מיט פראנציסק I און האט צוזאמענגערופען א סיים אין שפייער, וואו ער האט פערלאנגט פון די לוטעראנער, זיי זאלען זיך אבזאגען פון זייערע איבערצייגונגען. די לוטעראנער האבען ארויסגעלאזט געגען דעם א שארפען פראטעסט, פאר וואס מען האט זיי א נאמען געגעבען פראטעס־טאנטען, און האבען זיך פעראייניגט און א פעסטען קאמפף־בונד. קארל איז שוין געווען מיעד פון זיינע אייביגע מלחמות. ער האט זיך צוריקגעצויגען פון פאליטישען לעבען אין א שפאנישען קלויסטער. און באלד האט זיין זוהן פערדינאנד געמאכט שלום מיט די פראטעסטאנטען אין בעריהמטען אויגסבורגער רעליגיאנס־שלום פון יאהר 1555.

די הויפט־בעשטימונג פון דעם דאזיגען שלום איז געווען דער זאץ: Cujus regio—ejus religio ד. ה. וועמענ'ס מלוכה — דעמ'ס אמונה. מיט אנדערע ווערטער: די מלוכה האט דאס רעכט איינ־צופיהרען אין לאנד די אמונה, וואס פאסט איהר, און די איינוואוינער מוזען האלטען די אמונה פון זייער קעניג, אדער פירשט.

דער דאזיגער שלום האט געהאט פאר דייטשלאנד א געוואלדיג גרויסע בעדייטונג. פון דער צייט אן איז דייטשלאנד צוריסען אויף צווי העלפטען, אויף א קאטוילישע העלפט און א פראטעסטאנטישע העלפט, וואס איז נאך איצט דאס גרעסטע אומגליק פון דייטשלאנד.

די גרעסטע מאכט האבען געקריגען די פירשטען. אויסער די קירכליכע נחלאות, האבען זיי ארייגענומען אין זייערע הענד די הער־שאפט איבער די גייסטליכע, איבער די ריטער און די שטעדט. זיי האבען זיך באלד גענומען אויסנוצען זייערע רעכט און האבען פער־פאלגט די אנדערש־גלויביגע נישט ווייניגער, ווי דאס האט פריהער געהאט געטהון די קאטוילישע קירך.

---

## די רעפארמאציע אין אנדערע לענדער.

אין דער שווייץ איז כמעט אין איין צייט מיט לוטער'ן אויפ־געטרעטען אלס רעפארמאטאר

### צווינגלי.

אולריך צווינגלי (געב. 1484) האט, אזוי ווי לוטער, געשטאמט

פון א פויערן-פאמיליע. נאר ער האט בעקומען נאר אן'אנדער בילדונג. לוטער איז נאך געוועזן א תלמיד פון דער מיטעלאלטער-שול. צווינגלי איז געוועזן א תלמיד פון הומאניזם און א גרויסער פערעהרער פון גריכישען פילאזאף פלאטאן. לוטער האט געמוזט דורכמאכען א גרויסען קאמפף מיט זיך, ביז ער האט זיך בעפרייט פון זיינע פריהערדיגע קאטוילישע אנשויאונגען און איינענטליך האט ער זיך פון זיי אין גאנצען קיינמאל נישט בעפרייט. צווינגלי איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז ס'איז נויטיג א רעפארם, מיט'ן נאטירליכען וועג. דאס איז געווען א זעלבסטפערשטענדליכער רעזולטאט פון זיין גאנצער ארט בילדונג.

צווינגלי בעטראכט אויך די הייליגע שריפט, אלס די איינציגע קוועלע פון גלויבען, און טרעט ארויס געגען פאפסט, געגען דעם התונה-פערבאט פאר די גלחים, געגען די אויסקויף-קוויטלעך (אינדולגענציעס), און געגען די אבערגלויבישע צערעמאניעס פון דער קאטוילישער קירך.

אלס פראקטישער מענש האט ער צוערשט פערשפרייט זיין לעהרע אין זיין ארט, אין ציריך. לויט זיין פערלאנג, האט דער ציריכער שטאדט-ראט געמאכט א דיספוט, וואו צווינגלי האט פערטיידיגט זיינע אנזיכטען. דער ציריכער ראט האט זיך געשטעלט אויף זיין זייט און האט דורכגעפיהרט די רעפארם. הויפטזעכליך האט צווינגלי פעראיינפאכט די צערעמאניעס ביי'ם גאטעס-דינסט, האט בעזייטיגט פון דער קירך די הייליגע בילדער און דעם ארגאן. די קירך האט געקריגען א מעהר בירגערליכע פערפאסונג. בכלל, איז צווישען צווינגלי'ס און לוטער'ס רעפארמעס ניטא קיין גרויסער חלוק. זייערע רעליגיעזע אנשויאונגען זענען, חוץ א פאר אונבעדייטענדע פערשיעדענהייטען, כמעט די זעלבע. צווינגלי האט געהאט מיט לוטער'ן א דיספוט, וואו ער האט איהם מיט טרעהרען אין די אויגען געבעטען, ביידע גלויבענס צו פעראייניגען. אבער לוטער האט זיך שארף אבגעזאגט.

צוזאמען מיט דער רעפארמאציע האט מען אין ציריך, ווי אין דייטשלאנד, קאנפיסקירט די נחלאות פון דער קאטוילישער קירך און מען האט אנגעהויבען שטארק צו רודפ'ן די קאטאליקען און אלע אנדערע, וואס האבען זיך נישט אנגעשלאסען דער נייער קירך.

צווינגלי האט אויסער דער רעליגיעזער רעפארמאציע נאך געשפיעלט א גרויסע פאליטישע ראליע אין דער שווייץ.

די שווייץ פלעגט אין יענער צייט אלע מלוכות צושטעלען זעלנער,

וועלכע מען פלעגט דינגען פאר א געוויסען פרייז. די שווייצערישע זעלנער זענען געווען בעריהמט מיט זייער העלדישקייט, זיי פלעגען כמעט קיינמאל נישט ווערען בעזיעגט. אבער אזוי ווי זיי האבען נישט געדיענט אויס איבערצייגונג, נאר דעם, וועלכער האט בעסער געצאהלט, האט דאס זעהר שלעכט געווירקט אויף די פאלקס-זיטען. די שווייצערישע רעגירונג האט אליין צוגעשטעלט זעלנער, זיך נישט אכשטעלענדיג דערפאר, וואס איהרע בעסטע זיהן פערגיסען זייער בלוט פאר פרעמדע אינטערעסען, ווען מען האט איהר נאר גוט בעצאהלט.

צווינגלי איז שארף ארויסגעטרעטען געגען דער דאזיגער פאלקס-חרפה. ער האט איבערהויפט געוואלט רעפארמירען דעם גאנצען שווייצערישען בונד, און וועלכען די קליינע קאנטאנען (שוויץ, אורי, אינטערוואלדען און לוצערן) האבען געהאט מעהר רעכט, ווי די גרעסערע קאנטאנען ציוריך, בערן, נאר דערפאר, ווייל יענע זענען געווען פון די ערשטע, וואס האבען געגרינדעט דעם בונד, און ציוריך און בערן זענען צוגעשטאנען ערשט שפעטער.

אויסער די פאליטישע סכסוכים איז נאך איצט צוגעקומען א רעליגיעזע מחלוקת. ציוריך און בערן האבען אנגענומען צווינגלי'ס רעפארמאציע, די אלטע קאנטאנען זענען געבליבען קאטוליש. דאס האט געפיהרט צו א מלחמה. צווינגלי האט געקעמפפט אויף דער זייט פון ציוריך און איז געפאלען אויפ'ן שלאכט-פעלד.

די מלחמה האט זיך באלד געענדיגט מיט א שלום, לויט וועלכען יעדער קאנטאן האט בעקומען דאס רעכט צו בעהאנדלען די רעליגיעזע פראגען זעלבסטשטענדיג, לויט זיין איבערצייגונג. (נאך עד-היום צופאלט שווייץ אין קאטולישע און רעפארמירטע קאנטאנען.)

## קאלווין.

אויסער לוטער'ן און צווינגלי איז נאך אויפגעטרעטען א דריטער רעפארמאטאר — יאהאן קאלווין.

קאלווין איז געווען א געבארענער פראנצויז, נאר מיט זיינע רעליגיעזע פרייע איבערצייגונגען האט ער אין פראנקרייך נישט געקאנט פערבלייבען און ער איז געקומען אין גענף.

דא האט ער באלד אנגעהויבען דורכצופיהרען זיינע רעפארמען מיט א אומגעוועהנליכער ענערגיע. קאלווין איז געווען א יוריסט און איבערהויפט א מענש מיט א קלארען לאגישען קאפ און א שטארקען ווילען. ער האט אייגענטליך קיין נייעס נישט געשאפען, נאר דורכגע־

פיהרט ביז'ן סוף לוטער'ס און צווינגלי'ס אנשויאונגען.

ער האט איינגעפיהרט די אזוי גערופענע פרעסביטעריא-נישע קירך, ד. ה. די קירך פון די עלטעסטע (זקנים). ביי יעדער קירך איז, אויסער דעם גייסטליכען, דא א פערטרעטונג פון אנגעזעהענע עלטערע בירגער, וועלכע ווערען געוועהלט פון דער געמיינדע, פיהרען אלע רעליגיעזע ענינים און זארגען פאר אלע געמיינדע-אנגעלעגנהייטען.

אינטערעסאנט איז נאך קאלווינ'ען די לעהרע וועגען דער געטליכער בעשטימונג. לויט זיין לעהרע, איז אלץ פריהער פון גאט בעשטימט. אפילו ווער ס'וועט זיין א צדיק און ווער א רשע, און דעם מענשען'ס מעשים קענען דא גארנישט ענדערן. נאר די „אויסדער-וועהלטע" קענען זיין אמת'ע צדיקים, די איבריגע, ווי פרום זיי זאלען נישט זיין, זענען נישט בעסער פאר די געצען-דינער. נאר אזוי ווי דער מענש, כל זמן ער לעבט, קען נישט וויסען, אויב ער איז „אויסדער-וועהלט" אדער נישט, מוז ער זיך זעהן פיהרען לויט גאט'ס געבאט, כדי ווערט צו זיין שפעטער גאט'ס גענאד, אויב ער איז באמת אנ'אויס-דערוועהלטער.

אלע קאלוויניסטען האבען זיך, פערשטעהט זיך, בעטראכט פאר אויסדערוועהלטע און האבען שרעקליך גע'רודפ'ט אלע אנדערש-גלויביגע.

קאלווין האט איינגעפיהרט אין גענף א שטרענגע רעליגיעזע קאנטראלע. ער האט געוואלט מאכען פון גענף א הייליגע שטאדט. מען האט נישט געטארט אויסרעדען א לייכטזיניגווארט. מען האט נישט געטארט שפיעלען, טאנצען, בעזוכען טעאטער. די לוסטיגע פרעהליכע שטאדט איז געווארען שטיל און פרום ווי א קלויסטער, — שפעטער האט קאלווין פעראייניגט זיין קירך מיט צווינגלי'ס קירך. די דאזיגע פעראייניגטע קירך הייסט די רעפארם-קירך.

---

פון אנפאנג אן איז די רעפארמאציע געווען שטארק פערבונדען מיט פאליטישע אינטערעסען. דאס זעהען מיר אויך אין פריסען, סקאנדינאוויען און אין ענגלאנד, אומעטום איז געווען איינע פון די וויכטיגסטע סבות דאס, וואס אננעהמענדיג די רעפארמאציע, האט מען געקענט צונעהמען די קירכליכע נחלאות, וועלכע זענען געווען זעהר גרויס, און זיך בעפרייען פון דער איבערהערשאפט פון פאפסט. אויף אזא אופן איז ענטשטאנען אין יאהר 1525 דאס הערצאגטום פריסען, וואס איז שפעטער געווארען א מלוכה, און וואס שטעהט איצט אן דער

שפיץ פון גאנץ דייטשלאנד. **אלברעכט דער בראנדענבורגער**, דער בעגרינדער פון פרייסען, איז פריהער געווען דער גרויסמייסטער פון אזוי גערופענעם **טויטאנישען ארדען**, וואס האט הויפטזעכליך געארבייט אין די באלטישע פראווינצען. ווען דער ארדען איז געווארען בעזיעגט פון פוילען האט ער אנערקענט די אויבערהערשאפט פון פוילישען קעניג זיגמונד I און האט זיך ערקלערט אלס הערצאג פון פרייסען. ער האט אנגענומען דעם לוטעראנישען גלויבען און גלייכצייטיג פערנומען (סעקולאריזירט, פערוועלטליכט) גאנץ פרייסען פאר זיך.

אין די **סקאנדינאווישע** מלוכות טרעפען מיר אן די זעלבע ערשיינונג. דא האט עקזיסטירט די אזוי גערופענע **קאלמארער אוניע** (פעראיין), לויט וועלכען שוועדען, דענעמארק און נארוועגען האבען געבילדעט איין מלוכה מיט איין קעניג. די ערשטע ראליע אין דער אוניע האט געשפילט דענעמארק, וואו צו דער צייט (אין אנהויב פון 16־טען יאהרהונדערט) האט רעגירט קריסטיאן II. מיט זיין אכזריות האט ער אויפגעבראכט געגען זיך דאס גאנצע לאנד. ער האט איינגעלאדען אין שטאקהאלם 94 פון די אנגעזעהענסטע אדעליגע און האט זיי געלאזען קעפען (דאס שטאקהאלמער בלוט־באד), די דאזיגע שאנד־טהאט האט געמאכט פול די מאס. עס איז אויסגעבראכען אן אויפשטאנד אונטער דער אנפיהרונג פון **גוסטאוו וואזא**, וועלכען מען האט אויסגעוועהלט פאר א קעניג. קריסטיאן האט געמוזט אנטלויפען. די קאלמארער אוניע איז צופאלען.

כדי צו פערשטארקען זיין מאכט און צו קריגען די נויטיגע מיטלען, האט גוסטאוו וואזא אנגענומען דעם לוטעראנישען גלויבען און גלייך קאנפיסקירט אלע קירכען־גיטער. דערביי האט איהם שטארק געשטיצט דער אדעל, מיט וועלכען ער האט זיך שפעטער געטיילט אין די צוגענומענע נחלאות.

---

## ענגלאנד. היינריך VIII און די אנגליקאנישע קירך.

גאנץ אנדערש האט זיך ענטוויקעלט די רעפארמאציע אין ענגלאנד. דא האט אויך געהערשט א גרויסע אונצופריעדענהייט געגען רוים און די קאטוילישע גלחים. דער פארלאמענט איז שוין עפטערס געווען ארויסגעטרעטען געגען דעם פאפסט, אבער די רעגירונג האט נישט צוגעלאזען קיין ענדערונגען, און אהן איהר הסכמה האט דער פארלאמענט קיין

האט נישט געקאנט אויפטהון. און די מלחמות צווישען דער ווייסער און דער רויטער ראסע האבען שרעקליך אבגעשוואכט דעם אדעל, אוועקגעשהמענדיג ביי איהם זיינע בעסטע כחות, דאס לאנד איז געווען מיעד פון די איינביגע מלחמות און האט פערלאנגט רוה. דעריבער האט זיך פערשטארקט די מאכט פון קעניג.

צו דער צייט האט אין ענגלאנד געקעניגט היינריך דער אכטער (1509—1547). ער האט בעקומען א טעאלאגישע בילדונג און האט אייגענטליך געזאלט ווערען א גייסטליכער, נאר נאך דעם טויט פון זיין עלטערען ברודער, איז ער ארויף אויפ'ן ענגלישען טהראן און האט חתונה געהאט מיט'ן ברודער'ס אלמנה, מיט קאטארינא פון אראגאן. אנפאנג האט היינריך VIII שטארק גערודפ'ט די לוטעראנער און האט אפילו אנגעשריבען געגען לוטער'ן א גאנצען בוך, פאר וואס דער פאפסט האט איהם געגעבען דעם טיטעל „בעשיצער פון גלויבען“. ווען לוטער האט איהם גראב געענטפערט, האט ער נאך מעהר אנגעהויבען צו רודפ'ן די לוטעראנער אין ענגלאנד און האט זיי געלאזט פערברענען אויפ'ן שייטער-הויפען, אבער באלד האט ער זיין פערהעלטניש צו דער קאטוילישער קירך אין גאנצען געביטען, און א ראלע האבען דא געשפיעלט ריין פריוואטע אינטערעסען. היינריך האט זיך געוואלט גט'ן מיט זיין ערשטער פרוי, מיט קאטארינא'ן, ווייל ער האט נישט געהאט מיט איהר קיין זכרים, און אגב איז איהם שטארק געפעלען א פריילין פון זיין פרוי, אנא באליין. א תירוץ האט ער דערביי געהאט, אז זיין חתונה מיט דער אלמנה פון ברודער איז לכתחלה נישט געווען גילטיג. אבער דער פאפסט האט איהם נישט געוואלט גט'ן. דאס האט היינריכ'ן שטארק אויפגעבראכט געגען פאפסט און ער האט בעשלאסען זיך איין מאל פאר אלע מאל צו בעפרייען פון פאפסט'ס אויבערהערשאפט. פון איצט אן האט ער שוין די רעפארמאציע נישט אבגעהאלטען. א קאמיסיע פון ענגלישע גייסטליכע האט ערקלערט זיין ערשטע חתונה פאר אונגילטיג און האט איהם ערלויבט חתונה צו האבען מיט אנא באליין. באלד האט דער פארלאמענט, לויט זיין פערלאנג, אנגענומען א בעשלוס, לויט וועלכען דעם פאפסט'ס רעכטען אין ענגלאנד זענען אבגעשאפט געווארען. היינריך האט זיך ערקלערט אלס אויבער-הויפט פון דער ענגלישער קירך און האט איבערגענומען אלע רעכט, וואס האבען פריהער געהערט דעם פאפסט. אלע, וואס האבען נישט געוואלט אנערקענען דעם קעניג אלס גייסטליכען הויפט, זענען געטויט געווארען אויפ'ן עשאפאט.

מיט אַן׳אונערהערטער שטרענגקייט האָט דער קעניג דורכגעפיהרט די נייע ענדערונגען, וואָס ער האָט געפונען פאַר נויטיג. מיט דער הילף פון זיין קאַנצלער טהאָמאַס קראָמוועל האָט ער צוגענומען אַלע קירכען־גיטער, וואָס האָבען בעטראָפען א זעקסטעל פון גאַנץ ענגלאַנד, א טייל פאַר זיך און א טייל פאַר די לאָרדען, וועלכע ער האָט בעשטימט אַנשטאָט די פריהערדיגע בישאָפען אין פאַרלאַמענט.

די פערפאָלגונגען געגען די לוטעראַנער האָבען אָבער אַלץ נישט אויפגעהערט. איבערהויפט איז היינריך VIII געווען איינער פון די גרויזאַמסטע און הערשזיכטיגסטע הערשער, וואָס האָבען אַמאָל געלעבט. צייט נעראָן און דאָמיציאַן האָט די געשיכטע נישט געזעהן אזא דעספאָטישע און בלוט־דורשטיגע נאַטור אויף א טראָהן.

ער האָט געהאַט 6 פרויען, איינינגע האָט ער פערשטויסען, די אַנדערע האָט ער געלאָזט קעפּען, צווישען זיי אויך אַנאַ באָליין, צוליעב וועלכער ער איז זיך צוגאַנגען מיט׳ן פּאַפּסט.

אונטער היינריך׳ס זוהן, עדוואַרד VI איז די אַנגליקאַנישע קירך געוואָרען ווייטער אויסגעבילדעט.

די אַנגליקאַנישע קירך איז א מישונג פון קאַטוילישע און פּראָטעסטאַנטישע עלעמענטען. אַנשטאָט דעם פּאַפּסט שטעהט אַן דער שפּיץ פון דער קירך, דער קעניג, וועלכער בעשטימט די ערצבישאָפען און די בישאָפען. די גייסטליכע מעגען חתונה האָבען. דער צערעמאָניאַל פון גאָטעס־דיענסט איז ווי אין דער קאַטוילישער קירך, אָבער דאָס געבעט איז נישט אויף לאַטיין (ווי ביי די קאַטאָליקען), נאָר אויף ענגליש. די איבעריגע קאַטוילישע דאָגמען האָט מען געלאָזען. דער אַנגליקאַנישער גלויבען האַלט שטאַרק פון דער הייליגער שריפט, און אין קיין לאַנד איז דער תנ״ך נישט אַזוי פערשפּרייט, ווי אין ענגלאַנד. די ענגלענדער רופט מען מיט רעכט אַן „דאָס ביבעל־פאָלק".

נאָך עדוואַרד VI האָט רעגירט זיין עלטערע שוועסטער מאַריא (א טאָכטער פון היינריך׳ס ערשטער פרוי קאַטאַרינע). זי איז געווען א פאַנאַטישע קאַטאָליקין און האָט אָנגעהויבען ווידער איינפיהרען אין לאַנד דעם קאַטאָליציזם מיט פייער און שווערד, אָבער ס׳איז שוין גיווען צו שפּעט. צוליעב איהר גרויזאַמקייט האָט מען איהר א נאָמען געגעבען „מאַריע די בלוטיגע".

נאָך איהר טויט איז אַרויף אויפ׳ן ענגלישען טהראָן היינריך׳ס צווייטע

טע טאָכטער (פֿון זײַן פֿרוי אַנאַ באָלײַן) עליזאַבעט (1558—1603), מיט װעלכער עס הױבט זיך אָן אײנע פֿון די גלענצענדסטע עפּאָכען אין דער ענגלישער געשיכטע.

עליזאַבעט איז געװען אַ זעלבסטבעװאוסטע הערשערין און דעס־פּאָטיש װי איהר פֿאָטער. זי האָט זיך אַרומגערינגעלט מיט קלוגע ראַטגעבער און האָט אײַנגעפֿיהרט אין לאַנד אַ מוסטערהאַפֿטע אָרדנונג. זי האָט אַלעמאָל געװאוסט, אין װאָס דאָס לאַנד נױטיגט זיך. אונטער איהר רעגירונג האָט זיך ענגלאַנד שטאַרק ענטװיקעלט, אַקערבױ און שיפֿפֿאַהרט האָבען זיך פֿערבעסערט און פֿערגרעסערט. ענגלאַנד האָט בעקומען אַ גוטען פּלאַץ און דער ענגלענדער דרייק האָט געמאַכט אַ רײזע אַרום דער װעלט. אין עליזאַבעט'ס רעגירונגס־צײַט איז געלעגט געװאָרען דער פֿונדאַמענט צו ענגלאַנדס הערשאַפֿט אין צפֿון־אַמעריקאַ (װאו מען האָט די ערשטע קאָלאָניע אַנגערופֿען װירגיניאַ—ד. ה. בתולה, װײַל עליזאַבעט האָט נישט חתונה געהאַט) און צו ענגלאַנד'ס גרױסען װעלט־האַנדעל, דורך דער גרינדונג פֿון דער מזרח־אינדישער האַנדעלס־קאָמפּאַניע (אין יאָהר 1600). עליזאַבעט'ס רעגירונגס־צײַט איז אױך געװען אַ גאָלדענע עפּאָכע פֿאַר דער ענגלישער ליטעראַטור. אין איהר צײַט האָט געלעבט דער גרעסטער ענגלישער דראַמאַטיקער װיליאַם שעקספּיר און דער פֿילאָזאָף פֿרענסיס בעקאָן.

עליזאַבעט האָט געהאַט צוגעזאָגט איהר שװעסטער, אַז זי װעט װײַטער פֿערשפּרײטען דעם קאַטאָליציזם, אָבער זי האָט איהר הבטחה נישט געהאַלטען. פּאָליטישע סבּות האָבען איהר אַלץ מעהר גע־שטױסען אױף דער זײַט פֿון פּראָטעסטאַנטיזם.

די קאַטאָליקען האָבען בעטראַכט איהר פֿאָטער'ס חתונה מיט אַנאַ באָלײַן פֿאַר נישט געזעצליך און האָבען זי דעריבער נישט געװאָלט אַנערקענען אַלס קעניגין. זײ האָבען אַרױסגעשטעלט אַלס זײער קאַנדי־דאַט די שאָטלענדישע קעניגין מאַריאַ סטיואַרט, װעלכע איז געװען אַ נאָהנטע קרובה פֿון ענגלישען טהראָן, און אַן'איבערגעגעבענע קאַטאָ־ליקין, און האָבען אונאױפֿהערליך געמאַכט פֿערשװערונגען געגען עלי־זאַבעט.

מאַריאַ סטיואַרט האָט זיך יונג פֿערהײַראַט מיט'ן פֿראַנצױזישען פּרינץ פֿראַנציסק דעם II און איז אױפֿגעװאַקסען בײַ'ם ליכטזיניגען פֿראַנ־צױזישען הױף. װען זי איז שפּעטער, נאָך איהר מאַן'ס טױט, געקומען אין

שאטלאנד, איז שוין דאס גאנצע לאנד געווען קאלוויניסטיש. מאריא איז
געווען זעהר שען און האט ליעב געהאט א פרעהליך לעבען, און דאס
איז די שטרענגע קאלוויניסטען נישט געפעלען. מען האט געגען איהר גע=
האלטען פייערדיגע דרשות און מען האט זאגאר צושטערט איהר קא=
טוילישע הויף=קירך. אבער באלד האט מאריא ארויסגערופען געגען זיך
נאך א גרעסערע אויפרעגונג. צום צווייטען מאל האט זי חתונה געהאט
מיט איהר קרוב דארנליי. אבער דארנליי האט זיך נאר אבגעגעבען מיט
געיעג און אנדערע פערגניגענס, און ווען מאריא איז דערמיט נישט גע=
ווען צופריעדען און האט זיך בעפריינדעט מיט דעם זינגער ריציא, האט
דארנליי ערמארדעט ריציאן פאר איהרע אויגען. מאריא האט אוועקגע=
ווארפען איהר מאן, וועלכען מען האט אין גיכען געפונען א געהרג'ע=
טען אין זיין שלאס, מען האט חושד געווען אין דער ערמארדונג דעם גראף
באסוועל, און ווען מאריא האט שפעטער מיט איהם חתונה געהאט, זע=
נען אלע געווען איבערציינגט, אז מאריא האט אויך געהאט א חלק אין
דער ערמארדונג פון איהר מאן. עס איז אויסגעבראכען א שרעקליכער
אויפשטאנד. מאריא האט זיך געמוזט אבזאגען פון טהראן און איז ענט=
לאפען אין ענגלאנד, כדי צו בעטען שוץ אין הויף ביי איהר קרובה
עליזאבעט. אלס קעניג אין שאטלאנד האבען די פרעסביטעריאנער בע=
שטימט מאריא'ס זוהן יאקאב דעם VI, וועלכען זיי האבען ערצויגען
אין זייער גייסט (דער שפעטערדיגער ענגלישער קעניג יאקאב דער ער=
שטער). עליזאבעט האט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און האט
געהייסען מאריא'ן ארעסטירען. אכצעהן יאהר איז מאריא סטיוארט אב=
געזעסען אין דער ענגלישער תפיסה. עליזאבעט האט געהאט פערשיע=
דענע סבות, מורא צו האבען פאר מאריא'ן. א גרויסע ראליע האט דא
אויך געשפיעלט איינפאכע פרויען-קנאה. מאריא איז געווען א בעריהמטע
שענהייט, און וועלכער אלע יונגע אדעלליים פלעגען זיך איינליעבען,
עליזאבעט איז געווען מעהר קלוג ווי שען, אבער די הויפט=סבה איז
דאך געווען דאס, וואס עליזאבעט האט מורא געהאט פאר דער קאנקורענץ
פון מאריא סטיוארט, וועלכע האט זיך בעטראכט פאר א געזעצליכע
יורש'טע פון ענגלישען טהראן. און זי האט געהאט א גרונד מורא צו
האבען. מאריא האט, אפילו זיצענדיג אין תפיסה, נישט אויפגעהערט צו
אינטריגירען און צו פיהרען אונטערהאנדלונגען מיט דער קאטוילישער
פארטיי אין ענגלאנד און אין אויסלאנד. קוים איז איין פערשווערונג גע=
ווארען ענטדעקט, ווי ס'איז שוין ענטשטאנען א צווייטע. די בעציהונג

צווישען פראטעסטאנטען און קאטאליקען האבען זיך אלץ מעהר פערשארפט. עליזאבעט האט געשטיצט די ניעדערלענדער קעגען דעם שפאנישען קעניג, און צווישען ענגלאנד און שפאניען איז אויסגעבראכען א קריעג. אין אזא צייט איז אזא פערזאן ווי מאריא סטיוארט געווען זעהר געפעהרליך. באלד האט מען ענטדעקט א בונט, וועלכער האט געוואלט הרג'ענען די קעניגין עליזאבעט און ארויפזעצען אויף איהר ארט מאריא'ן. אין דער אונטערזוכונג האט זיך ארויסגעשטעלט, אז מאריא האט געהאט דערפון א ידיעה, און מען האט זי אויך פערארטיילט צום טויט. עליזאבעט האט א לאנגע צייט מורא געהאט אונטערצושרייבען דעם טויט-אורטייל, אבער שליסליך האט זי עס דאך געטהון, און מאריא סטיוארט איז געשטארבען אויפ'ן עשאפאט. די הינריכטונג פון מאריא סטיוארט האט ארויסגערופען א שטורם פון אויפרעגונג אין דער גאנצער קאטולישער וועלט. דער שפאנישער קעניג פיליפ II האט געשווארען צו נעהמען נקמה פון עליזאבעט, וועלכע האט איהם שוין פריהער געשטערט אין נידערלאנד.

ענגלאנד איז צו יענער צייט בכלל געווארען זעהר געפעהרליך פאר שפאניען. דער ענגלישער פלאט האט פערהאפט שפאנישע קאלאניעס און פלעגט אנפאלען אויף די שפאנישע שיפען, וועלכע פלעגען פיהרען פון דרום-אמעריקא זילבער און אנדערע טייערע סחורות.

פיליפ האט ארויסגעשיקט קעגען ענגלאנד א פלאט פון 160 גרויסע שיפען מיט 20.000 סאלדאטען. ענגלאנד האט אזא גרויסען פלאט נישט געקענט ארויסשטעלען, אבער דאס פאלק איז געגאנגען מיט אן'אונגעוועהנליכער מסירת-נפש אין דער מלחמה געגען די שונאים פון דער קעניגינן עליזאבעט, וועלכע דאס פאלק האט פערגעטערט. אבער עס איז גארנישט געקומען צו א מלחמה. אויפ'ן ים איז פלוצלינג אויסגעבראכען א גרויסער שטורם, וואס האט פערטראגען די שפאנישע שיפען אין גאר אנ'אנדער זייט. דער גאנצער פלאט (די אזוי גערופענע א ו נ ב ע ז י ע ג ב א ר ע א ר מ א ד א) איז צושטערט געווארען פון שטורם. ענגלאנד איז פריי געווארען פון פאפסט און פון איהר געפעהרליכסטען קאנקורענט פון שפאניען.

## פיליפ II און דער פרייהייטס-קאמפף פון די ניעדערלענדער. שפאניע'ס ירידה.

דער אונטערגאנג פון דער „אונבעזיעגבארער ארמאדא“ איז געווען

דער אנהויב פון שפאניענס ירידה. פון דעמאלט אן הויבט שפאניען אן אליין מעהר צו פאלען. זי קריעגט איין קלאפ נאכ'ן צווייטען, ביז פון איהר אמאליגער גדולה איז קיין זכר נישט געבליבען. שולדיג און דעם איז געווען דער שפאנישער קעניג פיליפ II.

פיליפ II איז געווען דער אמת'ער יורש פון זיין פאטער. ער האט פון איהם גע׳ירשנ'ט דעם פערלאנג צו שפילען די ערשטע ראליע אין אייראפא און די איבערגעגעבענקייט צום קאטאליציזם. זיין פאטער איז געווען קעגען דער רעפארמאציע מעהר צוליעב פאליטישע טעמים, פיליפ דאגעגען איז געווען א פערביסענער פאנאטיקער, וועלכער האט לחלוטין נישט געקענט אריבערטראגען אנ'אנדער מיינונג. ער איז נישט געווען פעהיג צו פערשטעהן די פאדערונגען פון זיינע פעלקער און האט יעדע פרייע בעוועגונג אונטערדריקט און דערשטיקט אהן רחמנות. „ווען מיין אייגענער זוהן זאל זיין אנ'אפיקורוס—האט ער א מאל געזאגט—וואלט איך מיט מיינע אייגענע הענד געבראכט האלץ, כדי איהם צו פער־ברענען אויפ'ן שייטער־הויפען", און ער האט גלייך געוויזען, אז ער מיינט דאס אויף אנ'אמת. זיין אייגענעם זוהן דאן קארלאס, וועלכער האט זיך דערוועגט צו האבען אנ'אייגענע מיינונג, האט ער אריינגעזעצט אין תפיסה, וואו ער איז געשטארבען.

פיליפ האט זיך פאר קיין מיטעל נישט אבגעשטעלט: שפיאנאזש, פערשטעלונג, געפענגניש און מארד, אינקוויזיציע, אויטא־דא־פע (שייטער־הויפען) — מיט די אלע מיטלען האט ער זיך בענוצט, כדי צו פערגרע־סערען די מאכט פון דער מלוכה און הויפטזעכליך צו שטיצען די קא־טוילישע אמונה און אויסוואָרצלען דעם פראטעסטאנטיזם. אין דער ער־שטער צייט האט פיליפ געהאט א געוויסען ערפאלג. ער האט געפיהרט א פאר גליקליכע מלחמות מיט פראנקרייך און האט מנצח געווען די טער־קען ביי לעפאנטא (1570). אויסער דעם האט ער פערגרעסערט זיין מלוכה מיט פארטוגאל, אויף וועלכער ער האט געהאט פון זיין מוטער'ס צד געוויסע תביעות. אבער באלד האט זיך דער מזל פון איהם אבגעווענ־דעט און ער האט געקריגען איין מפלה נאך דער אנדערער. די גרעסטע מפלה האט ער דערלעבט אין די ניעדערלענדער (היינטיגע האלאנד און בעלגיען).

די נידערלענדער זענען צו יענער צייט געווען פון די רייכסטע לענ־דער אין אייראפא. דארטען האט זיך געהאט ענטוויקעלט א גרויסער

האנדעל, וועלכער האט אויסגענוצט אלע ענטדעקונגען און נצחונות פון שפאניען, וואו דאס פאלק איז געווען זעהר פויל און האט נאר געלעבט פון אלעם גרייטען. דארטען האט זיך געהאט ענטוויקעלט א רייכע פויערנשאפט, בעזונדערס אין די צפון-פראווינצען.

דאס לאנד איז בעשטאנען פון 17 פראווינצען מיט זעלבסטשטענדיגע פערוואלטונגען, מיט אייגענע פערטרעטונגען, וואס האבען שטארק בעגרענעצט די מאכט פון שפאנישען קעניג. דער וואוילשטאנד האט געהאט ענטוויקעלט א מעהר פרייערע לעבענס-אנשויאונג. די פויערען האבען קיינמאל נישט געוואוסט פון לייב-אייגענשאפט, און די רעפארמאציאן האט דעריבער אין די ניעדערלענדער געפונען א צוגעגרייטען באדען.

קארל V האט שוין אפילו געהאט פערזוכט צו מינערן די רעכט פון די נידערלענדער און האט אנגעהויבען איינצופיהרען פערשידענע ענדערונגען אין דער פערוואלטונג, אבער בטבע האט ער דאס פאלק ליעב געהאט, ווייל ער איז דארטען געווען געבארען און דערצויגען. די ניעדערלענדער האבען דאס אינסטינקטיוו געפיהלט און האבען זיך געהאלטען רוהיג. פיליפ דאגעגען האט בעטראכט די ניעדערלענדער ווי יעדע אנדערע פון זיינע פראווינצען, און האט בעשלאסען אבצושאפען אלע פריווילעגיעס, וואס זיי האבען געהאט פריהער. ער האט אין לאנד איינגעפיהרט די אינקוויזיציע, כדי צו אויסראטען די רעפארמאציע, וואס איז געווען אריינגעדרונגען אין לאנד. אלס שטאטהאלטערין (נאמעסטניצא) האט ער בעשטימט זיין שטיף-טאכטער מארגארעטע פון פארמא און אלס ראטגעבער האט ער איהר געגעבען דעם קארדינאל גראנוועלא, וואס האט מיט זיין גרויזאמקייט שרעקליך אויפגעבראכט געגען זיך דאס גאנצע פאלק.

דאס האט ארויסגערופען א אונצופריעדענהייט אין אלע שטאנדען פון פאלק. די אונצופריעדענהייט האט אלץ מעהר אנגענומען דעם הא-ראקטער פון א רעוואלוציע. דער אדעל האט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון פאלק, זיי האבען געמאכט א בונד (דער בונד פון די „געזען“, פון פראנצויזישען ווארט guese ד. ה. אבגעריסענע, ארעמע, ווי איין הויפלינג האט זיי אנגערופען) און האבען אנגעגעבען דער שטאטהאלטערין א פעטיציע, אין וועלכער זיי האבען פערלאנגט פאליטישע און רעליגיעזע פרייהייט. אן דער שפיץ פון די „געזען“ איז געשטאנען דער פרינץ ווילהעלם פון אראניען און די גראפען עגמאנט און הארן.

גראַנוועלאַ האָט באַלד געמוזט פֿערלאָזען די נידערלענדער, אָבער אויף זיין אָרט האָט פֿיליפּ געשיקט דעם הערצאָג אַלבאַ מיט אַ גרויסען חיל (1567), וואָס האָט אָנגעהויבען אויסצוראָטען דעם אויפֿשטאַנד מיט אַרעסטען, שייטערהויפֿענס און תליות. ער האָט איינגעאָרדענט אַ רעוואָלוציאָנס־געריכט און יעדען, וועמען מען האָט נאָר חושד געווען אין אָנגעהערען צו די „געזען“, האָט מען אַריינגעזעצט אין תפיסה אָדער פֿערורטיילט צום טויט. מאַרגאַרעטע האָט דאָס נישט מעהר געקענט צוזעהן און האָט זיך אָבגעזאָגט פֿון דער רעגירונג. אַלבאַ האָט איבערגענומען די שטאַטהאַלטערשאַפֿט און האָט געלאָזען קעפּען די גראַפֿען עגמאָנט און האָרן, די אָנפֿיהרער פֿון די „געזען“. דאָס האָט די נידערלענדער נאָך מעהר אויפֿגערעגט. די רעוואָלוציע האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד, ווילהעלם פֿון אָראַניען, וואָס איז געווען אַנטלאָפֿען אין דייטשלאַנד, איז צוריקגעקומען מיט אַ גרויסען חיל און האָט זיך געשטעלט אָן דער שפּיץ פֿון דער רעוואָלוציע. גלייכצייטיג זענען די אַזוי־גערופֿענע „וואַסער־געזען“ בעפֿאַלען די שפּאַניער אויפֿ'ן ים.

אַלבאַ האָט געמוזט פֿערלאָזען די נידערלענדער. שפּעטער האָט פֿיליפּ בעשטימט פֿאַר אַ שטאַטהאַלטער אַלעקסאַנדער פֿאַרנעזע, מאַרגאַרעטע'ס זוהן. ער האָט אויסגענוצט די נאַציאָנאַלע פֿערשידענהייטען פֿון די נידערלענדער און האָט צוגעצויגען אויף זיין זייט די דרום־פּראָווינצען, וואו די בעפֿעלקערונג איז מייסטענטיילס געווען אַ ראָמאַניש־קאַטוילישע. אָבער די זיבען צפֿון־פּראָווינצען האָבען זיך פֿעראייניגט אין דער אוטרעכטער אוניע (אין יאָהר 1579) און זענען אָבגעפֿאַלען פֿון שפּאַניען. אויף אַזאַ אופֿן איז נידערלאַנד צופֿאַלען אין צוויי טיילען. איין טייל (בעלגיען) איז געבליבען ביי שפּאַניען, דער צווייטער טייל האָט זיך אָבגעריסען פֿון שפּאַניען און האָט געבילדעט אַ זעלבסטשטענדיגע רעפּובליק (האָלענדישע רעפּובליק).

נאָך ווילהעלם פֿון אָראַניען'ס טויט האָט זיין זוהן מאָריץ איבערגענומען די פֿיהרונג פֿון דער נייער רעפּובליק און האָט איהר געשיצט געגען שפּאַניען מיט דער הילף פֿון דער ענגלישער קעניגין עליזאַבעט.

כדי זיך נוקם צו זיין אין ענגלאַנד און האָלאַנד צוזאַמען, האָט פֿיליפּ אַרויסגעשיקט זיין „אונבעזיעגבאַרע אַרמאַדאַ“, אָבער נאָך דער קאַטאַסטראָפֿע פֿון דער אַרמאַדאַ האָט שפּאַניען געמוזט שליסען אַ 12־יעהריגען וואַפֿען־שטילשטאַנד. די מלחמה צווישען האָלאַנד און שפּאַניען

האָט נאָך לאַנג געדויערט, און ערשט אין יאָהר 1648 (אין וועסטפעלישען שלום) האָט שפּאַניען אַנערקענט די זעלבסטשטענדיגקייט פון דער האָלענ־דישער רעפּובליק.

די האָלענדישע רעפּובליק האָט זיך באַלד אָנגעהויבען שטאַרק צו ענטוויקלען. זי האָט איינגענומען אַ סך שפּאַניש־פּאָרטוגאַלישע קאָלאָניעס אין אַפריקא און מזרח־אינדיען. באַטאַוויאַ אויף דער אינזעל יאַוואַ איז געוואָרען דער מיטעלפּונקט פון האָלענדישען האַנדעל. האָלאַנד איז גע־וואָרען די ערשטע ים־מאַכט אין איראָפּאַ, און אַמסטערדאַם — דער הויפּט־אָרט פון וועלט־האַנדעל.

די נידערלענדער האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער טאָלעראַנץ, און ווען שפּאַניען האָט אין יאָהר 1492 אַרויסגעטריבען די אידען, האָט אַ גרויסער טייל פון די אידישע אויסוואַנדערער געפינען אין האָלאַנד אַ נייע היים, וואו זיי האָבען אין זייערע גרויסע ספרדישע קהלות באַלד ענטוויקעלט אַ רייך אידיש לעבען.

אין האָלאַנד האָט געלעבט דער גרויסער אידישער פילאָזאָף ב ר ו ך ש פּ י נ אָ ז אַ.

---

אין דער צייט, וואָס די האָלענדישע רעפּובליק איז אַזוי הויך אויפ־געקומען, איז שפּאַניען געזונקען אַלץ טיפער און טיפער. די מלחמות, וואָס פיליפּ האָט געפיהרט זיין גאַנץ לעבען, האָבען אָבגעשוואַכט און פאַראָרעמט דאָס לאַנד. די מלחמות האָבען פערשלונגען מאַסען געלד און האָבען אָבגעריסען דעם גרעסטען טייל פון לאַנד פון פּראָדוקטיווער אַרבייט. דאָס אַמעריקאַנער גאָלד האָט שוין פריהער געהאַט צוגעוועהנט דאָס פאָלק צו פוילקייט, איצט האָבען זיך אָנגעהויבען צו ווייזען די רעזולטאַטען פון אַזאַ לייכטזיניגער אַרט לעבען. לאַנדווירטשאַפט און האַנדעל זענען געפאַלען. דאָס פאָלק האָט זיך פשוט געשעמט צו אַרביי־טען, אָדער צו האַנדלען. עס האָט נאָר געחלומ'ט פון מוטיגע אַוואַנ־טיורען און פון נצחונות פאַר דער אמונה. די פערשיעדענע אָרדענס, וואָס האָבען זיך פערשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד, האָבען געהאַלטען דאָס פאָלק אין פינסטערניש און אונוויסענהייט. צוזאַמען מיט דער ווירטשאַפטליכער אָרעמקייט האָט געהערשט אין לאַנד אַ מורא'דיגע גייסטיגע אָרעמקייט, שפּאַניען איז געוואָרען אַ מלוכה פ ו ן ד ע ר צ ו ו י י־ ט ע ר מ ד ר ג ה, און אַזוי איז זי פערבליבען ביז אויף היינטיגען טאָג.

---

# די קאטוילישע רעאקציע און די יעזואיטען.

די רעפארמאציע האט זיך אין משך פון א קורצער צייט געהאט פערשפרייט אין גאנץ מערב־אייראפא און האט פערהאפט די גרעסטע און רייכסטע מלוכות. אין די ערשטע יאהרען האט מען אין רום וועניג וואס געהאלטען פון דער נייער בעוועגונג און מען האט דעריבער נישט געפונען פאר נויטיג אנצונעהמען שטרענגע מיטלען. אבער דאס אונ־אויפהערליכע וואקסען פון דער רעפארמאציע האט ענדליך ארויסגערופען אין די קאטוילישע קרייזען א גרויסע מורא. הויפטזעכליך האט חא גע־ווירקט די רעפארמאציע אין דער שטרענגער פארם, וואס קאלווין האט איהר צוגעגעבען און וואס האט מיט איהר רעוואלוציאנערען חאראקטער ערשט געוויזען דער קאטוילישער קירך, צו וואס די נייע בעוועגונג קען פיהרען, און אז מען מוז וואס שנעלער אננעהמען מיטלען, כדי צו רא־טעווען דעם קאטאליציזם פאר דער געפאהר פון אונטערגאנג.

אין די קאטוילישע קרייזען האט מען אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז כדי צו קענען זיך בעהויפטען קעגען דער רעפארמאציע, מוז די קא־טוילישע קירך קודם־כל זיך אליין רעפארמירען, אז עס מוזען ווערען בעזייטיגט געוויסע אונארדנונגען, אויף וועלכע די רעפארמאציע ווייזט אלע מאל אן און וועלכע מאכען איהר לייכט דעם קאמפף מיט׳ן קאטא־ליציזם. מען האט אנגעהויבען צו פאדערן, אז מען זאל צונויפרופען א קאנציל (א קירכען־פערזאמלונג), וואס זאל קלאר אויסארבייטען די קאטוילישע דאגמאטיק (עיקרים) און וועלט־אנשויאונג, און וואס זאל בעשאפען א פעסטערע ארדנונג אין דער פערוואלטונג פון דער קירך.

געגען דער דאזיגער רעפארמאטארישער ריכטונג איז ארויסגע־טרעטען א צווייטע, וואס האט זיך ארויסגעזאגט קעגען יעדער מין רע־פארם, און האט פערלאנגט, אז מען זאל דעם פראטעסטאנטיזם אויס־ראטען מיט גוואלד, זיך נישט ארייגלאזענדיג מיט איהם אין קיין פשרות. ווען דער פאפסט האדריאן האט געפרובט בעזייטיגען איינינע קירכ־ליכע אונארדנונגען, האט ער דערמיט ארויסגערופען קעגען זיך א גרויסע אונצופריעדענהייט, און ער האט זיין פלאן נישט געקענט דורכפיהרען. מנצח געווען האט די ראדיקאלע פאנאטישע ריכטונג; און׳ברחמנות׳דיג האט מען אנגעהויבען צו רודפ׳ן דעם פראטעסטאנטיזם, וואס האט זיך שוין געהאט ארייגגע׳גנב׳ט אין איטאליען אויך. לויט דער עצה פון קארדינאל קאראפא, האט דער פאפסט פויל III געגרינדעט אין רוים א אויבערשטע אינקוויזיציע. קאראפא האט אליין איינגעריכט,

דאס פערהער־צימער, די קייטען און אלע מארטיר־מיטלען. יעדערער אויף וועמען ס'איז נאר געפאלען דער קלענסטער חשד אין אפיקורסות, איז גלייך געשטעלט געווארען פאר'ן משפט פון דער אינקוויזיציע. אין רוים האבען ווידער אנגעהויבען צו ברענען אויטא־דא־פעס (די שנייטער־הויפענס פאר אפיקורסים). די תפיסות זיינען געווען פול מיט מענשען פון אלע קלאסען. און כדי אויסצוראטען דעם פרייען גייסט ביז'ן שורש, האט פויל III איינגעפיהרט א שטרענגע צענזור, וואס האט פערבאטען אלע ביכער, וואס זיינען נישט געפעלען געווארען דער קאטוילישער קירך. מען האט אויפגעשטעלט א פערצייכניס פון פערבאטענע ביכער (אינדעקס), וועלכע קאטאליקען טארען נישט לעזען, און די ביכהענדלער האבען געמוזט וויזען דער אינקוויזיציע די קאטאלאגען פון אלע ביכער, וואס זיי האבען צו פערקויפען. די רעאקציע איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז מען האט פערוועהרט די דאקטוירים צו היילען קראנקע, וואס וועלען נישט צושטעלען א צייגניש, אז זיי האבען גענומען דאס אבענד־מאל (א קאטוילישע רעליגיעזע צערעמאניע). ווער עס האט דריי מאל נישט געהיט זונטאג, דעם האט מען אבגעשניטען די צונג אדער פערשיקט אויף קאטארזשנע־ארבייט. דער פאפסט סיקסט V האט ארויסגעשיקט פון איטאליען די קינסטלער און הומאניסטען, ער האט פערוועהרט פייערען אין אנדערע וועלטליכע יום־טובים, געזעג און מאסקעס. די אינקוויזיציע האט אויסגעארבייט א גאנצען סיסטעם פון שפיאנאזש. פון צוטרייגערס, וואס האבען בעוואכט און אויסגעשמעקט יעדען איינציגען. די פריידענקער האט מען גלייך געשלעפט צום פערהער פון דער אינקוויזיציע, און ווער ס'האט נישט בעוויזען צו אנטלויפען אדער ווער ס'האט זיך נישט אבגעזאגט פון זיינע מיינונגען, דעם האט מען פערבראכען אין תפיסה אויפ'ן גאנצען לעבען אדער פעראורטיילט צום טויט.

די פאפסטען האבען א צייט לאנג נישט געוואלט הערען פון קיין קאנציל, ווייל זיי האבען מורא געהאט, אז די קירכען־פערזאמלונג וועט שמעלערען זייערע רעכט. אבער איצט, נאכדעם, ווי די קאטוילישע קירך האט זיך אזוי פערשטארקט, האבען זיי שוין אליין צונויפגערופען א קאנציל אין טריענט (אין יאהר 1546). זיי האבען זיך שוין געפיהלט גענוג שטארק, צו פיהרען דעם קאנציל אין זייער זין און זיינען געווען זיכער, אז דער קאנציל קען נאר פערשטארקען זייער מאכט.

קודם כל האט דער פאפסט פערלאנגט, אז אבשטימען זאל מען

ניט לויט די נאַציאָנען, נאָר לויט דער צאָהל פון די אַנוועזענדע, און אַזוי ווי די מעהרסטע פערטרעטער זענען געווען פון איטאליען, האָט רוים געהאַט אין אַלע בעשלוסען די מאַיאָריטעט (אַ מעהרהייט שטימען). ווי מען האָט נאָר אַרויסגעשטעלט אונבעקוועמע פראַגען, האָט דער פאַפסט גלייך געשלאָסען די זיצונג. דער קאָנציל האָט געהאַט אַ פאָר אונטערברעכונגען צו עטליכע יאָהר. אַם ווינכטיגסטען איז געווען די דריטע פעריאָדע. אויף דעם דאָזיגען קאָנציל איז געוואָרען געשאַפען די גרונדלאַגע פון דער קאַטוילישער קירך. מען האָט זיך ניט אַריינגעלאָזען אין קיין פשרות. די אַלטע דאָגמען פון קאַטאָליציזם זענען פון דאָס ניי געוואָרען בעשטעטיגט און פערפעסטיגט. דעם פאַפסט האָט מען ערקלערט פאַר אונפעהלבאַר (אַז ער קען זיך ניט טועה זיין) און פאַר דעם איינציגען (אויבערשטען) אויטאָריטעט אין אַלע פראַגען פון דער אמונה.

מען האָט אויך איינגעפיהרט געוויסע רעפאָרמען אין דער פער-וואַלטונג, מען האָט פערשטאַרקט די דיסציפלין און די השגחה איבער די גייסטליכע, וועלכע האָבען געמוזט פון איצט אָן פיהרען אַ איינפאַ-כערען לעבען. אָבער אין אַלגעמיינעם האָט מנצח געווען די ראַדיקאַלע ריכטונג. דער קאָנציל האָט זיך ניט געלאָזען אין קיין קאָמפּראָמיסען און האָט פּראָקלאַמירט די אונבעריהרליכקייט פון דער קאַטוילישער אמונה און די אויבערהערשאַפט פון פאַפסט.

די דאָזיגע זיכערקייט פון דעם טריענטער קאָנציל האָט צוגעגעבען דער קאַטוילישער קירך אַ סך קראַפט און אַ גרויסען איינפלוס אין די ברייטע מאַסען פון פאָלק, וואָס פערשטעהען און פערעהרען אַם לייכטסטען דעם שטאַלצען זיכערען כח, וואָס לאָזט זיך ניט אַריין אין קיין שום הקרנות און האַלט זיך פעסט ביי זיין מיינונג. דאָס איז דער סוד פון דער גרויסער ווירקונג פון דעם קאַטאָליציזם ביז אויפ'ן היינטיגען טאָג.

נאָך דעם טריענטער קאָנציל האָט זיך די קאַטוילישע קירך גענומען מיט נייער פרישקייט צו דער מלחמה מיט דער רעפאָרמאַציע. שטאַרק געהאָלפען האָט איהר דערביי דער נייער אָרדען פון די יעזואיטען, וואָס האָט זיך געהאַט געבילדעט קורץ פאַר דעם.

## די יעזואיטען.

דער גרינדער פון דעם יעזואיטען-אָרדען איז געווען דער שפּאַנישער ריטער איגנאַציו לאָיאָלא, צוליעב אַ וואונד, וואָס ער האָט בעקומען אין

דער מלחמה, האָט ער זיך געמוזט אָבזאָגען פֿון מיליטער־דיענסט. ליגענ־דיג קראַנק, האָט ער אָנגעהויבען צו לעזען פֿערשידענע ביכער וועגען לעבען פֿון די הייליגע. דאָס האָט אויף איהם געמאַכט אַזאַ גרויסען איינ־דרוק, אַז ער האָט בעשלאָסען זיך אין גאַנצען אָבצוגעבען דער קירך. לאָיאָלאַ איז געווען אַ נ׳אמת׳ער שפּאַניער מיט אַ שטאַרק ענטוויקעלטער פֿאַנטאַזיע, וואָס האָט געפֿונען די גרעסטע בעפֿרידיגונג אין טויט אַלס מאַרטירער פֿאַר דער קאַטוילישער אמונה. זיין פֿאַנטאַזיע איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז עס פֿלעגט זיך איהם דוכטען, אַז ער זעהט דעם גיהנם מיט די ברענענדיגע רשעים און דעם גן־עדן מיט די הייליגע. אַ צייט לאַנג האָט ער געאַרבייט אין פּאַלעסטינא צווישען די טערקען, וועלכע ער האָט געוואָלט בעקעהרען צום קריסטענטום, אָבער די קאַטוילישע גייסטליכע האָבען זיך דערשראָקען פֿאַר איהם און האָבען איהם פֿון דאָרטען משלח געווען. אין עלטער פֿון דריי און דרייסיג יאָהר איז ער אַריינגעטרעטען אין שול און האָט זיך אָנגעהויבען לערנען. שפּעטער האָט ער געלערנט אין דער פּאַריזער אוניווערזיטעט טהעאָלאָגיע.

אין פּאַריז האָט ער זיך בעקענט מיט איינִיגע לאַנדסלייט (צווישען זיי איז געווען לאַינעס) און האָט געבילדעט אַ בונד, וואָס האָט געשוואָרען צו בעשיצען דעם פּאַפּסט און די קאַטוילישע קירך. צו זיי זענען צוגעטרעטען אַ פּאָר יונגע מענשען פֿון אַנדערע לענדער. פֿון אָנהויב אָן האָט דער אָרדען געטראָגען אַ אינטער־נאַציאָנאַלען חאַראַקטער.

אין יאָהר 1540 האָט פּאַול III בעשטעטיגט דעם נייעם אָרדען, וואָס האָט זיך אָנגערופֿען „געזעלשאַפֿט פֿון יעזוס“, פֿון וואָס ס׳איז שפּעטער אַרויסגעקומען דער נאָמען „יעזואיטען“.

דער נייער יעזואיטען־אָרדען האָט זיך געשטעלט זעהר ברייטע און פֿערשידענע אויפֿגאַבען און האָט זיך באַלד פֿערשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּאַ. דער אָרדען איז געווען אָרגאַניזירט מיליטעריש. לאָיאָלאַ האָט גוט פֿערשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ גרויסע בעדייטונג עס האָט פֿאַר יעדער אָרגאַניזאַציע אַ שטאַרקע דיסציפּלין. ער האָט דעריבער פֿער־לאַנגט געהאָרזאַמקייט אָהן שום אויסרייד פֿון אַלע מיטגליעדער. יעדער מיטגליעד האָט געמוזט זיין ווי „אַ טויטער קערפּער“, אָדער ווי אַ שטעק־קען אין דער האַנד פֿון זיין עלטערען און האָט נישט געטאָרט האָבען קיין אייגענעם ווילען. אַן דער שפּיץ פֿון דער געזעלשאַפֿט איז געשטאַנען דער גענעראַל, וואָס האָט געוואוינט אין רוים און האָט געהאַט אַ אוני־

געהויערע מאַכט. ער האט בעשטימט די פֿארשטעהער פון די פראווינצען און די אנדערע העכערע בעאמטע. דער גענעראל האט בעקומען בעריכטען איבער יעדער געשעהעניש. די הויפט-פֿאָדערונגען זענען געווען— שווייגען און געהארזאמקייט. זעהר זעלטען האבען די מיטגליעדער געוואוסט די צוועקען פון זייערע עלטערע; זיי האבען געמוזט אויספֿיהרען זייערע בעפֿעהלען אהן שאלות. די מיטגליעדער האבען געמוזט איבעררייסען אלע זייערע פֿריהערדיגע בעציהונגען מיט דער וועלט. בעפֿאר מען איז געווארען אויפֿגענומען אין בונד, האט מען געמוזט אויסהאלטען א שטרענגען עקזאמען, אין וועלכען מען האט גאנץ גענוי אויסגעפֿארשט די פֿעהיגקייטען און נייגונגען פון דעם נייעם מיטגליעד, כדי איהם אנצווייזען די ארבייט, פֿאר וועלכע ער פאסט אם בעסטען. איינער האט געפֿיהרט א פֿרום שטיל לעבען צוריקגעצויגען פון דער וועלט, דער צווייטער האט געארבייט וויסענשאפֿטליך, דער דריטער האט זיך אבגעגעבען מיט דער יוגענד-ערציהונג. די בעסטע קעפ האט מען בעשטימט אויף שטעלעס אין די קעניגליכע הויפֿען און פֿירסטליכע פאלאצען, אלס בעאמטע אדער גייסטליכע, וואו זיי האבען געקענט האבען א גרויסען איינפֿלוס אויף דער פאליטיק. א סך יעזואיטען זענען געגאנגען אלס מיסיאנערען אין די ווייטסטע לענדער, ווי אין חינא, יאפאן, אפֿריקא און מערב-אינדיען.

דאס הויפט-ציעל פון ארדען איז געווען די ווידערבענייאונג און פֿערשפרייטונג פון מיטעלאלטערליכען קאטאליציזם, די הערשאפֿט פון דער קירך איבער דער מלוכה, מלחמה האלטען מיט'ן פראטעסטאנטיזם און מיט דעם פֿרייען גייסט פון דער צייט. כדי דאס דאזיגע ציעל צו דערגרייכען, האבען זיך די יעזואיטען בענוצט מיט אלע מיטלען, וואס האבען זיך נאר געלאזט אנווענדען. זייער גרונדזאץ איז געווען: דער צוועק היילינגט די מיטלען.

די יעזואיטען האבען אריינגענומען אין זייערע הענד די ערציהונג פון דער יוגענד און דעם ודוי-שטוהל. זייערע שולען זענען באלד געווארען בעריהמט, און אפילו פראטעסטאנטען פֿלעגען אהין שיקען זייערע קינדער. באמת, איז די לעהרע אין די דאזיגע שולען געווען זעהר א טשיקאווע. זיי האבען דערשלאגען ביי זייערע שילער יעדען זעלבסטשטענדיגען געדאנק און האבען ארויסגעלאזט מענשען מיט זעהר אנ'ענגען האריזאנט.

הויפטזעכליך האבען די יעזואיטען אויסגענוצט פֿאר זייערע צוועקען

דעם ודוי־שטוהל. דא האבען זיי געקענט זיך דערוויסען פון די געהיימסטע פלענער און געשעהענישען און דא האבען זיי, אונטער דעם מאנטעל פון פרומקייט, געקענט דורכפיהרען אלץ, וואס האט פאר זיי געפאסט. זיי האבען אויסגעארבייט א גאנצען סיסטעם פון „קאזואיסטיק", ד. ה., א גאנץ גענויע צוגלידערונג פון אלע צופעלען און ספקות, וואס קענען פארקומען אין זיטליכען לעבען, און זיי האבען אלע מאל געהאט א פאר־טיגע תשובה, כדי צו בערוהיגען דאס געוויסען פון זייערע קירך־גענער און תלמידים און ארייגצולעגען די „טומאה אין דער יראה". זיי פלעגען אויסנוצען די שוואכקייטען און געשמאקען פון די מענשען פאר זייערע צוועקען, און פלעגען אפטמאלס אליין אנטרייבען צו די שענדליכסטע מעשים, אלץ „צו גאטס לויב" (Ad majorem gloriam Dei)

די יעזואיטען האבען נישט געלעבט אין קלויסטערס און זיי האבען אויך נישט געטראגען קיין בעזונדערע קליידער. אויסערליך האט מען זיי נישט געקענט אבשיידען פון אנדערע. זיי האבען מיטגעמאכט אלע געזעלשאפטליכע פערוויילונגען און האבען גענומען אנ'אנטייל אין אלע געזעלשאפטליכע ארבייטען.

אבער איננוועניג איז געווען דורכגעפיהרט די שטרענגסטע דיסציפ־לין. איינער האט שפיאנירט דעם צווייטען, פון אויבען ביז אונטען איז געווען דורכגעפיהרט דאס דאזיגע סיסטעם פון אונצוטרוי און פון מסירות.

אין זייערע שטאטוטען איז געווען א פונקט, לויט וועלכען אלע האבען געמוזט גלויבען דאס זעלבע און זאגען דאס זעלבע. קיין בוך פון א יעזואיט האט נישט געטארט ווערען געדרוקט אהן דער הסכמה פון גענעראל אין רוים. ווען אין דער קאטוילישער קירך איז פארגעקומען א מחלוקת, האבען אלע יעזואיטען געמוזט האבען איין מיינונג, די מיינונג, וואס איז געווען פאסיגער און גינסטיגער פאר זייער ארדען.

די יעזואיטען האבען דעריבער זיך קיינמאל נישט געהאלטען אן א בעשטימטער מיינונג; זיי האבען יעדעס מאל געביטען זייער מיינונג און זייער טאקטיק, לויט דער לאגע און לויט די פערהעלטנישען. אמאל האבען זיי דעם קעניג געשטיצט געגען פאלק, דאס אנדערע מאל האבען זיי געשטיצט דאס פאלק געגען קעניג. זיי האבען זיך אפילו נישט אב־געשראקען פאר א קעניג־מארד, ווען דאס האבען געפאדערט די אינ־טערעסען פון דער קירך.

דורך פערשידענע כשר'ע און נית־כשר'ע מיטלען, דורך פעלשונגען און שווינדלען און הויפטזעכליך דורך געוויסע צואות, וואס זיי האבען

געקריגען מיט דער הילף פון'ם ודויטשטוהל, האבען די יעזואיטען אין א קורצער צייט אנגעקליבען גרויסע רייכטימער. זיי האבען בעקומען א גרויסע מאכט און האבען געשפילט א גרויסע ראליע אין די מלחמות, וואס זענען אין אנהויב פון 17 יאהרהונדערט פון דאס ניי אויסגעבראכען צווישען די קאטאליקען און די פראטעסטאנטען.

## נייע מלחמות צווישען פראטעסטאנטען און קאטאליקען.

### די רעליגיעזע מלחמות אין פראנקרייך.

אין פראנקרייך האט זיך דער פראטעסטאנטיזם אנגעהויבען צו פערשפרייטען נאך אונטער דעם קעניג פראנציסק I, וואס האט מלחמה געהאלטען מיט קארל דעם פינפטען.

הויפטזעכליך האט דא געהערשט די לעהרע פון קאלווין. די קאלווינִסטען האבען אין פראנקרייך געהייסען הוגענאטען (א פערדארבענער אויסדרוק פון ווארט „איידגענאסען", ווי עס האבען געהייסען די מיטגליעדער פון דער שווייצער רעפובליק.

דער קאלוויניזם אין פראנקרייך איז בעזונדערס געשטיצט געווארען פון אדעל און פון בירגערטום, וואס זענען נישט געווען צופריעדען מיט דער שטרעבונג פון דער רעגירונג, ארייננצונעהמען דאס גאנצע לעבען פון לאנד אין איהרע הענד.

אין 15 און 16 יאהרהונדערט איז די קעניגליכע מאכט אין פראנקרייך זעהר שטארק אויסגעוואקסען. די גענעראל־שטאטען (א מין סיים) האט מען נישט מעהר צונויפגערופען. פראנציסק I האט נאך אין יאהר 1516 (אלזא פאר לוטער'ן) געהאט געשלאסען מיט'ן פאפסט לעא X אנ'אבמאך, לויט וועלכען ער האט בעקומען דאס רעכט, צו בעזעצען אלע העכערע שטעלעס פון דער פראנצויזישער קירך און צו פערטיילען די נחלאות פון די פריינע שטעלעס לויט ווי ער וועט געפינען פאר ריכטיג און נוציליך. אויף אזא אופן האבען די פראנצויזישע קעניגען שוין פאר דער רעפארמאציע געהאט די פאקטישע ממשלה איבער די גייסטליכקייט אין לאנד, וואס די מלכים אין אנדערע לענדער האבען ערשט זיך ערווארבען דורך דער רעפארמאציע. די פראנצויזישע קעניגען האבען דעריבער נישט געהאט קיין גרונד צו שטיצען די רעפארמאציע, די קאלווינִסטען האבען זיי בעטראכט ווי געפעהרליכע שונאים פון דער

מלוכה און זיי האבען זיי פֿערפֿאלגט מיט אלע מיטלען, וואס זענען נאר געווען אין זייער מאכט.

דאס האט אבער נישט געשטערט די פֿראנצויזישע מלכים צו שטיצען די רעפֿארמאציע אין דייטשלאנד קעגען דעם דייטשען קייזער. פֿראנציסק I האט נישט איין מאל געשיקט זיין חיל צו הילף די פראטעסטאנטען, וועלענדיג דערמיט אפשוואכען די האבסבורגישע דינאסטיע.

אן דער שפיץ פֿון די קאטאליקען איז געשטאנען די שטארקע משפחה פֿון די גיזען. די פֿיהרער פֿון די הוגענאטען זענען געווען די בורבאנען (מיט׳ן אדמיראל קאליני בראש), וואס האבען געשטאמט פֿון לודוויג דעם הייליגען און האבען געהאט דאס קעניגטום נאווארא אין דרום־פֿראנקרייך. די קאטאליקען זענען געווארען געשטיצט פֿון שפאנישען קעניג פֿהיליפּ II, די פראטעסטאנטען — פֿון ענגלאנד.

די הוגענאטען האבען געהאט בעקומען די ערלויבניש אבצוריכטען גאטעס־דיענסטען אונטער׳ן פֿרייען הימעל. דאס האבען די שטרענגע קאטאליקען נישט געקענט ליידען. איינמאל האט דער הערצאג גיז מיט זיין סוויטע געמאכט א שפאציר הינטער פאריז, און ווען ער האט גע־טראפֿען אזא פֿערזאמלונג פֿון קאלוואניסטען, האט ער זיי אלעמען גע־הייסען אויס׳הרג׳ענען. מען האט אפילו נישט געשוינט אלטע, פֿרויען און קינדער. דאס איז געווען דער סיגנאל צו א בלוטיגער מלחמה צווישען די פראטעסטאנטען און קאטאליקען, א מלחמה, וואס האט אנגעהאלטען מיט קליינע אונטערברעכונגען העכער זעקס־און־דרייסיג יאהר.

א פּאר מאל האט מען געמאכט שלום, אבער די מלחמה האט זיך אלץ פֿון דאס ניי צופֿלאקערט.

אין יאהר 1572 האט מען ענדליך געוואלט מאכען שלום. און כדי צו פֿערפֿעסטיגען דעם שלום, האט מען צושטאנד געבראכט א שדוך צווישען היינריך פֿון נאווארא, דעם אנפֿיהרער פֿון די קאלוואניסטען, און קארל IX׳ס שוועסטער מארגארעטע. אבער די דאזיגע חתונה האט געהאט זעהר א טרויעריגען סוף.

קאטארינע פֿון מעדיטשי, די מוטער פֿון קארל דעם IX, האט בע־שלאסען אויסצונוצען די דאזיגע געלעגענהייט, ווען אין פאריז וועלען זיך פֿערזאמלען די אנגעזעהענסטע קאלוויניסטען, כדי מיט איין קלאפּ צו מאכען א סוף פֿון דער רעפֿארמאציע אין פֿראנקרייך. זי האט זיך בסוד צונויפֿגערעדט מיט די גיזען און אין דער נאכט פֿון דער חתונה

אין דער אזוי גערופענער בארטאלאמעאוס-נאכט (דעם 24-טען אויגוסט 1572) האט מען געמאכט א שרעקליכע שחיטה צווישען די הוגענאטען. צווישען די גע'הרג'עטע האט זיך אויך געפונען דער אדמיראל קאליני.

די חתונה איז אין דער געשיכטע בעקאנט אונטער דעם נאמען „די פאריזער בלוטיגע חתונה“.

קארל דער נײנטער אליין, וואס איז פריהער געוועזען בעפריינדעט מיט'ן געגעראל קאלאני, האט פון פענסטער געשאסען אויף די אונגליקליכע הוגענאטען, וואס זענען געלאפען, ווי משוגע'נע דורך די גאסען. דער אנבליק פון בלוט האט איהם פער'שכור'ט און ער האט געשאסען אויף רעכטס און לינקס.

פון פאריז איז די שחיטה אריבער אין די פראווינץ. אין משך פון א פאר טעג האט מען אין פראנקרייך אויסגע'הרג'עט ביי דרייסיג טויזענד הוגענאטען.

ווען דער פאפסט גרעגאר VII האט בעקומען די בשורה פון דער דאזיגער שחיטה, האט ער געהייסען אבריכטען א גאטעס-דיענסט.

עס פערשטעהט זיך, אז נאך דער דאזיגער שחיטה האט זיך די מלחמה נאך מעהר צופלאקערט. די רעגירונג האט באלד געמוזט מאכען געוויסע הנחות, אבער דערמיט איז די קאטוילישע פארטיי נישט געווען צופריעדען. עס האט זיך געבילדעט א קאטוילישע ליגע, וואס איז געווארען אזוי שטארק, אז דער קעניג הײנריך III האט שוין געקריגען מורא פאר איהר און האט געמוזט מיט איהר מלחמה האלטען. אין פאריז איז אויסגעבראכען א רעוואלוציע, די גאסען האבען זיך בעדעקט מיט באריקאדען. הײנריך דער III האט געמוזט אנטלויפען פון פאריז. ער האט געזוכט שוץ אין לאגער פון הײנריך פון נאווארא, אבער דא האט זיך ארײנגע'גנב'עט א פאנאטישער קאטאליק און האט איהם דערמארדעט.

הײנריך III האט נישט איבערגעלאזען קײן קינדער; מיט איהם איז אויסגעשטארבען דאס הויז מאלוא, און די מלוכה איז איבערגעגאנגען צו הײנריך פון נאווארא, מיט וועלכען עס הויבט זיך אן די דינאסטיע פון די בורבאנען.

די קאטוילישע ליגע האט נישט געוואלט אנערקענען הײנריכ'ען אלס קעניג, ווייל ער איז געוועזען דער אנפיהרער פון די קאלווינסטען, און

זיי האבען געקריגען שטיצע ביי פיליפ דעם צווייטען, וואס האט געהאט געוויסע פרעטענזיעס אויפ'ן פראנצויזישען טהראן און האט געוואלט ארויפזעצען אויף איהם זיינע א טאכטער.

היינריך האט לאנג געמוזט קעמפפען. א פאר מאל האט ער בעלאגערט פאריז, אבער יעדעס מאל האט איהם אלעקסאנדער פארנעזע פון נידערלאנד געצוואונגען אבצוטרעטען.

אין פראנקרייך האט זיך אונטערדעסען געבילדעט א פארטיי פון פאליטיקער און געמעסיגטע קאטאליקען, וואס האבען בעשלאסען מאכען א סוף צו די אייביגע מלחמות, פון וועלכע דאס לאנד איז געווארען פעראָרעמט און אבגעשוואכט. היינריך פון נאווארא איז בכלל געוועזען א טאלעראנטער פריינדליכער מענש, וואס האט זיך לייכט ערווארבען ליעבע און אכטונג ביי אלע קלאסען. היינריך האט אבער פערשטאנען, אז ווען ער זאל אפילו איינגעהמען פאריז, וועט ער נישט קענען זיצען רוהיג אויפ'ן טהראן, כל זמן ער וועט בלייבען א קאלוואניסט. ער האט זיך געזאגט, אז „דער פראנצויזישער טהראן איז ווערט א מעסע" (א קאטוילישע תפלה) און האט אנגענומען דעם קאטוילישען גלויבען.

די פאריזער האבען געעפענט פאר איהם די טויערן פון שטאדט און האבען איהם אויפגענומען מיט גרויס פאראד און שמחה.

היינריך האט אלס קעניג אנגענומען דעם נאמען היינריך דער פיערטער. באלד ווי ער איז ארויף אויפ'ן טהראן האט ער געשלאסען אן אבמאך מיט דער ליגע און האט ארויסגעגעבען דעם עדיקט (בעפעהל) פון נאנט, לויט וועלכען די קאלוויניסטען האבען בעקומען גלויבענס-פרייהייט, פולע בירגערליכע רעכט און אנדערע הנחות. צווישען אנדערע האבען זיי בעקומען דאס רעכט גע'משפט צו ווערען פון אייגענע ריכטער. אלס גאראנטיע האט ער זיי איבערגעגעבען עטליכע פעסטונגען מיט פאלשטענדיגע קריעג=מוניציע. די וויכטיגסטע פון די דאזיגע פעסטונגען איז געוועזען לא ראשעל.

היינריך IV האט באלד אנגעהויבען צו היילען דאס לאנד פון די וואונדען, וואס עס האט געהאט בעקומען דורך די מלחמות. ער האט געשטיצט אקערבוי, האנדעל און אינדוסטריע מיט דער הילף פון זיין מיניסטער סיולי. (איבער דער ווירטשאפטליכער פאליטיק פון דער צייט וועלען מיר נאך שפעטער רעדען אויספיהרליך). זיין פרעהליכע עכט-פראנצויזישע נאטור, זיין טאלעראנץ צו אלע פארטייען האט איהם

פֿערוואַרבען די ליַעבע פֿון גאַנצען פֿאָלק און מען האָט איהם אַפֿילו מוחל געווען זיַין צו־גרויסע שוואַכקייט צו שענע פֿרויען. אָבער דער קאַטוי־לישער פֿאַנאַטיזם האָט נישט געשלאָפֿען. היינריך'ס טאָלעראַנץ קעגען די אפיקורסים האָט דעם פֿאַנאַטיזם נאָך מעהר אויפֿגערייצט און ווען ער האָט געוואָלט שיקען זיַין חיל צו הילף די דיַיטשע פּראָטעסטאַנטען, האָט איהם דער יעזואיט ראַמאַיאַק מיט זיַין מעסער דערשטאָכען אויף טויט (אין יאָהר 1610).

דער קאַרדינאַל פֿון טאָלעדאָ, דערהערענדיג די בשורה, האָט מיט גרויס שמחה אויסגעשריען: „ווען גאָט איז מיט אונז, ווער קען זיַין געגען אונז?".

היינריך IV און זיַין מיניסטער סולי האָבען איַינגעפֿיהרט רעפֿאָרמען, וואָס האָבען געהאַט אַ ווייכטיגע בעדיַיטונג פֿאַר דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פֿון פֿראַנקריַיך.

ווען היינריך איז אַרויף אויפֿ'ן טהראָן איז אין ווירטשאַפֿטליכען לעבען פֿון פֿראַנקריַיך געווען אַ פֿאָלשטענדיגער חורבן. אין דער ציַיט פֿון די מלחמות האָט מען די פֿעלדער פֿערנאַכלעסיגט, פֿון די שטעדט, דערפֿער זענען געוואָרען חורבות, די בעפֿעלקערונג איז זיך צום גרעסטען טייל צולאָפֿען. עס האָבען זיך געבילדעט שאַיקעס פֿון באַנדיטען, וועלכע זענען אַרומגעגאַנגען אין לאַנד און געראַבעוועט.

ווען די פּריצים, וואָס זענען אויך געבליבען אָהן לעבענס־מיטלען, האָבען געוואָלט העלפֿען די אָרעמע פֿאַר לאַנד, איז געגען זיי אויסגע־בראָכען אַ פּויערן־אויפֿשטאַנד. די פּויערן האָבען געשריען, אַז זיי וועלען נישט צולאָזען, מען זאָל זיי בעהאַנדלען ווי שקלאַפֿען. אָבער אַזוי ווי זיי האָבען נישט געהאַט ניט קיין קענטעניששען צו פֿיהרען אַ מלחמה, ניט קיין גוטע געוועהר, ניט גענוג פּראָוויאַנט, האָבען זיי זיך באַלד געמוזט אונטערגעבען.

היינריך IV האָט הויפּטזעכליך זיך געמיהט צו פֿערבעסערן די לאַגע פֿון די פּויערן. ער האָט געוואָלט, אַז „יעדער פֿראַנצויזישער פּויער זאָל יעדען טאָג האָבען אַ הוהן אין זיַין זופּ". אַ פּאָר מאָל האָט ער זיי בעפֿריַיט פֿון די אָבצאָהל־חובות, וואָס זיי זענען געבליבען שולדיג דער מלוכה פֿון פֿריהערדיגע יאָהרען. ער האָט פֿערוועהרט צו פֿערקויפֿען פֿאַר אַ חוב בהמות און די אַקער־געציַיג פֿון די פּויערן. סולי איז געווען איבערציַיגט, אַז דער גאַנצער ריַיכטום פֿון לאַנד ליעגט אין דער לאַנד־ווירטשאַפֿט, און אַז דאָס זענען די „אמת'ע גאָלד־גרובען". ער האָט

דעריבער פערלאנגט, אז מען זאל ערלויבען פריי ארויספיהרען פראנצויזישע תבואות אין אויסלאנד, כדי דער מקח פון די לאנדווירטשאפטליכע פראדוקטען זאל שטייגען און די לאנדווירטשאפט זאל ווערען געטריבען אין א גרעסערען מאסשטאב. פון דער צייט אן איז תבואה געווארען איינער פון די הויפט-ארטיקלען פון פראנצויזישען עקספארט (סחורות, וואס מען פיהרט ארויס פון לאנד). היינריך האט זיך אויך אינטערעסירט מיט די נייעסטע מעטאדען צו פערבעסערען און צו פערפאלקאמנען דעם אקערבוי און די אגראנאמיע בכלל.

היינריך IV איז אבער געגאנגען נאך ווייטער ווי סולי. ער האט זיך אויך אינטערעסירט מיט דער ענטוויקלונג פון דער א י נ ד ו ס ט ר י ע פון פראנקרייך.

פון קויפמענישע קרייזען האט מען דעם קעניג דערלאנגט א פעטיציע, אין וועלכער עס איז געווארען נאכגעוויזען, ווי נויטיג עס וואלט זיין פאר פראנקרייך צו ענטוויקלען די מאנופאקטור. פריהער פלעגט פראנקרייך ליפערן אין אויסלאנד רויה-מאטעריאלען, ווי פלאקס, האנף און וואל, און פלעגט שפעטער קויפען אין אויסלאנד די פאבריקאטען, וואס זענען געווארען אויסגעארבייט פון איהרע רויהע מאטעריאלען. די סוחרים האבען נאכגעוויזען, ווי נאריש דאס איז, אז אין פראנקרייך וואלטען זיין וועניגער ארעמע לייט, ווען פראנקרייך זאל זיך אליין נעהמען צו פאבריקאציע. פראנקרייך מוז ווערען א לאנד פון אינדוסטריע. מען דארף פערוועהרען אריינצופיהרען אין לאנד פרעמדע פאבריקאטען און גלייכצייטיג נישט ארויסלאזען פון לאנד רויהע אדער האלב-רויהע שטאפען. מען דארף פערלייכטערן די בעדינגונגען פון האנדעל, פערקלענערען די אבצאהלונגען, און איינריכטען א האנדעלס-קאמער, וואס זאל זיך אויסשליסליך פערנעהמען מיט די אינטערעסען פון האנדעל און אינדוסטריע, וואס זאל שטודירען און אויספארשען די ווירטשאפטליכע בעדערפענישען פון לאנד און שאפען בעסערע בעדינגונגען פאר זייער ענטוויקלונג.

היינריך דער IV האט א סך געטהון, כדי דורכצופיהרען דאס דאזיגע פראגראם אין לעבען. ער האט איינגעלאדען פרעמדע מייסטערס, וואס זאלען פערשפרייטען אין לאנד גרונדליכע פאך-קענטענישען, און האט געשטיצט די פראנצויזישע מאנופאקטור דורך פערשיעדענע הנחות און פרעמיעס.

## פֿיערטעס קאפּיטעל.

# דער דרייסיגיעהריגער קריעג.

נאָך דעם אויגסבורגער שלום איז אין דייטשלאַנד/ געוואָרען אויף אַ קורצע צייט רוהיג. אָבער באַלד זענען צווישען די פּאַרטייען ווידער אויסגעבראָכען קאָנפליקטען, וואָס האָבען געפֿיהרט צו אַ מלחמה, וואָס האָט געדויערט דרייסיג יאָהר נאָכאַנאַנד און האָט חרוב געמאַכט גאַנץ דייטשלאַנד.

לויט דעם אויגסבורגער שלום איז דייטשלאַנד צופֿאַלען אין אַ מאַסע זעלבסטשטענדיגע פֿירשטענטימער. יעדער פֿירשט האָט געמעגט אָננעהמען די אמונה, וואָס געפֿעלט איהם, און האָט געקענט צווינגען זיינע אונטערטאַנען אָנצונעהמען זיין גלויבען. ווען אַ פֿירשט איז געשטאָרבען און האָט איבערגעלאָזען יורשים פֿון פֿערשיעדענע אמונות, ווען צ. ב. איין יורש איז געווען אַ קאַטאָליק און דער אַנדערער אַ פּראָטעסטאַנט, איז דער גאַנצער גורל פֿון לאַנד געווען אָבהענגיג פֿון דעם, ווער פֿון די יורשים עס וועט מנצח זיין. אויסער דעם פֿלעגען זיך אריינמישען די שכנים און רעליגיעזע פּאַרטייען, וואָס האָבען געוואָלט שטיצען זייער קאַנדידאַט, און עס פֿלעגט נישט נעהמען קיין סוף צו די איבעריגע רייסע-רישען.

דער אויגסבורגער שלום האָט אויך נישט געהאַט בעשטימט די לאַגע פֿון דער קאַלוויניסטישער אמונה, וואָס איז צו יענער צייט נאָך געווען פֿערשפּרייט, הויפּטזעכליך אין דער שווייץ און אין פֿראַנקרייך, און וואָס איז אין סוף פֿון 17 יאָהרהונדערט אריינגעדרונגען אין דייטשלאַנד. אַ סך דייטשע פֿירשטען האָבען אָנגענומען די קאַלוויניסטישע אמונה און האָבען געפֿאָדערט גלייכע רעכט מיט די לוטעראַנער.

אין אויגסבורגער שלום-אָבמאַך האָט זיך נאָך געפֿונען איין פּונקט, וואָס האָט געפֿיהרט צו שטענדיגע מחלוקת; דאָס איז געווען דער פּונקט וועגען די נחלאות און פֿירשטענטימער, וואָס זייער פֿירשט איז אַ קאַטוילישער עפּיסקאָפּ. לויט דעם דאָזיגען פּונקט, האָבען אזעלכע נחלאות גע-דאַרפֿט אַלעמאָל בלייבען ביי קאַטאָליקען אין די הענד, און פֿון דער אַנדער זייט האָט די בעפֿעלקערונג בעקומען פֿאָלקאָמענע גלויבענס-פֿרייהייט. ווען דער עפּיסקאָפּ האָט אָנגענומען די פּראָטעסטאַנטישע אמונה, האָט ער, לויט דעם דאָזיגען פּונקט, פֿערלאָרען זיין נחלה און אַלע זיינע זכיות.

דעם דאזיגען פונקט האט מען עובר געווען אויף יעדען שריט און טריט. א סך קאטוילישע פירשטענטימער האבען די פראטעסטאנטען פערהאפט פאר זיך און די קאטוילישע עפיסקאפען האבען זעהר אפט געצוואונגען זייערע אונטערטאנען אנצונעהמען די קאטוילישע אמונה.

אין לאנד איז נישט געווען קיין איין אינסטאנציע, וואס זאל קענען ברענגען אנ'ארדנונג אין די פערפלאנטערטע בעציהונגען און וואס איהר פסק־דין זאל האבען גענוג קראפט.

די דייטשע קסרים זענען געווען פערנומען מיט זייערע מלחמות, און יעדער פירשט האט געטהון, וואס זיין הארץ האט געגלוסט.

יעדערער האט געמוזט זארגען אליין פאר זיך און זיך אויסזוכען די פארטיי־מיטגליעדער, וואס זאלען איהם שטיצען. אין דייטשלאנד האבען זיך געבילדעט צוויי פירשטען־בינדען. די פראטעסטאנטען האבען זיך פערייניגט אין דער „אוניע“, אונטער דער אנפיהרונג פון פפאלצישען קורפירשט, די קאטאליקען האבען געגרינדעט א קאטוילישע ליגע (בונד) אונטער דער אנפיהרונג פון בייערישען קורפירשט מאקסימיליאן.

די מלחמה האט זיך באלד צופלאקערט צוליעב די געשעהענישען אין בעהמען.

אין בעהמען האט זיך די רעפארמאציע געהאט גיך פערשפרייט. א צייט לאנג האט מען די פראטעסטאנטען נישט געשטערט, אבער ווען אויפ'ן טהראן איז ארויף פערדינאנד II, האט מען זיי אנגעהויבען מורא'דיג צו רודפ'ן.

פערדינאנד II איז געווען א תלמיד פון די יעזואיטען. די טשעכען האבען איהם נישט געוואלט אנערקענען און האבען אויסגעוועהלט פאר א קעניג א דייטשען פירשט. א פאר טשעכישע אדעליגע האבען זיך אריינגעגנב'עט אין פראגער שלאס און האבען ארויסגעווארפען דורכ'ן פענסטער צוויי העכערע בעאמטע פון קעניג, און דאס האט שוין געפיהרט צו א פאלשטענדיגען קריעג. עס האט זיך אנגעהויבען א מלחמה, וואס האט געדויערט דרייסיג יאהר נאכאנאנד.

נייט דער קייזער, נייט די פראטעסטאנטען האבען געהאט גענוג אייגענעם חיל. דער קייזער האט זיך דעריבער געווענדעט נאך הילף צו דער „קאטוילישער ליגע“, וואס האט געהאט א גרויסע געדונגענע ארמעע. די טשעכען האבען געהאט געהאפט אויף דער דייטשער „אוניע“, אבער

די „אוניע“ האָט זיי בעטראַכט פאַר פּשוט׳ע בונטאָווישציקעס געגען זייער געזעצליכען קייזער, און האָבען זיך אָבגעזאָגט זיי צו העלפען. פערדינאַנד II דאַגעגען האָט געקריגען גלייך הילף ביי דער „ליגע“. זייער גענעראַל טילי איז געקומען מיט אַ גרויסער אַרמעע און ביי׳ם „ווייסען באַרג“ (ביי פּראַג) האָבען די טשעכען און דער חיל פון זייער נייעם קעניג (פרידריך פון פפאַלץ) בעקומען אַ מורא׳דיגע מפלה.

פערדינאַנד II האָט זיך נאָך דעם דאָזיגען נצחון שרעקליך נוקם געווען אין די טשעכען. אין בעהמען האָט זיך אַנגעהויבען אַ פאַלשטענדיגע קאַטוילישע רעאַקציע. דאָס לאַנד האָט פערלאָרען זיין זעלבסטשטענדיגקייט, די פּראָטעסטאַנטישע שטעדט האָט מען פערברענט, די פּראָטעסטאַנטען האָט מען אַרויסגעיאָגט פון לאַנד און זייערע גיטער האָט מען קאָנפיסקירט און פערטיילט צווישען דעם קאַטוילישען אַדעל. שפּעקולאַנטען האָבען אויסגענוצט די געלעגענהייט און האָבען געקויפט לאַנד צו שפּאָט־בילליגע פּרייזען און האָבען עס שפּעטער פערקויפט מיט גרויס ריוח. מען האָט פערוועהרט דעם פּראָטעסטאַנטישען גאָטעס־דינסט. די קאַטוילישע גייסטליכע האָבען בעקומען צוריק אַלע נחלאות און בעזיצונגען, וואָס זענען געווען איבערגעגאַנגען אין פּראָטעסטאַנטישע הענד, און מען האָט זיי שוין פערגיטיגט פאַר׳ן היזק, וואָס זיי האָבען דערפון געהאַט. די קאַטאָליקען האָבען איינגענומען פפאַלץ (און די רהיין־פּראָווינצען) און האָבען דאָרטען אויך אָנגעהויבען צו רודף׳ן דעם פּראָטעסטאַנטיזם.

די קאַטוילישע רעאַקציע איז געוואָרען פאַר די פּראָטעסטאַנטען זעהר געפעהרליך. זיי האָבען אַרויסגערופען צו הילף דעם דעניש׳ען קעניג חריסטיאַן IV, געגען וועלכען די „ליגע“ האָט ווידער אַרויסגעשיקט איהר גענעראַל טילי. אָבער די כחות פון דער „ליגע“ זענען שוין אינצווגעווען צו שוואַך.

צו דער צייט האָט דער טשעכישער גראַף וואַלענשטיין גע־מאַכט דעם קייזער אַ פאָרשלאַג, צוזאַמענצושטעלען פאַר איהם אַן אייגענע אַרמעע, מיט דעם בעדינג, אַז ער זאָל האָבען פאָלקאָמענע פרייהייט צו טהון, וואָס ער וועט געפינען פאַר נויטיג. דער קייזער, וואָס האָט שוין לאַנג געוואָלט פּטור ווערען פון דער „ליגע“, האָט דעם פאָרשלאַג אָנגענומען.

וואַלענשטיין איז געווען אַ תלמיד פון די יעזואיטען. ער האָט גע־האַט אָבגעקויפט אַ סך גיטער, וואָס מען האָט קאָנפיסקירט ביי׳ם טשע־כישען אַדעל, און איז דערפון שטאַרק רייך געוואָרען. ער האָט אומעטום

פֿאַנאַנדערגעשיקט זײַנע מענשען, וואָס האָבען איהם אין משך פֿון אַ קורצער צײַט אַנגעקליבען אַן'אַרמעע פֿון פֿופֿציג טויזענד מאַן. דאָס זענען געווען מײַסטענס מענשען אָהן בעשעפֿטיגונג, וועלכע מען האָט צוגעזאָגט אַ פֿרײַ לוסטיג לעבען, אַ סך רויב און מתנות. וואַלענשטײַן האָט אין גאַנצען לאַנד געהאַט אַ שם פֿאַר זעהר אַ רײַכען פֿרײַגעביגען מענשען, וואָס וויל אַלײן גוט לעבען און לאָזט אַנ'אַנדערען לעבען, און דעריבער זענען צו איהם געלאָפֿען סאָלדאַטען פֿון אַלע נאַציאָנען און פֿון אַלע אמונות.

מיט דער דאָזיגער אַרמעע האָט וואַלענשטײַן אין אַ קורצער צײַט מנצח געווען דעם דענישען קעניג, וועלכער האָט געמוזט בעטען שלום, און האָט אײַנגענומען פֿאַר'ן קײַזער דעם צפֿון־ברעג פֿון באַלטישען ים. נאָר אָן זיך האָט ער אויך ניט פֿערגעסען. ער האָט פֿאַר אײַן גאַנג פֿעריאָגט דעם פֿירשט פֿון מעקלענבורג און האָט דאָס לאַנד פֿערנומען פֿאַר זיך. ער האָט אפילו אַנגענומען דעם טיטול „גענעראַל פֿון באַלטישען ים און פֿון אָקעאַן" און האָט געהאַפֿט צו קריגען פֿאַר זיך אַ מלוכה אין אײנע פֿון די צפֿון־לענדער.

דאָ האָבען זיך די דײַטשע פֿירשטען שוין דערשראָקען פֿאַר איהם. זיי האָבען אָנגעהויבען צו פֿאָדערן פֿון קײַזער, אַז ער זאָל אָבזאָגען וואַלענשטײַנ'ען און פֿונאַנדערלאָזען זײַן חיל, ווײַל ער בעראַבעוועט ניט בלויז פֿרעמדע, נאָר אויך אײגענע. דער קײַזער האָט זיי געמוזט נאָכגעבען און האָט וואַלענשטײַנ'ען אָבגעזאָגט.

צו דער צײַט האָט זיך אין דער בלוטיגער מלחמה אַרײַנגעמישט אַ נײַע מלוכה. דער שוועדישער קעניג גוסטאַוו־אַדאָלף האָט זיך אַרויסגעזעצט מיט זײַן חיל אויפֿ'ן דרום־ברעג פֿון באַלטישען ים (אין פּאָמערן, צפֿון־דײַטשלאַנד), כדי צו קומען צו הילף די פּראָטעסטאַנטען.

גוסטאַוו־אַדאָלף איז געווען אַן'איבערצײַגטער פּראָטעסטאַנט און האָט באמת געוואָלט שיצען זײַנע גלויבענס־ברידער אין דײַטשלאַנד; נאָר אַ חוץ דעם האָט ער נאָך געהאַט דערבײַ אַ פּאָליטישען ציעל אויך. שוועדען האָט שוין געהאַט אַרײַנגענומען אין איהרע הענד כמעט אַלע לענדער אַרום דעם באַלטישען ים פֿון צפֿון און פֿון מזרח, עס האָט איהר נאָר געפֿעהלט דער דרום־ברעג (פּאָמערן), כדי דער באַלטישער ים זאָל זײַן אַרומגערינגעלט פֿון שוועדישע ערד פֿון אַלע זײַטען און זאָל ווערען אַ שוועדישע אָזערע.

גוסטאַוו־אַדאָלף איז געווען אַ גלענצענדער פֿעלד־הער, ער האָט

באלד צושלאגען טילי'ס ארמעע (ביי לייפציג), איז דורכגעגאנגען גאנץ דייטשלאנד און האט איינגענומען בייערן, די פעסטונג פון קאטאליציזם. דער פראנצויזישער מיניסטער רישעליע, וועלכער האט געוואלט פערניכטען די האבסבורגישע דינאסטיע, האט איהם צוגעזאגט צו שיקען הילף און געלד-שטיצע.

דער קייזער האט ווידער געמוזט אנקומען צו וואלענשטיינ'ס הילף. אבער וואלענשטיין, וואס האט שוין געהאט געפיהרט אונטערהאנדלונגען מיט'ן שוועדישען קעניג, האט איצט געשטעלט זעהר שווערע בעדינגונגען. ער האט געפאדערט אונבעגרענצטע פאלמאכט אין די לענדער, וואס ער וועט אייננעהמען, און אויסערדעם, אלס בעלוינונג, א פירשטענטום אין די האבסבורגישע לענדער. געמיינט האט ער בעהמען.

דער קייזער האט געמוזט איינגעהן אויף אלע בעדינגונגען. וואלענשטיין האט באלד ווידער ארויסגעשטעלט א גרויסע ארמעע. גוסטאוו-אדאלף האט געמוזט פערלאזען דרום-דייטשלאנד. ביי ליצען אין זאקסען איז פארגעקומען צווישען זיי א'ן ענטשיידענע (דעצידירענדע) שלאכט. די שוועדען האבען מנצח געווען, אבער גוסטאוו-אדאלף איז געפאלען טויט אין דער מלחמה און די שוועדען זענען געבליבען אהן א פיהרער, וואס זאל זיך קענען פערמעסטען מיט וואלענשטיינ'ען; אבער וואלענשטיין האט די דאזיגע גינסטיגע לאגע נישט אויסגענוצט. ער האט אפילו אנגעהויבען צו פיהרען געהיימע אונטערהאנדלונגען מיט די שוועדען, כדי זיך צו פערזיכערן דאס פירשטענטום אין בעהמען.

פערדינאנד II האט זיך דערפון דערוואוסט, און האט ביי איהם אבגענומען די פיהרונג פון דער ארמעע. וואלענשטיין האט געמאכט געגען קעניג א בונד פון גענעראלען, וואס האבען געשווארען צו שטעהן אויף זיין זייט. אבער א פאר אפיצערען, וואס זענען געבליבען טריי דעם קייזער, האבען זיך אריינגעריסען אין וואלענשטיינ'ס שלאפצימער און האבען איהם דער'הרג'עט (1634).

די מלחמה האט שוין געהאט געדויערט 16 יאהר. אלע פארטייען זענען שוין געווען מיעד און האבען געוואלט שלום. אבער דאס האט זיך שוין איצט נישט געווענדט אן זיי אליין. די פרעמדע מלוכות, וואס די דייטשע פירשטען האבען געהאט אליין גערופען צו הילף געגען קייזער, זענען אין דייטשלאנד פערבליבען און האבען אויסגענוצט די אבגעשוואכטקייט פון לאנד פאר זייערע צוועקען. די מלחמה האט נאך געדויערט 14 יאהר. איטליכס יאהר פלעגען די שוועדען מאכען א'נאנפאל אויף צפון-

דייטשלאנד און רױבעװען דאס לאנד. די פראנצויזען האבען צו דער זעלבער צייט גע'בעל-הבית'עװעט אין דרום-דייטשלאנד.

ענדליך האט מען געשלאסען שלום, דעם אזוי-גערופענעם װעסט-פאלישען שלום, װייל ער איז געמאכט געװארען אין מינסטער, פראװינץ װעסטפאלען. די װיכטיגסטע בעשטימונגען פון דעם דאזיגען שלום זענען געװען פאלגענדע:

1) די קאטאליקען, לוטעראנער און קאלװיניסטען בעקומען גלייכע בערעכטיגונג. דעם פונקט: „װעמענ'ס מלוכה, דעם'ס אמונה", װאס האט געהאט געפיהרט צו אזוי פיעל קאנפליקטען, האט מען אבגעשאפט. די קאטאליקען זענען פריי אין לענדער פון פראטעסטאנטישע פירשטען און, אומגעקעהרט, פראטעסטאנטען — אין לענדער פון קאטוילישע פירשטען.

2) אלע קאטוילישע פירשטענטימער, װאס זענען געװארען סעקולאריזירט (איבערגעגאנגען צו װעלטליכע פראטעסטאנטישע בעזיצער) ביז דעם יאהר 1624, בלייבען ביי די פראטעסטאנטען; װאס ס'איז געװארען סעקולאריזירט נאך 1624, געהט צוריק צו די קאטאליקען.

3) די פירשטען זענען געװארען פאלקאם זעלבסטשטענדיג און האבען בעקומען דאס רעכט צו שליסען אבמאכען מיט פרעמדע מלוכות.

4) שװעדען האט בעקומען פאמערן, פראנקרייך — עלזאס.

5) די שװייצער און די האלענדישע רעפובליקען זענען געװארען אנערקענט.

---

## די טרויעריגע פאלגען פון 30-יעהריגען קריעג.

דער דרייסיג-יעהריגער קריעג האט געמאכט א תל פון דייטשלאנד, װאס האט זיך שוין פאר דער מלחמה אויך געפונען אין זעהר א טרויעריגען צושטאנד. זינט די נייע ענטדעקונגען האט זיך דער צענטער פון האנדעל געהאט אריבערגעטראגען אין אנדערע לענדער. דייטשלאנד האט געהאט דעמזעלבען גורל, װי איטאליען. דער האנדעל האט זיך קאנצענטרירט ביי די ברעגעס פון מערב-אייראפא, אין האלאנד און פארטוגאל. דער פערקעהר איבער די אלפען און די גרויסע דייטשע טייכען איז זעהר אבגעשװאכט געװארען. אפילו דער האנזא-בונד, װאס האט אין מיטעל-אלטער געשפיעלט א גרויסע ראליע, איז איצט בטל געװארען. אין צפון-אייראפא זענען אויסגעװאקסען שטארקע מלוכות, שװעדען, ענגלאנד, דענעמארק. און דער האנזא-בונד, װאס איז בעשטאנען פון צעװארפענע, זעלבסטשטענדיגע שטעדט, האט זיך נישט געקענט פערמעסטען מיט

זייערע גרויסע שטאַרקע חילות. פון דער אייגענער מלוכה האָט ער קיין שוץ ניט געקענט דערוואַרטען. אין עליזאַבעטע'ס צייטען האָבען די ענגלענדער אָנגעהויבען אַריינצופיהרען אין דייטשלאַנד ענגלישע שטאָפען און האָבען דערמיט אַלץ מעהר געשעדיגט די וועבעריי אין דייטשלאַנד. אויפ'ן באַלטישען ים, וואָס האָט זיך געפונען אין שוועדישע הענד, האָבען זיך בעוויזען שטאַרקע קאָנקורענטען — די האָלענדער. די האַנזא האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבען זיך פונאַנדערפאַלען, איין שטאָדט נאָך דער אַנדערער איז אַרויס פון בונד, ביז ס'זענען געבליבען אין גאַנצען נאָר 3 שטעדט אין בונד, האַמבורג, ליבעק, ברעמען. די דאָזיגע שטעדט הייסען נאָך איצט אויך האַנזא־שטעדט און האָבען אין דייטשלאַנד בעזונדערע רעכט.

דער דרייסיג־יעהריגער קריעג האָט אַלץ צושטערט, וואָס איז נאָך געווען געבליבען. די מעהרסטע שטעדט און דערפער זענען אָבגעברענט. פון 18 מיליאָנען מענשען זענען קוים געבליבען 7 מיליאָן. די גע'הרג'עטע זענען געלעגען אויף די פעלדער ניט בעגראָבען, אַ רויב פאַר ווילדע חיות און פויגלען. אין בעהמען אַליין זענען פון 4 מיליאָן מענשען געבליבען 800 טויזענד. האַנדעל, אינדוסטריע און אַקערבוי זענען אין גאַנצען חרוב געוואָרען. די פעלדער זענען געווען צושטערטע, די גרויסע דייטשע וועלדער זענען געווען אויסגעהאַקט אָדער אויסגעברענט. די, וואָס זענען געבליבען לעבען, האָבען אָפטמאָלס מקנא געווען די טויטע. זיי האָבען געליטען הונגער און קעלט, פלעגען זיך מוזען ערנעהרען מיט וואָרצלען און קרייטיכער. די מלחמה האָט געהאַט אויסערדעם אַ שרעקליכע ווירקונג אויף דאָס קולטורעלע לעבען אין דייטשלאַנד. אַ שטענדיגער חיל איז צו יענער צייט נאָך ניט געווען. די סאָלדאַטען פלעגט מען דינגען, ווי מען דינגט איצט אַרבייטער צו בויען אַ הויז, און געצאָהלט האָט מען זיי מיט דעם, וואָס מען האָט אַוועקגערויבט ביי'ם שונא. וואַלענשטיין פלעגט זאָגען, אַז די מלחמה „מוז זיך אַליין דערנעהרען". מען האָט דעריבער געגעבען די סאָלדאַטען פולע פרייהייט. זיי האָבען געמעגט נעהמען און טהון, וואָס זיי האָט געגלוסט. נאָך אַ נצחון פלעגען זיי זיך אַרויפוואַרפען אויף דער איינגענומענער שטאָדט, ווי ווילדע חיות, די זכרים האָבען זיי אויסגע'הרג'עט, די פרויען גע'שענדעט און פלעגען אַלץ אַוועקנעהמען, וואָס זיי האָבען נאָר געקענט שלעפען מיט זיך. דאָס איבּריגע האָבען זיי פערברענט. ווען טילי האָט גענומען מאַגדעבורג און מען האָט זיך ביי איהם געבעטען, ער זאָל שוינען די שטאָדט, האָט ער

געענטפערט: „ווארט נאך אביסעל, איך וועל זעהן, וואס עס לאזט זיך טוהן, מען מוז דאך דעם סאלדאט עפעס געבען פאר די צרות און סכנות, וואס ער האט זיך געמוזט אויסשטעהן".

אזוי האבען די מלחמות ענטוויקעלט און פאלק די גרעבסטע אינ־סטינקטען. די מענשען זענען געווארען פערווילדעט, ווי די בלוט־דורשטיגע חיות אין וואלד. די מאראל איז אין גאנצען געפאלען, פון די אמאליגע שענע זיטען איז נישט געבליבען קיין זכר.

אין פאליטישער בעציהונג האט די דרייסיג־יעהריגע מלחמה דייטש־לאנד אין גאנצען צובראכען. דאס לאנד איז איצט צופאלען אויף 300 זעלבסטשטענדיגע פירשטענטימער און בערך 50 פרייע שטעדט. דער קייזער האט אנגעוואהרען זיין גאנצען אויטאריטעט און איז נאר געבלי־בען ביי'ם פוסטען טיטול. דער רייכסטאג (דומע) האט פאקטיש נישט געהאט קיין מאכט. כדי א פראיעקט זאל ווערען אנגענומען, האט געמוזט זיין נישט א מעהרהייט שטימען, נאר פאלקאמענע איינשטימיגקייט פון אלע קוריעס, קורפירשטען, פירשטען און שטעדט, וואס איז, פער־שטעהט זיך, געווען אנ'אונמעגליכע זאך.

אויף אזא אופן, האט דער וועסטפאלישער שלום נאר פערשטארקט די מאכט פון די פירשטען, וואס זענען איצט געווארען אינגאנצען אונ־אבהענגיג פון קייזער. די דייטשע פירשטען האבען אנגעהויבען צו פיהרען א ברייט לעבען. זיי האבען געבויט רייכע פאלאצען און שלעסער, וואו זיי האבען איינגעפיהרט א אונגעוועהנליכען לוקסוס. יעדערער פון זיי האט געוואלט זיין אין זיין לאנד א קליינער לודוויג דער פערצעהנטער, און כדי צו בעקומען די נויטיגע סומען פאר זייער פערשווענדעריש לעבען, האבען זיי ארויפגעלעגט אויף זייערע אונטערטאנען גרויסע אב־צאהלען און פלעגען אפילו פערקויפען זייערע מענשען פאר סאלדאטען פרעמדע מלוכות.

---

פינפטער קאפיטעל.

# פוילען אין 16־טען און 17־טען יאהרהונדערט.

די פוילישע מלוכה האט זיך אויסגעשפרייט אויף דער דרום־מזרח זייט פון די קארפאטען און האט בּיסלעכווייז פערנומען די סטעפּעס ארום די גרויסע טייכען פון דרום־רוסלאנד. אין דער דאזיגער געגענד האבען א צייט לאנג געהאט געבעל־הבית'עוועט די טאטערען. דאס לאנד

איז געווען שרעקליך אבגעלאזען, אבער זעהר פרוכטבאר.

די פאליאקען האבען זיך אהין געלאזען אין גרויסע מאסען און האבען אנגעהויבען דאס לאנד צו קאלאניזירען. דאס דאזיגע לאנד ארום די טייכען דניעסטער, בוג און דניעפר (איצטיגע גאליציען, וואלינער, פאדאליער, קיעווער און פאלטאווער גובערניעס), וואס האט שפעטער בעקומען דעם נאמען קליין־פוילען, איז געווען א סך גרעסער, ווי דאס אלטע גרוים־פוילען.

דאס לאנד איז קאלאניזירט געווארען פון די פוילישע מאגנאטען, און אויסערדעם האבען דא פערנומען ערד א סך פרייע קליינע ערד־בעזיצער, וואס א טייל פון זיי האט געבילדעט א געוויסע גרעניץ־וואך (די קאזאקען), וועלכע האט געשיצט פוילען פאר די אנפאלען פון די טערקען פון דער דרום־זייט (פון שווארצען ים). דעם בעסטען חלק האבען זיי אבער געמוזט אבגעבען די פוילישע מאגנאטען, וועלכע האבען אהער געשיקט זייערע פויערן און האבען זיי געלאזט בעארבייטען פאר זיך די ערד. זיי אליין פלעגען בלייבען אין זייערע גיטער, און דאס בעארבייטע לאנד פלעגען זיי אבגעבען אין ארענדע, הויפטזעכליך אידען.

די פוילישע תבואה האט געהאט א גרויסען אבזאץ אין אייראפא און די שליאכטע (די קליינע אדעללייט) האט זיך דעריבער אלץ מעהר גענומען צו לאנד־ווירטשאפט. זיי האבען ארייגענומען אין זייערע הענד דעם גאנצען תבואה־האנדעל. כדי צו האבען בילליגע ארבייטס־קראפט, האבען זיי געשטרעבט וואס מעהר ארונטערצודריקען די פויערן און צו פערגרעסערען די ארבייט, וואס זיי האבען געדארפט טהון פאר די פריצים, צו וועלכע זיי זענען געווען צוגעשריבען. זיי האבען באלד אויף זייער סיים דורכגעפיהרט א געזעץ, לויט וועלכען אלע פויערען זענען געווארען צוגעשמידט צו דער ערד. די פויערען האבען נישט געהאט קיין רעכט צו פערלאזען זייער שטעל אהן דער ערלויבניש פון פריץ און דער פריץ האט געמעגט די פויערען, וואס זענען אנטלאפען, צוריקנעהמען מיט געוואלד. אויסערדעם האבען די פויערען געמוזט ארבייטען פאר'ן פריץ עטליכע טעג אין וואך (פריהער פלעגען זיי נאר צאהלען א געוויסען צינש און פלעגען ארבייטען לויט אבמאך). יעדער פריץ איז געווארען דער שופט פון זיין געגענד און די פויערען זענען געווען אבהענגיג פון זיין משפט. די פויערען האבען קיין זאך נישט געקענט טהון געגען דעם. דער סיים איז געלעגען ביי דער שליאכטע אין די הענד. די פויערען און די שטעדטישע לייט האבען דארטען קיין פערטרעטער נישט געהאט.

אין זעכצעהנטען יאהרהונדערט זענען די פּוילישע שטעדט געװען זעהר װעניג ענטװיקעלט, הויפּטזעכליך האָבען אין די שטעדט געװאָהנט דייטשען און אידען, װאָס האָבען נישט געטאָרט קיין ערד קויפען. די שליאַכטע האָט זעהר געשטערט די ענטװיקלונג פון האנדעל און אינדוסטריע דורכדעם, װאָס זיי האָבען אַלע לאַנדװירטשאַפטליכע פּראָדוקטען געלאָזען אַרויספיהרען פון לאַנד אָהן אָבצאָהל (פּאָשלינע) און האָבען זיך געמיהט, װאָס בילינער צו מאַכען דעם צאָל־טאַריף פאַר פרעמדע סחורות, װאָס זענען אַריינגעפיהרט געװאָרען אין פּוילען, װי זיידענשטאָפען, געװעהר, לוקסוס־אַרטיקלען און אַנדערע געברויכס־אַרטיקלען. דער מקח פון תבואות איז שטאַרק געשטיגען (װייל אין לאַנד איז געבליבען װעניג סחורה). אָבער דורכדעם, װאָס מען האָט אין לאַנד אַריינגעלאָזען פריי פרעמדע סוחרים מיט זייערע סחורות, האָט זיך אין פּוילען נישט געקענט ענטװיקלען אַ אייגענע האַנדעלס־ און האַנדװערקער־קלאַס.

די איינצעלנע קלאַס, װאָס האָט נאָך געהאַט אין פּוילען געװיסע רעכט, אויסער דער שליאַכטע, זענען געװען די קאַטוילישע גייסטליכע. אָבער דערמיט איז די שליאַכטע געװען שטאַרק נישט צופריעדען, און זי האָט זיך דעריבער שטאַרק פעראינטערעסירט מיט דער רעפאָרמאַציע. אָננעהמענדיג דעם פּראָטעסטאַנטישען גלויבען, האָבען זיי געקענט קאָנפיסקירען די קאַטוילישע נחלאות און צונעהמען פאַר זיך דעם מעשר, װאָס די פויערען פלעגען צאָהלען דער קירך. בעזונדערס פערשפּרייט איז צװישען דער פּוילישער שליאַכטע געװען דער קאַלװיניזם, װייל דאָ האָבען זיי געקענט שפּיעלען אַ גרויסע ראָליע אַלס „עלטעסטע“ (פּרעסביטעריאַנער) אין דער געמיינדע, הויפּטזעכליך האָט זיך די פּוילישע רעפאָרמאַציע ענטװיקעלט אין דער רעגירונג פון זיגמונד אויגוסט II (1548—1572). מען האָט געװאָלט דורכפיהרען אַ גרינדליכע רעפאָרם פון דער גאַנצער מלוכה־אָרדנונג: דורכפיהרען אַ שטרענגע צענטראַליזאַציע (פעראייניגונג אין איין אָרט) פון די איינצעלנע פּראָװינצען, װאָס זענען כמעט זעלבסטשטענדיג, און הויבען דעם אויטאָריטעט פון סיים. די דעפּוטאַטען פון סיים האָבען געװאָלט בעקומען מעהר מאַכט. פריהער זענען זיי נאָר געװען בעפאָלמעכטיגטע פון די 30 סיימיקעס, און פלעגען נישט טאָרען האָבען אַ אייגענע מיינונג, נאָר דורכפיהרען די אינסטרוקציעס, װאָס די סיימיקעס האָבען זיי געגעבען. איצט האָט מען געװאָלט מאַכען פון סיים אַ ריכטיגען פּאַרלאַמענט, װאו די דעפּוטאַטען זאָלען קענען פריי אַרבייטען אַלס די ריכטיגע

פערטרעטער פון פאלק, און בעשליסען אלע פראגען לויט א מעהרהייט שטימען.

אויסערדעם האט מען געוואלט פערשטארקען די מאכט פון קעניג און פערנעהמען די פינאנסען פון דער מלוכה דורך ידער קאנפיסקאציע פון די קירכען-גיטער.

די דאזיגע רעפארם האט זיך אבער נישט איינגעגעבען. פראטעסטאנטען זענען אין פוילען געווען אין זעהר א קליינער צאהל, און זענען נאך א חוץ דעם צופאלען אויף פערשיעדענע סעקטעס. די קאטוילישע גייסטליכע האבען אפילו געוואלט זיך אבשיידען פון רוים, אבער זייערע נחלאות האבען זיי נישט געוואלט אנוועהרען. די גרעסטע געגנער פון דער רעפארם זענען געווען די גרויסע מאגנאטען, וואס האבען נישט געוואלט צולאזען, אז די מאכט פון קעניג זאל זיך פערשטארקען.

אין זיגמונד II רעגיערונג איז פארגעקומען נאר איין וויכטיג געשעהעניש: פוילען און ליטא האבען זיך פעראייניגט. ביידע מלוכות האבען פון איצט אן געהאט איין סיים, איין קעניג, האבען די אויסערליכע פאליטיק געפיהרט צוזאמען, אבער די אינווענייגסטע אנגעלעגענהייטען האט יעדע מלוכה געפיהרט פאר זיך מיט אן׳אייגענער פערוואלטונג. די דאזיגע פעראייניגונג ווערט אנגערופען לובלינער אייניגע, ווייל זי איז געווארען בעשלאסען אויפ׳ן לובלינער סיים פון יאהר 1569.

זיגמונד אויגוסט האט נישט איבערגעלאזען קיין קינדער. מיט איהם איז אויסגעשטארבען די דינאסטיע פון די יאגעלאנען. פוילען איז געווארען א וואהל-מלוכה. די קעניגען האבען שוין איצט נישט מעהר איבערגעלאזען די מלוכה זייערע קינדער בירושה, נאר יעדעס מאל, ווען דער קעניג איז געשטארבען אדער האט זיך אבגעזאגט פון טהראן, פלעגט מוזען ווערען געוועהלט א נייער קעניג.

דאס רעכט צו וועהלען דעם קעניג האט נאר געהאט די שליאכטע און די שליאכטע פלעגט אויסנוצען די וואהלען, כדי אויסצודינגען ביי די קאנדידאטען, וואס האבען זיך געניטיגט אין זייערע שטימען, פריווילעגיעס פאר זיך. אייגענטליך איז פוילען פון 1573 אן געווארען א רעפובליק (רזעטש פאספאליטא) מיט א לעבענסלענגליכען פרעזידענט, וואס זיינע רעכט זענען געווען זעהר בעגרענעצט. דער פראנצויזישער פרינץ היינריך וואלוא, וועלכער איז געווען דער ערשטער פוילישער געוועהלטער קעניג

(וואס איז באלד אנטלאפען צוריק קיין פראנקרייך), האט זיך געמוזט מתחייב זיין, נישט צו ערקלערען קיין מלחמה און נישט צו שליסען קיין שלום אהן דער הסכמה פון סענאט, ד. ה. פון די מאגנאטען און עפיסקאפען. די ארמעע האט ער געמוזט אויסהאלטען אויפ'ן אייגענעם חשבון. צווישען קעניג און דער שליאכטע פלעגט געשלאסען ווערען אין א געוויסען זין א פשוט'ער אפמאך לויט גאנץ געוויסע בעשטימטע בעדינגונגען.

פוילען איז פערבליבען ווי פריהער א בונד פון פרייע פראווינצען (וואעוואדסטוועס), וואס פלעגען שיקען צום סיים זייערע דעפוטאטען מיט געוויסע אינסטרוקציעס, ווי איצט צ. ב. שיקען די מלוכות זייערע פערטרעטער אויף אינטערנאציאנאלע פאסאלען־קאנפערענצען. יעדער פראיעקט האט געמוזט ווערען אנגענומען איינשטימיג, א מעהרהייט שטימען איז נישט געווען גענוג. די מינדערהייט, וואס איז נישט געווען צופריעדען מיט דער מיינונג פון דער מעהרהייט, האט געקענט פערלאזען דעם סיים און מבטל מאכען אלע בעשלוסען. עס איז געקומען אזוי ווייט, אז יעדער איינציגער שליאכציץ, וואס ס'איז איהם נישט געפעלען דער בעשלוס פון סיים, האט געקענט זיך אוועקשטעלען און זאגען: ניע פאזוואליאם — איך ערלויב נישט — און אלע בעשלוסען פון סיים זענען געווארען בטול ומבוטל. דאס האט מען אנגערופען „די גאלדענע פרייהייט פון דער שליאכטע".

באמת האבען דאס רעדעל אויפ'ן סיים געפיהרט די גרויסע מאגנאטען, אין זייערע גרויסע גיטער און הויפען האבען געלעבט מאסען ארעמע שליאכציצעס, וואס זענען געווען אינגאנצען אבהענגיג פון זיי. אט די טעלערלעקערס און חונפים זענען אלע מאל געווען אויף זייער זייט און האבען מיט סקאנדאלען און סטראשונקעס דורכגעפיהרט, וואס די מאגנאטען האבען פערלאנגט.

ווען מען האט אויפ'ן סיים נישט געקענט דורכפיהרען א געוויסען פראיעקט, ווייל ס'איז נישט געווען פאר איהם קיין איינשטימיגקייט, פלעגט מען מאכען קאנפעדעראציעס, ד. ה. בעוואפענטע בונדען. דאס האט אויך געהערט צו דער גאלדענער פרייהייט פון דער שליאכטע. יעדער שליאכציץ האט, לויט דער דאזיגער פארשטעלונג, געמעגט זיך אנטקעגענשטעלען מיט געוואלד די מלוכה = אנגעשטעלטע און מאכען א בונט (ראקאש) ווען ער האט איינגעפונען, אז זייערע מעשים זענען אונגעזעצליך. די ערשטע קאנפעדעראציע האבען געמאכט די פוילישע פראטעסטאנטען גלייך ווי זיגמונד אויגוסט איז געשטארבען און מען האט געדארפט

וועהלען א נייעם קעניג. זיי האבען געצוואונגען דעם סיים צושטעלען דעם קעניג היינריך וואלוא די בעדינגונג, אז ער זאל זיי גאראנטירען גלויבענס-פרייהייט. היינריך וואלוא האט געמוזט שווערען, אז ער וועט די פראטעס-טאנטישע אמונה נישט שטערען, אבער א געזעץ וועגען גלויבענס-פריי-הייט האט דער סיים נישט ארויסגעגעבען.

## די קאטוילישע רעאקציע אין פוילין.

דער פראטעסטאנטיזם אין פוילען איז געווען שטארק פערבינדען מיט די פאליטישע רעפארם-שטרעבונגען, און ווען די רעפארמען האבען זיך נישט איינגעגעבען, האט דער פראטעסטאנטיזם אנגעהויבען צו פאלען. די שליאכטע האט שוין געהאט קיין אינטערעסע צו שטיצען די רע-פארמאציע. בלייבענדיג ביי דער קאטוילישער אמונה, האבען זיי געקענט א סך מעהר געווינען. אין יאהר 1587 האט מען אויסגעקליבען אלס קעניג דעם שוועדישען פרינץ זיגמונד III, וואס איז געווען א פאנאטישער קא-טאליק און האט געוואלט נאכטהון פהיליפ דעם צווייטען פון שפאניען. כדי צו שטיצען די קאטוילישע אמונה, האט ער פערטיילט צווישען די קאטוילישע שליאכציצעס גרויסע נחלאות, און האט זיי געגעבען די בעס-טע שטעלעס און פענסיעס.

אין פוילען האבען זיך בעוויזען די יעזואיטען, זיי האבען אין גאנצען לאנד געעפענט שולען און האבען אריינגענומען אין זייערע הענד די ער-ציהונג פון דער אריסטאקראטישער יוגענד. זיי האבען אויפגערייצט די קאטוילישע מאסע געגען די פראטעסטאנטען, געגען וועלכע עס האבען זיך באלד אנגעהויבען מורא'דיגע רדיפות. מען האט די פראטעסטאנטען גע-הרג'עט, זייערע קירכען צושטערט און פערברענט, זייערע פראצעסיעס צו-טריבען.

די יעזואיטען האבען איינגעפיהרט א שטרענגע צענזור, ווי אין שפאניען. אלע פראטעסטאנטישע דרוקערייען האט מען פערמאכט. די פוילישע ליטעראטור, וואס האט זיך אין 16-טען יאהרהונדערט אויסגע-צייכענט מיט איהר ריינקייט אין געדאנקען און מיט איהר פרייער וועלט-אנשויאונג, איז איצט געווארען פוסט און ארעם, זי האט נאר געזונגען סה-יפית לויבער די יעזואיטען און מאגנאטען, ביי וועמען זי איז געווען אין גאנצען פערשקלאפט. כדי צו פערשטארקען די מאכט פון פאפסט, און אבצושוואכען די פראוואסלאוויע (דעם גריכיש-קאטוילישען גלויבען) האבען

די יעזואיטען געגרינדעט אין דער „בריסקער אוניע" (אין יאהר 1596) די אוניאטישע קירך.

די אוניאטישע קירך האט אנערקענט די אויבערהערשאפט פון רוימישען פאפסט, זי איז אבער געבליבען ביי די אלע צערעמאניעס פון דער פראוואסלאווער אמונה. דערמיט האבען די יעזואיטען געוואלט צוציהען צו רוים די רוסישע פראוואסלאוונע.

אבער מיט זייער דאזיגער פאליטיק האבען זיגמונד און די יעזואיטען פוילען אונגליקליך געמאכט.

ווען זיגמונד איז געווארען קעניג, האט זיך פוילען געפונען אין זעהר א גוטער לאגע. אין מאסקווא זענען צו דער צייט געווען בונטען (נאכ'ן טויט פון איוואן גראזני) און זיגמונד האט לייכט געקענט אויסנוצען די אונרוהען פאר זיך און מאכען מאסקווא אבהענגיג פון פוילען. אבער זיין קאטוילישער פאטריאטיזם האט אלץ פערדארבען.

מיט זיין פאנאטיזם האט ער אין שוועדען, (וואס האט געהערט צו איהם), ארויסגערופען א רעוואלוציע, ער האט די שוועדישע קרוין אנגעווארען און האט אריינגעשלעפט פוילען אין א מלחמה, נאך וועלכער פוילען האט פערלוירען ליפלאנד.

צוליעב דעם זעלבען טעם האט זיך נישט איינגעגעבען זיין פאליטיק אין רוסלאנד. דורך זיין אפענער קאטוילישער פראפאגאנדא האט ער אבגעשראקען די פראוואסלאוונע גייסטליכע, וועלכע האבען געהאט ביי די וואהלען א גרויסע דעה, און מען האט געוועהלט א רוסישען פירשט. פוילען האט ווידער געמוזט פיהרען מלחמה מיט רוסלאנד, און איז געווארען זעהר אבגעשוואכט. באלד נאך זיגמונד'ס III טויט האבען זיך אנגעהויבען גרויסע קאזאקען־אונרוהען.

די קאזאקען האבען געוואהנט אויפ'ן דרום־מזרח־גרענעץ פון דער פוילישער מלוכה, אין דער איצטיגער אוקראינא. זיי האבען געהאט בעקומען אייגענע ערד און האבען דערפאר אבגעהיט די פוילישע מלוכה פאר אנפאלען פון די טערקען און די קרימער טאטארען. אבער א חוץ די „בעזעצטע" קאזאקען זענען נאך געווען א סך „פרייע קאזאקען". זיי האבען זיך בעזעצט אויף די אינזלען און פעלזען פון אונטערשטען דניעפר (אויף די אזוי גערופענע פאראגעס „זאפאראזשסקאיא סיעטש") און האבען דארטען געגרינדעט א פרייע סאלדאטען־רעפובליק מיט אנ'אייגענער פערוואלטונג. די פאראגעס זענען געווארען א מין ערי־מקלט פאר קאזאקען, וואס האבען נישט געהאט קיין איי־

נען לאנד. פאר פויערן, וואס זענען אנטלאפען פון די גוטס־בעזיצער, פאר פראוואסלאווגע, וואס זענען אונטערדריקט געווארען פון די קאטאליקען און איניאטען, און בכלל פאר יעדען גוטען ברודער, וואס האט ליעב גע־האט א פריי לעבען און פרעהליכע חברה. צו געוויסע צייטען פלעגט מען בחבורותא ארויסגעהן פון די פאראגעס און בעפאלען די טערקישע שיפען אויפ'ן שווארצען ים אדער די קרימער טאטארען, אוועקרויבען אלץ וואס האט זיך געלאזט און — אומגעקעהרט זיך צוריק אין „סיעטש", וואו מען האט פערבראכט דעם טאג מיט טרינקען, זינגען און טאנצען. קיין פרויען האט מען אין דער סיעטש נישט צוגעלאזען.

די דאזיגע אנפאלען פון די קאזאקען פלעגען אריינפיהרען פוילען אין איביגע מלחמות מיט די טערקען און טאטארען, ווייל די קאזאקען האָ־בען זיך גערעכענט פאר פוילישע אונטערטאנען, חאטש פאקטיש זענען זיי געווען פריי און האבען די פוילישע געזעצען נישט אנערקענט.

די פוילישע מלוכה האט דעריבער געוואלט ארייננעהמען די זאפא־ראזשעצעס אביסעל שטרענגער אין האנד, זי האט איינגעפיהרט א רעגיס־טראציע פון די קאזאקען, כדי צו פערקלענערן זייער צאהל און נישט צו־צולאזען קיין נייע, און האט פון זיי געפאדערט, אז זיי זאלען אויפהערען בעפאלען די טערקען.

די פוילישע מאגנאטען פון זייער זייט האבען געוואלט מבטל מאכען דעם סיעטש, וואו ס'פלעגען אנטלויפען זייערע פויערען, און האבען נישט געוואלט צולאזען די פרייע קאזאקען זיך צו בענוצען מיט די אונבעארבייטע פעלצער. די מאגנאטען האבען זיך בכלל אין יענע געגענדען געפיהרט ווי אמת'ע מלכים. זיי האבען געבויט גאנצע שטעדט און האבען פערלאנגט פאר זיך צינש.

דאס האט ארויסגערופען געגען זיי א שטארקע אונצופריעדענהייט.
די קאזאקען האבען אנגעהויבען צו בעפאלען די פריצישע הויפען און שלעסער. זיי האבען זיך באלד פעראייניגט מיט די שטעדטישע קאזאקען, וואס זענען אויך נישט געווען צופריעדען מיט דער פוילישער אריסטא־קראטיע, און האבען אויפגערייצט די פויערען און די אוקראינישע רוסי־נער. — אין נאמען פון דער פראוואסלאווגער אמונה האבען זיי געמארדעט און געברענט, וואס זיי האבען געטראפען אויף זייער וועג. דאס איז געווען ידער ענטפער אויף דער לייכטזיניגער און קורצזיכטיגער פאליטיק פון דער פוילישער שליאכטע און פון די יעזואיטען.

דעם גרעסטען כעס האבען די קאזאקען אויסגעלאזען צו אידען. די

פוילישע מאגנאטען, וואס האבען אויסגעפוירט אין דער אוקראינא גאנצע שטעדט און דערפער, פלעגען על פי רוב בלייבען בײַ זיך אין דערהײַם און אלס פערוואלטער פלעגען זײַ ארײַנזעצען אידען. די אידען האבען געהאל־טען אין ארענדע די פריצישע הויפען, מיהלען, קרעטשמעס, זײַ פלעגען אב־דינגען די טײַכען און אזיערעס, און די פערשידענע אײַנקונפטען, ווי דעם צינש און די אבגאבען פון די פויערען. זײַ פלעגען אפילו אבדינגען די פראוואסלאווניע קירכען, און פלעגען זיך לאזען צאהלען פאר דער בענוצונג פון די קירכען, פאר טויפען, פאר הזכרות א. א. וו. די פוילישע פריצים האבען פון זײַ פערלאנגט גרויסע דירה־געלד, פלעגען יעדעס יאהר געבען הוספות אויף דער ארענדע, און די אידען האבען פון זײער זײַט געמוזט אלץ מעהר דריקען און שטיקען דעם פויער. מען מוז אבער צוגעבען, אז צווישען די דאזיגע אידען־ארענדארען, וואס האבען געלעבט ווײַט פון די גרויסע אידישע צענטערס און פון א מקום־תורה, אז אין די דאזיגע אבגעלעגענע ישובים פון דער אוקראינא האבען זיך געפונען א סך אידען, וואס האבען די פויערען שוין צופיעל געדריקט און פלעגען אפטמאל פון זײַ פערלאנגען מעהר ווי דער פוילישער פריץ האט געהאט בעשטימט. לויט געזעץ איז דער פריץ געווען דער ריכטער איבער זײַנע פויערן, און ווען דער פוילישער מאגנאט האט פערדונגען זײַן הויף אדער דארף א אידען, איז דער איד געווארען דער פאקטישער הארר איבער די פויערען און האט אפילו בעקומען דאס רעכט זײַ צו משפט'ן.

צוליעב די דאזיגע ארענדארען און ישוב'ניקעס פון דער אוקראינא האבען זיך איצט אנגעהויבען אונברחמנות'דיגע רדיפות און הריגות אויף אידען. א פאר מענשען האבען געהאט געזינדיגט, און דער צארן האט זיך אויסגעגאסען אויף אלע אידישע קהלות פון פוילען, וואהלין און ליטא.

די שרעקליכסטע שחיטות זענען פארגעקומען אונטער דעם קאזאקען־אטאמאן באגדאן חמעלניצקי. אין נ ע מ י ר א וו אליין האבען זײַ אויסגע־הרג'עט זעקס טויזענד אידען, — אין וואהלין און פאדאליער גובערניעס זע־נען אינגאנצען געבליבען 10% אידען. די איבעריגע זענען פון חמעלניצ־קי'ס האידאמאקען אויסגעהרג'עט געווארען. א סך אידען זענען אנטלא־פען אין מערב־אייראפא.

ווי נאך גלות־ספרד זענען די וועגען געווען פול מיט וואנדערנדיגע שפאנישע אידען, אזוי האט מען איצט אומעטום געטראפען אבגעריסענע הונגעריגע פוילישע אידען, וואס האבען זיך קוים געראטעוועט מיט'ן לע־בען און זענען ווי משוגענע געלאפען, נישט וויסענדיג וואוהין. חמיעל־

ניצקי'ס שחיטות אָדער גזרת ת"ח האָבען געדויערט 14 יאָהר נאָכאַ־
נאַנד און האָבען געמאַכט אַ תל פון די מעהרסטע אידישע קהלות אין
פּוילען, וואָהלין און ליטאַ.

די מהומה האָט נאָך לאַנג געדויערט. אויף ביידע זייטען האָט מען
געקעמפּפט מיט אַ אונגעוועהנליכער פערביטערטקייט. די גאַנצע שליאַכ־
טע האָט זיך גענומען צו די וואָפען. זי איז שוין געווען גרייט צו מאַכען
הנחות די קאָזאַקען־קאָלאָניסטען, אָבער מיט דעם תנאי, אַז די אַנטלאָ־
פענע פּויערן זאָל מען אומקעהרען זייערע בעלי־הבתים. איהר גליק איז גע־
ווען, וואָס צווישען די קאָזאַקען אליין איז אויך נישט געווען קיין גרויסע
אחדות. די אַזוי גערופענע עלטסטע (סטאַרשיני) זענען לויט זייער ווירט־
שאַפטליכער לאַגע געשטאַנען נעהנטער צו די פּוילישע פּריצים, ווי צו
די פּויערן. דאָס האָט די שליאַכטע געראַטעוועט. ווען די אוקראַינער קאָ־
זאַקען־קאָלאָניסטען האָבען בעקומען געוויסע הנחות, האָבען זיי אַוועק־
געוואָרפען די אָרעמע פּויערן, מיט וועלכע די פּריצים האָבען זיך שוין
געקאָנט לייכט אָברעכענען. די מלחמה האָט אָבער פּוילען געקאָסט זעהר
טייער. אויסער דער אַלגעמיינער אָבשוואַכונג און מאַסען מענשליכע
קרבנות, האָט פּוילען פערלוירען אַ העלפט אוקראַינאַ, וואָס איז איבער־
געגאַנגען צו רוסלאַנד (אין יאָהר 1648).

---

### זעקסטעס קאַפּיטעל.

# די ענטשטעהונג פון דער ביוראָקראַטי־שער מלוכה. דער אַבסאָלוטיזם.

אין דער עפּאָכע פון דער רעפאָרמאַציע און קאַטוילישער רעאַקציע
האָט זיך אין מערב-איירופּאַ בּיסלעכווייז אויסגעבּילדעט די גאַנצע מלוכה־
אָרדנונג. אין 14־טען און 15־טען יאָהרהונדערט האָבען די מלכים נישט
געקיניגט זעלבּסטשטענדיג. אין יעדען לאַנד איז אויסער דעם קעניג געווען
אַ מין פּאַרלאַמענט, וואו עס זענען געזעסען פערטרעטער פון פערשיעדענע
שטאַנדען, און וואָס אָהן זייער הסכמה האָט דער קעניג נישט געקענט
אונטערנעהמען קיין מעהר וועניגער וויכטיגען שריט. די דאָזיגע פערטרע־
טונגען האָבען געהאַט פערשיעדענע נעמען (אין שפּאַניען און פּאָר־
טוגאַל זענען געווען די קאָרטעסען, אין ענגלאַנד און שאָטלאַנד האָבען
זיי געהייסען פּאַרלאַמענט, אין פראַנקרייך—גענעראַל־שטאַטען, אין דייטש־

לאַנד—לאַנדסטאַג, אין פּוילען — סיים, און רוסלאַנד—דומע), האָבען גע־האַט פערשידענע איינריכטונגען, אָבער אין עיקר—זענען אַלע דאָזיגע פערטרעטונגען געווען גלייך: דאָס איז געווען אַ געמיינזאַמע הערשאַפט פונ'ם קעניג און די פאָלקס־פערטרעטער. די פאָלקס־פערטרעטונגען האָבען געמוזט געבען זייער הסכמה אויף נייע געזעצען, אויף אָבצושאַפען אַלטע געזעצען, אויף איינצופיהרען נייע אָבצאָהלונגען א. א. וו. די ראָליע, וואָס די פערטרעטונגען האָבען געשפּיעלט, און די בעציהונגען צווישען זיי און דעם מלך זענען אויך געווען אין יעדען לאַנד אַנדערע. אין פראַנקרייך צ. ב. האָבען די גענעראַל־שטאַטען קיינמאָל קיין גרויסע ראָליע נישט גע־שפּיעלט, מען פלעגט זיי זעהר זעלטען צוזאַמענרופען, אין ענגלאַנד האָט דער פּאַרלאַמענט געהאַט אַ גרויסע דעה, און אין פּוילען, ווי מיר האָבען געזעהען, האָט דער סיים געהאַט די גאַנצע ממשלה און איז געווען אַ סך שטאַרקער פאַר'ן קעניג. אָבער דאָס זענען אַלץ נאָר געווען פערשידענע ענטוויקלונגען פון איין מלוכה־אָרדנונג: אין איין לאַנד האָט זי זיך מעהר געבויגען אין דער זייט פון אַ ריינער מאָנאַרכיע (זעלבסטהערשאַפט), אין אַן'אַנדער לאַנד צו אַ רעפּובליק. אין אַ סך לענדער האָט מען אפילו דעם קעניג גע ווע הלט. אַזוי איז געווען אין סקאַנדינאַוויען, אַ צייט לאַנג אין דייטשלאַנד און שפּעטער אין פּוילען.

אָנשטאַט דער דאָזיגער בעגרענעצטער מלוכה האָט זיך איבט אָנ־געהויבען צו ענטוויקלען די אַבסאָלוטע מלוכה, די זעלבסטהערשאַפט פון מאָנאַרך.

צוערשט האָט זיך דער אַבסאָלוטיזם ענטוויקעלט אין איטאַליען, וואו ס'האָבען זיך פריהער ווי אומעטום בעוויזען זעלבסטהערשער מיט אַנ־אונבעגרענעצטער מאַכט. די סבות פאַרוואָס די שטאַנדען־פערטרעטונגען זענען געפאַלען און עס האָט זיך אומעטום ענטוויקעלט אַן'אַבסאָלוטע זעלבסטהערשאַפט, זענען אומעטום געווען די זעלביגע. ערשטענס, האָבען זיי די ברייטע פאָלקס־מאַסען נישט געשיצט, וועיל זיי זענען און זיי נישט געווען פערטרעטען און האָבען דעריבער נישט געהאַט קיין אינטערעסע, אַז זיי זאָלען בלייבען, און, צווייטענס, האָבען די שטאַנדען, וואָס האָבען יאָ געהאַט פערטרעטער אין די פּאַרלאַמענטען, אייביג מלחמה געפיהרט צווישען זיך און דערמיט האָבען זיי זיך אַליין אָבגעשוואַכט. פערטרעטער האָבען נאָר געקענט שיקען די דריי העכערע קלאַסען: די גייסטליכע, דער אַדעל און די רייכע בירגערשאַפט (בורזשואַזיע). אָבער דער אַדעל האָט קיינמאָל נישט געוואָלט אַנערקענען די בורזשואַזיע פאַר אַ גלייכען שטאַנד

ווען מען האט אין פראנקרייך (אין יאהר 1614) צונויפגערופען די גענעראל-שטאטען, האט זיך באלד ארויסגעוויזען, ווי גרויס די שנאה איז צווישען די ביידע קלאסען און אז עס קען גאר קיין רייד נישט זיין וועגען א בשותפות'דיגער רוהיגער ארבייט. די פערטרעטער פון דער בורזשואזיע האבען פערגליכען די מלוכה מיט א פאמיליע פון דריי ברידער און האבען געזאגט, אז אפטמאלס ווערט א הויז, וואס איז געווארען צושאנד דורך דעם עלטערען זוהן (ד. ה. די העכערע קלאסען), ווידער אויפגעריכט דורך דעם יונגסטען זוהן. דאס האט דעם אדעל שרעקליך אויפגעבראכט. „מיר ווילען נישט דערלאזען—האבען זיי געשריען—אז זיהן פון שוסטערס זאלען אונז אנרופען ברידער, צווישען אונז און זיי איז אזא גרויסער חלוק, ווי צווישען דעם האר און זיין לאקיי". די פראנצויזישע מלוכה האט זיך בענוצט מיט די רייסענישען צווישען די קלאסען און האט ארייננענומען די גאנצע ממשלה אין איהר אייגענער האנד. ביז צו דער פראנצויזישער רעוואלוציע האט מען שוין די „שטאטען" נישט מעהר צונויפגערופען.

אלע מלוכות, וואו עס האט זיך ענטוויקעלט דער אבסאלוטיזם, ווייזען אויף פאלגענדע חאראקטעריסטישע שטריכען:

1) אין די פראטעסטאנטישע לענדער איז די קירך אין גאנצען אונטערגעווארפען דער מלוכה, אין קאטוילישע לענדער געהט די מלוכה האנד אין האנד מיט דער קאטוילישער קירך, געגען די פירשטען.

2) די מלוכות נעהמען ביי דער אריסטאקראטיע אב די פאליטישע רעכט, אבער זייערע געזעלשאפטליכע און ווירטשאפטליכע פריווילעגיעס לאזען זיי זיי איבער. דער אדעל האט נאך אלע זיינע פריהערדיגע פעאדאלע רעכטען און די ממשלה איבער די פויערען.

3) די גאנצע רעגירונג ווערט צענטראליזירט. ד. ה. אלץ ווערט געפיהרט פון דער רעזידענץ. די גאנצע ממשלה ליגט אין איין האנד — ביי'ם קעניג, וועלכער הערשט דורך זיינע מיניסטער-קאנצעלאריעס און פעשטימטע בעאמטע. (ביוראקראטיזם).

אומעטום פיהרט מען איין א שטענדיגע רעגולערע ארמעע. אנשטאט די פריהערדיגע געדונגענע.

5) די פראווינצען ווערען פערוואלטעט דורך בעאמטע, וואס ווערען בעשטימט פון קעניג. אויסערדעם שיקט מען אין פראווינץ רעוויזארען, וואס דארפען נאכזעהען, אויב אלץ פיהרט זיך אין ארדנונג, לויט די בעשטימונגען פון די רעגירונגען. די רעוויזארען אדער אינטענדאנטען (ווי

מען האָט זיי אַנגערופֿען אין פֿראַנקרייך) האָבען געהאַט זעהר ברייטע פּאָלמאַכטען. זיי האָבען געמעגט מאַכען אונטערזוכונגען און אַרעסטירען די שולדיגע בעאַמטע, קאָנטראָלירען די גערייכטס-פּאַלאַטען און שטעדטי-שע מאַגיסטראַטען. זיי האָבען געדאַרפֿט אַכטונג געבען, אויף מען צאָהלט אויס פּינקטליך דאָס געהאַלט, הויפּטזעכליך דעם מיליטער, אַז אומעטום זאָל זיין גענוג עסענוואַרג און אַז עס זאָל נישט אויסבּרעכען קיין הונגער.

די אינטענדאַנטען, וואָס האָבען אַפֿילו קאָנטראָלירט די גובּערנאַ-טאָרען, פֿלעגט מען געוועהנליך בעשטימען פֿון מיטעלען קלאַס (בּורזשוּ-אַזיע) אָדער פֿון אָרעמען אָדעל, כּדי זיי זאָלען אינגאַנצען זיין אָבּהענגיג פֿון דער רעגירונג. דער אינטענדאַנט איז געשטאַנען אין אַ דירעקטער פֿערבינדונג מיט דער רעגירונג, פֿלעגט איבּער אַלץ אָבּגעבען אַ בּעריכט און אומליכם מאָל בעקומען נייע אינסטרוקציעס. די דאָזיגע נייע פֿער-וואַלטונג, הויפּטזעכליך, די רעגולערע אַרמעע, האָט געפֿאָדערט אַ סך געלד. די מלוכה האָט געמוזט זעהען קריגען גרעסערע הכנסות, און דאָס האָט געפֿיהרט דערצו, אַז עס האָט זיך כּמעט אין אַלע מאָנאַרכישע מלוכות ענטוויקעלט אַ נייע ווירטשאַפֿטליכע פּאָליטיק, וואָס האָט גע-שטרעבט צו פֿערגרעסערען די הכנסות פֿון דער מלוכה.

די דאָזיגע פּאָליטיק הייסט מערקאַנטיליזם, ווייל זי האָט הויפּטזעכליך געשטרעבט צו ענטוויקלען דעם האַנדעל (מערקאַנטיל — סוחריש).

דער הויפּט-געדאַנק פֿון דעם מערקאַנטיליזם איז געוועזען, אַז דער גאַנ-צער רייכטהום פֿון לאַנד ליגט אין די סומעס בּאַרע געלד, וואָס עס האָט. אין 16-טען יאָהרהונדערט איז שפּאַניען געוועזען איינע פֿון די שטאַרקסטע מלוכות, ווייל אין לאַנד איז אַריין אַ סך גאָלד און זילבּער, און דעריבּער האָבען אַלע אַנדערע מלוכות אָנגעהויבען זאָרגען, אַז אין זייער לאַנד זאָל אויך אַריינגעהן וואָס מעהר געלד. הויפּטזעכליך האָט מען געזעהען, אַז די מלוכה-קאַסע זאָל זיין פֿול. דער בעסטער מיטעל דערצו איז געוועזען, וואָס מעהר סחורה אַרויסצופֿיהען און וואָס וועניגער סחורה אַריינצופֿיה-רען (צו קויפֿען אין דער פֿרעמד), ווייל אויף אַזאַ אופֿן האָט דאָס לאַנד איינגענומען מעהר געלד, ווי עס האָט אויסגעגעבען. און אַז מען וויל וואָס מעהר פֿערקויפֿען און וואָס וועניגער קויפֿען, האָט מען געמוזט אונטער-שטיצען דעם היימישען האַנדעל. דער מערקאַנטיליזם האָט דעריבּער שטאַרק פּראָטעזשירט דעם האַנדעל. מען האָט איינגעפֿיהרט אַ שוץ-צאָל אויף פֿרעמדע סחורות, ווען זיי זענען געוועזען בּיליגער פֿאַר היימישע, און

דאס האט אריינגעבראכט דער מלוכה־קאסע אסך געלד. די לאנדווירטשאפט האט מען דאגעגען אין גאנצען פערנאכלעסיגט. דער מערקאנטיליזם האט נאר געבראכט נוצען די רייכע אונטערנעהמער, די פויערן־קלאס איז אלץ מעהר געווארען פעראָרעמט.

בכלל האט דער מערקאנטיליזם נישט פערשטאנען, אז א מלוכה קען האבען א פולע קאסע און א אָרעם לאנד. אז דער עיקר רייכטהום פאר א לאנד איז נישט דאס מזומן געלד, נאר דער וואוילשטאנד פון דער בעפעלקערונג, די גלייכמעסיגע ענטוויקלונג פון אלע פראדוקציאנס־צווייגען און אז די נאטירליכע אוצרות פון לאנד טארען נישט ווערען נאר אויסגענוצט, כדי צו בעקומען וואס מעהר געלד, נאר זיי מוזען ווערען געהיט, ענטוויקעלט און פערבעסערט, כדי זיי זאלען זיך קיינמאל נישט אויסשעפען. וואס פאר א ווערט עס האט פאר׳ן לאנד א פולע קאסע, האט שפעטער בעוויזען שפאניען, וואס איז, נישט קוקענדיג אויף איהרע שיפען מיט גאלד און זילבער, אלץ מעהר געפאלען. די איינזייטיגע פאליטיק פונ׳ם מערקאנטיליזם האט געבראכט דערצו, אז די פרייזען אויף מאנופאקטור־סחורות זענען מורא׳דיג געשטיגען און דער מקח פון תבואות איז געפאלען (ווייל מען האט די תבואה נישט געטארט ארויספיהרען פון לאנד און די פויערן האבען אלץ געמוזט פערקויפען אין לאנד גופא), אז דער גאנצער רייכטהום האט זיך אנגעקליבען אין די הענד פון די גרויסע קאפיטאליסטען, און פון דער אנדערער זייט האט זיך געבילדעט א גרויסע אָרעמע ארבייטער־קלאס, און דאס האט שפעטער געפיהרט צו גרויסע ווירטשאפטליכע קאנפליקטען.— (אויספיהרליכער איבער דעם מערקאנטיליזם וועלען מיר רעדען אין קומענדיגען טייל).

צוזאמען מיט דער אבסאלוטיסטישער מאנארכיע האט זיך ענטוויקעלט דאס לעבען ביי׳ם קעניגליכען הויף. עס איז געווארען רייכער, פרעהליכער, מיט מעהר שטאט און פאמפ. הונדערטער יונגע לייט און דאמען פון אדעל זענען געווען גליקליך, ווען זיי האבען געהאט די זכיה אנצוקומען אין הויף אלס פאזשען אדער פרייליינס אונטערצוהאלטען דער קעניגינס שלעפע. ארום קעניג דרעהט זיך א גאנצע סוויטע פון הויכע בעאמטע, וואס ווארטען נאר אויף א וואונק פון איהם. דעם ערשטען ביישפיעל פון א ברייטען הויף־לעבען האבען געגעבען די איטאליענישע פירשטען, וואו מען האט אפילו אין וואטיקאן (אין הויף פון פאפסט) איינגעפיהרט גרויסע בעלער מיט הערן און דאמען־געזעלשאפט. איטאליען האט דעמאלט אנגעגעבען דעם טאן אין אלע געזעלשאפטליכע פראגען

איטאליעניש איז געווען די געזעלשאפט־שפראך פון אלע געבילדעטע, ווי שפעטער פראנצויזיש. דער קעניג פראנציסק I האט אין יעדער זאך גע־וואלט נאכטהון די איטאליענישע פירשטען. צו דעם צוועק האט ער איינ־געלאדען צו זיך דעם איטאליענישען קינסטלער לעאנארדא דא ווינצי, — אין זיין הויף זענען פארגעקומען אפטע פערוויילונגען, און ער האט נישט געקארגט קיין הוצאות, כדי זיי זאלען זיין מיט וואס מעהר גלאנץ און פראכט. אין דער צווייטער העלפט פון 17־טען יאהרהונדערט איז דער טאן־אנגעבער פון הויפישען לעבען דער פראנצויזישער הויף פון לודוויג דעם פירצעהנטען, וועלכען אלע איבעריגע הויפען אין איירארפא האבען נאכגעטהון. דאס הויפישע לעבען האט ענטוויקעלט א הויפישע ליטערא־טור, דעם אזוי גערופענעם פסיידא־קלאסיציזם (פאלשען קלאסי־ציזם), א ליטעראטור, וואס וויל זיך הויפטזעכליך חנפה׳נען צו די קעניגען און פירשטען און פערגלייכט זיי מיט די אמאליגע העלדען פון דער קלאס־סישער צייט. דער פסיידא־קלאסיציזם נעהמט אלע זיינע טהעמעס און סיו־זשעטען פון דער אלטער (גריכישער אדער רוימישער) וועלט, אפילו די נעמען פון די העלדען זענען גריכישע אדער רוימישע. דער פסיידא־קלאסיציזם איז געווען דער ריכטיגער אויסדרוק פאר די שטימונגען פון דער דאמאלסדיגער געזעלשאפט, וואס איז געווארען איגנאנצען גלייכ־גילטיג צו די פאליטישע פראגען פון איהר אייגענער צייט, און האט זיך דעריבער געפיהלט בעסער אין דער פאנטאזיע־וועלט פון די גריכישע העלדען און געטער, אין דער דאזיגער וועלט פון חלומות און אידיליען, ווייט־ווייט פון די ברענענדיגע פערשאלטענע פראבלעמען פון דער פראנ־צויזישערווירקליכקייט.

---

זיעבעטעם קאפיטעל.

## די וועלט־אנשויאונג אין 16־טען און 17־טען יאהרהונדערט.

די צייט פון דער רעפארמאציע איז געווען פול מיט סתירות. הויפט־זעכליך ווייזט אונז דאס גייסטיגע לעבען אזוי פיעל געגענזאצען, היפכים, אז ס׳איז אונז שווער צו גלויבען, אז דאס זאל אלץ געהערט האבען, גע־זעהען און עקזיסטירען אין איין צייט.

פון איין זייט הערשען נאך ווייטער די פאראורטיילען און אבערגלוי־בענס פון מיטעלאלטער, און נישט נאר זיי לעבען ווייטער, נאר זיי פער־

שטאַרקען זיך נאָך, מען גלויבט אין שדים און רוחות, אין כשוף. דעם אַני־דערענס מיינונג רודפ'ט מען מיט אַנ'אונגלויבליכער אכזריות. אָבער צו דער זעלבער צייט ווערען געמאַכט וויסענשאַפטליכע ענטדעקונגען, וואָס האָבען שפּעטער געמאַכט אַ איבערקעהרעניש אין דער גאַנצער וועלט־אַנשויאונג און האָבען דאָס מענשליכע בעוואוסטזיין בעפּרייט פון דער מורא און פינסטערניש, מיט וועלכע עס איז געווען פערנעבעלט.

צו יענער צייט האָט מען געגלויבט אין שדים (טייוולאָנים) און רוחות, אין „נישט־גוטע", וואָס ווילען דעם מענשען אַראָבפיהרען פון וועג, שרעקען איהם, פערשטערען איהם דאָס לעבען אָדער ווילען איהם אָנריי־דען צו עבירות און פערברעכענס. ווען ס'איז אויסגעבראָכען אַ שרעקלי־כער שטורם, אַ גרויסער האָגעל, אַ מגפה, אַנ'אַנשטעקענדע קראַנקהייט— האָט דאָס אַלץ אָנגעמאַכט דער טייוועל. פון איהם קומען אַלע אונגליקען, אַלע אָנשיקענישען, אָדער ער וויל נאָך פערחאַפּען דעם מענשען'ס נשמה נאָכ'ן טויט אויך. דעם גאַנצען טאָג האָט מען נאָר געהאַלטען אין איין טראַכטען וועגען טייוועל: ע ר האָט אונטערגעלעגט אַ שטיין, איבער וועל־כען מען איז געפאַלען, ע ר האָט געגעבען אַנ'עין־הרע אַ געזונדטען מענ־שען און ער איז „פערחאַפּט" געוואָרען, דאָ בלאָזט ער ביינאַכט דורכ'ן קוימען, דאָ פערשטעלט ער זיך פאַר אַ שוואַרצע קאַץ, דאָ וואַרפט ער אין אויג אַריין אַ שטיק טשוואָק פון דאַך.

די מורא פאַר'ן טייוועל האָט אַריינגענומען אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט, און דאָ האָט מען מיט קיינע רייד נישט געקענט העלפען

נאָר אַ חוץ דעם האָט מען געגלויבט, אַז דער טייוועל קלויבט זיך אויס געוויסע מענשען, וואָס פיהרען אויס זיין רצון. דער טייוועל גיעט זיי אַ כח איבער אַלע מענשען, זיי קענען בעווייזען בייזע וואונדער אין דורך כשוף פערנעבלען דעם קאָפּ. דעם טייוועל'ס בעהעלפער, די מכשפים און מכשפות, קענען טויזענדער וואָרסטען דורכפליהען ווי אַ ווינד, זיך פערשטעלען פאַר חיות, בעזונדערס פאַר אַ וואָלף, אַרויסשפּרינגען פון דער אייגענער הויט און אָננעהמען די צורה פון אַנ'אַנדער מענש. כדי זיך צו היטען פאַר'ן טייוועל, מוז מען דערייבער אויסראָטען זיינע העל־פערס, און פערברענען די מכשפים.

עס זענען געווען בעזונדערע געריכטען, וואָס האָבען זיך פערנומען מיט'ן אויפזוכען און בעשטראָפען מכשפים און מכשפות, און אומעטום האָבען זיך געפונען צעהנדליגער פּאַרשוינען, וואָס האָבען די געריכטען

פריוויליג אונטערגעהאלפען, אויסגעשמעקט און פער'מסר'ט די פער־דעכטיגע פארשוינען. כמעט א האלבע וועלט זענען ביי די דאזיגע „זוכערס" און די אויגען געווען מכשפים.

פאר מכשפים און מכשפות האט מען הויפטזעכליך געהאלטען אלע משוגעים און פסיכיש נים־נארמאלע מענשען. און כשוף האט מען אייך חושד געווען אלע די מענשען, וועלכע מיר רופען איצט אן נערוועזע, אלע מעהר ווענינער אריגינעלע מענשען, וואס האבען זיך אויסגעצייכענט אין א געוויסען פונקט, אדער וואס האבען ארויסגעוויזען בעזונדערע געוואוינהייטען, מיט איין ווארט אלע מענשען, וואס האבען זיך נישט געלאזען אריינפאסען אין דורכשניט און זענען געווען אויפפאלענד.

מעהר פאר אלעמען האט מען אין כשוף חושד געווען די פרויען. אן'אלטע פרוי מיט א לאנגער נאז, מיט רויטע אויגען, מיט א ווילדען קאלטון — איז אהן שום ספק א מכשפה. אבער א מכשפה האט אויך געקענט זיין א צו־גרויסע יפהפיה, א פרוי מיט א זיסער בעצויי־בערנדער שטים, אדער מיט אן'אונגעוועהנליכען שכל, „וואס פאסט גאר־נישט פאר א פרוי".

די מכשפות פלעגט מען פערברענען אין א אונגעוועהנליך גרויסער צאהל. יעדע עלטערע פרוי איז געווען אין איין ציטערניש, מען זאל זי נישט האלטען פאר א מכשפה. די מכשפות פלעגט מען צוערשט פיהרען צום פערהער, וואו מען פלעגט זיי אזוי מאטערן, אז אפטמאלס פלעגען זיי זיך מודה זיין אין מורא'דיגע זאכען (וואס זענען נישט געשטויגען און נישט געפלויגען), און דאן געהן אויפ'ן שייטער־הויפען.

מיט דעם דאזיגען אבערגלויבען פון פאלק פלעגט מען זיך זעהר אפט בענוצען פאר פערברעכערישע צוועקען: ווען א מאן האט געוואלט פטור ווערען פון זיין ווייב, האט ער איהר פער'מסר'ט, אז זי איז א מכשפה. זיך גט'ן האט מען נישט געקענט. אדער מען פלעגט פער'מסר'ן, כדי אוועקצונעהמען דאס האב און גוטס פון פער'משפט'ען. מעהרסטענטייל אבער האט דא געווירקט דער פשוט'ער בלינדער אבערגלויבען.

די וויסענשאפט פון יענער צייט האט דעם דאזיגען אבערגלויבען אונטערגעהאלטען. אין א סך ביכער האט מען נאכגעוויזען מיט אותות און מופתים, אז עס זענען פאראן שדים און מכשפים, מען האט גענוי בעשריבען זייערע סימנים און די מיטלען, ווי זיך צו היטען פאר זיי, און געבראכט ראיות דערצו פון הייליגע ספרים. אין שדים האבען געגלויבט

אי קאטאליקען אי פראטעסטאנטען. די רעפארמאציע האט דעם דאזיגען גלויבען נישט נאר נישט אפגעשוואכט, נאר נאך מעהר פערשטארקט. די פוריטאנער פלעגען אונברחמנות'דיג רודפ'ן דעם „טייוועלס בעהעלפער", און אין ענגלאנד האט מען קיינמאל נישט געמאכט אזוי פיעל פראצעסען און נישט פערברענט אזוי פיעל מכשפות, ווי גראד אין דער צייט פון דער פוריטאנישער רעוואלוציע (1648).

## די אסטראלאגיע.

אין דער צייט פון דער רעפארמאציע האט געהערשט נאך איין אבערגלויבען, וואס איז אונטערגעהאלטען געווארען פון דער דעמאלטיגער וויסענשאפט. דאס איז געווען די אסטראלאגיע (שטערענזעהעריי). מען האט געגלויבט, אז מען קען אין די שטערען לעזען דעם מענשענ'ס גורל. דער דאזיגער גלויבען איז שוין געווען פערשפרייט ביי די בבל'ער און איז אריבער צו די אייראפעער פון דער נייער צייט דורך די גריכען און רוימער און, נאך שפעטער, דורך די אראבער. אין 16-טען יאהרהונדערט האט זיך אויף דעם גרונד פון דעם גלויבען אויסגעבילדעט א גאנצע וויסענשאפט, וואס האט זיך פערנומען מיט אויספארשען „די אותיות פון דער הימעל-שריפט". אלע האבען געגלויבט, אז אין די דאזיגע פייערדיגע אותיות איז אלץ אנגעשריבען, וואס עס וועט געשעהן אויף דער ערד, מען דארף זיי נאר קענען לעזען. די קעניגען און פירשטען פלעגען האלטען אין זייערע הויפען אסטראלאגען, וואס פלעגען פאר זיי אויספארשען די שטערען אין הימעל, און זיי זאגען, וואס עס וועט געשעהן. פאר א מלחמה, פאר א חתונה אדער א געבורט האט דער אסטראלאג געמוזט צוזאמענשטעלען א הארא‎סקאפ ד. ה. פאראויסזאגען דעם גורל לויט דעם שטאנד פון די שטערען אדער „מזלות". פראנציסק I און קארל V האבען אין אלע מלחמות מיטגענומען אסטראלאגען, יעדערער האט געוואלט דורך הארא‎סקאפען ווירקען אויף דער עפענטליכער מיינונג און זי איבערצייגען, אז ער איז גערעכט און אז ער וועט האבען א נצחון. וואלענשטיין האט זעהר שטארק געגלויבט אין די שטערען, און פלעגט זיך אלע מאל מישב זיין מיט זיין אסטראלאג.

יעדערער, וואס האט זיך דאס נאר געקענט ערלויבען, האט גענומען ביי אנ'אסטראלאג הארא‎סקאפען פאר זיך און זיינע קרובים. ווען מען האט געדארפט אנהויבען א געשעפט, בעזונדערס שיקען סחורה אויפ'ן ים, איז מען פריהער געגאנגען נעהמען א הארא‎סקאפ.

נאָך עד־היום הערשט אין פאָלק דער גלויבען, אז געוויסע שטערען בעדייטען גליק אדער אונגליק, אז א קאָמעט בעדייט מלחמה א. א. וו.

די אסטראָלאָגען האָבען בעטראַכט די גאַנצע וועלט, ווי א געוויסען הארמאָנישען אָרגאַניזם, וואָס האַלט זיך דורך א וואונדערבארען מעכאניזם, ווי, למשל, א גרויסער זייגער, מיט רעדעלעך און שרייפעלעך, וועלכע דער בורא־עולם דרעהט אָן און לאָזט קלינגען אין טאקט, אָנהויבענדיג מיט די הימעל־ספערען און ענדיגענדיג מיט דער מענשליכער נשמה. די שטערען — דאָס זיינען שטראַהלען פון דער וועלט־ענערגיע. דער מענש בעשטעהט פון דיזעלביגע פיער יסודות, ווי אלע אנדערע נאטור־פערבינדונגען, און דעריבער ציהט עם דעם מענשען אייביג צו דער נאטור, וויל זיי זיינען ביידע פון איין שטאָף. פון אויבען ביז אונטען, פון גרויס ביז קליין, הערשט אומעטום איין געזעץ.

די אסטראָלאָגיע, ווי נאַריש און קינדיש זי איז נישט אָפט געווען, האָט דאָך צוגעוואָהנט צו גענויע בעאָבאכטונגען, בעשרייבונגען און טאַ־בעלען פון די הימעל־קערפער. אין יעדער גרעסערער שטאָדט איז געווען אַן אָבסערוואטאָריום (א הויז מיט א הויכען טורם, פון וואַנען די געלערנטע האָבען בעטראַכט די שטערען.) די קירך האָט זיך אויך גענויצט און גענויע אסטראָנאָמישע אויסרעכענונגען פאַר איהרע חגאות. צוליעב א פעהלער אין דעם יוליאַנישען קאלענדאר איז אויסגעקומען זייער פאסחא מיט 10 טעג שפעטער, ווי עס האָט געדארפט זיין. מען האָט גע־מוזט אויסבעסערן דעם קאלענדאר אויפ׳ן יסוד פון גענויע פאַקטען (אין יאָהר 1582 האָט דאָס געטהון דער פאפסט גרעגאָר XIII, דערפאַר רופט מען דאָס „דעם גרעגאָריאַנישען קאלענדאר“, אָדער: דער נייער סטיל.)

נאָר די אלע אויסרעכענונגען האָט מען געמאַכט לויט די אלטע פטאָלמעאישע טאבעלען, וועלכער האָט נאָך געהאַט אָנגענומען, אז די ערד ליעגט אין צענטר פון דער וועלט, און אז די זון און שטערען דרעהען זיך אַרום איהר. לויט דער דאָזיגער השערה האָט מען נישט געקענט פערשטעהן, פארוואָס די פלאַנעטען בעוועגען זיך אזוי משונה׳דיג, וואָס איינמאָל בעוועגען זיי זיך פאָרווערטס, און אַן׳אנדער מאָל טרעטען זיי צוריק און פערשווינדען אין גאַנצען.

## קאָפּערניקוס.

די דאָזיגע קשיות האָט פערענטפערט דער פוילישער געלעהרטער ניקאָלאַי קאָפּערניקוס (געב. אין יאָהר 1473, געשט. 1543).

ער האט נאכגעוויזען, אז נישט די זון דרעהט זיך ארום דער ערד, נאר, פערקעהרט, די ערד, וואס איז אויך א פלאנעט ווי אנדערע פלא-נעטען, דרעהט זיך ארום דער זון, וואס איז א סך גרעסער פאר איהר. די אומפערשטענדליכקייטען בנוגע די בעוועגונגען פון די פלאנעטען זענען איצט געווארען פערשטענדליך.

זיין בוך, „איבער די בעוועגונגען פון די הימעל-שטערען", וואו ער האט בעוויזען זיין ענטדעקונג, האט קאפערניקוס געהאלטען 36 יאהר אין מאנוסקריפט, מורא-האבענדיג פאר רדיפות "מצד דער קירך", ביז „גרויסע געלערנטע האבען אנדערש נישט פערלאנגט, איך זאל אויפהערען מורא צו האבען און ארויסגעבען דאס בוך".

דאס בוך האט אנגעמאכט א געוואלדיגען רעש.

די וועלט-אנשויאונג פון דער אלטער צייט און פון מיטעל-אלטער איז געווען אויפגעבויט אויף דער איבערצייגונג, אז די ערד איז דער מיטעל-פונקט פון דער נאטור, און דער מענש, וואס לעבט אויף דער ערד, איז דעריבער דער צענטר, ארום וועלכען אלץ דרעהט זיך, די קרוין פון דער גאנצער נאטור (געאצענטרישע און אנטראפאצענטרישע וועלט-אנשויאונגען — פון די גריכישע ווערטער: געא — ערד און אנ-טראפאס — מענש).

איצט אבער, נאך קאפערניקוס'עס ענטדעקונג, האט זיך די גאנצע וועלט ווי איבערגעקעהרט, אויפ'ן קאפ געשטעלט. די ערד איז שוין נישט געווען דער עיקר פון דער וועלט, נאר א קלייגער אומבעדייטענדער טייל פון א גרויסען ארגאניזם, און דער מענש — א קליין שרייפעל אין דער גרויסער וועלט-מאשין. ווען די דאזיגע ענטדעקונג זאל זיין ריכטיג, דאן איז מען בכלל נישט מעהר זיכער מיט די פעסטעסטע זאכען, דאן איז מען נישט זיכער מיט דער ערד, אויף וועלכער מען שטעהט, מיט די אנשויאונגען און מיינונגען, וואס זענען פערהייליגט דורך טויזענדער יאהרען. דאן — קאן מען צווייפלען אין אלצדינג.

ווען דאס בוך איז ארוים פון דרוק, האט לוטער גלייך געזאגט: „דער שוטה וויל איבערקעהרען די גאנצע אסטראנאמיע, אבער אין תנ"ך שטעהט בפירוש, אז יהושע בן-נון האט אבגעשטעלט די זון, און נישט די ערד!" —

די קאטוילישע קירך האט זיך אין אנהויב בעצויגען גלייכגילטיג צום בוך, אבער שפעטער, האט זי אנגעהויבען צו פערשטעהן, וואס פאר א

סכנה עס שטעקט אין איהם און זי האט דאס בוך פערוועהרט. דער וואַטיקאן האט קופּערניק׳ס בוך אריינגעשטעלט אין אינדעקס (פערצייכניס) פון די פערבאטענע ביכער „ביז דער פעהלער וועט נישט ווערען פערבעסערט“.

„צוויי הונדערט יאהר לאנג זיינען געווען פערבאטען אלע ביכער, אין וועלכע עס האט זיך געזאגט, אז די ערד דרעהט זיך“, ווייל די דאזיגע בעהויפּטונג איז „נאריש, פילאזאפיש נישט ריכטיג און א קלארע אפּיקורסות“. — דער איטאליענישער פילאזאף דזשארדאנא ברונא, וואס האט אנטוויקעלט קאפּערניק׳ס טעאריע אין פילאזאפישען זין, איז פערברענט געווארען אויפ׳ן שייטערהויפען. זיין אש האט מען אריינגעווארפען אין טייך טיבער, כדי עס זאל פון איהם קיין זכר נישט בלייבען.

קאפּערניק׳ס טעאריע האבען ווייטער אנטוויקעלט און בעוויזען די אסטראנאמען יאהאן קעפּלער און גאלילעאי.

יאהאן קעפּלער האט געפינען די געזעצען, לויט וועלכע די ערד און די איבעריגע פּלאנעטען דרעהען זיך ארום דער זון. גאלילעאי האט אנטדעקט אויפ׳ן הימעל נייע שטערען (מיט דער הילף פון טעלעסקאפּ, וואס מען האט צו יענער צייט ערפונדען אין האלאנד) און האט אפּגעווארפען די הויפּט־טענה פון קאפּערניקס געגנער, אז א קערפּער, וואס בעוועגט זיך, קען נישט ציהען נאך זיך אנדערע קערפּער, און ס׳איז דעריבער אונמעגליך, אז די ערד, וואס ווערט דאך בעגלייט פון דער לבנה, זאל זיך אליין בעוועגען.

שפּעטער איז אבער גאלילעאי געצוואונגען געווארען פון דער אינקוויזיציע, זיך אפּצוזאגען פון זיינע אנזיכטען. קעפּלער׳ס און גאלילעאי׳ס ארבייט האט שפּעטער פערענדיגט דער ענגלענדער איזאק ניוטאן, וואס האט אנטדעקט דאס געזעץ פון דער אלגעמיינער שווערקייט און צוציהונג (גראוויטאציאנס־געזעץ).

---

— אויסער אין אסטראנאמיע, זיינען נאך געמאכט געווארען אנטדעקונגען אין אנדערע וויסענשאפטען, הויפּטזעכליך האבען זיך אנטוויקעלט די נאטור־וויסענשאפטען און די מעדיצין, פאר וועלכער עס הויבט זיך פון 16־טען יאהרהונדערט אן א נייע עפּאכע. דער ענגלענדער הארווי האט אנטדעקט דעם „בלוט־אומלויף“. דאס הארץ, וואס איז פריהער געווען אנ׳ארט פאר אלע הויכע געפיהלען, האט זיך איצט ארויסגעשטעלט פאר א פּשוט׳ער פּומפּ, — מען געהט אלץ מעהר אוועק

פון די אלטע סכאלאסטישע מעטאדען און מען נעהמט זיך צום עקספערי־מענט, צו בעטראכטונג פון דער נאטור. אלץ מוז ערקלערט ווערען סיס־טעמאטיש—האט פערלאנגט גאלילעאי, דער ווארט־פיהרער פון דער נייער וויסענשאפטליכער ריכטונג איז געווען דער פילאזאף פ ר ע נ ס י ס ב ע־ק א ן, וואס פערלאנגט, מען זאל זיך אבזאגען פון די אלטע פאראורטיילען און בעגריפען, מען זאל אויפהערען צו ש פ י צ ל ע ן זיך וועגען דער נא־טור מיט פערשיעדענע השערות, וויל דערפון וועלען מיר נישט דערגעהן דעם אמת. דער בעסטער וועג צום אמת איז די א י נ ד ו ק צ י ע, ד. ה. פארשען די נאטור, זאמלען מאטעריאל, און פון א גרויסער מאסע פון זי־בערע פאקטען פונקטליך גענוי פ. ל. ג.‎ 



פערלאג „יהודיה״

# וועלט־געשיכטע.

## פינפטער טייל.

## די נייע צייט.

בעארבייט פון

ד״ר נ. עפשטיין.



ווארשע תר״ס

דרוק ברידער לעווין עפשטיין פאוויע 38 №

# אינהאלטס-פערצייכניס.

---






Druk — B-ci Lewin Epsztein Pawia № 38

## ערשטעס קאַפּיטעל.

# ענגלאנד אין 17-טען יאהרהונדערט.

## די גרויסע ענגלישע רעוואָלוציע.

אין יאָהר 1603 איז געשטאָרבען די קעניגין עליזאַבעטא אָהן יורשים. איהר נאָהענטסטער יורש איז געווען יאַקאָב דער ערשטער, דער זוהן פון מאַריע שטואַרט, דער שאָטלענדישער קעניג. יאַקאָב איז געווען אַ זעהר נישט בעגאַבטער מענש. דער פּאַרלאַמענט איז שוין באַלד אין אָנהויב פון זיין רעגירונג נישט געווען מיט איהם צופריעדען. ער האָט נישט געקענט פיהרען אַזאַ גרויסאַרטיגע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק ווי היינריך דער 8-טער און עליזאַבעטאַ, און דערביי האָט ער געוואָלט זיין, ווי זיי, דער איינציגער פערזאָרגער פון לאַנד, זיך פיהרען אַזוי אַבסאָלוטיסטיש ווי זיינע פאָרגענגער.

האָטש אין ענגלישען פּאַרלאַמענט זענען געווען פערטרעטער נאָר די פערמעגליכע מענשען פון לאַנד, נישט דאָס גאַנצע אַרבייטענדע פאָלק, נאָר אַזוינע פערמעגליכע לייט (גוט-בעזיצער, אייגענטימער פון הייזער, אַרענדאַטאָרען) זענען געווען אַ סך אין ענגלאַנד, און זייער מיי-נונג איז כמעט געווען די עפענטליכע פאָלקס-מיינונג.

יאַקאָב האָט זיך צוריסען מיט אַ גרויסען טייל פון פאָלק, באַלד ווי ער איז געקומען קיין ענגלאַנד. די גייסטליכע פון דער נייער רעפאָר-מירטער אַנגליקאַנישער קירכע, וואָס זענען נישט געווען צופרידען דער-מיט, וואָס די נייע קירכע האָט איבערגעלאָזען אַ סך קאַטוילישע מנהגים ביי זיך, האָבען געבעטען, אַז מען זאָל זיי ערלויבען אָבהאַלטען דעם גאָטעסדיענסט אין איינפאַכע קליידער.—די דאָזיגע גייסטליכע און זייערע אָנהענגער, וואָס האָבען געשטרעבט אָבצוריייניגען די קירכע פון קאַטוי-ליציזם מיט זיינע נישט ריינע רעליגיעזע מנהגים, האָט מען בעצייכענט מיט'ן נאָמען פּוריטאַנער (ד. ה. רייניגער). — יאַקאָב האָט באַלד צו-זאַמענגערופען די עפּיסקאָפּען פון דער אַנגליקאַנישער קירכע אויף אַ

דיספוט (וכוח) מיט די פוריטאַנער. ער האָט אָבער נישט געלאָזט פיהרען דעם דיספוט ביז צו ענדע און האָט עפענטליך ערקלערט, אַז ער האַלט נישט פון פוריטאַניזם און אַז ער וועט שטענדיג קעמפפען פאַר די אַנגליקאַנישע קירכע געגען די פוריטאַנער. גלייכצייטיג האָט ער שטאַרק גענומען רודפ'ען די קאַטאָליקען, וועלכע ער האָט אַזוי ווייט ערביטערט, אַז זיי האָבען איינמאָל, ווען דער קעניג האָט געדאַרפט קומען אין פּאַרלאַמענט, געוואָלט אויפרייסען מיט פולווער דאָס פּאַרלאַמענט-הויז. דאָס פאָלק און דער פּאַרלאַמענט זענען געווען אַפילו שטאַרק אויפגעבראַכט אויף די קאַטאָליקען, אָבער זיי האָבען מיטגעפיהלט די פוריטאַנער, און דעם קעניגס שטרענגקייט געגען זיי האָט אַרויסגערופען אין לאַנד אַ גרויסע אונצופרידענהייט.

דער קעניג האָט אָבער זיך שטאַרק גענויטיגט אין פּאַרלאַמענט. ערשטענס, האָט ער געדאַרפט געלד אויף צו קאָלאָניזירען די ענגלענדער אין אירלאַנד אויף דער קאָנפיסקירטער ערד פון די אירלענדישע בונטאָווּשטשיקעס. צווייטענס, איז ער געווען שטאַרק פעראינטערעסירט אין דעם 30-יעהריגען קריעג, ווייל זיין טאָכטער איז געווען די פרוי פון פרידריך אין פפאַלץ. דריטענס, איז דאַמאָלס געגאַנגען דער קאַמפף צווישען שפאַניען און נידערלאַנד, וואו ענגלאַנד האָט געהאַט זיינע אינטערעסען דערביי.

דער פּאַרלאַמענט וואָלט אַודאי געגעבען געלד צו אַלעם דעם, נאָר יאַקאָב האָט געפיהרט אַזאַ שלעכטע פּאָליטיק, אַז סוף כל סוף האָט דער פּאַרלאַמענט אָנגעהויבען שטאַרק קריטיקירען די בעאַמטע פון קעניג און זיינע געליעבטע בעשטענדיגע ראַטגעבער און האָט אויסגעדריקט זיינע נישט-צופריעדענהייט וועגען די רדיפות אויף די פוריטאַנער. דריי מאָל נאָכאַנאַנד האָט דער קעניג פונאַנדערגעלאָזען דעם פּאַרלאַמענט, קעגען געזעץ גענומען אָבגאַבען פון סחורות, מיט די אייגענע הענד האָט ער אַרויסגעריסען אַ פּראָטאָקאָל מיט דעם בעשלוס פון פּאַרלאַמענט, דערביי האָט ער קלאָר ערקלערט, אַז דער פּאַרלאַמענט האָט נישט קיין שום זעלבסטשטענדיגקייט, דאָס די רעכטען פון פּאַרלאַמענט איז נאָר אַ מתנה פון קעניג, און ער קאָן, ווען ער וויל, צונעהמען פון איהם די דאָזיגע מתנה.

זיין זוהן קאַרל האָט געפיהרט די אייגענע פּאָליטיק וואָס דער פאָטער, נאָר אַביסעל קליגער. דער קריעג מיט פראַנקרייך האָט געפאָדערט אַ סך געלד, און קאַרל האָט זיך בעשלאָסען זיי אויסצובעטען ביים

פּאַרלאַמענט. דער פּאַרלאַמענט האָט אײַנגעשטימט אויף דעם קעניגס פֿערלאַנג, נאָר ער פֿון זײַן זײַט האָט זיך אויסגעבעטען, אַז דאָס לאַנד זאָל װערען בעפֿרײַט פֿון דער מוטװיליגקײַט פֿון קעניג און זײַנע ראַטגע־בער. ער האָט צוגעשטעלט אַ „פּעטיציע װעגען די רעכטען“ (1628), װעלכע האָט אויסגערעכענט די פּאָליטישע און בירגערליכע רעכטען פֿון ענגלענדער, לױט װעלכע אָהן דער צושטימונג פֿון פּאַרלאַמענט טאָרען נישט גענומען װערען קײן אָבגאָבען און טאָרען נישט געמאַכט װערען קײן רעגיערונגס־חובות; קײנער טאָר נישט װערען אַרעס־טירט אָהן אַ בעשטימטער בעשולדיגונג פֿאַר׳ן געריכט א. אַ. װ. דער קע־ניג האָט בעשטעטיגט די פּעטיציע, װאָס האָט זיך סומך געװען אויף „דער גרויסער חאַרטיע“ פֿון אַמאָל (זעה דעם דריטען באַנד). נאָר באַלד האָט ער זיך װידער צוקריעגט מיט׳ן פּאַרלאַמענט און איהם פֿונאַנדערגע־לאָזען. די אָנפֿיהרער פֿון דער אָפּאָזיציע האָט ער אײַנגעזעצט אין גע־פֿענגעניש.

נאָך דער דאָזיגער טהאַט האָט קאַרל געפּרובט רעגיערען דאָס לאַנד אָהן אַ פּאַרלאַמענט. די הויפּט־שװעריגקײט איז בעשטאַנען דערין, װאָס זײַנע אײַגענע מיטלען זענען געװען קנאַפּ, און אָהן דעם פּאַרלאַמענטס ערלויבניש האָט ער נישט געקאָנט אַרויפֿלעגען קײן שום הילפֿס־אָבגאַב. קאַרל האָט נישט געװאָלט עפֿענטליך געהען קעגען געזעץ פֿון לאַנד, נאָר ער האָט געפּרובט מיט אַלערלײ פּלענער אויסצומײַדען די װירקונג פֿון געזעץ. ער האָט זיך בענוצט דערמיט, װאָס אין געזעץ איז נישט אַלץ קלאָר אַרומגערעדט, און עס פֿלעגט איהם זיך פֿאָרט אײַנגעבען צו נעהמען אָבגאָבען אָהן פּאַרלאַמענטס בעשטעטיגונג. חוץ דעם האָבען זײַנע ראַטגעבער װידער אָבגעפֿרישט דעם מנהג פֿון מיטעלאַלטער, אַז די גראָפֿסטװעס און די שטעדט זאָלען צושטעלען אויף זײער חשבון שיפֿען פֿאַר׳ן פֿלאָט. ריכטיגע שיפֿען פֿלעגט צושטעלען נאָר אײן לאָנדאָן, די איבריגע שטעדט און גראָפֿסטװעס פֿלעגען זיך אָבקויפֿען מיט געלד, און דאָס דאָזיגע געלד איז געװאָרען דער קװאַל פֿאַר די רעגיערונגס־קאַסע. אויף אַזאַ אופן האָט זיך אײַנגעגעבען קאַרל׳ען צו רעגיערען אָהן פּאַרלאַ־מענטס סובסידיען עלף יאָהר. קעגען די אונצופֿריעדענע, װאָס פֿלעגען קריטיקירען די רעגיערונג אָדער די גײסטליכקײט, האָט געאַרבײַט אַ קאָמיסיע פֿון אַ געהײמען ראַט. מען פֿלעגט זי רופֿען די „שטערן־פּאַלאַטע“, װאָס פֿלעגט שטראָפֿען מיט לײב־שטראָף און אַלערלײ ענוים.

איינס פֿון קאַרל׳ס הויפּטציעלען אין דער צייט פֿון זיין רעגיערען אָהן אַ פּאַרלאַמענט איז געווען צו דערשטיקען די קאַלוויניסטישע בעוועגונג, וואָס האָט זיך שטאַרק אָנגעהויבען צו פֿערשפּרייטען אין ענגלאַנד. דער קעניג האָט פֿיינד געהאַט די קאַלוויניסטען, וועלכֿע זענען געווען געגנער פֿון אַ קירכֿע, וואָס דיענט צו די צוועקען פֿון וואָס עס איז פֿאַר אַ מלוכה. ער האָט געשטיצט די פּאַרטיי, וואָס האָט געוואָלט אַ קאַטוליציזם אָהן אַ פּויפּסט, וואָס האָט געהאַלטען פֿון אַלע אַלטע קאַטוילישע גאָטעסדיענסט־מנהגים. אַ סך פּאַסטאָרען האָבען צו קאַרל׳ס צייטען פֿערלאָרען זייערע שטעלעס, פֿרומע קאַלוויניסטען, וואָס האָבען געשריבען קעגען דער אַנגליקאַנישער קירכֿע, פֿלעגט מען משפּט׳ן אין דעם געהיימען ראַט, און דער משפּט פֿלעגט זיך געווענליך ענדיגען דערמיט, וואָס מען פֿלעגט זיי אָבשניידען די אויערען, אַרויסשטעלען צום שאַנדסלופּ און זיי לאָזען אומקומען אין די געפֿענגנישען.

די פּערזענליכֿע רעגיערונג פֿון קאַרל׳ען האָט געקאָנט געדויערען ביז צו דער צייט, ווען דאָס רעגיערונגס־ראָד איז געגאַנגען מיט דער נאָרמאַלער האַסטיגקייט, ווי באַלד אָבער אין אינערען אָדער ביי די אויסערע גרעניצען פֿון לאַנד האָבען זיך אָנגעהויבען אונרוהען—האָבען שוין די געוועהנליכֿע איינקינפֿטען נישט געקענט סטאַיען, האָט ער געמוזט דאָך אָנקומען צום פֿאָלק, ד. ה. צום פּאַרלאַמענט.

אין 1638 האָבען די שאָטלענדער געמאַכֿט אַ בונט קעגען די פֿעראָרדנונגען פֿון קעניג, וואָס האָט אויך געוואָלט, אַז זייער פּרעסביטעריאַנער קירכֿע זאָל אָננעהמען די פֿיהרונגען פֿון דער אַנגליקאַנישער קירכֿע אין ענגלאַנד.

אַזוי ווי דער בונט איז געווען אַנ׳אָפֿענער, האָט דער קעניג געשיקט אין שאָטלאַנד אַנ׳אַרמעע פֿון ענגלאַנד, נאָר ער האָט נישט געהאַט קיין געלד. די סאָלדאַטען זענען געלאָפֿען פֿון די לאַגערען, זיי פֿלעגען אַליין חוזק מאַכֿען פֿון דער אַנגליקאַנישער קירכֿע און האָבען פּשוט אַרויסגעוויזען, אַז זיי האָבען קיין חשק נישט צו געהען קעגען די ריינע שאָטלענדישע פּראָטעסטאַנטען. איין אַרמעע איז דעריבער מיאוס בעזיגט געוואָרען פֿון די שאָטלענדער, און דאַמאָלס האָט קאַרל געמוזט זיך ווענדען צום פּאַרלאַמענט נאָך הילף. אין 1640 האָט קאַרל צונויפֿגערופֿען צוויי מאָל דעם פּאַרלאַמענט. באַלד ווי ער האָט צונויפֿגערופֿען דעם ערשטען, האָט ער איהם צוליעב דער פֿיינדליכֿער שטימונג פֿונאַנדערגעלאָזען. דער צווייטער „דער לאַנגער“ האָט אויך געפֿיהרט אַ עקשנות׳דיגען

קאַמפּף קעגען דער קעניגליכער רעגיערונג. צוערשט האָט ער דעם קעניגס ראַטגעבער און פֿערטרעטער פֿון אירלאַנד לאָרד סטראַדפֿאָרד פֿעראורטיילט צום טויט. דערנאָך האָט ער אָנגענומען אַ סך בעשלוסען, וואָס פֿערפֿעסטיגען די רעכטען פֿון פּאַרלאַמענט, וואָס זענען מבטל די „שטערנ-פּאַלאַטע" און דעם אָבגאָב אויף שיפֿען.

כל זמן דער פּאַרלאַמענט האָט געקעמפּפט פֿאַר די ענגלישע בירגערליכע רעכטען, איז אַלץ גיגאַנגען גוט, נאָר ביי די רעליגיעזע פֿראַגען האָט ער זיך צוטיילט אין פּאַרטייען. די פּוריטאַנער זענען צוליעב די רדיפות געוואָרען זעהר פּאָפּולער, און די מעהרהייט פֿון פּאַרלאַמענט איז געווען פֿאַר זיי. דער פּאַרלאַמענט האָט בעשלאָסען צו דערוויייטערן די עפּיסקאָפּען פֿון דער אויבערשטער פּאַלאַטע, און אפילו אָבנעהמען פֿון זיי זייער עפּיסקאָפּישע מאַכט. אַקעגען די ראַדיקאַלען איז אַרויסגעטרעטען אַ מעסיגערע פּאַרטיי.

דערווייל האָבען די אירלענדער געמאַכט אַ בונט קעגען די נייע ענגלישע קאָלאָניסטען. מען האָט געמוזט שיקען אַן ענגלישע אַרמעע קיין אירלאַנד, און דער פּאַרלאַמענט האָט מורא געהאַט, אַז דער קעניג וועט אויסניצען די אַרמעע קעגען די פּאַרלאַמענטס-פּאַרטייען.

דאַמאָלס האָבען צוויי פּאַרלאַמענטס-פֿיהרער, פּים און העמפּדען, פֿערלאַנגט, אַז די מיניסטאָרען זאָלען פֿון היינט אָן זיין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר זייערע טהאַטען דעם פּאַרלאַמענט און אַז אַלע קירכען-פֿראַגען זאָל בעשליעסען אַ פּאַרלאַמענטס-קאָמיסיע פֿון גייסטליכע, וועלכע דער פּאַרלאַמענט אַליין וועט אויסקלויבען. דאָס האָט געהייסען, אַז דער פּאַרלאַמענט שטעלט זיך אויפ'ן אָרט פֿון קעניג און פֿערנעהמט אין זיינע הענד די העכסטע מאַכט. אפילו אין דער אונטערשטער פּאַלאַטע איז דורכגעגאַנגען דער בעשלוס מיט אַ קלייגער מעהרהייט פֿון 11 שטימען.

קאַרל איז געוואָרען שטאַרק צורייצט פֿון אַזאַ העזה. ער איז פּערזענליך געקומען אין פּאַרלאַמענט מיט אַ בעוואָפֿענטער סוויטע, וואָס האָט געדאַרפֿט אַרעסטירען פּים'ען און העמפּדענ'ען. די לעצטע האָבען אָבער געוואוסט, וואָס פֿאַר אַ סכנה עס שטעהט זיי פֿאָר, און זענען אין פּאַרלאַמענט נישט געקומען.

דער קעניג האָט פֿערלאָזען דעם פּאַרלאַמענט אונטער דעם געשריי פֿון די בעליידיגטע דעפּוטאַטען (לויט'ן געזעץ האָט מען נישט געטאָרט אַ פּאַרלאַמענטס-דעפּוטאַט אַרעסטירען אָהן דעם בעשלוס פֿון פּאַרלאַמענט) און גאַנץ לאָנדאָן האָט אויסגעדריקט זיין מיטגעפֿיהל צו פּים'ען און העמפּ-

דענ׳ען. דער קעניג איז ברוגז געוואָרען, פערלאָזען לאָנדאָן, איז אַוועק אין צפון פון זיין לאַנד און גענומען צונויפזאַמלען אַנ׳אַרמעע פאַר זיך קעגען זיינע געגנער.

---

## די ערשטע אינערליכע מלחמה.

ווען ער איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, האָט אַ גרויסער טייל פון דער ענגלישער בעפעלקערונג זיך אַרויסגעזאָגט פאַר׳ן קעניג. די צפון־און מערב׳דיגע גראַפסטוועס זענען געווען פאַר קאַרל׳ען, די איבעריגע—פאַר׳ן פאַרלאַמענט. קאַרל׳ס אָנהענגער האָט מען אַ נאָמען געגעבען, קאַוואַ־לערען, ווייל צווישען זיי זענען געווען אַ סך גוטסבעזיצער. צווישען די פאַרלאַמענטס־אָנהענגער זענען הויפּטזעכליך געווען שטעדטישע איינוואוה־נער און פּוריטאַנער, און די דאָזיגע אָנהענגער האָט מען אַ נאָמען גע־געבען רונדקעפּיגע, ווייל די פּוריטאַנער פלעגען זעהר קורץ אָבשע־רען די האָהר אויפ׳ן קאָפּ.

ביידע פּאַרטייען האָבען אַרויסגעשטעלט זייערע אַרמעען.

די ערשטע צוויי יאָהר איז דער קריעג אַוועק אָהן קענטיגע רעזול־טאַטען, חאָטש די קאַוואַלערען, אַלס געניטערע אין קריגס־קונסט, האָבען געהאַט עטליכע זיעגען. שפּעטער האָבען זיך די פאַרלאַמענטאַריער פער־איינינט מיט שאָטלאַנד קעגען דער קעניגליכער אַרמעע, און דער קעניג האָט בעקומען הילף פון די אירלענדישע קאַטאָליקען. די שאָטלענדער זענען נאָר דאַמאָלס צוגעטרעטען צו די רונדקעפּיגע, ווען יענע האָבען זיי פערשפּראָכען צו רעפאָרמירען די קירכע אין ענגלאַנד לויט דעם פּראָ־טעסטאַנטישען שטייגער.

אָבער ערשט דאַמאָלס האָט דער קאַמפּף גענומען אַ קלאָרע ווענדונג, ווען אין דער אַרמעע פון די רונדקעפּיגע האָבען אָנגעהויבען בעקומען די אויבערהאַנד נישט די געמעסיגטע אַנגליקאַנער און פּוריטאַנער, נאָר די אמת׳ע רעליגיעזע פאַנאַטיקער.

אָליווער קראָמוועל, אַ קליינער גוטסבעזיצער פון מזרח־ענגלאַנד, האָט פערשטאַנען, אַז קעגען די קאַוואַלערען קאָן מען נאָר אַרויס דאַ־מאָלס, ווען מען וועט שטרייטען מיט זיי מיט אזא שטאַרקען געפיהל קעגען קעניג, מיט וועלכען זיי שטרייטען פאַר׳ן קעניג. די קאַוואַ־לערען זענען דורכגעדרונגען מיט די אַלטע ריטערגעפיהלען פאַר׳ן קעניג. די רונדקעפּיגע דאַרפען זיין אַזוי שטאַרק דורכגעדרונגען מיט רע־

ליגיעזע געפיהלען, אום זיי זאָלען קענען בעזיגען זייערע געגנער. קראָמ־וועל האָט זיך געשטעלט אָן דער שפּיץ פון די „אונאַבהענגיגע" (פער־שיעדענע רעליגיעזע סעקטעס, וואָס זענען אָוועקגעגאַנגען ווייטער, ווי די אַנערקענטע פּראָטעסטאַנטען פון די אָפיציעלע קירכען), וועלכע זענען געגאַנגען אין קריעג, ווי צו אַ הייליגער זאַך, מיט אַ רעליגיעזער בעגייס־טערונג. די נייע געבילדעטע אַרמעע פון קראָמוועל'ען האָט נישט מורא גע־האַט פאַר'ן טוידט און איז געוואָרען אונבעזיעגבאַר. דער סוף איז געווען, אַז די קעניגליכע אַרמעע איז צושלאָגען געוואָרען און קאַרל האָט גע־מוזט ענטלויפען צו די שאָטלענדער, וועלכע האָבען איהם איבערגעגעבען אין די הענד פון די ענגלענדער.

די פּראָטעסטאַנטישע מעהרהייט אין פּאַרלאַמענט האָט באַלד אָנגע־הויבען אונטערהאַנדלען מיט'ן קעניג, אַז זיי וועלען איהם צוריקגעבען זיין מאַכט, וויבאַלד ער וועט גאַראַנטירען דעם לאַנד, אַז די פּראָטעס־טאַנטישע קירכע וועט האָבען די אויבערהאַנד איבער דער אַנגליקאַנישער. דער פּאַרלאַמענט האָט איצט מורא געהאַט פאַר זיין אייגענער פאַנאַטישער אַרמעע, און האָט געוואָלט וואָס גיכער פּטור ווערען פון איהר. די אַרמעע ווידער האָט פערלאַנגט פרייהייט פאַר אַלע אמונות חוץ דער קאַטוילישער, די „אונאַבהענגיגע" האָבען נישט געוואָלט אַרונטער אונטער'ן יאָך פון די פרעסביטעריאַנער (פּראָטעסטאַנטען).

דער פּאַרלאַמענט האָט אָבער ניט געהאַט קיין מאַכט צו קעמפפען מיט די „אונאַבהענגיגע". חאָטש קאַרל האָט אָנגערעדט די שאָטלענדער, אַז זיי זאָלען שיקען אַנ'אַרמעע אין ענגלאַנד, אָבער דאָס האָט ניט גע־האָלפען. אין עטליכע וואָכען האָט זיך געענדיגט די צ ו ו י י ט ע א י נ ע ־ ר ע מ ל ח מ ה. קראָמוועל'ס אַרמעע האָט פערחאַפּט לאָנדאָן, צושלאָגען די אַרמעע פון די קאַוואַלערען און פאָלשטענדיג פערניכטעט די אַרמעע פון די שאָטלענדער. דער פּאַרלאַמענט איז איצט געווען אין די הענד פון די דעפּוטאַטען פון די אונאַבהענגיגע, וועלכע האָבען דערוועקט די בעשולדיגונג געגען קעניג, אַלס פעררעטער פון זיין לאַנד. חאָטש קאַרל האָט ער־קלערט, אַז ער קאָן ניט אַנערקענען, דאָס זיינע אונטערטאַנען זאָלען איהם משפט'ען, פונדעסטוועגען האָט מען פערפיהרט געגען איהם אַ פּראָ־צעס און איהם פעראורטיילט צום טוידט דערפאַר, וואָס ער האָט געפיהרט דעם אינערליכען קריעג. אין יאָהר 1649 האָט מען אויסגעפיהרט דעם טוידט־אורטייל אויף קאַרל'ען אין הויף פון זיין פּאַלאַץ אין וואַיטהאָל.

## די רעפּובליק.

די הערשאַפט אין ענגלאַנד איז איצט אַריבער צו דעם רעשט דעפּוטאַ־
טען פון פּאַרלאַמענט, וואָס איז אויסגעקליבען געוואָרען אין 1640, און
צו דער אַרמעע. די דאָזיגע פּאַלאַטע האָט זיך ערקלערט פאַר אַ פּאַרלאַמענט,
האָט ערקלערט ענגלאַנד פאַר אַ רעפּובליק און איבערגעגעבען
די אויספיהרענדע מאַכט אַ מלוכה־ראַט פון מיטגליעדער, וואָס זענען
געווען אויף דער זייט פון פּאַרלאַמענט. די ערשטע צייט האָט די אַרמעע
דערצו געשוויגען, ווייל זי איז געווען פאַרנומען מיט איהרע אייגענע
עסקים. קראָמוועל האָט געפיהרט די אַרמעע קיין אירלאַנד, וואו ער
האָט זיך אָבגערעכענט מיט די געבירטיגע קעלטען און מיט דעם קעניגגס
אָנהענגער.

דערווייל האָט זיך בעוויזען אין שאָטלאַנד קאַרל סטואַרט, דער
זוהן פון קאַרל׳ען, און דער שאָטלענדישער פּאַרלאַמענט האָט איהם
פּראָקלאַמירט פאַר אַ קעניג. קראָמוועל איז אַוועק קיין שאָטלאַנד, און ווען
די בעזיעגטע האָבען געשיקט אַן׳אַרמעע קיין ענגלאַנד, אויפצוהויבען דאָרט
אַ בונט, האָט ער נאָכגעיאָגט דער אַרמעע און זי אין גאַנצען צושלאָגען.
דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען אַן׳עקשנות׳דיגער קאַמפּף מיט האָלאַנד.
דער פּאַרלאַמענט האָט אַרויסגעגעבען אַ געזעץ, לויט וועלכען עס איז
געווען פערבאָטען צו ברענגען אין די ענגלישע פּאָרטען סחורות נישט
אויף ענגלישע שיפען, אָדער נישט אויף שיפען פון די לענדער, וואו די
סחורה איז פּראָדוצירט געוואָרען. דער דאָזיגער „שיפס־אַקט" איז געווען
געריכטעט קעגען די האָלענדער ים־פאָהרער, וואָס פלעגען אַליין נישט
פּראָדוצירען און זיך בלויז בעשעפטיגען מיט אַריבערפיהרען פרעמדע סחורות
פון אייראָפּא און די קאָלאָניעס. ענגלאַנד האָט דערום געפיהרט קריעג מיט
האָלאַנד אַלס אַ ים־מאַכט. פוןביידע זייטען האָט מען אַרויסגעוויזען
גבורות, אָבער די מלחמה האָט נישט געגעבען קיין ענדגילטיגע רעזול־
טאַטען פאַר ביידע צדדים.

די רעוואָלוציאָנערע יבשה־אַרמעע האָט אין דער צייט פון
קריעג מיט האָלאַנד נישט געהאַט וואָס צו טהון און זי האָט
באַלד געגעבען צו פיהלען דעם פּאַרלאַמענט, ווער איז דער בעל־
הבית אין לאַנד. דער פּאַרלאַמענט איז געווען פאַרנומען דער־
מיט, ווי צו פערפעסטיגען ענדגילטיג די רעפּובליק. פון איין זייט האָט
ער רעפאָרמירט די וואַהלען־אָרדנונג אין פּאַרלאַמענט און פון דער

אַנדערער זייט האָט ער ניט געוואָלט זיך אַליין פֿונאַנדערלאָזען צוליעב נייע וואַהלען, לויט'ן געזעץ, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז דער ניי־גע־וועהלטער פּאַרלאַמענט וועט האָבען אַ מעהרהייט פֿון ראָיאַליסטען (קעניגס־אַנהענגער). דעריבער האָט דער פּאַרלאַמענט בעשלאָסען צו מאַכען וואַה־לען אויף די וואַקאַנטע דעפּוטאַטען־פּלעצער אין האַלב פֿולען פּאַרלאַ־מענט, און די איבעריגע דעפּוטאַטען, וואָס זענען שוין געוועהלט געוואָ־רען אין 1640־טען יאָהר, בלייבען ווייטער דעפּוטאַטען ביז געוועהלטערהייד.

קראָמוועל האָט זיך אויסגענוצט מיט דעם בעשלוס פֿון פּאַרלאַמענט, וואָס האָט אין 1653 בעשטעטיגט אונגעזעצליך די וואַהלען פֿון יאָהר 1640, און האָט פּשוט צוטריבען דעם „לאַנגען" פּאַרלאַמענט, ווי די ענגלענדער האָבען איהם אַ נאָמען געגעבען. ער איז געקומען אין פּאַלאַטע מיט זיינע סאָלדאַטען, געהאַלטען פֿאַר די דעפּוטאַטען אַ רעדע, זיי גע־מוסר'ט, זיי בעשולדיגט, אַז זיי טרעטען אַרום קעגען געזעץ און זענען איינפֿאַכע עגאָאיסטען, און ער האָט זיי בעפֿוילען צו פֿערלאָזען די פּלעצ־צער. די מעהר בעוואוסטע דעפּוטאַטען האָט ער נאָך בעליידיגט מיט גראָבע זידעל־ווערטער.

---

## קראָמוועל'ס פּראָטעקטאָראַט.

קראָמוועל איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט געקענט וויר־קען אויף דער אַרמעע און פֿעסטהאַלטען די מאַכט און דעם סדר אין לאַנד. דאָס איז געווען אַ טעטיגער מענש, אַ גראָבליכער, וואָס האָט פֿעראַכט אַלערליי פּאָליטישע טעאָריען, אַ פֿאַנאַטיש־רעליגיע־זער, און די הויפּטזאַכע, אַ מענש מיט אַ געזונדען פֿערשטאַנד און אַנ'־אייזערנעם ווילען. די סאָלדאַטען האָבען אויך דאַמאָלס פֿאַר איהם געהאַט אָבשיי, ווען ער איז געוואָרען פֿון אַמאָליגען רעוואָלוציאָנער אַ פּראָטעקטאָר, דער איינציגער הערשער אין לאַנד. ער האָט קונציג פֿער־שטאַנען אויסצונוצען דז״ס, וואָס די פֿערשיעדענע „הייליגע" אין דער אַרמעע האָבען אָנגעהערט איטליכער צו פֿערשידענע פֿעלקער, און האָט קיינמאָל נישט דערלאָזען, אַז די גאַנצע אַרמעע מיט אַמאָל זאָל זיך צובונטעווען.

נאָך קראָמוועל'ס דיקטאַטור האָט מען געדאַרפֿט ווי עס איז געבען אַ געזעצליכע פֿאָרם. דער פּאַרלאַמענט וואָס קר. האָט צונויפֿגערופֿען נאָכ'ן „לאַנגען", וועלכען ער האָט צוטריבען, האָט זיך בעשעפֿטיגט מיט פֿער־שיעדענע קירכליכע און גערעכטליכע רעפֿאָרמען, און איז פֿונאַנדערגע־

לאָזען געוואָרען נאָך עטליכע וואָכֿען אַרבייט. די אָנהענגער פֿון קראָמוועל׳ען האָבען געמאַכֿט אַן׳אייגענע קאָנסטיטוציע (ד. ה. אַרויסגעגעבען די גרונד־געזעצען, לויט וועלכֿע עס פֿיהרט זיך די אָרדנונג פֿון לאַנד), וועלכֿע האָט איבערגעגעבען די אויספֿיהרענדע־מאַכֿט קראָמוועל׳ען מיט׳ן טיטעל פּראָטעקטאָר, און די געזעצגעבענדע מאַכט איז געלעגען אין די הענד פֿון פּאַרלאַמענט, וואָס האָט אָבער נישט געהאַט דאָס רעכֿט אומצומאַכֿען די קאָנסטיטוציע. דער ערשטער פּאַרלאַמענט נאָך איהם האָט אָבער באַלד געפּרובט ענדערען די קאָנסטיטוציע, און קראָמוועל האָט איהם פֿונאַנדערגעלאָזען. איין צייט האט ער רעגיערט אַליין. די אָבגאָבען האָט ער אַליין אָהן פּאַרלאַמענט אַרויפֿגעלעגט אויף די בירגער, זיינע בעפֿעהלען פֿלעגען אויספֿיהרען זיינע גענעראַל־ראַיאָנען, וואָס זענען געזעסען אין די פֿערשיעדענע פּראָווינצען פֿון לאַנד. דער בעסטער כאַראַקטער־צוג אין דער צייט פֿון זיין רעגיערונג איז געווען די פּאָליטישע טאָלעראַנץ אין גלויבענס זאַכֿען צו אַלערליי אמונות, חוץ דער קאַטוילישער.

די אויסענוועניגסטע פּאָליטיק האָט ווידער געצוואונגען קראָמוועל׳ען צונויפֿצורופֿען דעם פּאַרלאַמענט. ער האָט געפֿיהרט אין בונד מיט פֿראַנקרייך אַ קריעג קעגען שפּאַניען, נאָר דער קריעג האָט אַזוי טייער געקאָסט, אַז קראָמוועל האָט זיך שוין נישט ערלויבט צו נעהמען וויטערדיגע אָבגאָבען פֿון פֿאָלק אָהן צושטימונג פֿון פּאַרלאַמענט. דער דאָזיגער נייער פּאַרלאַמענט האָט בעשטעטיגט די נייע אָבגאָבען, האָט ווידער אַיינגעפֿיהרט אַ צווייטע פּאַלאַטע, וועלכֿע דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרלאַמענט האָט אָבגעשאַפֿט, וואָס האָט געדאַרפֿט פֿונקציאָנירען ווי די אַמאָליגע פּאַלאַטע פֿון די לאָרדען, און געבעטען דעם פּראָטעקטאָר אָנצונעהמען דעם קעניגליכֿען טיטעל. קראָמוועל האָט זיך אָבגעזאָגט פֿון קעניגס־טיטעל, ווייל די סאָלדאַטען זענען געווען דאַגעגען. אין יאָהר 1658 איז קראָמוועל געשטאָרבען, און די פֿראַגע וועגען דער פֿאָרם פֿון דער וויטערדיגער רעגיערונג איז געבליעבען נישט פֿערענטפֿערט.

---

## די ווידער־הערשטעלונג.

קראָמוועל׳ס זוהן ריטשאַרד איז פּראָקלאַמירט געוואָרען פֿאַר אַ פּראָטעקטאָר, נאָר פֿאַר איהם האָט די אַרמעע נישט געהאַט קיין אבשיי, און ער האָט זיך באַלד אָבגעזאָגט פֿון דער מאַכֿט.

עס האָבען זיך ווידער אָנגעהויבען בונטען אין ענגלאַנד, וואָס זענען אַיינגעשטילט געוואָרען צוליעב דעם גענעראַל מאָנק, וואָס האָט נעקאָמאַנדירט אין שאָטלאַנד. ער איז געקומען מיט זיין אַרמעע אין לאָנדאָן און אונטער זיין אַיינפֿלוס האָט מען ווידער צונויפֿגערופֿען דעם פֿאַרלאַמענט נאָכ'ן אַלטען מנהג מיט אַנ'אויבערשטער פֿאַלאַטע פֿון די לאָרדען. די גרויסע מערהייט איז געווען דערפֿאַר, אַז מען זאָל דעם טראָהן ווידער אָבגעבען דעם זוהן פֿון קאַרל'ען. ער פֿון זיין זייט האָט פֿון ניעדערלאַנד צוגעשיקט אַ מאַניפֿעסט, וואו ער פֿערשפּרעכט מוחל צו זיין די בונטאָווּשטשיקעס, צו בעצאָהלען די אַריע און צו זאָרגען, אַז אין לאַנר זאָל הערשען רעליגיעזע טאָלעראַנץ. באַלד נאָכ'ן מאַניפֿעסט האָט דער פֿאַרלאַמענט אָנגענומען אַ בעשלוס, אַז לויט די אַלטע געזעצען בעשטעהט די רעגיערונג אין ענגלאַנד פֿון אַ קעניג, אַנ'אונטערשטער פֿאַלאַטע און דער פֿאַלאַטע פֿון די לאָרדען. דער וואונש פֿון פֿאָלק זיך אומצוקעהרען צו דער אַלטער רעגיערונג איז געווען אַזוי קלאָר, דאָס די אַרמעע, וואָס האָט ניט געהאַט קיין פֿיהרער, האָט זיך געמוזט אונטערגעבען. אין יאָהר 1660 איז קאַרל דער צווייטער מיט פּאַראַד געקומען קיין לאָנדאָן. די פֿאָלקען פֿון קראָמוועל'ען האָבען בעקומען זייער לוין און אָבגעלאָזען געוואָרען אַ היים. די אַנדערע פֿערשפּרעכונגען, וואָס קאַרל האָט צוגעזאָגט, זענען אָבער ניט געווען אַזוי לייכט צו ערפֿילען. עטליכע מיטגליעדער פֿון געריכט, וואָס האָבען פֿער'משפט צום טוידט זיין פֿאָטער, האָט ער אויך פֿעראורטיילט צום טויט. די הויפּטזאַכע אָבער, די רעליגיעזע טאָלעראַנץ, איז אָבגעוואָרפֿען געוואָרען פֿון פֿאַרלאַמענט אַליין, וואָס קאַרל האָט צונויפֿגערופֿען. די שרעקליכע צייט פֿון די איגערע קריעג, די טיראַניע פֿון קראָמוועל'ען, ווי די פֿאַנאַטישע רעליגיעזע שטרענגקייט פֿון די פּוריטאַנער, האָבען אַרויסגערופֿען אַ ר ע אַ ק צ י ע  ג ע ג ע ן  פּ ו ר י ט אַ נ י ז ם  ב כ ל ל. ביי קאַרל'ס הויף האָט מען געלעבט פֿערשווענדעריש, אויסשווייפֿענד און לוסטיג. אין קירכען-פֿראַגען האָט זיך דער פּאַרלאַמענט געהאַלטען פֿאַר די אָרדנונגען אין דער אַנגליקאַנישער קירכע. פֿון די פּאַסטאָרען און די לעהרער האָט מען געפֿאָדערט, אַז זיי זאָלען אָננעהמען דעם אַנגליקאַנישען גאָטעס-דיענסט. אין די שטעדט האָט מען ניט געהייסען קלויבען אין דומע אָזוינע, וואָס ווילען ניט אַרויס פֿון דעם פּראָטעסטאַנטען-בונד און וואָס גיבען ניט קיין שבועה, אַז עס איז געגען געזעץ זיך צו בונטעווען געגען קעניג. דער קעניג איז געווען געגען פּאַרלאַמענט, ער האָט געוואָלט דורכפֿיהרען גלויבענס-טאָלעראַנץ. ער האָט געהאַט אַ טעם דערצו, ווייל ע ר  ה אַ ט  ג ע-

שטרעבט איינצופיהרען אין ענגלאנד דעם פערפאָלגטען קאַטאָליציזם. שטילערהייד האָט ער אַליין אויך אָנגענומען דעם קאַטאָליציזם, נאָר דער פּאַרלאַמענט איז געווען פעסט ביי זיך.

קאַרל איז בכלל ניט געווען צופריעדען מיט'ן פּאַרלאַמענט. ער האָט איהם געגעבען צו ווייניג מיטלען אויף צו פיהרען אַ פרעהליכען פער־שווענדערישען הויף־לעבען. ער איז געווען אַ פעהיגער מענש, נאָר ער איז ניט געווען קיין אויפריכטיגער און ער האָט זיך געפיהרט ניט לויט'ן שטאָלצען שטאַט פון אַ קעניג. ער האָט זיך ניט געשעמט צו נעהמען געלד־שטיצע ביים פראַנצויזישען קעניג לודוויג XIV. ער האָט מיט איהם אויך געשלאָסען אַנ'אָבמאַך, אַז ער זאָל איהם שטיצען מיט זיין אַרמעע, ווען זיין איבערגאַנג צום קאַטאָליציזם און זיין שוין, וואָס ער גיעט די קאַטאָליקען, וועט אַרויסרופען אַ רעוואָלוציע אין ענגלאַנד.

דער שענדליכער אָבמאַך פון קאַרל'ען מיט לודוויג'ען איז אפילו גע־בליבען אין געהיים, אָבער שפּעטער האָט ער זיך געלאָזט שטאַרק פיה־לען. די מורא פון ענגלישען פּאַרלאמענט פאַר די פּאַפּיסטען (קאַטאָליקען), וואָס האָבען געסטראַשעט, אַז זיי קלויבען זיך מאַכען אַ רעוואָלוציע, האָט געבראַכט דערצו, קעגען דעם קעניגס פּאָליטיק, אַז אין יאָהר 1673 האָט מען אַרויסגעגעבען אַ געזעץ, לויט וועלכען אַלע קאַטאָליקען און די, וואָס ווילען זיך ניט אונטערגעבען דער אַנגליקאַנישער קירכע, קענען ניט בעקו־מען קיין שום רעגיערונגס־שטעלע.

נישט קוקענדיג דערויף, האָט קאַרל ווייטער געפיהרט זיין אינטער־נאַציאָנאַלע פּאָליטיק צו נוצען פון קאַטוילישען פראַנקרייך און צום שאַ־דען פון פּראָטעסטאַנטישען ענגלאַנד. באַלד איז דער פּאַרלאַמענט דער־גאַנגען דערפון, אַז קאַרל פיהרט אַ געהיימען בריעף־וועקסעל מיט'ן פראַנ־צויזישען הויף, און דאָס האָט שטאַרק אויפגערעגט די ענגלישע עפענטלי־כע מיינונג. זיי האָבען מורא בעקומען פאַר די קאַטוילישע אינטריגעס און פאַר זייער פרייהייט.

קאַרל האָט פונאַנדערגעלאָזען דעם פּאַרלאַמענט, צונויפגערופען אַ צווייטען, אָבער דער צווייטער איז אויך געווען אַזוי אויפגערעגט קעגען קעניגס פּאָליטיק, ווי דער ערשטער.

די רעאַקציע איז געוואָרען שוואַכער, ווי צו דער צייט פון דער ווידערהערשטעלונג פון דעם אַלטען סדר נאָך קראָמוועל'ען, און אין פּאַרלאַמענט האָט זיך געבילדעט אַ שטאַרקע פּאַרטיי פון די ווינען (אַזוי הייסט נאָך ביז היינט אין ענגלאַנד די ליבעראַלע פּאַרטיי, וואָס

קעמפפט שטענדיג מיט די מ א ר י ס, די קאָנסערוואַטיווע קעניגליכע פּאַר־טיי, וואָס האָבען דורכגעזעצט אין 1679 דאָס געזעץ פון „ה א ב ע א ס ק א ר פ ו ס“, לויט וועלכען עס איז איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז יעדער ענגלענדער, וואָס ווערט אַרעסטירט, האָט דאָס רעכט צו פאָדערען, אַז אין משך פון 24 שעה זאָל מען איהם צושטע־לען צום געריכט, וואָס דאַרף איהם ערקלערען, אויפ׳ן גרונד פון וועלכען געזעץ ער איז געוואָרען אַרעסטירט; דאָס געריכט האָט געהאַט דאָס רעכט צו בעשטעטיגען דעם אַרעסט, אָדער דעם אַרעסטירטען באַלד אַרויסצולאָזען פריי.

דער פּאַרלאַמענט האָט ווידער זיך גענומען צו בעפעסטיגען די בירגערליכע פרייהייטען פון פאָלק קעגען דער מוטוויליגער פּאָליטיק פון קעניג און די ראָיאַליסטען.

די וויגען האָבען נאָך געוואָלט דורכפיהרען אין פּאַרלאַמענט, אַז דער טהראָן פון קאַרל׳ען זאָל נישט אַריבער צום נאָהענטסטען יורש, דער הערצאָג פון יאָרק, ווייל דער הערצאָג איז אַ קאַטאָליק, אָבער דאָס האָט זיי זיך נישט איינגעגעבען. ביי דער דאָזיגער פראַגע פלעגט שטענדיג דער קעניג פונאַנדערלאָזען דעם פּאַרלאַמענט, און ענדליך האָט ער דורכגעפיהרט אַלס נאָכפאָלגער דעם הערצאָג פון יאָרק, וואָס האָט נאָך קאַרל׳ס טויט רעגיערט אונטער׳ן נאָמען יאַקאָב דער צווייטער.

עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, אַז די וויגען, וואָס האָבען פאָרטגעזעצט די אַרבייט פון די אַמאָליגע „אונאַבהענגיגע“, זענען געווען גערעכט מיט זייער פאָדערונג, נישט צו לאָזען ירש׳נען דעם טהראָן אַ קאַטאָליק. יאַקאָב האָט אָנגעהויבען צוטיילען די מלוכה־שטעלען צווי־שען קאַטאָליקען. די פּראָטעסטאַנטען איז פערבאָטען געוואָרען צו פּרע־דיגען נעגען קאַטאָליציזם. שפּעטער האָט ער אַרויסגערופען גרויסע קאָנפליקטען אין די פּראָטעסטאַנטישע קירכען. ער האָט מוטוויליג, קעגען געזעץ, בטל געמאַכט פיעלע בעשלוסען פון פּאַרלאַמענט. די בעפעלקע־רונג איז מיט יעדען יאָהר געוואָרען מעהר אויפגערעגט קעגען קעניג. נאָר כל זמן ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער, האָבען די ענגלענדער געהאָפט, אַז זיין קרוין וועט אַריבער צו זיין טאָכטער מאַריע, אַ פּראָ־טעסטאַנטין און די פרוי פון שטאַטהאַלטער אין ניעדערלאַנד. ווי באַלד אָבער יאַקאָב האָט בעקומען אַ זוהן, איז די האָפנונג צוריסען געוואָרען. ווי די וויגען, אַזוי די ט א ר י ס האָבען בשום אופן נישט געקאָנט צולאָזען דעם געדאַנק, אַז אין זייער פּראָטעס־

טאַנטיש לאַנד זאָל רעגיערען אַ קאַטוילישע דינאַסטיע. די הויפּט־פיהרער פון ביידע פּאַרטייען האָבען געשיקט ווילהעלם פון אָראַניען, דעם שטאַטהאַלטער אין ניעדערלאַנד, אַ דעפּוטאַציע מיט דער ביטע, אַז ער זאָל קומען קיין ענגלאַנד בעשיצען די ענגלישע געזעצען און דעם פּראָטעסטאַנטיזם. אין 1688 איז געקומען ווילהעלם קיין ענגלאַנד. דאָס פאָלק האָט איהם אויפגענומען מיט פרייד, יאַקאָב׳ס פאָלקען האָבען גענומען זיך אָנשליסען אין ווילהעלם׳ס אַרמעע. יאַקאָב אַליין, פון אַלעמען אַ פערלאָזענער, איז אַוועק קיין פראַנקרייך, און ווילהעלם האָט צונויפגערופען אַ פּאַרלאַמענט אויף פעסטצושטעלען די קינסטיגע מלוכה־אָרדנונג אין לאַנד. אין דעם פּאַרלאַמענט האָט מען ערקלערט יאַקאָב׳ען פאַר אַנ׳אַראָבגעזעצטען פון טהראָן, ווייל ער האָט נישט געהאַלטען דעם אָבמאַך צווישען פאָלק און קעניג און ווייל ער האָט פערלאָזען ענגלאַנד. דעם טהראָן האָט מען ערקלערט פאַר נישט בעזעצט, און מען האָט איינגעלאַדען ווילהעלם׳ען איהם צו פערנעהמען. דערביי זענען ווידער נעוואָרען גענויער פעסטגעשטעלט די פרייהייטען פון ענגלישען פאָלק, צוליעב וועלכע עס האָט זיך געפיהרט דער קאַמפּף מיט די צוויי קעניגען. מען האָט פאָרמעל אָבגענומען דאָס רעכט פון קעניג עמיצען צו בעפרייען מוטווילינ פון די לאַנד׳ס־געזעצען; אַלערליי אָבגאַבען און אָבצאָהלען קאָנען געמאָהנט ווערען נאָר לויט דער בעשטעטיגונג פון פּאַרלאַמענט; אויף צו האַלטען דעם קעניג אַ בעזונדער אַרמעע פאָדערט זיך די איינשטימונג פון פּאַרלאַמענט; די בירגער האָבען דאָס רעכט צו דערלאַנגען אָנקלאַגען און ביטעס צו דער העכערער מאַכט; קיינער טאָר נישט פערפאָלגט ווערען פאַר אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען אין די פּאַלאַטעס; די וועהלער האָבען די בריי טעסטע פרייהייט ביים קלויבען דעפּוטאַטען; די צעטלעך פון די געשוואָרענע געריכטס ביי זיצער ווערען צונויפגעשטעלט לויט די פאָדערונגען פון געזעץ.

די רעוואָלוציע אין 1688 מיט׳ן אַראָבזעצען דעם קעניג פון טהראָן האָט פערענדיגט די פאָלקס־אַרבייט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין 1640. צוליעב איהר האָט ענדגילטיג דער געוועהלטער פּאַרלאַמענט זיך געשטעלט העכער פון דער קעניגליכער מאַכט. די דינאַסטיע סטואַרט, וואָס האָט געקעמפט פאַר די אויבערהערשאַפט פון דער קעניגליכער מאַכט איז בעזייטיגט געוואָרען און ווילהעלם דער אָראַניער האָט בעקומען די קרוין פון פּאַרלאַמענטס הענד. אין דער הינזיכט האָבען די וויגען, די נאָכפאָלגער פון די רונדקעפּיגע

דערגרייכט אַ פֿאָלקאָמענעם נצחון, חאָטש צוליעב די טאָרים האָט די ענד־גילטיגע רעוואָלוציע נישט געהאַט דעם בלוטיגען האַראַקטער, ווי בעת עס האָבען בלויז קאָמאַנדעוועט די פֿאַנאַטישע רונדקעפּיגע.

די אַנדערע גרויסע פֿראַגע, צוליעב וועלכער עס איז געקומען צו אַ רעוואָלוציע, די רעליגיעזע טאָלעראַנץ־פֿראַגע, האָט נאָר בעקומען אַ בעפֿריעדיגענדען ענטפֿער מעהר אין דער טהעאָריע ווי אין דער פּראַקטיק. די רעליגיעזע פּאַרטייען האָבען געשלאָסען אַ געמאַכטען שלום צווישען זיך.

פֿון היינריך דעם 8־טען אָן האָט די רעגיערונג געוואָלט מאַכען פֿון דער אַנגליקאַנישער קירכע אַ נאַציאָנאַלע אמונה און דערשטיקען די איבריגע קירכען. אין דער צייט פֿון דער רעוואָלוציע האָבען די פּראָטעס־טאַנטען געוואָלט דערשטיקען אַלע אַנדערע אמונות אויסער זייערע. ביי קאַרל דעם צווייטען האָבען זיך ווידער אָנגעהויבען די רדיפות פֿון די אַנגליקאַנער קעגען די פּראָטעסטאַנטען. ביי יאַקאָב׳ען האָבען די קאַטאָלי־קען אויפֿגעהויבען די קעפּ. ענדליך אָבער איז נאָך דער רעוואָלוציע קלאָר געוואָרען דער געדאַנק פֿון טאָלעראַנץ. די דיסענטערען אַפֿילו, די וואָס שטעהען צווישען קאַטאָליזם און אַנגליקאַנזים, האָט מען געגעבען די מעגליכקייט פֿריי צו לעבען אין זייער גלויבען.

דער 17־טער יאָהרהונדערט האָט זיך געענדיגט פֿאַר ענגלאַנד דער־מיט, דאָס סיי אין דער פּאָליטיק, סיי אין דער רעליגיע האָט ענגלאַנד זיך אָבגעזאָגט פֿון דער אַלטער אָרדנונג און האָט גענומען לאַנגזאַם און כסדר איינפֿיהרען די נייע היינטיגע מלאכה־אָרדנונג.

---

צווייטעס קאַפּיטעל.

## פֿראַנקרייך אין 17־טען יאהרהונדערט.

### לודוויג דער פֿיערצעהנטער.

היינריך דער פֿיערטער האָט געוואָלט מיט אַלע קרעפֿטען צו פֿער־גלעטען די שאָדענס, וואָס פֿראַנקרייך האָט געליטען פֿון די רעליגיעזע קאַמפֿען. זיין ערשטער, ראַטגעבער איז געווען סולי, אַן עהרליכער שטרענ־גער הוגענאָט, וואָס האָט שטאַרק אויסגעבעסערט דעם אָבגאָבען־סיסטעם אין לאַנד. די צונויפֿזאַמלונג פֿון די אָבגאָבען פֿלעגט מען אָבגעבען פּאַדריאַטשיקעס לויט געוויסע טאָרגען. דערביי פֿלעגט ליידען סיי די

מלוכה־קאַסע, סיי דער בירגער, ביי וועלכען מען פלעגט אויסקוועטשען די לעצטע פרוטה. סיולי האָט נישט געקענט מבטל מאַכען די מאָרגעס, אָבער ער האָט פערשטאַרקט די קאָנטראָליע אויף די פאַדריאַטשיקעס. ער האָט שטאַרק געשטיצט די לאַנד־ווירטשאַפט. אום פול צו מאַכען די קאַסע, האָט ער איינגעפיהרט אַ נייע הכנסה, אַפילו נישט קיין זעהר וואוילע: די מיטגליעד פון פּאַרלאַמענט און פון אַנדערע געריכטס־אַנשטאַלטען האָבען בעקומען דאָס רעכט פאַר יעהרליכען אָבצאָהל איבערצוגעבען זייערע שטעלעס בירושה.

נאָכדעם ווי היינריך איז ערמאָרדעט געוואָרען, איז די פּערוואַלטונג אַריבער אין שוואַכע הענד. דער קעניג לודוויג דער דרייצעהנטער איז נאָך געווען מינדעריעהריג און אין קעניגליכען הויף האָבען זיך אָנגעהויבען אַלערליי סכסוכים און אינטריגעס. צוליעב דער פלאָנטערניש אין הויף האָט מען אין דעם יאָהר 1614 צונויפגערופען די גענעראַל־שטאַטען. די דעפּוטאַטען פון דריטען שטאַנד האָבען געפאָדערט אַ סך רעפאָרמען ווענען דער גלייכמעסיגער פערטיילונג פון די אָבגאָבען, ווענען דער אָבשאַפונג פון די פּריווילעגיעס פון אַדעל און ווענען דעם, אַז מען זאָל פערקלענערן די פּענסיע פון די הויף־לייט, אַז דאָס געריכט זאָל דורכאויס קאָנטראָלירען די געזעצמעסיגקייט ביי אַרעסטען און אַז די שטאַטען זאָלען ווערען צוזאַמענגערופען אַלע צעהן יאָהר. נאָר די אַדעל־לייט און די גייסטליכע האָבען ניט געוואָלט געהן צוזאַמען מיט דעם דריטען שטאַנד, און אויף יעדען טריט האָבען זיי געגעבען צו פיהלען זייער שטאַרקערע פּאָזיציע ביי דער מלוכה. איינער אַ דעפּוטאַט פון די אַדעל־לייט האָט געזאָגט: „מיר ווילען ניט, אַז די זיהן פון אַ שוסטער זאָלען אונז רופען ברידער; צווישען זיי און אונז איז דער אייגענער חלוק, וואָס צווישען אַ האַר און אַ קנעכט".

דער קעניגליכער הויף האָט באַלד פונאַנדערגעלאָזען די שטאַטען און פון דאַמאָלס אָן האָט מען זיי ניט צוזאַמענגערופען ביז צום יאָהר 1789, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די גרויסע רעוואָלוציע אין פראַנקרייך.

---

## קאַרדינאַל רישעליע.

צו די צייטען פון לודוויג דעם 13־טען האָט הויפּטזעכליך געפיהרט די פּערוואַלטונג דער קאַרדינאַל רישעליע. דאָס איז געווען אַ האַרטער מענש, וואָס האָט זיינע געגנער ניט מוחל געווען די קלענסטע זאַך,

און ער האָט וועניג געזאָרגט וועגען דעם וואָהלשטאַנד פון פאָלק. ער האָט איינמאָל געזאָגט, אַז אַ אַרבייטער טאָר ניט לעבען גוט, ווייל ער קאָן פערגעסען זיינע פפליכטען צום בעל־הבית. דערום האָט ער זיך ניט געשעמט צו פעראָרעמען דאָס לאַנד מיט נייע אָבגאָבען און צו פיהרען אַ רייהע מלחמות, וואָס האָבען נאָך מעהר חרוב געמאַכט דעם וואָהל־שטאַנד אין פראַנקרייך. ער האָט זיך מיט לייב און לעבען אָבגעגעבען אויף צו פערשטאַרקען די פראַנצויזישע מלוכה און די מאָנאַרכיע. צוערשט האָט ער געקעמפפט מיט די הוגענאָטען (פראָטעסטאַנטען), וועלכע האָבען געפיהרט זייער אייגענע פאָ־ליטיק, און דאַדורך אָבגעשוואַכט די פאָליטיק פון דער מאָנאַרכיע. דער קאַמפף האָט זיך געענדיגט מיט רישעליע'ס נצחון. די פראָטעסטאַנטען האָבען אפילו ווייטער בעקומען די גלויבענס־פרייהייט, אָבער זיי האָבען פערלאָרען די פאָליטישע פרייהייט לויט דעם אַלטען עדיקט פון נאַנט.

נאָכדעם האָט ער געפיהרט אַ קאַמפף מיט דער אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט נאָך אַלץ זיך ניט בערוהיגט און צייטענווייז געפיהרט זיך זעלבסטשטענדיג מיט אַנ'אייגענער פאָליטיק, מיט אינטריגעס קעגען דער מאָנאַרכיע.

רישעליע האָט ניט געקלערט צונעהמען פון די אַדעל־לייט זייערע פריווילעגיעס, נאָר ער האָט ענערגיש געקעמפפט געגען די דיסציפלינ־לאָזיגקייט פון דער אַריסטאָקראַטיע, געגען דעם, וואָס זיי פלעגען ניט וועלען געהאָרכען די בעפעהלען, וואָס קומען פון קעניגליכען הויף.

דריי זאַכען האָבען אַרויסגערופען צו איהם די ליעבע פון פאָלק און די שנאה פון דער אַריסטאָקראַטיע. ערשטענס, האָט ער בעפוילען אָראָב־צורייסען די פעסטונגען פון די אַדעלס־שלעסער. צווייטענס, האָט ער פערבאָטען דועלען (אין 18 יאָהר זענען גע'הרג'עט געוואָרען אויף דועלען צו רישעליע'ס צייט 1000 אַדעל־לייט), וועלכע ווערען בעשטראָפט מיט טוידט־שטראָף. דריטענס, האָט ער קאָמאַנדירט קעניגליכע קאָמיסאַ־רען אין דער פראָווינץ, אַז זיי זאָלען פערוואַלטען מיט די פינאַנסען, מיט דער פאָליציי און זאָלען אַכטונג געבען אויף די געריכטען. די לעצטע פעראָרדנונג איז געווען דערום בעזונדערס וויכטיג, ווייל דעם קעניגליכען קאָמיסאַר (אינטענדאַנט) פלעגט מען נעהמען פון דריטען שטאַנד, וועלכער איז דערהויבען געוואָרען נאָר צוליעב דעם קעניג אַליין און וועלכער האָט געהאַט ספּעציעל אַכטונג צו געבען אויפ'ן גובערנאַטאָר, דעם מאַגנאַט אין דער פראָווינץ, וואָס פלעגט קוקען אויף זיין פראָווינץ

ווי אויף זיין פעאָדאַלען לאַנד־בעזיץ, ווי אויף זיין איינענטום.

חוץ אַלעם דעם, פּלעגט רישעליע שטענדיג קעמפּפען מיט אַלערליי מיטלען געגען די בונטען, וואָס פּלעגען אַ מאָל אָננעהמען אַ חאַראַקטער פון אַ מלחמה. ער פּלעגט בעשטראָפען די געגנער, ניט קוקענדיג אויף זייער אַדעלס־אָבשטאַם, אָדער אויף זייער אַמטס־טיטעל. צו זיין צייט האָט מען פעראורטיילט צום טוידט פינף הערצאָגען, פיער גראַפען און איין מאַרשאַל.

צושלאָגענדיג אַזוי די זעלבסטשטענדיגע געזעלשאַפטליכע קרעפטען, האָט רישעליע אַריבערגעפיהרט אין פּאַריז אַלע מלוכה־אַנגעלעגענהייטען אין גאָסודאַרסטווענני סאָוויעט, וואו עס פּלעגען זיצען נאָר מענשען, וואָס דער קעניג האָט זיי אַליין אָנגעשטעלט. דערביי פּלעגט מען נעהמען נאָר מענשען פון דריטען שטאַנד, אָדער פון די קליינע אַדעל־לייט. די וויכטיגסטע פראַגען פלעגען אָבהענגען פון קעניגס וואָרט, ד. ה. פון זיין אייגענעם בעשלוס. דורכפיהרענדיג די דאָזיגע צענטראַליזאַציע, האָט רישעליע נישט מורא געהאַט אָבצושאַפען אַלטע מנהגים און רעכטען. אַזוי האָט ער אָבגעשאַפט די שטאַטען אין דאָפינע און פראָוואַנס. דאָס אייגענע האָט ער גע'בעל־הבית'ועט מיט די געריכטען. דער מוטווילען אין די גרויזאַמקייט פון קאַרדינאַל האָבען אַרויפגעצויגען אויף איהם דעם האַס פון אַלעמען. אָבער מען האָט זיך נישט געקענט גענוג אָנוואונדערען אויף איהם, ווען מען האָט איהם בעטראַכט אַלס פּאָליטיקער און דיפּלאָמאַט, וואָס איז געווען נישט בעשטעכליך און וואָס האָט געהאַט אַ זעלטענע ענערגיע און אַנ'אויסגעהאַלטענקייט. אין דער אייגענער צייט, ווען ער האָט געפיהרט אַנ'איינערען קאַמפף אין לאַנד, האָט ער נאָך צייט געהאַט צו דערהויבען פראַנקרייך אין דער אויסערער פּאָליטיק דערמיט, וואָס ער האָט זיך אַזוי קלוג אַריינגעמישט אין דעם דרייסיג־יעהריגען קריעג. דער נוצען פון זיין וויית־בליקענדיגער פּאָליטיק האָט זיך ערשט אַרויסגעוויעזען אַ סך יאָהרען נאָך זיין טויט.

---

## מאַזאַריני און די פראָנדע.

אין 1643 איז איינער נאָכ'ן אַנדערען געשטאָרבען לודוויג און רישעליע. לודוויג דער פיערצעהנטער איז געווען אויך מינדער־יעהריג און די פערוואַלטונג מיט די מלוכה־ענינים איז געווען אין די הענד פון דעם קלוגען, חיטרען איטאַליענער מאַזאַריני.

די גערי͏כטען, דער הויף און די אַדעללייט האָבען לייכטער אָבגע־אָטעמט נאָך רישעליע׳ס טויט און זיי זענען גרייט געווען זיך נוקם צו זיין פאַר די ערנידערונגען צו רישעליע׳ס צייטען. צו מאַזאַריני׳ס צייטען האָט דער פאַריזער געריכטס־פּאַרלאַמענט אונטער דעם איינפלוס פון דער ענגלישער רעוואָלוציע געשטעלט דער רעגיערונג אַ סך ליבעראַלע פאָדע־רונגען. ווען מאַזאַריני האָט געהייסען אַרעסטירען די פיהרער פון דער אָפּאָזיציע, האָט אָנגעהויבען פאַריז צו בויען באַריקאַדען און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ אינערער קריעג, וואָס האָט בעקומען דעם נאָמען פראָנ־דע, די פיהרער פון דער פראָנדע זענען געווען די אַדעללייט, און דאָס פאָלק, וואָס איז צוערשט צוגעשטאַנען צו דער פראָנדע, זעהענדיג די ענאָאיסטישע ציעלען פון די פיהרער, האָט זיך דערנאָך פון איהר אָבגע־שאָקעלט. די פראָנדע איז דערום באַלד בעזיעגט געוואָרען און מאַזאַריני האָט זיך צוריקגעקעהרט צו דער פּאָליטיק פון זיין פאָרגעננער רישעליע.

---

## לודוויג דער 14־טער.

אין יאָהר 1661 איז מאַזאַריני געשטאָרבען, און דער יונגער קעניג האָט אַליין גענומען די רעגיערונג אין דער האַנד. די קונציגע פערוואַל־טונג פון רישעליע און מאַזאַריני האָט איהם געגעבען גרויסע פינאַנצ־מיטלען און די ערשטע שטעלע אין דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק. נישט קוקענדיג אויף די מלחמות און אויף די פעהלערען פון דעם פינאַנצ־סיסטעם, האָבען דאָך די אַרבייטסזאַמקייט פון פאָלק און די נאַטירליכע רייכטימער פון לאַנד געגעבען דער רעגיערונג גרויסע איינקינפטען. פראַנקרייך האָט צו דער צייט פערמאָגט אַנ׳אויסגעצייכענטע געניטע אַרמעע. דאָס, וואָס עס האָבען זיך געענדיגט די רעליגעזע קריעגען, דאָס, וואָס דאָס לאַנד איז געווען פעראייניגט אונטער איין פערוואַלטונג, און פראַנקרייכ׳ס גרויסע ערפאָל־גען אין דער וועלט־פּאָליטיק—האָט שטאַרק אויפגעהויבען דעם גייסט פון דעם לעבעדיגען ריהרעדיגען פראַנצויז. אין דער אַרמעע, אין דער־פערוואַלטונג, און קירכען, אין דער סוחרישער בראַנזשע, אין קונסט און אין ליטעראַטור האָבען זיך בעוויזען אַ סך טאַלענטפאָלע מענשען. דער ערשטער שטאַנד האָט זיך אָבגעגעבען צו דער מיליטערישער קאַריערע און צו דעם פאַריזער הויפלעבען, וואו עס האָט זיך קאָנצענטרירט אַלדאָס בעסטע, שענסטע און מעכטיגסטע אין דאַמאָלסדיגער אייראָפּאַ. די זעלבסט־שטענדיגע אַריסטאָקראַטיע פון דער פּראָווינץ טרעט אָב דעם פּלאַץ דער

הויף-אַריסטאָקראַטיע, וואָס טהוט נאָר וואָס דער קעניג בעפֿעהלט.

לודוויג אַליין האָט זיך גישט אויסגעצייכענט מיט קיין גרויסע טאַלענטען, נאָר ער האָט בעזעסען אַלע די מעלות, מיט וואָס עס צייכענט זיך אויס איטליכער פֿעהיגער פֿראַנצויז. ער איז געווען אַנ'אַרבייטס־מענש, געפֿיהרט אַ לייכטזיניגען לעבען, ער האָט געשטרעבט צו גרויסע טהאַטען, ער האָט געהאַט אַ גוטען איידעלען געשמאַק און האָט נישט ליעב געהאַט די פּלאַנטערנישׁ פֿון אַ צו גרויסער טיעפֿזיניגקייט. ער האָט זיך געפֿיהלט איינס מיט זיין פֿאָלק און האָט נישט צוגעלאָזען דעם געדאַנק, אַז חוץ זיין ווילען קאָן נאָך זיין אַ צווייטער. „די מלוכה — דאָס בין איך.“ האָט ער נאָך יונגערהייד אַמאָל געזאָגט, און אין זיין לאַנגער רעגיערונגס־צייט איז ער געבליבען טריי דעם דאָזיגען שפּרוך. אין איין זאַך האָט ערגעהאַט אַ גרויסען ערפֿאָלג. צו זיין צייט איז פּאַריז און זיין הויף געוואָרען דער צענטער נישט נאָר פֿון פֿראַנקרייך, נאָר פֿון גאַנץ אייראָפּאַ. די פֿראַנצויזישע שפּראַך, פֿראַנצויזישע מאַניערען, ליטעראַטור, מאָדען האָבען זיך גענומען פֿערשפּרייטען צווישען די העכערע קלאַסען פֿון גאַנץ אייראָפּאַ. די שווערע פּאַראַדנע געביידען און פּאַלאַצען פֿון זיין צייט, די אַלעען און די פֿאָנטאַנען פֿון קעניגע פּאַרק האָבען געדיענט אַלס מוסטער פֿאַר אַלע גרויסע און קליינע פֿירשטען פֿון גאַנץ אייראָפּאַ.

דאָס, וואָס פֿראַנקרייך איז אַזוי הויך געשטיגען, האָט מען נאָך גע־האַט צו פֿערדאַנקען דער גרויסער מיליטערישער מאַכט, וואָס האָט געהאַלטען אַ האַלב יאָהרהונדערט גאַנץ אייראָפּאַ אין איין מורא. די אינעווע־ניגסטע פּאָליטיק פֿון רישעליע האָט געבראַכט איהר פֿרוכט. די פֿערוואַל־טונג פֿון פֿראַנקרייך איז געוואָרען שטאַרק צענטראַליזירט אין די הענד פֿון קעניג און זיינע בעאַמטע. אָהן פּאַריז איז קיין זאַך ניט גע־טהון געוואָרען. די קעניגליכע קאָמיסאַרען זענען געווען די אמת'ע פֿער־וואַלטער פֿון לאַנד. די גובערנאַטאָרען זענען נאָר געווען צוליעב פּאַראַד־דער קעניג און זיינע מיניסטאָרען האָבען געהאַלטען די פֿעדעם פֿון דער אויבערשטער פֿערוואַלטונג. די הויכע פּאָליטיק פֿלעגט ווערען געמאַכט אין אויבערשטען ראַט, וואו דער קעניג איז געווען פּרעזידענט און די מיטגליעדער — עטליכע מיניסטאָרען און מאַגנאַטען. די העכסטע בעאַמטע פֿלעגט מען נעהמען פֿון דריטען שטאַנד, צוליעב דעם, אַז דער מעכטיגסטער מיניסטער זאָל וויסען זיין, אַז ער איז ניט מעהר ווי „דער משרת פֿון קעניג“.

## מיניסטער קאָלבער.

איינער פון די בעדייטענדסטע מיניסטאָרען אין לודוויג׳ס צייטען איז געווען קאָלבער, אַ זוהן פון אַ שניידער, וואָס איז אַמאָל געווען אַ פּריוואַט-בעאַמטער פון מאַזאַריני. אַלס אַן׳אונגעוועהנליכער אַרבייטס-מענש און גרויסער אָרגאַניזאַטאָר, איז ער געוואָרען דער הויפּט-קאָנטראָלער פון דער פערוואַלטונג. זיין אַרבייט איז בעשטאַנען אויף צו געפינען די מיטלען צום קריעג און פאַר׳ן קעניגליכען הויף, וואָס האָט געלעבט שטאַרק פערשווענדעריש. דערום האָט ער אינגאַנצען ניט געקענט אויסבעסערן דעם נאַלאָגען-סיסטעם, נאָר ער האָט געטהון אַלעס מעגליכעס אויף צו פערקלענערן די פּריוועלעגיעס: ער האָט פערקלענערט די צאָהל פון די גיטער, וואָס זענען געווען פריי פון נאַלאָגען. ער האָט פערקלענערט די דירעקטע אָבגאַבען, וואָס פלעגען נאָר שווער דריקען די גאַנצע אָרעמע בעפעלקערונג, און האָט פערגרעסערט די ניט-דירעקטע אָבגאַבען, וואָס פלעגען זיך מעהר לעגען אויף די רייכערע קלאַסען. ווי אַמאָל סיולי, האָט ער שטאַרק געזוכט צו שטיצען די לאַנדווירטשאַפט, האָטש ער האָט געהאַט אַנ׳אַנדער ציעל דערביי. קאָלבער האָט געשטרעבט דערצו, אַז פראַנקרייך זאָל ווערען אונאַבהענגיג פון זיינע שכנים, אַז זיין האַנדעל זאָל אַריבערשטייגען דעם האַנדעל פון אַנדערע לענדער און דערמיט צוציהען אין לאַנד אַ סך געלד.

רויהע מאַטעריאַלען, וואָס זענען נויטיג פאַר דער פראַנצויזישער פאַבריקאַציע, האָט מען געמענט אַריינפיהרען אָהן אָבצאָהל, און אויף אויסגעאַרבייטע פרעמדע סחורות איז געווען דער אָבצאָהל אַזוי גרויס, אַז מען האָט אויפגעהערט זיי אַריינצופיהרען קיין פראַנקרייך. כדי עס זאָל זיך ענטוויקלען די פראַנצויזישע פאַבריקאַציע, האָט קאָלבער געבראַכט מייסטער פון אויסלאַנד. ער פלעגט געבען די קאַפּיטאַליסטען סובסידיעס. ער האָט געבויט מלוכה-פאַבריקען און זאַוואָדען און האָט איינגעאָרדענט אַ קאָנטראָלע אויף פּריוואַטע פאַבריקס-אונטערנעהמונגען, אַז זיי זאָלען אויסאַרבייטען גוטע סחורות. דורך קאָלבער׳ס ווירקונג האָבען זיך אין פראַנקרייך געגרינדעט טוך-זיידען, בוימוואָהל-גלאָז-און פאָרצעליי-פאַבריקען. ער האָט פערזאָרגט דאָס לאַנד מיט אַ נעץ פון גוטע וועגען און קאַנאַלען. ער האָט שטאַרק געשטיצט די פראַנצויזישע האַנדעלס-קאָלאָניע אין די פערשיעדענע וועלט-טיילען. קאָלבער האָט כמעט פון דאָס ניי-

אויפגעבויעט אַ מיליטערישען פלאַץ און אַ אויסגעצייכענטען האַפען אין ברעסט.

---

## לובואַ.

קאָלבער האָט פערגרעסערט די פראָדוקטיווע קרעפטען פון לאַנד. דער קריעגס־מיניסטער לובואַ ווידער האָט געטהון אַלעס מעגליכע צו פערשטאַרקען די אַרמעע צו לודוויג'ס צייטען. צום סוף פון זיין רעגירונגס־צייט איז די פראַנצויזישע אַרמעע, ביי אַ בעפעלקערונג פון 20 מיליאָן, בעשטאַנען פון 550 טויזענד סאָלדאַטען. לובואַ האָט שטאַרק אויסגעביל־דעט די פראַנצויזישע אַרמעע. צוליעב איהם האָט די פראַנצויזישע אַרמעע זיך געקענט גיכער, לייכטער און פרייער בעוועגען, אַלס וועלכע ס'אין אַרמעע אין גאַנץ אייראָפּא. צו לובואַ'ס צייטען האָט זיך אין דער אַרמעע אויסגעבילדעט דער ספּעציעלער מילי־טערישער קעניגס טרייען־גייסט, צוליעב וואָס זי איז געוואָרען אַ מעכטיגע שטיצע פאַר'ן קעניג.

---

## פּראָטעסטאַנטיזם:

לודוויג האָט נישט געקענט בשום אופן איינשטימען, אַז אין זיין מלוכה זאָלען זיין מענשען, וואָס ערלויבען זיך, נישט צו האָבען די איי־גענע אמונה, ווי ער. אין 1685 האָט ער בטל געמאַכט דעם נאַנטער עדיקט וועגען גלויבענס־טאָלעראַנץ צו די פּראָטעסטאַנטען (הוגענאָטען). די פּראָטעסטאַנטישע קירכען האָט מען פערמאַכט, די פּאַס־טאָרען האָבען נישט געטאָרט פיהרען זייער גאָטעס־דיענסט, און ווען די פּראָטעסטאַנטען האָבען אָנגעהויבען מאַסענוויז צו לויפען פון פראַנקרייך, האָט די רעגירונג פערבאָטען די עמיגראַציע, פלעגט נאָכיאָגען די עמיגראַנטען און פלעגט זיי אָפּטמאָל הענגען דערפאַר. פון דעסטוועגען זענען צעהנדליגער טויזענדער בעמיטעלטע פּראָטעסטאַנטישע פאַמיליען אַוועק פון פראַנקרייך און האָבען זיך בעזעצט אין דייטשלאַנד, האָלאַנד און אין דער שווייץ.

די גרויסע רעגירונגס־קראַפט פון לודוויג דעם 14־טען איז אַוועק אויף מלחמות און לענדער־ערָאָבערונגען. צוערשט האָט ער געפיהרט אַ מלחמה מיט שפּאַניען און האָט אָבגעריסען אַ שטיק פון שפּאַנישעס ניע־

דערלאַנד פאַר פראַנקרייך. דעם צווייטען קלאַפּ האָט ער געגעבען האָלאַנד און דעם דריטען — דייטשלאַנד. אין דעם קאַמפּף וועגען דער ירושה פון שפאַנישען טהראָן (לודוויג האָט איהם געוואָלט בעקומען פאַר זיין אייניקעל פיליפּ) האָבען די פראַנצויזען געהאַט ניעדערלאַגען געגען די פערבינדעטע מלוכות, וואָס זענען אַרויס געגען פראַנקרייך. אַ גרויסען איינדרוק האָט געמאַכט אויף די פערבינדעטע דער שטאַרקער פּאַטריאָטיזם פון די פראַנצויזען, וואָס זענען נישט מיעד געוואָרען צו קעמפּפען, וואָס האָבען נאָך איטליכער מפּלה אַרויסגעשיקט אַ פרישע אַרמעע און וואָס האָבען צו ענדע פון קריעג נאָך פיעלע מפּלות גע־קעמפּפט מיט דעם אייגענעם מוט ווי צום אָנפאַנג. און דערום טאַקי האָט פראַנקרייך זיך איינגעגעבען צו שליעסען אַ גוטען פריעדענס־אָבמאַך מיט די פערבינדעטע מלוכות, חאָטש די פראַנצויזען האָבען געהאַט אַזוי פיעל מפּלות. פראַנקרייך האָט אַפילו געמוזט אָבטרעטען אַ טייל פון זיינע פריהער פערחאַפטע שטיקער ערד און לענדער, אָבער עס האָט דורכגע־זעצט, אַז פיליפּ זאָל בעקומען די פערלאַנגטע ירושה.

די אַלע מלחמות האָבען סוף כל סוף שטאַרק רואינירט פראַנקרייך, אויסגעלעדיגט די מלוכה־קאַסע (די פראַנצויזישע רעגיערונגס־חובות האָבען דערגרייכט פאַר יענער צייט די גרויסע סומע פון 4 מיליאַרד פראַנק), האָבען פעראָרעמט די בעפעלקערונג און צוגענומען פון איהם דעם מוט. ביים סוף פון לודוויג׳ס רעגיערונגס־צייט האָבען זיך ארויסגע־וויזען די אַלע שרעקליכע פעהלערען פון דער אַבסאָלוטיסטישער פראַנ־צויזישער מלוכה, ווען דער קעניג האָט געלעבט מיט דער אמונה, אַז „די מלוכה—דאָס איז ער״. לודוויג אַליין פאַר׳ן טויט האָט געזאָגט צו זיינע מקורבים: „איך האָב צו־שטאַרק געהאַלטען פון מלחמות און צו פערשווענדעריש געלעבט,--טהוט מיר אין דער היגזיכט נישט נאָך״.

---

דריטעס קאַפּיטעל.

## דאָס וואַכסען פון פּרייסען.

### פּוילען פאַלט.

דער דרייסיג־יעהריגער קריעג האָט מיט אַמאָל בעוויזען, אַז שווע־דען איז אַ גרויסע מאַכט און אַז פּוילען, אַלס מלוכה, איז זעהר שוואַך. פּוילען, אַנשטאַט זיך צו מישען אין די אַנגעלעגענהייטען פון דייטש־

לאַנד, האָט זיך פּערנומען מיט טערקיי. דער דאָזיגער קריעג האָט געהאַט אַ גרויסען ווערט פאַר'ן דייטשען איםפּעראַטאָר, וואָס איז געוואָרען דאַדורך פריי פון די טערקען און ער האָט דערום געקענט ענערגישער אויפטרעטען אין מערב-אייראָפּאַ. אויסערדעם האָט פּוילען אין 30-יעהריגען קריעג, צוליעב די סכסוכים מיט רוסלאַנד, נישט געקאָנט האַנדלען פריי. צו דערצייט הויבט זיך אויף די קאָזאַקען-פראַגע, און דער קאַמפּף פאַר קליין-רוסלאַנד נעהמט צו די קרעפטען ביי די רוסען, די פּוילען און דער טערקיי. נאָר האָטש פּוילען האָט נישט אַכטונג געגעבען צו דער רעכטער צייט אויף שוועדענס ערפאָלגען, נאָר נאָך דעם 30-יעהריגען קריעג האָבען זיך דיביידע מלוכות געמוזט בעגעגענען. אין ליפלאַנד, אין פּאָמערן און פּרייסען האָבען זיך בעגעגענט די אינטערעסען פון די ביידע מלוכות. קאַרל דער 10-טער האָט זיך אַריינגעריסען אין פּוילען אין 1655, איינגענומען פּוילען ביז קראַקאָ און צושלאָגען קאַזימיר'ס חיל הינטער וואַרשוי. צו הילף זענען געקומען קאַזימיר'ען רוסלאַנד און דענמאַרק. די שוועדען האָבען געמוזט אָבטרעטען צוליעב די פערבינדעטע מלוכות און האָבען פּוילען אַרויסגעלאָזען פון זייערע הענד.

דאַמאָלס האָט זיך פּוילען ווייטער גענומען פאַר די רוסישע און טערקישע אָנגעלעגענהייטען. נאָך אַ געוויסען שלום-אָבמאַך האָט רוסלאַנד בעקומען סמאָלענסק, קיעוו, טשערניגאָוו און אַ שטיק קליין-רוסלאַנד. די טערקען האָבען פערחאַפּט פּאָדאָליען און דעם אַנדערען טייל קליין-רוסלאַנד. דער בעריהמטער פּוילישער גענעראַל יאַן סאָביעסקי האָט אָבער געגעבען די טערקען אַ מפּלה ביי חאָטין (1667). די פּוילען האָבען איהם אויסגעקליבען פאַר אַ קעניג, און ער האָט עסטרייך געטהון אַ גרויסע טובה. אין 1683 איז דער גרויס-וויזיר פון טערקיי דערגאַנגען מיט זיין חיל ביז וויען און האָט שוין די שטאָדט כמעט איינגענומען. נאָר צוליעב דער הילף פון סאָביעסקי'ן האָט ער בעקומען אַ ניעדערלאַגע.

נאָר פון אַלע די העלדענטהאַטען האָט פּוילען ווענינ נוצען געהאַט, וויל אין לאַנד גופא האָבען נישט אויפגעהערט די בלוטיגע סכסוכים. נאָך סאָביעסקי'ס טויט האָט די פּוילישע קרוין דורך בעשטעכונגען בעקומען אויגוסט דער צווייטער, דער קורפירסט פון זאַקסען. צו זיין צייט איז פאָרגעקומען אַנ'איבערקעהרעניש אין אייראָפּאַ צוליעב פּיאָטר דעם גרויסענס נצחון איבער'ן שוועדישען קעניג קאַרל דעם 12-טען. אויגוסט איז געווען אין בונד מיט רוסלאַנד און דעריבער האָט ער זיך געקענט האַלטען אויפ'ן טהראָן געגען זיינע פיעלע געגנער אין לאַנד.

אָבער פּוילען האָט גאָרנישט געהאַט פון דעם בונד, ווייל די שליאַכטע (אַדעללייט) האָט זיך צובּרעקעלט אין פיעלע פּאַרטייען. אין דער צייט, ווען עס איז געגאַנגען אַ קאַמפּף צווישען די רוסען, די בראַנדענבּורגער, די דענער, שוועדען און טערקען, האָבען די פּוילישע קאָנפעדעראַציעס זיך איינע די אַנדערע געריסען ביז צום בּלוט. ווייבאַלד די סכנה פאַר די שוועדען איז אַריבּער, האָט אויגוסט דערשטיקט דעם בּונט פון דער שליאַכטע אין האָט געפּוילעט ביים סיים אַ קליינעם שטענדיגען אָבצאָהל, ווי אויך דאָס רעכט צו האַלטען בּיי זיך אַ קליינע אַרמעע. דערפאַר אָבער האָט ער געמוזט אין אַלע אַנדערע זאַכען נאָכגעבען דער שליאַכטע, וואָס האָט גישט געלאָזט איינפיהרען אין לאַנד האַטש וואָס עס איז פאַר אַנ׳אָרדנונג.

---

### פּרייסען אין 17-טען יאָהרהונדערט.

צוויי וויכטיגע מלוכות אין מזרח, שוועדען און פּוילען, זיינען געפאַלען. אָנשטאָט זיי איז אויסגעוואַקסען די רוסישע מלוכה. נאָר חוץ רוסלאַנד איז אויסגעוואַכסען אַ מלוכה, וואָס האָט אייגענטליך לויט איהר כח און גרויסקייט נישט געראַפט שפּיעלען קיין וויכטיגע ראָלע. זי האָט אָבער פערשטאַנען אויסצוניצען אַלע סכסוכים און קריזיסען, וואָס אַנבּעלאַנגט מזרח-אייראָפּאַ, צו איהר טובה. האַטש זי איז געלעגען אויפ׳ן גרויסען טראַקט צווישען שוועדען, פּוילען און רוסלאַנד, האָט זי פונדעסטוועגען פערשטאַנען זיך צו ענטוויקלען אין אַ קרעפטיגע גאַנצע מלוכה. די מלוכה האָט געהייסען פּרייסען.

אין יאָהר 1611 האָבען די בּראַנדענבּורגער האָהענצאָלערן בּעקומען פון זיגמונד דעם דריטען מזרח-פּרייסען. גלייכצייטיג האָבען זיי זיך בּעפעסטיגט אויפ׳ן רהיין. נאָך דעם 30-יעהריגען קריעג האָבען זיי בּעקומען פּאָמערן און מאַגדענבּורג. אין דער צייט פון קריעג צווישען קאַזימיר׳ען אין קאַרל׳ען דעם 10-טען האָט פּרייסען פריהער אַפילו געהאַלטען פאַר די שוועדען, דערנאָך אָבער פאַר פּוילען. אַלס געשענק פאַר די טרייהייט צו פּוילען, איז פּרייסען בּעפרייט געוואָרען פון דער וואַזאלען-פּפליכט צו דעם פּוילישען קעניג. דער גרויסער קורפירסט פון פּרייסען, פריעדריך ווילהעלם, פריי ווערענדיג פון די, פּפליכטען צו פּוילען, האָט זיך גענומען מישען אין די שוועדישע און פראַנצויזישע ענינים. ער האָט זיך שטאַרק בּעטיילינט אין מלוכה-בּונד נעגען לודוויג דעם 14-טען. ער האָט געגעבען אַ מפּלה די שוועדען נאָהענט בּיי בּראַנדענבּורג און מען האָט זיך מיט

איהם שטאַרק גענומען רעכענען אין דער וועלט־פּאָליטיק. דער גרויסער קורפירסט איז נישט נאָר געווען אַ גוטער דיפּלאָמאַט און קריעגספיהרער. ער האָט אויך דערגרייכט די גרויסקייט פון זיין מלוכה דורך אַ גוטע פערוואַלטונג. ער איז שטענדיג געווען פערנומען דערמיט, צו פערגרעסערן די פערוואַלטונג און צו שטאַרקען די האַנדעלס־קרעפטען אין לאַנד. אַ דאַנק איהם, האָבען זיך זיינע פּראָווינצען, וואָס זענען חרוב געוואָרען צוליעב'ן 30־יעהריגען קריעג, גיכער ערהאָלט פאַר אַנדערע שכנ'ישע פּראָווינצען. בעזונדערס נוצליך איז געווען פאַר בראַנדענבורג, וואָס די פראַנצויזישע עמיגרירטע הוגענאָטען האָבען זיך צו טויזענדער בעזעצט אין פּרייסען און מיטגעבראַכט נייע פאַבריקאַציעס און נייע אַרבייטס־קרעפטען. פאַר דער גאַנצער וועלט איז די שטאַרקייט פון בראַנדענבורג ערשט קלאָר געוואָרען נאָכ'ן טויט פון „גרויסען קורפירסט". זיין זוהן האָט בעקומען פון אימפּעראַטאָר דאָס רעכט צו טראָגען דעם טיטעל „קעניג פון פּרייסען".

דאָס נייע קעניגטום האָט געפיהרט די פּאָליטיק איינאיינעם מיט רוסלאַנד. אַלס געשענק דערפאַר האָט ער בעקומען אַ שטיק שוועדישע פּאָמערן. פרידריך דער ערשטער איז געווען אַ קאַרגער, פערגרעבטער, נישט געבילדעטער מענש, נאָר ער איז געווען אַ גוטער פערוואַלטער און אַ שטרענגער קעניג. ער פלעגט שפּאָרען איטליכען גראָשען פון זיינע איינקונפטען. ער האָט נאָר געהאַט איין ליידענשאַפט—די ליידענשאַפט צו האָבען אַ גרויסע אַרמעע. דאָס קליינע לענדעל פּרייסען מיט קנאַפּע 3 מיליאָן בעפעלקערונג האָט אויסגעהאַלטען אַנ'אַרמעע, וואָס איז נישט געווען קלענער פאַר דעם אימפּעראַטאָרס און וואָס איז נאָך זי אַריבערגעשטיגען אין דער דיסציפּלין און אין אַנדערע הינזיכטען.

---

## פרידריך דער גרויסער.

זיין זוהן פרידריך דער צווייטער איז געווען דער היפך פון זיין פאָטער. ער איז געווען זעהר בעגאַבט. אונטער דעם איינפלוס פון זיין פראַנצויזישען גובערנער האָט ער בעקומען אַ גרויסע בילדונג. ער האָט נישט געהאַט די פּראָטעסטאַנטישע אינטערעסען פון זיין פאָטער און האָט נישט גע'ירש'ט זיין קאַרגקייט. די דרכים פון פאָטער האָבען איהם אָבגעשטויסען; ער האָט געלעבט לייכטזיניג, געמאַכט חובות און איז אינגאַנצען געווען דורכגעדרונגען מיט די פרייע מיינונגען פון די פראַנצויזי־

שע פֿילאָזאָפֿען פֿון זיין צייט. פֿריעדריך דער ערשטער איז געווען שטאַרק נישט צופֿריעדען מיט זיין זוהן, — מאַנכמאָל פֿלעגט אַפֿילו דערגעהן די אונצופֿריעדענהייט ביז קלעפּ. דער קרוינפּרינץ האָט אַזוי שטאַרק געליטען פֿון פֿאָטער, אַז ער האָט זיך שוין איינמאָל בעשלאָסען צו אַנטלויפֿען פֿון פֿאָטער׳ס השגחה. דער קעניג האָט אָבער דעם קרוינפּרינץ געכאַפּט. מען האָט איהם גע׳משפּט און געוואָלט אַפֿילו איהם מעביר נחלה זיין, נאָר ענדליך האָט מען איהם נאָר אַריינגעזעצט אין אַ שטרענגע פֿעס-טונג. שפּעטער האָט ער געמוזט, ווי אַנ׳איינפֿאַכער בעאַמטער, זיצען אויף די פּאַפּיערען פֿון אַ פּריסישער פּראָווינץ. אין אַזאַ לאַגע איז ער אויך געווען צוגעשריעבען צו אַ פּאָלק, וואו ער האָט געלערנט די קריעגס-קונסט. דערנאָך האָט מען איהם חתונה געמאַכט מיט אַ ברוינשווייגער פּרינצעסין, וועגען וועלכער דער קעניג האָט אַליין געשריבען, אַז זי איז נישט שען, נישט מיאוס, נאָר זעהר פֿרום. אַלס פֿערהייראַטעטען, האָט איהם דער קעניג ערלויבט צו האָבען אַנ׳איינענעם קליינעם הויף, און דער קרוינפּרינץ האָט זיך געמיהט, וואָס בעסער צו טהון די אַרבייט, וואָס דער קעניג האָט איהם איבערגעגעבען, און וואָס וועניגער זיך צו בעגעגענען מיט זיין פֿאָטער. איבריגענס, אַרבייטענדיג, האָט פֿריעדריך באַלד איינגעזעהען, אַז דעם פֿאָטערס שווערער פּעדאַנטיזם האָט אויך זיינע גוטע זייטען. ער האָט זיך גענוי בעקענט מיט דער אַרמעע, מיט די פֿינאַנסען, מיט דער פֿאָלקס-ווירטשאַפֿט און ער האָט זיך איבערצייגט, אַז זיין פֿאָטער האָט אַלץ צוגעגרייט דערצו, אַז פּרייסען זאָל זיך קענען דרייסט נעהמען פֿאַר גרויסע טהאַטען.

אין 1740 איז פֿריעדריך דער ערשטער געשטאָרבען, און דער זוהן האָט דרייסט גענומען בענוצען די מיטלען, וואָס זיין פֿאָטער האָט פֿאַר איהם אָנגעקליעבען. ער האָט בעשלאָסען אויסצונוצען לטובת פּרייסען די שווערע פּאָליטישע לאַגע, אין וועלכער עס האָט זיך דאַמאָלס געפֿונען עסטרייך.

די מאָנאַרכיע פֿון די האַבסבורגער, נישט קוקענדיג אויף איהר גרויס און די צאָהל פֿון דער בעפֿעלקערונג, האָט געקענט אַלע ווילע צופֿאַלען שטיקערווייז. דער דייטשער אימפּעראַטאָר קאַרל VI האָט נישט געהאַט קיין זיהן, און ביי זיין טויט האָט געמוזט ענטשטעהען די פֿראַגע וועגען דעם, ווער עס וועט ירש׳נען בעהמען, אונגאַרן, בעלגיען, מילאַן, טאָסקאַניען א. אַ. וו. אום צו פֿערהיטען פֿון אַזאַ צופֿאַל, האָט ער אַרויס-געגעבען אַזאַ גראַמאָטע, לויט וועלכער זיין יורש ירש׳נט אינגאַנצען אַלע

פֿערשידענע טיילען פֿון זיין אימפעריע, און אַלס יורש׳טע האָט ער גע־
מאַכט זיין טאָכטער מאַריע־טערעזע. באַלד אָבער, ווי ער איז גע־
שטאָרבען (1740), האָבען זיך דאָך אָנגעהויבען די מחלוקות וועגען דער
ירושה. איינער פֿון די פּרעטענדענטען אויפֿ׳ן טהראָן איז געווען דער
בייערישער קורפֿירשט, וועלכען עס האָט געשטיצט דער פֿראַנצויזישער
קעניג. אין דער מינוט, ווען צווישען עסטרייך און פֿראַנקרייך האָט זיך
אָנגעהויבען אַ בלוטיגער קאַמפּף, האָט מאַריע־טערעזע בעקומען אַ שונא,
אין דער פּערזאָן פֿון איהר אייגענעם וואַזאַל. פֿריעדריך איז פּלוצלינג
אַריין אין שלעזיען און האָט בעקומען דעם ערשטען נצחון איבער עסט־
רייך. מאַריע־טערעזע האָט זיך אַפילו נישט פֿערלאָרען, נאָר איהרע
הויפּט־קרעפֿטען האָבען געמוזט געהען געגען די פֿראַנצויזען, וואָס זענען
שוין דערגאַנגען צו ווייט אין זייערע נצחונות. ענדליך האָבען די פֿער־
בינדעטע מלוכות פֿערטריבען די פֿראַנצויזען. מאַריע איז געוואָרען אָנער־
קענט אַלס יורש׳טע, און איהר מאַן פֿראַנציסק — אַלס אימפּעראַטאָר איבער
דער גאַנצער האַבסבורגער מאָנאַרכיע. די פֿראַנצויזען האָבען געמוזט
אָבגעבען די איינגענומענע פּראָווינצען. דעם גרעסטען נוצען אָבער האָט
געהאַט פֿריעדריך, וואָס האָט צוערשט כלומר׳שט געמאַכט שלום מיט עסטרייך,
דערנאָך געבראָכען דעם שלום, געגעבען די עסטרייכער עטליכע מפּלות
און זיך פֿערפֿעסטיגט אויף שטענדיג אין שלעזיען.

פֿריעדריכ׳ס ערפֿאָלג האָט פֿעראינטערעסירט גאַנץ אייראָפּאַ.
פּרייסען איז געוואָרען פֿון אַ קליינעם העלפֿער פֿון רוסלאַנד אַ שטאַרקע
מאַכט. מען האָט אָנגעהויבען צו בעוואונדערען די גוטע מיליטערישע
דיסציפּלין פֿון דער פּרייסישער אַרמעע, די פֿלינקהייט און די גיכקייט פֿון
זייער שום־געוועהר, דעם אונטערנעהמונגס־גייסט און דעם קריעגס־טאַלענט
פֿון קעניג. מען איז אַפילו שטאַרק נישט צופֿריעדען געווען מיט זיין
חיטראָסט, מיט זיין גזלנ׳ישער פֿעראַכטונג צו פֿרעמדע קעניגליכע רעכ־
טען, דערמיט, וואָס ער האַלט נישט פֿון קיין געגעבענעם וואָרט און א.
א. וו. מאַריע־טערעזע האָט אָבער נישט געקענט מוחל זיין פֿריעדריכ׳ען
שלעזיען. זי האָט געגען פֿריעדריכ׳ען געמאַכט אַ בונד פֿון פֿיעלע מלוכות
און האָט צוגעצויגען צום בונד רוסלאַנד, זאַקסען, שוועדען און אַפילו
פֿראַנקרייך. פֿריעדריך האָט דערוויל זיך פֿערבונדען מיט ענגלאַנד.
די קרעפֿטען זענען געווען אַזוי נישט גלייך, אַז פֿריעדריך האָט נאָר
געקאָנט האָפֿען דערויף, אַז דער בונד, נאָך איידער ער וועט זיך צונויפֿ־
רעדען, וועט קענען צושלאָגען ווערען פֿון איהם, איטליכע מלוכה

איינצעלוויז, און דערום, נישט וואַרטענדיג, ביז דער בונד וועט איהם ערקלערען אַ קריעג, האָט ער זיך אַ לאָז געטהון מיט זיין אַרמעע אויף די זאַקסען, אַרומגערינגעלט זייער אַרמעע און זיי געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען, און נאָך דורכגעפֿיהרט געגען די עסטרייכֿער צוויי שלאַכֿטען.

## דער זיעבעניעהריגער קריעג.

דער אָנפֿאַנג איז געווען גינסטיג פֿאַר פֿריעדריכֿ׳ען, אָבער די קרעפֿטען פֿון מלוכה־בונד האָבען אָנגעהויבען אַרומצורינגלען פֿריעדריכֿ׳ען פֿון אַלע זייטען. די פֿראַנצויזען האָבען בעזיעגט די ענגלענדער און האָבען זיי אָבגעלאָזען נאָר דאַמאָלס, ווען זיי האָבען צוגעזאָגט אַרויסצוגעהן פֿון בונד מיט פּרייסען. די שוועדען זענען אַריין אין פּאָמערן, און די רוסען — אין אָסט־פּרייסען. ערגער פֿאַר אַלץ איז געווען, וואָס דער עסטרייכֿישער גענעראַל דאַאון האָט בעזיעגט אַ טייל פֿון דער פּרייסישער אַרמעע, וועלכֿע פֿריעדריך אַליין האָט קאָמאַנדירט. נאָר דער קעניג האָט נישט פֿערלאָרען דעם מוט. ער האָט אין דער צייט, וואָס דאַאון איז לאַנגזאַם געגאַנגען פֿאָרווערטס, בעזיעגט מיט זיין קאַוואַלעריע די פֿראַנצויזען. נאָך די פֿראַנצויזען האָט ער זיך ווידער גענומען פֿאַר דאַאונ׳ען, וועמען ער האָט אָבגעצאָהלט פֿאַר זיין פֿריהערדיגע מפּלה. באַלד דערויף איז ער אַוועק צוריק קיין בראַנדענבורג, וואו ער האָט געהאַט אַ זיעג געגען די רוסען. אָבער ווען ער איז ווידער געגאַנגען אויף דאַאונ׳ען, איז ער אַריינגעפֿאַלען אין אַזאַ לאַגע, ביי וועלכֿער ער האָט פֿערלאָרען זיין גאַנצע אַרטילעריע.

דאַמאָלס האָט שוין געהאַלטען מיט פֿריעדריכֿ׳ען זעהר שמאָל, נאָר דאַאון האָט נישט פֿערשטאַנען איינגאַנצען אויסצונוצען זיין נצחון. מיט גרויס מיה האָט פֿריעדריך צונויפֿגעזאַמעלט אַ נייע אַרמעע, וואָס איז אַרויס געגען די רוסען, וועלכֿע זענען שוין געגאַנגען אויף בערלין. דער רוסישער גענעראַל סאַלטיקאָוו האָט געגעבען גרויסע מפּלות די פּרייסען. פֿריעדריך האָט בעקומען אין 1759 אַ פֿאָלקאָמענע ניעדערלאַגע. זיין לאַגע איז געווען אַ שרעקליכֿע און ער האָט שוין געהאַלטען זיך אָבצוזאָגען פֿון טהראָן. נאָר אויף פֿריעדריכֿ׳ס גליק איז צווישען זיינע געגנער נישט געווען קיין איינינקייט. די רוסישע אַרמעע האָט פֿערנומען בערלין, נאָר צוליעב סאַלטיקאָוו׳ס כעס אויף דעם עסט=

רײַכישען דאַאון האָט זי פֿריעדריכ׳ען נישט פֿערפֿאָלגט װײַטער, און יענער האָט דערװײַל געקענט זאַמלען נײַע קרעפֿטען. װיכטיגער איז נאָך געװען פֿאַר פֿריעדריכ׳ען דאָס, װאָס אין רוסלאַנד איז דאַמאָלס אַרויף אויפֿ׳ן טהראָן פּיאָטר דער דריטער, אַ בעגײַסטערטער אָנהענגער פֿון פֿריעדריך דעם גרויסען. פּיאָטר האָט זיך אָבגעזאָגט פֿון בונד געגען פֿריעדריכ׳ען און האָט זאָגאַר געװאָלט שיקען אַנ׳אַרמעע צום פּרײַסישען קעניגס הויף. דער קעניג האָט דערום בעקומען די מעגליכקײַט צו קאָנצענטרירען אַלע קרעפֿטען געגען עסטרײַך, װעלכע ער האָט געגעבען עטליכע מפּלות. אין יאָהר 1763 האָט דער שלום בײַ לײַפּציג (אין הובערטיבורג) געמאַכט אַ סוף צו דעם זיעבעניעהריגען קריעג. פֿריעדריך האָט צוליעב דעם קריעג זײַן לאַנד נישט פֿערגרעסערט, אָבער בײַ שלעזיען איז ער פֿאָרט געבליבען. דער עקשנות׳דיגער קריעג פֿון פֿריעדריכ׳ען געגען בונד האָט שטאַרק דערװעקט דאָס נאַציאָנאַלגעפֿיהל פֿון די פּרײַסען: דער פּרײַסישער קעניג איז געװאָרען אין דײַטשלאַנד דער פּאָפּולערסטער מענש.

## די ערשטע צוטײלונג פֿון פּוילען.

די אונאָרדנונגען אין פּוילען האָט װיעדער אויסגענוצט פֿריעדריך צו זײַן נוצען. די פּאָליטישע שװאַכקײַט פֿון פּוילען האָט זיך קלאָר אַרויסגעװיזען אין דער צײַט פֿון פּוילישען קריעג. די אַמאָליגע גרויסע מלוכה האָט נישט גענומען קײן שום אַנטײל אין דעם קריעג, װאָס האָט אויפֿגערודערט גאַנץ אײראָפּאַ און װאָס האָט זיך געפֿיהרט בײַ איהרע גרענעצען. די רוסישע אַרמעען זענען אָהן שום שטערונגען געגאַנגען דורך איהרע טעריטאָריעס. פֿריעדריך פֿלעגט נעהמען מיט געװאַלד פּאָליאַקען אויף צו פֿערפֿאָלשטענדיגען די צאָהל פֿון זײַנע סאָלדאַטען, דערנאָך װי יעקאַטערינע די צװײטע איז געװאָרען קײסערין פֿון רוסלאַנד, איז פּוילען געװאָרען אָבהענגיג פֿון רוסלאַנד און דער רוסישער געזאַנדטער רעפּנין האָט געװירטשאַפֿט אין װאַרשוי, װי אין אַנ׳אײגען לאַנד. צװישען די פּוילען זענען געװען אַ סך פּאַטריאָטען, װאָס האָבען גענוי בעגומען די פֿעהלערען פֿון דער פֿערװאַלטונג און האָבען געשטרעבט צו רעפֿאָרמירען די מלוכה־אָרדנונג. נאָר אויך זײ זענען נישט געװען אײניג צװישען זיך, און די מאַסע מאַגנאַטען און שליאַכציצען האָבען נאָר אינטריגירט און פֿערבראַכט די צײַט אין בעלער און פֿערװײלונגען. נאָך

אויגוסט'ס טויט האָט די רעפאָרמ-פּאַרטיי מיט רוסלאַנד'ס הילף גענומען מאַכען אַ סדר אין פּוילען. אין דער שפּיץ פון דער פּאַרטיי זענען געשטאַנען די פירשטען טשאַרטאָריסקי. אַלס קעניג האָט מען אויסגעקליבען אַ נאָהענטען מענשען פון יעקאַטערינע'ן, כטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי. נאָר ווען דער געזאַנדטער רעפּנין האָט פערלאַנגט פאַר רוסלאַנד'ס הילף ביי דער רעפאָרמ-פּאַרטיי אַנ'אָבמאַך מיט רוסלאַנד, אַז פּוילען זאָל אין מלחמה-צייטען געהען מיט רוסלאַנד און אַז די דיפּלאָמאַטיע אין פּוילען זאָל זיין אין גאַנצען אין די הענד פון דער רוסישער רעגיערונג,—האָבען די טשאַרטאָריסקים זיך אָבגעזאָגט פון צו שליסען אַזאַ אָבמאַך מיט רוסלאַנד, דאָס איז געווען אַ טוידט-קלאַפּ פאַר פּוילען. די רוסען האָבען אָהן מיה צושטערט די נייע רעפאָרמען אין פּוילען, האָבען געבילדעט אין פּוילען אַ בונד פון פּראָטעסטאַנטען און פּראַוואָסלאַווען. וואָס זאָלען זיך קענען ווערען געגען די קאַטאָליקען. די פּוילען האָבען דערויף גענטפערט מיט זייערען אַ בונד. דאַמאָלס האָט פּריעדריך אויסגענוצט די געלעגענהייט פאָרצושלאָגען דעם פּלאַן צו צוטיילען צווישען זיך פּוילען. יעקאַטערינע איז אָנפאַנגס געווען דאַגעגען, נאָר אַזוי ווי זי איז דאַמאָלס געווען פערנומען מיט'ן טערקישען קריעג און זי האָט נישט געוואָלט האָבען קיין איבריגע סכסוכים, האָט זי ענדליך איינגעשטימט צום פּלאַן. אין יאָהר 1772 האָט מען זיך צום ערשטען מאָל צוטיילט מיט פּוילען. רוסלאַנד האָט בעקומען ווייס-רוסלאַנד, עסטרייך — קליין-פּוילען און רויט-רוסלאַנד (גאַליציען) און פּרייסען האָט צוגענומען דאָס איבעריגע חוץ דאַנציג און טהאָרן, (דאָס, וואָס מען האָט גערופען מערב-פּרייסען). דער דאָזיגער טעריטאָריען-בעזיץ איז געווען פאַר פּרייסען זעהר וויכטיג, ווייל ער האָט דאַדורך פעראייניגט דעם פּוילישען מערב-פּרייסען מיט מזרח-פּרייסען.

---

פיערטעס קאַפּיטעל.

## די פּאַרלאַמענטישע אָליגאַרכיע אין ענגלאַנד.

## אַמעריקאַ ווערט אומאָבהענגיג.

### ווילהעלם דער דריטער.

ווילהעלם, אָננעהמענדיג די קרוין פון ענגלאַנד, האָט קודם כל געמוזט צו פערוויקלען די אייראָפּעאישע מלוכות אין אַ קריעג מיט פראַנקרייך.

און טאַקי מיט ווילהעלמ׳ס צייט הויבט זיך אָן אַ נייער ווענדע־פּונקט אין דער געשיכטע פון די פראַנצויזישע קריעגס־עראָבערונגען. אין אַלגעמיינעם האָט זיך ווילהעלם וועניג אינטערעסירט מיט די אינערע ענגלישע אַנ־געלעגענהייטען. די מאַכט איז געלעגען אין די הענד פון די מיניסטאָרען, וואָס האָבען שטענדיג געמוזט האָבען פאַר זיך אַ מעהרהייט צווישען די פּאַרלאַמענטס־מיטגליעדער.

ווילהעלם און מאַריע האָבען נישט געהאַט קיין קינדער. ירש׳ענען דעם ענגלישען טהראָן האָט געדאַרפט אַנאַ די טאָכטער פון יאַקאָב׳ען, וואָס האָט אויך נישט געהאַט קיין קינדער. דאַמיט, אַז די קרוין זאָל נישט אַריבער צו די סטואַרטס, האָט דער פּאַרלאַמענט בעשלאָסען, אַז נאָך אַנאַ׳ן זאָל אַריבער די קרוין צו אַ וויטען קרוב פון יאַקאָב׳ען, צו דעם קורפירשט פון האַנאָווער, וואָס איז געווען אַ פּראָטעסטאַנט. דערביי האָט דער נייער קעניג געמוזט זיך פערפליכטען, אַז ער מוז אנגעהערען צו דער אַנגלי־קאַנישער קירכע; אַז אויסלענדער האָבען נישט דאָס רעכט צו זיין מיניס־טאָרען און מיטגליעדער פון געהיימען ראַט; די ריכטער בעקומען זייער אַמט אויף שטענדיג און טאָרען נישט ווערען אַראָבגעזעצט, די פּאַרלאַ־מענטס־מיטגליעדער טאָרען נישט זיין בעאַמטע און צו דער אייגענער צייט דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט.

די רעגיערונגס־צייט פון אַנאַ׳ן איז אַוועק אין מלחמות וועגען דער ירושה פון שפּאַנישען טהראָן. צוליעב דעם קריעג, וואָס האָט אין אַלגע־מיינעם נישט בערייכערט ענגלאַנד, האָט דאָך ענגלאַנד געהאַט איין נוצען: זיין מאַכט אויפ׳ן ים איז געוואָרען איצט די שטאַרקסטע. ערשטענס, וויל האָלאַנד איז פערערעמט געוואָרען דורך די שטענדיגע מלחמות, און צווייטענס, וויל פראַנקרייך האָט אין דעם קריעג פערלאָ־רען דעם גאַנצען פלאָט. צו דער אייגענער צייט (1707) האָט שאָטלאַנד, וואָס האָט געהאַט פריהער אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט און קעניג, זיך פעראייניגט מיט ענגלאַנד אונטער איין רעגיערונג. דער־ביי איז שאָטלאַנד געוואָרען פערטרעטען אין דער אונטערשטער פּאַלאַטע מיט 45 פלעצער, אין דער אויבערשטער — מיט 16.

די אונטערשטע פּאַלאַטע איז צו דער צייט געוואָרען די ערשטע מאַכט אין לאַנד. זי איז געוואָרען אַלס, אַן אויסגעקליבענע פון פאָלק, די גאַנצע פיהרערין. די אויבערשטע פּאַלאַטע פון די לאָרדען, וואָס בעקו־מען זייערע פלעצער בירושה, האָט נאָר געהאַט אָנצונעהמען די פּראָיעקטען און די געזעצען פון דער אונטערשטער, אָדער נישט אָבצונעהמען. די

מיניסטאָרען זענען געווען אָבהענגיג פּון דער מעהרהייט אין דער אונטערשטער פּאַלאַטע.

דער ערשטער און דער צווייטער קעניג פֿון דעם קורפֿירשטענטום האַנאָווער זענען געווען אין ענגלאַנד כּמעט ווי די פֿרעמדע, און דאָס האָט מיטגעבראַכֿט דערצו, אַז דער פּאַרלאַמענט איז געוואָרען אַלץ שטאַר= קער און שטאַרקער.

בעת די האַנאָווערער דינאַסטיע איז אַרויף אויפ׳ן טהראָן, האָבען די וויגען געהאַט די מעהרהייט. זיי זענען געווען פֿאַר דער דינאַסטיע, ווייל צוליעב איהר זענען זיי זיכֿער געווען, אַז דער פּראָטעסטאַנטיזם וועט בע= קומען די העכֿסטע מאַכֿט צוגלייך מיט׳ן פּאַרלאַמענט. חוץ דעם האָבען די וויגען שטאַרק געשטיצט די האַנדעלס־קלאַס, וואָס איז געוואָרען אַלץ רייכֿער און מעכֿטיגער. די טאָרים האָבען געהאַט זייערע אָנהענגער צווישען די גוטס=בעזיצער, נאָר זיי זענען נישט געווען בעליעבט, ווייל מען האָט זיי חושד געווען אין בעציעהונגען מיט די סטואַרטס.

איבריגענס, די וויגען האָבען זיך נישט נאָר געשטיצט אויף דער עפֿענטליכֿער מיינונג. האָבענדיג אין זייערע הענד די גאַנצע מאַכֿט, האָבען זיי מיט נישט שענע מיטלען געזוכֿט צו בעפֿעסטיגען דידאָזיגע מאַכֿט. צוערשט האָבען זיי פֿערלענגערט די וואַהלצייט פֿון פּאַרלאַמענט אויף 7 יאָהר, אָנשטאָט די פֿריהערדיגע 3. דער ערשטער פֿינאַנץ=מיניסטער אין געווען וועלפּאָל, אַ גוטער פינאַנסיסט, אָבער אַ מענש, וואָס שטעלט זיך נישט אָב פֿאַר קיין זאַך. ער האָט איינגעפֿיהרט אַזאַ שוחד־סיסטעם, וואָס האָט פֿערזאָרגט שטענדיג די וויגען מיט פּאַרלאַמענטס=פּלעצער, די מעלה דערפֿון איז געווען די, וואָס די פּאַרטיי פֿון די וויגען האָט געהאַט די רייכֿסטע ענגלישע אַריסטאָקראַטען, און זיי פֿלעגען מיט זייער איינפֿלוס און געלד קויפֿען דעם וועהלער, אַז ער זאָל וועהלען זייערע קאַנדידאַטען. דאָס וואָלט אַפילו געווען אונמעגליך, ווען דאָס גאַנצע פֿאָלק, אָהן אַ׳אונטערשיעד, וואָלט געוועהלט. אין דער אמת׳ן אָבער זענען די וואַהלען אַזוי צוגעגאַנגען: אין די גראַפֿסטווען האָבען, חוץ די גוטס=בעזיצער, נאָך געהאַט וואַהלרעכֿט הויפּטזעכֿליך די פֿערמער (אַרענדאַטאָרען). די לאַנד־אַרבייטער, וואָס האָבען נישט געהאַט קיין זעלבסטשטענדיגע ערד, האָבען נישט געטאָרט וועהלען, און פֿרייע לאַנדבעזיצער צווישען די פּויערן איז אין ענגלאַנד כּמעט נישט געווען. און אַזוי ווי די פֿערמער זענען שטענדיג געלעגען אין די הענד פֿון די גוטסבעזיצער, פֿלעגען יענע שטימען, ווי דער גוטסבעזיצער האָט געוואָלט. פֿונדעסטוועגען האָבען די וויגען פֿאָרט

געמוזט קעמפּפען מיט די טאָרים, ווייל די קלענערע און מיטעלע גוטס־בעזיצער זענען געוועזן מייסטענס פאַר די טאָרים. די גרעסטע שטיצע פון די וויגען זענען געוועזן די קליינע שטעדט, וואָס האָבען נאָך, אַלס זכר פון מיטעלאַלטער, געהאַט דאָס רעכט צו וועהלען דעפּוטאַטען. דאָס דאָזיגע רעכט איז געבליבען ביי די שטעדטלעך, האָטש אַ סך פון זיי זענען שוין אויף דער וועלט נישט געווען, אָדער האָבען פערמאָגט איינגאַנצען אַ צעהנדליג איינוואָהנער. אַט די שטעדטלעך פלעגען ווערען בעאַרבייט פון די וויגען און פלעגען איטליכס בעזונדער שיקען אַ דעפּו־טאַט אין פּאַרלאַמענט, פּונקט אַזוי ווי די שטאָדט לאָנדאָן. מיט אַזוינע דעפּוטאַטען פלעגען זיי פערפלייצען דעם פּאַרלאַמענט און דערהאַלטען די מעהרהייט אין זייערע הענד. חוץ דעם זענען די דעפּוטאַטען אַליין געווען שטאַרק בעשטעכליך. די מיניסטאָרען פון די וויגען פלעגען צו־טיילען שטעלעס, פלעגען געבען פּענסיעס אָדער פּראָסט געלד־געשענקען, און דערום איז געווען די אַנציהונגס־קראַפט פון אַ פּאַרטיי, וואָס קלייבט אוים די מיניסטאָרען, זעהר גרויס. וועלפּאָל פלעגט שיטען מיט אַ בריי־טער האַנד זיינע מתנות, אָבער ער האָט פערלאַנגט, אַז דער בעשענק־טער זאָל געהאָרכען, וואָס מען הייסט. איבריגענס, כל זמן אין לאַנד איז געווען רוהיג, האָט מען געקאָנט אַזוי מיסברויכען מיט דעם פּאַרלאַ־מענטאַריזם אין ענגלאַנד, ווי באַלד אָבער עס פלעגט זיך אָנהויבען אַ סכסוך, אָדער אַ קריעג—איז שוין נישט מעגליך געווען זיך אַזוי צו פיה־רען. וועלפּאָל האָט דאָס גוט פערשטאַנען און דערום האָט ער געפיהרט זיין 20־יעהריגע טעטיגקייט זעהר רוהיג, האָט נישט דערלאָזען צו קיין פלאָנטערנישען אין לאַנד, און הויפּטזעכליך צו אַ מלחמה. ער איז טאַקי געפאַלען אין דער צייט, ווען ענגלאַנד האָט אָנגעהויבען פיהרען קריעג מיט שפּאַניען. די פּאַרטיי פון די וויגען איז אָבער מיט איהם נישט געפאַלען. אין אַ קורצער צייט זענען געקומען אויפ'ן אָרט פון וועלפּאָל'ען עהנליכע מיניסטאָרען.

אין מיטען פון 18־טען יאָהרהונדערט האָבען די סטואַרטס נאָך געפּרובט ווידער צו בעקומען די ענגלישע קרוין, נאָר נאָך אַן ענדגילטי־גער מפּלה האָט שוין די פריהערדיגע דינאַסטיע זיך ענדליך אָבגעזאָגט פון ווייטערע פּרובען.

אין 1756 האָט ענגלאַנד גענומען אַנטייל אין 7־יעהריגען קריעג. דאָס האָט שטאַרק אויפגעפרישט די געזעלשאַפט און זי האָט גענומען קעמפּפען געגען די פעהלערען פון פּאַרלאַמענטאַריזם. אין די לעצטע יאָהרען

פֿון וועלפֿאָל׳ס פֿערוואַלטונג איז אויפֿגעטרעטען אַ פּאַרטיי מיט פּיט׳ען אָן דער שפּיץ, וואָס האָט געפֿאָדערט אַ נאַציאָנאַלע, שטאַרקע און אַנגעהרליכע פּאָליטיק. פּיט איז געווען אַ גרויסער רעדנער און די ריינקייט און לויטערקייט פֿון זיינע געזינונגען האָבען איהם צוגעצויגען אַ סך פֿריינד. אין דער צייט פֿון 7־יעהריגען קריעג איז ער געווען קריעגס־מיניסטער, און ער האָט בעוויעזען, אַז חוץ רעדען קאָן ער אויך טהון. ער האָט קרעפֿטיג געשטיצט פֿריעדריכ׳ען נעגען די פֿראַנצויזען און האָט שטאַרק געשאַדט זייערע אינטערעסען אין די קאָלאָניעס. גענעראַל וואָלף האָט צוגענומען ביי זיי קאַנאַדאַ. אין אינדיען האָט די אָסט־אינדישע קויפֿמענישע קאָמפּאַניע, נאָך צו עליזאַבעטע׳ס צייטען, פֿערנומען פֿאַר ענגלאַנד די פּאָרטען ביי די ברעגען, האָט געגרינדעט מאַדראַס, קאַלקוטאַ און בעקומען פֿון פּאָרטוגאַל באָמביי. אין אָנפֿאַנג פֿון 18־טען יאַהרהונדערט איז צופֿאַלען די מלוכה פֿון „גרויסען מאָגול“, דעם יורש פֿון טאַמערלאַנ׳ען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען קריעג צווישען די אינדישע פֿעלקערלעך, וואָס האָבען שטאַרק געשאַדט די אינטערעסען פֿון די אייראָפּעאישע איינוואָהנער. די אייראָפּעאישע מעכטע אין אינדיען האָבען זיך אויך נישט געקענט אייניגען צווישען זיך. אין די 50־ער יאָהרען האָט דער גובערנאַטאָר בלאַיוו, וואָס איז אַמאָל געווען אַנ׳איינפֿאַכער משרת אין דער אָסט־אינדישער קאָמפּאַניע, בעזיעגט די דאָרטיגע פֿראַנצויזען. פּיט האָט איהם געשטיצט מיט דער אַרמעע פֿון דער ענגלישער רעגיערונג, און דאָס ענדע איז געווען, דאָס די ענגלענדער האָבען בעקומען די איבערהערשאַפֿט אין אינדיען. נאָך דעם פּאַריזער שלום האָבען די פֿראַנצויזען בעקומען אַ טייל אין אינדיען, אָבגעבענדיג אינגאַנצען די ענגלענדער קאַנאַדאַ. אָבער אויך דער פֿראַנצויזיש־אינדישער טייל האָט נישט געקענט פֿערמינערען די איבערמאַכט פֿון ענגלאַנד אין אינדיען.

---

## די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס.

דער הויפּט־רעזולטאַט פֿון זיעבעניעהריגען קריעג פֿאַר ענגלאַנד איז געווען דער, וואָס ער האָט פֿערברייטערט זיינע קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ. די פֿראַנצויזישע קאַנאַדאַ איז אַריין צווישען די קאָלאָניעס, וואָס ענגלאַנדן האָט שוין געהאַט אין אַמעריקאַ פֿון 17־טען יאַהרהונדערט, און זיי זענען בעשטאַנען פֿון 30 פּראָווינצען, וואָס זענען אַריין אין ענגלאַנדס הענד

בײ פֿערשידענע צײטען, בײ פֿערשידענע בעדינגונגען און װאָס האָבען שטאַרק זיך אונטערשײדט אײנע פֿון דער אַנדערער. נאָך אין 16־טען יאַהרהונדערט האָבען עליזאַבעטע׳ס מאַטראָזען געגרינדעט די קאָלאָניע װירגיניע. די ערשטע קאָלאָניסטען זענען אױסגעראָט געװאָרען פֿון די אינדיאַנער און שפּאַניער, אָבער עס פֿלעגען אָנקומען נײע קאָלאָניס־טען, און סוף כל סוף האָבען זײ זיך דאָרט בעפֿעסטיגט. װירגיניע האָט הױפּטזעכליך געבליהט דערפֿאַר, װאָס דאָרטען זענען געװען טאַ־באַק־פּלאַנטאַציעס, װעלכע עס פֿלעגען בעאַרבײטען נעגער־שקלאַפֿען און װאָס האָבען אָנגעהערט עטליכע גרױסע בעזי־צער. אין די דאָזיגע דרום׳דיגע קאָלאָניעס האָבען די װײסע זיך געהאַל־טען פֿאַר דער אַנגליקאַנישער קירכע.

אַנ׳אַנדער טיפּ קאָלאָניעס זענען געװען אין צפֿון־אַמעריקאַ, װאָס האָבען געהײסען „נײ־ענגלאַנד”. די עלטעסטע קאָלאָניע צװישען זײ איז געװען מאַסאַטשוסעט, װעלכע עס האָבען געגרינדעט די פֿערפֿאָלגטע פּו־ריטאַנער און „אונאַבהענגיגע”. דאָ האָט געהערשט די קלײנע ערדװירט־שאַפֿט. די קאָלאָניסטען זענען געװען ערדאַרבײטער, יעגער, הענדלער, װאָס האָבען געהאַנדעלט מיט די אינדיאַנער. די פֿעסטע, פֿרומע, פֿרײ־הײטס־ליעבענדע פּוריטאַנער האָבען ענדליך נאָך די גרױסע רדיפֿות, צו יאַקאָב דעם ערשטענס צײטען, בעקומען די מעגליכקײט אײנצופֿיהרען אַנ׳אײגענע אָרדנונג, װי אין קירכליכע אַזױ אין װעלטליכע אַנגעלעגענ־הײטען, און האָבען אײנגעפֿיהרט בײ זיך קלײנע דעמאָקראַטישע רעפּובליקען.

אַנ׳אַנדער כאַראַקטער האָבען געהאַט די קאָלאָניעס אין פּענסיל־װאַניען, װאו דאָרטען אונטער דער הערשאַפֿט פֿון דער קװעקער־סעקטע איז געװען אַ קנאַפּער אינטערעס צו פּאָליטישע פֿראַגען. ענדליך ניו־יאָרק האָט זיך אױסגעצײכענט מיט אַ גרױסען טײל בעפֿעלקערונג מיט דעם האָלענדישען פֿאָלקס־כאַראַקטער.

די פֿערװאַלטונג פֿון די קאָלאָניעס איז, נישט קוקענדיג אױף די אונטערשיעדען צװישען זײ, געװען אומעדום די אײגענע: אַ פֿערזאַמלונג פֿון די געמײנדען־פֿערטרעטער, אַ ראַט און אַ גובערנאַטאָר. די ענגלישע קרױן האָט זיך נישט געמישט אין די אנגעלעגענהײטען פֿון די קאָלאָניסטען, און נאָר דאַמאָלס פֿלעגט מען פֿיהלען דעם בונד פֿון דער קאָלאָניע מיט דעם מעטראָפּאָליע (מוטערלאַנד), װען ענגלאַנד פֿלעגט פֿיהרען קריעג מיט עמיצען און פֿלעגט אױסנוצען צו דעם צװעק די פּאָרטען פֿון די קאָלאָניעס

פֿאַר זיין קריעגספֿלאָט. חוץ דעם האָבען די קאָלאָניסטען געליטען אין האַנדעלסזאַכֿען, ווייל זיי האָבען געמוזט קויפֿען די האַנדעלס־פּראָדוקטען אויסשליעסליך פֿון ענגלישע קויפֿלייט.

די קאָלאָניעס זענען געוואַכֿסען נישט נור דעריבער, וואָס דאָרט איז נישט געווען קיין גרענעץ פֿאַר'ן אונטערנעהמער־גייסט, נאר אויך דערפֿאַר, וואָס נאָרד־אַמעריקאַ איז געוואָרען דער אָרט פֿאַר אַלע גע'רודפ'טע און אונצופֿריעדענע. חוץ דעם האָבען די קאָלאָניעס נישט געליטען אַזוי פֿון די אָבגאָבען, וואָס פֿלעגען ענגלאַנד דריקען איטליכֿם מאָל, ווען עס פֿלעגט אויסברעכֿען אַ קריעג.

אָט דאָס, וואָס די קאָלאָניסטען זענען פֿריי פֿון אַלע אָבגאָבען, איז שטאַרק נישט געפֿעלען די ענגלענדער, נאָך מעהר דעריבער, וואָס מען האָט געמוזט אויסגעבען אַ סך געלד אויף צו בעשיצען די קאָלאָניעס פֿון אַ פרעמדען אָנפֿאַל. די פֿראַגע וועגען די אָבגאָבען איז בעזונדער שטאַרק דערוועקט געוואָרען נאָכֿ'ן 7־יעהריגען קריעג, וואָס איז געווען אויך אייגענטליך אַנ'אַמעריקאַנער קריעג. אום איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל פֿעסטצושטעלען דעם פּרינציפּ, אַז די קאָלאָניעס זענען נישט פריי פֿון אָבגאָבען, האָט מען בעשלאָסען איינצופֿיהרען אַ מאַרקען־אָבצאָהל פֿון אַלע האַנדעלס־און געריכֿטס־פּאַפּירען אין די קאָלאָניעס. די קאָלאָניעס האָבען פֿעסט ענטשלאָסען פּראָטעסטירען געגען דעם. זייער פֿערטרעטער אין לאָנדאָן פֿראַנקלין האָט ערקלערט די מיניסטאָרען, אַז די אַמעריקאַנער זענען איינשטימיג צו צאָהלען אָבגאָבֿ, אָבער נאָר אַזוינע אָבגאָבען, איבער וועלכֿע זיי וועלען אויך האָבען רעכֿט צו זאָגען אַ דעה, ווי די דאָזיגע אָבגאָבען אויסצוניצען.

פּיט איז געווען אַיינשטימיג מיט פֿראַנקלינ'ס מיינונג און האָט געבעטען דעם פּאַרלאַמענט, נישט צוצונעהמען דאָס רעכֿט פֿון די אַמעריקאַנער, וועלכֿעס עס בעזיצען די ענגלענדער. דער מאַרקען־אָבצאָהל איז נישט דורכֿגעגאַנגען אין פּאַרלאַמענט. נאָר די ענגלישע רעגיערונג האָט זיך ווייטער גענומען ווי עס איז צו בעשטייערען די קאָלאָניעס. ביי'ם אַריינפֿיהר פֿון טעע און אַנדערע פּראָדוקטען אין די קאָלאָניעס האָט מען אַרויפֿגעלעגט אַנ'אָבצאָהל פֿאַר די ענגלישע רעגיערונג. די קאָלאָניעס האָבען זיך צונויפֿגעקליבען אין פֿילאַדעלפֿיאַ אויף אַ קאָנגרעס. אין באָסטאָן האָט מען גאַנצע פּעק טעע געוואָרפֿען אין ים. די רעגיערונג האָט אַרויסגעשיקט אַלס ענטפֿער אַנ'אַרמעע, נאָר דאָס האָט נאָך מעהר פֿערביטערט די קאָלאָניעס. אום זיך ענערגישער צו נעהמען פֿאַר די צובנוטעוועטע קאָלאָניעס, האָט געאָרג דער

דרימער געמאַכט פאַר אַ מיניסטער דעם לאָר נאָרט, דעם פיהרער פון דער „קעניגליכער פאַרטיי”, אַ מין אָבגעפרישטע טאָרי־פאַרטיי. די וויגען האָבען פערלאָרען די מעהרהייט אין פאַרלאַמענט, וואָס זיי האָבען געהאַט מיט קלייגע אונטערברעכונגען מעהר ווי זיעבעציג יאָהר.

---

## דער בונט פון די אַמעריקאַנער.

אין יאָהר 1775 האָבען זיך אָנגעהויבען די שלאַכטען צווישען ענגלאַנד און אַמעריקאַ. די אַמעריקאַנער פרייוויליגע סאָלדאַטען האָבען בעזיעגט איין מחנה ענגלישען חיל. שפעטער האָבען די ענגלענדער גענו־מען אין שטורם באָסטאָן, אָבער זיי האָבען דערביי פערלאָרען אַ העלפט פון זייערע לייט.

דעם 4־טען יולי 1776 האָט דער קאָנגרעס אַרויסגעגעבען די „דע־קלאַראַציע פון דער אונאַבהענגיגקייט”. לויט דער דעקלאַראַציע האָבען די אַמעריקאַנישע ענגלישע קאָלאָניעס צוריסען דעם בונד מיט ענגלאַנד, ווייל די ענגלישע רעגיערונג איז עובר געווען אויף „די מענשליכע רעכטען” אין דער דעקלאַראַציע ווערט געזאָגט: „אַלע מענשען זענען גלייך, אַלע־מען האָט דער אויבערשטער געגעבען דאָס רעכט אויף לעבען, פרייהייט און אויף דאָס שטרעבען צו גליק. די רעגיערונגען זענען נאָר דערצו דאָ, צו פערזיכערען איטליכען בערגער דידאָזיגע רעכטען, און ווען די רעגיערונג איז עובר אויף די דאָזיגע רעכטען, מעג דאָס פאָלק פערניכטען די רעגיע־רונג, אָדער זיך אויסקלייבען אַנ׳אַנדערע”. אַזוי ווי דער קאָנגרעס האָט זיך איבערצייגט, אַז די רעגיערונג וויל צונעהמען פון זיי די מענשליכע רעכ־טען, האָבען זיך די ענגלישע קאָלאָניעס ערקלערט פאַר די „אונאַבהענגיגע אַמעריקאַנישע שטאַטען”.

דער קאָנגרעס האָט אַוועקגעשטעלט אָן דער שפיץ פון זיין אַרמעע דעם העלדישען און פעסטען פאַטריאָט געאָרג וואַשינגטאָן. זיין לאַגע איז געווען אַ שווערע. די קאָלאָניסטען זענען נאָך נישט געוועהנט געווען צו זיין סאָלדאַטען, די דיסציפלין איז געווען אַ שוואַכע, די מיליטער־ווירטשאַפט איז נאָך אויך נישט געווען איינגעאָרדנעט, און עס האָבען געפעהלט שפייז און קליידער.

נאָר די לאַגע פון די ענגלענדער איז אויך נישט געווען קיין גוטע. עס האָט זיי געפעהלט אַ גרויסע צאָהל סאָלדאַטען, וואָס זאָלען זיין גע־וועהנט צו אַ מלחמה אויף דער יבשה. די הויפט־שטאַרקייט פון דער

ענגלישער אַרמעע איז געלעגען אייפ׳ן ים. נאָרס האָט גענומען דאַמאָלס דינגען אַרמעען ביי די דייטשע פירשטען. דער הערצאָג פון ברוינשווייג האָט, למשל, פערדונגען פאַר 50 טאָלער אַ סאָלדאַט. פאַר אַ גע׳הרג׳טען האָט ער גענומען ווייטער 50 טאָלער, פאַר אַ פערוואונדעטען 16⅔%. אויף אַזאַ אופן האָט מען צו פערשיעדענע צייטען אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקאַ ביז 30 טויזענד דייטשען. פונדעסטוועגען פלעגען די ענגלישע מחנות פערלאָרען ווערען אין די גרויסע מרחקים פון אַמעריקאַ, וואו די גאַנצע בעפעלקערונג איז געווען זייער פיינד. עס איז געווען אונמעגליך אָבצולאָזען די אַרמעע ווייט פון די ברעגעס אין אינערען פון לאַנד. פראָוויזיע האָט מען זיי געמוזט צושטעלען מיט שיפען פון הינטער דעם אַטלאַנטישען ים. דעריבער פלעגען די ענגלענדער זיעגען נאָר ביי אַן׳אָפענער שלאַכט, חאָטש וואַשינגטאָן האָט זיי אויך געגעבען מפלות, אָבער טיעף אין לאַנד האָבען זיי נישט געקענט אַריין, און די נצחונות אין די שלאַכטען האָבען נישט געגעבען קיין שום רעזולטאַטען. האָבען די ענגלענדער געפרובט טיעפער איינדרינגען אין לאַנד, פלעגען זיי האָבען מפלות. דער גענעראַל בערגבאָם, וואָס האָט זיך געפרובט פעראייניגען מיט אַן׳ענגלישער אַרמעע, וואָס איז געגאַנגען איהם צו הילף פון קאַנאַדאַ, איז אַרומגערינגעלט געוואָרען פון די אַמעריקאַנער, און ער האָט זיך געמוזט אונטערגעבען.

דערצו האָט ענגלאַנד אָנגעהויבען צו פיהלען אין דער דאָזיגער צייט די פיינדשאַפט פון איראָפּא און די סימפאַטיע פון דער איראָפּעאישער געזעלשאַפט צו די אַמעריקאַנער. פראַנקרייך, וואָס האָט אין 7־יעהריגען קריעג מעהר פאַר אַלעמען געהאַט צו ליידען אין איהרע קאָלאָניעס פון די ענגלענדער, האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די פעראייניגטע שטאַטען. נאָך פראַנקרייך איז געקומען שפּאַניען. אַנדערע מלוכות מיט רוסלאַנד אָן דער שפיץ האָבען געמאַכט „אַ בעוואָפענטען נייטראַליטעטס־בונד", אום צו בעשיצען זייערע קויפמענישע שיפען פון די ענגלענדער, וואָס פלעגען זיי אָבשטעלען און זוכען ביי זיי מיליטער־קאָנטראַבאַנד, ד. ה. פראָוויזיע און וואַפען, וואָס האָבען געדאַרפט געהען פאַר איינע פון די שטרייטענדע פּאַרטייען. דער ענגלישער פלאָט האָט אַפילו מנצח געווען דעם פראַנצויזישען און שפּאַנישען, אָבער מיט דער מלחמה אין אַמעריקאַ איז געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער. פון די אַמעריקאַנער „פרייוויליגע" זענען מיט דער צייט געוואָרען גוטע סאָלדאַטען, און ענגלאַנדס חיל איז געווען צוואָרפען איבער דער גאַנצער

וועלט. לאָרד קאָרנוואַליס איז, ווי פֿריהער בערגבאָם, אַרומגערינגעלט געוואָרען פֿון די אַמעריקאַנער און האָט נאָך אַנ'ערביטערטער שלאַכט זיך געמוזט אונטערגעבען, די דאָזיגע ענגלישע מפּלה האָט ענטשיידען דעם קאַמפּף צווישען ענגלאַנד און אַמעריקאַ. אין 1783 האָט ענגלאַנד אין פּאַריז געמאַכט שלום מיט אַמעריקא, אַנערקענענדיג די אונאָבהענגיגקייט פֿון די פֿעראייניגטע שטאַטען.

---

### די קאָנסטיטוציע פֿון די פֿעראייניגטע שטאַטען.

נאָכ'ן קריעג מיט ענגלאַנד זענען זיך צונויפֿגעקומען די דעפּוטאַטען פֿון די אַמעריקאַנער שטאַטען און האָבען פֿעסטגעשטעלט די קאָנסטיטוציע פֿון די פֿערבינדעטע שטאַטען (1787). יעדער שטאַט איז אַ מלוכה פֿאַר זיך און איז פֿאָלקאָמען זעלבסטשטענדיג ביים פֿיהרען פֿון זיינע אינעווייניגסטע בעזונדערע אַנגעלעגענהייטען. דער בונד פֿיהרט די דיפּלאָמאַטישע געשעפֿטען, די מיליטערישע אַנגעלעגענהייטען, דעם אַלגעמיינעם האַנדעל, זאָרגט זיך פֿאַר די בעציהונגען צווישען די שטאַטען (פּאָסט, שאָסעען) און האָט אַ בונדס-געריכט, וואָס פֿערנעהמט זיך מיט די סכסוכים פֿון די שטאַטען צווישען זיך, אָדער פֿון די בירגער פֿון פֿערשידענע שטאַטען צווישען זיך. די אויספֿיהרענדע מאַכט אין בונד געהערט דעם פּרעזידענט, וואָס ווערט אויסגעקליבען אויף פֿיער יאָהר פֿון אַלע וואַהל-בערעכטיגטע. די געזעצגעבענדע מאַכט געהערט דעם סענאַט, וואָס ווערט אויסגעקליבען אויף זעקס יאָהר און וואוהין עס ווערען געשיקט צו צוויי פֿון איטליכען שטאַט, און דעם פּאַרלאַמענט, וואו די דעפּוטאַטען ווערען אויסגעקליבען אויף צוויי יאָהר פֿון אַלע וואַהל-בערעכטיגטע. איטליכער שטאַט וועהלט די צאָהל דעפּוטאַטען לויט דער צאָהל פֿון דער בעפֿעלקערונג.

ביים ענדערען פֿון דער קאָנסטיטוציע ווערט צוזאַמענגערופֿען אַ ספּעציעלע קאָנווענץ. די מיטגליעדער פֿון בונדס-געריכט ווערען אויסגעקליבען אויפֿ'ן גאַנצען לעבען. זיי בעשעפֿטיגען זיך מיט די שטרייטיגקייטען, וואָס נעהמען זיך פֿון דער נישט-געזעצליכער אָנווענדונג פֿון דער קאָנסטיטוציע אָדער פֿון די בונדס-געזעצען. ווען עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די בונדס-געזעצען זענען סותר דער קאָנסטיטוציע, האָט דאָס געריכט דאָס רעכט מיט זיי זיך נישט צו נוצען. דער ערשטער

פּרעזידענט פֿון די אַמעריקאַנער שטאַטען איז געווען ג ע אָ ר ג וואַשינג־טאָן. קיין קירכען־פֿראַגע איז באַלד אין אָנהויב שוין נישט געווען אין אַמעריקא, ווייל די שטאַטען זענען געווען פֿול מיט אַלערליי סעקטעס. די קירכע איז געוואָרען פֿאָלקאָמען אָבגעטיילט פֿון דער מלוכה און געוואָרען אַ פּריוואַט־זאַך פֿאַר יעדען איינציגען שטאַט ווי פֿאַר יעדען אַמעריקאַנער בירגער.

---

פֿינפֿטעס קאַפּיטעל.

# רוסלאנד.

## I. רוסלאַנד ביז צום אָנפֿאַנג פֿון 17־טען יאַהרהונדערט.

איוואַן דער גרויזאַמער.— די צייט פֿון די אונרוהען.— דער אונטערגאַנג פֿון דער רוריק־דינאַסטיע.

דאָס מאָסקווער פֿירשטענטום ווערט אַלץ מעכטיגער און מעכטיגער. אין אָנפֿאַנג פֿון 16־טען יאַהרהונדערט ליעגט דאָס נאָך צווישען דער גרויסער ליטווישער מלוכה און די לענדער פֿון די מאָנגאָלען. אין צפֿון־זייט ווערט דאָס געדריקט פֿון די שוועדען און דעם ליפֿלענדישען ריטער־אָרדען. פּסקאָוו און נאָווגאָראָד געהערען אַמאָל מיט דער ליטווישער מלוכה, אַמאָל מיט מאָסקווער, ביסלעכווייז אָבער בעזיענט דאָס פֿירשטענטום. פּסקאָוו און נאָווגאָראָד פֿעראייניגען זיך מיט די פֿירשטענטימער טווער, ראָסטאָוו און יאַראָסלאַוול. אין 1480 בעפֿרייט זיך רוסלאַנד ענדגילטיג פֿון מאָנגאָלישען יאָך, און אין 7 יאָהר אַרום ווערט פֿון דער מאָסקווער מלוכה איינגענומען ק אַ ז אַ ן, די הויפּטשטאָדט פֿון אַ מאָנגאָלישען פֿירשט. שפּעטער פֿיהרט מאָסקוואַ קריעג מיט ליטא, דאָס איז נישט נאָר אַ קריעג געגען ליטא, ווי אַ קריעג געגען די קאַטאָליקען, צו וועלכע די גריכיש־קאַטוילישע רוסען האָבען אַנ׳אַלטע גלויבענס־שנאה. איוואַן דער דריטער, וואָס האָט אַזוי שטאַרק פֿערברייטערט דעם איינפֿלוס פֿון מאָסקווא, פֿערהייראַט זיך מיט אַ טאָכטער פֿון אַנ׳אַמאָליגען ביצאַנטינישען קייזערהויז. ער ווערט דאַדורך כמעט דער יורש פֿון ביצאַנטינישען קייזער ווי פֿון די רוימישע צעזאַרען. מ אָ ס ק ו ו א ווערט דער יורש פֿון ב י צ אַ נ ץ, ווי ב י צ אַ נ ץ איז אַמאָל געוואָרען דער יורש פֿון ר וי ם. זי ווערט ממילא דער שיצער פֿון אַלע גריכען אין מזרח. זי בעקומט כמעט די צואה צו קעמפּפֿען מיט׳ן איסלאַם, וואָס האָט אין

1453 צוגענומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ביים הויף פון איוואַן דעם דריטען בעוויזען זיך צום ערשטען מאָל אַ סך גריכען און איטאַליענער. דער זוהן וואַסיל האָט פאָרטגעזעצט די אַרבייט פון איוואַן דעם דריטען. ער פיהרט קריעג געגען די מאָנגאָלען אין קרים, געגען די ליטויער און פעראייניגט מיט מאָסקווא סמאָלענסק.

איוואַן דער פירטער, אָדער דער גרויזאַמער, נעהמט שוין אָן אין יאָהר 1575 דעם טיטעל צאַר. ער פיהרט די הייליגע קריעגען גע־גען ליטא, די מאָנגאָלען, די שוועדען און דעם דייטשען אָרדען אין ליפלאַנד. ער בעפעסטיגט זיין מאַכט איבער די איינגענומענע רוסישע פירשטענטימער און שטעדט, ער פיהרט אויך אַ גרויזאַמען קאַמפף געגען דעם אַדעל פון די אונטערטעניגע פירשטענטימער, וואָס קלערען שטענדיג זיך אָבצורייסען און וואָס ווילען נישט דערלאָזען, אַז דאָס מאָסקווער פירשטענטום זאָל אַלץ איינשלינגען פאַר זיך.

איוואַן האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַ געוואַלטיג גרויזאַמען חאַ־ראַקטער. פון די מאָסקווער פירשטען איז ער געווען דער געבילדעטסטער אָבער צוגלייך איינער פון די גרויזאַמסטע מענשען אין דער געשיכטע פון רוסלאַנד'ס הערשער. די ערשטע העלפט פון דער הערשער־צייט פון איוואַן דעם פירטען איז געווען פול מיט נצחונות, די אַנדערע העלפט איז געווען פול מיט ניעדערלאַגען. שוועדען און פוילען גיבען רוסלאַנד אַ מפלה. פאָלאָצק רייסט זיך אָב פון מאָסקווא, דער חאַן פון קרים דער־געהט ביז מאָסקווא און צינדט אונטער די צאַרישע הויפּטשטאָדט.

צו איוואַנ'ס צייטען קומען צום ערשטען מאָל די ענגלענדער קיין רוסלאַנד און פערבינדען מיט מאָסקווא האַנדעלס־בעציהונגען. שפּעטער קומען אויך די פראַנצויזישע הענדלער מיט אַ בריעף פון קעניג צום צאַר. דער קאָזאַק יערמאַק ענטדעקט און עראָבערט פאַר'ן צאַר סיביר (1584).

אין דער אינערער פערוואַלטונג פון רוסלאַנד טהוט אויף איוואַן עטליכע גוטע זאַכען. ער פעראַמעלט די שטאַנדען פון רוסלאַנד און בעשאַפט אַ מין באָיאַרען־דומע, מיט וועלכער ער וויל צוזאַמען פערוואַל־טען דאָס לאַנד. ער נימט אַרויס אַ פערבאָט פאַר די קירכען, וועלכע ערלויבט נישט די רייכע קירכען צו ערווערבען פאַר זיך נייע שטיקער ערד, און דערמיט האָט ער אויפגעהאַלטען דאָס וואַקסען פון דער קירכ־ליכער עקאָנאָמישער מאַכט אין רוסלאַנד. ער האָט איינגעפיהרט אַ מין מיליץ, די „סטרעלצי", וואָס האָט רוסלאַנד געדיענט ביז צו פיאָטר דעם

גרוֹיסען׳ס צייטען, ווען ער האָט בטל געמאַכט די דאָזיגע שטענדיגע פאָלקס־אַרמעע. ער האָט אויך אָרגאַניזירט ביי די גרעניצען פון רוסלאַנד אַ גיטע וועהרקראַפט און אַ רייהע פון לאַגערן, וואו עס האָט זיך אויס־געבילדעט אַ גוטע אַרמעע.

רוסלאַנד אין 16 און 17־טען יאָהרהונדערט איז נאָך אַן אַזיאַטיש לאַנד מיט כמעט אָהן שום בעציהונגען צו אייראָפּאַ. די אָרדענס־ריטער, די פּוילען, די שוועדען די ליטווער ווייסען, אַז פאַר זיי איז גלייכער, אַז רוסלאַנד זאָל בלייבען וואָס לענגער באַרבאַריש, און גיבען אַכטונג, אַז דאָרטען זאָל וואָס ווייניגער אַריין אייראָפּעאיש געוועהר, אייראָפּע־אישע קענטניש, עס זאָלען וואָס ווייניגער קומען אייראָפּעער.

דער צאַר איז דער פאָטער און דער האַר פון זיינע אונטערטאַנען, און זיין מאַכט איז נאָך מעהר אונבעגרענעצט, ווי ביים סולטאַן אָדער דעם חאַן פון די מאָנגאָלען. אַלץ געהערט דעם צאַר. די גרעסטע אַדעלליים זענען פאַר׳ן צאַר „חלאָפּען״, שקלאַפען. די, וואָס רינגלען אַרום דעם צאַר, הייסען „אָקאָלניטשי״ „ספּאַלניקי״, „סטאָלניקי״ און געהערען צו די רייכסטע באָיאַרען. אַלע צוזאַמען בילדען די דומע. ביי וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען רופט מען צונויף אַ „סאָבאָר״, וואו עס בעטייליגען זיך אַלע שטאַנדען פון לאַנד.

די הכנסות פון דער מלוכה־קאַסע זענען בעשטאַנען: 1) פון די שטאָדטישע אָבגאָבען; 2) פון דער „טיאַגלאָ״ — יעהרליכער אָבגאָב אויף 60 מאָס געטריידע; 3) פון איטליכען הויף, וואָס ווערט בעוואָהנט; 4) פון אָבגאָב, וואָס האָבען געצאָהלט עפענטליכע באָדען; 5) פון די גרענעץ־צאָל־אָבגאָבען; 6) פון דער אַרענדע אויף די קרוינס־שענקען; 7) פון די געריכטס־שטראָפען, קאָנפיסקאַציעס א. אַ. וו. דער האַנדעל איז נישט געווען אַ מאָנאָפּאָל פון צאַר. ער האָט אַפילו קאָנקורירט מיט זיינע אייגענע אונטערטאַנען און זיי מיט זיין צאַרישען וואָרט גענויט איהם צו פערקויפען בילינער זייערע סחורות, וועלכע ער פלעגט פערהאַנדלען אין טערקיי, אַרמעניען, פּערסיען און בוכאַרא. דאָס געריכט האָט זיך גע־טיילט אין דאָרפישע, שטאָדטישע און אין דעם אויבערשטען געריכט אין מאָסקווא. קיין געזעצבוך איז כמעט נישט געווען. די קירכע האָט זיך געטיילט אין „ווייסע״ גייסטליכע און אין „שוואַרצע״. דער פּאַטריאַרך איז געווען דער דיענער פון צאַר, אַזוי ווי דער באָיאַר. די אַרמעע און די בעוואָפנונג אין רוסלאַנד איז געווען פונקט אַזוי, ווי ביי די מאָרגענלענ־דער. קיין אויסערע פּאָליטיק איז נישט געווען, צו די אויסלענדישע

געוואַנדטע פֿון פֿערשידענע מלוכות, וואָס פֿלעגען אַמאָל קומען, האָט מען זיך בעצויגען מיט אַ שטאַרקען אונצוטרוי.

די פֿויערן זענען געווען פֿערשקלאַפֿט ביי די גוטס-בעזיצער. די הויזליכע דיענער זענען אויך געווען שקלאַפֿען. די פֿרויען האָבען געלעבט אָבגע־זונדערט און פֿערשקלאַפֿט, ווי די פֿרויען אין די מזרח־לענדער.

צו דער צייט פֿון איוואַן דעם גרויזאַמען הויבט זיך אָן אַ קליינע אויפֿלעבונג אין דער ליטעראַטור און בילדונג. איוואַן איז געווען דער בעשיצער פֿון בוכדרוקעריי, געגען וועלכער דאָס פֿאָלק איז געווען שטאַרק אויפֿגעבראַכט.

נאָך איוואַנ׳ען רעגיערט שוואַך זיין זוהן פֿיאָדר, און די גאַנצע מאַכט בעקומט די דומע פֿון די באָיאַרען. זיין איינציגער ברודער דימיטרי, פֿון איוואַנס זיעבענטע ווייב, ווערט פֿערבאַנט אין אַ קלויסטער. זיין שוואָ־גער באָריס גאָדונאָוו בעקומט די גאַנצע מאַכט אין די הענד ער־מאָרדעט דעם פֿערבאַנטען דימיטרי און נאָך פֿיאָדר׳ס טויט ווערט ער צאַר. דאָס וויכטיגסטע צו באָריס גאָדונאָוו׳ס רעגיערונגס-צייט איז דאָס, וואָס דאָס לייב־אייגענטום אין רוסלאַנד בע־קומט דאַן כמעט די קראַפֿט פֿון אַ געזעץ.

באַלד נאָך גאָדונאָוו׳ס טויט הויבען זיך אָן די גרויסע אונרוהען אין רוסלאַנד. עס בעווייזט זיך אַ פֿאַלשער דימיטרי און פֿערלאַנגט דעם צאַרישען טהראָן. ער דערגעהט מיט זיין אַרמעע ביז מאָסקוואַ; זיינע אָנהענגער דער׳הרג׳ענען גאָדונאָוו׳ס פֿרוי און זוהן. איוואַנ׳ס פֿרוי דער־קענט כלומרשט אין פֿאַלשען דימיטרי איהר זוהן, און חאָטש אַ באָיאַר, וואָס וויים דעם אמת, פּראָטעסטירט, ווערט ער אויפֿגענומען פֿון מאָסקוואַ אַלס דער צאַר דימיטרי, וואָס איז יאָהרענלאַנג פֿערבאַנט געווען אין אַ קלויס־טער און וואָס איז ערמאָרדעט געוואָרען פֿון גאָדונאָוו׳ען.

דימיטרי (אין דער אמת׳ן—אָטרעפּיעוו, אַן אַנטלאָפֿענער מאָנאַך פֿון אַ רוסישען קלויסטער) האָט בעגאַנגען דעם פֿעהלער נישט צו לאָזען שטאַר־בען אויפֿ׳ן עשאַפֿאָט דעם באָיאַר, וואָס האָט אין איהם נישט גע־גלויבט. אָט די וויכקייט פֿון אָטרעפּיעוו׳ן האָט געבראַכט דערצו, אַז דער בעגנעדיגטער באָיאַר האָט געמאַכט אַ בונט געגען דימיטרי׳ן. עס איז נאָך נישט פֿאַרביי קיין 30 טעג נאָך דימיטרי׳ס רעגיערונגס־צייט, האָבען איהם שוין די בונטאָווששיקעס ערמאָרדעט.

אויף דימיטרי׳ס אָרט קלויבט אויס די דומע אַלס צאַר וואַסילי שויסקי, דעם אייגענעם באָיאַר, וואָס האָט פֿון אָנפֿאַנג אָן נישט

אַנערקענט דעם פאַלשען דימיטרי. אָבער די פֿאָלקס-פֿאַנטאַזיע האָט זיך נישט בערוהיגט, עס בעווייזט זיך אַ צווייטער פֿאַלשער דימיטרי, עס בעווייזט זיך אויך אַ פֿאַלשער פּיאָטר, אַ זוהן פֿון פֿיאָדר'ן, וואָס איז געשטאָרבען נאָך אַ בחור. דער צווייטער פֿאַלשער דימיטרי בעקומט אַ שטיצע פון פוילען און די קאָזאַקען, וואָס ווילען זיך אַלע צוטיילען מיט רוסלאַנד. וואַסילי רופֿט צו הילף שוועדען, גיעט זיי אָב די רוסישע שטאָדט קארעלאָ און גערהט מיט זיין אַרמעע געגען די פוילען. דאָס פֿאָלק אָבער איז שוין צובונטעוועט. די דומע צווינגט וואַסילי'ן זיך אָבצוזאָגען פֿון טהראָן און מען פערשיקט איהם אין אַ קלויסטער.

די פוילען זענען דערוויל דערגאַנגען ביז'ן „קרעמל" אין מאָסקוואַ, דעם פאַלאַץ פֿון די צאַרען. זיגמונד, דער פוילישער קעניג, טראָגט זיך שוין אַרום מיט'ן געדאַנק אָבצוגעבען די רוסישע קרוין זיין זוהן. ביי אַזאַ שווערער לאַגע איז פלוצלינג אויסגעבראָכען דער נאַטירליכער פּאַטריאָטיזם פון דאַמאָליגען רוסלאַנד. אין דער שפּיץ פון מינין און פּאָזשאַרסקי ערהויבט זיך דאָס פֿאָלק, פֿערטרייבט די פוילען און רייניגט אָב דאָס לאַנד פון זיינע פיינד. דערנאָך קלויבט זיך דאָס פֿאָלק צוזאַמען אויף אַ גרויסער פֿאָלקס-פֿערזאַמלונג, וואו עס זענען געקומען די פֿערטרעטער פון דער קירכע, פֿון די באָיאַרען, פון די קויפלייטע, שטעדט און דערפער, און מען קלויבט אויס אַ צאַר. דער גורל איז געפאַלען אויף מיכאַאיל ראָמאַנאָוו, וואָס איז געוועזען אַ זוהן פון מעטראָפּאָליט פילאַרעט און אַ קרוב פון דער דינאַסטיע רוריק (דער באָיאַר ניקיטאַ ראָמאַנאָוו איז געוועזען איוואַן דעם גרויזאַמענ'ס אַ שוואָגער), און האָטש ער איז אינגאַנצען אַלט געוועזען 15 יאָהר, איז צוליעב זיין אָבשטאַם און פערוואַנדטשאַפט מיט דער אַלטער דינאַסטיע געפאַלען די וואַהל אויף איהם. מיט מיכאַאיל'ען הויבט זיך אָן, פון 1613, אַ נייע דינאַסטיע אין רוסלאַנד די ראָמאַנאָוו-דינאַסטיע.

---

## II. רוסלאַנד פון 17-טען ביז ענדע פון 18-טען יאָהרהונדערט.

פּיאָטער דער גרויסער, יעקאַטערינאַ די צווייטע. דער אונטערגאַנג פון פוילען.

פון דער ראָמאַנאָוו-צייט הויבט אָן רוסלאַנד אָנצוקניפּען בעציהונגען מיט אייראָפּאַ. פריהער איז רוסלאַנד געוועזען ווי אַן אַזיאַטישע מלוכה, וואָס האָט זיך נישט געמישט אין דער פּאָליטיק פון די אייראָפּעאישע מלוכות, און אויך אייראָפּאַ האָט זיך מיט איהר נישט אינטערעסירט, אין

1615 שיקט דער צאַר אַ געזאַנדטען צו לודוויג דעם 13-טען אין פראַנקרייך און בעט זיין שטיצע געגען די שוועדען און פּוילען. ער שלאָגט איהם פאָר אַ בונד צווישען רוסלאַנד און פראַנקרייך געגען פּוילען, וואָס געהט אינאיינעם מיט דייטשלאַנד.

צוזאַמען מיט די נייע פּאָליטישע בעציהונגען הויבט אָן איינצודרינגען דער איינפלוס פון אייראָפּאַ. צו דער רעגיערונגס-צייט פון מיכאַאיל ראָמאַנ-אָוו (דעם ערשטען צאַר פון דער נייער דינאַסטיע) זעהט מען שוין אין מאָסקוואַ און אין רוסלאַנדס שטעדט אַ סך פרעמדע. די האָלענדער סוחרים גרינדען אין טולא אַ גיעסעריי פאַר הארמאַטען-קויהלען און אַנדערע אייזען-אַרטיקעל. די דייטשע סוחרים בויען עהנליכע פאַבריקען אין קאָסטראָמאַ און שעקסנאַ. מען גיעט די סוחרים בעזונדערע פּריווילעגיעס. מען שטעלט נאָר דעם תנאי, אַז זיי טאָרען נישט בעהאַלטען די סודות פון זייערע טעכנישע אַרבייטען פאַר'ן איינגעבאָרענעם רוסען. מען לאַדעט אויך איין גע-לעהרטע פון אייראָפּאַ. דער אַסטראָנאָם אָלעאַריוס בעקומט אַ שטעלע ביים צאַרישען הויף. פון לאַטיינישען ווערען איבערזעצט פילאָזאָפישע אָבהאַנד-לונגען. דער פּאַטריאַרך פילאַרעט האָט אין מאָסקוואַ געגרינדעט אַ שולע, וואו מען לערנט ביידע אַלטע שפּראַכען: גריכיש און לאַטיין.

די רעגיערונגס-צייט פון מיכאַאיל'ס זוהן אַלעקסיי צייכענט זיך אויס דערמיט, 1) וואָס רוסלאַנד רעכענט זיך אָב מיט פּוילען, 2) וואָס עס בעקומט אַ טייל קליינ-רוסלאַנד, און 3) וואָס עס וואַקסט דער אייראָפּעאישער איינפלוס אין לאַנד.

דער דריטער פון די ראָמאַנאָווס, פיאָדאָר אַלעקסייעוו, האָט נאָך אַ לאַנגען קריעג מיט די טערקען און טאַטאַרען געשלאָסען אַ שלום אויף צוואַנציג יאָהר מיט דער טערקיי, זיך פערפעסטיגט אין אוקראַינע און אין דער זאַפּאָראָזשיע.

אום זיך צו שיצען געגען די אפיקורסות פון די אייראָפּעאישע קיר-כען, האָט פיאָדאָר געגרינדעט אַ שולע אין מאָסקוואַ, וואָס האָט געדאַרפט זיין ענג פערבונדען מיט דער קריסטליכער מזרח-קירכע. די דאָזיגע העכערע שולע, האָטש זי איז געווען אַ גייסטליכע שולע, האָט געגעבען רוסלאַנד אַ סך גוטע תלמידים: דעם מאַטעמאַטיקער מאַגניצקי צו פּיאָטר דעם גרוי-סענס צייטען, דעם גרויסען רוס לאָמאָנאָסאָוו צו עליזאַבעטאַ'ס צייטען, דעם געשיכטס-שרייבער באַנטיש-קאַמענסקי און דעם מיטראָפּאָליט פּלאַטאָן צו יעקאַטערינאַ'ס צייטען.

## פּיאָטר דער גרויסער.

נאָך פּיאָדר׳ם טויט זענען די יורשים פון רוסישען טהראָן געווען זיינע ברידער, איוואַן און פּיאָטר. איוואַן איז געווען דער עלטערער אָבער אַ קאַליקע, פּיאָטר איז נאָך דאַמאָלס נישט געווען קיין 9 יאָהר אַלט, אָבער ער האָט שוין אַלעמען פערוואונדערט מיט זיינע גרויסע פעהיגקייטען. איוואַן און פּיאָטר האָבען אָבגעשטאַמט פון פערשיעדענע מוטערס. נאָך אַ שטורמדיגער בלוטיגער צייט איז סאָפיאַ, פּיאָדר׳ס שוועסטער פון אַלעקסיי׳ס ערשטער פרוי, געוואָרען די שטעל־פערטרעטערין פון יונגען פּיאָטר׳ן. איוואַן איז אין דער צייט געשטאָרבען. זי האָט געפיהרט אַן׳אומגליקליכען קריעג געגען דער טערקיי און אויך געמאַכט אַ שלעכטען אָבמאַך מיט חינא, דערנאָך ווי אַ הייפעל קאָזאַקען האָבען צוגענומען די פרוכטבאַרע געגענדען פון אַמור און סיביר׳ען. דער יונגער פּיאָטר איז שטאַרק נישט געווען צופריעדען מיט דער שוועסטערס רעגירונג און האָט פערלאָזען מאָסקווא.

פּיאָטר האָט זיך פריה ענטוויקעלט. שוין פון קליינוויי־אָן האָט ער ליעב געהאַט אַלץ, וואָס דערמאָהנט אַ מלחמה־צייט. ער האָט פיעל געלעזען, האָטש אָהן אַ פּלאַן. ער האָט אויך פיעל געלערנט, נאָר אָהן אַ סדר. ער האָט זיך אויסגעלערנט לאַטייניש, דייטש און האָלענדיש. פון קליינוויי־אָן האָט ער זיך אַרומגעטריבען אין די גאַסען פון מאָסקווא און האָט פריה זיך גענומען צוקוקען צום אַרומיגען לעבען. זיין שטיף־שוועסטער סאָפיאַ האָט ער נישט ליעב געהאַט, און זי האָט געוואוסט, אַז וויבאַלד ער וועט אויפוואַכסען, וועט ער דערהויבען זיין מוטער און צונעהמען סאָפיאַ׳ס מאַכט. דערום האָט זי זיך געסטאַרעט צו ווערען פון אַ שטעל־פערטרעטערין אַן׳אמת׳ע צאַרין, עס איז דערום אויסגעבראָכען באַלד אַ קאַמפף צווישען פּיאָטר׳ן און סאָפיאַ׳ן, וועלכע איז בּעשטיצט געוואָרען פון די סטרעלצעס, און פּיאָטר האָט געזיעגט. סאָפיאַ׳ן האָט מען דערנאָך פערשפאַרט אין אַ קלויסטער און פּיאָטר איז אַרויף אויפ׳ן טהראָן.

פּיאָטר האָט געשטרעבט מיט׳ן גאַנצען כח צו מאַכען פון רוסלאַנד אַן׳אייראָפּעאישע מלוכה. צו דעם צוועק פלעגט ער מאַכען נסיעות קיין אייראָפּא, וואו ער האָט זיך פראַקטיש אויסגעלערנט אַלער־ליי זאַכען, סיי די מלאכה פון שיפסבוי, סיי אַנדערע זאַכען. ער האָט איינגעלאַדען צו זיך אין רוסלאַנד גוטע אַרטילעריע־אָפיצירען, אינזשינע־רען, אַדמיראַלען און האָט מיט אַ גרויסער ענערגיע גענומען בעשאַפע־

פאַר רוסלאַנד אַ פלאָט. מיט דעם דאָזיגען נייעם פלאָט האָט ער בעזיעגט די טערקען ביים אַזאָווישען ים און דערמיט דערוועקט צו זיך די בע־גייסטערונג פון מאָסקווא, וועלכע האָט זיך שטאַרק געפרייעט איבער דעם נצחון פון די קריסטען איבער'ן איסלאַם.

די ערשטע רעפאָרמען, וואָס פיאָטר האָט געפרובט מאַכען אין לאַנד, האָבען אַרויסגערופען געגען איהם אַ גרויסע שנאה. אין איטליכען ווינקעל פון לאַנד זענען אויפגעקומען בונטען אויף בונטען. געגען פיאָטר'ן זענען געווען ערטערווייז די אַרמעע, די קירכע און די הויפלייט. צוערשט האָט ער געמוזט גרויזאַם דערשטיקען דעם בונד פון די סטרעלצי, שפעטער האָט ער געפיהרט אַ קאַמפף געגען די קאָזאַקען, וואָס האָבען זיך צו־בונטעוועט ביים טייך דאָן. גלייכצייטיג האָט ער מיט דער גרעסטער אכזריות דורכגעפיהרט זיינע פלענער צו מאַכען פון רוסלאַנד אַן'איירא־פעאיש לאַנד. ער האָט מיט געוואַלד אָבגעשאַפט אַ סך אַלטע אַזיאַטישע זיטען, און פון פיאָטר'ס צייטען אָן הויבט מען אָן צו טראָגען אין רוס־לאַנד די איירָאָפעאישע קליידונג.

זיינע מלחמות מיט קאַרל דעם 12־טען פון שוועדען און זיין ענד־גילטיגער זיעג ביי פּאָלטאַווא האָבען נאָך מעהר פערשטאַרקט זיין מאַכט אין רוסלאַנד און זיין אָנזעהען אין איירָאָפּא. נאָך דעם גרויסען נצחון נעהמט זיך פיאָטר פאַר זיין אַלטען געדאַנק אַריבערצוטראָגען די הויפט־שטאָדט פון רוסלאַנד פון דער אַלטער אַזיאַטישער מאָסקווא אויף אַן'אַנ־דער אָרט, און לעגט דעם ערשטען גרונד־שטיין פון פעטערבורג, וואָס דאַרף ווערען די הויפט־שטאָדט, לויט'ן איירָאָפּעאישען מוסטער.

---

## די רעפאָרמען.

שוין פון מיכאַאיל ראָמאַנאָוו'ס צייטען האָט זיך רוסלאַנד געעפענט פאַר'ן אויסלענדער. עס איז אָבער נויטיג געווען, אַז דער איירָאָפּעאישער איינפלוס זאָל נאָך ווערען אַ סך שטאַרקער. פיאָטר, וואָס האָט ענערגיש גענומען איינפיהרען איירָאָפּעאישע זיטען און איירָאָפּעאישע פערוואַלטונגס־פאָרמען, האָט בעקומען אַ סך שונאים. די רעכטגלויביגע קירכע איז גע־ווען זיין ביטערסטער געגנער.

1) פיאָטר האָט געשטרעבט דערצו, אַז דער מלוכה־סדר אין לאַנד, נישט פערלירענדיג זיין אַבסאָלוטיסטישען כאַראַקטער, זאָל בעקומען אַן'איירָאָפּעאישען פנים, דערום האָט ער איינגעפיהרט.

אַנשטאַט די אַלטע פּאַטריאַכאַלישע פּערוואַלטונג, אַ בעאַמטען־פּער־וואַלטונג.

2) האָט ער אין לאַנד, וואָס איז געווען געטיילט אין באָיאַרען און לייב־איינענע, וואָס איז איינענטליך געווען עהנליך צו אייראָפּאַ אין 11־טען יאָהרהונדערט, געפּרובט איינפיהרען די אָרדנונג פון אַן׳אייראָ־פּעאישער מלוכה אין 17־טען יאָהרהונדערט מיט אַן׳אויסלענדיש פּאָליטישער פּערטרעטונג, מיט אַ שטעהענדיגער אַרמעע, מיט אַ בעאַמטען־שטאַט פון פערשידענע פּאָלמאַכטען, מיט שולען, העכערע און ניעדעריגע א. א. וו.

3) האָט פּיאָטר געוואָלט, אַז די אייראָפּעאישע בילדונג זאָל פּער־שפּרייט ווערען איבער אַלע רוסישע פּראָווינצען, אַז דאָס לאַנד זאָל אַלץ איבערנעהמען ביי אייראָפּאַ אָהן אַ שום קריטיק, אָהן אַ שום וואַהל. דעריבער האָט ער זיך אַרומגערינגעלט מיט האָלענדער, ענגלענדער, דייטשען; דעריבער פיהרט ער איין אין לאַנד פערשידענע מלאכות, (צי דאָס לאַנד נויטיגט זיך אין דעם, צי ניט), האַנדעלס־צווייגען און געווערבען; דערום מישט ער אויס זיין אַמטליכע שפּראַך מיט שוועדישע און דייטשע ווערטער; דערום צווינגט ער זיינע אונטערטאַנען צו טראָגען די קליידער פון פראַנצויזען אין 17־טען יאָהרהונדערט.

4) האָט פּיאָטר פון דעסטוועגען נישט פערגעסען, אַז זיין לאַנד איז אַ רוסישעס, און ער האָט געזוכט מיט אַלע מעגליכקייטען, אַז דער רוס זאָל ווערען דער תלמיד פון אייראָפּאַ, נישט איהר קנעכט.

פּיאָטר טיילט איין די שטאָדטישע בעוואָהנער אין דריי קלאַסען (גילדעס). צו דער ערשטער קלאַס געהערען די רייכערע (קויפלייטע, אַפּטייקער, גאָלדשמידען); צו דער צווייטער — קליינע הענדלער און בעלי־מלאכות; צו דער דריטער — דאָס פּשוט׳ע פּאָלק און די געזעלען.

די אויסלענדער בעקומען די גרעסטע פּריווילעגיעס.

די פרויען ווערען בעפּרייט פון זייער פריהערדיגער פערשקלאַפּטער שטעלונג, ווען זיי פלעגען פערברענגען זייערע יאָהרען, כמעט ווי היינט די טערקישע פרוי אין האַרעם.

עס ווערען געמאַכט ראַדיקאַלע רעפאָרמען אין דער אַרמעע, אין דער קירכע און אין דער פערוואַלטונג. צוגלייך ווערען געגרינדעט נייע שולען און העכערע אונטעררי֫כטס־אַנשטאַלטען. אין 1703 ווערט גע־גרינדעט פּעטערבורג.

פּעטערבורג איז כמעט די איינציגע הויפּט־שטאָדט אין אייראָפּאַ, וואָס ליעגט ביי די גרענעצען פון לאַנד. די שטאָדט איז געוואָרען אַ

מין „פענסטער” אין איירָאפּאַ. פּיאָטר האָט דורכגעבראָכען דעם דאָזיגען פענסטער דורך דער אַזיאַטישער רוסישער וואַנד, וואָס האָט זי אָבגעשיידט פון דער איירָאפּעאישער ציוויליזאַציע. פּעטערבורג איז געוואָרען נישט נאָר אַ „פענסטער” אין איירָאפּאַ, נאָר דער צענטר, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבען די ווידערגעבורט פון רוסלאַנד. פּיאָטר האָט דאָ שוין נישט געהאַט צו ליידען פון די אַרומיגע פּראָטעסטען, ווי אין דער אַלטער־טימליכער מאָסקוואַ, וואו אַלץ האָט דערמאָהנט אָן די אַלטע פּאַטריאַרכאַלישע צייט.

די לעצטע יאָהרען פון פּיאָטר'ס לעבען זענען געווען פול פון צרות. זיין אייגענער זוהן, וואָס איז צוגעשטאַנען צו דער פּאַרטיי, וואָס איז געווען געגען די רעפאָרמען, האָט איהם שטאַרק פערביטערט זיין לעבען. אין אַ שלעכטער ווילדער מינוט האָט ער דער'הרג'ט זיין אייגענעם נאָכפאָלגער. צי מיט אייגענע הענד, צי צוליעב די ענוים, וואָס פּיאָטר האָט אָנגעווענדט געגען זוהן אויף אַרויסצובעקומען דעם אמת פון דעם בונט געגען פאָטער, — דאָס איז היסטאָריש זיכער נישט פעסטגעשטעלט געוואָרען. נאָך זיין טויט (1725) האָט רעגיערט זיין אלמנה יעקאַטערינאַ די ערשטע 2 יאָהר, דערנאָך זיין אייניקעל פּיאָטר דער צווייטער, אין גאַנצען דריי יאָהר.

פּיאָטר'ס רעפאָרם־אַרבייט האָט זיך נישט אָבגעשטעלט, האָטש זי איז נישט געגאַנגען אַזוי ענערגיש פאָרווערטס ביי זיינע נאָכפאָלגער. אָבער איטליכער צאַר און צאַרין ביז צו יעקאַטערינאַ דער צווייטער'ס צייטען האָט רוסלאַנד אַלץ טיעפער אַריינגעצויגען אין דער איירָאפּעאישער פּאָליטיק און אַלץ מעהר איינגעפיהרט איירָאפּעאישע אָרדנונגען אין דער מלוכה.

אין יאָהר 1762 האָט די פרוי פון פּיאָטר דעם דריטען, וואָס ער האָט זיך געוואָלט פון איהר שיידען און חתונה האָבען מיט אַן אַנדערער, די דייטשע פּרינצעסין פון אַ לענדעל אַנהאַלט, געמאַכט אַ הויף־רעוואָלוציע, ערמאָרדעט דעם אייגענעם מאַן, פערהאַפט דעם רוסישען טהראָן און רעגיערט 34 יאָהר ביז צום יאָהר 1796 אַלס יעקאַטערינאַ די צווייטע.

---

## יעקאַטערינאַ די צווייטע.

יעקאַטערינאַ האָט שוין געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין דער איירָאפּעאישער פּאָליטיק ז. דער צייט פון 7־יעהריגען קריעג. זי האָט געפיהרט

אַ גליקליכען קריעג מיט די טערקען און צו איהר צייט איז פֿאָרגעקומען די ערשטע צוטיילונג פֿון דער פּוילישער מלוכה מיט דייטשלאַנד און עסטרייך.

יעקאַטערינאַ האָט זיך אַרומגערינגעלט מיט פֿעהיגע טאַלענטפֿולע מענשען. אין 1776 גיעט זי אַרויס אַ נייעם געזעצבוך פֿאַר רוסלאַנד, און צו דעם צוועק פֿערזאַמעלט זי אַ גרויסע קאָמיסיע פֿון אַלע דאַמאַליגע פֿאָרשטעהער פֿון לאַנד, סך הכל 652 דעפּוטאַטען. אין דער דאָזיגער קאָמיסיע הערען זיך שוין די ערשטע שטימען געגען דער לייב־אייגענ־שאַפֿט אין רוסלאַנד. די צאַרין בעמיהט זיך אָבער נאָר צו פֿערלייכטערען די לאַגע פֿון די לייב־אייגענע. וואָס אַנבעלאַנגט די בעפֿרייאונג פֿון די פּויערן, קומט נאָך פֿאַר אין זייער לאַגע אַ ענדערונג צום שלעכטען. זי האָט אייגענטליך ערשט די לייב־אייגענשאַפֿט געזעצליך איינגעפֿיהרט. ביז צו איהר צייט איז קיין פֿעסטער געזעץ מכח די פּפליכ־טען פֿון פּויער צום גוטס־בעזיצער נישט געווען, ערשט אין איהר נייעם געזעצבוך ווערען די פּפליכטען מצד די פּויערן צום גוטס־בעזיצער גענוי פֿעסטגעזעצט.

זי קעמפּפֿט אויך געגען די „וויזיאַטקעס" (שוחד) צווישען די בעאַמטע. זי פּרובט צו פֿערבעסרען די פֿערוואַלטונג אין לאַנד און נעהמט אַ סך איבער פֿון פרעמדע מלוכות.

די בעפֿעלקערונגס־צאָהל אין רוסלאַנד וואַכסט אויס צו יעקאַטערינאַ'ס צייט אויף 40 מיליאָן נפשות, אָבער זי איז נאָך אַלץ צו קליין, אַז זיי זאָלען קענען בעאַרבייטען די גאַנצע מורא'דיגע טעריטאָריע פֿון לאַנד. הויפּטזעכליך פֿערגרעסערט זיך נישט די בעפֿעלקערונג דעריבער, ווייל צו־ליעב דיער אונוויסענהייט און דער שלעכטער היגיענע שטאַרבען אויס אַ סך קינדער, און יעקאַטערינאַ זוכט צו פֿערגרעסערן די צאָהל פֿון דאָקטוירים אין לאַנד שרייבט אויס דאָקטוירים פֿון דייטשלאַנד, גרינדעט אַ מין מע־דיצינישע שולע, אונטערשטיצט די פֿאַבריקען, וואָס אַרבייטען־אויס מעדי־צינישע אַרטיקלען, פֿיהרט איין אין רוסלאַנד פּאָקען שטעלען. קורץ, זעהט מיט גוטען און מיט בייזען צו פֿערקלענערען די שטערבליכקייט אין לאַנד.

אונטער יעקאַטערינאַ'ס רעגיערונגס־צייט וואַכסט שטאַרק דער איינפֿלוס פֿון די פֿראַנצויזישע אויפֿקלערער אויפֿ'ן רוסישען הויף אין אויף אַ טייל פֿון דעם רוסישען אַדעל. עס ווערען געגרינדעט אין די גרויסע שטעדט מיטעלשולען, און פֿאַר די טעכטער פֿון די אַדעלליט—ספּעציעלע אינסטיטוטען. די צאַרין אַליין שטעהט אין בריעף־וועכסעל מיט וואָלטער'ען און לאַדעט

אין צו זיך דידראָ. אין דער טעאָריע איז מען געווען דאַמאָלס ביי יעקאַטערינאַ׳ס הויף נישט ווייניגער פריי־געװאָגען, ווי אין פראַנקרייך ביי מאַנכע געזעלשאַפטס־פילאָזאָפען.

ערשט די רעוואָלוציע אין פראַנקרייך, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין 1789, שטויסט אָב יעקאַטערינאַ׳ס צייט פון די פראַנצויזען מיט זייער פרייער פילאָזאָפיע.

יעקאַטערינא האָט געפיהרט פערשידענע מלחמות מיט די טערקען, שוועדען און פערסער. אין 1793 איז פאָרגעקומען די צווייטע טיילונג פון פוילען צווישען דייטשלאַנד און רוסלאַנד. אין 1794 האָבען די פאָליאַקען געמאַכט אַ בונט. אָן דער שפיץ איז געשטאַנען זייער העלד קאָסטיושקאָ, אָבער אין דעם איינענעם יאָהר זענען די בעסטע פוילישע פאַטריאָטען געפאַלען אין דער שלאַכט מיט רוסלאַנד, און אין 1795 איז פאָרגעקומען די דריטע טיילונג פון פוילען צווישען רוסלאַנד, עסטרייך און דייטשלאַנד. פרייסען האָט בעקומען גאַנץ אָסט־פוילען מיט וואַרשא; עסטרייך — קראַקוי, סאַנדאָמיר, לובלין, חעלם; רוסלאַנד האָט צוגענומען דעם רעשט פון ליטא און דעם רעשט פון וואָלין.

די רעוואָלוציע אין פראַנקרייך האָט געמאַכט שטאַרק רעאַקציאָנער יעקאַטערינאַ׳ן. די צווייטע טיילונג פון פוילען האָט זיך אייגענטליך גענומען דערפון, וואָס פוילען האָט אין דעם יאָהר 1791 איינגעפיהרט ביי זיך אַ פרייע בריימע קאָנסטיטוציע, לויט דעם מוסטער פון מאַנכע אייראָפּעאישע. יעקאַטערינאַ האָט די רעפאָרמאַטאָרען פון פוילען, וואָס האָבען דורכגעפיהרט די קאָנסטיטוציע, בעטראַכט אַלס רעוואָלוציאָנערען און יאַקאָבינער (זעה ווייטער), און כלומר׳שט, אום צו בערוהיגען פוילען פון די איגעווענסטע אונרוהען, האָט זי זיך אונטערגעאײלט מאַכען אַ טיילונגס־קאָנטראַקט צוזאַמען מיט פרייסען. אין 1792 האָט זי אויסגעאַרבייט אַ פלאַן, ווי ווידער הערצושטעלען די קעניגליכע מאַכט אין פראַנקרייך, וואָס האָט זיך שוין ערקלערט אַלס אַ רעפּובליק.

יעקאַטערינא איז געשטאָרבען (1796) אין עלטער פון 67 יאָהר. זייט איוואַן דעם גרויזאַמען׳ס צייטען האָט קיין צאַר פאַר איהר נישט געמאַכט אַזעלכע גרויסע עראָבערונגען. רוסלאַנד׳ס גרעניצען זענען איצט געווען דער ניעמאַן, דער דניעפּר און דער שוואַרצער ים.

צו ענדע פון 18־טען יאָהרהונדערט איז שוין רוסלאַנד געוואָרען אַ

גרויסע איירָאפּעאישע מאַכט. אין דער אויסווערטיגער פּאָליטיק האָט עס שוין געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע.

אין אינערען פון לאַנד האָבען שוין אויך אָנגעהויבען איינצודרינגען נייע זיימען, וואָס האָבען עס רעפאָרמירט אויפ'ן איירָאפּעאישען שטייגער. עס האָבען זיך שוין אַלץ עפּטער און העכער געהערט שטימען פאַר דער אָבשאַפונג פון דער לייב־אייגענשאַפט. די צאָהל פון די, וואָס האָבען בעקומען אַ גוטע בילדונג אין איירָאפּא, איז געוואַכסען. עס האָט שוין געװמען שפּראָצען אַן'אייגענע נאַציאָנאַלע ליטעראַטור, אויך כמעט אַן'אייגענע נאַציאָנאַל־רוסישע בילדונג. עס האָבען אָנגעהויבען אַרויסצוגעהען ציימונגען. עס האָט זיך ענטוויקעלט דאָס טעאַטער און די געשיכטס־וויסענשאַפט. אַ טייל פון אַדעל איז שוין געשטאַנען גרינדליך אונטער דעם איינפלוס פון די פראַנצויזישע פילאָזאָפען און געלעהרטע, און די רעוואָלוציאָנערע צייט אין גאַנץ איירָאפּא האָט שוין פאָרבערייט אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך אָבגעגעבען מיט פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע פראַגען.

פון פּיאָטר'ס צייט אָן הויבט מען אָן צו רעכענען אין רוסלאַנד די יאָהרען פון אַ נייער עפּאָכע, ווען דאָס לאַנד געהט אַרויס פון דעם אָבגעזונדערטען פּאַטריאַרכאַליש־אַזיאַטישען אונגעבילדעטען און פערגרעבטען צושטאַנד, און הויבט זיך אָן אָנצושליסען ביסלעכווייז אָן דער אַלגעמיינער איירָאפּעאישער קולטור, בילדענדיג אַ נאַציאָנאַל־רוסישע מלוכה.

---

זעכסטעס קאַפּיטעל.

## איירָאפּא פאַר דער רעוואָלוציע.

### מערב־איירָאפּאַ אין 1000־טען און אין 1700־טען יאָהרהונדערט.

אין טויזענדסטען יאָהר האָט די בעפעלקערונג אין איירָאפּאַ כמעט געלעבט אומעדום גלייך, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די לענדער זענען געווען צוטיילט אין פיעלע סעניאָריען, פעאָדאַלע בעזיצונגען. אומעדום איז געווען די מלוכה־מאַכט אין די הענד פון די גוטס־בעזיצער, אומעדום האָט זיך געפיהרט אַ נאַטוראַלע פּראָסטע ווירטשאַפט, אומעדום איז די געזעלשאַפט צופאַלען אויף דריי הויפּט־קלאַסען, אויף ריטער, גייסטליכע און פויערן, אומעדום זענען די רעליגיע און די בילדונג געלעגען אין די הענד פון די גייסטליכע.

אין 1700־טען יאָהר האָט איירָאפּאַ בעקומען גאָר אַ נייעם פּנים.

ערשטענס, זענען אויסגעוואַקסען מעכטיגע מלוכות, וועלכע האָבען איינ־געשלונגען כמעט די מעהרסטע סעניאָריען. צווייטענס, האָט זיך ענטוויקעלט דער האַנדעל און עס האָבען זיך ענטוויקעלט ברייטע האַנדעלס־בעציהונ־גען; די שטעדט זענען געוואָרען רייך און עס האָט זיך בעוויזען אַ שטאַר־קע „מיטעל־קלאַס". אין רעליגיעזער הינזיכט איז דאָס קריסטענטום צופאַ־לען אויף עטליכע קירכען. די וויסענשאַפט, די ליטעראַטור און קונסט זענען אַריבער אין די הענד פון וועלטליכע מענשען און האָבען שוין בעקומען אַ נייעם וועלטליכען חאַראַקטער. דער איינפאָרמיגער סדר פון דער פעאָדאַלער עפּאָכע האָט אָבגעטרעטען דעם פּלאַץ אַ נייער עפּאָכע מיט פערשיעדענע רייכערע און ברייטערע בעציהונגען צווישען די קלאַסען, צווי־שען די קירכען און די מלוכות.

---

## גערמאניען. די פויערן. די שטעדט.

גערמאניען איז שטאַרק אָבגעשטאַנען פון אַנדערע מלוכות, צום גרעס־טען טייל זענען די פויערן געווען לייב־אייגענע. די גיטער פון די גוטס־בעזיצער זענען געווען אַרומגערינגעלט פון די דערפער מיט די לייב־איי־גענע, און די ערד פון גוטס־בעזיצער האָבען בעאַרבייט אומזיסט די פויערן. די פויערן האָבען געמוזט צושטעלען, יעדער לויט זיין שטיק ערד, אַ טייל אַרבייטער, וואָס האָבען בעאַרבייט די פעלדער פון זייער האר, געטראָגען פאַר איהם משאות און גלאַט געטהון אַלערליי געפעליגקייטען. דערצו האָבען זיי נאָך געמוזט צאָהלען אַנ׳אָבגאָב פאַר זייער ערד, פלעגען מוזען ברענגען דעם האַר לייוועגד, פוטער, היהנער, אייער א. ד. גל. די לאַנדווירטשאַפט האָט זיך דערום שוואַך ענטוויקעלט. די פויערן זענען געווען אָרעם און אונוויסענד.

שטעדט זענען געווען אין דייטשלאַנד אַ סך. אַ גרויסע ראָלע האָבען זיי אָנגעהויבען שפּיעלען אין 14־טען און 15־טען יאָהרהונדערט. מיט דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ און דעם האַנדעלס־וועג אַרום דער „שפּיץ פון דער גוטער האָפנונג" איז דער וועלט־האַנדעל אַריבער צו די האָלענדער און ענגלענדער. די דייטשע שטעדט האָבען אָנגעהויבען פאַלען. אין 18־טען יאָהרהונדערט זענען זיי נאָר געווען בלויז דער צענטער פון האַנדעל און בילדונג, איטליכע שטאָדט פאַר דער נאָהענטער אַרומיגער פּראָווינץ. די אַרבייטזאַמע שטאָדט־בירגער, זייענדיג אָבגעשניטען פון וועלט־האַנדעל, האָבען זיך צוגעוועהנט צו אַ ענגען בעשיידענעם לעבען. די שטאָד־

טיגע פאַבריקאַציע האָט זיך נישט געקענט פריי ענטוויקלען, ווייל יעדע מלאכה האָט זיך געהאַט איהר אייגענעם צעך. אום צו ווערען אַ מייסטער, אַ בעל־הבית אויף אַן׳אייגענעם ווארשטאַט, האָט מען געמוזט פריהער זיין אַ תלמיד, דערנאָך אַ געזעל. ערשט, ווען דער געזעל האָט געוואַנדערט אין פרעמדע שטעדט, זיך צוגעקוקט צו פרעמדער אַרבייט, און צוגעשטעלט, קומענדיג צוריק אַהיים, אַ פּראָבע פון זיין זעלבסטשטענדיגער אַרבייט און איז געוואָרען געגאַלקעוועט פון דער פערזאַמלונג פון מייסטערס, — האָט ער בעקומען דעם טיטעל און די רעכטען פון אַ מייסטער. מיטגליעדער צעך און דער בונד פון די מייסטער בעזונדער האָבען אַכטונג געגעבען, אַז די סחורה, וואָס אַ בעל מלאכה גיעט, זאָל זיין אַ גוטע, און אַז דער פּראָדוקט זאָל ווערען געמאַכט לויט בעשטימטע כללים, אז דער פרייז זאָל נישט זיין צו הויך און צו ניעדעריג. זיי פלעגען זיך אַריינמישען אין די סכסוכים פון׳ם אַרבייטער און מייסטער, זיי האָבען אפילו אַכטונג געגעבען אויף די ערציעהונג און די מאָראַל פון די צעכען־מיטגליעדער. די צעכען האבען שטאַרק געשטערט דעם אונטערנעהמונגס־און ערפינדונגס־גייסט. די מייסטערס האָבען שווער צוגעלאָזען, אַז זייער צאָהל זאָל שטאַרק אויסוואַכסען. זיי האָבען נישט צוגעלאָזען קיין קאָנקורענץ פון זייטיגע מענשען, און מיט׳ן אַרבייטער פלעגען זיי זיך בעגעהען, ווי עס פלעגט זיך זיי ווילען.

---

## די אַדעללייט, גייסטליכקייט, די מלוכה.

די דייטשע אַדעללייט זענען געווען זעהר מעכטיג און שטאָלץ. זיי האָבען זיך געהאַלטען פון די בירגער פון דערווייטענס. חתונה האָבען מיט אַ טאָכטער פון אַ שטאָדט־בירגער האָט זיך גערעכענט פאַר אַ גרויסע חרפה. די ערד איז הויפּטזעכליך געווען אין די הענד פון דער אַריסטאָקראַטיע און זיי האָבען נישט־נאָר אויסגענוצט דעם פויערס אַרבייט, זיי זענען אויך געווען, לויט די אַלט פעאָדאַלע מנהגים, די פּאָליציי און די ריכטער פון פויער. די מיליטערישע קאַריערע איז געווען אָפען נאָר פאַר די אַדעל־לייט. אין די געריכטען און אין דער ציוויל־פערוואַלטונג האָבען מייסטענס געדיענט בירגער.

די לאַגע פון די גייסטליכע איז געווען פערשיעדען אין די קאַטוי־לישע און פּראָטעסטאַנטישע פּראָווינצען. אין די ערשטע האָבען זיי בעזע־סען גרויסע רייכטימער, האָבען געהאַט אַ מעכטיגען איינפלוס און זיך גע־

טיילט אין צוויי גרופּען: די העכערע גייסטליכע (די פּרעלאַטען), וואָס האָבען געשטאַמט פון דער אַריסטאָקראַטיע און האָבען געהאַט די אייגענע אינטערעסען פון דער אַריסטאָקראַטיע, און די ניעדעריגערע, וואָס האָבען געאַרבייט אין די דערפער און די קליינע שטעדט און וואָס זע־נען געשטאַנען נעהענטער צו די אינטערעסען פון די בירגער און דאָרפסלייט.

אין די פּראָטעסטאַנטישע פּראָווינצען האָט די קירכע נישט געהאַט אַזאַ רייכקייט און אַזאַ פּאָליטישען איינפלוס. די פּאַסטאָר־ען זענען געשטאַנען אונטער דעם שטאַרקען איינפלוס פון דער רעגיערונג. זיי האָבען געלעבט מיט די בירגערליכע קרייזען, און מען קאָן זאָגען, אַז צוליעב דער רעפאָרמאַציע האָט די אַריסטאָקראַטיע פערלאָרען אין פּראָטעסטאַנטישען דייטשלאַנד איינע פון איהרע שטאַר־קע שטיצען, דעם שטאַנד פון די גייסטליכע.

אין מלוכה־לעבען האָט דייטשלאַנד מעהר ווי אומעדום געהאַט צו ליידען פון דער אַלטער צייט, ווען דער פעאָדאַליזם האָט געהערשט אומעדום. נאָכ׳ן דרייסיג־יעהריגען קריעג איז דייטשלאַנד נישט געווען קיין גאַנצע פעראייניגטע מלוכה. די אימפּעריע מיט איהרע אַנשטאַלטען האָבען כמעט גישט געהאַט קיין מאַכט. דער אימפּעראַטאָר האָט אינגאַנ־צען געהאַט אַכט טויזענד טאָלער הכנסה פון דער אימפּעריע. אין רייכס־טאַג, וואָס האָט זיך געטיילט אויף דריי קוריעס (קורפירשטען, פירשטען און שטעדט) און אויף צוויי אמונות, האָבען זיך די קוריעס און די גייסט־ליכע קיינמאָל נישט געקענט צוזאַמענרעדען. די 300 מלוכות, אויף וועל־כע עס האָט זיך געטיילט גערמאַניען אין 18־טען יאַהרהונדערט, האָבען אַלע געהאַט פאָלקאָמענע זעלבסטשטענדיגקייט. פון די 300 זענען 30 געווען ווענינער ווי צוויי מייל די גרויס. 10 פון זיי האָבען פערנומען אַ שטח פון ¼ ביז 1 מייל. מאַנכער פירשט אין אַזאַ מלוכה׳לע האָט נישט געקאָנט אויסשיסען פון אַ האַרמאַט, ווייל זיין קויל וואָלט שוין געפאַלען אין דעם רשות פון אַנ׳אַנדער מלוכה׳לע.

די גרעסערע מלוכות זענען געווען אַזוי זעלבסטשטענדיג, אַז זיי האָבען געמעגט אַפילו אַריין אין אַ בונד מיט פרעמדע מלוכות אָהן דער ערלויבניש פון אימפּעראַטאָר. עסטרייך און פּרייסען זענען אַפילו געווען די שטאַרקסטע, נאָר טאַקי דערפאַר האָבען זיי אַרויסגערופען קנאה און נישט־צוטרוי ביי די איבריגע פירשטענטימער.

## פֿראַנקרײַך ; — די פּויערן , די בירגער , די אַדעלײַט , די גײַסטליכקײַט , די רעגירונג .

אין פֿראַנקרייך איז דאָס געזעלשאַפֿטליכע לעבען געווען שטאַרקער ענטוויקעלט ווי אין דייטשלאַנד, די פֿראַנצויזישע פּויערן זענען כּמעט אַלע געווען פּערזענליך פֿריי פֿון די גוטס־בעזיצערס פּריווילעגיעס. פֿון פּאַנשטשיזנא האָבען זיך די מייסטען פּויערן אויסגעקויפֿט, און די פּויערן זענען געוואָרען די איינציגע בעזיצער אויף זייערע שטיקער ערד. נאָר אינגאַנצען זענען זיי דאָך נישט פֿריי געוואָרען פֿון פֿעאָדאַלען יאָך. זיי האָבען נאָך געצאָהלט אַ געלד־אָבצאָהל דעם גוטס־בעזיצער פֿאַר די ערד. חוץ דעם האָבען זיי נאָך געהאַט אויף זיך אַ גאַנצען צעטעל פֿפֿליכטען פֿאַר׳ן סעניאָר, למשל, פֿיהרען זיין קאָרן אויף פּויערשע וועגען מאָהלען זיין ווייץ אין זיינע מיהלען, באַקען ברויט אין זיינע אויווענס פֿערקויפֿען זייער ווײַן מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער ווי דעם סעניאָרס און דאָס גל. אין אַלגעמיין האָט זיך די דאָרפֿס־בעפֿעלקערונג אויסגעצייכענט מיט איהר אַרבייטזאַמקייט און געניטקייט. די ערד איז מייסטענס בעאַרבייט געוואָרען פֿון די קליינע לאַנדס־בעזיצער, אייגענטימער אָדער אַרענדאַטאָרען. אָבער אין דער דאָרפֿישער בעפֿעלקערונג איז געוואַקסען כּסדר דער כּעס געגען דער אַריסטאָקראַטיע, צוליעב די נישט גערעכטע פּריווילעגיעס פֿון די האַרען און צוליעב דעם זכר פֿון דעם אַמאָליגען פֿעאָדאַליזם.

די שטאָדט־לייט, וואָס האָבען געהייסען אין פֿראַנקרייך בורזשואַזיע, אָדער דער דריטער שטאַנד, זענען געווען אין אַ סך פּרטים עהנליך צום דייטשען בירגער. אין זייערע האַנדעלס־קרייזען איז אויך געגאַנגען אַ קאַמפּף צווישען די צעכען און די פֿרייע אונטערנעהמער. מיט געוויסע אויסנאַהמען זענען די פֿראַנצויזישע שטעדט געווען מעהר דער האַנדעלס־ און בילדונגס־צענטר פֿאַר דער נאָהענטער פּראָווינץ, ווי פֿאַר׳ן וועלט־האַנדעל, אָבער אין געוויסע פּרטים האָבען זיך די שטעדט שטאַרק אונטערשיידט פֿון די דייטשע. די בירגער האָבען נישט געהאַט אַזאַ צובונד צו די אייגענע שטעדט, ווי די דייטשע בירגער. איטליכער האָט געשטרעבט קיין פּאַריז, וואָס האָט געשפּיעלט אין פֿראַנקרייך אַזאַ ראָלע, פֿון וואָס דער דייטשער קעניגס־שטאָדט האָט זיך אַפֿילו אין שלאָף נישט געקענט חלומ׳ען. אין פּאַריז פֿלעגען זיך צונויפֿקומען אַלע פֿעדים פֿון האַנדעל און פֿאַבריקאַציע. דאָרטען, וווּ עס פֿלעגען זיצען די גרעסטע

און מעכטיגסטע מענשען פון פראנקרייך, פלעגט דער בירגער בעקומען זיינע אידעען, זיינע פאליטישע פלענער און זיינע בעסטע געדאנקען, און מאקי אדאנק פאריז האט די פראנצויזישע בורזשואזיע זיך גענומען ארגאניזירען און האט אנגעהויבען פיהלען, וואס פאר אמאכט זי איז אין דער מלוכה. איהרע פיהרער, שריפטשטעלער און גרויסע קאפיטאליסטע האבען זיך נישט געהאלטען נידעריגער פון דער אריסטאקראטיע, און האבען שפעטער אויך אנגעהויבען צו ווירקען אויף די אריסטאקראטיע גופא.

די אריסטאקראטיע האט זיך אויך געפונען אין א פאלשער לאגע. אלע רעגיערונגס-רעכטען, דאס סעניארען-געריכט, די פאליציי און די ארטיגע פערוואלטונג איז אריבער צו דער מלוכה. די אינטענדאנטען האבען פערוואלטעט מיט אלע ענינים אין דער פראווינץ, דער קעניג איז געווען דער נישט-בעגרענצטער הערשער איז דער מלוכה. און פונדעסטוועגען האט די אריסטאקראטיע בעהאלטען איהרע אלטע פריווילעגיעס, וואס זי האט אמאל בעקומען, ווייל זי האט דאמאלס געפיהרט א טייל פון די מלוכה-ענינים. די אדעללייט זענען נישט נאר געווען די ערשטע ביי'ם הויף און אין דער ארמעע, זיי זענען אויך פטור געווען פון פערשיעדענע אבצאהלען, און פון זייער ערד האבען זיי געצאהלט א סך א קלענערען אבצאהל ווי דער פויער. די נאהענטקייט צום קעניגליכען הויף האט זיי געגעבען די מעגליכקייט לייכט אויסצובעטלען פערשיעדענע מתנות, פענסיעס און אלערליי ערלייכטערונגען, און וואס ווייניגער די אדעללייט האבען געארבייט אין דער מלוכה, אלץ מעהר האבען זיי גערבעטעלט ביי דער מלוכה. א בעזונדערס גוטע לאגע האבען פערנומען די „מאנטעל-אדעללייט" (צום אונטערשיעד פון די „שווערד-אדעללייט"), ד. ה. די ריכטער. די געריכטס-שטעלען פלעגט מען קויפען פאר געלד און זיי פלעגען איבערגעהען בירושה. אזא ארדנונג איז אפילו געווען נישט בעזונדערס גוט, אבער צוליעב דעם האבען די ריכטער-חברות געהאט א שטיקעל זעלבסטשטענדיגקייט, מיט וועלכער זיי פלעגען זיך אפט בענוצען, ווען זיי פלעגען זיך דערוועקען קריטיקירען די רעגיערונג.

די גייסטליכע זענען אויך געווען פריווילעגירט, ווי די אדעללייט. זיי האבען געהאט גרויסע שטיקער ערד, אבער זיי זענען געווען פריי פון די אלגעמיינע אבצאהלונגען און פלעגען זיך בענוגענען מיט א קליינעם אבצאהל פאר דער רעגיערונג, לויט א געוויסען אבמאך. צווישען די גייסט-

ליבע זענען געװען אַזױנע (פּרעלאַטען), װאָס האָבען געהאַט גרױסע אײנ־קינפֿטען, און דאָרפֿס־גײסטליכע, װאָס האָבען געלעבט זעהר אָרעם.

**װי האָט זיך די רעגירונג בעצױגען צו דער נישט־נאָרמאַלער לאַגע פֿון איהרע פֿױערן, בירגער און אַלערלײ קלאַסען אין לאַנד?**

די קעניגליכע רעגירונג איז געװען אַזױ מעכטיג און האָט געהאַט אַזױנע גרױסע פֿאָלמאַכטען, אַז די רעגירונג האָט מען געמאַכט פֿעראַנטװאָרטליך פֿאַר אַלץ, װאָס האָט נאָר פּאַסירט אין לאַנד; פֿון איהר האָט מען געהאָפֿט שוץ און הילף אין אַלע ענינים, און פֿאַר אַלץ, װאָס האָט פּאַסירט, פֿלעגט מען אױסגיסען דעם כעס אױף די קעניגליכע רעגירונג. חאָטש די קעניגליכע מאַכט האָט צוגענומען פֿון דער אַריסטאָקראַטיע די זעלבסטשטענדיגקײט, איז זי אָבער געװען מיט איהר היסטאָרישענג פֿערקניפּט און האָט זיך פֿון איהר נישט גע־װאָלט שײדען. דער קעניג האָט זיך געהאַלטען פֿאַר דעם „ערשטען אַדעל־מאַן” אין לאַנד און האָט בשום אופן נישט געװאָלט צוגעהמען פֿון די אַדעל־לײט זײערע אַלטע פּריװילעגיעס. נישט קוקענדיג, װאָס פֿראַנקרײך איז געװען אַנ׳אײניג לאַנד, איז נאָך איבערגעבליבען אַ גרענעץ־אָבצאָהל אין אַ סך פּראָװינצען, װעלכע זענען אַמאָל געװען בעזונדערע מלוכות, אָדער אפֿילו סעניאָריען. למשל, בײ׳ם פֿיהרען סחורה איבער׳ן טײך לואַר האָט מען געדאַרפֿט צאָהלען גרענעץ־אָבצאָהל 27 מאָל. דער פֿערקױף פֿון זאַלץ, למשל, איז געװען אַ מאָנאָפּאָל פֿון דער רעגירונג, און אין מאַנכע פּראָװינצען פֿלעגט זיך אַ פֿונט זאַלץ פֿערקױפֿען פֿאַר 50 קאָפּ. און אין אַנדערע—פֿאַר 16 רובל אַ פֿונט.

---

### ענגלאַנד. — די לאַנד־בעפֿעלקערונג. די שטאָדט־בעפֿעלקערונג. די אַריסטאָקראַטיע. די קירכע. דאָס מלוכה־לעבען.—

ענגלאַנד איז שױן אַ סך װײטער אַװעק, װי דײטשלאַנד און פֿראַנק־רײך. די ענגלישע פֿױערן זענען שױן נישט געװען קײן לײב־אײגענע צײט ענדע מיטעלאַלטער. אין 15־טען יאָהרהונדערט איז שױן צװישען זײ און די פֿרײע אײגענטימער נישט געװען קײן אונ־טערשײד. ענגלאַנד האָט זיך בעדעקט מיט אַ סך קלײנע זעלבסטשטענדי־גע ערדבעזיצער, און דער זכר פֿון דער לײב־אײגענשאַפֿט אין מיטעלאַל־טער איז נאָר געבליבען אין מאַנכע אָרטיגע מנהגים. אָבער מיט דער צײט האָבען די גרױסע גרונדבעזיצער אײנגעשלונגען די קלײנע, די

גרויסע גרונדבעזיצער האָבען צוליעב דער בעסערער ווירטשאַפט געקאָנט ביליגער פערקויפען זייער תבואה, ווי די קליינע. די פויערן האָבען שוין נישט געזעהן קיין מזל ברכה אין דער אַרבייט. זיי האָבען פער-קויפט זייער ע״ד די גרויסע גוטס-בעזיצער, און אַליין זענען זיי געוואָרען זייערע אַרענדאַטאָרען אָדער דאָרפס-אַרבייטער, אָדער זיי זענען אַוועק אין די שטעדט, וואָס האָבען געפאָדערט אַ סך אַרבייטס-הענד, צוליעב דער ענטוויקלונג פון האַנדעל און פאַבריקאַציע, אָדער זיי פלעגען אויס-וואַנדערען פון ענגלאַנד אין די קאָלאָניעס. ביסלעכווייז איז פערשוואונדען די קלאַס פון די קליינע דאָרפישע ערדבעזיצער, און מיט פיה-צוכט און ערד-אַרבייט האָבען זיך אויס-שליסליך בעשעפטיגט די גרויסע גוטס-בעזיצער, זייערע אַרענדאַטאָרען און דאָרפס-אַרבייטער.

אין דער אייגענער צייט זענען געוואַכסען די שטעדט און דער שטאָדטישער האַנדעל. די ענגלישע האַנדעלס-אינדוסטריע האָט נישט נאָר געאַרבייט פאַר די נאָהענטע פראָווינצען, זי פלעגט אַרבייטען אויך פאַר פרעמדע מלוכות און פאַר איהרע קאָלאָניעס. די ענגלענדער זענען געוואָרען די ערשטע אין וועלט-האַנדעל. ביי אַזא צושטאַנד האָבען די אַלטע צעכען געמוזט בטל ווערען. די פרייע קאָנקורענץ און דער פערזענליכער אונטערנעהמונגס-גייסט האָבען פערנומען דעם אָרט פון די צעכען. אין 18-טען יאהרהונדערט צוליעב אַ רייהע פון נייע ערפינדונגען ווערט אַרויסגעשטויסען די האַנד-אַרבייט און עס ענטוויקעלט זיך די מאַשינען-אַרבייט. האַרגרעווס האָט ערפונדען די שפינ-מאַשין, קאַרטראַיט — דעם מעכאַנישען וועב-שטוהל, וואַט האָט פערפאָלקאָמענט די דאַמפף-מאַשין. אין דער אינדוסטריע פון מעטאַל און פאָרצעליי ווערען געמאַכט פערשידענע אויסבעסערונגען. די אַרבייטער פלעגען אָפטמאָלס צוברעכען די מאַשינען, וועלכע האָבען אַרויסגעשטויסען די לעבעדיגע מענשליכע האַנד. נאָר סוף כל סוף האָבען די מאַשינען דעם אַרבייטער נישט געשאַדט, ווייל צוליעב זיי איז די פאַבריקאַציע שטאַרק אויסגע-וואַכסען און שפּעטער האָבען געהאַט אַרבייט מיליאָנען אַרבייטער, ביי דער אויסאַרבייטונג פון אַ פּראָדוקט, ביי וואָס פריהער האָבען נאָר גע-לעבט עטליכע צעהנדליג טויזענד מענשען.

בעזונדערס האָט זיך ענטוויקעלט די מאַשינען-פאַבריקאַציע אין צפון-ענגלאַנד: מאַנטשעסטער, בירמינגהאַם, שעפפילד, ליעדס זענען געוואָרען גרויסע שטאַרק בעפעלקערטע שטעדט. און אַזוי ווי ענגלאַנד האָט נאָך

געהאט דערצו א סך אייגענע שטיינקויהלען, האבען זיי זיך געמוזט נאך ווייטער ענטוויקלען.

די אדעלליט זענען נישט פערשוואונדען, אבער זיי האבען בעקומען אנ'אנדער פנים. פאר'ן געזעץ זענען אלע ענגלענדער גע־זעען גלייך. די גרעסטע אריסטאקראטען האבען אין בירגערליכען לעבען נישט געהאט קיין שום פריווילעגיעס. די נישט גרויסע צאהל טיטו־לירטע אריסטאקראטיע האט זיך נישט אבגעזונדערט אין א בעזונדערער קאסטע, נאר דער עלטסטער זוהן פון א לארד האט גע'ירש'נט דעם פאטערס טיטעל; די איבעריגע קינדער זענענגעווען דאס אייגענע, וואס איטליכער ענגלענדער. די מיטעלערע און די קליינע אריסטאקראטיע האט זיך צונויפגעשמאלצען מיט דער שטאדטישער בעפעלקערונג. נאר האטש פאר'ן געזעץ זענען אלע ענגלענדער געווען גלייך, אבער עקאנאמיש און פאליטיש האט די אריסטאקראטיע בע־האלטען א שטיק מאכט. איהר הויפט־שטיצע איז געווען די גוטס־בעזיצערקלאס. פון דער דאזיגער קלאס פלעגט מען אויסקלייּ־בען די ריכטער, וואס האבען געהאט אין די הענד די ארטיגע פערוואל־טונג און אויך די פאליציי. פון דער אייגענער קלאס איז אויך אבגעהאנ־גען די מלוכה־פערוואלטונג, ווייל צוליעב אנ'אלטען וואהל־סיסטעם פלעגט די מעהרהייט פון פארלאמענט ווערען אויסגעקליבען פון די פערמער, קליינע שטעדטלעך, וואס זענען געווען אבהענגיג פון די גרויסע גוטס בעזיצער. אין דער לארדען־פאלאטע (אויבערשטע) זענען געזעסען ד־העכסטע פארשטעהער פון דער אייגענער קלאס. די האנדעלס־און אינדוס־טריע־בעפעלקערונג האט ביי ווייטעם נישט געהאט די אייגענע פאליטישע מאכט, וואס זיי האבען געדארפט האבען, לויט זייער צאהל און זייער רייכטום. אמת, די שטעדט האבען געהאט אנ'ארטיגע געוועהלטע פערוואל־טונג, נאר אין פארלאמענט (ז. אויבען) פלעגען זיי שיקען דעפוטאטען לויט דעם אלטען מנהג, און נישט לויט דער וויכטיגקייט, בעפעלקערונגס־צאהל פון די נייע שטעדט. למשל, די וויכטיגסטע נייע שטעדט מאנטשעס־טער, בירמינגהאם, ליעדס, -- האבען בכלל נישט געהאט קיין פערטרעטער אין דער אונטערשטער פאלאטע.

וואס אנבעטרעפט רעליגיע, האט זיך ענגלאנד געטיילט אין פער־שיעדענע כתות, און איטליכע האט געהאט איהר בעזונדערע געזעלשאפט־ליכע פארב. די גוטס־בעזיצער־קלאס האט זיך געהאלטען פאר דער „גרויסער” אנגליקאנישער קירכע. אין די שטעדט זענען שוין געווען דיסענטערען, אנהויבענדיג פון די פרעסביטעריאנער ביז די קוועקער.

יעדענפֿאַלס, אַלע גוטינקייטען, וואָס די קירכע האָט געקענט בעקומען פֿון דער רעגיערונג, האָט געוועהנליך בעקומען די רייכע און איינפֿלוסרייכע אַנגליקאַנישע קירכע.

די געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג פֿון ענגלאַנד האָט בעהאַלטען אַן־אַריסטאָקראַטישען כאַראַקטער, און דערום האָט, נאַטירליך, די מעהרהייט ענגלענדער פֿערלאַנגט און געפֿאָדערט רעפֿאָרמען. נאָר דאָס פֿאָלק איז נישט געוועזען ערבימערט, און האָט נישט געקלערט וועגען אַ געוואַלטזאַמער איבערקעהרעניש.

אומעדום האָט מען געפֿיהלט די חסרונות פֿון אַלטען סדר, וואָס איז נאָך נישט פֿריי געוואָרען פֿון אַלטען פֿעאָדאַליזם. אין דייטשלאַנד האָט ער אויפֿגעהאַלטען די עקאָנאָמישע און גייסטיגע ענטוויקעלונג. אין פֿראַנקרייך האָט שוין אַפֿילו דער פֿעאָדאַליזם אָבגעלעבט זיין צייט, נאָר די רעגיערונג און די העכערע קלאַסען האָבען נאָך איבערגעלאָזען דער אַריסטאָקראַטיע אַ סך פּריווילעגיעס. אין ענגלאַנד זענען פֿאַר׳ן געזעץ גע־וועזען אַלע גלייך, נאָר די פּאָליטישע איבערהערשאַפֿט איז נאָך געוועזען ביי דער אַריסטאָקראַטיע, די זוייטערדיגע ענטוויקלונג פֿון אייראָפּאַ׳ס געשיכטע איז אויך געוועזען אַ סך אָבהענגיג פֿון דער גייסטער רעוואָלוציע, וואָס אייראָפּאַ מיט איהרע הויכע מענשען האָבען דורכגעמאַכט פֿון דער רע־פֿאָרמאַציע אָן ביז׳ן ענדע פֿון 18־טען יאָהרהונדערט.

---

זיעבענטעס קאַפּיטעל.

## די ליטעראַטור און איהר איינפֿלוס.

### ראַציאָנאַליזם.—די השכלה־צייט.—וואָלטער.

אין 17־טען יאָהרהונדערט זענען אַלע געווען דורכגעדרונגען מיט׳ן ראַציאָנאַליזם, ד. ה. מיט דער איבערצייגונג, אַז אַלץ, וואָס מיר זעהען אין דער נאַטור און אין לעבען, קאָן ווערען ערקלערט מיט׳ן מענשליכען פֿערשטאַנד. אין מיטעלאַלטער האָט מען אויף אַלץ געזוכט אַן׳ערקלערונג אין דער קירכע און אין די קירכליכע אַנערקענטע ביכער, און וואָס זיי פֿלעגען זאָגען, פֿלעגט מען אָננעהמען אָהן אַ שום קריטיק. די רעפֿאָרמאַציע האָט גענומען אַלץ נאָכקאָנטראָלירען. אויך די ביבעל האָט זי גענומען לערנען פּשוט אָהן באורים, מיט׳ן איינפֿאַכען מענשליכען פֿערשטאַנד. אין 17־טען יאָהרהונדערט האָט מען אָנגעהויבען צו בעגריי־

פֿען, אַז דער שכל איז נישט נור דער קוואַל אויף צו פֿערשטעהען די ביי־בעל, נאָר בכלל די איינציגע קראַפֿט, וואָס ערקלערט אונז אַלע רעטע־נישען פֿון דער נאַטור און געזעלשאַפֿט. די פֿילאָזאָפֿען פֿון דער צייט האָבען נישט געלייקענט אין דער ביבעל, אָבער זיי האָבען זיך מיט איהר נישט בענוצט אין פֿראַגען פֿון וויסענשאַפֿט און פֿילאָזאָפֿיע. פֿון אַלע ווי־סענשאַפֿטען איז די ראַציאָנאַלסטע מאַטעמאַטיק. און דערום האָבען זיך די גרויסע דענקער פֿון דער צייט זיך הויפּטזעכליך בעשעפֿטיגט מיט מאַ־טעמאַטיק. די דאָזיגע צייט צייכענט זיך אויס מיט איהרע גרויסע מאַטע־מאַטיקער און פֿילאָזאָפֿען.

דער פֿילאָזאָף דעקאַרט (פֿון 1596 ביז 1650) איז געוואָרען דער שעפֿער פֿון דער אַנאַליטישער געאָמעטריע, ווי אויך פֿון דער ראַציאָנאַליס־טישער פֿילאָזאָפֿיע. ער האָט צוערשט געזוכט אַזאַ מין אמת, אין וועלכען קיינער זאָל נישט קענען צווייפֿלען און פֿון דעם אמת זאָל מען קענען אַרויסבעקומען מאַטעמאַטיש לאָגיש מיט׳ן שכל וויטערע אמת׳ען. זיין אמת איז געווען: „איך טראַכט, דערפֿון איז אַ ראַיה, אַז איך עקזיסטיר״, און אויף דעם דאָזיגען אמת האָט ער אויפֿגעבויט אַ גאַנצעם סיסטעם פֿון אַ ראַציאָנאַלער פֿילאָזאָפֿיע.

ברוך שפּינאָזאַ (פֿון 1632 ביז 1677), אַ האָלענדישער יוד, האָט זיך איבערהויפּט בעשעפֿטיגט מיט דער פֿראַגע פֿון גאָט און וועלט, און איז דערגאַנגען צו דעם, וואָס מען רופֿט אָן פּאַנטעאיזם, ד. ה. אַז גאָט איז נישט עפּעס אַזוינס, וואָס איז אָבגעטיילט פֿון דער וועלט, נאָר וואָס איז די נשמה פֿון אַלץ אין דער וועלט, וואָס איז אייביג מיט דער וועלט איינס. שפּינאָזאַ האָט זיין סיסטעם בעשריבען אין דער שפּראַך פֿון אַ מאַטעמאַטישען בוך.

לייבניץ (1646—1716) האָט ענטדעקט די דיפֿערענציאַלען (אַ העכערע מאַטעמאַטישע וויסענשאַפֿט), און בכלל אַרויסגעוויזען אַ גרוי־סען פֿאָרשונגס־גייסט אין אַלע וויסענשאַפֿטען, ווי פֿיזיק, כעמיע, אַסטראָ־נאָמיע, שפּראַך־וויסענשאַפֿט יוריספּרודענץ און געשיכטע. ער איז נישט געווען אין גאַנצען איינפֿערשטאַנען נישט מיט דעקאַרט׳ען, נישט מיט שפּינאָזאַ׳ן. לויט זיין פֿילאָזאָפֿיע בעשטעהט די גאַנצע וועלט פֿון קליינע טיילען, וואָס זענען שוין נישט דערגרייכבאַר פֿאַר אונזערע געפֿיהלען און וואָס ער רופֿט אָן מיט׳ן נאָמען מאָנאַדען.

די ענגלישע פֿילאָזאָפֿען האָבען צוגעצויגען די אייראָפּעאישע געזעל־שאַפֿט מיט אַ פֿילאָזאָפֿיע, וואָס איז נאָהענטער צו דער ערד און נאַטור,

ווי די פילאָזאָפיע פון די דערמאָהנטע וועלט־פילאָזאָפען. אין יאָהר 1687 איז אַרויס דאָס ווערק פון ניוטאָן „די מאַטעמאַטישע יסודות פון דער נאַטור־פילאָזאָפיע”, וואָס האָט נישט־נאָר בעשאַפען אַ נייע עפּאָכע אין דער וויסענשאַפט, נאָר אויך שטאַרק געווירקט אויף די איבערצייגונ־גען פון דער דאַמאָלדיגער געבילדעטער וועלט. אין דעם דאָזיגען בוך האָט ניוטאָן גענִיאַליש און ריין מאַטעמאַטיש בעוויזען זיין געזעץ פון דער־אַנציהונגס־קראַפט. דערמיט האָט ער בעוויזען, אַז די מעכאַנישע געזעצען בעציהען זיך אויך אויף אונזער פּלאַנעט, ווי אויף אַלע פּלאַנע־טען, אַז די געזעצען פון דער נאַטור זענען איינע און דיזעלבע אויף דער ערד, ווי אויף דער זון, דאָס גאָט האָט געשאַפען זיינע וועלטען לויט דעם איינ־איינציגען פּרינציפּ.

דער געזונדער פּראַקטישער שכל פון די ענגלענדער האָט זיי אָבגע־האַלטען פון דעם, אַז זיי זאָלען זיך אַזוי בלינד פערלאָזען אויף זייער בלויזען שכל, ווי די פראַנצויזען. אין יאָהר 1690 איז אַרויס דעם ענג־לענדער לאָק'ס ווערק „וועגען דעם מענשליכען פערשטאַנד”, וואָס איז געווען אַ קריטיק פון דעקאַרט'ס פילאָזאָפיע און וואָס האָט געהאַט אַ געוואַלטי־גען איינפלוס. ער האָט בעוויזען, אַז אין אונזער שכל עקזיסטירען נישט פון געבוירען אָן קיין בעגריפען, וואָס געהמען זיך פון „ריינעם דענקען” אַליין, און נישט פון אונזערע 5 חושים. די נשמה נעהמט אויף איינדריקע פון דרויסען, ווי אַ שפּיגעל שפּיגעלט אָב די זאַך, וואָס עס שטעהט פאַר איהם. ערשט דאַמאָלס, ווען דער נשמה־שפּיגעל האָט בעקומען די איינדריקע פון דער אויסערליכער וועלט, הויבט אָן צו אַרבייטען דער שכל, וואָס אַרבייט־אום די איינדריקע דורך זיין לאָגישען דענקען און טראַכטען (רעפלעקסיע). און וויבאַלד דער שכל קומט ערשט נאָכדעם, ווי מיר האָבען געהאַט אַנ'איינדרוק, טאָר זיך דער מענש נישט נעהמען צו פילאָזאָפירען, כּל זמן ער האָט נישט בענומען צוערשט מיט זיינע פינף חושים די ווירקליכקייט, ד. ה. די זאַכען, געגענשטענדע פון דער וועלט, מכּח וועלכע ער נעהמט זיך פילאָזאָפירען מיט'ן בלויזען שכל. און דערום פאָדערט לאָק, ווי אַ מאָל בעקאָן (זעה אויבען), אַז קודם כּל זאָל מען זיך נעהמען צו ערפאָרשען די נאַטור ריין פּראַק־טיש, מאַכען עקספּערימענטען, און דערגעהן צוערשט די געזעצען פון איהר אויפ'ן גרונד פון אונזער בעאָבאַכטונג מיט די חושים, נישט אויפ'ן גרונד פון אונזער שכל'ען זיך און אַלערליי פּלפּול. לאָק האָט געגרינדעט די עקספּערימענטאַלע וויסענשאַפט וועגען דער נשמה. ער איז געווען

אַ געגנער פֿון די עקזיסטירענדע שולען, וואָס לערנען די אַלטע ביכער, לאַטיין, גריכיש, און געפֿאָדערט, אַז מען זאָל לערנען מעהר פֿיזיק, מאַ־טעמאַטיק, חעמיע און מען זאָל ענטוויקלען ביים תלמיד די בעאָבאַכטונגס־גאַבע, ד. ה. די פֿעהיגקייט צו קענען בענוצען די פינף חושים, ביי דער ערפֿאָרשונג פֿון דער נאַטור.

לאָק האָט זיך נישט אַריינגעלאָזען אין טיעפֿע חקירות מכח די הער־שערנדע קירכען, נאָר ער האָט געפֿאָדערט טאָלעראַנץ צו פֿרעמדע אמונות, ווייל די הויפּטזאַך פֿון דער רעליגיע איז פֿאַר איהם געווען נישט אַזוי דער גלויבען אין גאָט און וואונדער, ווי די הויכע מאָראַל, מיט וועלכער עס צייכענט זיך אויס איטליכע רעליגיע. דערום האָט ער גע־פֿאָדערט טאָלעראַנץ אויך פֿאַר יודען. ער איז נאָר אַ געגנער געווען פֿון די אַטעאיסטען (די וואָס לייקענען אין גאָט) און די קאַטאָלי־קען, ווייל ער האָט זיי געהאַלטען פֿאַר געפֿעהרליך פֿאַר איטליכער מלוכה.

אַ גרויסע ווירקונג האָט אויך לאָק׳ס בוך „וועגען דער רעגיערונג״. לאָק איז געווען דער מיינונג, אַז איטליכע מלוכה איז אַמין אָב־מאַך צווישען די בירגער און דער רעגיערונג. די בירגער גיבען אַוועק אַ טייל פֿון זייער פֿרייהייט, דאַמיט זיי זאָלען לעבען צווישען זיך נישט ווי חיות, דאַמיט זיי זאָלען קענען איינער דעם אַנדערען העלפֿען. צו דעם צוועק מאַכען זיי אַן אָבמאַך צווישען זיך, קלויבען אויס אַ רעגיערונג איבער זיך. נאָר ווייבאַלד די רעגיערונג הויבט אָן מיסברוי־כען מיט איהר מאַכט, וואָס זי האָט בעקומען פֿון די בירגער, ווערט דער אָבמאַך צווישען זיי און דער רעגיערונג בטל און זיי קענען מאַכען אַן אָבמאַך מיט אַן אַנדער רעגיערונג. דאַמיט, אַז צווישען פֿאָלק און רעגיערונג זאָל זיין אַ גלייכגעוויכט, דאַרף דאָס פֿאָלק האָבען אין די הענד די געזעצגעבענדע מאַכט, און דער מאָנאַרכישער רעגיערונג געבען בלויז די מאַכט דערזיף, אויף צו זעהען, אַז קיינער זאָל נישט עובר זיין אויף די אויסגעאַרבייטע געזעצען, ד. ה. די אויספֿיהרענ־דע מאַכט.

דער ראַציאָנאַליזם פֿון 17־טען יאָהרהונדערט האָט שטאַרק דערוועקט דעם קריטישען שכל. מען האָט אָנגעהויבען דורכצוקאָנטראָלירען מיט אייגענעם פֿערשטאַנד אַלע אמונות, בעגריפֿען, אַלע געזעצען, רעכטע, פּריווילעגיעס און געזעלשאַפֿטליכע אַנשטאַלטען. אומעדום האָט מען ענטפּלעקט נאַרישקייטען און פֿעהלערען. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ

מעכֿטיגע אויפֿקלערונגס־בעוועגונג (השכּלה־צייט), וואָס האָט זיך געשטעלט דעם ציעל צו בעלייכֿטען מיט'ן גערעכֿטען קלאָרען שכל אַלע פֿינסטערע ווינקעלעך פֿון דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפֿט, צו פֿער־טרייבען די אַבערגלויבענישען, אויסצוראָטען די נאַרישע פֿאַלשע נישט לאָגישע דמיונות, אַרויסצושטעלען צום שאַנד־סלופּ די בעדריקער פֿון כּלל און פֿאָרצובערייטען פֿאַר דער מענשהייט אַ בעסערע פֿערגינסטיגערע צוקונפֿט. נישט אַלעמאָל האָבען די דאָזיגע השכּלה־פֿיהרער פֿערשטאַנען, וואָס עס איז נאַריש, וואָס עס איז פֿאַלש און וואָס עס איז ריכֿטיג, אָבער אַלע זענען זיי געווען דורכדרונגען מיט דער פֿעסטער איבערצייגונג אין דער ריכֿטיגקייט פֿון זייערע געדאַנקען. אַלע האָבען געהאַט דעם רצון אַריינצוברענגען אין לעבען פֿון כּלל אַ בעסערע אָרדנונג, אַלע האָבען געוואוסט, אַז פֿאַר דער מענשהייט פֿאָדערען זיך ראַדיקאַלע רעפֿאָרמען.

איינער פֿון די גרעסטע פֿערטרעטער פֿון דער דאָזיגער אייראָפּעאישער השכּלה־צייט איז געווען דער פֿראַנצויז וו א ל ט ע ר. ער איז נישט געווען קיין גרויסער געלעהרטער, אָבער אַן אָריגינעלער דענקער. זיינע הויכֿגעדאַנקען האָט ער בעקומען ביי לאָק'ען, ניוטאָנ'ען, הויפּטזעכֿליך ביי די ענגלישע דענקער. נאָר ער האָט געהאַט די געניאַלע פֿעהיגקייטען קונציג אויסצונוצען די רעזולטאַטען פֿון דער פֿילאָזאָפֿיע און וויסענשאַפֿט פֿאַר דעם פּ ר אַ ק ט י ש ע ן קאַמפּף פֿון דער השכּלה־צייט. דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ שאַרפֿע וויציגע ליטעראַרישע פֿעדער און ענערגיע, וואָס איז קיין מאָל נישט אָבגעשוואַכֿט געוואָרען. זיינע געגנער זענען געווען פֿאַר איהם שטאַרקער עקאָנאָמיש און פּאָליטיש, אָבער ער האָט אַזוי געניאַל פֿערשטאַנען זיי צו בעגיעסען מיט דער גאַל און דעם וויץ פֿון זיין סאַטירע, אַז דער נצחון איז שטענדיג געווען אויף זיין זייט.

אין פּערזענליכֿען לעבען פֿון וואָלטער (פֿון 1694 ביז 1778) זענען פֿאָרגעקומען פֿיעל פֿעלע, וואָס האָבען איהם געגעבען צו פֿיהלען די שלעכֿטע זייטען פֿון דער אַלטער רעגירונגס־אָרדנונג. צו 23 יאָהר האָט מען איהם אַריינגעזעצט אין דער באַסטיליע (אַזאַ געפֿענגעניש), ווייל מען האָט איהם חושד געווען, אַז ער האָט געשריעבען אַ סאַטיריש ליעד אויפֿ'ן קעניג. דערנאָך ווי ער איז אַרויס פֿון דער באַסטיליע, האָבען איהם צובראָכֿען די ביינער די לאַקעען פֿון אַן אַריסטאָקראַט, דערפֿאַר, ווייל ער האָט זיך ערלויבט פֿון דעם אַריסטאָקראַט חוזק צו מאַכֿען. אָנשטאָט צו בעקומען אַ בעפֿריעדיגונג פֿון געריכֿט פֿאַר די עולה, האָט ער נאָך געמוזט אָבפֿאָהרען

פֿון פֿראַנקרייך. נאָר וואָלטער׳ען האָט מען נישט געקענט מאַכען פֿאַר אַ זיי־
דענעם יונגענמאַנטשיק מיט בעליידיגונגען און ערניעדערונגען. מיט יעדען
ווערק זיינעם, וואָס עס איז אַרויס, איז זיין כבוד אַלץ מעהר געוואַכ־
סען און ער איז באַלד געוואָרען דער בעריהמטעסטער שרייבער אין
גאַנץ אייראָפּאַ. פֿאַר איהם האָבען זיך געבויגען נישט נאָר די געוועהנ־
ליכע לעזער, נאָר אויך די קעניגען פֿון פֿערשיעדענע מלוכות. פֿריעדריך
דער גרויסער און יעקאַטערינאַ די צווייטע האָבען איהם שטאַרק פֿער־
עהרט און האָבען געהאַלטען פֿאַר אַ כבוד צו ווערען מיט איהם פּערזענ־
ליך בעקאַנט. אין כאַראַקטער איז וואָלטער נישט געווען בעזונדערס ריין,
נאָר אין זיין קאַמפּף מיט דעם אַרומיגען שלעכטס איז ער שטענדיג
געווען עהרליך און געטריי. אין פּאָפּולער־פֿילאָזאָפֿישע אַרטיקלען, אין
דראַמען און סאַטירישע ערצעהלונגען און אין זיינע היסטאָרישע ווערק, אין
פּאָעמען, קליינע ליעדער און בריעף האָט ער שטענדיג געקעמפּפֿט געגען
אַבערגלויבענישען און געגען דער אונגערעכטיגקייט פֿון דער מלוכה און דער
אַריסטאָקראַטיע. דער פֿאַנאַטיזם פֿון דער קאַטוילישער קירכע, דאָס, וואָס זי
האָט עקספּלואַרטירט די אונוויסענהייט פֿון איהרע שאָף און די אינטריגעס פֿון
די יעזואיטען האָבען איהם אָבגעשטויסען פֿון קריסטענטום. די גאַנצע
רעליגיע האָט איהם געשיינט צו זיין אַ קיום פֿון בעטריגערייען און נאַ־
רישקייטען. ווי די ענגלישע פֿילאָזאָפֿען, איז ער געווען אַ דעאיסט,
(ד. ה. ער האָט געגלויבט אין אַן אייניציגען גאָט), און ער איז געווען
איבערצייגט, אַז די קירכע מיט איהרע מנהגים איז איבעריג; אַז מען
קאָן זי פֿערבייטען מיט אַן אײנפֿאַכער מענשליכער מאָראַל.

נישט נאָר מיט דעם רעליגיעזען פֿאַנאַטיזם האָט ער געקעמפּפֿט.
ער האָט אונאויפֿהערליך פֿערלאַנגט רעפֿאָרמען געגען די באַרבאַרישע
געריכטען און געגען דעם מוטווילען פֿון די בעאַמטע. ער האָט שטענ־
דיג געקעמפּפֿט געגען דער לייב־אייגענשאַפֿט, וואָס איז נאָך ערטערווייז
איבערגעבליבען אין פֿראַנקרייך. די רעפֿאָרמען האָט ער פֿערלאַנגט פֿון
דער רעגיערונג, נישט פֿון פֿאָלק, וואָס ער האָט בעטראַכט אַלס
אַן׳אונוויסענדע, נאַרישע, געפֿעהרליכע מאַסע. וואָלטער, ווי דער
אמת׳ער גרעסטער פֿערטרעטער פֿון דער אויפֿקלערונגס־צייט, האָט נאָר
געהאָפֿט אויף גוטס פֿון דעם אמת אויפֿגעקלערטען מענשען, וואָס דאַרף
אָנפֿיהרען מיט׳ן פֿאָלק. בעזונדערס האָט ער ערוואַרט די רעפֿאָרמען פֿון
די אויפֿגעקלערטע מאָנאַרכען, וואָס קענען גוט די לאַגע פֿון דער
מלוכה, וואָס קאָנען אויסנוצען די לעצטע רעזולטאַטען פֿון די וויסענ־

פּאַפּטען און וואָס האָבען די מעגליכקייט צו אַרבייטען ציעלגעמעס ענערגיש און רעגעלמעסיג. זיינע פּאָליטישע סימפּאַטיען זענען געווען אויף דער זייט פון אַנ'אויפגעקלערטען אַבּסאָלוטיזם.

וואָלטער איז נישט געווען אַזאַ מדקדק אין זיינע איבערציינונגען און מיינונגען. זיין ריהרעוודיגער גייסט האָט שטענדיג זיך געקווינקעלט אין פערשיעדענע זאַכען. זיין בליק אויף רעליגיע, אויף גאָט, אויפ'ן געזעלשאַפטליכען לעבען און אויף פּאָליטיק איז נישט געווען שטענדיג אויסגע־האַלטען. די אויסגעהאַלטענערע אָבער פון די ראַציאָנאַליסטען און פון דער אויפקלערונגס־עפּאָכע זענען געווען די סענסואַליסטען און די מאַטעריאַליסטען.

דער פראַנצויזישער דענקער קאָנדילאַק איז געווען דער קאָפּ פון די סענסואַליסטען. לאָק האָט געזאָגט, אַז די אויסערע איינדריקע ווערען פעראַרבייט נאָכדעם פון אונזער שכל. דער שכל איז נישט דאָס ערשטע, נאָר די פינף חושים, אָבער דער שכל שפּיעלט אַ גרויסע ראָלע, נאָכדעם ווי די פינף חושים האָבען זיך אָנגעזאַפּט מיט איינדרי־קען (מיט זיין כח צו דענקען, בעטראַכטען, קלאַסיפיצירען א. ז. וו.). קאָנדילאַק איז געגאַנגען נאָך ווייטער אין דער פילאָזאָפיע, וואָס ערניעדעריגט די הויפּטווערדע פון שכל. ער האָט געלייקענט, אַז דער שכל האָט וואָס־עס־איז פאַר זעלבסשטענדיגע התמנות ביי דער אויסבילדונג פון געדאַנקען און אידעען. דאָס, וואָס מען רופט אָן „לאָגישעס דענקען", איז נישט מעהר ווי אַ נייער אינוועניגסטער איינדרוק, וואָס איז דער פּועל יוצא פון די איינדריקען אין דער אויסענוועניגסטער וועלט. אַלע פאָרמען פון אונזער אינוועניגסטען לעבען איז מעהר נישט ווי דער פּועל יוצא פון דעם „שטוים", וואָס מיר האָבען בעקומען פון דער אויסערליכער וועלט, און די מענשליכע נשמה קאָן מען פערגלייכען מיט אַ סטאַטוע, וואָס ווערט בעלעבט און הויבט אָן צודענקען, נאָר צוליעב אונזערע חושים, וואָס בעקומען די עמפּפינדונגען פון דער אויסערער וועלט.

באַראָן האָטבאַך וויעדער איז געוואָרען דער פיהרער פון די מאַטעריאַליסטען, צוליעב זיין בוך „נאַטור־סיסטעם". דאָס דאָזיגע בוך, וואָס האָט אויך איבערגעשראָקען מיט זיינע אידעען די אויפגעקלערטסטע לייט אין אייראָפּא, בעטראַכט די גאַנצע נאַטור ווי די בלויזע בעוועגונג פון דער מאַטעריע. עס לייקענט אין גאָט. די וועלט געהט ווי אַ זייגער

פֿון זיך אַליין צוליעב דעם, וואָס צופֿעליג האָט זיך די מאַטעריע צונויפֿ־
געזעצט, ווי, למשל, אַ מעכאַניזם אין אַ מאַשין. דאָס מאָראַלישע געפֿיהל
ביים מענשען נעהמט זיך נאָר פֿון דעם זעלבסטערהאַלטונג־געפֿיהל, ד. ה.
פֿון עגאיאיזם.

---

די ענציקלאָפּעדיע. — די פֿיזיאָקראַטען. — מאָנטעסקיע. — רוסאָ.

דער פֿראַנצויז דידראָ ווייטער האָט זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע
בעקענט צומאַכען אַלע אינטעליגענטע מענשען און צו מאַכען פֿאַר זיי
פּאָפּולער די פֿאָרשונגען און פֿילאָזאָפֿישע סיסטעמען, וואָס עס האָבען זיך
אָנגעקליעבען אין ביכער, זייט דער מענשליכער גייסט האָט אָנגעהויבען
צו דענקען און פֿאָרשען. ער האָט זיך אונטערגענומען אַרויסצוגעבען „אַנ־
ענציקלאָפּעדיע פֿון אַלע וויסענשאַפֿטען, קונסטען און מלאכות". ער האָט
פֿעראייניגט צו דעם צוועק אַלע טאַלענטפֿולע מענשען פֿון זיין צייט, און,
נישט קוקענדיג אויף אַזאַ גרויסע אונטערנעהמונג, האָט ער דערפֿיהרט די
ענציקלאָפּעדיע ביז'ן סוף, האָטש די צענזור האָט אַ סך געשטערט. פֿונ־
דעסטוועגען איז די ענציקלאָפּעדיע געוואָרען דער „חושן משפט" פֿאַר דער
גאַנצער אויפֿקלערונגס־צייט, וואו יעדע פֿראַגע איז געווען ערקלערט און
פּאָפּולאַריזירט אין גייסט פֿון די אידעען, וואָס האָבען אַריינגעבראַכט אין
אייראָפּאַ די גרויסע קעפּ פֿון דער אויפֿקלערונגס־עפּאָכע. איהר שפּראַך
איז געווען אַזאַ לייכטע, אַז איטליכער אינטעליגענטער מענש פֿון יעדער
קלאַס האָט זי געקענט לייכט פֿערשטעהען; די ענציקלאָפּעדיע האָט געענט־
פֿערט דעם לעזער אויף אַלע וויכטיגסטע פֿראַגען און האָט אויסגענוצט
דאָס וויסענשאַפֿטליכע פֿאָרשונגס־מאַטעריאַל אין גייסט פֿון דער ראַציאָנאַ־
ליסטישער אויפֿקלערונגס־עפּאָכע. די ענציקלאָפּעדיע איז געוואָרען אַ מין
נייע ביבעל פֿאַר אַלע געבילדעטע פֿון דער דאַמאָליגער אייראָפּעאישער
געזעלשאַפֿט.

די ערשטע פֿאָרשטעהער פֿון דער השכלה־צייט האָבען זיך מעהר
אינטערעסירט מיט רעליגיעזע און פֿילאָזאָפֿישע פֿראַגען, און זיך
ווייניג אינטערעסירט מיט געזעלשאַפֿטליכע און פּאָליטישע פֿראַגען. די
שפּעטערדיגע אָבער האָבען זיך אַליין טיעפֿער אַראָבגעלאָזען צו די ערדישע
פּראַקטישע געזעלשאַפֿטס־און פּאָליטישע פֿראַגען. מען האָט אָנגעהויבען זיך
צו אינטערעסירען מיט די געזעצען פֿון דער פֿאָלקס־ווירטשאַפֿט. ביי די
ענגלענדער האָבען זיך בעוויעזען מענשען, וואָס, אויספֿאָרשענדיג די פֿאָלקס־

זירטשאַפֿט, זענען זיי געקומען צו דער הכּרה, אַז די ערשטע זאַך איז פֿאַר דער פֿאָלקס־עקאָנאָמיע די פֿ ר י י ע ק אָ נ ק ו ר ע נ ץ. אין פראַנקרייך האָט זיך אויסגעבילדעט די שולע פֿון די פֿ י ז י אָ ק ר אַ ט ע ן, וואָס האָבען גע־זעהען די גאַנצע מזל ברכה, דעם גאַנצען רייכטום פֿון לאַנד, דאָרטען, וואו די לאַנדווירטשאַפֿט שטעהט אויף אַ הויכער מדרגה, און דערום האָט זי פֿערלאַנגט, אַז מען זאָל בטל מאַכען אַלע פריווילעגיעס, מאָנאָפּאָלען און שטערונגען, וואָס דערלאָזען נישט, אַז די לאַנדווירטשאַפֿט זאָל זיך פֿריי ענטוויקלען.

דער בעגרינדער פֿון דער הײנטיגער פּאָליטיש־עקאָנאָמישער וויסענ־שאַפֿט איז געווען צו יענער צייט אַ ד אַ ם ס מ י ט, אַן ענגלענדער, וועלכער האָט אין 1776 פֿערעפֿענטליכט זיין בוך „דאָס רייכטום פֿון די פֿעלקער״. ער האָט בעוויזען, אַז ביי בעשטימטע בעדינגונגען ענטוויקעלט זיך דאָס רייכטום פֿון יעדעס לאַנד לויט געוויסע פֿעסטע געזעצען, אַז וואָס ווייני־גער די רעגירונג מישט זיך אַריין אין ווירטשאַפֿטליכען לעבען פֿון אַ לאַנד, דאָס מעהר זי לאָזט פֿריי זיך ענטוויקעלען די פֿאָלקס־ווירטשאַפֿט, אַלס בעסער איז דאָס פֿאַר׳ן לאַנד און פֿאַר די ווירטשאַפֿטס־פֿאָרשטעהער אינ׳ם לאַנד.

דער פֿראַנצויז מ אָ נ ט ע ס ק י ע האָט פֿאַר דער געזעלשאַפֿטליכער פּאָליטיק אויפֿגעטהון דאָס אייגענע, וואָס סמיט פֿאַר דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע.

זיין בוך „דער גייסט פֿון די געזעצען״ שטעלט זיך די אויפֿגאַבע צו ווייזען, אַז דאָס געזעלשאַפֿטליכע לעבען פֿון די פֿעלקער הענגט נישט אָב פֿון אַלערליי צופֿאַלען, נאָר אַז דאָס לעבען פֿליסט לויט געוויסע פֿעסטע נאָרמען, לויט געוויסע כּללים. רעגיערונגס־פֿאָרמען, לויט מאָנטעסקיע, זענען פֿאַרהאַן אינגאַנצען דריי: אַ ר ע פּ ו ב ל י ק, אַ מ אָ נ אַ ר כ י ע און אַ ד ע ס פּ אָ ט י ש ע רעגיערונג. יעדער פֿאָרם הענגט אָב פֿון דער מאָראַל פֿונ׳ם פֿאָלק, וואָס שפּירט זיך נאָר גוט אונטער אַ געוויסער רע־גיערונג. ווען אין פֿאָלק איז שטאַרק די בירגערליכע עהרליכקייט און דער בירגערליכער כּבוד, קלויבט עס זיך אויס די פֿאָרם פֿון אַ רעפּובליק, ווען די אַריסטאָקראַטיע איז דער געאַכטעטסטער טייל אין פֿאָלק—בעקומט עס אַ מאָנאַרכיע לויט׳ן מוסטער פֿון דער פֿראַנצויזישער, ווען אָבער דאָס פֿאָלק געהט נישט אַרויס פֿון זיינע מאָראַלישע גרעניצען נאָר דאַמאָלס, ווען ער האָט מורא פֿאַר׳ן שטעקען — ווערט עס רעגיערט פֿון אַ דעספּאָטישער רעגיערונג. מאָנטעסקיע קומט דעריבער צום בעשלוס, אַז די רעגיערונגס־

פאָרם איז נישט פון גאָט און איז אומעדום אַנ׳אַנדערער. מאָנטעסקיע באַפעלט אַממייסטען אַ געמישטע רעגיערונגס־פאָרם, ווי עס עקזיסטירט אין ענגלאַנד, וואו די מאַכט פון דער מאָנאַרכיע ווערט געטיילט אין אַ געזעצגעבענדע, וואָס ליגט אין די הענד פון פאָלק, און אין אַנ׳אויספיהרענדע, וואו די געריכטס־מאַכט ליגט ביי דער אומאַבהענגיגער אַריסטאָקראַטיע. צוליעב אַזאַ צוטיילונג פון דער מלוכה־מאַכט קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז די מלוכה־קרעפטען זאָלען אַרויס פון גלייכגעוויכט, אַז איין טייל פון געזעלשאַפט זאָל פערכאַפען די גאַנצע מאַכט אין די הענד צום שאָדען פון גאַנצען מלוכה־כּלל.

נאָך פיעל מוטיגער אין זיינע געדאַנקען און מיט נאָך אַ פיעל שטאַרקערען אײנפלוס איז געווען זשאַן זשאַק רוסאָ (1712—1778). אַלס זוהן פון אַ שווייצאַרישען זייגער־מאַכער, אַנ׳אָרעמער און אַ קרענקליך־שטאָלצער, איז ער געקומען קיין פאַריז. רוסאָ איז שטענדיג געבליעבען אַ פרעמדער אין דער רייכער אַריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט, וואו ער איז אַריינגעפאַלען צוליעב זיין גרויסען ליטעראַרישען טאַלענט. אין איהם האָט זיך אויסגעדריקט די שטימונג פון דער אַנדערער העלפט פון 18־טען יאַהרהונדערט. די ערשטע העלפט איז געווען שטאָלץ, וואָס איהר איז אויסגעקומען צו זיין דער שליח פון דער אויפקלערונג. זי האָט שטאַרק געגלויבט אין כּח פון דער וויסענשאַפט און זי איז געווען איבערצייגט, אַז זי פיהרט די מענשהייט צו ליכט און גליק. די גרויסע מענשען פון דער אַנדערער העלפט פון 18־טען יאַהרהונדערט אין פראַנקרייך האָבען געפיהלט, אַז עס רוקט זיך עפּעס אַ שרעקליכע קאַטאַסטראָפע. זיי האָבען מיט׳ן גאַנצען האַרצען פיינד געהאַט דעם אַלטען סדר אין לאַנד און האָבען פערלאָרען די אַכטונג צו די טעאָרעטישע געדאַנקען, וואָס ברענגען נישט קיין שום פּראַקטישען נוצען, וואָס פערענדערען נישט דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען מיט זיינע פעהלערען און אונגערעכטיגקייטען. איז די ערשטע העלפט געווען אַ טעאָרעטישע און אַנ׳אָפּטימיסטישע, דאַמאָלס איז די צווייטע געווען מעהר אַ פּראַקטישע, פּעסימיסטישע און אַ מעהר רעוואָלוציאָנערע.

דאָס ערשטע ווערק, וואָס האָט בערימט געמאַכט רוסאָ׳ן איז געווען אַ בוך, וואו ער האָט געפּרובט בעווייזען, אַז די וויסענשאַפט און די טעכניק, (ד. ה. די ציוויליזאַציע) האָבען איבערגעפיהרט דעם מענשען

אַז בכדי די מענשליכע נאַטור זאָל ווידער געזונד ווערען, מוז מען זיך אומקעהרען צו אַן׳איינפאַכען פשוט׳ן לעבען, ווי אין די אוראַלטע ציימען. דאָס צווייטע ווערק האָט צוגליעדערט די היינטיגע געזעלשאַפט, וואָס טיילט זיך אין אָרעם און רייך, אין קלאַסען און שטאַנדען מיט פערשידענע פריווילעגיעס, וואָס לעבט מיט אַ פאַלשען נישט־נאַטירליכען מלוכה־סדר, און האָט די דאָזיגע געזעלשאַפט שאַרף און ביטער קריטיקירט.

זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען האָט קלערער ווי אומעדום אויסגע־דריקט רוסאָ אין זיין ווערק „דער געזעלשאַפטליכער אָבמאַך“. רוסאָ האַלט מיט לאָק׳ען, אַז דער מענש איז געווען אַמאָל פריי; נאָר צוליעב אַ פריווילעגען אָבמאַך צווישען זיך און אַנדערע האָט ער געגרינדעט אַ רעגיערונג און פערלאָרען אַ טייל פון זיינע פרייהייטען. אָבער אָננעהמענ־דיג די הנחה, איז ער געקומען צו אַנדערע רעזולטאַטען, ווי לאָק. לויט זיין מעאָריע זענען די מענשען ביים אָבמאַך נישט מוחל אויף זייערע פרייהייטען, נאָר זיי גיעבען אָב אַ טייל פון זייער פרייען ווילען, אום צו בעקומען אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם, כלל׳ישען ווילען, וואָס ווערט בעשאַפען צוליעב דעם דאָזיגען אָבמאַך. דער, וואָס האָט אויפגעהערט צו זיין אַן׳אונאָבהענגיגער מענש, ווערט צוליעב דעם אַ טייל פון דעם זעלבסטהערשענדען פאָלק. רוסאָ איז אַזוי איבערצייגט, אַז חוץ די זעלבסטהערשאַפט פון פאָלק איז נישטאָ קיין אַנדער הערשאַפט, אַז ער וויל אַפילו נישט וויסען פון מאָנטעסקיע׳ס „טיילונג פון דער פאָלקס־מאַכט“, נישט פון קיין פאַרלאַמענט מיט גע־וועהלטע פערטרעטער. איטליכע טהאַט פון דער רעגיערונג דאַרף זיין אָבהענגיג פון אַלע בירגער אינ׳ם לאַנד, וועלכע קלויבען זיך צונויף אויף אַ פאָלקס־פערזאַמלונג און גיעבען אַרויס זייערע בעפעהלען. דאָס פאָלק מאַכט פאַר די בירגער געזעצען, בעשטימט די מנהגים און די רעליגיעזע איבערצייגונגען אין לאַנד. רוסאָ׳ס תורה איז געווען די קריטיק פון אַלע ביז איצט־עקזיסטירענדע מלוכות. זי האָט איבערהויפט אָבגעלייקענט דעם מלוכה־סדר, ווי ער האָט זיך היסטאָריש אויסגעאַרבייט ביי די מענשען און פעלקער אין טויזענדער יאָהרען. ווען מען וואָלט געווען פאָלגען רוסאָ, וואָלטען אַלע גרויסע מלוכות געמוזט צופאַלען ווערען. אָבער רוסאָ׳ן האָט דאָס ווייניג וואָס געאַרט. ער האָט נאָר פערלאַנגט, אַז אַלע מענשען זאָלען זיין גלייך צווישען זיך סיי פּאָליטיש, סיי עקאָנאָמיש, און אַז דאָס געמיינזאַמע לעבען זאָל ווערען אַזוי איינפאַך און נאַטירליך, ווי אַמאָל אין די ערשטע ציימען פון דער מענשליכער קולטור.

חוץ קריטיק האָט נאָך רוסאָ געמאַכט אַ סך פּראַקטישע פאָרשלאַגען, ווי צו ראַטעווען די מענשהייט פון דעם אונטערגאַנג. אין בוך „עמיל" האָט ער אַרויסגעשטעלט זיינע איבערצייגונגען וועגען דער ערציהונג. זיין גרונד־געדאַנק, וואָס האָט געהאַט שפּעטער אַזאַ גרויסע ווירקונג אויף די פּעדאַגאָגען און עלטערען, איז געווען, אַז דער תּלמיד, דאָס קינד, דאַרף אַלע זיינע קענטעניסען און זיינע מאָראַלישע נייגונגען בעקומען נישט פון ביכער, נאָר פון דער איי־גענער פּראַקטישער זעלבסטטעטיגקייט, צו וואָס עס גע־וועהנט איהם איין דער לעהרער, אָדער דער ערציהער פון קליינווייז אויף. לויט רוסאָ 1) איז דער מענש פון נאַטור אַ בעשעפעניש מיט אַ געזונדען שכל און געזונדע שטרעבונגען, די קינסטליכע בעדינגונגען פון געזעלשאַפטליכען לעבען פערדאַרבען איהם און מאַכען איהם טעמפּ. 2) עס זענען גאָרנישט פאַרהאַן אַזוי פיעל קענטעניסען, וואָס מען דאַרף וויסען, ווען מען וועט מוחל זיין אויף אַלע איבריגע נוצלאָזע קענטעניסען. 3) איז די הויפּטזאַך נישט צו ענטוויקלען דעם מח, ווי צו ערציהען דעם חאַראַקטער פון מענ־שען. אַזוי ווי רוסאָ האָט זעהר הויך געהאַלטען פון אַ פרישען געפיהל־פולען האַרצען, האָט ער זעהר געשעצט דעם איינפלוס פון דער רעליגיע אויף דאָס מענשליכע געפיהל, חאָטש אויף דער רעליגיע האָט ער אויך געקוקט מיט זיינע אייגענע אויגען. ער האָט אַמאָל געשריבען: „איך גלויב אין גאָט, און פון גאָט וואָלט געווען אַן עולה, ווען ער וואָלט נישט געגעבען מיין נשמה קיין אונשטערבליכקייט (השאָרת הנפש). דאָס לעצטע איז די הויפּטזאַך. וועגען אַלע איבריגע זאַכען, גיהנם, גן־עדן א. אַ. וו. זאָלען קלערען די, וואָס האָבען ליעב צו פיהרען וכוחים".

רוסאָ האָט שטאַרק געהאַלטען פון געפיהל, און איז געווען אַ געגנער, וואָס מען ענטוויקעלט נאָר די גייסטיגע פעהיגקייטען פון מח און קוקט גאָר נישט אויף די ענטוויקלונג פון אַ וועך־ציטעריג האַרץ. און דאָס איז דער גרויסער חלוק צווישען דער השכלה־צייט און דער ניי־ער עפּאָכע, וואָס הויבט זיך אָן מיט רוסאָ'ן. די השכלה־צייט איז געווען פאַר דעם נייעם דור צו־טרוקען, צו־קאַלט, צו־שכל'דיג. דער נייער דור פערלאַנגט די פאָלקאָמענע ענטוויקלונג פון אַלע זייטען פון דער מענשליכער נשמה, און הויפּטזעכליך אַ הייס־פיהלענדיג האַרץ. מען האָט בעקומען אַן אינטערעס צו גרייז־גרויע עפּאָכען און צו די ווילדע פעלקער. ביי זיי האָט מען געזוכט נאַטירליכקייט און די קראַפט פון איינפאַכען נישט פערדאָרבענעם געפיהל. מיט דעם ריינעם טרוקענעם שכל

פֿון די אויפקלערער וואָלט דער נייע־ דור אפשר קיינמאָל נישט דער־גאַנגען אין זיין פראָטעסט ביז דער התלהבות פֿון אַ רעוואָלוציאָ־נערען געפֿיהל. אַ דאַנק רוסאָ׳ן און זיינע תּלמידים, האָט זיך אייראָפּאַ און הויפּטזעכליך פֿראַנקרייך אַליין נעהענעטער צוגערוקט צו דער עפּאָכע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע אין יאָהר 1789.

---

### די דייטשע ליטעראַטור אין 18־טען יאָהרהונדערט.— לעסינג. — הערדער. — די עפּאָכע פֿון „שטורם און דראַנג״.—געטהע.—שילער.—

דער דרייסיג־יעהריגער קריעג און דאָס אָרעמע פּאָליטישע לעבען האָבען אויף אַ צייט־לאַנג פֿערהאַלטען די קולטור־ענטוויקלונג אין דייטש־לאַנד. אין דער צייט פֿון דער רעפֿאָרמאַציע זענען די דייטשען געשטאַנען אויבען אָן אין אייראָפּאַ. נאָר נאָכ׳ן 30־יעהריגען קריעג זענען זיי גע־פֿאַלען ניעדעריגער פֿאַר פֿראַנקרייך און ענגלאַנד. אַזוינע מענשען, ווי דער פֿילאָזאָף לייבניץ, זענען געווען זעלטענע אויסנאַהמען. זיי זענען איצט אינגאַנצען געווען אונטער דעם איינפֿלוס פֿון דער פֿראַנצויזישער בילדונג. די בעסטע מענשען האָבען נאָכגעמאַכט אין אַליץ פֿראַנקרייך, און פֿריעדריך דער גרויסער, למשל, האָט בעסער געקענט פֿראַנצויזיש, ווי דייטש, און מיט פֿעראַכטונג זיך בעצויגען צו דער דייטשער ליטעראַטור.

אַ נייע ווענדונג צום בעסערען האָט זיך אָנגעהויבען פֿון אפרים גאָטהאָלד לעסינג. ער איז אינגאַנצען געווען דורכגענומען פֿון השכלה־פֿילאָזאָפֿיע. און זיין בעסטע דראַמע „נאַטאַן דער ווייזע״ איז גע־ווען אַ מוטיגער קאַמפּף פֿאַר גלויבענס־טאָלעראַנץ. אַלס דענקער האָט ער געלעבט מיט די אידעען פֿון די פֿראַנצויזען, נאָר ער איז געווען שטאַרק אונצופֿריעדען, וואָס זיין פֿאָלק מאַכט קנעכטיש נאָך די פֿראַנצויזען, וואָס די ליטעראַטור אין דייטשלאַנד מאַכט בלינד נאָך די פֿראַנצויזישע מוס־טערען. ער האָט געוואָלט, אַז די דייטשע ליטעראַטור זאָל האָבען איהר אייגענעם נאַציאָנאַלען פּנים. ער האָט גוט פֿערשטאַנען די פֿעהלערען אין דער שענער ליטעראַטור פֿון די פֿראַנצויזען, וואָס זענען נישט נאַ־טירליך טרוקען, און אַרבייטען לויט אַלטע אָבגעלעבטע כּללים. אין זיין „האַמבורגער דראַמאַטורגיע״ האָט ער געוויזען, ווי נאַריש עס איז זייער

„פאלש-קלאסישע" ליטעראטור און האט פערלאנגט פון דראמאטורג נאטירליכקייט אין דער שפראך, אין די חאראקטערען און סצענעס, לעבענסגעטרייקייט אין דער האנדלונג און מעהר גייסטיגע פרייהייט ביים אויסקלויבען פון די טעמעס. ער האט אנגעוויזען די דייטשען אויף דעם גענייע פון דער ענגלישער ליטעראטור, אויף שעקספיר'ען, אויף די גרויסע דראמאטורגען אין גריכענלאנד און האט אליין געגעבען ווערק, דורך וועלכע עס איז געלעגט געווארען דער פונדאמענט פון דער דייטשער נאציאנאלער דראמע.

הערדער האט זיך נאך געשטעלט ברייטערע אויפגאבען. ער האט בעגריפען די בעגרענצטקייט פון דער אויפקלערונגס-עפאכע, ווען די דאזיגע עפאכע האט גענומען ערקלערען דאס לעבען פון היסטארישע פעלקער, ווי איבערהויפט די היסטארישע ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט. און דאס אייגענע, וואס לעסינג האט געפאדערט בנוגע צו דער דראמע, האט ער געפאדערט בנוגע צו דער היסטארישער וויסענשאפט און צו איינצעלנע פעלקער. לויט הערדער'ען איז א פאלק א מין ארגאניש בעשעפעניש און נישט א פעראייניגונג פון מענשען לויט א בעשטימטען פריוויליגען אבמאך. קלערענדיג וועגען דער צייט, ווען דער פאלקס-ארגאניזם האט זיך ענטוויקעלט, האט ער זיך מעהר אינטערעסירט מיט די התחלות פון איטליכער פרישער פאלקס-קולטור, ווי מיט די שפעטערע געקינסטעלטע, נישט-נאטירליכע געבילדעטערע קולטור-פארמען. און דערום האט ער ענטדעקט א נייע וועלט פון דער גרייז-גרויער פאלקס-שעפפונג, ווען דאס פאלק האט בעשאפען זיינע לעגענדען, זיינע פאעמען, זיינע אבערגלויבישע מנהגים, זיינע מעשה'לעך און ליעדער. די געבילדעטע געזעלשאפט האלט נישט פון אלעם דעם און קוקט דערויף ווי אויף נארישקייטען. פאר הערדער'ען אבער זענען זיי געווען דער קוואל פון קלוגהייט און שענהייט, אפשר א גרעסערער קוואל, ווי די ווערק פון די שפעטערדיגע בעריהמטעסטע שרייבער. אין זיין ווערק „אידעען צור געשיכטע דער מענשהייט" האט ער ארויסגעזאגט אלע די דאזיגע נייע געדאנקען וועגען דער פאלקס-שעפפונג. צוגלייך האט ער אין איהם געוויזען, ווי די מענשהייט ענטוויקעלט זיך אלץ נעהענטער צו א צייט פון בילדונג און גליק. די מענשהייט פראגרעסירט, אבער דער פראגרעס בעשטעהט נישט דערין, וואס ער ענטוויקעלט בלויז דעם מענשען'ס שכל, נאר דערין, וואס ער פערפאלקאמט דעם מענשען מאראליש, וואס ער ענטוויקעלט אין איהם אלע פערשידענע כחות פון זיין נשמה.

לעסינג איז נאָך געווען איינער פֿון די ערשטע, וואָס האָבען אויפֿ־געוועקט דייטשלאַנד און איז נאָך געשטאַנען אַליין. הערדער האָט שוין געהאַט אַ סך תּלמידים און פֿערעהרער און אַ סך חברים, וואָס זענען מיט איהם געגאַנגען דעם נייעם וועג. אין דייטשלאַנד האָט זיך אָנגעהויבען שוין אַ לעבעדיגע צייט, „די צייט פֿון שטורם און דראַנג״ אין גייסטיגען לעבען. ווי פֿון דער ערד זענען פּלוצים אַרויסוואַקסען יונגע טאַלענטפֿולע מענשען אין אַלע צווייגען פֿון דער ליטעראַטור. אַלץ, וואָס איז געווען פֿריהער, האָט מען שטאַרק קריטיקירט און אַראָבגעמאַכט. אַלע האָבען זיך בעגייסטערט פֿאַר די אידעאַלען פֿון נאַטירליכקייט, נאַטיר־ליכע געפֿיהלען און נאַטירליכע־קראַפֿט, פֿאַר פֿרייהייט, סיי אין די געדאַנקען, סיי אין דער אַרט, ווי צוגעבען דעם געדאַנקען אַ לעבעדיגע ליטעראַרישע פֿאָרם. צו דער צייט הויבען אָן צו לייכטען צוויי שטערן אין דער דייטשער ליטעראַטור: וואָלפֿגאַנג געטהע און פֿריעדריך שילער.

געטהע (פֿון 1750—1832) האָט געהאַט די פֿיעלזייטיגקייט, האָט דורכגעלעבט דאָס, וועגען וואָס עס האָבען גע׳חלומ׳ט די פֿילאָזאָפֿען און ליטעראַטען פֿון יענער צייט. ער איז געווען שען פֿון געשטאַלט. זיין רייכער גייסט האָט דורכגעלעבט אַלע שטרעבונגען פֿון זיין עפּאָכע, און זיין פּאָעטישע זעעלע האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט אין רייכע, קלאָרע און פּרעכטיגע בילדער אויסצושעפּען אַלע געדאַנקען און געפֿיהלען פֿון זיין געניאַלער נאַטור. אין דער יוגענד האָט ער געגעבען דער וועלט־ליטעראַטור זיין בוך „ווערטער׳ס ליידען״, וואָס האָט אויסגעדריקט די שטימונגען פֿון דער דאַמאָליגער צייט. אין זיין אונשטערבליך ווערק „פֿויסט״ האָט ער געוויזען דער וועלט די טיעפֿסטע קוואַלען פֿון דעם מענשליכען גייסט מיט אַלע זיינע ליידען, פֿריידען, ספקות און מיט זיין אייביגען שטרעבען צו אַ העכערער פֿרייהייט, מיט דעם שטרעבען צו דער לויטערקייט פֿון אַנ׳אייביגער געטליכקייט.

דער צווייטער גרויסער דייטשער פּאָעט שילער (1759—1805) איז נישט געווען אַזאַ געניע ווי געטהע, אָבער ער האָט שטאַרקער געפֿיהלט די פּאָליטישע פֿעהלערן פֿון זיין עפּאָכע. זיינע ערשטע דראַמען („די רויבער״, „פֿיעסקאָ״) זענען דורכגעדרונגען פֿון אַ רעוואָלוציאָנערען געפֿיהל. אין זיין דראַמע „קאַבאַלע אונד ליעבע״ שטעלט ער אַרויס צום שאַנד־סלופּ די דייטשע אַריסטאָקראַטיע. אין זיין „דאָן קאַרלאָס״ טרעט ער אַרויס אַלס

קעמפּפער פאַר מענשליכקייט און פרייהייט געגען דעם דעספּאָטיזם און פאַנאַטיזם.

דאָס גייסטיגע לעבען אין אייראָפּאַ פאַר 1789, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פּראַקטיק, זעהט מען פון די פּראָבען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען, אום צו פערקערפּערען אין לעבען עטליכע אידעען פון דער אויפקלערונגס-עפּאָכע. חאָטש נישט אין אַלץ איז מען געווען איינפערשטאַנען, אָבער אַז ס׳זענען נויטיג געוויסע רעפאָרמען אין זינען פון מענשליכקייט און פרייהייט — דערין האָט קיינער נישט געלייקענט. אין 18-טען יאָהרהונדערט שטייגט די פילאַנטראָפּיע, די ליעבפּולע בעציהונג צום מענשען, און מען בעגרענעצט זיך נישט מיט בלויזע דרשות, אָדער מיט דער שאַפונג פון עטליכע צדקה-חברות.

---

## די מאַסאָנען און די אילומינאַטען. — דער איינפלוס פון דער ליטעראַטור אויף דאָס רעכט. — דער אויפגעקלערטער אַבסאָלוטיזם.

אין 1717 יאָהר גרינדעט זיך דער אָרדען פון די מאַסאָנען, וואָס שטעלט זיך די אויפגאַבע צו ערציהען די מענשען, אַז זיי זאָלען קענען ווערען די גייסטיגע בויער, די גייסטיגע אַרכיטעקטען. דער דאָזיגער אָרדען פערשפּרייט זיך איבער גאַנץ אייראָפּאַ. אומעדום גרינדען זיך זיינע „לאָזשען”, ד. ה. אָבטיילונגען פון דעם אָרדען. די מאַסאָנען זענען נישט אַרויסגעטרעטען עפענטליך געגען די רעגיערונגען און קירכען, נאָר זיי זענען געווען פון זיי אונאָבהענגיג; זיי זענען געווען בנוגע צו רעליגיע דעאיסטען, און בנוגע צו דעם מלוכה-סדר — אָנהענגער פון ברייטע דעמאָקראַטישע אידעאַלען: אַלע מענשען זענען ברידער און האָבען גלייכע רעכטען. די רעגיערונג האָט אַ צייט לאַנג זיך בעצויגען ליטזעליג צו די מאַסאָנען, אָבער די קאַטוילישע קירכע האָט זיי רודף געווען מיט דער גרעסטער שנאה. אַנדערש האָט זיך די רעגיערונג בעצויגען צו די אילומינאַטען, אַן אָרדען, וואָס איז געווען פּשוט רעוואָלוציאָנער און וועלכען די רעגיערונג האָט פערפאָלגט דורכ׳ן געריכט.

די ווענדונג אין דער אינערליכער פּאָליטיק האָט מען אויך געקאָנט זעהען אין די רעגיערונגס-קרייזען. אַ דאַנק דער השכלה-צייט-ליטעראַטור,

האָבען זיך נעביטען מאַנכֿע אָרדנונגען, וואָס האָבען עקזיסטירט הונדערטער יאָהרען, ווייל קיינער האָט זיי נישט אָנגעגריפֿען. שוין אין 17-טען יאָהרהונדערט האָבען די דייטשע געלעהרטע גענומען פּראָטעסטירען געגען די געריכֿטען, וואָס משפּט׳ן מכשפות און מענשען, וואָס מען קלאָגט אָן אין כּשוף-מאַכֿעריי. שוין דאַמאָלס האָט מען אויפֿגעוויזען, אַז אַ מענש קאָן בשום אופן נישט האָבען קיין שיכות צו טייוואָלים און שדים. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבען קעמפֿען געגען די קערפּערליכע עינוים, וואָס מען טהוט אָן דעם פֿערברעכער, אום אַרויסצובעקומען ביי איהם דעם אמת. די אויפֿקלערונגס-ליטעראַטור האָט אין דער הינזיכֿט געווירקט אויף דער רעגיערונג. דער איטאַליענער בעקאַריאָ האָט שטאַרק געווירקט, אַז די שטראָפֿען זאָלען נישט זיין אונמענשליך, ווי אַמאָל. דער ענגלענדער גאַוואַר האָט אָבגעגעבען זיין גאַנץ לעבען צו פֿערבעסערען די לאַגע פֿון די, וואָס זיצען אין די געפֿענגנישען.

די אויפֿקלערונגס-אידעען האָבען אויך געווירקט אויף דער קעניגס-מאַכֿט. דער אַבסאָלוטיזם אין אייראָפּאַ האָט פֿערלאָרען זיין טיראַנישע פֿאָרם. אַ סך רעפֿאָרמען, וואָס עס האָבען פֿערלאַנגט די משכּילים, זענען געוועזען נוצליך אויך פֿאַר די רעגיערונגען, און אַ סך גרויסע מלוכה-לייט פֿון די אַבסאָלוטיסטישע מאָנאַרכֿיעס האָבען געהאַט דעם מוט נאָכֿצוגעבען די פֿאָדערונגען פֿון דער צייט. זיי האָבען נישט געמינערט די מאַכֿט פֿון קעניג, נאָר געפּרובט זי נאָך צו פֿערשטאַרקען דורכֿדעם, וואָס זיי וועלען איינפֿיהרען אין דער מלוכה נוצליכֿע רעפֿאָרמען. אין דעם זין האָבען געאַרבייט די מיניסטאָרען אין שפּאַניען, פּאָרטוגאַל, איטאַליען, אין רוסלאַנד יעקאַטערינאַ די צווייטע, גוסטאַוו דער דריטער אין שוועדען א. אַ. וו. דער אויפֿגעקלערטער אַבסאָלוטיזם האָט אין די קאַטוילישע לענדער בעגרענעצט די מאַכֿט פֿון די קירכען סיי פּאָליטיש, סיי געזעלשאַפֿטליך. דערביי האָבען די מאָנאַרכֿיעס שטענדיג געמוזט קעמפֿען מיט די יעזואיטען, וואָס האָבען אין 18-טען יאָהרהונדערט הויפּטזעכֿליך געאַרבייט פֿאַר דער קאַטוילישער קירכֿע און פֿאַר איהר איינפֿלוס אויף פֿערשידענע מלוכות. די פּאָרטוגאַלישע און שפּאַנישע רעגיערונגען האָבען אַרויסגעטריבען די יעזואיטען פֿון לאַנד. די צייט-שטרעמונג נעגען דעם יעזואיטישען אָרדען איז געוועזען אַזוי שטאַרק, אַז דער פּויפּסט קלעמענטיוס דער 16-טער האָט פֿונאַנדערגעלאָזען דעם דאָזיגען אָרדען.

———

### פריעדריך דער גרויסער. — יאָזעף דער צווייטער.

בעזונדערס האַראַקטעריסטיש איז פאַר דעם אויפגעקלערטען אַבסאָלו-טיזם די טעטיגקייט פון פריעדריך דעם גרויסען אין פרייסען און פון יאָזעף דעם צווייטען אין עסטרייך.

פריעדריך איז געווען אַן׳איבערצייגטער תלמיד פון די אויפקלערונגס-פילאָזאָפען. ער האָט זיך ערקלערט פאַר׳ן ערשטען דיענער אין דער מלוכה. די אונטערטאַנען פאָלגען איהם, דערפאַר, אום פטור צו ווערען פון אַלערליי סכסוכים און פון די אויסערע שונאים; אָבער דער קעניג האָט דעם חוב צו אַרבייטען לטובת זיינע אונטערטאַנען, צו פערקלע-נערען די געגענזעצע צווישען אָרעם און רייך, צו העלפען די בעדריקטע און די אונגליקליכע, צו פערבעסערען דאָס מאַטעריעלע און גייסטיגע לעבען פון פאָלק. דעם קעניגס מאַכט טאָר נישט געטיילט ווערען, ווייל דער קעניג איז דער פערטרעטער פון גאַנצען לאַנד מיט אַלע זיינע אינטערעסען. פריעדריך האָט מיט קיינעם נישט געטיילט זיין מאַכט. ער האָט אַפילו נישט געהאַט קיין מיניסטאָרען פאַר פערשידענע צווייגען פון דער מלוכה־פערוואַלטונג. דער קעניג האָט מיט אַליין פערוואַל-טעט. זיין ציעל איז געווען, אַז די מלוכה־פערוואַלטונג זאָל זיין אַ שטומע געהאָרזאַמע מאַשין, וואָס זאָל נאָר פינקטליך אויספיהרען זיינע איינענע קעניגליכע בעפעהלען.

צוגלייך האָט ער זיך אַ סך אָבגעגעבען מיט די געריכטען און מיט׳ן גאַנצען געריכטס־פּראָצעס. ער האָט געהאַט אַ שפּרוך, אַז דער קעניג איז דער ריכטער פון זיינע אונטערטאַנען, און האָט פערלאַנגט, אַז דאָס גע-ריכט זאָל אַרבייטען שנעל, און זאָל קיינעם נישט נושא פנים זיין, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ גערעכטען אורטייל. צו פריעדריכ׳ס צייטען ווערט בעשאַפען „דער פריעדריכשער געזעצ־קאָדעקס“, וואו עס קומען אַריין די גערמאַנישע רעכטס־מנהגים און די פרייסישע געזעצען, אָבער וואו דאָס גאַנצע געזעצ־מאַטעריאַל ווערט אומגעאַרבייט אין גייסט פון דער געזעצס־פילאָזאָפיע פון רוימישען רעכט און די פילאָזאָפישע אידעען פון דער השכלה־צייט.

דער קעניג האָט זיין זיינע לענדער נישט צוגעלאָזען צו קיין רעליג-יעזען פאַנאַטיזם. בעקאַנט איז זיין וואָרט: „זאָל איטליכער בעקומען זיין גן־עדן לויט זיין אייגענער פאַסאָן“.

נאָר אין איין זאַך האָט פריעדריך זיך נישט ערלויבט צו מאַכען רעפאָרמען. די קלאַסען־אָרדנונג איז געבליבען די פריהערדיגע. דער קעניג

האָט בעטראַכט די אַדעללייט, אַלס די איינציגע קראַפט, וואָס שיצט די מלוכה פון אַנ'אויסערען פיינד, און דערום האָט ער צוגעצויגען צו דער אַרמעע נאָר די פּרייסישע אַריסטאָקראַטיע. צוליעב זיין בונד מיט דער אַריסטאָקראַטיע האָט ער נישט געקענט פערבעסערען די לאַגע פון פויער און דערהויבען דעם בירגער צו אַ מענשען מיט גלייכע רעכטען, ווי די אַדעללייט אין לאַנד. חתונות פון אַדעללייט מיט בירגער איז געווען שטרענג פערבאָטען. די לייב־אייגענשאַפט פון די פויערן, דאָס רעכט פון גוטס־בעזיצער צו זיין דער ריכטער פון פויער א. אַ. וו. איז פערבליבען אין פרייסען ווי פריהער, חאָטש פריעדריך האָט געקעמפפט געגען מוטווילען פון די גוטס־בעזיצער, בנוגע צום פויער, און האָט צוגענומען פון איהם דאָס רעכט צו מעגען דעם פערקנעכטעטען פויער פערטרייבען פון זיין ערד.

נישט קוקענדיג דערויף, וואָס פריעדריך איז געשטאַנען אין נאָהענטע בעציהונגען מיט אַלע פראַנצויזישע פילאָזאָפען פון זיין צייט, איז די בילדונג אין פרייסען דאָך נישט געווען זיין הויפטזאָרג. ער האָט אַפילו געשטיצט די גימנאַזיען און אוניווערזיטעטען, געגרינדעט אַנ'אַקאַדעמיע פון וויסענשאַפטען, אָבער ער האָט זיך וועניג אינטערעסירט מיט איינפיהרען נידעריגע שולען פאַר'ן פאָלק. אין תוך האָט ער דאָס פאָלק פעראַכטעט, און ער האָט פערלאַנגט פון איהם בלינדע געהאָרזאַמקייט, נישט די בעוואוסטזיניגע טרייקייט פון אַ געבילדעטען פאָלק.

מוטיגער און ברייטער האָט געאַרבייט אַנ'אַנדער פערטרעטער פון דעם אויפגעקלערטען אַבסאָלוטיזם, דער אימפעראַטאָר יאָזעף דער צווייטער. שוין צו זיין מוטערס צייט מאַריע טערעזע זענען געמאַכט געוואָרען פערשידענע רעפאָרמען אין דער פערוואַלטונג. אָבער דאָס זענען איהם געווען וועניג, און ער האָט גענומען מאַכען ראַדיקאַלע רעפאָרמען אין זיין לאַנד. ער האָט צוערשט אָבגעשאַפט די פריווילעגיעס פון דער אַריסטאָקראַטיע, בנוגע צום קעניגליכען געריכט. ער האָט געעפענט דעם וועג פאַר אַלע בירגער אָהן אַנ'אונטערשיעד, אויף צו בעקומען מלוכה־שטעלעס. ער האָט צוגענומען ביי די גוטס־בעזיצער דאָס רעכט צו האָבען אַנ'אייגענע פּאָליציי און אַנ'אייגענעם געריכט איבער די פויערן. ער האָט כמעט אומעדום אָבגעשאַפט די לייב־אייגענשאַפט, איבערלאָזענדיג אין דעם רשות פון די בעפרייטע פויערן די ערד, וואָס זיי האָבען פריהער פאַר זיך בעאַרבייט, און פערלייכטערט זייערע אָבגאַבען, בנוגע צום גוטס־בעזיצער. גלייכצייטיג האָט ער געזאָרגט וועגען דער פאָלקס־בילדונג.

געעפֿענט אומזיסטע פֿאָלקס־שולען און געגרינדעט אַ לעהרער־סעמינאַר. בנוגע צו רעליגיע האָט ער איינגעפֿיהרט גלויבענס־טאָלעראַנץ, און אויס־געגלייכט אין די רעכטען קאַטאָליקען, ווי פּראָטעסטאַנטען. ער האָט געשלאָסען אַלע קלויסטערס, וואו די מאָנאַכען האָבען זיך נישט בעשעפֿ־טיגט מיט קראַנקען־פֿלעגע, אָדער וואָס האָבען נישט געהאַט קיין אונ־טערריכטס־שולען. יאָזעף האָט געשטרעבט צו פֿערוואַנדלען די האַלב־פֿעאָ־דאַלע עסטרייכישע טעריטאָריען אין אַן׳איין־איינציגע ביוראָקראַטישע מלוכה, וואָס זאָל זיין פֿאָלקאָמען אַבהענגיג פֿון דער העכערער מאַכט. די אַמאָליגע פּראָווינצען, וואָס האָבען זיך היסטאָריש אויסגעבילדעט, האָט ער צוטיילט און צושניטען, און פֿון די שטיקלעך געמאַכט נייע ביוראָקראַטישע גובערניעס. אַנשטאָט דער אָרטיגער פֿערוואַלטונג האָט ער איינגעפֿיהרט אַ ביוראָקראַטישע. מיט אַלע היסטאָרישע און אָרטיגע בעזונדערקייטען האָט ער זיך נישט גערעכענט. למשל, ער האָט אין אַלע רעגיערונגס־אַנשטאַלטען געהייסען געברויכען נאָר די דייטשע שפּראַך, חאָטש די אונגאַרען, די סלאַווען, די בעלגיער א. אַ. וו. זענען געווען שטאַרק נישט צופֿריעדען, וואָס מען וויל נישט אָנערקענען זייער נאַציאָנאַלע שפּראַך.

עס איז קיין וואונדער נישט, וואָס יאָזעפֿ׳ס רעפֿאָרמען האָבען אַרויסגערופֿען אַ פּראָטעסט אין אַלע עסטרייכישע טעריטאָריען.

די אַריסטאָקראַטיע האָט נישט געוואָלט אַזוי לייכט זיך אָבזאָגען פֿון איהרע פּריווילעגיעס. דאָס פֿאָלק איז געווען געגען די קירכליכע רעפֿאָר־מען, אַלע זענען געווען אונצופֿריעדען מיט דעם נייעם ביוראָקראַטישען סדר און מיט דער אַרט, ווי מען האָט זיך בעצויגען צו די פֿערשיעדענע נאַ־ציאָנאַליטעטען אין לאַנד.

אין אונגאַרן האָט מען נאָר צו פֿערדאַנקען דער עסטרייכישער אַר־מעע דאָס, וואָס איז נישט געקומען צו אַ רעוואָלוציע, און אין די ניע־דערלענדישע פּראָווינצען איז אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציע, וועלכע עס האָט שוין נישט געקענט גובר זיין די אַרמעע פֿון אימפּעראַטאָר.

יאָזעף איז געשטאָרבען (1790) אַן׳אומעטיגער און אַ פֿערביטערטער, דערפֿאַר, ווייל זיינע ברייטע פּלענער, וואָס האָבען געשטאַמט פֿון זיין מענשען־ליעבע, זענען נישט פֿערשטאַנען געוואָרען פֿון זיין פֿאָלק, און האָ־בען נאָך געבראַכט די מלוכה אין אַ געפֿעהרליכען פּאָליטישען צושטאַנד.



פערלאג „יהודיה"

# וועלט־געשיכטע.

## פערטער טייל.

# די נייעסטע צייט.

בעארבייט פון

ד״ר ג. עפשטיין.



ווארשא  תר״ס

דרוק פרידער לעווין עפשטיין פאוויע № 38

# אינהאַלטס-פערצייכניס.

---

## ערשטער אבשניט.

## גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע.



## צווייטער אבשניט.

## דאָס נייצעהנטע יאָהרהונדערט.




Druk — B-ci Lewin Epsztein Pawia № 38

# ערשטער אבשניט.

# די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע.

---

## ערשטעם קאפיטעל.

### דער אונטערגאנג פון דער מאנארכיע אין פראנקרייך.

**לודוויג דער 15-טער. — דער קאמפף מיט די פארלאמענטען.**
**לודוויג דער 16-טער. — טיורגא.**

די בעגייסטערונג פון די פראנצויזען פאר דעם אמעריקאנער אונאב-העננינגקייטס-קריעג האט בעשיינפערליך געוויעזען, אז אין פראנקרייך גופא איז מען שטארק אונצופריעדען מיט די רעגיערונגס-ארדנונגען. א נייע קלאס, אנ׳ענערגישע, א רייכע, אנ׳אינטעליגענטע איז ארויף אין דער דער הויך און האט ענערגיש געפאדערט, אז מען זאל זי אויסגלייכען אין די פאליטישע און עקאנאמישע רעכטען מיט דער אלטער אריסטא-קראטיע. די דאזיגע בורזשואזע קלאס, אדער די שטעדטישע בעפעל-קערונג, גרויסע און קליינע פאבריקאנטען, קויפלייט, מענשען פון „פרייע" פראפעסיעס, געלעהרטע, טעכניקער, דאקטוירים, אדוואקאטען, וואס זייערע אינטערעסען זענען געווען כמעט די אייגענע וואס פון דער בורזשואזיע, האבען זיך אויפגעהויבען געגען די אריסטאקראטען, וועלכע האבען הויפט-זעכליך געלעבט פון זייערע לענדערייען און גיטער, און אויף וועלכע די בורזשואזיע האט געקוקט ווי אויף פשוט׳ע „לעדיגגעהער", וואס לעבען אויפ׳ן חשבון פון דער ארבייטער-קלאס. אלע פריווילעגירטע זענען געווען פאר דער בורזשואזיע די בלוט-זויגער פון דער מלוכה.

נאכדעם, ווי די מלוכה-פאליטיק פון לודוויג דעם 14-טען האט געהאט א מפלה נאך א מפלה, איז זעהר שווער געווארען צו פיהרען ווייטער דעם מלוכה-סדר אין דעם זעלבען קורס. לודוויג האט איבער-געלאזען זיין מינדעריעהריגען זוהן א מלוכה-חוב פון 3½ מיליארד און א יעהרליכען דעפיציט פון 80 מיליאן פראנק. די בעפעלקערונג אין פראנק-רייך איז געווען אויסגעמאטערט פון די פערשידענע אבגאבען, און

פֿראַנקרייכֿ׳ס אויבערהערשאַפֿט אין דער אויסערער פּאָליטיק איז **שטאַרק** געפֿאַלען.

דער אַרבייטזאַמער, ריהרעווידיגער און שפּאָרעוודיגער „דריטער שטאַנד״ האָט מיט ערביטערונג זיך צוגעקוקט, ווי עס ווערען פֿרשווענדעט די גרויסע פֿאָלקס־הכנסות. אַ סך געלד פֿון די מלוכה־אַיינקונפֿטען האָט מען פֿערברויכֿט אויף די פֿערשווענדערישע פּאַראַדען ביים הויף, אויף מתּנות און פּענסיעס פֿאַר דער אַריסטאָקראַטיע, וואָס איז געוואָרען די סוויטע פֿון קעניג, און וואָס האָט פֿערנומען נוצלאָז אַלערליי שטעלען; אין די פֿערשידענע פֿערוואַלטונגען פֿלעגען צוזנען ווערען מיליאָנען אָהן אַ שום פּראַקטישען נוצען. די שטענדיגע נייע מלוכה־הלוואות האָבען אויך שטאַרק געשראָקען די קאַפּיטאַליסטישע בעפֿעלקערונג. דער דריטער שטאַנד האָט נישט אַיינגעזעהן, מיט וואָס די רעגירונג וועט צאָהלען איהרע חובות, און האָט אַלע ווײלע מיט האַרצקלאַפּעניש געוואַרט, אַז די רעגירונג וועט זיך ערקלערען פֿאַר באַנקראָט.

פֿאַר׳ן דריטען שטאַנד איז געווען קלאָר, אַז די איינציגע רעטונג פֿון דער שלעכֿטער מלוכה־ווירטשאַפֿט איז נאָר די: אָבצושאַפֿען אַלע פּריווילעגיעס בנוגע צו די מלוכה־אָבגאָבען, צו פֿערקויפֿען די גרויסע לענדערייען, וואָס זענען פֿריי פֿון אָבצאָהלען און בעזונדערס די קירכֿען־גיטער. דאַמאָלס וועט מען קענען, ערשטענס, ביסלעכֿווייז אָבצאָהלען דעם מלוכה־חוב, און צווייטענס, וועט דאַמאָלס די ערד אַריבער פֿון די לעדיגגעהערס הענד אין די הענד פֿון פּראָדוקטיווען אַרבייטזאַמען פֿראַנצויזישען פֿאָלק. די פּריווילעגיעס און די נישט־גלייכֿקייט פֿון די רעכֿטען, זיי ביידע זענען די הויפּט־סבות, פֿאַרוואָס די פֿראַנצויזישע קראַפֿט און דער פֿראַנצויזישער פֿלייס קאָן נישט פֿריי אַרבייטען און פֿריי בעוועגען די קאַפּיטאַלען און די טאַלענטען פֿון לאַנד.

די פֿערטרעטער פֿון דריטען שטאַנד האָט זיך אויך דאַמאָלס אויסגעוויזען, אַז זייערע אינטערעסען זענען אייגענטליך די אינטערעסען פֿון גאַנצען פֿראַנצויזישען פֿאָלק. צו דער צייט פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט מען נאָך נישט פֿערשטאַנען, אַז דער דריטער שטאַנד טיילט זיך אויך אין צוויי טיילען, וואָס אונטערשיידען זיך פֿון איינאַנדער אין עקאָנאָמישער הינזיכֿט, ווי אין בילדונג. די אַרבייטער האָבען זיך נישט אָבגעטיילט פֿון דער בורזשואַזיע. ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבען די גרויסע רעוואָלוציע, זענען די אַרבייטער געגאַנגען צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע, גלויבענדיג אויך אַזוי ווי זיי, אַז די הויפּט־סבה

פון אומגליק אין לאַנד זענען די פּריווילעגיעס און די אונגלייכקייט פון די פערשידענע העכערע און ניעדעריגערע נישט־פּריווילעגירטע שטאַנדען אין לאַנד.

די שטימונג אין די 70—80־ער יאָהרען פון 18־טען יאהרהונדערט אין פראַנקרייך איז געווען אַ ראַדיקאַלע און פאָלקס־פריינדלי־כע. צווישען דער בעפעלקערונג זענען געווען פערשפרייט בלעטלעך, וואו עס איז געווען אויסגעמאָלט אַנ׳אַרבייטער, וואָס בויגט זיך אונטער דער שווערער משא פון דעם פראַנצויזישען קעניגטום און אויף וועלכען עס שפּאַרט זיך נאָך אָן בהרחבה אַנ׳אַריסטאָקראַטישער קריגער; אָדער אַ מענש פון „דריטען שטאַנד“, וואָס איז געשמידט אין קייטען, וואָס האַפּט זיך פלוצים אויף, צורייסט די קייטען, נעהמט זיך פאַר׳ן געוועהר און וואַרפט אָן אַנ׳אימה אויפ׳ן אַריסטאָקראַט און הויכען גייסטליכען־ וועלכע שפּרינגען־אָב אָן אַ זייט.

לודוויג דער 15־טער איז נאָך געווען מינדעריעהריג, ווען זיין פאָ־טער איז געשטאָרבען. ביז צו זיין פוליעהריגקייט איז געווען רעגענט דער הערצאָג פון אָרלעאַן. צו זיין צייט האָט דער פינאַנץ־מיניס־טער לאָו געזוכט אויסצובעסערען די פינאַנצען פון לאַנד דורך פערשיע־דענע געפעהרליכע ספּעקולאַציעס. אויף אַ געוויסע צייט איז איהם דאָס געלונגען, נאָר סוף כל סוף האָבען זיינע ספּעקולאַציעס נאָך מעהר פער־אָרעמט דאָס לאַנד. האָטש עס איז געלונגען צו בעצאָהלען אַ גרויסען טייל מלוכה־חובות מיט דער היקף פון דער קעניגליכער באַנק, וואָס ער האָט געגרינדעט, אָבער די באַנק האָט שפּעטער געמוזט באַנ־קראָטירען, און איהר באַנקראָט איז צוגלייך געוואָרען דער באַנקראָט פונ׳ם גאַנצען פראַנצויזישען מלוכה־סדר.

לודוויג דער 15־טער, וואָס האָט איבערגענומען די מלוכה מיט אַ קלענערען מלוכה־חוב, איז נישט געווען פון די אויפגעקלערטע מאָנאַרכען, ווי פרידריך און יאָזעף, וואָס האָבען אַוועקגעלעגט אַלע כוחות אויף צו פערבעסערען די מלוכה־אָרדנונג. ער האָט נאָר געלעבט צוליעב זיינע אייגענע פערגניגענס און האָט זיך אַזוי ווייט אינטערעסירט מיט פּאָלי־טיק, ווי ווייט דאָס האָט אָנגערירט איהם אַליין, אָדער איינעם פון זיינע נאָהענטע לייט. ער האָט געלעבט זאָרגלאָז און זיין שפּרוך איז געווען „נאָך מיר מעג אפילו אַ מבול קומען אויף דער וועלט“ (Aprés moi—le déluge). די הויפּט־ראָלע אין דער מלוכה האָבען גע־שפּיעלט די הויף־דאַמען, וואָס דער קעניג האָט געפיהרט מיט זיי

ליעבשאַפֿטען. ער האָט אפילו געהאַט גוטע מיניסטאָרען, נאָר זיי האָבען
זעניג וואָס געקענט אויפֿטהון. די אונאָרדנונג אין דער פֿערוואַלטונג איז
נישט געוואָרען קלענער. די אויסערע פּאָליטיק איז אויך געווען אַ שלעכ־
טע און די שטאָלצע פֿראַנצויזען זענען געוואָרען פֿערביטערט נאָך מעהר,
וואָס זייער פּרעסטיזש אין אויסלאַנד ווערט אַלץ קלענער און קלענער.
אין קריעג פֿאַר דער ירושה אויפֿ׳ן פּוילישען און עסטרייכישען טהראָן
האָבען די פֿראַנצויזען געהאַט מפּלות, און אין 7־יעהריגען קריעג האָבען
די פֿראַנצויזען ווייטער געהאַט מפּלות אויף מפּלות. אין משך פֿון לוד־
וויג׳ס רעגיערונגס־צייט האָבען די ענגלענדער געהאַלטען אין זייער מאַכט
די פֿראַנצויזישע קאָלאָניעס און חרוב געמאַכט דעם גאַנצען פֿראַנצויזישען
פֿלאָט.

די געזעלשאַפֿט, זעהענדיג, אַז אויפֿ׳ן קעניג איז נישטאָ וואָס צו
האָפֿען, האָט אָנגעהויבען עפֿענטליך אַרויסצוטרעטען מיט אַ קריטיק גע־
גען דער רעגיערונג. די קריטיק האָט זיך אויך געפֿיהלט ביי דעם גע־
ריכטליכען שטאַנד. די העכסטע געריכטען, וואָס מען האָט
זיי אין פֿראַנקרייך גערופֿען די פּאַרלאַמענטען, האָבען
אייגענטליך אויך געהאַלטען פֿאַר דעם אַלטען אַריסטאָ־
קראַטישען מלוכה־סדר. זעהר אָפֿט זענען די מיינונגען פֿון די
פּאַרלאַמענטען געווען פּונקט קאַפּויר, ווי די מיינונגען פֿון די אויפֿגע־
קלערטע פּאָליטישע פֿערטרעטער פֿון לאַנד. די ריכטער זענען אויך געווען אַ
מין פּריווילעגירטער שטאַנד. נאָר דער דאָזיגער שטאַנד האָט זיך געהאַלטען
זעלבסטשטענדיג (זעה באַנד 5), ער פֿלעגט זיך דערוועגען צו קרי־
טיקירען די רעגיערונג, און דערום האָט זיך די געזעלשאַפֿט בע־
צויגען צו די פּאַרלאַמענטען מיט סימפּאַטיע. עטליכע מאָל צו לודוויג
דעם 15־טענס צייט האָבען די פּאַרלאַמענטען זיך בענוצט מיט זייער
רעכט צו פּראָטעסטירען געגען די קעניגליכע נישט גערעכטע בעשלוסען.
דער ביטערסטער שטרייט צווישען הויף און די פּאַרלאַמענטען איז אויס־
געבראָכען דעריבער, וואָס אַ פּראָקוראָר פֿון אַ פּאַרלאַמענט האָט געפֿאָ־
דערט צום געריכט אַ גובערנאַטאָר, פֿאַר דער מוטוויליגער פֿערוואַלטונג
פֿון זיין פּראָווינץ. דער הויף האָט זיך אָנגענומען פֿאַר׳ן גובערנאַטאָר און
געהייסען דעם פּאַרלאַמענט פֿון פּאַריז בטל צו מאַכען דעם פּראָצעס.
דאַמאָלס האָבען אַלע פּאַרלאַמענטען אין פֿראַנקרייך אָנגענומען אַ רעזאָ־
לוציע, אַז זיי זאָגען זיך אָב צו פֿיהרען משפּטים, כל זמן זיי קענען זיי
נישט פֿיהרען פֿריי, אָהן דער אַריינמישונג פֿון הויף. דער יוסטיץ־מי־

ניסטער מאָפּו האָט דאַמאָלס פֿערשיקט די גרעסטע פּראָטעסטאַנטען און האָט פֿערביטען די פּאַרלאַמענטען מיט נייע געריכֿטס־אַנשטאַלטען. אין די נייע געריכֿטס־אַנשטאַלטען האָט מען אַפילו אַיינגעפֿיהרט איינינע גוטע רעפֿאָרמען, — די קויפֿליכֿקייט פֿון געריכֿטס־שטעלען איז אָבגעשאַפֿט געוואָרען, עס איז וואָלוועלער געוואָרען די פּראָצעס־פֿיהרונג א. אַ. וו. אָבער גאַנץ פֿראַנקרייך איז געווען אויפֿ׳ן צד פֿון די פּאַרלאַמענטען; די אַדוואָקאַטען האָבען זיך אָבגעזאָגט צו פֿיהרען אַ פּראָצעס אין די נייע געריכֿטען.

אין דער צייט, ווען דער קאַמפּף צווישען די פּאַרלאַמענטען און הויף האָט זיך שטאַרק צופֿלאַקערט, איז געשטאָרבען לודוויג דער 15־טער. זיין זוהן, לודוויג דער 16־טער, איז געווען אַ גוטער מענש, מיט די בעסטע כּוונות, אָבער זעהר אַ שוואַכֿער כאַראַקטער. די ערשטע אַרבייט זיינע איז געווען ווידער צוריקצורופֿען די פּאַרלאַמענטען. זיין אויפֿגעקלערטער מיניסטער טיורגאָ איז געווען דאַגעגען נישט נאָר דעריבער, וואָס די פּאַרלאַמענטען בעגרענעצען די קעניגליכֿע מאַכֿט, נאָר הויפּטזעכֿליך דעריבער, וואָס ער האָט פֿאָראויסגעזעהן, אַז די פּאַרלאַמענטען וועלען, לויט זייער פּריווילעגירטען שטאַנד, זיין גרויסע געגנער פֿון ערנסטע רעפֿאָרמען. טיורגאָ איז געווען אַ גענייטער פֿינאַנסיסט, עקאָנאָמיסט און מלוכה־פֿערוואַלטער, דערצו נאָך אַ הייסער פּאַטריאָט מיט אַ ברייטען אָריגינעלען גייסט. ער האָט פֿערשטאַנען, אַז פֿראַנקרייך נויטיגט זיך נישט־אַזוי אין דער אויסבעסערונג פֿון זיינע פֿינאַנסען, ווי אין ברייטע רעפֿאָרמען, וואָס זאָלען אַיינדרינגען אין אַלע לעבענס־צווייגען. ער האָט זיך געטראָגען דערום מיט אַלערליי רעפֿאָרם־פּלענער און דער קעניג איז געווען מיט איהם איינס. טיורגאָ האָט געוואָלט מאַכֿען אַ סוף מיט דער אונגערעכֿטער פֿערטיילונג פֿון די מלוכה־אָבגאָבען, האָט געוואָלט אַיינפֿיהרען אַנ׳ערד־אָבצאָהל אויך פֿאַר די פּריווילעגירטע, מבטל מאַכֿען פֿערשידענע האַנדעלס־מאָנאָפּאָלען, די צעכֿען, די אינלענדישע צאָל־גרענעץ, די שטערונגען פֿאַר ברויט־האַנדעל א. אַ. וו. אין דער לאַנד־פֿערוואַלטונג האָט טיורגאָ געפּלאַנעוועט אַיינצופֿיהרען טיילווייז אַ זעלבסט פֿערוואַלטונג; די אָרטיגע אַנגעלעגענהייטען ווערען געפֿיהרט פֿון אַ געוועהלטער שטאָדטיגער דומע; מיט די אַנגעלעגענהייטען פֿון אַ גאַנצער גובערניע פֿערוואַלטען די דומעס, וואָס ווערען פֿערטרעטען פֿון אַלע אָרטיגע דומעס, און ענדליך בעראַטעט אַלגעמיינע מלוכה־ענינים די „נאַציאָנאַלע דומע”, אַנ׳אָרגאַניזאַציע פֿון פֿערטרעטער, וואָס ווערען געוועהלט פֿון די

גובערניאַלע דומעס. בנוגע צו רעליגיאָן איז טיורגאָ געווען פאַר פאָלקאָמענע טאָלעראַנץ. אַ רייהע פון רעפאָרמען בנוגע צו פאָלקס-בילדונג האָבען געדאַרפט בעפעסטיגען און קרעפטיגען דעם נייעם מלוכה-סדר.

טיורגאָ'ס פלענער האָבען אָבער בעגעגענט אַ גרויסען ווידערשטאַנד ביים הויף, ביי גייסטליכע און ביי די פאַרלאַמענטען. מיט'ן פאָלק גופא האָט ער געהאַט צו קעמפפען, ווייל מען האָט מאַנכע פון זיינע רעפאָרמען נישט פערשטאַנען. טיורגאָ האָט דורכגעפיהרט אַפילו דעם פרייען ברויט-האַנדעל, האָט בטל געמאַכט די צעכען און די אינעוועניגסטע צאָלגרענעצען, אָבער עס איז איהם אויסגעקומען צו קעמפפען מיט די פאַרלאַמענטען און צו דערשטיקען אַ בונט פון פראָסטען המון, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר אַ פרייען ברויט-האַנדעל. טיורגאָ האָט זיך אַפילו נישט געשראָקען פאַר די גרויסע קאַמפפען, וואָס עס שטעהען איהם פאָר, אָבער דער שוואַכער קעניג, אונטער'ן אַיינפלוס פון דער קעניגין און זיינע נאָהענטע הויפלייט, זיך שרעקענדיג פאַר די קומענדיגע מלוכה-קאָנפליקטען, האָט אָבגעזאָגט זיין גרויסען ראַטגעבער פון זיין מיניסטאָרען-שטעלע.

דאָס, וואָס טיורגאָ איז אַוועק פון הויף, האָט נאָך נישט געהייסען, אַז מען זאָגט זיך אָב פון זיינע געפלאַנעוועטע רעפאָרמען. די שפעטערדיגע מיניסטאָרען נעקער, קאַלאָן האָבען ווייטער געפרובט פיהרען די פּאָליטיק אין טיורגאָ'ס גייסט. אָבער זיי זענען נישט געווען אַזוי פעסט און זיכער ביי זיך ווי טיורגאָ. אין דער אויסערער פּאָליטיק האָט פראַנקרייך אַביסעל פערבעסערט זיין לאַגע. אָבער אין דער אינעוועניגסטער איז איהם געגאַנגען אַלץ ערגער. דער דעפיציט איז שוין געוואַקסען פון 80 אויף 198 מיליאָן אַ יאָהר. מיט איטליכען יאָהר האָט מען אַלץ קלערער געזעהען, אַז מען מוז ענדערען דעם סדר פון די מלוכה-פינאַנסען, אַז מען מוז אָבנעהמען די פריווילעגיעס פון די שטאַנדען, וואָס ברענגען גאָרנישט איין דער מלוכה מיט זייערע גרויסע ערדבעזיצונגען.
טיורגאָ'ס פלענער זענען ווידער אַרויף אויף דער טאַגעס-אָרדנונג. צוערשט האָט מען געמאַכט אַ ראַדיקאַלע רעפאָרם אין דער אָרטיגער און גובערנסקער פערוואַלטונג. מען האָט זי צוגענומען פון די קעניגליכע אינטענדאַנטען און זי איבערגעגעבען צו די דאָרפישע פערזאַמלונגען, וואו עס זענען אָבער פערבליבען די שטאַנדען אונטערשיידען. די דאָזיגע ראַדיקאַלע רעפאָרם האָט קיינעם נישט בעפריעדיגט. איין טייל האָט זיך בעקלאָגט, וואָס מען צווינגט איהם אַרבייטען צוזאַמען מיט די נידעריגע שטאַנדען, דער אַנדערער טייל האָט

פּערלאַנגט בריטערע פּאָלמאַכטען. ווען די רעגיערונג האָט גענומען רעפאָרמירען דעם סיסטעם פון די אָבגאָבען, האָט דער פּאַרלאַמענט פּראָ-טעסטירט געגען צירקוליאַר פון קעניג, און ענדליך פערלאַנגט, אַז דער קעניג זאָל צונויפרופען צוליעב דער נייער רעפאָרם די גענעראַל-שטאַטען. דער פּאַרלאַמענט האָט אייגענטליך געהאַט אַ ריין קאָנסער-וואַטיווע רעאַקציאָנערע כּונה, אָבער דאָס לאַנד איז געווען דערום אויף זיין צד, ווייל ער פיהרט אַ קאַמפּף מיט דער רעגיערונג. דעם קעניגס בעשלוס צו רעפאָרמירען די העכערע גריכטען האָט אויך נישט געהאַט קיין ערפאָלג, ווי אַמאָל צו מאַפּו'ס צייט. די צירקוליאַרען וועגען די נייע גריכטען זענען צוריקגענומען געוואָרען.

---

די גענעראַל-שטאַטען.—די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג פון 1789.—
דאָס פאָלק שטורמט די באַסטיליע. — דער 4-טער אויגוסט.—
דער קעניג בעזעצט זיך אין פּאַריז.

אין אַזאַ מהומה-צייט איז לודוויג דעם 16-טען גאָרנישט איבערגע-בליבען ווי צונויפצורופען די גענעראַל-שטאַטען, וואָס מען האָט שוין נישט צונויפגערופען זייט 1614, און אין פראַנקרייך האָבען זיך אָנגע-הויבען די וואַהלען. די בעפעלקערונג, וואָס האָט געקליבען פערטרעטער פון די דריי שטאַנדען: אַריסטאָקראַטיע, גייסטליכע און דעם „דריטען שטאַנד", האָט געהאַט צונויפצושטעלען פאַר די געוועהלטע פערטרעטער אַזוינע העפטען (cahiers), וואו עס ווערען אויסגעדריקט די וואונשען פון די וועהלער. די מייסטען העפטען האָבען געפאָדערט אַ פאָלקס-פערטרע-טונג און ראַדיקאַלע געזעלשאַפטליכע רעפאָרמען. אין די מייסטען העפטען האָט מען זיך בעקלאָגט אויף די מוטוויליגקייט און די חסרונות פון דער אַלטער פערוואַלטונג און מען האָט אָנגעגעבען פּראָיעקטען, ווי צו פער-בעסערען די פּאָליטישע לאַגע פון די שטאַנדען און ווי צו מאַכען פון פראַנקרייך אַ פעסטע, געזונדע, נאַציאָנאַלע מלוכה.

די רעגיערונג האָט זיך בעשלאָסען צונויפצורופען די גענעראַל-שטאַטען, אָבער זי האָט נישט אויסגעאַרבייט קיין שום טעטיגקייטס-פּראָגראַם פאַר זיי. זי האָט אפילו נישט ערקלערט, צי וועלען די שטאַטען פיהרען זייערע בעראַטונגען בעזונדער, אָדער אַלע דריי אין איינעם. די פריהערדיגע היסטאָרישע ביישפּיעלען זענען געווען פאַר די בעראַטונגען בעזונדער; דאָס אָבער, וואָס מען האָט היינטיגען מאָל ערלויבט דעם

דריטען שטאַט (אַד. שטאַנד) אויסצוקלײַבען אַ דאָפּעלטע צאָהל דעפו־
טאַטען, ווי אימליכען שטאַט בעזונדער—האָט בעוויעזען, אַז די רעגיערונג
וויל, דאָס אַלע שטאַטען זאָלען זיך בעראַטען אין איינעם. די פֿראַגע
וועגען די פֿאָרם פון די בעראַטונגען האָט געהאַט די
וויכטיגסטע בעדייטונג. וואָרום ווען אַלע דעפוטאַטען וועלען זיך
פֿעראייניגען אין איין בעראַטונגס־קאָרפּאָראַציע, דעמאָלס וועט דער
דריטער שטאַנד, אין איינעם מיט עטליכע דעפוטאַטען פֿון דער אַריס־
טאָקראַטיע און דער גייסטליכקייט, וואָס שטעהען אויף'ן צד פֿון דער
בורזשואַזיע, האָבען די מעהרהייט שטימען; אומגעקעהרט אָבער, ביי דער
צוטיילונג פֿון די בעראַטונגען לויט'ן שטאַנד, וועט דער דריטער שטאַנד
נישט האָבען קיין שום מאַכט און ווירקונג. די רעגיערונג האָט איינער־
זייטס געוואָלט, אַז דער דריטער שטאַנד זאָל האָבען די מעהרהייט, ווייל
זי האָט געוואָלט דורכפֿיהרען די רעפֿאָרמען וועגען די אָבגאַבען,
פֿון דער אַנדערער זייט האָט זי מורא געהאַט פֿאַר'ן דריטען שטאַנד, צוליעב
זיינע ראַדיקאַל פּאָליטישע שטרעבונגען. בינו־לבינו האָט די רעגיערונג גע־
מאַכט אַ שווייג וועגען דער הויפּט־פֿראַגע און איבערגעלאָזען די שטאַטען
אַליין צו ענטשיידען די וויכטיגסטע פראַגע פֿון דער בעראַטונגס־פֿאָרם.

ווען די דעפוטאַטען האָבען זיך דעם פֿינפֿטען מאַי 1789 צוזאַמענ־
געקליבען אין ווערסאַל (ביי פּאַריז, דער אָרט פֿון קעניגליכען הויף),
האָבען די אַריסטאָקראַטיע און די גייסטליכע זיך צונויפֿגעקליבען בעזונדער;
אָבער דער דריטער שטאַנד האָט געמעלדעט, אַז ער זאָגט זיך אָב צו
פֿיהרען די בעראַטונגען אַלס אַ בעזונדער שטאַט און ערוואַרט אַלע איבריגע
דעפוטאַטען, כדי זיך צו בעראַטען אינאיינעם. אַ גאַנצען מאָנאַט האָבען
זיך געפֿיהרט אונטערהאַנדלונגען צווישען דריטען און די איבריגע צווי
שטאַטען; ענדליך איז דעם דריטען שטאַנד מיאוס געוואָרען צו וואַרטען
און ער האָט זיך אַליין פּראָקלאַמירט אַלס פֿערטרעטער פֿון דער מעהר־
הייט פֿון דער נאַציאָן, אַלס די איינציגע „נאַציאָנאַלע פֿערזאַמלונג". די
דעפוטאַטען פֿון די אַנדערע שטאַטען מעגען צוטרעטען צו דער „נאַציאָ־
נאַלער פֿערזאַמלונג", ווען זיי ווילען. דער מוטיגער בעשלוס פֿון דריטען
שטאַנד האָט שטאַרק אויפֿגערודערט דעם קעניגליכען הויף. אויפ'ן בעפֿעהל
פֿון קעניג האָט מען פֿערמאַכט דעם זאַל פֿון די זיצונגען אין פּאַלאַץ פֿון
ווערסאַל. אָבער די דעפוטאַטען פֿון דריטען שטאַנד האָבען זיך נישט דער־
שראָקען. זיי האָבען זיך באַלד צונויפֿגעזאַמעלט אין אַ מאַניעזש (אַ מין צירק)
און האָבען געגעבען אַ שבועה, אַז זיי וועלען נישט אַוועק פֿון דאַנען,

כל זמן עס וועט נישט ווערען אויסגעארבייט א נייער מלוכה־סדר. באלד דערויף האט דער קעניג זיי איינגעלאדען אינאיינעם מיט די דעפוטאטען פון די אנדערע שטאטען און האט זיי בעפוילען, איטליכען שטאט בעזונדער זיך צו נעהמען צו דער בעראטונגס־ארבייט. נאר די בעפעהלען און די סטראשונקעס פון קעניג האבען אויפ׳ן דריטען שטאנד נישט געמאכט קיין שום רושם. דער דריטער שטאנד האט ווייטער פארטגעזעצט זייגע פערזאמלונגען, אלס א נאציאנאלע פערזאמלונג, און ביסלעכווייז זענען צו דער פראקלאמירטער נאציאנאלער פערזאמלונג צוגעטרעטען א סך דעפוטאטען פון די אנדערע שטאטען.

דער קעניג האט מורא געהאט פונאנדערצוטרייבען די נאציאנאלע פערזאמלונג, נאר ער האט גענומען צונויפציהען ארום פאריז די ארמעע, און האט אבגעזאגט זיין הויפט־מיניסטער נעקער. די נאכריכט, אז ארום פאריז זאמעלט זיך צונויף די קעניגליכע ארמעע, האט געמאכט אויף דער הויפט־שטאדט א געוואלטיגען איינדרוק. אויף די גאסען האבען זיך צונויפגעקליבען טויזענדער הונגעריגע ארבייטער, וואס האבען ערווארט פון דער נאציאנאלער פערזאמלונג די פערבעסערונג פון זייער לאגע און וואס האבען די אריסטאקראטיע פיינד געהאט מיט׳ן גאנצען הארצען. די סאלדאטען האבען אפילו צוטריבען דעם המון, אבער אין עטליכע פאלקען איז געווען צו בעמערקען א סימפאטיע צום פאלק. דעם 14־טען יולי (נאך עד היום א יום־טוב ביי די פראנצויזען) האט זיך דער המון מויזענדערווייז א לאז געטהון צו דער פעסטונג באסטיליע מיט דער דעה צו פערכאפען דארט דאס געוועהר. דער קליינער גארניזאן פון דער פעסטונג האט אויסגעשאסען, עטליכע צעהנדליג מענשען זענען געפאלען, אבער דער המון איז נאך פערביטערטער און ענערגישער געגאנגען אויף די פעסטונג. דער המון האט זיך אריינגעריסען אין דער פעסטונג. דער גארניזאן האט אבגעגעבען די וואפען, עטליכע סאלדאטען, וואס האבען זיך געוועהרט, זענען דער׳הרג׳עט געווארען, און די פעסטונג באסטיליע איז אריבער אין די מאכט פון פאריזער המון. נאר אזוי ווי מען האט מורא געהאט פאר דער ארמעע, וואס דער קעניג האט צונויפגעצויגען ארום פאריז, האבען זיך אלע פאריזער גאסען בעדעקט מיט באריקאדען. די בורזשואזיע האט זיך בעוואפענט און גיך צונויפגעשטעלט א נאציאנאלע גווארדיע מיט׳ן מארקיז לאפאיעט אן דער שפיץ, דעם אייגענעם לאפאיעט, וואס האט זיך העלדיש בעטייליגט אין דעם ענגליש־אמעריקאנישען פרייהייטס־קריעג.

לודוויג דער 16־טער האָט אָבער זיך בשום אופן נישט געקאָנט ענטשליסען צו פֿיהרען קריעג מיט זיין אייגענער בעפֿעלקערונג. ער האָט פֿערשפּראָכֿען דער אויפֿגערעגטער בעפֿעלקערונג פֿונאַנדערצולאָזען די אַרמעע. ער האָט בעשטעטיגט די בעפֿעהלען פֿון די בונטאָווזשציקעס, בנוגע צו פּאַריז, און האָט שלום געמאַכֿט מיט דער נאַציאָנאַלער פֿערזאַמלונג.

די נאַכֿריכֿט, אַז דאָס פֿאָלק האָט אײַנגענומען די באַסטיליע, האָט זיך צוטראָגען איבער גאַנץ פֿראַנקרייך, און אומעדום האָבען זיך איבערגע'חזר'ט די אייגענע בונטען. בעזונדערס שרעקליך האָט מען זיך נוקם געווען אין די דערפֿער. די פּויערן האָבען חרוב געמאַכֿט און פֿערברענט די אַריסטאָקראַטישע שלעסער, און אין מאַנכֿע ערטער האָט מען ערמאָרדעט די גוטס־בעזיצער און זייערע פֿערוואַלטער. דער אַלגעמייַנער בונט אין לאַנד האָט געפֿונען אין דער נאַציאָנאַל־פֿערזאַמלונג אַ וואונדערליכֿען אָבקלאַנג. דעם 4־טען אויגוסט זענען געקומען אין די פֿערזאַמלונג עטליכֿע יונגע אַדעללייט און האָבען געמעלדעט, אַז זיי זאָגען זיך גוטוויליג אָב פֿון די אָבגאַבען און די פּריווילעגיעס, מיט וועלכֿע זיי האָבען זיך ביז איצט בענוצט. די דאָזיגע מעלדונג האָט געהאַט די ווירקונג, אַז באַלד האָבען זיך אויפֿגעהויבען אין דער פֿערזאַמלונג אַנדערע דעפּוטאַטען פֿון די פּריווילעגירטע שטאַטען און האָבען זיך אויך אָבגעזאָגט פֿון זייערע אַלע פּריווילעגיעס. און אין איין איינציגער ביינאַכֿטיגער זיצונג זענען אָבגעשאַפֿט געוואָרען, אָהן אויסקויף, אַלע סאָרטען פֿון פֿעאָדאַלע פּפֿליכֿטען, פּריווילעגיעס, מאָנאָפּאָלען, וועלכֿע זענען נאָך געבליבען אַלס אַ טרויעריגער זכר פֿון דער פֿעאָדאַלער עפּאָכֿע.

דערווייל האָט די פֿערזאַמלונג ווידער אָנגעהויבען צו פֿיהלען, אַז דער הויף קלויבט זיך עפּעס צו טהון געגען איהר. דער שוואַכֿער לודוויג איז ווידער אַריינגעפֿאַלען אונטער'ן איינפֿלוס פֿון דער קעניגין און האָט אָנגעהויבען צונויפֿציהען די אַרמעע אַרום ווערסאַל. אויף אַ מיליטערישען פּאַראַד האָבען די אָפֿיציערען, אין געגענוואַרט פֿון דער קעניגליכֿער פֿאַמיליע, אַראָבגעריסען פֿון זיך די דריי־פֿאַרביגע בענדער (צו דער ווייסער קעניגליכֿער פֿאַרב זענען זייט דעם שטורם פֿון באַסטיליע צוגעקומען די צוויי פּאַרבען פֿון דער שטאָדט פּאַריז: רויט און בלאָה, אַלס סמן פֿון דער שטאָדטיגער מאַכֿט) און זיי צוטראָטען מיט די פֿיס. די פּאַריזער בעפֿעלקערונג האָט זיך ווידער גענומען פֿאַר די וואַפֿען, און דאָס מאָל האָט זי שוין נישט געוואַרט, ביז מען וועט זי בעפֿאַלען פֿון

קעניגליכֿען הויף, איז אַליין אַוועק קיין ווערסאַל, האָט זיך אַריינגעריסען אין קעניגליכֿען פּאַלאַץ און געפֿאָדערט, אַז דער קעניג זאָל פֿערלאָזען ווערסאַל און זיך בעזעצען אין פּאַריז. צווישען די אָנפֿאַלער זענען אויך געווען אַ סך פּאַריזער פֿרויען פֿון פֿאָלק. דער קעניג האָט געמוזט נאָכֿגעבען דעם וואונש פֿון דער בעפֿעלקערונג און איז אַריבערגעפֿאָהרען אין פּאַריז. פֿון דעם טאָג אָן איז ער געוואָרען דער געפֿאַנגענער פֿון דער פּאַריזער בעפֿעלקערונג, וואָס האָט איהם נאָכֿגעהיט איטליכֿען טריט.

---

### די געזעצגעבונג פֿון דער גרינדונגס־פֿערזאַמלונג. — די קאָנסטיטוציע פֿון יאָהר 1791. — די נייע קירכען־אָרדנונג. — מיראַבאָ. — לודוויג אַנטלויפֿט. — דער קריעג. — דער אונטערגאַנג פֿון דער מאָנאַרכיע.

די נאַציאָנאַלע פֿערזאַמלונג האָט זיך אויך גערופֿען די גרינדונגס־פֿערזאַמלונג, ווייל די דאָזיגע פֿערזאַמלונג האָט געדאַרפֿט גרינדען אַ נייעם סדר אין לאַנד, בעשאַפֿען אַ קאָנסטיטוציע. די דעפּוטאַטען, וואָס זענען פֿון קנעכֿט מיט אַ מאָל געוואָרען האַרען, האָבען נישט געוואָלט וויסען פֿון קיין שום היסטאָרישע טראַדיציעס און האָבען אַלץ גענומען בעשאַפֿען פֿון דאָס־ניי. דער אַיינפלוס פֿון דער אויפֿקלערונגס־עפּאָכֿע מיט איהרע שריפֿטשטעלער, דענקער און פֿילאָזאָפֿען (זעה טייל 5) איז געווען מורא׳דיג שטאַרק. אַרויסגעבענדיג נייע געזעצען, האָבען זיי זיך גערעכֿענט נאָר מיט אַלגעמיינע כללים וועגען די נאַטירליכֿע רעכטען פֿון איטליכֿען מענשען און בירגער, און אַלץ, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט היסטאָריש, איז געווען פֿאַר זיי נאַריש און נישט גערעכֿט. די מאָנאַרכֿישע אונבעגרענעצטע מאַכֿט איז זיי געווען דערווידער. זיי האָבען אפילו מורא געהאַט, אַז עמיצער אין דער פֿערוואַלטונג זאָל האָבען אַ ברייטע מאַכֿט. אַרום דער גרינדונגס־פֿערזאַמלונג האָט געקאָכֿט און געזידט. די פּאַריזער בעפֿעלקערונג האָט דערפֿיהלט איהר מאַכֿט, זייט זי האָט אַיינגענומען די באַסטיליע און זייט זי האָט מיט געוואַלד אַראָבגעבראַכֿט דעם קעניג אין פּאַריז.

נישט ווייט פֿון דער פֿערזאַמלונג האָבען געאַרבייט אָהן אַ שום שטערונג און פֿעראַנטוואָרטליכֿקייט אַ מאַסע פּאָליטישע קלובען,

און די מיטגליעדער פון די דאָזיגע קלובען, וואָס זענען געווען אַ סך ראַדיקאַלער פאַר די גרינדונגס־פערזאַמלונג, האָבען ביטער קריטיקירט די אַרבייט פון די דעפוטאַטען, האָבען געשטעלט אַלץ גרעסערע פאָדערונגען צו די קומענדיגע געזעצען פון לאַנד, האָבען זיך געגרייט צו אַן׳ענטשלאָסענער אונטערנעהמונג מיט דער הילף פון דער פאַריזער בעפעלקערונג, וואָס האָט אייגענטליך נישט־נאָר דעם קעניג געהאַלטען אין געפאַנגענשאַפט, נאָר אויך די נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג. איינער פון די דאָזיגע פאָליטישע קלובען, דער יאַקאָבינער קלוב, האָט געהאַט בעציהונגען מיט גאַנץ פראַנקרייך און האָט אומעדום געהאַט זיינע אָבטיילונגען.

איידער די גרינדונגס־פערזאַמלונג האָט זיך גענומען פאַר אַ פראַקטיש־פאָליטישע טעטיגקייט, האָט זי בעשלאָסען צוערשט פעסטצושטעלען די אַלגעמיינע כללים, לויט וועלכע עס איז מעגליך איינצופיהרען איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ ריכטיג פאָליטיש לעבען אין לאַנד. נאָך אַ לענגערער בעראַטונג איז די פערזאַמלונג אַרויסגעטרעטען מיט איהר „דעקלאַראַציע וועגען די רעכטע פון אַ מענשען און אַ בירגער". די דעקלאַראַציע האָט ערקלערט, אַז אַלע מענשען זענען גלייך און זענען פערזענליך פריי, דאָס דער גאַנצער צאָהל בירגער פון לאַנד, ד. ה. צום פאָלק, געהערט די מאַכט אין דער מלוכה, און אַז דאָס פאָלק האָט שטענדיג דאָס רעכט אַרויסצוטרעטען געגען די געוועלטיגער, ווען זיי בעדריקען דאָס פאָלק.

ווען די פערזאַמלונג איז אַריבערגעגאַנגען דערצו, די אַלגעמיינע כללים פראַקטיש דורכצופיהרען — איז דאָס נישט געווען אַזוי לייכט. דער כלל פון גלייכקייט איז פראַקטיש דורכגעפיהרט געוואָרען כמעט פאָלקאָמען: די פריווילעגיעס זענען אָבגעשאַפט געוואָרען, שפעטער האָט מען אפילו צוגענומען פון דער אַריסטאָקראַטיע איהרע טיטעלען און הערבען. פאָליטיש אָבער איז די אידעע פון גלייכקייט געוואָרען שטאַרק בעגרענצט. אַלס בירגער זענען נישט אַנערקענט געוואָרען די פרויען; אין די פאָליטישע וואַהלען האָט זיך נישט געקענט בעטייליגען אַן׳אָרעמאַן, וואָס צאָהלט נישט ווייניגסטענס אָבגאָב דער מלוכה אין אַ סכום פון דריי אַרבייטס־טעג.

אונטער׳ן כלל פערזענליכע פרייהייט האָט מען פערשטאַנען די פרייהייט זיך אויסצוקלויבען, וואָס פאַר אַ גלויבען מען וויל (גלויבענס־פרייהייט), צו רעדען און צו שרייבען אַלצדינג, וואָס שאַדט נישט אַ צווייטען בירגער (וואָרט־ און פרעסע־פרייהייט), זיך צונויפצואַמלען, וואָ־

און ווי מען וויל, זיך צו בעראַטען ווענען פּריוואַטע אָדער כּללי'שע ענינים (פּרייהיט פון פערזאַמלונגען און חברות).

ביי דער פּראַקטישער דורכפיהרונג פון דער פאָלקס־אויבער־מאַכט האָט זיך די פערזאַמלונג געלאָזט פיהרען פון מאָנטעסקיע'ס און רוסאָ'ס אידעען. כמעט אַלע אַנשטאַלטען זענען געווען געגרינדעט אויף וואַהלען, און די טיילונג פון דער מלוכה־אַרבייט איז געווען אַ דריי־פאַכיגע: די פערוואַלטונגס־מאַכט, די אויספיהרענדע מאַכט און די געריכטליכע. די פערוואַלטונגס־מאַכט (אויך געזעצגעבענדע) איז בעשטאַנען פון איין פּאַלאַטע פון געוועהלטע דעפּוטאַטען, נישט ווי אין ענגלאַנד און אַמעריקאַ — פון צוויי פּאַלאַטעס. די אויס־פיהרענדע מאַכט ליעגט אין די הענד פון קעניג, וואָס האָט צו־זאָגען אויף דער אַרמעע, אויפ'ן פלאָט, אויף דער פּאָליציי, און וואָס פיהרט די אויסערע דיפּלאָמאַטישע פּאָליטיק. ער האָט אויך דאָס רעכט צו לעגען זיין וועטאָ (זיין פערבאָט) אויף די בעשלוסען פון דער פּאַלאַ־טע; אָבער ווען די פּאַלאַטע בעשליסט דאָס אייגענע דריי מאָל נאָכאַ־נאַנד, האָט זיין „וועטאָ" מעהר קיין כח נישט. דער קעניג פיהרט זיי־נע מלוכה־געשעפטען דורך מיניסטאָרען, וועלכע זענען פעראַנטוואָרט־ליך פאַר דער פּאַלאַטע, און וואָס טאָרען נישט זיין צוגלייך קיין דעפּו־טאַטען פון דער פּאַלאַטע. די געריכטליכע מאַכט, אויך אַ געוועהל־טע אויף זעכס יאָהר, איז פאָרמעל געווען אונטער דער השגחה פון קעניג און יוסטיץ־מיניסטער, פאַקטיש אָבער — אַבהענגיג פון דער פּאַ־לאַטע. אין אַלגעמיין איז די טיילונג פון דער מלוכה־מאַכט געווען מעהר אויפ'ן פּאַפּיר ווי אויף דער וואָהר. די געריכטליכע און די אויספיהרענדע מאַכט איז נישט געווען זעלבסטשטענדיג, און איז געווען פאָלקאָמען אַבהענגיג פון די וואַהלען אין די פּאַרטייען צווישען די אקטיווע בירגער. דער קעניג איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט בעקומען די מאַכט נישט צוליעב די וואַהלען, נאָר צוליעב אַ היסטאָרישער טראַדי־ציע (מנהג). ער איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט בעקומען אַ היס־טאָרישע אַנערקענונג, חאָטש די גאַנצע גרינדונגס־פערזאַמלונג האָט זיך נישט גערעכענט מיט קיינע היסטאָרישע טראַדיציעס. און די דאָזיגע סתירה האָט פריהער אָדער שפּעטער געמוזט פיהרען צו אַ רעפּובליק.

די רעכט פון פאָלק אַרויסצוטרעטען געגען דער מאַכט, ווען זי בעדריקט די בעפעלקערונג, האָט מען נישט געקענט פּראַקטיש קלערער פאָרמולירען, ווייל עס איז געווען דאַמאָלס געפעהרליך אַרויסצוגעבען געזעצען אין דעם פּרט, ווען די

בעפעלקערונג איז געווען שטאַרק אויפגערעגט און איז גרייט געווען אַלע ווילע צו נייע בונטען.

שאַפענדיג אַ נייעם סדר אין לאַנד, האָט זיך די גרינדונגס-פערזאַמלונג געמוזט פערנעהמען מיט דער קירכען-פראַגע. די מייסטען דעפוטאַטען זענען דורכגעגאַנגען די שולע פון דער אויפקלערונגס-עפּאָכע און זענען פריי געווען פון די אַבערגלויבענישען, אַז די קירכע איז פון גאָט און אַז מען טאָר זי נישט פערגלייכען מיט די איבריגע מענשליכע מלוכה-אַנשטאַלטען. די פערזאַמלונג האָט גיך בעשלאָסען נאָכצוטהון די אַנדערע אויפגעקלערטע דעספּאָטען (פריעדריך, יאָזעף) און צו צונעהמען פאַר דער מלוכה דעם גרויסען ערד-בעזיץ פון די גייסטליכע קאָרפּאָראַציעס. די צוגענומענע גיטער האָבען בעטראָפען דריי מיליאַרד פראַנקען. אַזוי ווי די פינאַנצלאַגע אין פראַנקרייך איז געווען זעהר פערפלאָנטערט, האָט אפילו די גייסטליכקייט געמוזט אָננעהמען צו גוטען די דאָזיגע עקספּראָפּריאַציע. נאָר אַזוי ווי דורך איהר האָט די גייסטליכקייט פערלאָרען איהרע איינ־קינפטע, האָט די פערזאַמלונג זי געמוזט פערזאָרגען מיט שכירות. ווען עס האָבען זיך אָנגעהויבען די בעראַטונגען וועגען די שכירות, האָט די קאַטוילישע קירכע ערקלערט, אַז די פערזאַמלונג האָט נישט דאָס רעכט זיך אַריינצומישען אין גייסטליכע אַנגעלעגענהייטען. דאַמאָלס האָט די פערזאַמלונג פערמאַכט די אַלטע יעפּאַרכיעס און האָט בעשלאָסען, אַז פון היינט אָן קלויבען אוים די עפּיסקאָפּען די גובערנסקע פערזאַמלונגען, און די אָרטיגע גייסטליכע — די אָרטיגע אַקטיווע בירגער. פאַר די פרומע קאַטאָ־ליקען איז דאָס געווען אַ געוואַלטיגע בעליידיגונג פון פריידענקער, וואָס מישען זיך אַריין אין דאָס הייליגע קירכליכע לעבען. דער פּויפּסט האָט פערשאָלטען די אַזוי אָנגערופענע „בירגערליכע קירכען-אָרדנונג״; אַ גרויסע צאָהל גייסטליכע האָבען זיך אָבגעזאָגט צו פאָלגען דעם נייעם קירכען־געזעץ, און די קליינע צאָהל עפּיסקאָפּען און גייסטליכע, וואָס האָבען אָנערקענט דעם נייעם קירכען-געזעץ, זענען בעטראַכט געוואָרען פון פּויפּסט ווי אַבטריניגע.

נישט אַלע דעפּוטאַטען פון דער גרינדונגס-פערזאַמלונג זענען געווען גלייכגעשטימט. אַ טייל זענען געווען געגען דער רעוואָלוציע, אַן אַנדער טייל איז געווען דערפאַר, אַז די רעוואָלוציע זאָל נאָך ווערען שטאַרקער. די מעהרהייט דעפּוטאַטען איז געווען דערפאַר, אַז מען זאָל זיך וועניגער אָבגעבען מיט אַלגעמיינע פרייהייטס-כללים און זיך מעהר נעהמען פאַר דער פּראַקטישער דורכפיהרונג פון די נייע רעפאָרמען. בעסער אָבער

פֿאַר אַלעמען האָט פֿערשטאַנען די לאַגע פֿון דעם צוּבוּנטעוועטען לאַנד דער דעפּוּטאַט גראַף מ י ר אַ ב אָ. ער האָט גענומען אַ שטאַרקען אַנטייל אין דער רעוואָלוּציע און איז געווען מיט'ן גאַנצען האַרצען פֿאַר פּאָליטישע פֿרייהייט און ראַדיקאַלע רעפֿאָרמען, נאָר ער איז געווען אַנ'איבערצייגטער אָנהענגער פֿון דער מאָנאַרכיע און האָט געגלויבט, אַז נאָר אַ שטאַרקע קרעפֿטיגע דעמאָקראַטישע מאָנאַרכיע וועט קענען דורכֿ־פֿיהרען פּראַקטיש די נייע רעפֿאָרמען, נישט אַריינטרייבענדיג די בעפֿעל־קערונג אין די אָבגרונדען פֿון אַ פֿאָלקס־רעוואָלוּציע. מיראַבאָ איז געווען איינער פֿון די גרעסטע רעדנער אין דער פֿערזאַמלוּנג. ער האָט נישט נאָר געהאַט פֿאַר זיך אַ קלאָרעס פּראָגראַם, נאָר ער האָט אויך געפּרוּבט דורכֿפֿיהרען עטליכֿע פּוּנקטען פֿון זיין פּראָגראַם. ער האָט געהאַט געהיימע פֿערבינדוּנגען מיט'ן הויף און איז געוואָרען איינער פֿון דעם קעניגס־ראַטגעבער. אָבער עס האָט איהם געפֿעהלט דאָס פֿאָלקאָמע צוטרויען סיי פֿון דער פֿערזאַמלוּנג, סיי פֿון דעם קעניגליכֿען הויף. די פֿערזאַמלוּנג האָט איהם נישט געטרויט און האָט איהם בעטראַכֿט ווי אַ קאַריערעיסט; דער קעניגליכֿער הויף האָט נישט געקאָנט פֿערגעסען זיין פֿריהערדיגע רעוואָלוּציאָנערע פֿערגאַנגענהייט, און האָט נישט פֿערשטאַנען זיינע אידעען וועגען אַ דעמאָקראַטישע מאָנאַרכיע, און די גאַנצע אַרבייט פֿון דעם גרויסען פֿאָלקס־פֿיהרער האָט צו קיין ממשות'דיגער זאַך נישט גע־בראַכֿט. אין יאָהר 1791 איז ער פּלוּצלינג געשטאָרבען, גראָד אין אַ צייט, ווען אויף דאָס לאַנד, אינעווייניג צוּבוּנטעוועט, האָבען זיך געקלי־בען עסטרייך און דייטשלאַנד מיט זייערע אַרמעען.

די גייסטליכֿקייט און די פֿרומע קאַטאָליקען זענען געווען שטאַרק ערבּיטערט צוליעב די נייע קירכֿען־אָרדנוּנג. פֿון דער אַריסטאָקראַטיע זענען אַ סך אַנטלאָפֿען קיין אויסלאַנד און האָבען נישט אויפֿגעהערט אויסצובעטען אַנ'אַרמעע געגען די צוּבוּנטעוועטע פֿראַנצויזען. זיי אַליין האָבען אויך צונויפֿגעקליבען אַנ'אַרמעע אין די בעזיצוּנגען פֿון אַנ'עפּיס־קאָפּ, ביי דער גרענעץ פֿון פֿראַנקרייך. גלייכֿצייטיג האָט די רעוואָלוּציע אין פֿראַנקרייך אַריינגעצויגען די מלוכה אין פֿערשידענע שטרייטיגקייטען מיט איהרע שכנים. למשל, די אָבשאַפֿוּנג פֿון די פֿעאָדאַלע מנהגים אין מזרח־פֿראַנקרייך (עלזאַס, לאָטרינגען) האָט אָנגעריהרט די מאַטעריעלע אינטערעסען פֿון די דייטשע פֿירשטען, וואָס האָבען דאָרטען געהאַט שטיקער ערד. אין אַוויניאָן (ז. ט. 5), וואָס האָט געהערט צום פּויפּסט, האָט די בעפֿעלקערוּנג פֿערטריבען די פּויפּסטליכֿע בעאַמטע און די

שטאָדט בעהעפט צו דער פראַנצויזישער טעריטאָריע. אין בעלגיען האָט די
נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג מן הצד געהאַלטען פאַר די בעפעלקערונג, וואָס
האָט זיך געבונטעוועט געגען די עסטרייכישע רעגיערונג, א. אַ. וו.

די אַלע שטרייטיגקייטען האָבען אָבער נאָך דערווייל נישט געפיהרט
צו אַנ׳אָפענעם קריעג מיט אויסלאַנד. צו דער צייט איז אייראָפא געווען
שטאַרק פערנומען מיט איהרע אייגענע עסקים. יאָזעף דער צווייטער איז
געשטאָרבען, איבערלאָזענדיג די עסטרייכישע טעריטאָריען אין אַ שלעכטען
צושטאַנד. זיין ברודער לעאָפאָלד, אַנ׳אויסגעצייכענטער דיפלאָמאַט, האָט
געדאַרפט פערריכטען דאָס, וואָס דער ברודער האָט קאַליע געמאַכט, נישט
אָנריהרענדיג דערביי זיינע הויפט־רעפאָרמען (ווי די אָבשאַפונג פון דער
לייבאייגענשאַפט א. אַ. וו.). לעאָפאָלד האָט בערוהיגט דעם גרעסטען טייל
פון דער געמישטער בעפעלקערונג דערמיט, וואָס ער האָט איהר געגעבען
געוויסע נאַציאָנאַלע הנחות. בעלגיען האָט ער ווידער פערנומען מיט
זיין אַרמעע. מיט טערקיי האָט ער געמאַכט שלום, ווייל לויט זיין מיינונג
לויהנט בעסער פאַר עסטרייך אַ שטאַרקע טערקישע מלוכה, ווייל וואָס
שוואַכער עס ווערט טערקיי, אַלץ שטאַרקער ווערט רוסלאַנד, דער נאַטיר־
ליכער שונא פון עסטרייך. לעאָפאָלד האָט זיך בכלל אויסגעצייכענט מיט
זיינע גרויסע דיפלאָמאַטישע פעהיגקייטען און האָט נישט ליעב געהאַט
זיך צו פערפלאָנטערען אין אונניצליכע מלחמות.

צוגלייך מיט וויען איז פעטערבורג געווען אַ וויכטיגער צענטער פון
דער אייראָפעאישער פאָליטיק. האָטש יעקאַטערינא די צווייטע איז געווען
אַ פיינד פון דער רעוואָלוציע אין פראַנקרייך, נאָר זי האָט געהאַט דאַ־
מאָלס שטאַרק צו טהון מיט די שוועדען און די טערקען, און זי האָט
געדאַרפט שטאַרק אַכטונג געבען אויף פוילען, וואָס איז אָקאָרשט צוטיילט
געוואָרען צווישען די מלוכות (זעה טייל 5).

די אייראָפעאישע פאָליטישע לאַגע איז דערום געווען אַזוינע, אַז
די מלוכות זענען נישט געווען צוגעגרייט זיך אַריינצומישען אין די פראַנ־
צויזישע אינערע לאַגע. די אַריסטאָקראַטיע אין פראַנקרייך צוגלייך מיט׳ן
קעניג האָבען אָבער שטאַרק געהאָפט אויף די אַריינמישונג פון די פרעמ־
דע מלוכות, און די נישט־בעגרינדעטע האָפנונג האָט געפיהרט דערצו,
אַז די מאָנאַרכיע אין פראַנקרייך איז אַריינגעפאַלען אין דער גרעסטער סכנה.

אין זיינע שריפטליכע עצות פלעגט מיראַבאָ אָפט בעטראַכטען דעם
פלאַן וועגען דעם, צי זאָל דער קעניג אַנטלויפען פון פראַנקרייך און צי
זאָל ער אַרויס געגען די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, וואָס ווערט אַלץ רעוואָלוצ־

יאָנוער, מיט אַ מיליטערישער מאַכט. מיראַבאָ איז געווען פֿאַר דעם פּלאַן, ווייל ער האָט פֿאַראויסגעזעהען, אַז די קעניגליכע מאַכט פֿאַלט מיט יעדען טאָג אַלץ נידעריגער, צוליעב די בעשלוסען פֿון דער נאַציאָנאַל־פֿערזאַמלונג, נאָר מיראַבאָ האָט מיט אַלע קרעפֿטען דעם קעניג אָבגעראַטען אַרייצומישען אין דעם קאַמפּף מיט דער בעפֿעלקערונג די אויסלענדישע מלוכות. ער איז געווען איבערצייגט, אַז אַזאַ אַריינמישונג פֿון פֿרעמדע וועט צופֿלאַקערען דעם פּאַטריאָטיזם ביי די פּראָנצויזען צו אַ העליש פֿייער, און אַלע, וואָס האָבען אונטערהאַנדעלט מיט פֿרעמדע מלוכות, וועט מען פֿעררעכענען פֿאַר פֿעררעטער (בוגדים). נאָר אין קעניגליכען הויף האָט מען מיראַבאָ'ס ווערטער נישט פֿערשטאַנען.

זומער 1791 האָבען דער קעניג און די קעניגין, ימאַריאַ אַנטואַנעטע, אַנ'עסטרייכישע פּרינצעסין, די שוועסטער פֿון לעאָפּאָלד'ען, געפּרובט אַנטלויפֿען פֿון פּאַריז און זיך פֿעראייניגען מיט דער אַרמעע אין מזרח־פֿראַנקרייך (ז. אויבען). דאָרטען האָבען זיי גערעכענט צו בעקומען שטיצע פֿון לעאָפּאָלד'ען, וואָס וועט פֿעראייניגען זיין אַרמעע מיט דער קליינער אַרמעע פֿון קעניג. די בעפֿעלקערונג פֿון פּאַריז האָט אָבער נאָכגעיאָגט די קעניגליכע קאַרעטע, זי געכאַפּט אין וואַרען און מיט חרפה אונטער אַ וואַך צוריקגעבראַכט די קעניגין און דעם קעניג קיין פּאַריז. נאָך דער חרפה איז די לאַגע פֿון קעניג געוואָרען שוין אונערטרעגליך. אום צו ראַטעווען די קרוין, האָט לודוויג בעשטעטיגט די קאָנסטיטוציע פֿון דער גרינדונגס־פֿערזאַמלונג, חאָטש אַלע האָבען געוואוסט, אַז ער קאָן די דאָזיגע קאָנסטיטוציע נישט סובל זיין.

אין די צוויי יאָהר פֿון 89–1791 האָבען אַפֿילו שוין די לינקע פֿון דער בורזשואַזיע איינגעזעהען, אַז מען טאָר נישט מיט אַמאָל אַלץ אָבשאַפֿען. די דעפּוטאַטען האָבען שוין אָנגעהויבען צו פֿיהלען די מאַכט פֿון צובונטעווען המון, און זענען שוין נישט געווען אַזוי דאַגעגען צו פֿערפֿעסטיגען די קעניגליכע מאַכט. אָבער נאָכדעם, ווי דער קעניג האָט געפּרובט אַנטלויפֿען, איז שוין אונמעגליך געווען איינצוהאַלטען די מאַסען געגען דעם קעניג. דער קלוב פֿון די פֿעליאַנער (אַ מין ליבעראַלע פּאַרטיי), ווי די בלוטיגע רציחות פֿון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע געגען דעם פּאַריזער המון, וואָס האָט געפֿאָדערט, אַז מען זאָל אָבשאַפֿען דאָס קעניגטום פֿון פֿראַנקרייך, האָבען שוין בעשיינפּערליך בעוויזען, וואָס פֿאַר אַנ'אונטערשיעד עס איז פֿאַראַן אין די מיינונגען צווישען דער בעמי־

טעלטער בורזשואַזיע, די אַקטיווע בירגער, און די אָרימע אַרבייטער, די פּאַסיווע.

אין דער דאָזיגער אונרוהיגער צייט האָט די גרינדונגס־פערזאַמלונג געענדיגט איהרע אַרבייטען, אָבער נאָך אַ מינוט פאַר'ן פונאַנדערגעהען זיך האָט זי אָנגענומען אַ בעשלוס, וואָס האָט שפּעטער זיך אַרויסגעוויזען פאַר זעהר שעדליך. אַ דאַנק דעם פיהרער פון יאַקאָבינער קלוב, ראָבעספּיער, איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז די איצטיגע גרינדער־דעפּוטאַטען מעגען נאָר דאַמאָלס ווידער אויסגעקליעבען ווערען אין דער פּאַלאַטע, דערנאָך ווי בייַ דער ערשטער פּאַלאַטע וועט זיך ענדיגען די פולמאַכטען, און מען וועט שוין קלייבען אַ צווייטען מאָל דעפּוטאַטען אין פּאַלאַטע. צוליעב דעם בעשלוס זענען אין די ערשטע פּאַלאַטע נישט אַריין די געניטעסטע און וויכטיגסטע מענשען פון לאַנד. זייער אָרט האָבען פערנומען מיטעלמעסיגע דעפּוטאַטען, יונגע און אַלענפאַלס ווייניגער געניטע. די גרעסטע פערטרעטונג האָט געהאַט אַ גרופּע דעפּוטאַטען, וואָס האָבען זיך גערופען זשיראָנדיסטען. דאָס זענען געווען אידעלע, נישט פּראַקטישע לייט, וואָס האָבען גע'חלומט נישט נור וועגען אַ רעפּובליק, נאָר וועגען אַזאַ נאַיווער רעפּובליק ווי צו די צייטען פון די אַלטע גריכען און רוימער. אָבער מיט דער צייט איז אַלץ שטאַרקער געשטיגען די מאַכט פון די קלובען, וואו עס זענען געווען די פיהרער דער גרויזאַמער פאַנאַטישער ראָבעספּיער און דער הויכבעגאַבטער אָבער אויסגעלאַסענער דאַנטאָן. די הויפּט־אויפגאַבע פון דער פּאַלאַטע איז געווען צו ענדיגען דעם קאַמפף מיט די גייסטליכע און די „עמיגראַנטען” (ד. ה. מיט דער אַריסטאָקראַטיע, וואָס איז ענטלאָפען קיין אויסלאַנד מלחמה צו האַלטען מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע), וועלכע עס האָט אָנגעהויבען די גרינדונגס־פערזאַמלונג. וועגען פּשרות איז קיין שום רעד נישט געווען. אדרבה, מען האָט געפיהרט דעם קאַמפף מיט די עקסטע מיטלען. ערשטענס האָט מען קאָנפיסקירט דאָס פערמעגען פון די עמיגראַנטען. צווייטענס האָט די פּאַלאַטע בעשלאָסען אויסצווייזען פון פראַנקרייך איטליכען גייסטליכען, וואָס האָט נישט געשוואָרען טרייקייט דער נייער קירכען־אָרדנונג, ווען אַזאַ אויסווייזונג פערלאַנגען 20 אונטערשריפטען פון די אַקטיווע בירגער. גלייכצייטיג האָט די פּאַלאַטע בעשלאָסען צו פערלאַנגען ביי די מלוכות, אַז זיי זאָלען נישט שטיצען די עמיגראַנטען אין זייערע פּלענער.

אונטערדעסען האָבען זיך די מלוכות אַלץ שטאַרקער פּראַינטע־

רעסירט מיט די אינערע אַנגעלעגענהייטען אין פראַנקרייך, און דער אימ־פעראַטאָר לעאָפּאָלד האָט ענערגיש אָנגעהויבען אַרבייטען געגען די פראַנ־צויזען, וואָס זענען אַלץ געגאַנגען ווייטער אין זייער רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט. ער האָט אַרויסגעגעבען אין דעם זין עטליכע מאַניפעסטען און אָנגעהויבען פיהרען אונטערהאַנדלונגען מכּח אַ קאָנגרעס פון די מלוכות, וואָס זאָלען בעראַטען געמיינזאַם די פראַנצויזישע אַנגעלעגענ־הייטען. לעאָפּאָלד האָט אָבער אַ גרויסען טעות געהאַט, מיינענדיג מיט אַזוינע געגנ אָבצושרעקען די פראַנצויזען. די סטראַשונקעס פון לעאָפּאָלד האָבען אַרויסגערופען אין פראַנקרייך אַ גרויסע ערביטערונג, און עס איז דערגאַנגען ביז צו אַן אָפענעם קריעג, וואָס לעאָפּאָלד האָט דאָס גאָר נישט געוואָלט. לעאָפּאָלד איז געשטאָרבען עטליכע וואָכען פאַר דער קריעגס־ערקלערונג, און די עסטרייכישע מלחמה געגען פראַנקרייך איז אויסגעקומען צו פיהרען זיין נאָכפאָלגער דעם יונגען פראַנץ דעם צווייטען, און דעם פּרייסישען קעניג פריעדריך־ווילהעלם דעם צווייטען.

אַנשטאָט צו בעפרייען לודוויג'ען, האָבען די דייטשע אַרמעען נאָך פערערגערט זיין לאַגע. ער האָט נישט געקאָנט אַרונטערנעהמען פון זיך דעם חשד, אַז ער, דער העכסטער בעפעהלסהאַבער פון דער פראַנצויזישער אַרמעע, פיהרט פערהאַנדלונגען מיט'ן שונא און איהם איז ליעב אַ נצחון פון די פיינדליכע וואַפען. און ווען ביי דעם אָנפאַנג פון קריעג האָט זיך די פראַנצויזישע אַרמעע אַרויסגע־וויזען פאַר אַ שלעכטע, וואָס האָט שוין אויספעיעט צו פערליערען די אַלטע מעלות פון דער אַריסטאָקראַטישער צייט, און האָט נאָך נישט בעקומען די מעלות פון דער דעמאָקראַטישער, האָט די עפענטליכע מיינונג נאָר בעשולדיגט דערין דעם קעניג און זיינע ראַט־געבער. גלייכצייטיג האָט נאָך דער קעניג צורייצט די עפענטליכע מיינונג דערמיט, וואָס ער האָט נישט געוואָלט בעשטעטיגען די בעשלוסען וועגען די גייסטליכע און עמיגראַנטען, וואָס די פאַלאַטע האָט אָנגענומען. די נאַכריכט פון לעצטען מאַניפעסט פון דעם פּרייסישען בעפעהלסהאַבער האָט געגעבען דער פראַנצויזישער קעניגליכער מאַכט דעם לעצטען קלאַפּ. דעם 10־טען אויגוסט 1792 האָבען זיך די אַרבייטער־מאַסען אַ לאָז געטהון צום קעניגליכען פּאַלאַץ. די צובונטעוועטע מאַסען האָט פונאַנדערגעטריע־בען די שטאָדטישע דומע און פערביטען די אַלטע מיטגליעדער מיט אייגענע נייע. די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע האָט נישט געוואוסט, אויף וועמענס צד צו זיין, און האָט נישט פערהאַלטען די בונטאָווש־יקעס. דעם קעניג'ס

שווייצערישע גוואַרדיע האָט זיך געפּרובט ענטגעגענשטעלען די מאַסען, אָבער דער קעניג האָט געוואָוסט, אַז זיין גוואַרדיע איז צו שוואַך געגען די מאַסען, און האָט זיי געהייסען אַוועקגעהן פון פּאַלאַץ. דאָס פאָלק האָט די דאָזיגע גוואַרדיע, ביים אָבציעהען, אין גאַנצען אויסגעמאָרדעט, דערנאָך אַרעסטירט דעם קעניג און די קעניגין און זיי אָבגעפיהרט אין אַ געפענגעניש. דער פּאַלאַטע איז מעהר נישט געבליעבען, ווי צו בעשטעטיגען דאָס, וואָס איז געוואָרען אָבגעטהון אָהן איהר. זי האָט ערקלערט, אַז אין פראַנקרייך איז די מאָנאַרכיע אָבגעשאַפט, און האָט איינגעלאַדען די בעפעלקערונג אויסצוקלויבען אַ נאַציאָנאַלען קאָנווענט (פערזאַמלונג), וואָס זאָל צונויפשטעלען אַ נייע קאָנסטיטוציע פאַר פראַנקרייך.

---

## צוויַיטעס קאַפּיטעל.

## די פראַנצויזישע רעפּובליק.

דער קאַמפף מיט די פעראייניגטע מלוכות. — דער קאָנווענט. — דער משפּט אויפ׳ן קעניג. — דער אונטערגאַנג פון די זשיראָנדיסטען. — דער טעראָר. — די מלחמות. — דער סוף פון טעראָר. — דאָס דירעקטאָריום. — דער 10-טער נאָוועמבער 1799. —

די דייטשע אַרמעען, וואָס האָבען זיך געצויגען צו די פראַנצויזישע גרענעצען, האָבען געהאַט צו טהון אייגענטליך מיט אַ לאַנד, וואָס איז כמעט נישט געווען בכח צו פיהרען אַ מלחמה מיט אַנ׳אויסלענדישער מלוכה. פאַר די פערבינדעטע אַרמעען איז אויגענטליך געווען אַ קלייניגקייט זיך אַריינצורייסען אין פּאַריז און זיך אָבצורעכענען מיט די רעוואָלוציאָנערען. אין חיל, וואָס פראַנקרייך האָט אַרויסגעשטעלט געגען שונא, איז נישט געווען קיין דיסציפּלין און קיין צוטרוי צו די גענעראַלען. לאַפאַיעט, וואָס האָט קאָמאַנדירט איבער אַ טייל פון דער פראַנצויזישער אַרמעע, ערפאַהרענדיג, אַז דער קעניג איז געפאַנגען, האָט געוואָלט אַוועק מיט זיין אַרמעע קיין פּאַריז, צו ראַטעווען דעם קעניג פון דעם צובונטעווען המון, אָבער זיינע סאָלדאַטען האָבען איהם נישט געהערט און ער אַליין האָט געמוזט ענטלויפען אין דייטשלאַנד. די קאָנסטיטוציע פון 91-טען איז בטל געוואָרען, דער קעניג איז געווען אונטער אַ וואַך, די

מיניסטאָרען זענען געווען מאַכטלאָז, פּאַריז איז געווען אין די הענד פון בעוואָפענטען המון און פון דער שטאָדיגער דומע, וואָס איז אויך געווען די פערטרעטונג פון המון, און אין גאַנץ פראַנקרייך האָבען אַרומגע־בלאָנדזעט מחנות נישט־צופֿריעדענע מענשען, וואָס האָבען זיך שוין גענוג אָנגעליטען פון דער רעוואָלוציע. אין דער דאָזיגער שווערער צייט האָבען די פּראָצוינזען אַרויסגעוויזען די העכסטע איידעלסטע און די ניעדריגסטע גרויזאַמסטע געפיהלען פון דער מענשליכער נאַטור: די בעגייסטערטע פּאַטריאָטישע געפיהלען האָבען געגעבען די פראַנצויזען כחות צו קעמפּפען מיט איירופּאַ, און די אָרגאַניזאַציע, וואָס איז נויטיג געווען צום קאַמפּף, איז בעשאַפען געוואָרען מיט די שרעקליכע טעראָריסטישע מיטלען, וואָס האָט מיט אַ טהירישער גרויזאַמקייט אָבגערייניגט דאָס לאַנד פון אַלע געזעלשאַפטליכע עלעמענטען, וואָס האָבען געשטערט דער רעוואָלוציע. אַן דער שפּיץ, סיי פון בעגייסטערטען פּאַטריאָטיזם, סיי פון דער טעראָ־ריסטישער אָרגאַניזאַציע, איז געשטאַנען דאַנטאָן. ער האָט בעוואָפענט פראַנקרייך, ער האָט צונויפגעשטעלט די פּאָלקען פון פרייוויליגע, וואָס האָבען זיך געריסען צו דער פּאַטריאָטישער מלחמה. די גרויסע נאַציאָנאַלע בעגייסטערונג און דער שטענדיגער צופלוס פון פרישע קרעפטען, ווי אויך די נישט־אויסגעהאַלטענע גענג פון די פערבינדעטע פיינדליכע אַרמעען האָבען געראַטעוועט פראַנקרייך. די פּרייסישע אַרמעע האָט בעקומען אַ מפּלה ביי וואַלמי, די עסטרייכישע—ביי זשעמאַפּ; דער פראַנצויזישער חיל איז נאָך אַריבער די אייגענע גרענעצען און האָט נאָך פערנומען בעלגיען און די שטעדט, וואָס ביים מיטעלען רהיין.

גלייכצייטיג אָבער מיט די פּאַטריאָטישע געפיהלען האָבען זיך צו־שפּיעלט אין פראַנקרייך אַנדערע געפיהלען: אַ חשד צו אַלעמען, וואָס האָבען נישט געקענט צופרידען זיין מיט דער רעוואָלוציע, די שנאה פון די נידעריגערע קלאַסען צו די העכערע, און די תאוה זיך בלוטיג נוקם צו זיין אָן זיי פאַר זייערע אַלטע חטאים. דאַנטאָן האָט אומישנע גע־שטיצט אַלע די דאָזיגע געפיהלען ביי דער מאַסע. אַלס יוסטיץ־מיניסטער האָט ער זיך אויסגעבעטען ביי דער געזעצגעבענדיגער פערזאַמלונג דאָס רעכט צו מאַכען הויז־זוכונגען ביי די פּאַריזער, צו אַרעסטירען די גייסט־ליכע, וואָס האָבען נישט געגעבען קיין שבועה, די קרובים פון די עמי־גראַנטען און בכלל אַלע פערדעכטיגע מענשען. די געפענגענישען זענען אָנגעפּאַקט געוואָרען מיט אַזוינע אונגליקליכע, וועלכע עס איז בעשערט געווען צו זיין קרובים פון די עמיגראַנטען. און איינמאָל האָט מען אומישנע

גענומען רייניגען די געפֿענגענישען אויף אַזאַ אופן: אַ פּאָר הונדערט מענ־שען פֿון המון האָבען זיך אַריינגעריסען אין די געפֿענגענישען און גענומען איינציגווייז אויסקוילענען די דאָזיגע „פֿערבּרעכער", „פֿעררעטער" (בּוגדים) און „אַריסטאָקראַטען", נישט אַכטענדיג, צי עס איז אַ מאַן, אַ פֿרוי, אָדער אַ קינד. אין איין געפֿענגעניש האָט מען אַזוי אויסגעקוילעט 43 קליינע קינדער, דערבּיי האָט מען געשענדעט די אונגליקליכע קרבּנות און אין די צווישען־צייטען פֿון איין שחיטה בּיז דער צווייטער האָט מען גע־שכּור'ט, געהוליעט און זיך ווילד משמח געווען. די דאָזיגע שחיטה, בּעקאַנט אונטער'ן נאָמען „די שחיטה פֿון סעפּטעמבּער אין יאָהר 1792", האָט געדויערט דריי טעג, פֿאַר אַלעמען אין די אויגען. אין פּאַריז האָט מען דאַמאָלס אויסגעקוילעט אַנדערטהאַלבען טויזענד מענשען, דערנאָך האָבען זיך די בּאַנדעס געלאָזען אויף דער פּראָווינץ, וואו זיי האָבען גע־טהון די אייגענע בּלוטיגע אַרבּייט. דאַנטאָן האָט דערנאָך גערעכטפֿערטיגט די שחיטה מיט די ווערטער: „דאָס פֿאָלק האָט זיך אָבּגערעכענט מיט זיינע שׂונאים", חאָטש דאָס פֿאָלק, חוץ אַ קליינע בּאַנדע רוצחים, האָט דערמיט נישט געהאַט צו טהון.

בּאַלד נאָך די סעפּטעמבּער־טעג האָט זיך צונויפֿגעקליבּען דער קאָנ־ווענט. די זשיראָנדיסטען, וואָס זענען אין דער ערשטער פּאַלאַטע געזע־סען לינקס, זענען אַריבּער אויף רעכטס. זיי זענען געבּליבּען בּיי זייערע אַלטע ראַדיקאַלע אַנזיכטען, אָבער זיי זענען געווען צו אַנשטענדיג, אַז זיי זאָלען קענען שווייגען, ווען אין לאַנד האָט מען עפֿענטליך גענו־מען טרעטען מיט די פֿיס די איינפֿאַכסטע מענשליכע פּרינציפּען, ווען מען האָט עפֿענטליך אָנגעהויבּען צו רויבּען און מאָרדען. און אין קאָנ־ווענט האָבען די זשיראָנדיסטען אָנגעהויבּען צו פֿיהרען אַ קאַמפּף געגען דער שטאָדטיגער דומע, געגען דעם יאַקאָבּינער־קלוב און דאַנטאָנ'ען, ליינקס אַרום דאַנטאָנ'ען און ראָבּעספּיער'ען זענען געזעסען די מאָנטאַ־ניאַרען, וואָס זענען געווען פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער פּראַק־טיק. אין מיטען זענען געזעסען אין אַ גרויסער צאָהל דעפּוטאַטען (דער „זומפּ", ווי מען האָט גערופֿען דעם דאָזיגען „צענטער"), וואָס האָבען נישט געהאַט קיין פֿעסטע מיינונג, און וועלכע האָבען שטאַרק מורא געהאַט פֿאַר די יאַקאָבּינער־קלובּען.

בּעזונדערס שטאַרק האָט זיך אַרויסגעוויזען דער אונטערשיעד פֿון בּיידע הויפּט־פּאַרטייען, ווען מען האָט זיך גענומען בּעראַטען וועגען דער צוקונפֿט פֿון געפֿאַנגענעם קעניג. די זשיראָנדיסטען האָבען זיך אַרויסגע־

זאָגט, אַז דער קאָנווענט דאַרף איהם משפט'ען. ריין געזעצליך האָט דער קאָנווענט נישט געהאַט קיין רעכט צו משפט'ן דעם קעניג, ווייל לויט דער קאָנסטיטוציע פֿון יאָהר 1791 איז דער קעניג קיינעם נישט פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר זיינע טהאַטען.

דער דאָזיגער משפט האָט אַרויסגעשטעלט פֿאַר פֿראַנקרייך גאָר אַ גייעם לודוויג דעם 16־טען. ער האָט זיך מיט אַמאָל אַרויסגעוויזען פֿאַר אַן'איידעלען פֿעסטען כאַראַקטער.

ריין פּאָליטיש איז דער משפט איבער'ן קעניג געווען זעהר נוצליך פֿאַר די מאָנטאַניאַרען, ווייל דורך איהם האָבען זיי געקענט בעווייזען דעם לאַנד, ווי גרויס זייער שנאה איז צום אַלטען פֿראַנקרייך, און ווי זיי שטרעבען אויסצוראָטען איטליכען זכר פֿון אַלטען סדר. אין דער גאַנצער צייט פֿון פּראָצעס האָט זיך לודוויג געהאַלטען מיט אַ רוהיגען שטאָלץ. פֿאַר זיין צד האָבען געהאַלטען הייסע קונציגע רעדעס די בעסטע אַדוואָקאַטען. אָבער ווען עס איז דערגאַנגען צו דער אָבשטימונג, האָבען זיך די זשיראָנדיסטען אַרויסגעוויזען אין זייער גאַנצער שוואַכקייט: זיי האָבען בשום אופן נישט געוואָלט פֿער'משפט'ן דעם קעניג, און זיי האָבען זיך דערביי נישט דערוועגט אַרויסצוטרעטען פֿאַר איהם. דער קעניג איז כמעט איינשטימיג אַנערקענט געוואָרען פֿאַר שולדיג, אָבער פֿאַר טויט־שטראָף איז געווען נור אַ גאַנץ קליינע מעהרהייט. דעם 21־טען יאַנואַר 1793 האָט לודוויג געענדיגט זיין לעבען אויפֿ'ן עשאַפֿאָט. זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען: „הלואי זאָל פֿערגאָסען ווערען מיין בלוט צו פֿראַנקרייכ'ס נוצען".

נאָכ'ן פסק אויפֿ'ן קעניג האָט זיך דער קאַמפּף צווישען די זשיראָנדיסטען און מאָנטאַניאַרען נאָך מעהר צעפֿלאַקערט. די ערשטע האָבען געשטרעבט מיט אַלע קרעפֿטען צו מאַכען אַ סוף צו די גוואַלד־טהאַטען און צו בעשטראָפֿען די פֿערברעכער. צווישען די מאָנטאַניאַרען אַליין זענען דערווייל אויסגעבראָכען שטרייטיגקייטען. דאַנטאָן האָט געוואָלט געהן מיט די זשיראָנדיסטען, נאָר „די שחיטה פֿון סעפּטעמבער", בעת דאַנטאָן איז געווען יוסטיץ־מיניסטער, האָט נישט דערלאָזען די זשיראָנדיסטען צו האָבען צו טהון מיט דאַנטאָנ'ען. דער מעהרסטער טייל פֿון די מאָנטאַניאַרען האָבען זיך אַלץ פֿעסטער גרופּירט אַרום ראָבעספּיער'ען און געפֿאָדערט פֿון איהם נאָך אַ שטאַרקערע טעראָריסטישע פּאָליטיק. די זשיראָנדיסטען ווייטער האָבען זיך געפּרובט שטיצען אויף דער פּראָווינץ.

אָבער די אַנימאַציע פֿון די זשיראָנדיסטען אין דער פּראָווינץ האָט אַרויס־
גערופֿען דעם חשד געגען זיי, אַז זיי ווילען זיך אָבּרייסען פֿון פּאַריז און
צוצורייסען פֿראַנקרייך אין אַ בּונד פֿון פֿראַנצויזישע מלוכות.
דער יאַקאָבּינער־קלוב און די סאַנקולאָטען (דער אָרעמער המון, ווערטליך
„מענשען אָהן הויזען") זענען געווען אין די הענד פֿון די מאָנטאַניאַרען.

די אייגענע סבּות, וואָס האָבּען פֿערניכטעט די קעניגליכע מאַכט,
האָבּען אויך געגעבּען דעם לעצטען קלאַפּ די זשיראָנדיסטען. דער ערפֿאָלג
פֿון רעפּובּליקאַנישען חיל איז געווען אַ שוואַכער. אין די פּאָלקען איז
נאָך נישט געווען קיין דיסציפּלין, קיין אויסגעהאַלטענקייט. חוץ דעם
האָט פֿראַנקרייך, חוץ פּרייסען און עסטרייך, געהאַט געגען זיך איצט
כּמעט גאַנץ אייראָפּאַ. דער טויט־אורטייל פֿון קעניג האָט נישט נאָר ער־
בּיטערט דאָס אַלטע פֿראַנקרייך, נאָר גאַנץ אייראָפּאַ. און ווען מען
נעהמט נאָך אין בּעטראַכט, אַז דער קאָנווענט האָט איינמאָל ערקלערט,
אַז די נייע רעפּובּליק פֿיהרט אַ קאַמפּף צו בּעפֿרייען אַלע פֿעלקער אין
אייראָפּאַ פֿון דער דעספּאָטישער קעניגליכער מאַכט, הויבּט מען אָן צו
בּעגרייפֿען, וואָס פֿאַר אַ סכּנה איז מיט אַמאָל געוואָרען פֿראַנקרייך פֿאַר
אייראָפּאַ, ווען עס פּרעדיגט פֿאַר דער גאַנצער וועלט די נויטיגקייט פֿון
אַ רעוואָלוציע. די קליינע פּירשטענטימער, די איטאַליענישע מלוכות,
שפּאַניען, ענגלאַנד האָבּען זיך בּיסלעכווייז פֿערוויקעלט אין אַ קריעג מיט
פֿראַנקרייך. די רעפּובּליקאַנישע אַרמעען האָבּען מאָנ־טעגליך געמוזט אָבּ־
טרעטען די איינגענומענע פּאָזיציעס. די הויפּט־אַרמעע, וואָס האָט זיך
פֿעסט אַריינגעזעצט אין בּעלגיען, איז צושלאָגען געוואָרען, און אָט ביי
די אומשטענדען האָבּען זיך איבּערגע'חזר'ט מיט אייניגע שנוים די בּע־
געבּענהייטען פֿון 1792, ווען דער המון האָט זיך אַריינגעריסען אין קע־
ניגליכען פּאַלאַץ. דער קאָנווענט האָט בּעפֿוהלען צונויפֿצוזאַמלען 300
טויזענד סאָלדאַטען אויף צו פֿערטיידיגען דאָס פֿאָטערלאַנד. די ראַדי־
קאַלסטע רעוואָלוציאָנערען האָבּען פֿערהאַפֿט די דיק־
טאַטור פֿון לאַנד, און כּדי צו האַלטען פֿעסט די דיקטאַ־
טור, האָבּען זיי אָרגאַניזירט דעם טעראָר. אין 1793 האָט די
פּאַריזער נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, וואָס איז בּעשטאַנען הויפּטזעכליך פֿון
סאַנקולאָטען מיט דעם נידעריגסטען המון, זיך אַריינגעריסען אין
קאָנווענט־זאַל און געפֿאָדערט, אַז מען זאָל אויסשליסען די זשיראָנדיסטען
און מען זאָל זיי משפּט'ען אַלס פֿעררעטער (בּוגדים) פֿון פֿאָטערלאַנד. דער
קאָנווענט האָט נישט געהאַט קיין אַנדער בּרירה, ווי נאָכצוגעבּען דעם

המון. 34 פון די בעדייטענדסטע זשיראָנדיסטען האָט מען באַלד אויסגע־שלאָסען פון די דעפּוטאַטען, און די, וואָס האָבען נישט אויספּעיעט צו ענטלויפען, האָט מען איבערגעגעבען צום געריכט, ד. ה. זיי זענען שוין געווען פאַרטיג פאַר׳ן עשאַפאָט. אַ יונגעס פריילײן שאַרלאָטע קאָרדע, אַ בעגייסטערטע אָנהענגערין פון די זשיראָנדיסטען, האָט זיך אפילו נוקם געווען אָן די מאָנטאַניאַרען דערמיט, וואָס זי האָט דער־שטאָכען מאַראַט׳ען, וואָס האָט געפּרעדיגט די בלוטיגע טעראָריסטישע אידעען פון די מאָנטאַניאַרען, אָבער נאָכדעם ווי מען האָט מיט געוואַלט אויסגעשלאָסען די זשיראָנדיסטען פון קאָנווענט, איז די פאַרטיי אינגאַנצען אונטערגעגאַנגען.

דער אונטערגאַנג פון די זשיראָנדיסטען האָט אַרויסגערופען בונטען אין פיעלע גרויסע שטעדט געגען דער טיראַנען־הערשאַפט פון די יאַקאָבי־נער, אין וואַנדיי האָט די פויערן־בעפעלקערונג נאָך פריהער זיך אויפ־געהויבען געגען קאָנווענט, ווען מען האָט אָנגעהויבען ווערבען רעקרוטען פאַר דער רעפּובליקאַנער אַרמעע. אין ברעטאָן האָט זיך אָנגעהויבען אַ בלוטיגע ראָיאַליסטישע (קעניגליכע) בעוועגונג. אָבער אַלע די דאָזיגע בונ־טען האָבען נאָך מעהר צוריינצט די עקסטע רעוואָלוציאָנערען, און זיי האָבען זיך שוין נישט אָבגעשטעלט פאַר קיין טעראָריסטיש מיטעל צו האַלטען פראַנקרייך אין איין אימת מות.

די אויספיהרענדע מאַכט, דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער מאַכט איז געווען אַ קאָמיסיע פון די קאָנווענטס־מיטגליעדער, וואָס האָט זיך גערופען „דער קאָמיטעט, וואָס ראַטעוועט דעם כלל“. נאָך דעם אונטערגאַנג פון די זשיראָנדיסטען האָט מען וויעדער אומאָרגאַניזירט דעם קאָמיטעט; צו־ערשט זענען געזעסען אין איהם 9, דערנאָך 12 מיטגליעדער. דאַנטאָן, איז אין קאָמיטעט נישט אַריין. אין דעם קאָמיטעט איז אַריין קאַרנאָ, וואָס האָט אַ סך אויפגעטהון אויף צו שטאַרקען די רעפּובליקאַנער אַרמעע, אייניגע מיטגליעדער פון „זומפּ“, וואָס האָבען זיך נאָכגעשלעפּט שטענ־דיג נאָך דער פאַרטיי, וואָס זיעגט בעת מעשה, און ראָבעספּיער מיט זיינע הויפּט־אָנהענגער. (אינטערעסאַנט איז, וואָס פון „זומפּ“ אין אַריין אין דאָזיגען קאַבינעט איינער באַרער, וואָס האָט געדיענט ביי אַלע פּאָליטישע סיסטעמען פון פראַנקרייך ביז צום יאָהר 1840, ווען ער איז געשטאָרבען 86 יאָהר אַלט, אַלס פּענסיאָנער פון קעניג לואי־פיליפּ).

ראָבעספּיער איז געווען דער שטאַרקסטער פערטרעטער פון דער נייער טעראָריסטישער ריכטונג. דאָס איז געווען אַ טרוקענער מענש, אַ כיסטע־

מאַטישער גייסט מיט אַ קליינעם האריזאנט, אַנ׳אויפגעבלאָזענער פעדאַנט, וואָס האָט געוואָלט צופּאַסען פראַנקרייך צו זיינע ענגע שמאָלע אידעען און וואָס האָט אויפריכטיג געהאַלטען זיין געגנער פאַר אַפיינד פון דער מענשהייט. נאָהענטער ווי אַלע איז איהם געווען איינער אַ ס ע נ ־ ז ש י ו ס ט, וואָס האָט געוואָלט מאַכען פון פראַנקרייך אַמין ספּאַרטאַ (ז. ט. 1) און אַמין מלוכה לויט רוסאָ׳ס גייסט (ז. ט. 5). דער פּראַקטישער הויפט־אָרגאַניזאַטאָר פון טעראָר איז געווען בילאָ־וואַרען. ער האָט זיך נישט אָבגעגעבען מיט טעאָריעס, ער האָט פּראַקטיש בעגריפען די אייגענ־טימליכקייטען פון אַרעוואלוציאָנס־צייט און די פאָדערונגען פון אַ דיקטאַטאָר און ער האָט געאַרבייט פאַר׳ן טעראָר, זיך נישט רעכענענדיג מיט קיין מאָראַלישע געפיהלען און מענשליכקייט.

פון „קאָמיטעט״ וואָס ראַטעוועט דעם כלל, איז געווען אָבהענגיג דער „קאָמיטעט פון דער זיכערקייט פון כלל״, וואָס האָט אָנגעפיהרט מיט דער מלוכה־פּאָליציי, אין פראָווינץ און אין דער אַרמעע זענען געוואָרען פונ־אַנדערגעטיילט די ק אָ מ י ס אַ ר ע ן פ ו ן ק אָ נ וו ע נ ט, וואָס האָבען געהאַט כמעט אַנ׳אונבעגרענעצטע מאַכט אין די גרעניצען פון זייער פראָ־ווינץ. זיי האָבען אַכטונג געגעבען אויף איטליכען, ווי ער פיהרט זיך אויף, אָנגענומען מסירות און אַרעסטירט די פערדעכטיגע. די טעראָריס־טישע אָרגאַניזאַציע האָט בעצויגען גאַנץ פראַנקרייך ווי אַ נעץ, די פער־זענליכע פרייהייט ווי די פרייהייט פון צוזאַמענקונפטען איז מעהר נישט געווען אַ וואָרט אויפ׳ן פּאַפיר, אין דער אמת׳ן איז ווידער געוואָרען אין פראַנקרייך איינגעפיהרט אַ צ ע נ ט ר אַ ל י ז י ר ט ע מאַכט, חאָטש די דאָזי־גע מאַכט האָט זיך גענומען נישט פון „קעניג״ נאָר פון „דער אויבער־הערשאַפט פון פאָלק״.

וואָס אָנבעלאַנגט די טעטיגקייט פון דער מאַכט, איז זי ערשטענס געגאַנגען דערויף צו ד ע ר ש ט י ק ע ן און צו האַלטען אין איין ש ר ע ק די פרייע מיינונג פון דער בעפעלקערונג. די מאָנטאַניאַרען האָבען דורכ־געפיהרט אַ געזעץ, לויט וועלכען אַלע, וואָס האָבען געליטען פון דער רעוואָלוציע, זענען פּאָליטיש נישט כשר און מען דאַרף זיי אַרעסטירען און משפּט׳ען. אום צו פיהרען די פּאָליטישע פּראָצעסען האָט מען געגרינ־דעט אַ „רעוואָלוציאָנערען טריבונאַל״, וואָס האָט זיך נישט געדאַרפט האַלטען פאַר די געוועהנליכע רעכטס־כללים. אום צו בעפריעדיגען די פּאַריזער אַרבייטער, האָט מען פעסטגעשטעלט ד ע ם מ אַ ק ס י מ ו ם פון די פּרייזען אויף פּראָדוקטען, און איטליכער פּרוב צו פערקויפען איבער׳ן

מאַקסימום האָט זיך גערעכֿענט פֿאַר אַ מלוכה־פֿערברעכֿען. דער פּסק געגען די נישט פּאָליטיש כּשר׳ע און געגען די שולדיגע איז געווען שטענדיג דער אייגענער: מען פֿלעגט זיי אָבהאַקען דעם קאָפּ מיט אַ פֿערפֿאָלקאָמטער האַק, מיט דער ג י ל י אָ ט י נ ע. אַזאַ סוף האָבען געהאַט מאַריע אַנטואַנעטע, די זשיראָנדיסטען, און דער הערצאָג פֿון אָרלעאַן, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס ער האָט געשטימט אין קאָנווענט געגען קעניג און וואָס האָט זיך אָבגעזאגט פֿון זיין טיטעל. אָט אַזוי זענען אומגעקומען טויזענדער מענשען (דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל פֿלעגט אָנפֿאַנגס שיקען צום עשאַפֿאָט 30—40 מענשען אַ טאָג, נאָר זומער־צייט 1794 פֿלעגט ער שיקען מיט אַמאָל 200 און מעהר פֿעראורטיילטע מיט אַמאָל), וואָס מען האָט זיי צוזאַמען אַרעסטירט, ווייל זיי זענען געווען רייך, אָדער פֿון אַדעל, אָדער ווייל עמיצער אַ שונא האָט פֿון שנאה זיי פֿאַלש פֿער׳מסר׳ט. מאַנכֿע קאָמיסאַרען האָבען זיך נאָך בעקלאָגט, דאָס די גילאָטינע אַרבייט צו לאַנגזאַם; אין ליאָן פֿלעגט מען די פֿעראורטיילטע צושמעטערען מיט באָמבעס, אין נ אַ נ ט פֿלעגט מען זיי דערטרינקען צו הונדערטער אויף אַמאָל.

נאָכ׳ן זיעג פֿון די מאָנטאַניאַרען איבער די זשיראָנדיסטען האָבען זיך אָבער אָנגעהויבען די שטרייטען צווישען די מאָנטאַניאַרען אונטער זיך. דער פּאַריזער שטאָדט־ראַט (די דומע) האָט זיך געהאַלטען שטאַרקער פֿאַר׳ן קאָנווענט, פֿלעגט א י ה ם אַרויסגעבען זיינע בעפֿעהלען און פֿלעגט נישט האָרכֿען די בעשלוסען פֿון קאָנווענט. די מיטגליעדער פֿון ראַט האָבען נאָר געראַבעוועט צו נוצען פֿון דעם פּאַריזער המון, אויף וועלכֿען זיי האָבען זיך געשטיצט. זיי האָבען נישט נאָר געפֿאָדערט פֿון קאָנווענט, אַז מען זאָל רודפֿ׳ען עד חרמה די גייסטליכֿע, נאָר אַז מען זאָל אויך רודפֿ׳ען די קריסטען, וואָס ווילען נישט אַנערקענען זייער נייעם גאָט, „דעם גאָט פֿון פּשוט׳ען געזונדען מענשען־פֿערשטאַנד", וואָס לאַכֿט אָב פֿון אַלערליי קירכֿען מיט זייערע גאָטעס־דיענסטען, פֿון דער אַנדערער זייט האָט דאַנטאָן און זיינע אָנהענגער בעשולדיגט דעם קאָמיטעט פֿון די 12, אַז ער איז שוין צו בלוטגיעריג און אַז ער נעהמט שוין פֿאַר זיך צו די גאַנצע מאַכֿט פֿון דער מלוכה. און ווען ס ע נ ־ ז ש י ו ס ט, מיט דער דעה אָבצושוואַכֿען דעם שטאָדט־ראַט, האָט פֿאָרגעשלאָגען צו פֿערטיילען דאָס נאַציאָנאַלע פֿערמעגען צווישען די פֿראַנצויזישע בירגער און, ווען דער קאָמיטעט האָט אַרעסטירט די פֿיהרער פֿון ראַט, האָט זיך די שטאָדטישע בעפֿעלקערונג נישט אָנגענומען פֿאַר די שטאָדט־דומע. דאַנטאָן,

וואָס האָט זיך צופיעל פערלאָזען אויף זיין פּאָפּולאַריטעט אין פאָלק, האָט אויך נישט געהאַט די נויטיגע שטיץ־קראַפט, און דער קאָמיטעט האָט איהם גיליאָטינירט אינאיינעם מיט די פיהרער פון שטאָדט־ראָט. ראָבעס־פּיער האָט אייגענטליך אויסגעראָטען אַלע זיינע געגנער. ער האָט בטל געמאַכט די אַלטע חראָנאָלאָגישע ערע (די צייטרעכנונג פון ישו הנוצרי אָן), און האָט אָנגעהויבען צו צעהלען די יאָהרען פון טאָג אָן, ווען ער האָט איינגעפיהרט אַ נייעם גאָטעס־דיענסט, דעם דיענסט „צו דעם העכסטען וועזען״, און אָן דער שפּיץ פון קאָנווענט האָט ער געמאַכט אַ יום־טוב לכבוד דער נייער צייטרעכענונג. איבריגענס, שוין פריהער האָט מען די קריסטליכע צייטרעכנונג פערביטען מיט דער רעפּובליקאַנישער. דאָס ערשטע יאָהר האָט זיך גערעכענט 1792. די אַלטע נעמען פון די מאָנאַטען האָט מען פערביטען מיט נייע, וואָס האָבען נישט בעטייט דעם געצענדיענערישען געטער־קולט, ווי למשל, מאַרס, אויגוסט, א. א. וו., נאָר די אייגענשאַפטען פון די יאָהרס־צייטען, ווי למשל: וואַנטאָז (ווינדיג), פלוביאָז, (רעגענדיג), פּרוקטידאָר (פרוכט־צייט) א. אַ. וו.), זיינע אַנזיכ־טען זענען געווען קלאָר: ער האָט געוואָלט ערציהען די נייע געזעלשאַפט מיט דער הילף פון טעראָר, אין גייסט פון דער נייער ראַציאָנאַליסטישער אמונה און פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער מאָראַל. צוליעב דעם צוועק האָט ראָבעספּיער נאָך פערשטאַרקט דעם טעראָר. ער האָט געצוואונגען דעם קאָנווענט אָנצונעהמען אַ בעשלוס, לויט וועלכען דער רעוואָלוציאָנע־רער טריבונאַל בעקומט נאָך ברייטערע פולמאַכטען, ווי פריהער, בנוגע צום פערמעגען און צום לעבען פון די בירגער. עס איז בעשלאָסען גע־וואָרען, למשל, אַז דער טריבונאַל האָט דאָס רעכט צו אַרעסטירען און צו פער׳משפט׳ען די מיטגליעדער פון קאָנווענט אָהן שום ערלויבניש פון קאָמיטעט און קאָנווענט. נאָר דאָס איז שוין געווען אויך צופיעל אפילו פאַר די טעראָריסטען און אַריבערגעהאַפּט די מאָס. דער קאָמיטעט צוזאַמען מיט׳ן קאָנווענט האָבען דעריבער בעשלאָסען געהיים פּטור צו ווערען פון ראָבעספּיער׳ען. ראָבעספּיער איז דאָס אָבער בייצייטענס דערגאַנגען, און ער האָט זיך פעראייניגט מיט דעם שטאָדט־ראָט, וואָס האָט געהאַט אַלס מיטגליעדער לויטער זיינע אנהענגער. דאַמאָלס האָט דער קאָמיטעט און דער קאָנווענט איינגעזעהען, אַז דאָ געהט אַ קאַמפּף אויף לעבען און טויט, און אויף זייער בעפעהל האָט זיך די אַרמעע און די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע אַריינגעריסען אין די שטאָדט־דומע און האָט מיט געוואָלט

אַרעסטירט ראָבעספיער'ען. אויף מארגען האט מען איהם גיליאָטינירט אינ־
איינעם מיט זיינע הויפּט־אנהענגער (1794).

ווי שרעקליך דער טעראָר איז נישט געווען, נאָר ער האָט פאָרט
צענטראַליזירט די מאַכט פון פראַנקרייך אויף צו קעמפּפען מיט די אַלטע אינערע
שונאים און מיט די שונאים פון אויסען. ביסלעכווייז איז שטאַרקער גע־
וואָרען די דיסציפּלין אין דער אַרמעע. אַדאַנק דעם נייעם סדר, האָט זיך
גנעפענט דער צוטריט אין מיליטער פאַר אַלע קלאַסען און שטאַנדען.
איטליכער קאַפּראַל האָט געקענט איצט ווערען אַ גענעראַל, ווען ער האָט
אַרויסגעוויזען מיליטערישע פעהיגקייטען. חוץ דעם זענען די העכערע און
עהרליכערע מענשען, וואָס האָבען נישט געוואָלט אַנטייל נעהמען אין
טעראָר, אַוועק אין אַרמעע אויף צו בעפרייען פראַנקרייך פון די אויסערע
שונאים. אין די רעוואָלוציאָנערע אַרמעען האָט זיך גענומען אויסאַרבייטען
אַ נייער אופן פון קריעגס־קונסט (סטראַטעגיע), וואָס האָט זיך אויסגע־
לערנט צו קאָמאַנדירען מיט גרויסע אַרמעען און מאַכען האַסטיגער
די בעוועגונג פון אַזאַ גרויסער אַרמעע. נאָך אַנ'עקשנות'דיגער מלחמה
האָט מען איינגעשטיקט די בונטען אין דער פּראָווינץ. בעזונדערש שווער
איז געווען דער קאַמפּף אין וואַנדיי. ביי די גרענעצען האָבען אויך גע־
האַט נצחונות די רעפּובליקאַנישע אַרמעען געגען די ענגלענדער, דייטשען
איטעליאַנער און שפּאַניער. דערביי האָבען זיך אויסגעצייכענט די גענע־
ראַלען האָש (אַ געוועזענער שטאַל־קנעכט) מאַראָ און פּישעגריו. דער
לעצטער האָט איינגענומען האָלאַנד, געמאַכט פון דעם אַ רעפּובליק, וואָס
האָט זיך פעראייניגט אין אַ בונד מיט פראַנקרייך. צוליעב דער צווייטער
טיילונג פון פּוילען האָט פּרייסען באַלד געשלאָסען אַנ'אָבמאַך מיט פראַנק
רייך, ווייל דער קריעג מיט די פראַנצויזען האָט אָבגעשוואַכט זיינע מזרח־
גרענעצען.

דער אונטערגאַנג פון ראָבעספּיער'ען און צוזאַמען מיט איהם פון
טעראָר האָט נאָך מעהר געקרעפטיגט דעם נייעם דור, וואָס האָט שוין
וועניגער גע'חלומט וועגען דער פאָלקס־הערשאַפט און וועגען אַ פאָלקאָ־
מענער פּאָליטישער פרייהייט, ווי וועגען אַ שטאַרקען מיליטערישען פראַנק־
רייך. די יונגע לייט פון די העכערע קלאַסען האָבען שוין אַרויסגעוויזען
אָפען זייער שנאה געגען די סאַנקולאָטען, און מתנות יונגע לייט האָבען
אויסגענוצט איטליכע געלעגענהייט זיך נוקם צו זיין אָן די סאַנקולאָטען.
אין די רעגירונגס־קרייזען איז אַריבער די מאַכט פון די מאָנטאַניאַרען
צום „צענטר", און צו די „רעכטע", נאָך אַ קורצען בונט פון די אַלטע

טעראָריסטען האָט מען זיך אָבגערעכענט מיט די לעצטע אָנפיהרער פון טעראָר. בילאָ־וואַרען איז אויך פערשיקט געוואָרען. די זשיראָנדיסטען האָט מען ווידער אויפגענומען אין קאָנווענט, און די פעראַכטונג צום פריהערדיגען טעראָר איז געשטיגען מיט איטליכען טאָג. אָט ביי די נייע בעדינגונגען איז אויסגעאַרבייט געוואָרען די קאָנסטיטוציע פון „דריטען יאָהר״ (1794), וואָס האָט געדאַרפט ווערען דער פונדאַמענט פון דעם נייעם סדר.

לויט דער נייער קאָנסטיטוציע האָט פראַנקרייך בעקומען צוויי פאַלאַטעס, דעם ראַט פון די עלטעסטע און דעם ראַט פון די 500. די אויספיהרענדע מאַכט איז געווען איינגאַנצען אין די הענד פון 5 דירעקטאָרען און פון זייערע מיניסטאָרען. אויך די אָרטיגע פערוואַלטונג איז געענדערט געוואָרען. די געוועהלטע פראָקוראָרען האָט מען פערביטען מיט אַזוינע, וואָס דאָס דירעקטאָריום שטעלט אַליין אָן. די אָנווענדונג פון דער נייער קאָנסטיטוציע איז נישט לייכט אָנגעקומען, און ביז צום יאָהר 1799 זענען נאָך נישט אויסגעראָט געוואָרען די זיטען פון טעראָר, וואו איין מאַכט וויל רייטען אויף די אַנדערע מאַכט. אין 1797 האָבען דריי דירעקטאָרען מיט געוואַלט אויסגעשלאָסען 55 דעפוטאַטען, וואָס זענען געווען געגען דער רעפובליק, דערפאַר אָבער מיט צוויי יאָהר שפעטער האָט שוין די פאַלאַטע געצוואונגען אַוועקצוגעהן דריי דירעקטאָרען, וואָס זענען געווען פאַר איהר צו רעפובליקאַניש. צו דער צייט פון דירעקטאָריום האָט צום ערשטען מאָל צוגעצויגען אויף זיך די בליקען פון גאַנץ פראַנקרייך דער יונגער גענעראַל נאַפאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, אַדאַנק איהם איז דערשטיקט געוואָרען דער בונט פון די ראָיאַליסטען (געגנער פון דער רעפובליק, אָנהענגער פון אַ קעניגליכער מאָנאַרכיע).

נאַפאָלעאָן איז געבוירען געוואָרען אין 1769 אין קאָרסיקאַ, אין דער פאַמיליע פון אַ מיטעלען אַדוואָקאַט. ער האָט זיך ערצויגען אין אַ מיליטער־שולע, וואו ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע גרויסע מאַטעמאַטישע פעהיגקייטען. ער האָט געענדיגט די שולע אַלס אַ אַרטילעריע־אָפיציער און צו דער רעוואָלוציאָנס־צייט האָט ער אָנגעהערט צו ראָבעספיער׳ס פאַרטיי.

אַזאַ רעגירונג האָט נישט געקענט צוציהען צו זיך די אַכטונג פון לאַנד. די געזעלשאַפט איז געוואָרען מיעד, די זיטען זענען געפאַלען און עס האָט זיך גענומען פערשפרייטען אַ צינישע בעציהונג צו איטליכער כלל׳שער טעטיגקייט, פאַריז האָט זיך נאָכ׳ן טעראָר אריינגעלאָזען אין

אַלערליי פֿערגעניגענס און תּאוות. איטליכער האָט געשטרעבט וואָס גיכער אָנצושטאָפּען זיך מיט אַלע מאַטעריעלע גוטיגקייטען פֿון דער וועלט. דער איינציגער אידעאַל, וואָס איז איבערגעבליעבען, איז געווען אַ געזונדער פּאַטריאָטיזם, און צוליעב די קריעגען איז געוואַכסען די ליידענ־שאַפֿט צו מלחמות, צו קאַמפּף און נצחון. דאָס איז געווען די צייט, ווען אַ מיליטערישער טאַלענט האָט געהאַט די גרעסטע אַכטונג ביי דער בעפֿעלקערונג.

און אַ זיעגרייכען קריעג האָט געמוזט דאַמאָלס פֿיהרען דאָס רעפּוב־ליקאַנישע פֿראַנקרייך, ווייל ער האָט געקענט אויסבעסערען די פֿינאַנסען פֿון לאַנד. צוויי מאָל האָט פֿראַנקרייך אין צייט פֿון דער רעוואָלוציע געמוזט אָבשטעלען זיינע צאָהלונגען. די אַסיגנאַציעס אין לאַנד האָבען אַזוי פֿערלאָרען דעם ווערט, אַז פֿאַר אַ פּאָאַר שטיוועל האָט מען געצאָהלט טויזענד פֿראַנק אַסיגנאַציעס. פֿאַר׳ן דירעקטאָריום איז געווען איינע 10
פֿון די הויפּט־איינקינפֿטען די קאָנטריבוציע, וואָס עס פֿלעגט איינ־מאָהנען פֿון די בעזיעגטע לענדער: האָלאַנד, דייטשלאַנד, איטאַליען, און זי האָט געדאַרפֿט פֿול מאַכען די פּוסטע פֿראַנצויזישע רעגיערונגס־קאַסע.

די הויפּט־געשעהענישען פֿון דער צייט פֿון דירעקטאָריום זענען פֿאָרגעקומען אין איטאַליען. אין 1796 האָט נאַפּאָלעאָן בעקומען פֿון דירעקטאָריום די קאָמאַנדע איבער דער גרויסער, נאָר שלעכט אָרגאַניזירטער איטאַליענישער אַרמעע. דאָס האָט ער בעקומען אַלס לויהן דערפֿאַר, וואָס ער האָט דערשטיקט דעם בונט פֿון די ראָיאַליסטען. נאַפּאָלעאָן האָט ביי דער אָרגאַניזאַציע פֿון דער דאָזיגער אַרמעע אַרויסגעוויזען זיין גרויסען מיליטערישען טאַלענט. נאַפּאָלעאָן האָט מיט דער דאָזיגער אַרמעע בעזיעגט די עסטרייכער און געצוואונגען דעם קעניג פֿון סאַרדיניען צו בעטען שלום. גאַנץ לאָמבאַרדיען און גענואַ זענען געוואָרען פֿערוואַנדעלט אין צוויי נייע רעפּובליקען אונטער דער השגחה פֿון פֿראַנקרייך. אַ דאַנק די נצחונות אין איטאַליען, איז פֿראַנקרייך איבערגעבליעבען נאָר איין אויסערער פֿיינד — ענגלאַנד. אום אבצושוואַכען ענגלאַנד׳ס קרעפֿטען, האָט נאַפּאָלעאָן אויס־געאַרבייט אַ פּלאַן צו פֿערנעהמען עגיפּטען, וואָס צוליעב דעם זאָל ענגלאַנד פֿערליערען זיין האַנדעל אין מיטעללענדישען ים, און אַזוי ווי נאַפּאָלעאָנ׳ס שטערן האָט שוין אָנגעהויבען צו לייכטען אין גאַנץ פֿראַנק־רייך נאָך די גלענצענדע נצחונות אין איטאַליען, האָט דאָס דירעקטאָריום, אום פּטור צו ווערען פֿון אַ געפֿעהרליכען קאָנקורענט, איהם געגעבען אַ שטאַרקע אַרמעע אויף צו געהן קיין עגיפּטען. חאָטש נאַפּאָלעאָן האָט

ארויסגעוויזען מורא׳דיגע גבורות אין עגיפטען — אָבער ער האָט געמוזט ביי־צייטענס אַוועק פון דאָרטען אָהן ממשות׳דיגע רעזולטאַטען. ווייל זיינע עהרגייציגע פּלענער האָבען געפאָדערט, אַז ער זאָל זיין אין פּאַריז.

אונטערדעסען, צו דער צייט פון נאַפּאָלעאָנ׳ס אָבוועזענהייט האָט זיך ווידער צופלאַקערט דער אייראָפּעאישער קריעג נעגען פראַנקרייך. דער עסטרייכישער שלום איז בטל געוואָרען, ווייל די פראַנצויזען האָבען פער־תאַפּט נייע עסטרייכישע טעריטאָריען. אין דעם בונט פון די מלוכות האָט זיך אויך אַריינגעמישט רוסלאַנד. דער רוסישער גענעראַל סובאָראָוו (פון אַ שוועדישער משפחה, וואָס האָט זיך בעזעצט אין רוסלאַנד) האָט געגעבען די פראַנצויזען אַ מפּלה נאָך אַ מפּלה, און ווען נישט די אונגע־לומפּערטע אַרט פון די עסטרייכער, וואָס האָבען בטעות צושלאָגען די פערבינדעטע סובאָראָוו׳ישע אַרמעע, וואָלטען די פראַנצויזען שטאַרק גע־ליטען פון סובאָראָוו׳ס גרויסען מיליטערישען טאַלענט. דער קייזער פּאַוועל אין רוסלאַנד האָט באַלד דערנאָך צוריסען זיין בונד מיט עסטרייך און האָט זאָגאַר גענומען זיך פריינדליכער בעציהען צו פראַנקרייך.

ענדע 1799 איז נאַפּאָלעאָן געקומען צוריק קיין פראַנקרייך. זייט דעם איטאַליענישען קריעג איז ער געווען דער פּאָפּולערסטער מענש אין לאַנד. ביים אָנקומען האָט מען איהם געמאַכט אַ קבלת־פּנים, ווי ווען דער ערלעזער אַליין זאָל געווען געקומען, אַלע זענען געווען איבערצייגט, אַז נאָר ער אייגער וועט קענען איינהאַלטען פראַנקרייכ׳ס שונאים און וועט זיך נוקם זיין פאַר די מפּלות, וואָס האָבען אַזוי אָבגעשוואַכט די רעפּובליקאַנישע וואַפען.

דאס דירעקטאריום און די פּאַלאַטעס האָבען נישט געהאַט קיין חן ביים פאָלק, און צו דער צייט האט מען אינגאַנצען פערלאָרען צו זיי דאָס צוטרוי. נאַפּאָלעאָן באַנאַפּארטע האט גענוי פערשטאַנען די לאַגע און ער האט זיך נישט לאַנג בעקלערט. דעם 10 טען נאָוועמבער 1799 האט ער פונאַנדערגעלאָזען די אַזיבערשטע פּאַלאַטע און צוטריעבען מיט סאָל־דאַטען די אונטערשטע. די דירעקטארען האבען זיך נישט אַריינגע־מישט אין די דאזיגע געוואַלדטהאַט. ביינאַכט אין דעם אייגענעם טאג זענען זיך [illegible] קומען, עטליכע דעפּוטאַטען, וואָס האָבען געוואוסט פון נאַפּאָלעאנ׳ס פּלענער, און האבען איהם און נאך צוויי נישט־בעדייטענדע מענשען ערקלערט פאַר די קאָנסולען פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק

## דריטעס קאפיטעל.

# נאפאלעאן.

די נייע קאנסטיטוציע. — די ביוראקראטיע. — די בירגערליכע רעפארמען. — דער קאנקארדאט. — די עמיגראנטען. — דער עסטרייכישער קריעג. — די אימפעריע. — די נאפאלעאנישע קריעגען. — די פראנצויזישע ארמעע.

די האסטיג צוזאמענגעשטעלטע נייע קאנסטיטוציע (1979) האט נאמינעל אנערקענט די רעפובליק. אבער אין דער אמת'ן האט פראנקרייך ווידער בעקומען א מאנארכישע פערוואלטונג. די געזעץ־פראיעקטען האט אויסגעארבייט א מלוכה־ראט, וואס פלעגט די פראיעקטען שיקען צו א טריבונאט, און מיט די אנמערקונגען פון די טריבונען פלעגען זיי אריין אין די געזעצגעבענדיגע פאלאטע, וואס האט זיי נישט געטארט בעראטען, נאר פשוט אבשטימען.

דער סענאט האט דערביי געהאט דאס רעכט בטל צו מאכען דעם בעשלוס פון פאלאטע, ווען ער איז סותר די קאנסטיטוציע. די מיטגליעדער פון סענאט און מלוכה־ראט פלעגען נישט ווערען געוועהלט נאר ווערען פשוט אנגעשטעלט פון די קאנסולען. דער טריבונאט, ווי די פאלאטע, פלעגען ווערען פון סענאט אויסגעקליבען לויט די וואהל־צעטלעך פון די ארטיגע און פראווינציעלע פערזאמלונגען פון די וועהלער. די הויפט־מאכט האט געהאט ביי דעם סדר דער מלוכה־ראט, וואס חוץ די אויסארבייטונג פון געזעצען האט ער אנגעפיהרט מיט די וויכטיגסטע פערוואלטונגס־אנגעלעגענהייטען. די מיטגליעדער פון מלוכה־ראט זענען בעשטאנען לויטער פון הויכע בעאמטע, וואס זענען געווען איינגאנצען אבהענגיג פון די קאנסולען. די דריי קאנסולען פלעגט מען אויסקלייבען אויף 10 יאהר, נאר די אנדערע צוויי האבען נישט געשפיעלט קיין ראליע, חוץ דעם ערשטען, וואס האט איבער זיי קאמאנדעוועט. אלע האבען אין פראנקרייך פערשטאנען, אז אין לאנד איז דא א הערשער, דער גענעראל באנאפארטע, און אז פון איהם איז אלץ אבהענגיג, אויך דער לעצטער זכר פון דער פראנצויזישער רעפובליק.

דער גרעסטער טייל פון דער בעפעלקערונג האט שטארק סימפאטיזירט מיט'ן נייעם סדר. עס זענען געווען אויך געגנער סיי פון דער אלטער, פון פאר דער רעפובליקאנישער צייט, סיי פון דער צייט פון טעראר. אבער

די ערשטע זענען געווען געגוג אָנגעשראָקען, און די צווייטע האָבען נישט געהאַט קיין אָנהענגערשאַפט ביים פאָלק. נאַפּאָלעאָן איז אַזוי זיכער געווען אין זיין לאַגע, אַז ער האָט קיין מורא נישט געהאַט זיך צו ווענדען צו אַ פאָלקס־אָבשטימונג, וואָס זאָל בעשטעטיגען זיין מאַכט. צו דער פאָלקס־אָבשטימונג האָט מען צוגעצויגען אַלע בעמיטעלטע בירגער און מעהר ווי 3 מיליאָן שטימען האָבען זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער נייער קאָנסטיטוציע, נאָר 1500 שטימען האָבען געשטימט דאַגעגען.

דער אַלטער טדר האָט אויסגעאַרבייט אַ שטאַרקע פערוואַלטונגס־צענטראַליזאַציע, וואָס איז געפיהרט געוואָרען דורך קעניגליכע בעאַמטע. די גרינדונגס־פערזאַמלונג האָט געפּרובט אָבשוואַכען דאָס דאָזיגע ביוראָקראַטישע פערוואַלטונגס־סיסטעם. דער טעראָר האָט ווידער בעפעסטיגט די ביוראָקראַטיע און דאָס דירעקטאָריום האָט געטהון דאָס אייגענע. דער ערשטער קאָנסול האָט דערום נאָך מעהר געקענט פערפעסטיגען די צענטראַליזאַציע, ווייל די בעפעלקערונג איז שוין מיעד געוואָרען פון דער גאַנצער אינערער פּאָליטיק און האָט רוהיג געוואָלט זיך נעהמען פאַר איהרע אייגענע עסקים. נאַפּאָלעאָן האָט דאָס ביוראָקראַטישע סיסטעם נאָך מעהר ענטוויקעלט און דאָס האָט בעקומען דעם פּנים, וואָס האָט נאָך עד היום אין פראַנקרייך. דער הויפּט־פערוואַלטער פון אַ גובערניע איז געווען דער פּרעפעקט (גובערנאַטאָר), פון אַן אויעזד—דער אונטער־פּרעפעקט (איספּראַווניק), פון דער דאָרפישער אָדער שטאָדטישער געמיינדע — דער מער (אַ מין אוריאַדניק). די דאָזיגע בעאַמטע האָבען געאַרבייט צוזאַמען מיט אַ ראַט (סאָוויעט), וואָס האָט נאָר געהאַט צו בעראַטען די פאָרשלאַגען פון די בעאַמטע, נישט צו בעשליסען. די פּרעפעקטען א. אַ. וו. פלעגען נישט ווערען אויסגעקליבען, נאָר אָנגעשטעלט פון דער צענטראַלער רעגיערונג. מיט הילף פון אַזאַ פערוואַלטונגס־אָרגאַניזאַציע פלעגען די בעפעהלען פון ערשטען קאָנסול און זיינע מיטהעלפער ווערען גיך און געהאָרזאַם אויסגעפיהרט אין גאַנץ פראַנקרייך. דער ווילען פון דער צענטראַלער מאַכט איז ווייטער געוואָרען דער איינציגער ווילען אין לאַנד. די בירגער זענען ווידער געוואָרען אונטערטאַנען, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט מיט פּריוואַטע געשעפטען און וואָס פלעגען ווערען כלל־טהוער נאָר דאַמאָלס, ווען די רעגיערונג פלעגט זיי דערצו אויפפאָדערען. נאָר אַלעמענס אידעאַל איז געווען צו אָרגאַניזירען די בירגער, ווי אַ מיליטערישע אָרגאַניזאַציע.

די בעאַמטע זענען געווען פֿאַר איהם די אָפֿיצירען, און די בירגער-די סאָלדאַטען אין ציווילע קליידער.

נאָר דער ערשטער קאָנסול האָט פערהאַפּט די מאַכט נישט צוליעב דעם, אום צו זיצען רוהיג און צו געניסען איהר גוטינקייט. אין פּאָליטישער הינזיכט איז ער געווען אַ פֿיינד פֿון דער רעוואָלוציע, אָבער ער האָט אָנגענומען איהר פּראָגראַם אין סאָציאַלער הינזיכט. ער האָט פיינד געהאַט די פּאָליטישע פֿרייהייט, אָבער ער איז פֿאָרט געווען אַ קינד פֿון זיין צייט און ער האָט רעפֿאָרמירט דאָס אינערע לעבען פֿון לאַנד אויף פֿערנינפֿטיגערע און איינפֿאַכערע יסודות. ער האָט שנעל געבראַכט די פֿינאַנסען פֿון לאַנד אין אַ בעסערע אָרדנונג. ער האָט איינגעפֿיהרט פֿאַר אַלעמען דעם אָבגאָב פֿון די איינקונפֿטען (25% פֿון איינקונפֿט). ער האָט דורכגעפֿיהרט ביז צו ענדע די יורידישע רעפֿאָרמען, וואָס האָבען זיך נאָך אָנגעהויבען צו דער צייט פֿון דער גרינדונגס-פֿערזאַמלונג. דער אונטערגאַנג פֿון דעם אַלטען סדר האָט געפֿאָדערט נייע געזעצען, האָט געפֿאָדערט, אַז די רעכטס-וויסענשאַפֿט זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די נייע אָרדנונגען. און צו נאַפּאָלעאָנ׳ס צייט איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ קלאָר יורידיש סיסטעם, וואָס האָט זיך געגרינדעט אויפֿ׳ן רוימישען רעכט, נאָר וואָס איז געוואָרען איבערגעאַרבייט אין גייסט פֿון דער נייער צייט. אין דעם דאָזיגען „נאַפּאָלעאָנישען קאָדעקס״ איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרען דאָס בירגערליכע (ציווילע) רעכט, וואָס איז געבוים אויף צוויי פּרינציפּען: ערשטענס, אַז אַלע בירגער זענען גלייך פֿאַר׳ן געזעץ, און צווייטענס, אַז אין אַלע רעכטס-סכסוכים שפּיעלט די הויפּטראָלע דער ווילען פֿון דער איינצעלנער פּערזאָן. נאָך דעם קאָדעקס איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרען דער קרימינעלער קאָדעקס און די אַרט פֿון דער פּראָצעס-פֿיהרונג ביי קאָמערציעלע און ציווילע פּראָצעסען. די דאָזיגע גרויסע אַרבייט האָט רעכטליך פֿערפֿעסטיגט די נצחונות פֿון דער רעוואָלוציע אין פּשוט׳ן בירגערליכען לעבען. אויף דעם דאָזיגען קאָדעקס האָבען אַפֿילו געאַרבייט די גרעסטע ספּעציאַליסטען, אָבער נאַפּאָלעאָן האָט אויך גענומען אין איהם אַ גרויסען טעאָרעטישען און פּראַקטישען אַנטייל.

נאַפּאָלעאָן האָט אויך אַ סך אויפֿגעטהון פֿאַר דער פֿאָלקס-בילדונג אין גייסט פֿון דער נייער צייט. די שולע איז בעפֿרייט געוואָרען פֿון דער קירכע. די ניעדעריגע שולען זענען אַרונטער אונטער דער השגחה פֿון דער רעגיערונג. די מאַטעריעלע אויסהאַלטונג פֿון די שולען איז געלעגען אויף דער געמיינדע, די העכערע שולען אָבער האָט אויסגע-

האַלטען די רעגיערונגס-קאַסע און איז געשטאַנען אונטער איהר אונמיטעל־באַרער קאָנטראָלע. אַלע אוניווערזיטעטען צוזאַמען האָבען זיך פֿאַראייניגט אין אַ קאָרפּאָראַציע פֿון פּראָפֿעסאָרען און לעהרער פֿון אַלע רעגיערונגס־שולען.

נאָר אין איין זאַך האָט נאַפּאָלעאָן נישט געקענט דורכפֿיהרען די ראַדיקאַלע אידעען פֿון זיין צייט אין בירגערליכען לעבען. ער איז גענויט געווען מודה צו זיין, אַז די רעליגיעזע איבערצייגונגען האָבען אַ זעלבסט־שטענדיגע קראַפֿט. ער אַליין איז נישט געווען רעליגיעז, נאָר ער האָט איינגעזעהען, אַז די רעליגיעזע איבערצייגונגען שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע אין דער מלוכה, און ער האָט אויסגענוצט די רעליגיעזע שטימונג פֿון לאַנד אויף צו פערשטאַרקען זיין מאַכט. ער האָט זיך נישט אָבגעזאָגט פֿון דער גלויבענס-טאָלעראַנץ. אַלע אמונות האָבען געקענט האָבען זייער פֿרייען גאָטעס-דיענסט, אָבער די קאַטוילישע אמונה האָט ער אַנערקענט פֿאַר די העכסטע רעליגיעזע מלוכה-אַנשטאַלט אין פֿראַנקרייך, און ער האָט זיך געסטאַרעט אָנצופּאַסען די קאַטוילישע אָרגאַניזאַציע צו די פֿאָדערונגען פֿון דער מלוכה. אין 1802 האָט ער געשלאָסען מיט'ן פּויפּסט אַ קאָנקאָרדאַט (אָנ'אָבמאַך), לויט וועלכען די קאַטוילישע קירכע בעקומט מאַטעריעלע שטיצע פֿון דער רעגיערונג דער־פֿאַר, וואָס זי וועט זיך פֿאַרמעל אָבזאָגען פֿון די גיטער, וואָס מען האָט ביי איהר צוגענומען צו דער רעוואָלוציאָנס-צייט. די עפּאַרכיעס ווערען איינגעטיילט לויט דער איינשטימונג פֿון דער רעגיערונג און פּויפּסט. די רעגיערונג שטעלט אָן די עפּיסקאָפּען, און דער פּויפּסט גיט דערצו זיין בעשטעטיגונג. דער קאָנקאָרדאַט האָט געמאַכט אַ סוף צו די רדיפות אויף דער קירכע און דאָס קריסטענטום, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען זייט דער גרינדונגס-פֿערזאַמלונג און וואָס האָבען אויך אין אַ געוויסען זין פֿערלייכ־טערט דעם וועג צו דער גוואַלטאַט פֿון 10-טען נאָוועמבער 1799.

נאַפּאָלעאָן האָט געשטרעבט וואָס גיכער צו ברענגען דאָס אינערע פֿראַנקרייך אין אַ צושטאַנד פֿון שלום. דער ערשטער קאָנסול האָט אויפֿ־געהערט די רדיפות געגען די עמיגראַנטען, און כאָטש ער האָט זיי נישט צוריקגעגעבען זייערע קאָנפֿיסקירטע גיטער, האָט ער זיי אָבער ער־לויבט זיך צוריקקעהרען קיין פֿראַנקרייך. אַסך עמיגראַנטען האָבען בענוצט די דאָזיגע ערלויבניש, מיט דער האָפֿנונג צו ווערען ווידער דערהויבען, און טאַקי די ברייטע טעטיגקייט פֿון דער נייער רעגיערונג, סיי אין מי־ליטערישער הינזיכט, סיי אין דעם בירגערליכען לעבען, האָט פֿאַר פֿיעלע

געעפֿענט דעם וועג צו אַ הויכֿער בעאַמטען־קאַריערע און צו רייכֿקייט.

נאַפּאָלעאָן האָט גיך ווידער דערהויבען די פראַנצויזישע וואַפען אין די אויגען פון גאַנץ אייראָפּאַ. ער האָט צוקלאַפּט די אַרמעען פון עסטרייך. דער עסטרייכֿישער אימפּעראַטאָר האָט געמוזט בעטען ביי איהם שלום. דער לינקער ברעג פון רהיין איז ענדגילטיג אַריבער צו פראַנקרייך און עס איז בטל געוואָרען דער אַלטער טיטעל פון גערמאַניען, וואָס האָט זיך גערופען „די הייליגע רוימישע אימפּעריע פון גערמאַנישער נאַציאָן” זייט קאַרל דעם גרויסען׳ס צייטען, וואָרום אַ טייל איטאַליען איז ווידער אַריבער אין רשות פון די פראַנצויזען, וואָס האָבען דאָס פערלאָרען אין דער שלאַכֿט מיט סובאָראָוו׳ען. די מלחמות מיט די דייטשען האָבען געמאַכֿט אַ גאַנצע פּאָליטישע איבערקעהרעניש אין דייטשלאַנד. די קליינע פירשטענטימער זענען פערשלונגען געוואָרען פון די גרעסערע. די בעזיצונגען פון די גייסטליכֿע זענען אַריבער צו דער וועלטליכֿער מאַכט. דער אימפּעראַטאָר אין עסטרייך פראַנץ האָט זיך אָבגעזאָגט פון די אַלטע פּרעטענזיעס, אויף איטאַליען און האָט זיך איצט טיטולירט מיט׳ן טיטעל „אימפּעראַטאָר פון עסטרייך”. כמעט אין דער אייגענער צייט, אין 1804, האָט נאַפּאָלעאָן, וואָס האָט אין 1802 געהייסען, אַז מען זאָל איהם בעשטעטיגען פאַר אַ לעבענסלענגליכען קאָנסול, אָנגענומען דעם טיטעל, וואָס האָט געפּאַסט פאַר זיין נייער לאַגע. דער סענאַט האָט איהם ערקלערט פאַר׳ן פראַנצויזישען אימפּעראַטאָר. די פאָלקס־אָבשטימונג האָט געגעבען 3½ מיליאָנען שטימען פאַר׳ן אימפּעראַטאָר. דער פּויפּסט איז פערזענליך געקומען קיין פּאַריז צו קרוינען דעם נייעם קייזער מיט׳ן נאָמען נאַפּאָלעאָן דער ערשטער. שפּעטער האָט ער אָבגעשאַפט דעם טריבונאַט, וואָס איז איהם נישט געפעלען, צוליעב זיין צו אָפענער קריטיק. דער סענאַט און די פּאַלאַטע זענען געבליעבען, ווייל זיי האָבען איהם נישט געשטערט; דער הויפּט־אָרגאַן איז געבליעבען דער מלוכה־ראַט. אַ נייעס איז געווען איצט דאָס אין פראַנקרייך, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט ווידער איינגעפיהרט אַ קייזערליכען הויף מיט אַ רייהע קייזערליכע שטעלען און מיט אַ סוויטע פון אַ נייער אַריסטאָקראַטיע. עס איז בעשאַפען געוואָרען אַ נייער אָרדען, דער אָרדען פון עהרענלעגיאָן, אויף צו בעלויהנען פאַר אויסצייכֿנונגען אין קריעג, אין ציווילען שטאַנד, אין וויסענשאַפט, ליטעראַטור און טעכניק. די גרעסערע טאַלענטפולערע לייט אין דער אַרמעע און אין דער אַדמיניסטראַציע האָבען בעקומען די טיטעלען באַראָן, גראַף, הערצאָג, פירשט; אין דער אַרמעע איז

וויעדער אַריינגעדרונגגען דער טיטעל פֿון אַ פעלדמאַרשאַל. דער אימפעראַטאָר האָט נישט געזשאַלעוועט קיין געלד אויף בעלויהנונגען, און די לעבעדיגע טעטיגקייט אין אַרמעע און אין דער פֿערוואַלטונג האָט געגעבען די מעגליכקייט טאַלאַנטירטע מענשען גיך אַרויסצווייזען זייערע טאַלענטען און צו בעקומען כבוד און רייכטום. נאָר די הויכע לייט, וואָס האָבען זיך דערדיענט צו טיטעלען, זענען נישט געווען קיין אַריסטאָקראַטען. די דאָזיגע לייט האָבען געקענט זיך ריהמען מיט זייערע פֿעהיגקייטען, אָבער נישט מיט זייער יחוס און זייער זעלבסטשטענדיגקייט. לויט'ן דאַמאָליגען שפּרוך „האָט איטליכער סאָלדאַט געטראָגען אין זיין ראַנעץ דעם פֿעלדמאַרשאַל־שטאָק", אָבער דער מאַרשאַל איז פֿונדעסטוועגען אויף שטענדיג פֿערבליעבען דער סאָלדאַט פֿון אַמאָל.

איינשטילענדיג אייראָפּאַ, האָט זיך נאַפּאָלעאָן גענומען פֿאַר ענגלאַנד, וואָס איז שטענדיג געווען דער שוואַרצער שטערן פֿון נאַפּאָלעאָנ'ען. ער האָט אין בולאָן צונויפֿגעזאַמעלט אַ גרויסע אַרמעע און האָט געוואָלט מיט איהר אַריבער קיין ענגלאַנד. אָבער ענגלאַנד האָט זיך פֿערבונדען אינאיינעם מיט עסטרייך און רוסלאַנד געגען פֿראַנקרייך. נאַפּאָלעאָן האָט דערום געמוזט אַ טייל פֿון זיין אַרמעע שיקען צום מזרח צו, און זיין פֿלאָט איז פֿון נעלסאָנ'ען צושלאָגען געוואָרען ביי טראַפֿאַלגאַר. די דאָזיגע שלאַכט האָט ענדגילטיג פֿערפֿעסטיגט די ים־מאַכט פֿון ענגלאַנד און האָט עס בעפֿרייט פֿון דער פֿראַנצויזישער סכנה אויפֿ'ן ים. נאַפּאָלעאָן האָט זיך דערפֿאַר אָבגערעכענט מיט די פֿערבינדעטע אַרמעען, פֿערטריעבען די רוסען און צושלאָגען די עסטרייכער, און ווען צו די פֿערבינדעטע איז צוגעשטאַנען פּרייסען, האָט ער זיי געגעבען אַ געוואַלטיגע מפּלה ביי יענאַ.

נאַפּאָלעאָן איז אַריין מיט זיין אַרמעע אין בערלין, און דער פּריי־סישער קעניג האָט געמוזט אַנטלויפֿען צו דער רוסישער אַרמעע. דער שלום פֿון טילזיט צווישען נאַפּאָלעאָנ'ען און אַלעקסאַנדער דעם ערשטען האָט געמאַכט אַ סוף צו דעם דאָזיגען קריעג, מעהר פֿאַר אַלעמען האָט זיך נוקם געווען נאַפּאָלעאָן אָן פּרייסען. רוסלאַנד און פּרייסען האָט ער געצוואונגען ווידער הערצושטעלען אַ וואַרשויער הערצאָגטום פֿון די פּוילישע ערד, וואָס פּרייסען האָט בעקומען ביי דער צווייטער און דריטער טיילונג. מיט'ן רוסישען צאַר האָט דאַמאָלס נאַפּאָלעאָן געוואָלט אַריין אין אַ נאָהענטען בונד. ער האָט זיך געפּלאַנעוועט צו פֿערנעהמען פֿאַר זיך מיט רוסלאַנד גאַנץ אייראָפּאַ און גו

קעניגען צוזאַמען איבער אייראָפּאַ, ווי אַמאָל די מזרח־ און די מערב־ אימפּעריע. אין 1809 האָט זיך ווידער אָנגעהויבען אַ מלחמה פון עסטרייך געגען נאַפּאָלעאָנ'ען, אָבער די עסטרייכער זענען ווידער צוקלאַפּט געוואָרען, און פראַנץ האָט געמוזט וואָס גיכער שליסען שלום. דער דאָזיגער שלום איז געווען דאַמאָלס פערבונדען מיט'ן אָבגט'ען פון זיין ערשטער פרוי און מיט זיין הייראַט מיט מאַריע לואיזע, די טאָכטער פון עסטרייכישען אימפּעראַטאָר.

די פראַנצויזישע אַרמעע האָט בעקומען אַ שם אין דער גאַנצער וועלט. פון צעזאַר'ס צייטען אָן זענען נישט געווען אין דער געשיכטע אַזוינע נצחונות, ווי די פון נאַפּאָלעאָנ'ס אַרמעען. אין די צוזאַמענשטויסען מיט די אָבגעלעבטע מלוכות אין אייראָפּאַ האָט פראַנקרייך אַרויסגעוויזען אַ נייעם גייסט, דעם גייסט פון אַן אָרגאַניזירטער דעמאָקראַטיע. לויט דער צונויפשטעלונג האָט זיך די פראַנצויזישע אַרמעע שטאַרק אונטערשיידט פון די אייראָפּעאישע, אין וועלכע עס האָט געהערשט דער אַלטער אָבגעלעבטער אַריסטאָקראַטישער גייסט. די אייראָפּעאישע אַרמעען זענען בעשטאַנען פון לייב־אייגענע, פון אויסוואורפען, וואָס האָבען נישט געטויגט פאַר'ן בירגערליכען לעבען פון אויסלענדער, איבער וועלכע עס האָבען קאָמאַנדירט אויסשליסליך אָפיציערען פון איידעלען אָבשטאַם; די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, פערקעהרט, האָט צונויפגעזאַמעלט פאַר די אַרמעע די בעסטע קרעפטען פון פאָלק און האָט אויפגעעפענט ברייט אַ וועג פאַר איטליכען מענשען פון פּראָסטען פאָלק, וועלכער האָט געהאַט די פעהיגקייטען צו זיין אַ קאָמאַנדיר. די קינדער פון שענקער, קרעמער, לאַקעען זענען געוואָרען מיט דער צייט פעלדמאַרשאַלען, הערצאָגען און אַמאָל אַפילו קעניגען. למשל, מוראַט, אַ זוהן פון אַ שענקער, איז געוואָרען דער קעניג פון נעאַפּאָל, בערנאַבאָט, אַ זוהן פון אַ פּראָווינציעלען אַדוואָקאַט, איז געוואָרען דערנאָך קעניג פון שוועדען און דער ערשטער פון דער היינטיגער קעניגליכער שוועדישער דינאַסטיע, און ענדליך דער זוהן פון אַ געוועהנליכען קאָרסיקאַנער אַדוואָקאַט איז געוואָרען אימפּעראַטאָר און דער געוועלטיגער פון די קעניגען אין אייראָפּאַ. די פעהלערען פון די ערשטע רעפּובליקאַנישע אַרמעען זענען שפּעטער פערשוואונדען געוואָרען, דערפאַר איז איבערגעבליבען ביי דער אַרמעע די אַלטע בעגייסטערונג. די הויפּט־מעלה פון דער אַרמעע איז בעשטאַנען דערין צו קענען קאָמאַנדירען מיט גרויסע מאַסען אויף אַמאָל. נאַפּאָלעאָן איז געווען אַ גאון אין דער דאָזיגער

קריעגס־קונסט. קיינער האָט נישט פֿערשטאַנען אַזוי ווי ער צו קאָמאַנדי־רען מיט גרויסע אַרמעען אויף אַמאָל און זיי צו קענען אַזוי קונציג אויס־נוצען, ווען מען האָט געדאַרפֿט געבען דעם ענדגילטיגען טויט־קלאַפּ דעם געגנער.

---

## פֿיערטעס קאַפּיטעל.

## די לעצטע יאהרען פֿון נאַפּאָלעאָנ'ס גדולה.

די ווירקונג אויף איראָפּא. — די פּריַיסישע רעפֿאָרמען. — דער יאָך פֿון דער אימפּעריע. — דער קאַמפּף מיט'ן פּויפּסט. — די שפּאַנישע מלחמה. — די בלאָקאַדע. — דער קריעג מיט רוסלאַנד. — 1812. — די הונדערט טעג. — דער ווינער קאָנגרעס.

די מלחמות פֿון 1805—9 האָבען אינגאַנצען אומגעענדערט די קאַרטע פֿון איראָפּא. פֿראַנקרייך איז אַרויס פֿון זיינע נאַטירליכע גרענעצען, וואָס האָבען זיך געדעכענט די אַלפּען און דער רהיין. חוץ בעלגיען האָט פֿראַנקרייך צוגענומען אַ טייל רהיין פֿון די דייטשען, סאַוואָיען, פּיעמאָנט, טאָסקאַנאַ און די פּראָווינצען פֿון פּויפּסט, האָלאַנד און די ים־ברעגען פֿון גערמאַניען ביז צום טייך עלבע. אַנשטאָט די 83 גובערניעס, וואָס פֿראַנקרייך האָט געהאַט אין 1790, האָט עס איצט בעקומען נייע 47. פֿון אַ שטיק איטאַליען האָט נאַפּאָלעאָן געמאַכט אַ קעניגטום און אַלס קעניג האָט ער זיך פּראָקלאַמירט. דרום־איטאַליען איז אויך געוואָרען אַ נעאַ־פּאָליטאַנישע מלוכה מיט נאַפּאָלעאָנ'ס ברודער אַלס קעניג (דערנאָך דער פֿעלדמאַרשאַל מיוראַט). די שווייץ איז געבליבען אַ רעפּובליק, אונטער־טעניג צו פֿראַנקרייך. אַ טייל עסטרייך, די אילירישע פּראָווינצען האָט פֿערוואַלטעט דער מאַרשאַל מאַרמאָן. אין דייטשלאַנד איז בעשאַפֿען גע־וואָרען אַ וועסטפּעלישע מלוכה, מיט נאַפּאָלעאָנס ברודער העראָנים אַלס קעניג. די צאָהל פֿון די דייטשע מלוכות האָט זיך פֿערקלענערט. נאַפּאָלעאָן האָט סימפּאַטיזירט מיט בייערן, ווירטעמבערג און זאַקסען און האָט דערהויבען די דאָזיגע מלוכות צו קעניגטימער. חוץ דעם האָט ער געגרינדעט אַ רהיינישען בונד, וואָס האָט איהם געדאַרפֿט שיצען געגען עסטרייך און פּרייסען. אין מזרח־צו האָט ער געהאַט דאָס וואַר־שויער הערצאָגטום, וואָס ער האָט ווידער צונויפֿגעשטעלט פֿון דער

צעפּאַלענער פּוילישער מלוכה. די קרוין אויף דאָס הערצאָגטום האָט ער אַוועקגעגעבען דעם זאַקסישען קעניג. ענדליך האָבען די מאַרשאַלען בעקומען אַ בעפעהל צו פערנעהמען שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. יאָזעף באָנאַפּאַרטע איז אַריבער פון זיין נעאַפּאָליטאַנישען טהראָנזעסעל אויפ'ן שפּאַנישען און אויף זיין אָרט האָט נאַפּאָלעאָן געמאַכט זיין מאַרשאַל מיוראַט פאַר'ן נעאַפּאָליטאַנישען קעניג. דאָס, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט זיך נישט געצערעמאָנעוועט מיט אייראָפּאַ, האָט געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג פאַר דער ענטוויקלונג פון דעם דעמאָקראַטישען גייסט אין די אָבגעשטאַנענע מלוכות. וויבאַלד עס פלעגט ערגעץ וואו אַריין די פראַנצויזישע אַרמעע, פלעגט תיכף ומיד בטל ווערען די לייב־אייגענשאַפט, פלעגט איינגעפיהרט ווערען גלייבענס־טאָלעראַנץ, אָבגעשאַפט ווערען די פעאָדאַלע פּריווילעגיען, פערביטען ווערען די אָרטיגע פעראַלטערטע געזעצען מיט'ן „קאָדעקס נאַפּאָלעאָן" און ווערען איינגעפיהרט די פערוואַלטונגס־אָרדנונג פון דער פראַנצויזישער ביוראָקראַטיע. און אַזוינע ראַדיקאַלע ענדערונגען פלעגען פאָרקומען נישט נאָר אין די בעזיעגטע פּראָווינצען, זאָנדערן אויך אין די לענדער, וואָס זענען געבליבען אונאָבהענגיג דערוויל פון פראַנקרייך, ווי, למשל, ביירן.

אין פּרייסען, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט אַזוי דערניעדערט, זענען אויך פאָרגעקומען איינגעאַרטיגע רעפאָרמען. אין די יאָהרען פון דער גרעסטער נאַציאָנאַלער חרפה האָבען זיך געפונען ביי די פּרייסען כחות, וואָס האָבען צוגעגרייט פּרייסען פאַר אַ בעסערען פּאָליטישען און בירגערליכען לעבען. צו דער צייט האָט זיך בעזונדערס אויסגעצייכענט דער מיניסטער שטיין, וואָס האָט דורכגעפיהרט די אָבשאַפונג פון דער לייבאייגענשאַפט און פון די אַריסטאָקראַטישע פּריווילעגיען, כאָטש אין דער אַרמעע האָבען די אַריסטאָקראַטען בעקומען זייער אַלטען פּלאַץ. ער האָט אויך געטראַכט דורכצופיהרען אַ ברייטעס פּראָגראַם פון זעלבסטפערוואַלטונג, דאָמיט דאָס פאָלק זאָל זיך געוועהנען צו זעלבסטשטענדיגקייט און צו די אַלגעמיינע אינטערעסען פון לאַנד. נאַפּאָלעאָן, זעהענדיג, אַז פּרייסען הויבט אָן אויפצולעבען, האָט באַלד געפאָדערט, אַז שטיין זאָל ווערען אויס מיניסטער. זיין נאָכפאָלגער האַרדענבערג האָט פאָרטגעזעצט די אַרבייט פון שטיינ'ען, נאָר די רעפאָרמען פון זעלבסטפערוואַלטונג זענען נישט געגאַנגען ווייטער ביי איהם. ער האָט אָבגעשאַפט די צעכען און האָט געזעהען, אַז די בעפרייטע פויערן זאָלען וועניגסטענס בעקומען צוויי דריטעל פון דער ערד, וועלכע זיי האָבען בעזעסען אין דער צייט פון

לייב־איינגעשאַפּט. צוגלייך מיט שטיינ׳ען און האַרדענבערג׳ען האָט דער קריעגס־מיניסטער שאַרנהאָרסט געזועהען צו שטאַרקען די פּרייסישע ארמעע. ער האָט איינגעפיהרט אַנ׳אַלגעמיינע ווערפּפליכט און האָט געבילדעט אַרעזערווע אַרמעע פון די, וואָס האָבען געענדיגט דיענען זייער צייט. אַלע די דאָזיגע רעפאָרמען זענען נישט געווען קיין בלויזע פּלעגער פון דער מלוכה־פערוואַלטונג. זיי זענען געווען דאָס רעזולטאַט פון די בעסטע נאַציאָנאַלע געפיהלען אין פּרייסען, וואָס האָט נישט געקענט פערגעסען די נאַציאָנאַלע חרפה, און וואָס האָט פערשטאַנען, אַז נאָר ביי געוויסע ברייטע רעפאָרמען קאָן דאָס לאַנד ווידער קומען צו דער אַמאָליגער גלענצענדער צייט פון פריעדריך דעם גרויסען.

חאָטש די פראַנצויזישע אימפּעריע האָט איבעראַל איינגעפיהרט נוצליכע רעפאָרמען, אָבער די בעפעלקערונג האָט נישט געקענט זיין צופריעדען פון די פראַנצויזען, וואָס האָבען זיי חרוב געמאַכט דורכ׳ן קריעג, וואָס האָבען זיי פּעראָרעמט דורך די קאָנטריבוציעס און וואָס האָבען זיי אויף איטליכען טריט געגעבען צו פיהלען זייער נאַציאָנאַלע ערניעדערונג און דעם מוטוווילען פון דעם זיעגער. דער קעניג פון וועסטפאַלען, נאַפּאָלעאָנ ס ברודער, האָט מיט פאָלגענדע ווערטער געשילדערט דעם מצב פון גערמאַניען: „ווען עס וועט זיך אָנהויבען אַ קריעג, וועלען אַלע פּראָווינצען אין דייטשלאַנד אָנהויבען זיך בונטעווען. חוץ דעם פראַנצויזישען יאָך איז די אָרעמקייט געוואַלדיג גרויס, מען דאַרף מורא האָבען פאַר די פערצווייפלונג פון די פעלקער, וואָס האָבען גאָרנישט צו פערלירען, ווייל מען האָט פון זיי אַלץ אַוועקגענומען". נאַפּאָלעאָן האָט אַלע די דאָזיגע התראות נישט פערשטאַנען. ער איז געווען בעשענקט מיט אַ זעלטענען קרעפטיגען קלאָרען פערשטאַנד. זיין מוח האָט נישט אויפגעהערט קלאָר און גאָונ׳יש צו אַרבייטען אויך דאַמאָלס, ווען זיינע מיטהעלפער זענען שוין מיעד געוואָרען, זיצענדיג מיט איהם צוזאַמען ביי דער אַרבייט. ער האָט געקאָנט אַרבייטען 18 שעה נאָך דער רייהע אין מעת־לעת. ער האָט שטענדיג געהאַפּט דעם הויפּט־פּונקט אין יעדער אַנגעלעגענהייט. ער האָט פיינד געהאַט פּוסטע פראַזען און האָט נישט ליעב געהאַט זיך אָבצוגעבען מיט נעבעלדיגע השגות. ער האָט וואונדערבאַר, קלאָר שטענדיג נעפיהלט די ווירקליכקייט, דאָס ממשות׳דיגע. אָבער דער דאָזיגער זעלטענער מענש האָט געהאַט צוויי שוואַכע זייטען: ערשטענס, האָט ער געהאַט אַ צו־שטאַרקע פאַנטאַזיע, וואָס פלעגט איהם אָפט פערפיהרען פון גלייכען וועג; צווייטענס, האָט ער בשום אופן נישט געקענט פער־

שטעהן די קראַפט פון אידעאַלע שטרעבונגען. מענשען מיט אַזוינע שטרעבונגען האָט ער בעטראַכט פאַר בטלנים. ער האָט איבערגע־לעבט די רעוואָלוציע, און ער האָט בשום אופן נישט געגלויבט, אַז מענ־שען האָבען זיך געקענט בעגייסטערען פאַר די פוסטע השגה פון „פרייהייט". „איהר האָט אַליין נישט פערשטאַנען, וואָס עס טרייבט אייך", האָט ער אַמאָל געזאָגט איינעם אַ פריהערדיגען רעוואָלוציאָנער, „איהר זייט דאָך אַזוי ווי אַלע מענשען, און ביי מענשען איז נאָר דאָ איין אינטערעס־דער פערזענליכער, דער עגאָאיסטישער". די בעריהמטע פרוי פון שטאָל, בעשרייבענדיג איהר איינדרוק וועגען נאַפּאָלעאָנ'ען, דערצעהלט: „אַ מענש איז פאַר איהם נישט מעהר ווי אַ פאַקט, ווי אַ מין קערפּער אין דער נאַטור, אָבער נישט עפּעס, וואָס איז צו איהם עהנליך. ער ווייסט נישט פון שנאה און פון ליעבע. פאַר איהם עקזיסטירט נישט קיינער, אויסער איהם. זיין קראַפט בעשטעהט דערין, וואָס ער האָט דעם בערעכענטעס־טען עגאָאיזם. דאָס איז אַ געניאַלער שאַך־שפּיעלער, וואָס שפּיעלט מיט מענשען, אָנשטאָט הילצערנע פיגורען".

ער האָט אויך נישט פערשטאַנען, וואָס איז דאָס אַזוינס פּאַטריאָטיזם, אָדער דאָס רעליגיעזע געפיהל. אַלס דער גרעסטער בערעכענטער עגאָאיסט, וואָס איז אַמאָל געווען אויף דער וועלט, האָט ער בעגריפען די וועלט, אַלס אַ קאַמפף פון איינעם געגען אַלעמען, און ער האָט זיך נישט געקענט בערוהיגען, כל־זמן ער האָט געזעהען נעבען זיך נאָך אַ צווייטע זעלבסטשטענדיגע קראַפט. נאַפּאָלעאָנ'ען האָט נאָר געקאָנט בעפריעדיגען אַ קרוין פון דער וועלטהערשאַפט.

איבריגענס, נאַפּאָלעאָן האָט געמוזט אָפט איינזעהן, אַז חוץ וואַפען זענען נאָך דאָ אַנדערע קרעפטען. אין זיין קאַמפף מיט'ן פּויפּסט, ביי־זועמען ער האָט צוגענומען אַלע פּראָווינצען און אַריינגעזעצט אַלס גע־פאַנגענעם אין פאָנטענעבלאָ, איז ער דאָך נישט אַרויס אַלס זיעגער, און עס איז איהם פאָרט נישט געלונגען צו מאַכען פון דער קאַטוילישער קיר־כע אין פראַנקרייך אַ מין דעפּאַרטאַמענט, ווי דעם דעפּאַרטאַמענט, למשל, פון פערשידענע אָבצאָהלען.

די אַרויסטרעטונג פון די בעליידיגטע נאַציאָנאַלע געפיהלען האָבען זיך אָנגעהויבען גראַד אין אַזוינע לענדער, וואָס, אַלס מיליטער־קראַפט, זענען זיי געווען פון די קלענסטע. אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, וואָס די פראַנצויזען האָבען שפּיעלענדיג זיי איינגענומען, האָט זיך אָנגע־הויבען געגען זיי „דער קליינער קריעג" (גוועריל־קריעג) פון דער בעפעל־

קערונג גופא אויף איטליכען בארג און פעלז. די פראנצויזען איז אויס־געקומען צו היטען מיט סאלדאטען יעדען פראנצויזישען וואגען, קעמפ־פען געגען די אנפאלען אויף יעדער פאסט־סטאציע, וואס די פראנצויזען האבען פערנומען, און וואו נאר א שטאדט האט געהאט ארום זיך א בארג, א פעלזען־שפאלט, האט די שטאדט עקשנות׳דיג געקעמפפט מיט די זיגער. און בעת די ענגלענדער האבען גענומען דעם „קליינעם קריעג״ שטיצען מיט עטליכע פון זייערע בעסטע דיוויזיעס, איז די לאגע פון די פראנצויזען געווארען כמעט אונמעגליך אין שפאניען. נאפאלעאן איז אפילו איינמאל אוועק קיין שפאניען צו בעקעמפפען דעם „קליינעם קריעג״, אבער אזא מין קליינליכע מלחמה איז נישט געווען לויט זיין גוסט, און ער האט איבערגעלאזען דעם דאזיגען קריעג מיט דער בעפעלקערונג די מאר־שאלען, וועלכע זענען צווישען זיך אליין אויך נישט געווען איינגאנ־צען שלום, און די פראנצויזען האבען ענדליך געמוזט אויפגעבען דעם קריעג געגען דער פירענעאישער האלב־אינזעל. דער מיאוס׳ער סוף פון קריעג האט נאפאלעאנ׳ען אריינגעבראכט אין גרימצארן, בעזונדערס געגען די ענגלענדער, וואס האבען איהם יא געריצט אויף דער יבשה און וואס ער קאן צו זיי נישט צוקומען, אדאנק דעם ים, וואס מאכט זייער לאנד אונבעזיגבאר. ער האט זיך אבער פארט אויסגעקלערט א מיטעל, ווי צו קעמפפען מיט די ענגלענדער, און ער האט געפרובט דורכפיהרען די בלאקאדע פון דער יבשה ארום ענגלאנד. ער האט פערמאכט פאר ענגלישע שיפען אלע פארטען פון דער אייראפעאישער יבשה, ער האט אויסדריקליך פערבאטען צו קויפען ענגלישע סחורות און האט ערקלערט, אז יעדעס אייראפעאיש שיף, וואס וועט זיך אפ־שטעלען ביי אנ׳ענגלישען פארט, וועט ווערען קאנפיסקירט. זיין ציעל איז געווען חרוב צו מאכען דעם ענגלישען האנדעל, וואס עס איז געווען דער קוואל פון דער ענגלישער רייכקייט. אבער אלע די מיטלען האבען נישט געבראכט די געווינשטע רעזולטאטען. ערשטענס, האט ענגלאנד גאר נישט אזוי שטארק געליטען אין האנדעל, ווי נאפא־לעאן האט זיך דאס פארגעשטעלט, דען חוץ דעם, וואס ענגלאנד האט בענוצט די ענטוויקעלונג פון דער קאנטראבאנדע אויף ענגלישע סחורות אין אייראפא, האט עס נאך אויסגענוצט דאס, וואס עס האט פערחאפט א סך פראנצויזישע טעריטאריעס אין די קאלאניעס. צווייטענס, האט די בלאקאדע געמאכט דאס לעבען און די לאגע פון האנדעל אין אייראפא אונערטרעגליך. נאפאלעאן האט געזוכט מיט אלע

מיטלען דורכצופיהרען די בלאָקאַדע, צו דעם צוועק האָט ער צוגענומען אַ שטיק ברעג פון צפון־ים, וואָס האָט געהערט דייטשלאַנד, בעהעפט צו פראַנקרייך האָלאַנד, אומעטום צושטעלט אַ גרענעץ־וואַך אין אַלע פּאָרטען און האַפענס, געדריקט די בעפעלקערונג מיט שטענדיגע הויז־זוכונגען און קאָנפיסקאַציעס. ענדליך האָט ער שטענדיג געהאַט טענות צו די אייראָפּעאישע מלוכות, וואָס זיי שטיצען איהם נישט ווי געהעריג, און פערלאַנגט אויך אפילו שטיצען פון אונאַבהענגיגע מלוכות, ווי, למשל, פון רוסלאַנד.

אַזאַ פּאָליטיק האָט געמוזט פריהער אָדער שפּעטער אַרויסרופען אין אייראָפּאַ אַ ווידערשטאַנד. אַלעקסאַנדער דער ערשטער האָט זיך אין געוויסען זין בענוצט מיט דעם, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט איהם צוגעזאָגט זיך נישט צו מישען אין די מזרח־אַנגעלעגנהייטען, און ער האָט פערנומען פינלאַנד און צוגענומען ביי די טערקען בעסאַראַביען. אָבער זיינע בעציהונגען צו נאַפּאָלעאָנ׳ען זענען געוואָרען מיט יעדען טאָג גערשפּאַנטער. די בלאָקאַדע האָט פון רוסלאַנד צוגענומען דעם הויפּט־מאַרק, וואו עס פערקויפט זיינע רויהע מאַטעריאַלען. בעל־הבית׳עווענדיג אין דייטשלאַנד, האָט נאַפּאָלעאָן אָפט בעליידיגט אַלעקסאַנדער׳ס קרובות׳שאַפטס־געפיהלען. צ. ב. ער האָט צוגענומען פאַר פראַנקרייך אָלדענבורג, וואו עס האָט רעגיערט אַ נאָהענטער קרוב פון אַלעקסאַנדער׳ן. אָבער הויפּט־זעכליך האָט רוסלאַנד נישט געקענט צוזעהען, ווי עס וואַקסט די מאַכט פון נאַפּאָלעאָנ׳ען, ווי ער וואַרפט זיך אַרום מיט קעניגען, מלוכות און פעלקער, און דער פחד האָט נאָך געמוזט ווערען גרעסער דעריבער, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט שטענדיג געסטראַשעט רוסלאַנד, אַז ער האָט בדעה ווידער הערצושטעלען די צופאַלענע פּוילישע מלוכה, און דאָס, וואָס ער טראָגט זיך אַרום זיכער מיט דעם געדאַנק אָנצופאַלען מיט אַמאָל אויף רוסלאַנד.

און ווירקליך, נאָך אַ לענגערער פאַרבּרייטונג איז נאַפּאָלעאָן אַוועק קיין רוסלאַנד מיט זיין „גרויסער אַרמעע", אין יאָהר 1812. אין צענטער פון דער דאָזיגער „גרויסער נישט בעזיגבאַרער אַרמעע" אונטער דער קאָמאַנדע פון נאַפּאָלעאָנ׳ען אַליין איז געגאַנגען די הויפּט־אַרמעע, וואָס איז בעשטאַנען פון פראַנצויזען, דייטשען, איטאַליענער און פּאָליאַקען. די אַרמעע פון לינקען פליגעל, וואָס איז געגאַנגען אויף פּעטערבורג, האָבען געדאַרפט שטיצען די פּרייסען; אויפ׳ן רעכטען פליגעל האָט געדאַרפט אַרבייטען אין קליין־רוסלאַנד אַנ׳עסטרייכישע דיוויזיע. אינגאַנצען

זענען אַריבער די גרענעצען פֿון רוסלאַנד 600 טויזענד מאַן, געגען וועלכע רוסלאַנד האָט געקענט סך־הכל אַרויסשטעלען אַן אַרמעע פֿון 200 טויזענד מאַן. נאַפּאָלעאָן האָט נישט געצווייפֿעלט דערום אין דעם באַלדיגען נצחון. נאַפּאָלעאָן האָט אָבער פֿערגעסען, אַז חוץ דער אַרמעע איז נאָך פֿאַרהאַן אַ פֿאָלק, מיט וועלכעס מען וועט מוזען קעמפֿען. נאַפּאָלעאָן איז גיך דערגאַנגען מיט זיין אַרמעע ביז מאָסקוואַ. די איינציגע שווערע שלאַכט זיינע מיט די רוסען איז געווען אויפ'ן וועג צו מאָסקוואַ אין באָראָדינאַ, און ווען ער איז אַריין אין מאָסקוואַ, האָט ער שוין נישט געצווייפֿעלט, אַז דער קריעג מיט רוסלאַנד איז שוין יעצט געענדיגט, און עס בלייבט נאָר אָנציגעהמען די אָפיציעלע אונטערטעניגקייט פֿון די בעזיעגטע. אָבער נאַפּאָלעאָן האָט געפֿונען די אַלטע הויפּט־שטאָדט פֿון מאָסקוואַ אַלעדיגע, אָהן שום פּראָוויזיע פֿאַר זיינע אויסגעמאַטערטע אַרמעען. און אַקוראַט ווי די רוסען האָבען פֿערלאָזען די ערטער און אונטערגעצונדען די הייזער אויף דעם גאַנצען וועג ביז מאָסקוואַ, אַזוי האָבען זיי אויך מאָסקוואַ אונטערגעצונדען, און דער פֿיינדליכער אַרמעע איז גאָר נישט איבערגעבליעבען, ווי זיך וואָס גיכער אומצוקעהרען צו די גרענעצען. דער קאַלטער ווינטער, דאָס גרויסע לאַנד, דער גרויסער מרחק פֿון די גרענעצען, פֿון וואַנען עס האָט געקענט קומען פּראָוויזיע פֿאַר דער אַרמעע, האָט געצוואונגען נאַפּאָלעאָנ'ען וואָס גיכער צו פֿערלאָזען רוסלאַנד, וואָס האָט געקענט ווערען דער קבר פֿאַר זיין אַרמעע און איהם אַליין. אָבער ווען נאַפּאָלעאָן האָט אָנגעהויבען פּאַרטיזאַניש אָבצוטרעטען, האָבען זיך איהם אויף יעדען טריט געשטעלט אַנטקעגען די רוסישע אַרמעען, וואָס האָבען שוין גוט געוואוסט, אַז זיי האָבען צו טהון מיט אַ פֿיינד, וואָס איז אָבגעשוואַכט פֿון אַ ווינטער, צו וועלכען ער איז גאָרנישט געוועהנט, און פֿון הונגער, ווייל ער איז געווען אָהן פּראָוויזיע.

דאָס אָבטרעטען פֿון דער „גרויסער אַרמעע" איז שוין געווען אַ מין ווילדע לויפֿעניש. ביי'ם טייך בערעזינאַ (ביי מינסק) איז די שלאַכט צווישען די ריסען און פֿראַנצויזען געווען די בלוטיגסטע פֿאַר דער גרויסער אַרמעע. דורך דעם רוסישען פֿייער זענען איינגעפֿאַלען די בריקען פֿון דער לויפענדער פֿראַנצויזישער אַרמעע, און טויזענדער פֿראַנצויזען זענען אומגעקומען אין וואַסער. קוים מיט צרות האָט זיך דערשלעפּט צו די גרענעצען אַ קליינער טייל פֿון דער גרויסער אַרמעע.

נאַפּאָלעאָן אָבער האָט נאָך דעם אונגליקליכען קריעג מיט רוסלאַנד זיך נישט מיאש געווען. ער האָט באַלד אין פראַנקרייך אָנגעהויבען פאָרמירען אַ נייע אַרמעע. פון 16 יאָהר אָן האָט מען אָנגענומען יונגע לייט אין דער אַרמעע. צוזאַמען מיט די דיוויזיעס, וואָס זענען געגאַנגען אויף פעטערבורג, מיט דער רעשט, וואָס איז געבליבען נאָך דער בערעזינאַ-שלאַכט, און מיט די גאַרניזאָנען, וואָס זענען געווען צושפּרייט איבער דייטשלאַנד, האָט נאַפּאָלעאָן ווידער בעקומען אַ מעכטיגע אַרמעע. נאָר די מפלה פון נאַפּאָלעאָנ'ען אין רוסלאַנד האָט ווי אַ דונער איינגעשלאָגען אין די הערצער פון די אונטערטעניגע פעלקער, און זיי האָבען דערפיהלט, אַז איצט איז געקומען די ריכטיגע צייט זיך צו בעפרייען פון פראַנצויזישען יאָך. ווען די רוסישע אַרמעען האָבען זיך בעוויזען אין דייטשלאַנד, האָט מען זיי בעגריסט ווי די אמת'ע רעטער. צוערשט האָט זיך פרייסען אָבגעריסען פון פראַנקרייך, דערנאָך האָט שוועדען צוגעשיקט געגען נאַפּאָלעאָנ'ען אַנ'אַרמעע. אָנפאַנגס האָבען די רוסישע און פרייסישע גענעראַלען נישט געקענט בייסטעהען געגען דעם געניאַלען געגנער, שפּעטער אָבער איז אויך עסטרייך צוגעטרעטען צו די פערבינדעטע אַרמעען. ביי דרעזדען האָט נאַפּאָלעאָן ווידער בעזיעגט די פעראייניגטע מלוכות, אָבער ביי ל י י פ צ י ג האָט ער געמוזט אָבטרעטען. אין פלאַקער פון דער דאָזיגער שלאַכט (1813), וואָס עס האָט געדויערט דריי טעג, האָבען צוערשט די זאַכסישע סאָלדאַטען פערלאָזען נאַפּאָלעאָנ'ען, און דערנאָך די בייערישע. נאַפּאָלעאָן האָט צום דריטען מאָל צונויפגעשטעלט אַ נייע אַרמעע, ער האָט בעוויזען אין די שלאַכטען געגען די פערבינדעטע פיינד מורא'דיגע גבורות און גאונ'ישע איינפאַלען, נישט ווייניגער, ווי אין די פריהערדיגע יאָהרען. אָבער די גרויסע פערבינדעטע אַרמעע, נישט קוקענדיג אויף פיעלע מפלות, איז לאַנגזאַם געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער אויף פּאַריז. איטליכער נצחון פון נאַפּאָלעאָנ'ען האָט איהם געקאָסט אַלץ מעהר סאָלדאַטען, וואָס ער האָט שוין נישט געקאָנט בעקומען אַזוי לייכט נייע אויף זייער אָרט; די צו-יונגע סאָלדאַטען (מען האָט שוין גענומען אין חיל, ווי געזאָגט, יונגעלייט פון 16 יאָהר אָן) פלעגען מאַסענווייז אומקומען פון קראַנקהייטען און זענען נישט געווען בכח אויסצוהאַלטען דאָס שווערע סאָלדאַטען-קריעגס-לעבען, און אין פראַנקרייך איז שוין נישט געווען דאָס פ א ל ק, וואָס זאָל קענען פיהרען געגען די פערבינדעטע מלוכות אַ פאָלקס-קריעג, ווי אין 1792—3, אָדער ווי עס האָבען געפיהרט דעם קריעג די שפּאַניער און די רוסען אין זייער פאָטערלאַנד. ווען די אַרמעען פון די פער-

בינדעטע מלוכות זענען אַנגעקומען אין פּאַריז (1814), האָט נאַפּאָלעאָן זיך געמוזט אונטערגעבען. נאַפּאָלעאָן האָט געמוזט זיך אָבזאָגען פֿון טהראָן. מען האָט איהם אַוועקגעגעבען אַ קליינע אינזעל עלבאַ ביים מערב-ברעג פֿון איטאַליען. פֿראַנקרייך האָט זיך געמוזט אָבזאָגען פֿון אַלע זיינע איינגענומענע לענדער און אָנגעהמען די גרעניצען, וואָס עס האָט געהאַט אין יאָהר 1792, ד. ה. אַז פֿראַנקרייך האָט זיך נישט געדאַרפֿט אָבזאָגען פֿון די טעריטאָריעס, וואָס עס האָט בעקומען צו דער צייט פֿון די ערשטע מלחמות פֿון דער רעפּובליק. באַלד, ווי נאַפּאָלעאָן איז אַוועק אין זיין ניי מלוכה'לע, האָט זיך אומגעקעהרט אין פּאַריז לודוויג דער 18-טער (דער ברודער פֿון לודוויג דעם 16-טען; דער 17-טער איז גע-שטאָרבען אין געפֿענגעניש אין דער צייט פֿון דער רעפּובליק), וועלכער איז אָנערקענט געוואָרען פֿון פֿראַנקרייך און אייראָפּא אַלס פֿראַנצויזישער קעניג.

לודוויג דער 18-טער האָט צוערשט גאָרנישט אומגעביטען אין פֿראַנק-רייך, שפּעטער אָבער האָבען די אַמאָליגע עמיגראַנטען אָנגעהויבען צו ווירקען אויף איהם, אַז ער זאָל אָבגעבען די אַריסטאָקראַטען און די גייסטליכע זייערע אַמאָליגע קאָנפֿיסקירטע ערד. די דאָזיגע פּרעטענזיעס פֿון די ראַטגעבער פֿון קעניג האָבען שטאַרק אויפֿגערודערט דאָס פֿראַנצויזי-שע פֿאָלק, און נאַפּאָלעאָן האָט זיך דערמיט באַלד אויסגענוצט. דעם 1-טען מערץ 1815 האָט זיך נאַפּאָלעאָן פּלוצלינג בעוויזען אין דרום-פֿראַנקרייך. ער איז באַלד אַרומגערינגעלט געוואָרען מיט מחנות בעגייסטערטע אָנהענ-גער, וועלכע האָבען נאָך נישט פֿערגעסען די גרויסע העלדענטאַטען פֿון זיין אימפּעריע. דער מאַרשאַל ניי, וואָס האָט געדאַרפֿט געהען מיט זיין אַרמעע געגען אימפּעראַטאָר, האָט זיך פֿעראייניגט מיט איהם, און נאַפּאָלעאָן איז ווידער אַריין אין פּאַריז, אונטער אַ בעגייסטערטען "הוראַ" פֿון דער בעפֿעלקערונג. לודוויג דער 18-טער האָט זיך, פֿערשטעהט זיך, באַלד אָבגעטראָגען, און נישט וואַרטענדיג, ביז די פֿערבינדעטע אַרמעען וועלען קומען צו איהם, נאַפּאָלעאָנ'ען, האָט ער זיי גענומען איינציגווייז צו צושלאָ-גען. ביי וואַטערלאָ אָבער האָבען די ענגלענדער און די פּרייסען געהאַט איבער איהם אַ נצחון, און דאָס איז שוין געווען די לעצטע מפּלה פֿון נאַפּאָלעאָנ'ען. נאָך דער מפּלה האָט מען איהם שוין נישט געלאָזען זיין אין עלבאַ, און מען האָט איהם פֿערשיקט אויף אַ ווייטער אינזעל סענט-העלענע, וואו די ענגלענדער האָבען איהם בעוואַכט אין זיין פּאַלאַץ ביז צום לעצטען טאָג פֿון זיין לעבען. ער איז דאָרטען געשטאָרבען אין

1821, — 52 יאָהר אַלט, פֿון אַ מאַגען־קרעבס. די טעג, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט ווידער גענומען די מאַכט אין די הענד, דערנאָך ווי ער האָט פֿער־לאָזען די אינזעל עלבאַ, ביז צו זיין לעצטער מפּלה, הייסען אין דער גע־שיכטע „די הונדערט טעג״.

שוין אין 1814, דערנאָך ווי מען האָט געצוואונגען נאַפּאָלעאָנ׳ען זיך אָבצוזאָגען פֿון טהראָן, האָבען זיך אָנגעהויבען די בעראַטונגען פֿון די קעניגען מיט זייערע דיפּלאָמאַטען מכּח די גרענעצען פֿון איטליכער מלוכה אין אייראָפּאַ. באַלד האָבען זיך אַרויסגעוויזען די פֿערשיעדענע אינטערעסען צווישען רוסלאַנד און פּרייסען פֿון איין זייט, און ענגלאַנד, עסטרייך און פֿראַנקרייך פֿון דער אַנדערער. „די הונדערט טעג״ האָבען אָבער אַזוי איבערגעשראָקען אַלעמען, אַז מען איז גיך פֿאַרטיג געוואָרען צווישען זיך. רוסלאַנד האָט בעקומען דעם גרעסטען טייל פֿון וואַרשויער הערצאָגטום. פּרייסען האָט צוריקבעקומען די פּוילישע ערד, שוועדיש־פּאָמערן און די פֿריהערדיגע בּרענגען ביים רהיין ביז קאָבלענץ. עסטרייך האָט צוריקבעקו־מען טיראָל און אויסערדעם זיך אַוועקגעשטעלט אָן דער שפּיץ פֿון גערמאַנישען בונד. די אונטערהאַנדלונגען זענען געווען געפֿיהרט אין וויען, אונטער׳ן נאָמען „דער וויענער קאָנגרעס״. דער גער־מאַנישער בונד איז בעשטאַנען פֿון 38 מלוכות. וועלכע פֿלעגען שיקען זייערע פֿערטרעטער אין בונדעסראַט, וואָס איז געזעסען אין פֿראַנקפֿורט אַם מאַין. האָלאַנד און בעלגיען זענען געוואָרען פֿעראייניגט אין איין מלוכה. די שווייצערישע רעפּובּליק איז ערקלערט געוואָרען אַלס נייטראַלע מלוכה, וואָס שטעהט אונטער׳ן שוץ פֿון אייראָפּאַ. אין איטאַליען האָט עסטרייך בעקומען לאָמבאַרדיען און די ווענעדיגער פּראָווינץ, און די קעניגען פֿון סאַרדיניען און פֿון דיביידע סיציליענס האָבען צוריק בעקומען זייערע אַלטע רעכטען, צוגלייך מיט דעם רוימישען פּויפּסט. פּאָרטוגאַל און שפּאַניען האָבען אויך צוריקבעקומען זייערע טעריטאָריען, און ענגלאַנד האָט בעקומען פֿון זיינע עראָבערונגען די אינזעלען מאַלטאַ, סענט־מוריציוס און עטליכע אַנטילער אינזעלן, וואָס זיי האָבען צוגענומען ביי די פֿראַנצויזען, ווי אויך די אינזעל צייל‌אָן און „דעם שפּיץ פֿון דער גוטער האָפֿנונג״, וואָס זיי האָבען צוגענומען פֿריהער ביי האָלאַנד. אין יאָהר 1815, ביים צווייטען פּאַריזער שלום, נאָך נאַפּאָלעאָנ׳ס לעצטער מפּלה, איז נישט פֿאָר־געקומען קיין שום שנויים, חוץ דעם, וואָס מען האָט ערקלערט איצט פֿאַר די גרענעצען פֿון פֿראַנקרייך נישט די, וואָס פֿון יאָהר 1792, נאָר וועלכע פֿראַנקרייך האָט געהאַט אין יאָהר 1789, פֿאַר דער רעוואָלוציע,

ד. ה. פראַנקרייך האָט פערלאָרען עטליכע פראָווינצען פון עלזאַס און פו־
סאַוואָיען ; אַוויניאָן איז געבליעבען ביי פראַנקרייך, האָטש די שטאָדט
איז בעהעפט געוואָרען צו די פראַנצויזישע גרענעצען ערשט נאָך 1789
ז. אויבען).

---

## צווייטער אבשניט.

# דער נייצעהנטער יאהרהונדערט.

---

### ערשטעס קאפיטעל.

## די רעאקציע און דער ליבעראליזם.

דער איינפלוס פון דער רעוואלוציע אין דער אימפעריע. — דער היילי‌גער בונד. — גערמאניען. — אמעריקא און דרום-מערב אייראפא. — די קאנגרעססען. — טערקיי. — דער גריכישער בונט. — די אריינמישונג פון אייראפא. — רוסלאנד און די טערקיי. — די ווידער-הערשטעלונג אין פראנקרייך פון אלטען סדר. — די יולי-רעוואלוציע.

דער וויענער קאנגרעס פון די מלוכות האט פונדעסטוועגען נישט געקענט אבלייקענען דאס, וואס עס איז פארגעקומען פון 1789 אן. די אייראפעאישע קארטע איז פערענדערט געווארען, בנוגע צו די גרענעצען פון געוויסע מלוכות, אויך האט זיך געענדערט דער אינע־ווענינגסטער פאליטישער סדר פון מאנכע מלוכות, וואו עס איז שוין דורכגעפיהרט געווארען פון די פראנצויזען די פרינציפען פון דער רעווא־לוציע אין פראנקרייך און פון דער נאפאלעאנישער אימפעריע. לודוויג דער אכצענטהער האט פראנקרייך ארויסגעגעבען א הארטיע (א קעניגליכען כתב), וואו עס זענען גאראנטירט געווארען די פערזענליכע פרייהייטען און די צוויי געזעצגעבענדע פאלאטעס. אלעקסאנדער דער ערשטער האט אין דער פוילישער מלוכה בעשטעטיגט אנ׳אוסטאוו, וואס האט זיך גערעכענט מיט דער פוילישער בריטער קאנסטיטוציע פון 3-טען מאי 1791. אין גערמאניען האבען אין דעם מעהרסטען טייל מלוכות׳לעך שוין עקזיסטירט פאלקס-פערטרעטונגען, און אין פרייסען האט דער קעניג, צו דער צייט פון די בעפרייאונגס־קריעגען פון נאפאלעאנ׳ס יאך, פערשפראכען דעם פאלק איינצופיהרען א פארלאמענט. אפילו דער גער־

מאַנישער בונד האָט געהאַט אַ פּונקט ביי זיך, אַז יעדע מלוכה בעזונדער דאַרף ווערען פֿערוואַלטעט מיט דער הילף פֿון די „שטאַנדען“. נאָר נישט קוקענדיג אויף אַלע די דאָזיגע הנחות, איז פֿונדעסטוועגען געווען אַ גרויסער אונטערשיעד צווישען דעם כּלל אין די מלוכות, וואָס האָט שוין צוריסען דעם בונד מיט׳ן אַלטען סדר, און די העכערע קלאַסען, וואָס זענען גרויס געוואָרען, נאָר צוליעב׳ן אַלטען פֿעאָדאַלען סיסטעם. חאָטש ביידע האָבען געקעמפּפֿט געגען יאָך פֿון נאַפּאָלעאָן, אָבער איטליכער כּלל בעזונדער האָט גאָר אַנדערש פֿערשטאַנען די רעזולטאַטען פֿון דאָזיגען קאַמפּף. די נצחונות פֿון 1814—15 האָבען ענדליך פֿערשטאַרקט די רעאַקציע און מען האָט זיך ווייטער אָנגעהויבען אומקערען צו די אַלטע אָבגעלעבטע צייטען.

אַלעקסאַנדער דער ערשטער, וואָס איז געווען שטאַרק אונטער דעם איינפֿלוס פֿון די בעפֿרייאונגס־קריעגען, האָט אַויעקגעוואָרפֿען באַלד די „פֿרייע געדאַנקען“ פֿון די אַמאָליגע ענציקלאָפּעדיסטען און איז געוואָרען שטאַרק רעליגיעז. ער האָט געגרינדעט דעם „הייליגען בונד“, וואו עס זענען אַריינגעטרעטען דער עסטרייכישער קייזער און דער פּרייסישער קעניג, און וועלכער האָט זיך געשטעלט דעם ציעל צו האָבען די השגחה אויף די אייראָפּעאישע פעלקער, אַז זיי זאָלען ווערען גוט בעהאַנדעלט און ערצויגען ווערען אין גייסט פֿון קריסטענטום און אין דער פֿאָרשטעלונג, אַז די איינציגע פֿאָרשטעהער פֿון דער מאַכט אויף דער ערד זענען נאָר די פֿון גאָט־געקרוינטע קעניגען. דער פּראַקטישער אָרגאַניזאַטאָר פֿון הייליגען בונד איז געוואָרען דער עסטרייכישער קאַנצלער פֿירשט מעטערניך. מעטערניך האָט, אַזוי ווי נאַפּאָלעאָן, פֿיינד געהאַט אַלערליי פּוסטע פֿראַזען און אַלערליי אידעאַליסטען, אָבער נאַפּאָלעאָן האָט פֿונדעסטוועגען, ווי נישט, געדיענט די גרויסע אידעען פֿון זיין צייט, בעת מעטערניך האָט נאָר געזעהען, אַז אין דעם לעבען פֿון די מלוכות זאָל נישט אַריינדרינגען קיין שום ענדערונג, אַז אַלץ זאָל בלייבען ווי געווען. ער האָט געפֿיהלט, אַז פֿאַר עסטרייך, אַזאַ צונויפֿגעשטיקעוועט לאַנד פֿון צעהנדליגער נאַציאָנען, איז גלייכער זיך נישט צו נעהמען פֿאַר קיין רעפֿאָרמען, אַז וואָס אונבעוועגליכער דאָס לאַנד איז, אַלץ זיכערער איז עס פֿון צעפֿאַלען צו ווערען. אַ דאַנק דעם הייליגען בונד, האָט די עסטרייכישע פּאָליטיק בעקומען הילף פֿון זיינע מעכטיגע שכנים, אויף דורכצופֿיהרען די רעאַקציע אין גאַנץ אייראָפּאַ.

מעהר פֿאַר אַלץ האָבען אינטערעסירט דעם הייליגען בונד די גערמאַ-

ישע פּאָליטישע עסקים. מעטערניך האָט איינגעפונען, אַז דאָרטען גרייט זיך צו אַ רעוואָלוציאָנערע שטימונג. די דענקער און ליטעראַטען פון ענדע 18־טען און אָנפאַנג 19־טען יאַהרהונדערט האָבען געבראַכט דערצו, אַז איטליכער געבילדעטער דייטש איז געווען שטאַרק נישט צופריעדען מיט די צושפּאָלטענקייט פון דייטשלאַנד אין צעהנדליגער מלוכות און האָט געשטרעבט צו שאַפען אַ פאָלק פון אַ פ ע ר א י י נ י ג ט ע ן ד י י ט ש ל אַ נ ד: אין דער צייט פון די בעפרייאונגס־קריעגען 1813–4 האָבען אַלע דייטשען אָהן אַנ׳אונטערשיעד געקעמפּפט פאַר א י י ן ־ א י י נ צ י ג ע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע זאַך. יונג און אַלט האָבען זיך פעראייניגט, אַלס פרייוויליגע, געגען דעם פראַנצויזישען יאָך, און זיי האָבען געקעמפּפט פאַר אַ בעסערע צוקונפט פון אַ פעראייניגטען דייטשלאַנד און פאַר אַ ברייטע נאַציאָנאַלע פרייהייט. באַלד אָבער נאָך די נצחונות האָבען די דיפּלאָמאַטען אויפ׳ן וויענער קאָנגרעס ווידער נישט דערלאָזען, אַז דאָס צוברעקעלטע דייטשלאַנד זאָל זיך פעראייניגען, און די רעגיערונגען, אָנשטאָט דאַנקבאַר צו זיין דער בעגייסטערונג פון פאָלק, האָבען נאָך שטאַרקער געמאַכט די פּאָליצייאישע השגחה אויף איטליכען בירגער פון זייערע לענדלעך. און דערום האָט זיך איבער גאַנץ דייטשלאַנד פערשפּרייט אַ גרויסע אונצופריעדענהייט, און די שטודירענדע יוגענד האָט אָנגעהויבען צו מאַכען עפענטליכע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס און צו גרינדען געהיימע פּאָליטישע געזעלשאַפטען. אין 1817 האָבען זיך אין וואַרטבורג (צום אָנדענקען פון די 300 יאָהר זייט דער רעפאָרמאַציע) פערזאַמעלט די סטודענטען מיט די פּראָפעסאָרען, האָבען געהאַלטען ברענענדיגע פּאָליטישע רעדעס, האָבען פערברענט עפענטליך פערשידענע ביכער פון די רעאַקציאָנערע פּובליציסטען און צוגלייך אויך סימבאָליש (בדרך משל) פערברענט אַנ׳עסטרייכישען אונטער־אָפיצירס שטאָק, כלומר׳שט, די עסטרייכישע מעטערניכ׳שע רעאַקציע. מאַנכמאָל האָבען די פּראָטעסטען נאָך אָנגענומען אַ סך שטאַרקערע פאָר־מען. אַזוי, למשל, האָט דער סטודענט ז אַ נ ד דערשטאָכען דעם שרייבער ק אָ צ ע ב ו, ווייל מען האָט איהם חושד געווען, אַז ער איז אַ רוסישער שפּיאָן.

אויף מעטערניכ׳ס פערלאַנג האָט מען נאָך שטרענגער געמאַכט די צענזור, נאָך שווערער געמאַכט די השגחה אויף די אוניווערזיטעטען, און בייס בונדס־ראַט אין פראַנקפורט האָט מען אַוועקגעזעצט אַ קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט אויסראָטען אין דייטשלאַנד די נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע אַגיטאַציע.

אין גערמאַניען האָט מען זיך בעגנוגענט בלויז מיט פּאָליציייאישע מיטלען. אין דרום־מערב־אייראָפּאַ האָט די פּאָליטיק פון „הייליגען בונד" געבראַכט צו בלוטיגערע רעזולטאַטען. אין שפּאַניען, פּאָרטוגאַל און איטאַליען ווי אויך אין די שפּאַנישע קאָלאָניעס איז עס געקומען ביז צו אַ רעוואָלוציע. אין די אמעריקאַנישע קאָלאָניעס האָבען די קרעאָלען, די געבירטיגע איינוואָהנער פון די אַמאָליגע שפּאַניער, וואָס האָבען ענטדעקט די דאָזיגע קאָלאָניעס, זיך בעקלאָגט דערויף, וואָס די שפּאַניער לאָזען נישט צו צו דער פערוואַלטונג די געבירגטע איינוואָהנער, וואָס זיי נוצען אויס די רייכטימער פון לאַנד נאָר פאַר דאָס מוטערלאַנד (מעטראָפּאָלע) און דאָס די שטאָלצע און נישט פעהיגע שפּאַניער לאָזען בשום אופן נישט צו די געבוירענע שפּאַניער פון די קאָלאָניעס צו אַ בעסערע פער= וואַלטונג. אין שפּאַניען גופא האָט געבעל־הבית'עוועט אַ „קאַמאַריליע" (אַ אַ חברה'לע ביים קעניגליכען חויף), וואָס האָט נאָר זיך אונטערגעשמייכעלט צו דעם ביזען, נישט פעהיגען פערדינאַנד'ען דעם 7־טען. דער קאַטוי־ לישער פאַנאַטיזם האָט ווידער אָנגעהויבען זיך צו שטאַרקען, און עס האָבען זיך ווידער אָנגעהויבען די רדיפות געגען איטליכען פרייען גע־ דאַנק. אין פּאָרטוגאַל ווידער איז געווען אַזאַ לאַגע: דער קעניג איז געזעסען אין בראַזיליען, אין מיט'ן לאַנד האָבען פערוואַלטעט די ענגלענ־ דער, וואָס האָבען בעהאַנדעלט די פּאָרטוגיזען ווי מענשען פון אַ ניע דעריגער הערקונפט, וואס האָבען נאָר אין עסק־פאָלגען די ענגלענדער און צו צאָהלען וואָס מעהר אָבגאַבען. ערגער ווי אומעדום איז געווען דער מצב אין איטאַליען. איטאַליען האָט געהאַט דריי צענטרען פאַר פינסטערקייט און פאַר פאָלקס=אונטערדריקונג. אין דעם פויפסט'ס פראָווינצען האָבען געאַרבייט די העכערע קאַטוילישע גייסטליכע, אום צו קעמפּפען מיט'ן ליבעראַליזם, האָט דער יעזואיטען־אָרדען (ז־ אויבען) ווידער בעקומען צוריק זיינע פולע פריהערדיגע רעכטען. אין נעאַפּאָל און סיציליען האָט דער קעניג פערדינאַנד נישט ווייניגער אויס= געדריבט דאָס פאָלק. ענדליך האָט צפון=איטאַליען געהאַט איבער זיך די עסטרייכישע מאַכט, וואָס האָט איינגאַנצען דורכגעפיהרט די אונ־ ברחמנות'דיגע רעאַקציאָנערע פאָליטיק פון מעטערניכ'ען. אין צפון=מערב האָט דער סאַרדינישער קעניג גאָר נישט געקענט טהון געגען די עסטרייכער, און ער איז אַליין געווען אָפט אונטער זייער איינפלוס.

די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבען אין אַמעריקאַ. 10 יאָהר האָבען די קרעאָלען געבונטעוועט געגען שפּאַניען, ענדליך איז זיי געלונגען זיך

צו בעפרייען פון שפאַנישען יאָך, און זיי האָבען געגרינדעט די רעפובליק קאָלומביע; פערו, טשילי, אורוגוואַי און מעקסיקא האָבען אויך בעקומען זעלבסטשטענדיגקייט, און אין אַלע די דאָזיגע רעפובליקען האָט זיך אָנגעהויבען דאָס פּאָליטישע לעבען, וואָס פיהרט זיך נאָך ביז היינטיגען טאָג, און וואָס איז פאַר'ן אייראָפּעער נאָך אַלץ נישט פערשטענדליך: אַלע ווייֵלע קומען דאָרט פאָר רעוואָלוציעס, וואָס איין פּאַרטיי רופט אַרויס געגען די אַנדערע. שטענדיג פיהרען זיך דאָרטען בלוטיגע קריעגען צווישען די פיהרער פון די פּאַרטייען; אַלעווייַלע פערהאַפט אַ וויטיגער די מאַכט פון דעם נעכטען געוועהלטען פּרעזידענט.

דאָס, וואָס די קאָלאָניעס זענען אָבגעפאַלען פון שפּאַניען, האָט אַרויסגערופען אַ רעוואָלוציע אין דער שפּאַנישער אַרמעע געגען קעניג. נאָך אַ קורצען קאַמפף איז איינגעפיהרט געוואָרען אין שפּאַניען די קאָנסטיטוציע פון 1812 (לויט דעם מוסטער פון דער פראַנצויזישער אין 1791, נאָך אַ ביסעל ליבעראַלער). דער מיליטער־בונט אין שפּאַניען האָט געפונען אַן אָבקלאַנג אין פּאָרטוגאַל. דער קעניג האָט זיך געמוזט אומקעהרען פון בראַזיליען און אָנגעהמען אַ קאָנסטיטוציע, לויט'ן מוסטער פון דער שפּאַנישער.

אין איטאַליען האָבען זיך שטענדיג געטליעט מיליטער־בונטען, דער באָדען דערפאַר איז שוין לאַנג געווען צוגעגרייט, אַ דאַנק די געהיימע בונדען פון די „קאַרבאָנאַרען" (קויהלענהענדלער), וואָס זענען געווען אָרגאַניזירט לויט'ן מוסטער פון די מאַסאָנער־לאָזשען, נאָר וואָס האָבען געהאַט ריין נאַציאָנאַל־פּאָליטישע ציעלען: בעפרייען און פעראייניגען איטאַליען אין איין מלוכה. אין נעאַפּאָל און אין סאַרדיניען האָט דאָס מיליטער געצוואונגען די קעניגען אונטערצושרייבען אַזאַ קאָנסטיטוציע ווי אין שפּאַניען.

דער הייליגער בונד האָט, פערשטעהט זיך, נישט געקענט צולאָזען, אַז די אַבסאָלוטע מאָנאַרכיעס זאָלען אונטערגעהען אין די ראָמאַנישע לענדער. עטליכע מאָל האָבען זיך די גרויסע מלוכות פערזאַמעלט אויף קאָנגרעסען אום אויסצואַרבייטען אַ שטרענגעם פּראָגראַם געגען די בונטען. די עסטרייכער האָבען זיך אַ לאָז געטהון אויף איטאַליען, זיך אָבגערעכענט מיט די רעוואָלוציאָנערען און איינגעפיהרט דעם אלטען סדר. אין שפּאַניען האָט זיך גענומען פאַר די רעוואָלוציאָנערען די פראַנצויזישע רעגירונג. נאָך אַ שווערען קאַמפף האָט זי ווידער הערגעשטעלט די אַמאָליגע אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע. אומעדום האָט זיך דער בונד מיאוס נוקם געווען

אָן די רעוואָלוציאָנערען, פֿערשטאַרקט די פּאָליציייאישע השגחה, **אויך** רודף געווען יעדערען, וואָס דערוועקט זיך נאָר צו טראַכטען ליבעראַל. **אין** נעאַפּאָל האָט די רעגיערונג, ווערענדיג אונטערגעהעצט פֿון דער גייסט־ליכקייט, פֿערבאָטען צו לערנען לעזען און שרייבען אַזוינע קינדער, וועמענס עלטערן עס קענען נישט אויפֿווייזען, אַז זיי פֿערמעגען וועניג־סטענס 600 רובל.

צום גליק אָבער איז באַלד פֿאָרגעקומען אין דרום־מזרח־אייראָפּאַ עפּעס אַזוינס, צוליעב וואָס די פֿריינדשאַפֿט פֿון די מלוכות אין הייליגען בונד האָט אָנגעהויבען שוואַכער צו ווערען.

אַ גרויסע צאָהל קריסטען פֿון דער באַלקאַנער האַלב־אינזעל איז נאָך אַלץ געלעגען אין דער מאַכט פֿון די טערקען, וואָס זענען ביז צום 19־טען יאָהרהונדערט געבליבען די אייגענע באַרבאַרען, וואָס אין 15־טען, ווען זיי האָבען פֿערנומען קאָנסטאַנטינאָפּאָל. די קריסטען (ראַיאַ) זענען נאָך אַלץ געבליבען אין זייערע אויגען אַ מין סטאַדע שאָף, וואָס ווערען אויסגעקוועטשט פֿון דער פֿאַנאַטישער בעפֿעלקערונג און אויסגערויבט פֿון די בעאַמטע אין לאַנד. בינו־לבינו איז די מאַכט פֿון די טערקען געפֿאַ־לען. דער קאַמפּף געגען טערקישען יאָך איז שוין נישט געווען אַזאַ חלום, ווי צו די צייטען, ווען טערקיי האָט גלייכצייטיג געסטראַשעט קיעוו און וויען. פֿון סוף 17־טען יאָהרהונדערט האָט טערקיי געמוזט אָבגעבען רוס־לאַנד און עסטרייך אַ פּראָווינץ נאָך אַ פּראָווינץ. די אינערע פֿערוואַלטונג אין טערקיי איז געווען אַ שלעכטע; ווען נישט דער פֿאַנאַטיזם פֿון די מוסולמענער, די העלדישקייט פֿון די טערקישע סאָלדאַטען און די אונ־אייניגקייט פֿון די פֿיינדליכע מלוכות, וואָלט די טערקיי זיך נישט געקענט האַלטען. די פֿינאַנסען פֿון לאַנד זענען געווען אין דער **גרעסטער** **אונאָרד־נונג**, די געריכטען האָבען נישט געהאַט קיין שום יושר, **איבער** **דער** גאַנצער טערקיי האָבען אַרומגעשפּאַצירט באַנדעס מערדער **און** **גזלנים**, אין דער מלוכה האָבען גע'בעל־הבית'עוועט די הויפֿט־פּאַרטייען **און** **אַ** צולאָזענע הויף־גוואַרדיע (יאַניטשאַרען); די גובערנאַטאָרען **האָבען** **פֿער־וואַלטעט** די פּראָווינצען אָהן אַ שום קאָנטראָלע, צווייי פֿון זיי, **איינער** **אין** עגיפּטען און דער אַנדערער אין אַלבאַניען, האָבען זיך אויפֿגעפֿיהרט, ווי זעלבסטשטענדיגע הערשער.

די פֿערשקלאַפֿטע קריסטליכע פֿעלקער האָבען שוין געהאַט פֿאַר זיך ביישפּיעלען, ווען מאַנכע פֿעלקער האָבען זיך בעפֿרייט פֿון טערקיש יאָך. חוץ די מאָנטענעגרער, וואָס זענען צוליעב זייערע בערג געוו

שטענדיג כמעט פריי פון טערקישען יאָך, האָבען זיך מיט דער רוסישער הילף בעפרייט פון די טערקען די רומענער און די סערבען. איבער־הויפט האָט זיך פערשפרייט איבער דער גאַנצער האַלב־אינזעל צו די צייטען פון יעקאַטערינא דער צווייטער און פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען די האָפנונג, אַז רוסלאַנד וועט העלפען די ברידער פון איין גלויבען. די סיריער, די קליין־אַזיאַטישע גריכען, די אַרמעניער און די בולגאַרען זענען נאָך געווען צו שוואַך, אויף צו קלערען וועגען אַ בונט געגען טערקיי. נאָר אין די אייראָפּעאישע פּראָווינצען, וואָס האָבען אָנגעהערט דער טערקיי און וואָס זענען געווען בעפעלקערט מיט גריכען, האָט זיך אַזאַ בונט צוגעגרייט אויף פערשידענע אופנים.

אין די בערג פלעגען פון אייביג־אָן זיצען די באַנדעס „קלעפטען" (גזלנים און רויבער), וואָס פלעגען סיסטעמאַטיש קעמפפען געגען טערקישען יאָך. זיי פלעגען שטענדיג אָנפאַלען אויף די מוסולמענער און פלעגען צוליעב די בערג־ און פעלזען־שפּאַלטען זיך שטענדיג קענען שיצען געגען דעם טערקישען חיל, וואָס האָט זיי גע׳רודפ׳ט. צווישען די רייכערע גריכישע געמיינדען אין די טהאָלען און ביים ברעג ים האָבען זיך בעוויזען געהיימע בונדען (העטעריעס), וואָס זענען געווען אין אַ סך זאַכען עהנליך צו די איטאַליענישע „קאַרבאָנאַרען" (ז. אויבען). ווייטער האָבען די רייכע גריכען געזוכט צו קניפּען פערבינדונגען מיט אַלערליי מאָנאַרכען און איינפלוסרייכע מלוכה־לייט פון אייראָפּאַ. די קאָנסטאַנטינאָפּאָלער רייכע גריכישע געמיינדע האָט אַפילו נישט סימפּאַטיזירט מיט דער דאָזיגער גריכישער פאָלקס־בעוועגונג, אָבער זי האָט גאָרנישט געקאָנט טהון, זי אָבצושוואַכען. די ערשטע סבה פון גריכישען אָפענעם בונט איז געווען דאָס, וואָס אַלי־פאַשאַ (דער וויצע־קעניג פון אַלבאַניען) איז אָבגעפאַלען פון סולטאַן. בעת דער סולטאַן איז געווען פערנומען מיט אַלבאַניען, האָבען זיך די גריכען אויך גענומען פאַר די וואַפען געגען טערקיי. אין טעסאַליען, אַטיקאַ, בעאָטיען און מאָרעאַ האָבען אויפגעפלאַקערט די בונטען. דער גאַנצער בונט איז צופאַלען אין מעהרערע פונקטען, און אַזוי ווי די טערקען האָבען גלייכצייטיג געמוזט קעמפפען אין פערשידענע ערטער מיט די גריכען, האָט זיך דער בונט געצויגען עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד. חאָטש די טערקען זענען געווען נישט דער ערך גרעסער אין דער צאָהל, אָבער צוליעב די בערג־יגע ערטער אין גריכענלאַנד, פון וואַנען די גריכען האָבען געשאָסען מיט קויהלען, האָט די גרעסערע צאָהל סאָלדאַטען פון דער טערקיי נישט געקענט האָבען אַזאַ וויכטיגע בעדייטונג,

סוף־כל־סוף וואָלטען דאָך די גריכען געמוזט פערלירען די מלחמה, ווען נישט די אַריינמישונג פון די אייראָפּעאישע מלוכות.

די סימפּאַטיע פון דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט איז שוין לאַנג געווען אויף דער זייט פון די גריכען. חוץ דעם געפיהל פון דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט צו קריסטען, וואָס קעמפפען געגען די מוסולמענער, איז נאָך צוגעקומען נאָך אַ געפיהל. פאַר דער געביל־דעטער געזעלשאַפט זענען די קעמפפענדע גריכען (האטש זיי האָבען אָבגעשטאַמט אין דער מעהר־צאָהל פון איינגעוואַנדערטע סלאַווען און אילירער) געווען די יורשים פון מיליטיאַדעס, פעריקלעס און סאָקראַטעס (ז. ס. 1), וואָס קעמפפען געגען די אַזיאַטישע באַרבאַרען. פון ענגלאַנד, דייטשלאַנד און פראַנקרייך האָבען זיך געצויגען די פרייוויליגע, וואָס זענען געפאָהרען העלפען די בעדרענגטע גריכען. נאָר אַלע די דאָזיגע סימפאטיען וואָלטען נאָך ווייניג־וואָס געהאָלפען, ווען אייראָפּאַ וואָלט זיך נישט אַריינגעמישט אין קאַמפף. אָבער אַזאַ אַריינמישונג איז נישט געווען אַזוי לייכט צוליעב פערשיעדענע אורזאַכען. ענגלאַנד איז געווען פאַר די בעפרייאונגס־בעוועגונג אין גריכענלאַנד. רוסלאַנד, וואָס האט געהאַט זיינע אינטערעסען אויף דער באַלקאַן־האַלב־אינזעל, איז אויך געווען פאַר די גריכען. פראַנקרייך איז געווען גלייכגילטיג. פרייסען, נישט האָבענדיג קיין שום אינטערעסען אויפ'ן באַלקאַן, האָט זיך נישט געוואָלט אַריינ־מישען. דאַגעגען עסטרייך איז גלייכער געווען, אַז טערקיי זאָל ווייטער בלייבען די איינציגע מאַכט אויפ'ן באַלקאַן, און דערום איז עס געווען געגען דעם גריכישען בעפרייאונגס־קריעג. מעטערניך האָט ווייניג־וואָס געקוקט דערויף, וואָס קריסטען קעמפפען געגען מוסולמענער. ער האָט געזעהען אין גריכישען בונט נאָר אַ רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג, וואָס וויל נישט אַנערקענען די רעכטמעסיגע מאַכט פון סולטאַן, אַ בעוועגונג, וואָס איז בכלל געגען דעם הויפּט־פּרינציפּ פון „היילינגען בונד", וואָס שטעלט די אַבסאָלוטע מאַכט פון הערשער העכער, ווי די וואונשען פון פאָלק. אַלעקסאַנדר דער ערשטער האט צוליעב מעטערניכ'ען און אַלס מיטגליעד פון היילינגען בונד נישט געוואָלט שטיצען די גריכען. ערשט מיט זיין טויט, ווען אויפ'ן טהראָן איז אַרויף זיין זוהן ניקאָלאַי דער ערשטער, האָט רוסלאַנד זיך ענערגיש אָנגעהויבען אַריינצומישען צום נוצען פון די גריכען. אין יאָהר 1826 האָט דער פעראייניגטער פלאָט פון רוסלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד געצוואונגען דעם טערקישען חיל אָב־צורייניגען פון זיך גריכענלאַנד. אין 1829 האָט רוסלאַנד געצוואונגען

דער טערקיי צו ערקלערען גריכענלאַנד פאַר אונאַבהענגיג פון דער טערקיי. די פּאָליטיק פון „היילינען בונד“ האָט דערום גע־האַט אַ מפּלה צוליעב גריכענלאַנד.

די צווייטע מפּלה האָט זי געהאַט אין פראַנקרייך. דאָס, וואָס נאָך נאַפּאָלעאָנ׳ען האָבען ווידער בעקומען די קעניגליכע מאַכט די בורבאָנען, דאָס הייסט די דינאַסטיע פון די לודוויג׳ס, האָט אַריינגעבראַכט פראַנק־רייך אין אַ שווערע לאַגע. די פראַנצויזישע געזעלשאַפט האָט זיך צוטיילט אין צוויי פיינדליכע לאַגערן. פון איין זייט האָבען אינטריגירט די געוועזענע עמיגראַנטען, וואָס האָבען בעטראַכט אַלץ, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין פראַנקרייך זייט 1789 ביז 1815, פאַר אַ בייזען חלום, וואָס מען מוז אויסמעקען פון דער פראַנצויזישער געשיכטע, און די גייסטליכקייט, וואָס האָט געוואָלט צוריקבעקומען איהרע אַמאָליגע מאַכט און פּריווילעגיעס. אויף דער אַנדערער זייט איז געווען די מעהרהייט פון דער פראַנצויזישער נאַציאָן, וואָס האָט אַזוי פיעל געוואונען דורך דער רעוואָלוציע און אימפּעריע און וואָס איז גע־ווען גרייט מיט אַלע קרעפטען צו פערטיידיגען איהרע נייע רעכטען. צווי־שען די ליבעראַלע פיהרער פון פאָלק זענען געווען אַזוינע, וואָס האָבען אַפילו נישט געוואָלט דערלאָזען צו גוואַלדטאַטען און בלוט־פערגיסען, און אַזוינע, וואָס האָבען זיך נישט אָבגעשטעלט פאַר קיין מיטעל אין דעם דאָזיגען קאַמפף. און אַזוי ווי די שנאה צו די יורשים פון אַלטען סדר איז שטענדיג געוואַכסען, איז צוגלייך אויך געוואַכסען די אַהבה צו נאַפּאָלעאָנ׳ען, וואָס איז געוואָרען דער אידעאַל נישט נאָר פון דער אַרמעע און פון פאָלק, נאָר אויך ביי די געבילדעטע קלאַסען, וואָס האָבען בעטראַכט נאַפּאָלעאָנ׳ען, אַלס דעם דיענער פון די גרויסע אידעען פון דער רעוואָלוציאָנס־צייט.

די אויפגאַבע פון דער רעגיערונג איז דערום געווען זעהר אַ שווערע. צוערשט איז די רעגיערונג, אַ דאַנק זיינע מיניסטאָרען, ווי־עס־איז פאַרטיג געוואָרען מיט דער דאָזיגער אויפגאַבע אייגצוהאַלטען אין די גרעניצען די צוויי פיינדליכע לאַגערן. לודוויג דעם 18־טענס מיניסטאָרען רישעליע און דעקאַזי האָבען פערשטאַנען, אַז די קעניגליכע מאַכט דאַרף שטעהען העכער פון וואָס־עס־איז פאַר אַ פּאַרטיי, און אַז נישט אַלץ, וואָס די רעוואָ־לוציע האָט בעשאַפען, קאָן מען אַזוי לייכט ווידער בטל מאַכען. נאָר די רעגיערונג האָט זיך נישט לאַנג געהאַלטען ביי דער דאָזיגער פּאָליטיק. נאָך לודוויג׳ס טויט איז אַרויף אויפ׳ן טהראָן קאַרל דער 10־טער, אַ ברודער

פון לודוויג דעם 16-טען, און דער איינפלוס פון „הייליגען בונד", ווי אויך די פאליטישע אויפגערעגטקייט פון פראנקרייך האט געשטויסען די רעגיערונג אויף א רעאקציאנערען וועג. קארל האט זיך עפענטליך געשטעלט אויפ'ן צד פון די גייסטליכע און די ראיאליסטען, די שונאים פון דער פראנצויזישער דעמאקראטיע. די עמיגראנטען האט ער געלאזט בעפריעדיגען פאר זייערע קאנפיסקירטע גיטער מיט א מיליארד פראנק. די גייסטליכע האט מען געקלערט צו געבען גרויסע הנחות. זיין מיניסטער ווילעל האט געוואלט פערשארפען די צענזור אין איבערמאכען דעם אופן פון די וואהלען אין די פאלאטעס, מיט'ן ציעל אבצושוואכען די אפאזיציע פון די ליבעראלען.

אין יולי 1830 האט דער קעניג ארויסגעגעבען פון זיך 5 צירקוליארען, אהן דער בעטייליגונג פון די פאלאטעס, וועלכע האבען פערענדערט דעם וואהל-סיסטעם און פערשטארקט די צענזור אויף ביכער, בעזונדערס אויף צייטונגען. די זשורנאליסטען האבען באלד ערקלערט, אז זיי וועלען זיך בשום אופן נישט רעכענען מיט די נייע צענזור-געזעצען און וועלען דרוקען זייערע בלעטער אהן צענזור. א גרויסע שטיצע האבען בעקומען די זשורנאליסטען ביי דער פאריזער בורזשואזיע, וואס האט זיך שטארק אינטערעסירט מיט פאליטיק, און וואס האט נאך נישט פערגעסען די בעליידיגונג, וואס דעם קעניג'ס מיניסטער האט פונאנדערגעלאזען די בירגערליכע ארמעע, די נאציאנאלע גווארדיע. ביסלעכווייז האבען זיך אנגעהויבען בעטייליגען אין דער אויפרעגונג אויך די ארבייטער, וועלכע האבען צול'עב דער אויפגערעגטער שטימונג אנגעהויבען ליידען פון ארבייטסלאזיגקייט. אסך פאבריקאנטען, מורא האבענדיג פאר א קומענדיגער רעוואלוציע, האבען אבגעשטעלט די ארבייט אין זייערע פאבריקען. אין פאריז זענען דאמאלס געווען אינגאנצען 12 טויזענד סאלדאטען. צוויי טעג האט געדויערט דער קאמפף מיט די סאלדאטען. גאנץ פאריז איז געווען פערצוימט פון באריקארען. די קעניגליכע ארמעע האט געמוזט אבטרעטען. קארל האט אפילו באלד צוריקגענומען די צירקוליארען, אבער די בירגער האבען שוין אויף קיין פאל נישט געוואלט האבען צו טהון מיט די בורבאנען. פאר א רעפובליק האבען זיי אויך מורא געהאט, ווייל זיי האבען זיך געשראקען פאר די צו גרויסע פאדערונגען פון די ניעדעריגערע קלאסען. הויפטזעכליך פון די ארבייטער, דערום זענען זיי געבליעבען ביי א קעניגליכער מאכט. אבער אלס קעניג האבען זיי אויסגעקליעבען לודוויג-פיליפען, דעמיעניגען, וואס

האָט געשטימט אין די רעוואָלוציאָנס־יאָהרען מיט די, וואָס האָבען פֿער־משפּט דעם קעניג צום טויט און וואָס שטאַמט פֿון די אָרלעאַנען, נישט פֿון די בורבאָנען. פֿאַר אַזאַ קעניג האָבען זיי שוין נישט געהאַט, וואָס מורא צו האָבען, אַז ער וועט געהען אינאיינעם מיט די גייסטליכע און די ראָיאַליסטען.

די יולי־רעוואָלוציע אין פּאַריז האָט זיך אָבגערופֿען אויף אַ סך לענדער אין אייראָפּאַ. אין פּוילען איז, למשל, אויסגעבראָכען דער פּוילישער בונט פֿון יאָהר 1830. די איטאַליענער פּאַטריאָטען האָבען אויפֿגעהויבען אַ בונט אין פּויפּסט׳ס פּראָווינצען. בעלגיען האָט זיך אָבגעריסען פֿון האָלאַנד. פֿון אַלע די דאָזיגע בונטען האָט נאָר בעלגיען דערגרייכט צו אַ רעזולטאַט. די אייראָפּעאישע מלוכות האָבען פֿון דאַמאָלס אָן אַנערקענט בעלגיען אַלס אַ בעזונדערע מלוכה, מיט אַ קעניג בראש.

---

## צווייטעס קאַפּיטעל.

## דאַס נייצעהנטע יאָהרהונדערט פֿון 1830—ביז 1855.

ענגלאַנד. — די עמאַניספּאַציע פֿון די קאַטאָליקען. — טשאַרטריזם. — פֿראַנקרייך. — די רעוואָלוציע פֿון 1848 אין פֿראַנקרייך, אין דייטשלאַנד, אין עסטרייך, אין איטאַליען און אין פּרייסען. — די רעאַקציע. — נאַפּאָלעאָן דער דריטער. —

אין דער צייט, וואָס די מזרח־מלוכות האָבען געשטיצט מיט זייערע וואָפֿען די פּאָליטיק פֿון „הייליגען בונד״ אין איטאַליען און גערמאַניען, אין דער צייט ווען דער דאָזיגער רעאַקציאָנערער בונד האָט פֿראַנקרייך גע־שטויסען צו אַ רעוואָלוציע, האָט ענגלאַנד ווידער גענומען געהען אויפֿ׳ן וועג פֿון לאַנגזאַמע געזעצליכע רעפֿאָרמען, וואָס עס האָט נישט געקענט דורכפֿיהרען אין דער עפּאָכע פֿון די קריעגען מיט דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע און מיט נאַפּאָלעאָנ׳ען.

באַלד נאָך די קריעגען האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזען, ווי פֿערשיע־דען עס זענען די אינטערעסערען פֿון די ענגלענדער, און די אַנדערע מלוכות אין אייראָפּאַ, די אויסערע פּאָליטיק, אַ דאַנק דעם ליבעראַלען

מיניסטעריום, איז געווען א פריירע און א ליבעראלערע און פאלקאמען אונאבהענגיג פון רעאקציאנערען „הייליגען בונד“. ענגלאנד האט א סך מיטגעהאלפען, אז די קרעאלען און די גריכען זאלען ארויס אלס זיעגער אין זייער בעפרייאונגס־קאמפף. גלייכצייטיג האט זיך אנגעהויבען אין ענגלאנד א נייע עפאכע אין דער האנדעלס־פאליטיק, ענגלאנד האט זיך ערקלערט פאר א פרייען האנדעלס־אויסטויש, ד. ה., עס האט זיך אבגעזאגט פון הויכען צאל אויף סחורות, וואס געהען פון אויסלאנד אין ענגלאנד, און אומגעקעהרט. פאר דער שטארק ענטוויקעלטער ענגלישער פאבריקאציע האבען זיך געעפענט נייע מערק, און ענגלאנד איז עקאנאמיש געווארען מיט יעדען טאג שטארקער און רייכער. נאר חוץ דעם האט מען גענומען אבשאפען פערשידענע אלטערטימליכע געזעצען, ווי, למשל, די בעגרענצונגען פאר די קאטאליקען און די פעהלערען פון אלטען וואהל־סיסטעם. די קאטאליקען זענען ווידער הערגעשטעלט געווארען אין זייערע רעכטען. אזוי ווי דער קאטאליציזם האט שוין אויפגעהערט צו זיין א געפאהר פאר דער אנגליקאנישער קירכע, האט שוין קיין זין נישט געהאט צו מאכען בעגרענצונגען פאר'ן אלטען קאטאליציזם. דער ענגלענדער האט שוין איצט נישט געקענט דערלאזען, אז 6 מיליאן מענשען זאלען ווערען בערויבט פון בירגערליכע רעכטען צוליעב זייער אמונה. בעזונדערס וויכטיג איז געווען די ווידערהערשטעלונג אין די רעכטען פון דעם קאטאליציזם אין אירלאנד, וואו $\frac{4}{5}$ פון דער בעפעלקערונג זענען געווען קאטאליקען. אין יאהר 1829 איז דורכגעפיהרט געווארען אין פארלאמענט א ביל (א געזעץ), וואס נעהמט אראב פון קאטאליציזם די וויכטיגסטע בעגרענצונגען.

דערנאך האט מען זיך גענומען צו ענדערען דעם אלטען וואהל־סיסטעם (ז. ט. 5) און שאפען אזוינעם, וואס זאל באמת אויסדריקען פון יעדען וואהל־ארט די צאהל פון דער בעפעלקערונג און דעם איינפלוס איהרען. געגען דעם נייעם וואהל־סיסטעם זענען שטארק ארויסגעטרעטען די לארדען אין דער הויכער פאלאטע. אבער נאך א לענגערען קאמפף, וואס האט שוין כמעט געפיהרט צו א רעוואלוציע, האבען די לארדען געמוזט נאכגעבען און עס איז אנגענומען געווארען דער ביל, לויט וועלכען די שטעדט האבען בעקומען א גרויסען איינפלוס, און עס איז געפאלען דער איינפלוס פון די גרויסע גוטס־בעזיצער. אין 1832, ווען די וואהלען זענען שוין געגאנגען נאכ'ן נייעם וואהל־געזעץ, איז געוואקסען די צאהל פון די וועהלער פון 400 טויזענד אויף 800 טויזענד. אין 1833

האָט ענגלאַנד אָבגעשאַפט אין איהרע קאָלאָניעס דעם שקלאַפען־האַנדעל און די שקלאַפעריי. באַלד דערויף איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ נייעם געזעץ פאַר די פרייע זעלבסטפערוואַלטונג פון די שטעדט, אַ געזעץ וועגען שטיצע פאַר אָרעמע און נאָך אַ סך אַנדערע נוטיגע און ליבעראַלע געזעצען. דאָס נייע וואַהל־געזעץ האָט צוגעצויגען אַ גרעסערן טייל פון דער בעפעלקערונג צום פּאָליטישען לעבען. עס האָט אָבער נישט צוגעצוינגען די דאָזיגע קלאַסען, וואָס קענען נישט אויפווייזען אַזאַ איינקונפט, ווי למשל 100 רובל אַ יאָהר, און עס איז אויסגעוואַכסען אַ בעוועגונג אין ענגלאַנד, וואָס האָט פערלאַנגט אַ ראַדיקאַלע ענדערונג פון דעם גאַנצען פּאָליטישען סיסטעם. די „טשאַרטיסטען“ (אַזוי האָט געהייסען די פּאַרטיי, וואָס האָט אויפגעשטעלט די פאָדערונגען) האָבען געפאָדערט אַנ׳אַלגעמיינעס געהיימעס וואַהל־רעכט, אַ יאָהריגע וואַהל פון פּאַרלאַמענט, און די דעמאָקראַטישע פאָדערונג, אַז דער דעפּוטאַט פון פּאַרלאַמענט זאָל ווערען בעצאָהלט פון דער רעגיערונג. די פּאַרלאַמענטען האָבען אָבער נישט נאָכגעגעבען די פאָדערונג פון די טשאַרטיסטען (אין 1838), און די בעוועגונג איז אויף אַ ווײַלע איינגעשלאָפען.

דער טשאַרטיזם איז אָבער נישט געבליבען אָהן אַנ׳איינפלוס, די בעשולדיגונג פון די טשאַרטיסטען, אַז די גוטס־בעזיצער־קלאַס נוצט אויס איהר מאַכט, איז געווען אַ צו־קלאָרע, אַז מען זאָל זיך נישט צוהערען צו איהר אין די קליגערע ליבעראַלע רעגיערונגס־קרייזען. ווארום אין ענגלאַנד האָט עקזיסטירט אַ צאָל אויף תבואה פון אויסלאַנד, בכדי אַז די ענגלישע גוטס־בעזיצער זאָלען נישט זיין געצוואונגען צו פערקויפען ביליגער זייער אייגענע תבואה. אָט דער דאָזיגער צאָל איז געווען אַ סתירה מיט׳ן געזעץ, וואָס׳ האָט כמעט אָבגעשאַפט אַלע צאָלען אויף אויסלענדישע סחורות. ער האָט דייטליך בעוויזען, אַז די רעגיערונג זאָרגט זיך מעהר פאַר דעם גוטס־בעזיצערס קעשענע, ווי פאַר דעם הונגעריגען מאָגען פון אָרעמען ענגלישען בירגער. אין 1846 האָט דאָס פּאַרלאַמענט אָבגעשאַפט דעם צאָל אויף תבואה. נאָך איידער עס איז אָנגענומען געוואָרען דאָס געזעץ אין פּאַרלאַמענט, האָט דער פאַבריקאַנט קאָבדען געשאַפען אַ שטאַרקע עפענטליכע מיינונג געגען דאָזיגען צאָל. ער האָט געגרינדעט אַ „בונד געגען ברויט־צאָל“ און דער דאָזיגער בונד געהאַט אַ שטאַרקען איינפלוס, אַז דאָס נייע געזעץ וועגען דער אָבשאַפונג פון ברויט־צאָל זאָל דורכגעהן אין פּאַרלאַמענט מיט אַ גרויסער מעהרהייט. איבריגענס, אין דעם דאָזיגען געזעץ זענען געווען פעראינטערעסירט די שטאָדטישע בירגער,

נישט ווייניגער פאַר די אַרבייטער, ווייל אַזאַ צאָל האָט ווי מודה געווען, אַז די פּאָליטישע מאַכט פון די לאָרדען און גרויסע גרונד=בעזיצער איז גרעסער, ווי די פון די פאַבריקאַנטען און דער שטאָדטיגער בור=זשואַזיע.

אין דער צייט, וואָס ענגלאַנד האָט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער פערפאָלקאָמט אין זיין מלוכה=סדר, האָט פראַנקרייך נאָך אַלץ געליטען דערפון, וואָס די אַלטע און די נייע קרעפטען פון לאַנד האָבען נאָך אַלץ זיך נישט געקענט אויסגלייכען. די יולי=רעוואָלוציע איז געמאַכט געוואָרען פון צוויי קלאַסען, פון דער בורזשואַזיע און פון די אַרבייטער. די פיהרונג אין דער רעוואָלוציע האָט געהאַט די בורזשואַזיע און זי האָט זי אויסגענוצט פאַר איהרע צוועקען. שוין דאָס אַליין, וואָס מען האָט זיך נישט אומגעקעהרט צו דער רעפּובליק פון 1793 און מען האָט ווידער גענומען אויף זיך די לאַסטען פון אַ מאָנאַרכיע, האָט בעוויזען, אַז די בורזשואַזיע האָט זיך נישט געוואָלט רעכענען מיט די וואונשען פון די אַרבייטענדע קלאַסען.

די מאָנאַרכיע פון לואי פיליפּ האָט זעהר פערשטאַרקט די מאַכט פון דער בורזשואַזיע, אָבער זי האָט זיך בשום אופן נישט גערעכענט מיט דער נייער קלאַס, די אַרבייטער. די איינצעלנע בונטען פון די אַרבייטענדע מאַסען פלעגט מען דערשטיקען מיט דער גרעסטער אַכזריות. צו דער זעלבער צייט האָבען זיך גענומען שטאַרק פערשפּרייטען די סאָציאַליסטישע טעאָריען און עס האָט זיך אויך גענומען אויסאַרבייטען די רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק פון די סאָציאַליסטען. אָן דער שפּיץ פון די סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער זענען געשטאַנען דאַמאָלס פורניע, פּרודאָן און לואי־בלאַן. די רעגיערונג אָבער האָט צו ווייניג אָפּ=געשאַצט די אויפרעגונג פון די אַרבייטער=מאַסען און די ווירקונג פון סאָציאַליזם, און איז געווען זיכער ביי זיך, האָבענדיג הינטער זיך די אַרמעע, די נאַציאָנאַל=גוואַרדיע און די פּאָליציי. גיזאָ, דער פיהרער פון דערדאָזיגער מאָנאַרכיע, האָט נאָך אין 1848 געזאָגט, אַז די יולי־מאָנאַר=כיע שטעהט פעסט ווי אַ מויער, און אין פּאַרלאַמענט האָט מען זיך צו=געהערט צו דער רעדע דעפּוטאַט טאָקוויל, וואָס האָט מתרה געווען דעם פּאַרלאַמענט, עס קלייבט זיך אויף פראַנקרייך אַ רעוואָלוציע, מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען. דאָס רעדט אַ פּראָפעסאָר, אַ געלעהרטער, אָבער נישט קיין מענש מיט אַ פּראַקטישען פערשטאַנד, — האָט מען זיך געוויצעלט איבער טאָקוויל׳ען.

די יולי־מאָנאַרכיע האָט אין די 18 יאָהר פון איהר רעגיערונג אויך פערלאָרען אַ טייל פון דער בורזשואַזיע צוליעב איהר שוואַכער אויסערליכער פּאָליטיק, האָט שטאַרק דערביטערט די אַרבייטער־קלאַסען, ווענענס לאַגע זי האָט נישט פערשטאַנען, און האָט אויך נישט געהאַט קיין סימפּאַטיעס ביים אַדעל און ביי די גייסטליכע. ביי דער בורזשואַזיע אַליין האָט זיך אָנגעהויבען אַ בעוועגונג מכח דער פערברייטערונג פון דעם וואַהל־רעכט, און אַזוי ווי פון פּאַרלאַמענט איז נאָר נישט געווען, וואָס צו דערוואַרטען זיך, האָט די בורזשואַזיע אָנגעהויבען אַרבייטען אויפ'ן ענגלישען שטייגער, זיך ווענדענדיג צו דער עפענטליכער מיינונג און צו די ברייטע פאָלקס־מאַסען, און ווען די רעגיערונג האָט גענומען פערוועהרען די דאָזיגע פּאָליטיק, האָבען די פּאַריזער אַרבייטער גענומען בויען באַריקאַדען אין די גאַסען. די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע האָט סימפּאַטיזירט מיט די רעוואָלוציאָנערען, און בעת דער קעניג איז אַרויס צו איהר, האָט זי איהם בעגעגענט מיט די געשרייען „עס זאָל לעבען די וואַהל־רעפאָרם!" דאַמאָלס האָט שוין דער קעניג איינגעזעהען, אַז דער צושטאַנד ווערט אַלץ געפעהרליכער. לודוויג פיליפּ האָט אָבער נישט דערלאָזען צו בלוט פערגיעסען. דעם 18־טען פעוראַל האָט זיך אָנגעהויבען די רעוואָלוציע, דעם 24 האָט ער שוין בעפאָהלען, אַז די אַרמעע זאָל נישט שיסען אין די מאַסען, און באַלד דערויף האָט ער אָבגעדאַנקט פון טהראָן, איבערגעבענדיג איהם זיין איניקעל, און אַליין האָט ער פערלאָזען פּאַריז. דאַמאָלס האָבען זיך די מאַסען אַריינגעריסען אין פּאַרלאַמענט און געצוואונגען די דעפּוטאַטען אויסצוקלייבען אַ צייטווייליגע רעגיערונג, וואָס זאָל צוזאַמענרופען אַ נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, אַ קאָנוענט, אויף אויסצואַרבייטען אַ קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדנונג אין פראַנקרייך. דער דאָזיגער קאָנווענט האָט שפּעטער ערקלערט פראַנקרייך פאַר [illegible] רעפּובליק.

די נאַכריכט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז געווען [illegible] אייראָפּאַ, ווי אַ פונק אין אַ פאַס פולווער. אין דייטשלאַנד, וואו די דרום־מערב'דיגע מלוכות האָבען שוין געהאַט אַ קאָנסטיטוציע, האָבען די געבילדעטע בירגער שוין פון לאַנג אָן געפאָדערט פרעסע־פרייהייט און פערזאַמלונגס־פרייהייט, אַ געריכט פון געשוואָרענע און אַ נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, ווי ביי די פראַנצויזען. חוץ דעם האָבען זיי אַלע ליידענשאַפטליך געוואָלט, אַז דער שוואַכער גערמאַנישער בונד זאָל פערוואַנדעלט ווערען אין אַ איינ־איינציגע דייטשע מלוכה. עס

איז אייך געווען אַ ראַדיקאַלע סאָציאַליסטישע אַרבייטער־בעוועגונג אין דייטשלאַנד, אָבער זי איז נאָך געווען צו שוואַך, די אויבענדערמאָהנטע נאַציאָנאַל־ליבעראַלע בעוועגונג דאַגעגען איז געווען זעהר שטאַרק, די איינפלוסרייכסטע פיהרער פון די ליבעראַלען האָבען זיך אין 1848 פערזאַמעלט אין פראַנקפורט און האָבען זיך געווענדעט צו די פערשידענע מלוכות אין דייטשלאַנד, אַז זיי זאָלען שיקען אַהין זייערע דעפּוטאַטען, וואָס דאַרפען געוועהלט ווערען לויט'ן סיסטעם פון אַלגעמיינע פאָלקס־וואַהלען, אויף צו בעראַטען און פעסטצושטעלען אַ נייע מלוכה־אָרדנונג פאַר גאַנץ דייטשלאַנד. די רעגיערונגען האָבען באַלד צוגעשיקט זייערע דעפּוטאַטען, און אין מאַי 1848 איז אין גרינדער־פּאַרלאַמענט, אין וועלכען עס זענען געזעסען די שענסטע מענשען פון דער געבילדעטער דייטשער בירגערשאַפט, לויטער פּראָפעסאָרען, יוריסטען און לעהרער, ערקלערט געוואָרען דייטשלאַנדס איינינגקייט, און אָהן בלוט־פערגיעסעניש איז מקוים געוואָרען דער אַלטער אידעאַל פון דער גאַנצער רייטשער בירגערשאַפט. עס איז מעהר נישט איבערגעבליבען ווי אויסצואַרבייטען די וויטערדיגע פרטים פון דעם נייעם מלוכה־סדר אין דעם פעראייניגטען דייטשלאַנד.

אין עסטרייך האָבען זיך אויפגעהויבען די איינצעלנע נאַציאָנען, ווי די גאַנצע בירגערליכע־קלאַס. דער אימפּעראַטאָר פערדינאַנד איז געוואָרען געצוואונגען צונויפצורופען אַ גרינדונגס־פערזאַמלונג אויף אויסצואַרבייטען אַן אַלגעמיינע עסטרייכישע קאָנסטיטוציע. אין וויען זענען געווען די גאַנצע בעלי־הבתים די סטודענטען און די בירגער. אין אונגאַרן האָבען פערחאַפּט די מאַכט די אונגאַרישע (מאַדיאַרישע) פּאַטריאָטען מיט קאָשוט'ען אין דער שפּיץ און האָבען געוואָלט בעשאַפען אַן איינענע אונגאַרישע מלוכה. אין פּראָג האָבען בעקומען די מאַכט די טשעכען, וואָס האָבען זיך אויך געפּרובט אָברייסען פון דער עסטרייכישער קרוין.

אין איטאַליען האָט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע אַרויסגערופען צו אַ בונט פון אַלע פּאַרטייען, וואָס האָבען זיך געוואָלט בעפרייען פון עסטרייכישען יאָך און וואָס האָבען געשטרעבט צו אַ פעראייניגטען איטאַליען. אין דער שפּיץ פון דער ראַדיקאַלער־רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי איז געשטאַנען מאַנציני. דער קעניג פון סאַרדיניען און דער פּויפּסט האָבען פון זייער זייט געזעהען פּטור צו ווערען פון דער עסטרייכישער השגחה. שוין אין 1847 האָט זיך אָנגעהויבען דער בונט, נאָר ערשט אין 48־טען יאָהר האָט מען געצוואונגען דעם קעניג פון נעאַפּאָל איינצו־

פיהרען אַ קאָנסטיטוציע; דער סאַרדינישער קעניג איז אַריין דאַמאָלס אין לאָמבאַרדיען (פון די עסטרייכער). אַ סך קליינע הערשער זענען זיך צולאָפען פאַר די בונטאָוושטשיקעס, און ווענעדיג מיט איהרע פראָווינצען האָט זיך ערקלערט אַלס אַ רעפּובליק.

אין פּרייסען האָט אין יאָהר 1848 אויסגעבראָכען אַ שטורם פון דער גאַנצער בעפעלקערונג. אין בערלין האָט דאָס פאָלק אָנגעהויבען בויען באַריקאַדען, די סאָלדאַטען האָבען אַפּילו געשאָסען אין פאָלק, אָבער די בעפעלקערונג האָט זיך נישט דערשראָקען פאַר די קעניגליכע אַרמעען. דער קעניג האָט אָבער באַלד אָבגעשטעלט דאָס בלוט-פערגיעסען. ער האָט אָנגענומען די דעפּוטאַציע פון דער בעפעלקערונג, איהר ערקלערט, אַז ער איז מוחל די רעוואָלוציאָנערען, אַז מען וועט זיי נישט פערפאָלגען, און האָט צוגעזאָגט פון היינט אָן צו אַרבייטען צום נוצען פון דער בעפרייאונג און פון דער פעראייניגונג פון גאַנץ דייטשלאַנד אין איין מלוכה. באַלד דערויף איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פאַר פּרייסען אַ ליבעראַלע קאָנסטיטוציע און די רעגיערונג האָט צונויפגעשטעלט אַ ליבעראַלען מיניסטעריום, וואָס זאָל דורכפיהרען די נייע רעפאָרמען אין לאַנד

די רעוואָלוציע פון 1848 אין פראַנקרייך האָט געהאַט דערום אויך אויף אייראָפּא אַ גוואַלדיגע ווירקונג. אָבער די רעזולטאַטען פון די איינצעלנע רעוואָלוציעס זענען נישט געווען אומעדום גלייך. איטאַליען איז נאָך געווען דאַמאָלס אַזוי צוריסען, אַז די פּאַטריאָטען האָבען זיך דאָרט נישט געקענט פעראייניגען, האָטש איטליכער האָט געשטרעבט צו דעם, אַז דאָס צוברעקעלטע לאַנד זאָל ווערען צונויפגעשמאָלצען אין איין מעכטיגע מלוכה. די עסטרייכער האָבען אויסגענוצט די אונאייניגקייט און זיך שטאַרק נוקם געווען אָן די רעוואָלוציאָנערען. דער קעניג פון סאַרדיניען האָט נישט בעקומען קיין הילף פון די ראַדיקאַלע פּאַרטייען, און ער האָט געמוזט ווידער אַוועקגעבען לאָמבאַרדיען די עסטרייכער. ענדליך האָט ער אָבגעדאַנקט פון טהראָן און איהם איבערגעגעבען זיין זוהן וויקטאָר עמאַנועל'ען. ווענעדיג, וואָס איז אַ יאָהר געווען אַ רעפּובליק, איז געפאַלען, נאָכדעם, ווי דער פעלדמאַרשאַל ראַדעצקי פון די עסטרייכער האָט גענומען אין שטורם די הויפּטשטאָדט פון דער דאָזיגער רעפּובליק. אין רוים האָבען די רעפּובליקאַנער געשטעלט דעם פּויפּסט אין אַזאַ לאַגע, אַז ער האָט געמוזט אַנטלויפען און בעטען הילף ביי די קאַטוילישע מלוכות. דער סוף איז געווען, אַז אין דעם פּויפּסטס פּראָווינצען זענען געקומען די עסטרייכער, שפּאַניער און אויך די פראַנצויזען. גאַריבאַלדי,

דער פיהרער פון די רעפובליקאנער, האט אפילו די ערשטע צייט פערטריבען די העלפער פון פויפסט, אבער ענדליך האבען זיי געמוזט איבערגעבען רוים אין די הענד פון די פיינד. די בעפרייאונג און די פעראייניגונג פון איטאליען, נישט קוקענדיג, וואס צוליעב דעם האבען די איטאליענער אזוי פיעל בלוט פערגאסען, איז ווידער צורונען ווי א חלום.

אויך אין עסטרייך האט די רעאקציע ווידער גובר געווען, האטש נישט אזוי לייכט. איהר גליק איז געווען, וואס די נאציאנאליטעטען האבען אין עסטרייך נישט געקאנט קומען צו קיין פשרה צווישען זיך. די אונגארען האבען זיך אבגעריסען פון דער עסטרייכישער קרוין און האבען דערביי געוואלט בעקומען די איבערהאנד אויף די סלאווען אין אונגארן. די סלאווען ווידער האבען זיך פעראייניגט פאר'ן קייזער און געגען די אונגארען; שפעטער זענען א טייל סלאווישע פעלקער ארויס פון בונד פאר'ן קייזער, איינזעהענדיג, אז זיי וועלען פון דער רעגירונג נישט בעקומען די זעלבסטשטענדיגקייט פאר זיך, אויף וואס זיי האבען געהאפט. אונטערדעסען האבען די אונגארען ארויסגעוויזען גרויסע מיליטערישע כחות. די עסטרייכישע ארמעען זענען צושלאגען געווארען. אין דער אונגארישער הויפטשטאדט פעסט איז פראקלאמירט געווארען די אונגארישע רעפובליק, און עסטרייך וואלט נישט געקאנט אזוי לייכט דורכפיהרען די רעאקציע, ווען עס וואלט איהם נישט געהאלפען דער רוסישער קייזער ניקאלאי, וועלכער האט פיינד געהאט אימליכע רעוואלוציאנערע בעוועגונג אין איירָאפא און וועלכער האט צוגעשיקט עסטרייך זיינע ארמעען געגען די אונגארען. ענדליך האט דעם קייזער פראנץ־יאזעף זיך איינגעגעבען ווידער הערצושטעלען זיין מאכט אין די עסטרייכישע לענדער. פון אונגארן זענען צוגענומען געווארען זיינע אלטע רעכטען, און דאס לאנד איז געווארען ווידער אבהענגיג פון דער צענטראלער וויענער מאכט, ווי די איבעריגע פראווינצען פון די עסטרייכישע לענדער.

א דאנק דעם, וואס עסטרייך איז געווען פערנומען מיט זיינע גאהענטע עסקים, האט זיך איינגעגעבען דייטשלאנד זיך צו ערקלערען פאר פעראייניגט. ווייל דער גרעסטער געגנער פון א פעראייניגונג איז געווען עסטרייך, וואס האט שטענדיג קאנקורירט מיט פרייסען, און האט מורא געהאט, אז ביי א פעראייניגונג פון גאנץ דייטשלאנד וועט פרייסען בעקומען די איבערהאנד. נאר נישט די געבילדעטע ליבעראלען, נישט דער פרייסישער קעניג האבען נישט אויסגענוצט די דאזיגע לאגע, ווען עסטרייך איז געווען צושטארק פערנומען מיט אייגענע אנגעלעגענהייטען. די ליבעראלען האבען

נישט געקענט פאַרטיג ווערען מיט זייערע אַנטיפּאַטיעס געגען פּרייסען, וואָס איז געווען אויך שטאַרק נישט געליעבט ביי די דייטשען פון די איבריגע מלוכות׳לעך, און דער קעניג פון פּרייסען האָט מורא געהאַט איינצורייסען מיט עסטרייך, וואָס ווערט געשטיצט פון רוסלאַנד. און ווען דער פראַנקפורטער פּאַרלאַמענט האָט ענדליך בעשלאָסען (מיט אַ קלייגער מעהרהייט), איבערצוגעבען די אויבערהערשאַפט פון גערמאַניען פּרייסען און צו ערקלערען דעם פּרייסישען קעניג אַלס אימפּעראַטאָר פון דייטשלאַנד, האָט דער פּרייסישער קעניג נישט אָנגענומען די אָנגעבאָטענע קרוין „ווייל פון דעם פראַנקפורטער פּאַרלאַמענט שמעקט מיט רעוואָלוציע״. די לאַגע פון פּאַרלאַמענט נאָכדעם, ווי דער קעניג האָט נישט אָנגענומען די קרוין, איז געוואָרען אַן׳אונערטרעגליכע. אסך דעפּוטאַטען זענען זיך צופאָהרען, אַ טייל, ראַדיקאַלע האָבען געפּרובט מאַכען אַ נייע רעוואָלוציע, דערווייל האָט עסטרייך גענומען אַרבייטען געגען פּאַרלאַמענט אין די פּרייסישע פּלענער. דער סוף איז געווען, אַז נאָך פערשיעדענע קעמפּפען איז דייטשלאַנד וויעדער געוואָרען אַזוי צוברעקעלט, ווי צו דער צייט פון וויענער קאָנגרעס (1815). די קאָנסטיטוציע אין פּרייסען איז אָבער נישט געוואָרען אָבגעשאַפט, חאָטש איהרע פולמאַכטען זענען געוואָרען אין אסך הינזיכטען קלענער.

אין פראַנקרייך גופא האָט לאַנג נישט געדויערט דער יום־טוב פון די רעוואָלוציאָנערען. באַלד נאָך דער רעוואָלוציע פון 48 האָבען זיך קלאָר אַרויסגעוויזען די גרענעצע פון דער בורזשואַזער קלאַס און פון דער אַרבייטער קלאַס. איבריגענס, אין דער אַרבייטער־בעוועגונג האָבען זיך נאָר בעטייליגט די שטאָדטיגע אַרבייטער,—די פאַבריקס־אַרבייטער און די בעלי־מלאכות. ביי די פויערן איז נישט געווען אַזאַ חלוק צווישען לאַנד־אַרבייטער און ערד־בעזיצער. די פויערן זענען געווען בכלל קאָנסערוואַטיוו און האָבען נישט סימפּאַטיזירט מיט די שטאָדטיגע אַרבייטער. אָן דער שפּיץ פון קאָנווענט איז געשטאַנען לאַמאַרטין, אַ פּאָעט און אַ גרויסער רעדנער, נאָר אַ קליינער פּאָליטיקער. דער אָנפיהרער פון די „רויטע״ (די רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער) איז געווען לואי־בלאַן. אין פּאַריז האָט מען געעפענט נאַציאָנאַלע ווערקשטאַטען, וואו איטליכער אַרבייטער האָט געהאַט דאָס רעכט צו אַרבייטען און צו בעקומען וועניגסטענס 2 פראַנקען טאָגלויהן. די ווערקשטאַטען, וואו עס האָט זיך אָנגעקליבען אַן׳אַרבייטער אַרמעע פון 100 טויזענד מאַן, האָבען קיין נוצען דעם לאַנד נישט געבראַכט, און דאָס איז נאָך געוואָרען דער אָרט

וואו עס האָט זיך קאָנצענטרירט שטענדיג אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערע אַרמעע. די מעסיגערע פּאַרטייען האָבען דערום בעשלאָסען צו פערמאַכען די דאָזיגע ווערקשטאַטען, און צו צעשיקען די אַרבייטער אויף דער פּראָווינץ צו דער אַרבייט ביי די אַייזענבאַהנען, אָדער אין דעם מיליטער־דיענסט. דער דאָזיגער בעשלוס פון דער אויספיהרונגס־קאָמיסיע פון קאָנווענט האָבען די אַרבייטער בעטראַכט אַלס אַ קריעגס־ערקלערונג דער רעוואָלוציע, און 3 טאָג נאָכאַנאַנד האָט זיך געגאָסען בלוט אויף די פּאַריזער גאַסען צווישען די אַרבייטער און מיליטער און נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, ווי נאָך ביי קיין רעוואָלוציע פון 1789־טען יאָהר אָן. דער קאָנווענט האָט געגעבען דעם גענעראַל קאַוועניאַק די רעכטען פון אַ דיקטאַטאָר און ער האָט צובראָכען דעם ווידערשטאַנד פון די „רויטע", פערפאַרבענדיג פּאַריז מיט די בלוט פון צעהנדליגער טויזענדער אַרבייטער, וואָס זענען אומגעקומען אין קאַמפף מיט דעם מיליטער און דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע.

די קאָנסטיטוציע, וואָס האָט אויסגעאַרבייט דער קאָנווענט, האָט אַוועקגעשטעלט אין לאַנד צוויי מאַכטען, וואָס זענען געווען איינע פון דער אַנדערער פאָלקאָמען אונאַבהענגיג: אַ פאָלקס־פערטרעטונג, וואָס ווערט דורך אַלגעמיינע וואַהלען אויסגעקליבען אויף 3 יאָהר, און אַ פּרעזידענט, וואָס ווערט אויך אויסגעקליבען דורך אַלגעמיינע וואַהלען אויף 4 יאָהר, און וואָס טאָר נישט ווערען אויסגעקליבען צום צווייטען מאָל. אַלס פּרעזידענט איז אויסגעקליבען געוואָרען נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, אַ פּלעמעניק פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען. דאָס, וואָס דאָס פאָלק האָט אויסגעקליבען נאַפּאָלעאָנ'ען, און נישט קאַוועניאַק'ען, ווי מען האָט פריהער גערעכענט, בעווייזט, ווי שטאַרק עס איז נאָך געווען ביים פאָלק דער צובונד צום גרויסען נאַפּאָלעאָן.

נאַפּאָלעאָן איז געווען אַ פערשלאָסענער, עהרגייציגער מענש, וואָס האָט געגלויבט אין די ריכטיגקייט פון אַלטען נאַפּאָלעאָנ'ס אידעען. אַלס יונגערמאַן, האָט ער זיך בעטייליגט אין דער איטאַליענישער רעוואָלוציע געגען עסטרייך, און ער איז קוים מיט'ן לעבען אַרויס פון דער עסטרייכישער געפאַהר. שפּעטער האָט ער אינטריגירט געגען דעם לעצטען קעניג לודוויג־פיליפּ, אַלס באָנאַפּאַרטיסט געגען די אָרלעאַניסטען, און איז דערפאַר בעשטראָפט געוואָרען מיט פעסטונג. אין פעסטונג האָט ער פערפאַסט אַ ווערק, וואו ער האָט ערקלערט, אַז דאָס פּראָגראַם פון אַ רעגיערונג דאַרף זיין צו האָבען איבער זיך אַ

מאַכט פון אַ פערזענליכקייט, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט אויף די אידעען פון דער רעוואָלוציע, וואָס שטיצט זיך אויף דער דעמאָקראַטיע און וואָס שטרעבט אין נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער הינזיכט איבערצומאַכען גאַנץ אייראָפאַ.

דער נייער פרעזידענט האָט גוט פערשטאַנען אויסצונוצען די שטימונג פון פראַנקרייך, וואָס האָט געוואָלט רוה, נאָך אַלע די דאָזיגע רעוואָלוציעס, און וואָס האָט שטאַרק מורא בעקומען פאַר די גרויסע פאָדערונגען פון די אַרבייטער און „רויטע". אין 1852 האָט זיך געענדיגט נאַפּאָלעאָנ'ס פרעזידענטס־צייט. אָבער נאַפּאָלעאָן האָט נישט געהאַט בדעה אַזוי גיך אַוועקצוגעבען די מאַכט זיינע, און מיט אַ יאָהר פריהער 1851 האָט נאַפּאָלעאָן אינאיינעם מיט זיינע פערטרויטע זיך בעשלאָסען אָנצוהויבען אַרבייטען ענערגיש אויף צו פערפעסטיגען זיין מאַכט. ביינאַכט דעם צווייטען דעצעמבער 1851 האָט נאַפּאָלעאָן אַרעסטירט די איינפלוסרייכסטע דעפוטאַטען פון פערשידענע פּאַרטייען. די הויפטגאַסען און פלעצער פון פּאַריז זענען געוואָרען בעזעצט מיט מיליטער און אויף די גאַסען איז געוואָרען אויסגעקלעבט פּראָקלאַמאַציעס, אַז די פאָלקס־פערטרעטונג איז פונאַנדערגעלאָזען, אַז דער פרעזידענט בעקומט די מאַכט אויף ווייטערע 10 יאָהר און אַז דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט, וואָס איז געוואָרען בעגרענעצט פון דער פּאַלאַטע, ווערט ווידער איינגעפיהרט. באַלד דערויף איז געמאַכט געוואָרען אַ פאָלקס־אָבשטימונג, צי זאָל ווערען נאַפּאָלעאָן אויף שטענדיג „דער הויפּט פון דער מלוכה". אַ צווייטע פאָלקס־אָבשטימונג האָט פערביטען דעם דאָזיגען טיטעל מיט'ן טיטעל „אימפּעראַטאָר פון די פראַנצויזען". פון די 10 מיליאָן וואַהל־שטימען זענען כמעט 9 מיליאָן געווען פאַר דעם, אַז נאַפּאָלעאָן זאָל ווערען „אימפּעראַטאָר פון די פראַנצויזען". אינגאַנצען האָבען געשטימט דאַגעגען 650 טויזענד שטימען. אַלס נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָט ער אָנגעהויבען זיין רעגיערונגס־צייט *).

ווי עס איז צו זעהען, איז נאָך דער רעוואָלוציע פון 48 צוריק אייראָפּאַ געוואָרען שטאַרק רעאַקציאָנער. פון די אידעאַלען און די פלענער פון די־

---

*) נאַפּאָלעאָן דער צווייטער, נאַפּאָלעאָן דעם גרויסענס זוהן, איז געשטאָרבען אַלס 19־יעהריגער הערצאָג פון רייכשטאַדט אין עסטרייך, וואו מען האָט איהם געהאַלטען כמעט אַלס געפאַנגענעם.

דרעוואָלוציאָנערען איז כמעט גאָרנישט געוואָרען. פונדעסטוועגען איז די רעוואָלוציע פון 48 נישט אַריבער אומזיסט. חוץ דעם מאָראַלישען אייג־דרוק האָט זיך שטאַרק אויך געענדערט דער פּאָליטישער סדר אין פיעלע לענדער. אמת, עסטרייך, זיך שטיצענדיג אויף רוסלאַנד, וואָס האָט נישט געליטען פון אַלע די דאָזיגע רעוואָלוציעס, האָט זיך ווידער אומגעקעהרט צו מעטערניכ׳ס פּאָליטיק, אָבער פּרייסען האָט זיך שוין נישט דער־וועגט בטל צו מאַכען די נעגעבענע קאָנסטיטוציע, און, הויפּטזעכליך, האָט זיך אין פראַנקרייך בעוויזען ווידער די אַמאָליגע נאַפּאָלעאָנישע אימפּעריע, וואָס האָט געהאַט די טראַדיציע דורכצופיה־רען מאַנכע רעוואָלוציאָנערע אידעען מיט דער הילף פון אַמיליטערישער דיקטאַטור.

---

דריטעס קאַפּיטעל.

## רוסלאַנד פון יעקאַטערינאַ II ביז צו דער אבשאפונג פון לייב־אייגענשאַפט.

(פון 1796 ביז 1861).

פּאַוועל.—אַלעקסאַנדער דער 1־טער.— צוויי פּעריאָדען.— ספּעראַנסקי, אַראַקטשעיעוו.—די דעקאַבריסטען.—ניקאָלאַי דער 1־טער.—דער סעוואַסטאָפּאָלער קריעג.— אַלעקסאַנ־דער דער 2־טער.— די גרויסע רעפאָרמען.

נאָך יעקאַטערינאַ דער צווייטער, וואָס האָט פאָרטגעזעצט די אַר־בייט פון פּיאָטר דעם גרויסען, האָט רעגיערט איהר זוהן פּאַוועל דער ערשטער. נאָך זיין קורצער רעגיערונגס־צייט (פון 1796–1801), וואָס האָט זיך געענדיגט זעהר טראַגיש (ער איז פון די הויפּלייט ערמאָרדעט געוואָרען), איז אַרויף אויפ׳ן טהראָן זיין זוהן אַלעקסאַנדער דער ער־שטער. אַלעקסאַנדער׳ס רעגיערונגס־צייט איז בעריהמט געוואָרען דורך זיינע צוויי קריעגען מיט נאַפּאָלעאָנ׳ען, און די גרויסע ראָלע, וואָס רוס־לאַנד האָט אָנגעהויבען שפּיעלען אין דער אויסערער פּאָליטיק. דעם ער־שטען קריעג מיט נאַפּאָלעאָנ׳ען האָט רוסלאַנד פערלאָרען, אבער דער צווייטער, אין 1812, האָט זיך געענדיגט פאַר די פראַנצויזען מיט אַ גרויסער ניעדערלאַגע (ז. אויבען), וועלכע האָט פּלוצלונג אוועקגעשטעלט רוסלאַנד אין צענטר פון דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק.

אַלעקסאַנדער׳ס רעגיערונגס־צייט האָט געהאַט צוויי פּעריאָדען, איינער

אַ ליבעראַלער און דער צווייטער אַ רעאַקציאָנערער. באַלד ווי אַלעקסאַנדער איז אַרויף אויפ'ן טהראָן, האָט ער אָבגעשאַפט אַלע בעגרענצונגען, וואָס זיין פאָטער פּאַוועל האָט איינגעפיהרט אין רוסלאַנד פון גרוים שנאה צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. ער האָט ווידער ערלויבט די רוסען צו פאָהרען קיין אויסלאַנד זיך בילדען, אַריינצולאָזען אויסלענדער קיין רוסלאַנד און דורכצולאָזען דורך די רוסישע גרענעצען אייראָפּעאישע ביכער און זשורנאַלען. די השגחה איבער דער רוסישער פרעסע איז געוואָרען אַלייכטערע, די געהיימע קאַנצעליאַריע (אַ מין מלוכה-אינקוויזיציע) איז אָבגעשאַפט געוואָרען און איהרע פּראָצעסען זענען איבערגעגעבען געוואָרען דעם סענאַט. די גייסטליכע, די אַדעללייט און די קויפלייט מיט גילדעס זענען בעפרייט געוואָרען לוי'ן געזעץ פון קערפּער-שטראָף. אין די בעראַטונגען וועגען אַ נייעם געזעץ-בוך פאַר רוסלאַנד האָט מען שוין גערעדט וועגען די „פיער שטאַנדען" אין פאָלק, און די פראַגע וועגען לייב-אייגנשאַפט אין רוסלאַנד איז געשטאַנען אויפ'ן ערשטען פּלאַץ. צו-ערשט האָט מען שטארק פערלייכטערט די לאַגע פון די לייבאייגענע פון דער מלוכה-ערד. מען האָט נאָכאַמאָל שטרענג פערבאָטען צו פער-קויפען איינצעלנע לייבאייגענע, אָברייסענדיג זיי דערמיט פון זייער פאַמיליע.

דער אַדעל אין עסטלאַנד (1816), קורלאַנד (1817) און ליפלאַנד (1817) האָט זיך ענטשלאָסען צו בעפרייען די פויערן פון לייבאייגענ-שאַפט, נאָך איידער דאָס וועט געטהון ווערען אין גאַנץ רוסלאַנד.

אַלעקסאַנדער והאָט אויך אַרויסגעוויזען אסך גלויבענס-טאָלעראַנץ צו די פּראַוואָסלאַווגע סעקטען אין לאַנד (צו די ראַסקאָלניקעס); אפילו די חליסטען (דרעהער-סעקטע, ווייל זיי פלעגען טאַנצען אַ דרעה-טאַנץ ביי זייערע געבעטען) זענען שוואַך פערפאָלגט געוואָרען, חאָטש מיט עטליכע יאָהר פריהער האָט מען דעם נביא פון דער דאָזיגער נייער סעקטע עפענטליך פערברענט.

אַלעקסאַנדער מיט זיינע יונגע מיניסטאָרען דעם פירשט טשאַר-טאָריזשסקי, סטראָגאָנאָוו און נאָוואָסילצעוו האָט געענדערט די מלוכה-פערוואַלטונג פון רוסלאַנד נאָכ'ן מוסטער פון די אייראָפּעאישע מלוכות. די „קאָלעגיען" פון פּיאָטר'ן, וואו קיינער פון די בעאַמטע האָט נישט געהאַט זיין ספּעציעלען פערוואַלטונגס-אַמט, האָט מען פערביטען מיט אַ „מיניסטעריום", וואו איטליכער מיניסטער האָט נאָר פערוואַלטעט מיט זיין ספּעציעלען אַמט: דער קריעגס-מיניסטער האָט געהאַט צו זאָרגען פאַר דער אַרמעע, דער יוסטיץ-מיניסטער — פאַר די געריכטען אין לאַנד א. א. וו

חוץ דעם מיניסטעריום איז קלאָרער פעסטגעשטעלט געוואָרען די אויפֿגאַבע פֿון סענאַט. איבריגענס, סיי די מיניסטאָרען סיי דער סענאַט האָבען נישט געהאט קיין פֿאָלקאָמענע זעלבסטשטענדיגקייט. אַלעקסאַנדער האָט פֿון זיינע אַבסאָלוטע קייזער־רעכטען נישט מותר געווען די קלענסטע קלייניגקייט.

אַלעקסאַנדער האָט אויך שטאַרק געזאָרגט פֿאַר דער בילדונג אין לאַנד. רוסלאַנד איז געוואָרען געטיילט אין 6 שול־בעצירקען, איבער איטליכען שול־בעצירק איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אַ פּאָפּעטשיטעל, וואָס האָט געדאַרפט אָבגעבען דין וחשבון פֿון זיין טעטיגקייט דעם מיניסטער פֿאַר עפענטליכע שול־בילדונג. אום אויסצובילדען די גייסטליכקייט, האָט מען דעם גאַנצען אָבגאָב פֿון די ליכט פֿערווענדעט צו דעם צוועק אויף צו בויען שולען פֿאַר די גייסטליכקייט. פֿאַר וועלטליכע בילדונג האָט מען געגרינדעט געמיינדע־שולען, אויעזדנע שולען און גימנאַזיעס. חוץ די אוניווערזיטעטען אין מאָסקוואַ, ווילנאַ, דאָרפּאַט האָט מען געגרינדעט אוניווערזיטעטען אין קאַזאַן, חאַרקאָוו און פּעטערבורג. חוץ די קאַדעטען־שולען האָט מען נאָך געעפֿענט אין אָדעס אַ האַנדעלס־שולע און די לאַזאַרעווסקע שולע פֿאַר מאָרגענלענדישע שפּראַכען.

פֿון 1806—1812 האָט דעם גרעסטען איינפֿלוס אויף אַלעקסאַנדער'ן דער מיניסטער ספּעראַנסקי. ספּעראַנסקי האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט'ן געדאַנק צו מאַכען פֿון רוסלאַנד אַ לאַנד לויט'ן אייראָפּעאישען מוסטער. ער האָט בדעה געהאַט דורכצופֿיהרען דעם קאָדעקס־נאַפּאָלעאָן אין די רוסישע געזעצגעבונג, און אום דאָס זאָל מעגליך זיין, האָט ער געשטעלט אין פֿונדאַמענט פֿון זיינע רעפֿאָרמען די אָבשאַפֿונג פֿון דער לייבאייגענשאַפֿט אין רוסלאַנד. ער האָט געשטרעבט צו שאַפֿען אין רוסלאַנד אַ פֿרייען דריטען שטאַנד, איינצושרענקען די צאָהל פֿון די אַדעל־לייט, צו בעשאַפֿען נאָר אַ גרויסען אַדעל פֿון אַ קליינער צאָהל אַריסטאָקראַטישע פֿאַמיליען, וואָס זאָלען שפּיעלען די ראָליע אין רוסלאַנד, ווי די לאָרדען אין ענגלאַנד.

די רעאַקציאָנערע מיניסטאָרען מיט אַראַקטשעיעוו'ען אַן דער שפּיץ האָבען אָבער געבראַכט דערצו, אַז ספּעראַנסקי, — אַ פֿער'מסר'טער ביי'ם קייזער, אַז ער טראָגט זיך אַרום מיט די פּלענער פֿון אַ רעוואָלוציאָנער, — האָט פּלוצלינג פֿערלאָרען דעם צוטרויען פֿון קייזער. אין 1812 איז ער פּלוצלינג פֿערשיקט געוואָרען אין ניזשני־נאָווגאָראָד, וואו ער איז געשטאַנען אונטער אַ שטרענגער פּאָליציייאישער השגחה.

פֿון 1812 הויבט זיך אָן דער צווייטער פּעריאָד פֿון אַלעקסאַנדער׳ס רעגירונגס־צייט, ווען דער קייזער ווערט וואָס מיט אַ טאָג אַלץ טרויעריגער און מעלאַנכאָלישער, ווען ער הויבט אָן ביסלעכווייז צו פֿערליערען זיין צובונד צו די פֿריהערדיגע ליבעראַלע געדאַנקען און ציעלען. זיין ערשטער מיניסטער ווערט דער בעריהמטער באַרבאַרישער רעאַקציאָנער אַראַקטשעיעוו, וואָס האָט זיך נאָך אויסגעצייכענט מיט זיין פֿינסטערער ווילדקייט צו פּאַוועל׳ס צייטען. אַראַקטשעיעוו איז אַ שונא פֿון איטליכען פֿרייען געדאַנק, ער איז אַ בלוטיגער פֿיינד פֿון אַלעמען, וואָס קלערען עפּעס אומצוענדערען אין רוסלאַנד; ער פֿערלאַנגט נאָר, אַז איטליכער זאָל שטום און בלינד געהאָרכען, און זאָל זיך נישט דערוועגען צו טהון עפּעס פֿון זיך־אַליין, לויט׳ן אייגענעם שכל.

אַראַקטשעיעוו האָט נישט באַלד בעקומען די גאַנצע מאַכט. אָבער מיט איטליכען יאָהר שטייגט זי. מען הויבט אָן צו צוטרייבען פֿון די אוניווערזיטעטען די פּראָפֿעסאָרען, וואָס זענען נישט גענוג רעאַקציאָנער. די פּראָפֿעסאָרען פֿון דער געשיכטע מעגען נאָר פֿאָרלעזען זייער וויסענשאַפֿט לויט בעשטימטע פֿינסטערע געשיכטס־ביכער. דער פּראָפֿעסאָר פֿון געאָמעטריע בעווייזט אין דרייעק די דרייאייניגקייט פֿון קריסטענטום: דריי־און פֿאָרט איינס. עס איז פֿערבאָטען געוואָרען צו נעהמען אַלס פּראָפֿעסאָרען אַזוינע, וואָס האָבען זיך אויסגעבילדעט אין אויסלאַנד, און די סטודענטען איז פֿערבאָטען געוואָרען צו פֿאָהרען אַהין לערנען. בעקאַנט איז אַראַקטשעיעוו׳ס צייט מיט די מיליטער־דערפֿער. אין אַ דאָרף פֿלעגט מען אַריינזעצען סאָלדאַטען. דער סאָלדאַט האָט געהאָלפֿען דעם פּויער ביי דער פֿעלד־אַרבייט! דער סאָלדאַט פֿלעגט קומען אין אַזאַ דאָרף צוזאַמען מיט זיין פֿאַמיליע, אָדער מען פֿלעגט איהם מיט געוואַלט חתונה מאַכען מיט אַ טאָכטער פֿון די געבירטיגע פּויערן. די קינדער פֿון די פּויערן, ווי אויך די קינדער פֿון די סאָלדאַטען האָבען זיך גערעכענט פֿאַר קינפֿטיגע סאָלדאַטען. די סאָלדאַטען, ווי די פּויערן פֿון אַזוינע דערפֿער, פֿלעגען, פֿערשטעהט זיך, זיין שטאַרק אונצופֿריעדען מיט דעם, עס איז געווען איבער די מענשליכע כחות צו זיין צו יענער פֿינסטערער צייט סיי אַ סאָלדאַט, סיי אַ פּויער אינאיינעם. אָפֿטמאָל פֿלעגען אין אַזוינע מיליטערישע דערפֿער אויסברעכען פֿערצווייפֿעלטע בונטען, אָבער אַראַקטשעיעוו פֿלעגט די דאָזיגע בונטען דערשטיקען מיט דער גרעסטער אַכזריות.

אין 1825 איז אַלעקסאַנדער אַוועקגעפֿאָהרען קיין טאַגאַנראָג שטאַרק

מעלאַנכאָליש, אינגאַנצען פערזונקען אין רעליגיעז־מיסטישע שטימונגען. ווי עס ווייזט אויס, האָט ער שטאַרק געליטען דערפון, וואָס ער האָט אָנגעהזיבען מיט די פרייהייטס־געדאַנקען פון דער דאַמאָליגער רעוואָלוציאָנערער איראָפּאַ, און געענדיגט זיין רעגיערונגס־צייט מיט דער שאַפונג פון אַ רעאַקציע, וואָס טראָגט אין דער רוסישער געשיכטע דעם נאָמען „די פינסטערע צייט פון אַראַקטשעיעוו". ער איז געשטאָרבען דעם 19־טען נאָוועמבער אין די אַרעמס פון דער קייזערין עליזאַבעטאַ אין טאַגאַנראָג.

שוין אין דער רעגיערונגס־צייט פון אַלעקסאַנדער'ן האָבען זיך אָנגעהזיבען צו פערשפרייטען אין רוסלאַנד אין די העכערע קרייזען אַלערליי געהיימע בונדען. די „טוגענד געזעלשאַפט" אין מאָסקווע (1818) האָט פערפאָלגט די פאָליטישע צילען, פון די בעשיידענסטע ביז די רעוואָלוציאָנערסטע. „דער בונד פון צפון" אין פעטערבורג איז געווען פאַר אַ בעגרענצונג פון דער רוסישער אַבסאָלוטישער מאַכט. דער בונד פון דרום" האָט שוין געקלערט וועגען אַ רעפובליק. „דער בונד פון די פעראייניגטע סלאַווען" האָט גע'חלומ'ט פון אַ בונד פון אַלע סלאַווישע פעלקער. די רוסישע בונדען זענען געשטאַנען אין פערבינדונג מיט דעם „בונד פון די פאָטערלאַנדס־פריינד" אין פוילען.

נישט קוקענדיג אויף די גרויסע רעאַקציע, אָדער גראַדע צוליעב איהר, איז אין די העכערע אַדעלס־קרייזען אין רוסלאַנד געווען פערשפרייט דער געדאַנק, אַז עס איז נויטיג אַג'איבערקעהרעניש אין רוסלאַנד, און דער פלוצלינגער טויט פון אַלעקסאַנדער'ן האָט ווי געוויזען די רעוואָלוציאָנערע קרעפטען פון אַדעל, אַז עס איז געקומען די צייט אַרויסצוטרעטען אָפען.

אַלעקסאַנדער איז געשטאָרבען אָהן קינדער. זיינע נאַכפאָלגער האָבען געקענט זיין לויט'ן ירושה־געזעץ זיין צווייטער ברודער קאָנסטאַנטין און זיין דריטער—ניקאָלאַי. נאָר אַזוי ווי קאָנסטאַנטין האָט זיך אָבגעזאָגט פון זיין ירושה אויפ'ן טהראָן, ווייל ער האָט געהייראַט נישט פון אַ קעניגליכער פאַמיליע, האָט די ירושה געדאַרפט בעקומען ניקאָלאַי. דאָס פאַפיער, וואו קאָנסטאַנטין האָט זיך אָבגעזאָגט, האָט מען אָבער געהאַלטען געהיים אין מלוכה־אַרכיוו. אפילו ניקאָלאַי אַליין האָט נישט געוואוסט דערפון. און בעת קאָנסטאַנטין איז געפאָהרען אין פעטערבורג געבען די טרייהייטס־שבועה ניקאָלאַי'ען, האָט ניקאָלאַי זיך געקליעבען געבען אַזאַ שבועה זיין ברודער. אָט דעמדאָזיגען פלאָנטער האָבען אויסגענוצט די רעוואָלוציאָנערע ייזען. די מיטגליעדער פון צפון־בונד האָבען ערקלערט די

סאָלדאַטען פֿון דער אַרמעע און פֿון פֿלאָט, אַז מען וויל מיט געוואַלד צונעהמען דעם טהראָן פֿון קאָנסטאַנטינ׳ען, און זיי האָבען אַ טייל פֿון דער אַרמעע אַוועקגעפֿיהרט צום קייזערליכען פּאַלאַץ, וואו די סאָלדאַטען האָבען געשריען „עס זאָל לעבען קאָנסטאַנטין", און אַ טייל פֿון די געבילדעטע אָפֿיציערען—„עס זאָל לעבען די קאָנסטיטוציע". נאָר אַזוי ווי דער דאָזיגער בונט פֿון די „דעקאַבריסטען" (ווייל דאָס האָט פּאַסירט דעם 12 דעקאַבער 1825), ווי מען האָט זיי שפּעטער אַ נאָמען געגעבען, האָט זיך נישט געהאַט אויף וואָס צו שטיצען,—די גרויסע פֿאָלקס-מאַסען האָבען נאָך געשמאַכט אין דער לייב-אייגענשאַפֿט,—דערום האָט דער דאָזיגער בונט פֿון דעם מיליטער קיין שום ממשות נישט געהאַט. ניקאָלאַי האָט מיט עטליכע קאַרטעטשען צוויאָגט די בונטאָווששיקעס. די הויפּט-אָנפֿיהרער האָבען דערנאָך געענדיגט אויף דער תליה.

ניקאָלאַי׳ס צייט אין רוסלאַנד רעכענט זיך פֿאַר איינע פֿון די שווערסטע צייטען אין לאַנד. אין דער אויסערער פּאָליטיק, ווי אין דער אינערער, איז ניקאָלאַי׳ס רעגיערונגס-צייט געווען אַ גרויסע שטיצע פֿאַר דער רעאַקציע ווי אין רוסלאַנד, אַזוי אין אייראָפּאַ. די אייגענע צייט אָבער איז געווען פֿאַר דער רוסישער ליטעראַטור איינע פֿון די גלענצענדסטע. צו דער דאָזיגער עפּאָכע געהערען: פּושקין, לערמאָנטאָוו, גאָנטשאַראָוו, הערצען, פּיסעמסקי, דאָסטאָיעווסקי, גריבאָיעדאָוו, אָסטראָווסקי און נאָך אַנדערע גרויסע וועלט-בעריהמטע רוסישע ליטעראַטען.

באַלד נאָך דער יולי-רעוואָלוציע אין פּאַריז איז אויסגעבראָכען אין פּוילען דער ערשטער בונט (1831). און נאָכדעם, ווי ניקאָלאַי האָט דערשטיקט דעם דאָזיגען בונט, האָט שוין פּוילען פֿערלאָרען די ווייניגע רעכטען, וואָס עס האָט נאָך געהאַט צוליעב אַלעקסאַנדער׳ס ליבעראַלע פּאָליטיק, בנוגע צו פּוילען.

ניקאָלאַי האָט געפֿיהרט צוויי וויכטיגע קריעגען מיט טערקיי. דער ערשטער קריעג, וואָס האָט געפֿיהרט צו גריכענלאַנד׳ס בעפֿרייאונג, האָט נאָך געבראַכט צו דעם אָבמאַך מיט טערקיי, אַז טערקיי איז מחויב צו פֿערמאַכען דעם דאַרדאַנעלען-דורכפֿלוס פֿאַר פֿרעמדע שיפֿען, ווי באַלד רוסלאַנד שטעלט אַרויס די דאָזיגע פֿאָדערונג. דער צווייטער טערקישער קריעג, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט דער סעוואַסטאָפּאָלער מפּלה, געפֿיהרט געגען די פֿערבינדעטע אַרמעען פֿון פֿראַנקרייך און ענגלאַנד—האָט קלאָר אַרויסגעוויזען, ווי ווייט רוסלאַנד איז אָבגעשטאַנען פֿון אייראָפּאַ, אַלס מעכטיגע מיליטער-מלוכה. ניקאָלאַי האָט די דאָזיגע

ניעדערלאַגע נישט געקאָנט אַריבערטראָגען. אין 1855־טען יאָהר איז ער געשטאָרבען, נאָך אַ קליינער פערקיהלונג.

זיין זוהן אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט באַלד געשלאָסען פריעדען אין פאַריז מיט די פערבינדעטע פיינדליכע אַרמעען. אַלעקסאַנ־דער האָט זיך גענומען פאַר אַ גאַנץ אַנדערע פּאָליטיק, ווי זיין פאָטער, וואָס האָט רעגיערט זיין לאַנד מיט אַ געוואַלטיגער שטרענגקייט, און וואָס האָט נישט געוואָלט וויסען פון קיינע רעפאָרמען. דער סעוואַסטאָפּאָלער קריעג האָט אָבער קלאָר געוויזען, אין וואָס עס בעשטעהט רוסלאַנד׳ס שוואַכקייט. אַלעקסאַנדער דער צווייטער האָט דערום פעסט בעשלאָסען ראַדיקאַל צו רעפאָרמירען רוסלאַנד. צוערשט האָט ער אָבגעשאַפט אין יאָהר 1861 די לייב־אייגענשאַפט אין רוסלאַנד (אין פוילען איז זי אָבגעשאַפט געוואָרען אין 1863), רעפאָרמירט די געריכטען און ראַדיקאַל געענדערט די אָרדנונג פון מיליטער־דיענסט.

אין 63־טען יאָהר איז אויסגעבראָכען דער צווייטער פוילישער בונט, וואָס איז אויך באַלד דערשטיקט געוואָרען. פוילען האָט דאַמאָלס שוין פער־לאָרען דעם לעצטען שפור פון אַ זעלבסטשטענדיגען פאָלק. דאָס קעניגרייך פוילען איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין די 10 ווייכסעל־גובערניעס.

אַלעקסאַנדער דעם צווייטענס צייט צייכענט זיך־אויס מיט אַ גרויסער אויפלעבונג פון דער געזעלשאַפט אין רוסלאַנד, זיין רעגיערונגס־צייט הייסט מיט רעכט „די צייט פון די גרויסע רעפאָרמען אין רוסלאַנד״.

---

פיערטעס קאַפּיטעל.

## די עפּאָכע פון די נאַציאָנאַלע איבערהעררענישען.

די פעראייניגונג פון איטאַליען.—קאַוואור.—גאַריבאַלדי.—פראַנקרייך צו נאַפּאָלעאָנ׳ס צייט.—פּרייסען.—די מלחמות.—עסטרייך.—דער קריעג צווישען פּרייסען און פראַנקרייך.

בעקומענדיג די אימפּעראַטאָרען־קרוין, האָט נאַפּאָלעאָן דער 3־טער גענומען בעפעסטיגען זיין מאַכט דורך אַלערליי מלחמות, וואָס האָבען געדאַרפט בעווייזען פאַר דער וועלט פראַנקרייכ׳ס שטאַרקייט. צוערשט האָט ער זיך געווענדעט געגען ניקאָלאַי׳ען פון רוסלאַנד, וואָס האָט שטענ־דיג געשטיצט אין אייראָפּאַ די אַלטע מאָנאַרכיען געגען די באַוועגונגען פון דער געזעלשאַפט, און וואָס, אַ דאַנק דער דאָזיגער פּאָליטיק, האָט רוסלאַנד

בעקומען אַזאַ הױכע שטעלע בײ די אײראָפּעאישע מלוכות. דאָס שטרע־בען פון רוסלאַנד צו פערגרעסערען זײן אײנפלוס אויף דעם באַלקאַן האָט פעראײניגט פראַנקרײך און ענגלאַנד געגען רוסלאַנד. צוליעב דעם סכסוך װעגען די הײליגע ערטער אין פּאַלעסטינאַ האָט רוסלאַנד אַרײנגע־צױגען געגען זיך די דאָזיגע צװײ מלוכות אין אַ מלחמה. ניקאָלאַי׳ס זיכער־הײט, אַז עסטרײך װעט צושטעהען צו איהם, פון דאַנקבאַרקײט דער־פאַר, װאָס ער האָט עסטרײך אַרױסגעהאָלפען אין קריעג מיט די אונגאַרען, האָט זיך אַרױסגעװיזען פאַר פאַלש. עסטרײך האָט מיט אַמאָל געפאָדערט פון רוסלאַנד, אַז עס זאָל אָבטרעטען די פירשטענטימער פון דונאַי, װאָס עס האָט שױן פערנומען אין דעם דאָזיגען קריעג. אין קרים, בײ סע־װאַסטאָפּאָל, האָבען זיך בעגעגענט די פײנדליכע אַרמעען. רוסלאַנד האָט בעקומען אַ ניעדערלאַגע; עס האָט פערלאָרען נאָכ׳ן פּאַריזער שלום (שױן בײ אַלעקסאַנדער דעם צװײטען אין 1856) אַ טײל בעסאַראַביען, דעם פּראָטעקטאָראַט פון רוסלאַנד איבער די דונאַי־פעלקער און סערביען און דאָס רעכט צו האַלטען אַ פלאָט אין שװאַרצען ים. דער קרימער קריעג און דער פּאַריזער פריעדען האָבען פראַנקרײך׳ס אײנפלוס שטאַרק דערהױ־בען.

אַזױ װי נאַפּאָלעאָן האָט געװאָלט איבערמאַכען אײראָפּאַ „אויף אַ נאַציאָנאַל דעמאָקראַטישען פונדאַמענט“, האָט ער ממילא געמוזט זיך בעגעגענען מיט עסטרײך, װאָס האָט אונטערדריקט יעדע נאַציאָנאַלע בעװעגונג אין איטאַליען און דײטשלאַנד.

אין איטאַליען האָבען שױן די קליגערע רעפּובליקאַנער פערשטאַנען, אַז עס קלעקט נישט נאָר בלױזע בעגײסטערונג פאַר די אידעע פון איטאַל־יענם פעראײניגונג; מען מוז נאָך האָבען מאַטעריעלע קרעפטען און אַ שטיצע אין דער אײראָפּעאישער פּאָליטיק. דערום האָבען זיך די ליבעראַ־לע עלעמענטען פעראײניגט אַרום דעם קעניג פון סאַרדיניען, װײל דאָס דאָזיגע קעניגטום האָט אויך געלעבט מיט די אידעען צו זעהען אַמאָל אַ פעראײניגט איטאַליען. דער געניאַלער שטאַטס־מאַן גראַף קאַװאוּר, װאָס האָט דאַמאָלס געפיהרט די מלוכה־געשעפטען פון סאַרדיניען, האָט גוט פערשטאַנען צו־צוציהען צו סאַרדיניען די ליבעראַלע עלעמענטען פון איטאַליען און קונציג אױסצונוצען די פּאָליטישע לאַגע פון אײראָפּאַ צו איטאַליענס נוצען.

קאַװאוּר האָט פערשטאַנען, אַז נאָך דעם קרימער קריעג האָט עסטרײך פערלאָרען רוסלאַנד, און דאָס נאַפּאָלעאָן װאָלט זיך װעלען

אריינמישען אין די איטאַליענישע אַנגעלעגענהייטען. ער האָט געמאַכט אַ געהיימען בונד מיט פראַנקרייך און האָט עפענטליך גענומען זיך צוגרייטען צו אַ קריעג מיט עסטרייך. אַז שפּעטער איז אויסגעבראָכען אַ מלחמה צווישען סאַרדיניען און עסטרייך, האָט זיך אַריינגעמישט פראַנקרייך, און ווען נישט דייטשלאַנד, וואָלט עס דערגאַנגען ביז צו אַ פעראיינינונג פון גאַנץ צפון־איטאַליען. עסטרייך האָט דעם קריעג פערלאָרען. סאַרדיניען האָט בעקומען פון די פראַנצויזישע הענד לאָמבאַרדיען. איטאַליען האָט בעקומען דעם פאָרשלאַג צו מאַכען אַן׳איטאַליענישען בונד, עהנליך צו דער מלוכות־פעראייניגונג פון גערמאַנישען בונד.

אָבער די איטאַליענישע פּאַטריאָטען האָבען זיך נישט בעגנוגענט מיט די דאָזיגע קלייניגקייטען. די בעפעלקערונג פון אַ סך שטעדט האָט זיך אָבגעריסען פון איהרע הערשער, און האָט זיך ערקלערט פאַר אונטערטאַנען פון סאַרדיניען. אין דרום־איטאַליען האָט די נאַציאָנאַלע זאַך פון איטאַליענס איינינונג דורכגעפיהרט גאַריבאַלדי, וואָס איז געוואָרען דער נאַציאָנאַל־העלד פון בענייעטען איטאַליען. מיט די פרייוויליגע שיסער פון די אַלפען, אינגאַנצען 1000 מאַן, איז ער געקומען קיין סיציליען, פעריאָגט די סאָלדאַטען פון נעאַפּאָליטאַנישען קעניג. פון דאַנען איז ער געגאַנגען ווייטער (חאָטש דער סאַרדינישער קעניג האָט איהם דאָס פערבאָטען צו טהון) און געהאַט אַזאַ נצחון ווי אין סיציליען. עס האָט שוין געהאַלטען דערביי, אַז דרום־איטאַליען, אָבגערייניגט פון פרעמדע סאָלדאַטען, זאָל זיך ערקלערען אַלס אַ זעלבסטשטענדיגע רעפּובליק. קעניג וויקטאָר עמאַנועל פון סאַרדיניען האָט דערום בעשלאָסען אויסצונוצען גאַריבאַלדי׳ס זיעגען און נישט צו דערלאָזען צו אַ רעפּובליק. זיין אַרמעע איז דערום אַריין אין די נעאַפּאָליטאַנער פּראָווינצען און זיי פעראייניגט מיט זיינע אייגענע צפון־פּראָווינצען. אין אָנפאַנג 1861 איז געוואָרען געעפענט דער ערשטער איטאַליענישער פּאַרלאַמענט, און אין מערץ האָט וויקטאָר עמאַנועל אָנגענומען דעם טיטעל און די קרוין פון איטאַליענישען קעניג.

די גרויסע מלוכות האָבען אַפילו קרום געקוקט אויף דעם, וואָס קומט פאָר אין איטאַליען, אָבער עסטרייך נאָך דער מפּלה פון 1859 האָט שוין נישט געקענט קרעפטיג אַרויסטרעטען. פראַנקרייך האָט בעקומען פאַר זיינע שטילע הילף סאַוואָיען און ניצאַ. די ווענעדיגער פּראָווינצען זענען געבליבען ביי עסטרייך. דעם פּויפּסטס פּראָווינצען האָבען צוטיילט צפון־איטאַליען פון דרום־איטאַליען, און די שטאָדט רוים

איז נאָך געווען אין דער מאַכט פון פויפסט, וואָס איז געווען געגען יעדע בעפרייאונגס־בעוועגונג בכלל, און בפרט געגען דער נייער פעראייניג־טער איטאַליענישער מלוכה. גאַריבאַלדי, וואָס האָט פיינד געהאַט דיפּלאָ־מאַטיע, האָט צוויי מאָל געפרובט זעלבסטשטענדיג צו פערחאַפּען די רוימי־שע פּראָווינץ. איינמאָל האָט וויקטאָר עמאַנועל אַליין נישט דערלאָזען דערצו. אַ צווייטען מאָל האָבען די פראַנצויזען געשטיצט דעם פּויפּסט. אום אַז איטאַליען זאָל ווערען פעראייניגט אינגאַנצען, האָט מען געמוזט אָבוואַרטען אַ נייעם צושטאַנד אין דער פּאָליטיק פון די אינטערנאַציאָנאַלע מלוכות, וואָס זאָל זיין גינסטיג פאַר איטאַליען.

דאָס אינוועניגסטע לעבען פון פראַנקרייך, וואָס האָט אין דרויסען בעוויעזען אַזוי פיעל גבורות אין די שלאַכטען, איז געווען אַ צוזאַמענמישונג פון פּראָגרעסיווע אידעען און פון מיליטערישען דעספּאָטיזם. חאָטש לפנים איז פראַנקרייך פערוואַלטעט געוואָרען דורך אַ פאָלקס־פערטרע־טונג, חאָטש דער אימפּעראַטאָר איז געוועהלט געוואָרען פון אַ פּלע־ביסציט (דורך די אָבשטימונג פון גאַנצען פאָלק), די דעפּוטאַטען־פון אַלגעמיינע וואַהלען, און דער וועהלער האָט נישט געדאַרפט אויפווייזען קיין שום צענז (פערמעגען) דערביי—פונדעסטוועגען האָט די גאַנצע מאַכט בעזעסען דער אימפּעראַטאָר. די געזעץ־פאָרשלאַגען זענען געווען אָבהענגיג פון מלוכה־ראַט, און די פּאַלאַטעם האָבען נישט געהאַט קיין רעכט אַליין צו מאַכען פאָרשלעגע, וועניגסטענס זענען זייערע פאָרשלעגע גע־שטאַנען אונטער דער השגחה פון סענאַט, וואָס איז בעשטאַנען לויטער פון גענעראַלען, עפיסקאָפּען און הויכע לייט, וועלכע דער קייזער אַליין פלעגט בעשטימען. די פּרעסע איז געשטאַנען אונטער אַ שטרענגער צענ־זור, און די גאַנצע פראַנצויזישע געזעלשאַפט—אונטער דער אויפזיכט פון דער ביוראָקראַטיע. מיט אַזוינע לייט, וואָס האָבען זיך דערוועגט נישט צו זיין צופריעדען מיט דער צווייטער אימפּעריע, האָט מען זיך נישט גע־צעמאָניעט. די פּאָליציי פלעגט זיי אַוועקזעצען הינטער די גראַטעס, אָדער מען פלעגט זיי אָהן אַ שום געריכט פערשיקען אין אַלזשיר און קאַיענע, ווערטליך, אין דעם אָרט, וואו פעפער וואַכסט. נאָכדעם, ווי דער איטאַל־יענער אָרסיני האָט געמאַכט אַנ׳אַטענטאַט (געפרובט ערמאָרדען) אויף נאַפּאָלעאָן דעם דריטען, האָט נאָך די פּאָליציי בעקומען אַ סך גרעסערע פולמאַכטען איבער די בירגער פון לאַנד. נישט קוקענדיג, וואָס עס איז געווען זעהר שווער די לאַגע פון דער אָפּאָזיציע אין לאַנד, האָט זי זיך פאָרט אַרויסגעוויזען אין די פּאַלאַטעם, און מיט יעדעם יאָהר איז די

אָפּאָזיציע אַלץ געוואַכסען שטאַרקער. טיער, פּאַוור און גאַמבעטע פּלעגען נישט אויפהערען צו האַלטען זייער פּלאַמענדיגע רעדען, וואָס פּלעגען אַרויסרופען אַ שטאַרקען אָבקלאַנג אין גאַנץ פראַנקרייך.

דער אימפּעראַטאָר האָט נישט נאָר געהאַלטען פראַנקרייך אין זיינע הענד מיט דער הילף פון דער פּאָליציי; ער האָט אויך געזאָרגט דערפאַר, צו קרעפטיגען פראַנקרייך אין עקאָנאָמישער הינזיכט. שוין דאָס אַליין, וואָס פּראַנקרייך האָט ווידער בעקומען אַ פעסטע אָרדנונג — האָט שטאַרק אויפגעלעבט דעם האַנדעל און די פּאַבריקאַציע. צוליעב די פערשיעדענע גוטע האַנדעלס־אָבמאַכען מיט ענגלאַנד, דייטשלאַנד און אַנדערע מדינות האָבען די פראַנצויזישע פּראָדוקטען בעקומען פרישע מערק. אום צו פערשטאַרקען דעם האַנדעל מיט די קאָלאָניעס, האָט נאַפּאָלעאָן געפיהרט אינאיינעם מיט ענגלאַנד אַ קריעג געגען חינא און ער האָט געצוואונגען די חינעזער עטליכע פון זייערע פּאָרטען צו עפענען פאַר די אייראָפּעאישע קויפלייט. דערביי האָט ער איינגענומען פאַר פראַנקרייך קאָכינ־חינא און ענערגיש מיטגעהאָלפען, אַז מען זאָל וואָס גיכער ענדיגען די אויסגראָבונגס־אַרבייטען פון סועץ־קאַנאַל. פראַנקרייך גופא איז געוואָרען בעדעקט מיט אַ נעץ פון אייזענבאַהנען. די רעזולטאַטען פון די אַלע אונטערנעהמונגען זענען געווען פאַר'ן האַנדעל גלענצענדע. פראַנקרייכ'ס האַנדעלס־אומזאַץ האָט זיך אין אַ משך פון 10 יאָהר פערדאָפּעלט. די אויפלעבונג פון האַנדעל האָט אויך געהויבען דעם אַרבייטער־לויהן; חוץ דעם האָט דעם אַרבייטער נישט געפעהלט קיין אַרבייט, צוליעב דעם, וואָס די רעגיערונג האָט נישט אויפגעהערט צו בויען נייע און צו רעמאָנטירען די אַלטע מלוכה־בנינים. דער אימפּעראַטאָר האָט אויך געזאָרגט דערפאַר, אַז די עקאָנאָמישע אויפלעבונג פון לאַנד זאָל זיך וואַרפען אין די אויגען. אין 1867 האָט ער איינגעאָרדענט אין פּאַריז אַ וועלט־אויסשטעלונג, וואָס האָט געדאַרפט ווייזען דער וועלט די פראַנצויזישע פּאַבריקאַציע און קונסט אין די שענסטע גלענצענדיגסטע פאַרבען.

דאָס גייסטיגע לעבען אין פראַנקרייך איז אָבער שטאַרק געפאַלען. די פראַנצויזען זענען ווידער געוואָרען די געזעצגעבער פון אייראָפּאַ אין געשמאַקס־פראַגען און מאָדע־זאַכען, נאָר אין דער געזעלשאַפט איז געווען צו מערקען, אַז די מאָראַל איז געפאַלען און אַז עס זענען שוואַך געוואָרען די אינטערעסען צו העכערע פראַגען. פּאַריז האָט נאָר געהאַט איין גאָט, דעם גאָט פון רייכקייט, און דער איינציגער זין פון לעבען איז געווען, זיך אָנצוטהון וואָס מעהר תענוגים. ביי אַזאַ צושטאַנד איז

קיין וואונדער נישט, וואָס פֿראַנקרייך צו דער צייט פֿון אימפּעראַטאָר איז בעדעקט געוואָרען פֿון אַ גאַנצער אַרמעע בעשטעכליכע מענשען און גנבים, וואָס בע׳גנב׳ענען די מלוכה-קאַסע.

די דאָזיגע מאָראַלישע אָבשוואַכונג פֿון פֿראַנקרייך האָט מיט דער צייט געקענט ווערען די סבה פֿון אַ גרויסער סכנה פֿאַר׳ן לאַנד. ווייל נאָהענט נעבען פֿראַנקרייך איז געוואַכסען אַ מעכטיגע מלוכה פּרייסען, וואָס האָט גענומען שטאַרק בליהען, זייט עס האָט זיך אָנגעהויבען צו רעפֿאָרמירען. גלייכצייטיג מיט דער פֿעראייניגונג פֿון איטאַליען האָט זיך צוגעגרייט די פֿעראייניגונג פֿון דייטשלאַנד. די 80-ער יאָהרען אין דייטשלאנד זענען געווען, ווי אומעדום, די יאָהרען פֿון רעאַקציע. אָן דער שפּיץ פֿון דער רעגירונג זענען געשטאַנען די רעאַקציאָנערע פּאַרטייען, און די ליבעראַלע בירגער, פֿיהלענדיג, אַז זיי קאָנען גאָרנישט אויפטהון אין פּאַרלאַמענט, פלעגען זיך נישט בעטייליגען אין די וואַהלען. דערווייל אָבער איז דייטשלאַנד בנוגע צו האַנדעל און פאַבריקאַציע שטאַרק אויסגעוואַכסען. דאָס לאַנד האָט זיך בעדעקט מיט אייזענבאַהנען. אין 20 יאָהר פֿון 1840 ביז 1860, איז פֿערגרעסערט געוואָרען דאָס נעץ פֿון די אייזענבאַהנען מעהר ווי אויף 20 מאָל. די אינדוסטריעלע קרעפטען זענען געוואָרען אַזוי מעכטיג, אַז די רעגירונג האָט זיך געמוזט אָנהויבען מיט זיי צו רעכענען. דער פּרייסישער קעניג ווילהעלם דער ערשטער (פֿון 1857), וואָס איז פֿריהער געגאַנגען מיט דער רעאַקציע, האָט איצט שוין פֿערשטאַנען, אַז מען מוז צוציהען די ליבעראַלע פּאַרטייען. באַלד זענען די ליבעראַלע בירגער מאַסענווייז אַריינגעדרונגען אין פּאַרלאַמענט, וואו זיי האָבען געהאַט די מעהרהייט. צווישען די ליבעראַלע פּאַרטייען אין דער פּרייסישער רעגירונג האָט זיך שוין אָנגעהויבען אַ קאַמפף וועגען דער פֿראַגע פֿון די מיליטערישע רעפֿאָרמען.

דער קעניג האָט געהאַלטען פֿאַר נויטיג צו פֿערשטאַרקען די אַרמעע אין פּרייסען, דער פּאַרלאַמענט אָבער האָט נישט געוואָלט בעלאַסטען די בעפֿעלקערונג מיט נייע אָבגאָבען, צוליעב די גרעסערע הוצאות אויפ׳ן מיליטער. עס איז אויסגעבראָכען אַ קאָנפֿליקט צווישען קעניג און פּאַרלאַמענט, וועלכער פֿלעגט סיסטעמאַטיש נישט בעשטעטיגען די נייע הוצאות אויף דער אַרמעע. אין די גרויסע פֿאַבריקאַציאָנס-צענטרען האָט זיך געבילדעט אַ שטאַרקע פּראָגרעסיווע פּאַרטיי, וואָס האָט געקעמפפט פֿאַר די פֿולע רעכטען פֿון פּאַרלאַמענט און איז געווען שטאַרק אויפגערעגט, וואָס דער קעניג פֿלעגט, זיך נישט רעכענענדיג מיט׳ן פּאַרלאַמענט, מאַכען

עלבסטשטענדיג די אויסגאבען אויף צו פערשטארקען דאס מיליטער. פיער יאהר האט זיך געצויגען דער קאנפליקט. דער קעניג האט פונאנדערגעלאזען דעם פארלאמענט, אבער די נייע וואהלען האבען געגעבען נאך א שטארקערע צאהל פון אפאזיציאנעלע דעפוטאטען. דער קעניג איז שוין מיעד געווארען פון קאמפף מיט'ן פארלאמענט. ער האט שוין געוואלט אבדאנקען. אבער אין דער לעצטער קריטישער מינוט האט ער בעשלאסען איינצולאדען אין מיניסטעריום דעם בראנדענבורגער עדעלמאן ביסמארק'ען, דעם פארשטעהער פון פרייסען אין גערמאנישען בונדס-ראט. ביסמארק האט נאך אין 48-טען יאהר זיך ערקלערט אלס געגנער פון דער קאנסטיטוציע און אלס אנהענגער פון אנ'אונבעגרענצטער קעניגליכער מאכט. אננעהמענדיג די מיניסטער-שטעלע, האט ער געראטען דעם קעניג זיך נישט צו רעכענען מיט דער פאלאטע און איינצומאהנען די נייע מיליטער-אבגאבען געגען ווילען פון פארלאמענט. ביסמארק האט קלאר ארויסגעזאגט זיין פראגראם אין פארלאמענט: „די פעראייניגונג פון דייטשלאנד וועט נישט אויסגעפיהרט ווערען דורך דרשות און דורך די בעשלוסען פון פארלאמענט, נאר דורך אייזען און בלוט". ביי דעם קאנפליקט צווישען פארלאמענט און קעניג איז נישט וויכטיג דאס, ווער עס רעכענט זיך מעהר מיט'ן געזעץ, נאר דאס, ווער עס האט די גרעסערע פאקטישע מאכט.

אין דער צייט פון דעמדאזיגען קאנפליקט איז צום ערשטען מאל ארויסגעטרעטען די ארבייטער-פארטיי אין דייטשלאנד. אין די גרויסע פאבריקאציאנס-צענטרען אין זאכסען, שלעזיען און ביים רהיין האט שוין געארבייט צו נוצען פון די ארבייטער שולצע דעליטש, אבירגער פון דער פראגרעסיווער פארטיי, וועלכער האט אגיטירט צווישען די ארבייטער, אז נאר זעלבסטהילף קאן פערבעסערען זייער לאגע, און ער האט געראטען די ארבייטער צו גרינדען פרייע פראדוקטיווע געזעלשאפטען. די דאזיגע עצות האבען אפשר געהאט א ווערדע פאר קליינע בעלי-מלאכות, אבער נישט פאר פאבריק-ארבייטער, וואס פערמאגען גישט די קאפיטאלען אויף צו גרינדען פאבריקאציאנס-געזעלשאפטען און אויף צו קאנקורירען מיט די גרויסע קאפיטאליסטישע פאבריקען. געגען שולצע דעליטש איז שארף ארויסגעטרעטען פערדינאנד לאסאל (1824—1864), א געוואלטיגער רעדנער און איינער פון די גרעסטע פערטרעטער פון סאציאליזם אין אייראפא. זיין איינפלוס אויף די ארבייטער-מאסען אין דייטשלאנד איז געווען א מעכטיגע. ער

האָט אויסגעלאַכט די מיטלען פֿון שולצע־דעליטש׳ען. ער האָט ערקלערט די אַרבייטער, אַז זיי מוזען זיך אָנהויבען אינטערעסירען פֿאַר דער אינער־רער פּאָליטיק, אַז זיי מוזען שטעלען דער רעגיערונג די הויפּט־פֿאָדערונג פֿון אַן׳אַלגעמיינעם גלייכען וואַהל־רעכט, וואָרום נאָר ביי אַזאַ אַלגעמיינעם גלייכען וואַהל־רעכט וועלען זיי האָבען די מעגליכקייט צו ווערען אַ מאַכט אין דער מלוכה, וועלכע וועט פֿערטיידיגען די אינ־טערעסען פֿון די אַרבייטער נישט ווענינער, ווי די אינטערעסען פֿון די גוטס־בעזיצער און דער בורזשואַזיע. לאַסאַל האָט מיט זיין גוואַלטיגער ענערגיע פֿעראייניגט די צושטרייטע בונדען פֿון די פֿערשידענע דייטשע אַרבייטער און געגרינדעט אין 1863 דעם דייטשען אַרבייטער־בונד, וואו ער איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס פּרעזידענט אויף פֿינף יאָהר. זיינע פּאָלמאַכטען אין דעם ערשטען דייטשען אַרבייטער־בונד זע־נען געווען כמעט דיקטאַטאָרישע, אונבעגרענצטע.

אין דער צייט פֿון קאָנפליקט פֿון קעניג מיט׳ן פּאַרלאַמענט האָט לאַסאַל געפֿיהרט אונטערהאַנדלונגען מיט ביסמאַרק׳ען, און ער האָט איהם צוגעזאָגט די שטיצע פֿון דער אַרבייטער־מאַסע געגען דעם אַלגעמיינעם פֿיינד, דער בורזשואַזיע. אָבער צו אַ בונד צווישען קעניגטום און אַרביי־טער איז נישט דערגאַנגען צוליעב לאַסאַל׳ס פּלוצלינגען טויט אויף אַ דועל. ביסמאַרק האָט זיך שפּעטער בענוצט מיט לאַסאַל׳ס געדאַנקען וועגען אַלגעמיינעם וואַהל־רעכט, אום צו האָבען אין דער אינערער פּאָלי־טיק שטענדיג אַ קלאַס, וואָס געהט נישט צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע.

לאַסאַל׳ס אַרבייטער־פּאָליטיק האָט געפֿונען אַ גענטאַלען געגנער אין קאַרל מאַרקס׳ען. נאָך אין 1848 איז מאַרקס אַרויסגעטרעטען מיט זיין בעריהמטען מאַניפֿעסט צו די אַרבייטער פֿון דער גאַנצער וועלט. צוזאַמען מיט זיינע שילער ליבקנעכט און בעבעל האָט ער געגרינ־דעט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבייטער־פּאַרטיי, וועל־כע, צום אונטערשיעד פֿון לאַסאַל׳ען, האָט איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל ער־קלערט, אַז זי מאַכט נישט קיין אָבמאַכען מיט קיין שום פּאַרטיי, חוץ סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטייען.

דער קאָנפליקט צווישען פּאַרלאַמענט און קעניג איז געוואָרען מיט איטליכען יאָהר שטאַרקער און ביסמאַרק האָט איינגעזעהען, אַז מען מוז וואָס גיכער איבערצייגען דעם פּאַרלאַמענט אין דער וויכטיגקייט פֿון אַ שטאַרקער מיליטערישער מאַכט ביי אַלע אינטערנאַציאָנאַלע אומשטענדען. דערום האָט ער אין 63־טען יאָהר אויסגענוצט די ירושה־פֿראַגע וועגען האָלשטיין

און דענעמאַרק. צוזאַמען מיט די עסטרייכער איז ער אַריין אין דענעמאַרק און נאָך אַ קורצער מלחמה האָט ער צוגענומען האָלשטיין פֿון דענעמאַרק פֿאַר'ן גערמאַנישען בונד.

באַלד דערויף האָט פּרייסען ערקלערט מלחמה עסטרייך צוליעב שלעזוויג. ביסמאַרק האָט זיך פֿעראייניגט צוליעב דעם מיט עסטרייכ'ס אַלטען שונא, איטאַליען. נאַפּאָלעאָנ'ען האָט ער האַלב צוגעזאָגט אַ טייל פֿון די פּראָווינצען ביי'ם רהיין. אין פֿראַנקפֿורט האָט דער פּרייסישער פֿאָרשטעהער פֿערלאַנגט, אַז מען זאָל עסטרייך אויסשליסען פֿון גערמאַנישען בונד.

דער קריעג מיט עסטרייך (1866), צוליעב פּרייסענס בעסערע וואַפֿען, האָט זיך געענדיגט מיט אַ זיעג פֿון פּרייסען. נאָר אַזוי ווי נאַפּאָלעאָן האָט זיך דערשראָקען דערפֿאַר, וואָס פּרייסען הויבט אָן שטאַרק צו וואַכסען אַלס מיליטערישע מאַכט, און האָט שוין געהאַלטען דערביי זיך אַריינצומישען אין קריעג צום נוצען פֿון עסטרייך—האָט ביסמאַרק גיך געשלאָסען פֿריעדען מיט עסטרייך, נישט שטעלענדיג דערביי קיין האַרבע בעדינגונגען. עסטרייך האָט גאָרנישט פֿערלאָרען פֿון זיינע לענדער, חוץ די װענעדיגער פּראָווינצען, וואָס דייטשלאַנד האָט אָבגעטרעטען נאַפּאָלעאָנ'ען (דער לעצטער האָט די פּראָווינצען אַוועקגעגעבען דעם קעניג פֿון איטאַליען). דער אַלטער גערמאַנישער בונד איז בטל געוואָרען, און נייעם איז עסטרייך געוואָרען אויסגעשלאָסען. פּרייסען האָט בעקומען די איבערהערשאַפֿט אין בונד. ביסמאַרק האָט בעוויזען דעם פּאַרלאַמענט די וויכטיגקייט פֿון שטאַרקען מיליטער; ער האָט בעהעפֿט צו דייטשלאַנד שלעזוויג-האָלשטיין, האַנאָווער, העסען, קאַסעל א. ז. וו. די דרום-מלוכות פֿון דייטשלאַנד, האָטש זיי זענען געבליעבען אונאַבהענגיג, האָבען זיך פֿערפּליכטעט צושטעלען זייערע אַרמעען, ווען פּרייסען וועט זיי בעדאַרפֿען. בנוגע צום גרענעץ-צאָל האָבען אַלע דייטשע מלוכות געבילדעט איין איינציגען בונד.

דער קריעג פֿון 1866 האָט עסטרייך געצוואונגען זיך צו נעהמען פֿאַר גרעסערע רעפֿאָרמען. נאָכ'ן קריעג האָט עסטרייך די מאָנאַרכיע צוטיילט אויף צוויי העלפֿטען: אויף די ציזלייטאַנישע (וואָס בעשטעהט פֿון די דייטשע לענדער, בעהמען, מאָראַוויען און גאַליציען) און אויף די טראַנסלייטאַנישע (וואָס בעשטעהט פֿון אונגאַרן, האָרוואַטיען, דאַלמאַציען א. ז. וו.). איטליכע העלפֿט האָט זיך איהר פֿערוואַלטונג, איהר פּאַרלאַמענט, איהר אייגענעם מיניסטעריום. נאָר די אויסערע פּאָליטיק, די

אָרגאַניזאַציע פֿון דער אַרמעע ווערט בעראַטען פֿון אַ דעלעגאַציע, וואָס ווערט אויסגעקליעבען פֿון ביידע פּאַרלאַמענטען. איינצעלנע פּראָווינצען האָבען נאָר בעקומען אַ ברייטע זעלבסטפערוואַלטונג, נאָר אום דימאָנאַרכיע, צוליעב איהרע פֿיעלע נאַציאָנען, זאָל נישט צופֿאַלען — האָבען אין ציסלייטאַניען בעקומען מיט דער הילף פֿון דער צענטראַלער רעגיערונג די פּאָליטישע איבערהערשאַפֿט די דייטשען, און אין טראַנסלייטאַניען — די אונגאַרען. די סלאַווען, וואָס זענען אַלע צוזאַמען די גרעסטע פֿון די פֿעלקער אין עסטרייך, שפּיעלען נישט קיין שום ראָליע, ווייל די חאָרוואַטען, מאָראַווען, סלאָוואַקען, טשעכען שטאַמען אפֿילו אָב אַלע פֿון סלאַווען, אָבער זיי פֿערבינדען נישט קיין געמיינשאַפֿטליכע היסטאָריע און קיינע געמיינשאַפֿטליכע טראַדיציעס און זיטען. אין דער צוברעקעלטקייט פֿון די סלאַווישע שבטים ליעגט דער כח פֿון די אונגאַרען און דייטשען.

ביסמאַרק׳ס שעפֿפֿונג פֿון אַ מעכטיגען נאָרד־גערמאַנישען בונד איז נאַפּאָלעאָנ׳ען שטארק נישט געפֿעלען. אין די 60־ער יאָהרען האָט נאַפּאָלעאָן נישט געהאַט קיין גליק אין זיינע אונטערנעהמונגען, און זיין אויטאָריטעט איז שטאַרק געפֿאַלען. גלייכצייטיג איז אויסגעוואַכען ביי זיין זייט אַ גרויסע קראַפֿט, וואָס איז בכח אבצושטויסען די פראַנצויזען ביי יעדער געלעגענהייט, ווען זיי וועלען פֿערטשעפּען דייטשע ערד. אין פֿראַנקרייך גופֿא איז די אָפּאָזיציע שטאַרק אויסגעוואַכסען דערווייל, און דער קייזער האָט געמוזט בעשטעטיגען אַ מיניסטעריום, וואָס די מעהרהייט פֿון דער פֿאָלקס־פֿערטרעטונג האָט אַרויסגעשטעלט. האָטש די קענער פֿון דער פראַנצויזישער אַרמעע האָבען אָבגעראַטען נאַפּאָלעאָנ׳ען פֿון אַ קריעג מיט דייטשלאַנד, נאָר דער אימפּעראַטאָר און זיינע פֿערטרויטע זענען געווען איבערצייגט, אַז דער יונגער דייטשער בונד וועט נישט קענען ביישטעהען די וואַפֿען פֿון דער פֿראַנצויזישער אימפּעריע, און זיי האָבען בסדר געזוכט אַ צוטשעפעניש אויף צו ערקלערען דייטשלאַנד אַ קריעג.

ין 1870 האָט זיך געפֿונען אַזאַ געלעגענהייט. די שפּאַניער האָבען אַרויסגעטריעבען זייער קעניגין איזאַבעלע און האָבען פֿאָרגעשלאָגען דעם לעדיגען טהראָן* אַ ווייטען קרוב פֿון פּרייסישען קעניג, פּרינץ לעאָפּאָלד פֿון האָהענצאָלערן. דער פּרינץ האָט דעם פֿאָרשלאַג אָנגענומען צוערשט. נאָר ווען די פֿראַנצויזישע רעגיערונג האָט דאַגעגען פּראָטעסטירט, האָט ער זיך אָבגעזאָגט פֿון פֿאָרשלאַג. דער פֿראַנצויזישער געזאַנדטער האָט אָבער דערמיט זיך נישט בעגנוגענט און האָט פֿערלאַנגט פֿון פּרייסישען קעניג,

אז ער זאל אפיציעל ערקלערען, אז ער וועט קיינמאל נישט צולאזען צו דער קאנדידאטור פון דעם דאזיגען פרינץ. דער קעניג האט נישט איינגעשטימט אויף די דאזיגע גראבע פאדערונג. באלד ווי דער קעניג האט זיך אבגעזאגט פון דער דאזיגער פאדערונג, האט דער פראנצויזישער געזאנדטער בעקומען דעם אויפטראג פון פראנקרייך צו פערלאזען בערלין, און עס האט זיך אנגעהויבען דער קריעג.

---

## פינפטעס קאפיטעל.

# די עפאכע פון די נאציאנאלע איבערקעהרענישען.

דער קריעג פון 1870—71.—די דייטשע אימפעריע. די פראנצויזישע רעפובליק.—איטאליען.—ענגלאנד.—די מזרח-פראגע.—דער רוסיש-טערקישער קריעג.—דער בערלינער קאנגרעס.—די פעראייניגטע שטאטען.—דער נעגערנ-בעפרייאונגס-קריעג.—יאפאן.

די דייטשע מלוכות האבען בעקומען די מעגליכקייט אלע זייערע קרעפטען צו קאנצענטרירען געגען פראנקרייך א דאנק רוסלאנד, וואס האט זיך געהאלטען אויפ'ן צד פון דייטשלאנד. רוסלאנד האט נישט נאר ערלויבט צו לאזען דייטשלאנד די מזרח-פראווינצען אהן א מיליטערישען שוץ, נאר עס האט אויך נישט דערלאזען עסטרייך זיך אריינצומישען אין דער מלחמה, און זיך נוקם צו זיין פאר דער מפלה אין 1866-טען יאהר. דער פרייסישער גענעראל-שטאב מיט'ן געניאלען גענעראל מאלטקע בראש האט אויסגעצייכענט אויסגעארבייט דעם פלאן פון דער מלחמה. שוין דריי וואכען נאך דער קריעגס-ערקלערונג האט שוין דייטשלאנד געהאט ביי די גרענעצען פון פראנקרייך אנ'ארמעע פון 500 טויזענד מאן. די פראנצויזישע רעגיערונג דאגעגען, נישט קוקענדיג דערויף, וואס זי האט זיך געאיילט ארויסצורופען וואס גיכער דעם קריעג מיט דייטשלאנד, איז געווען אסך ערגער צוגעגרייט צום קריעג. אין איין איילעניש האט מען צונויפגעשטעלט אנ'ארמעע פון ½ מיליאן, נאר נישט אלע פאלקען זענען געווען פארטיג צום קריעג. דער צופיהר פון שפייז פאר'ן חיל איז געווען שלעכט ארגאניזירט, און עס איז נאך נישט געווען אויסגעארבייט דער קריעגס-פלאן. אנשטאט אנצופאלען אויף דייטשלאנד, האט פראנקרייך געמוזט זיך פערטיידיגען געגען א גרעסערער פיינדליכער ארמעע, וואס עס האבען

קאָמאַנדירט די געניאַלע גענעראַלען ראָלאַן, מ אָ ל ט ק ע און אַנד. די דרום־גערמאַנישע אַרמעע האָט צושלאָגען די אַרמעע פֿון מאַקמאַהאָנ'ען, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די פֿראַנצויזען האָבען זיך געוועהרט מיט אַלע כחות. די פּרייסען האָבען אין דריי שלאַכטען געצוואונגען די אַרמעע פֿון ב אַ ז ע נ ' ע ן זיך צו פֿערפעסטיגען אין דער פֿעסטונג פון מעץ, פֿון וואַנען זיי האָבען איהם שוין נישט אַרויסגעלאָזען. אונטערדעסען האָט מאַקמאַהאָן צונויפגעשטעלט אַ נייע אַרמעע און איז אַוועק מיט איהר אויף מעץ צו בעפרייען באַזענ'ען. מיט דער אַרמעע איז אויך מיטגעפֿאָהרען נאַפּאָלעאָן. ביי ס ע ד אַ ן האָבען די דייטשע אַרמעען אַרומגערינגעלט פֿון אַלע זייטען מאַקמאַהאָנ'ען, און נאָך אַ שלאַכט, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצען טאָג, האָט מאַקמאַהאָנ'ס אַרמעע זיך געמוזט אונטערגעבען. 80 טויזענד מאַן האָבען אָבגעגעבען זייערע וואַפֿען. נאַפּאָלעאָן אַליין איז געוואָרען דער געפֿאַנגענער פֿון די דייטשען. נאָך דער מפּלה איז די קייזערין עווגעניע אנטלאָפֿען פון פּאַריז. פּאַריז האָט זיך באַלד דערויף ערקלערט אַלס רעפּובליק. דעם ווידערשטאַנד געגען שונא האָט גענומען דורכפֿיהרען די אָפּאָזיציע, און דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר דערפֿון איז געוואָרען ג אַ מ ב ע ט ט ע. נאָר עס איז שוין אונמעגליך געווען צו געהען ענטגעגען דעם מעכטיגען פֿיינד, נאָכדעם ווי די רעגולערע אַרמעע איז שוין כמעט צושלאָגען געוואָרען. באַזען, וואָס האָט זיך פֿערפֿעסטיגט אין מעץ, האָט נאָך געהאַט אונטער דער קאָמאַנדע אַנ'אויסגעצייכענטע רעגולערע אַרמעע, נאָר עד היום איז נישט קלאָר, פֿאַרוואָס ער האָט נישט געמאַכט קיין איין פּרוב זיך דורכצורייסען מיט זיין אַרמעע דורך דעם פֿיינדליכען חיל. ער איז אַזוי לאַנג געבליעבען אין פֿעסטונג, ביז ער איז געצוואונגען געוואָרען זיך מיט חרפה אונטערצוגעבען מיט אַנ'אַרמעע פֿון 175 טויזענד מאַן. די פֿראַנצויזען זענען געווען איבערציינגט, אַז באַזען איז אונטערגעקויפֿט געוואָרען פון די דייטשען, און ביי דער ניעדעריגער מאָראַל פֿון נאַפּאָלעאָנ'ס הויף בעאַמטע איז דאָס געווען צו גלויבען.

גאַמבעטטע האָט פֿונדעסטוועגען נישט אויפגעהערט צו אָרגאַניזירען אַ ווידערשטאַנד געגען די דייטשען, וואָס האָבען זיך געלאָזען געהען אויף פּאַריז. אין אַלע פּראָווינצען האָבען זיך געבילדעט אַרמעען פֿון פֿרייוויליגע, וואָס האָבען העלדיש געקעמפּפט געגען איינצעלנע פּאָלקען פֿון פֿיינד. די פֿרייוויליגע האָבען אָבער נישט געקענט בייִשטעהען געגען דעם געלערנטען סאָלדאַט, און דער סוף איז געווען, אַז פֿראַנקרייך אָט בעקומען אַ מפּלה נאָך אַ מפּלה. דער גאַרניזאָן פון פּאַריז איז אויך

בעשטאַנען פֿון יונגע נישט דערלערנטע סאָלדאַטען, און צווישען זיינע קאָמאַנדירען זענען נישט געווען קיין פֿעהיגע קריעגס-פֿיהרער. נאָר די בירגער פֿון פּאַריז מיט די יונגע סאָלדאַטען האָבען געטהון אַלעס מעגליכע אויף נישט אַריינצולאָזען די דייטשען אין דער פֿראַנצויזישער הויפּטשטאָדט. נישט די באָמבאַרדירונג האָט זיי געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען, ווי דער מורא'דיגער הונגער. פּאַריז האָט זיך אונטערגעגעבען ערשט דער-נאָך, ווען אין שטאָדט אין שוין מעהר נישט געווען קיין ברויט און אַפילו קיין פֿערדען-פֿלייש. נאָכדעם, ווי פּאַריז איז געפֿאַלען, האָבען שוין די פֿראַנצויזען נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי צו שליסען שלום ביי פֿאָלגענדע בעדינגונגען: פֿראַנקרייך גיט אָב גאַנץ עלזאַס און מזרח-לאָטערינגען מיט דער פֿעסטונגס-שטאָדט מעץ און בעצאָהלט אַ קריעגס-קאָנטריבוציע פֿון 5 מיליאַרד פֿראַנק.

דייטשלאַנד האָט הויפּטזעכליך צוליעב'ן קריעג דערגרייכט דאָס, צו וואָס עס האָט געשטרעבט דעם גאַנצען 19-טען יאָהרהונדערט, — די פֿעראייניגונג פֿון דייטשלאַנד. שוין צו דער צייט פֿון דער פּאַריזער בעלאַגערונג האָט מען אין שלאָס פֿון די אַמאָליגע פֿראַנצויזישע קעניגען ערקלערט ווילהעלם דעם 1-טען פֿאַר דעם אימפּעראַטאָר פֿון דייטשלאַנד. די זיעגען פֿון 1870—71 האָבען געמאַכט אַ סוף צו אַלערליי פּריוואַטע סכסוכים צווישען די איינצעלנע דייטשע מלוכות. פֿון דעם קריעג אָן איז איינגעפֿיהרט געוואָרען אין דייטשלאַנד אַזאַ סדר. יעדע דייטשע מלוכה פֿיהרט די מייסטען אינערע פֿערוואַלטונגס-עסקים זעלבסטשטענדיג, און די אַלגעמיינע אַנגעלעגענהייטען ווערען בעראַטען פֿון אימפּעראַטאָר, פֿון בונדס-ראַט (דער בונד פֿון אַלע מלוכות) און פֿון דייטשען פּאַרלאַמענט, וואו עס ווערען אויסגעקליבען דעפּוטאַטען פֿון גאַנץ דייטשלאַנד, לויט די רעגעלען פֿון אַלגעמיינעם וואַהל-רעכט. דער געוועהלטער פּאַרלאַמענט פֿאַר די אינערע אַנגעלעגענהייטען פֿון יעדער דייטשע מלוכה הייסט לאַנדטאַג, דער פּאַרלאַמענט, וואָס בעראַט אַלע דייטשע אַנגעלעגענהייטען, הייסט רייכסטאַג. צו אַזאַ סדר איז געקומען נישט נאָר צוליעב די יאָהרען 1870—71, נאָר הויפּט-זעכליך דעריבער, ווייל די געזעלשאַפֿט אין דייטשלאַנד איז שוין לאַנג איבערצייגט געווען אין איהר קלאָרען בעוואוסטזיין פֿון דער נויטיגקייט פֿון אַ נאַציאָנאַלער איינינקייט.

פֿראַנקרייך האָט נאָכ'ן אונגליקליכען קריעג אָנגעהויבען צו פֿערהיי-

לען זיינע שרעקליכע וואונדען. אָבער עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען עס האָט שוין געהאַלטען, אַז פראַנקרייך זאָל איננאַנצען אונטערגעהן באַלד נאָכ'ן קריעג האָט זיך אָנגעהויבען אַ בלוטיגער קאַמפף אינ'ם לאַנד גופא. די פּאַריזער אַרבייטער־בעפעלקערונג האָט אָנגעהויבען פיהרען אַ קאַמפף פאַר אַ ראַדיקאַל־רעוואָלוציאָנערע רעגיערונג. זי האָט ערקלערט פראַנקרייך פאַר אַ „קאָמונע", וואָס האָט געדאַרפט מאַכען אַנ'עק מיט דער אונגלייכהייט אין אייגענטום אין סאָציאַלער הינזיכט אין פראַנקרייך, און האָט געדאַרפט ווייזען דער וועלט אַ מוסטער פון אַ נאַציאָנאַלער קאָמוניסטישער מלוכה, וואָס איז צוטיילט אויף זעלבסטשטענדיגע אָרטיגע געמיינדען. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַנ'אינערער קאַמפף און דער אַמאָ- ליגער טעראָר. די פראַנצויזישע נייע רעפּובליקאַנישע רעגיערונג האָט גע- מוזט אַ צווייטען מאָל בעלאַגערען פּאַריז געגען די אייגענע פיינד און נעהמען די שטאָדט אין שטורם, וואָס האָט געדויערט פיער טעג נאָכ- אַנאַנד. די קאָמונע איז געוואָרען בלוטיג דערשטיקט, דאָס רעגיערונגס- מיליטער האָט זיך נוקם געווען אָן די קאָמונאַרען, ווי געגען אַנ'אויסע- רען שונא. די קאָמוניסטען האָבען אויך נישט געשוויגען, און האָבען געצונדען און געמאָרדעט, וואו עס איז נאָר מעגליך געווען. נישט קוקענ- דיג דערויף, וואָס נאָכ'ן אומגליקליכען קריעג האָט זיך צופלאַקערט די רעוואָלוציע פון דער קאָמונע, האָט פראַנקרייך דאָך בעוויזען, ווי גרויס איז זיין לעבענס־קראַפט. די רעגיערונגס־פאָרם, אַ רעפּובליקאַנישע, איז באַלד אָנגענומען געוואָרען פון דער גאַנצער בעפעלקערונג, און כאָטש די געוועהלטע אין די ערשטע רעפּובליקאַנישע פאַלאַטעס זענען מייסטענס געווען מאָנאַרכיסטען (די קאָמונע האָט אַרויסגערופען די דאָזיגע רעאַקציע), אָבער ווידערהערצושטעלען די מאָנאַרכיע איז איצט געווען אַנ'אונמעגליכע זאַך. די דריי מאָנאַרכיסטישע פּאַרטייען (די בורבאָנען, די אָרלעאַנער און די באָנאַפּאַרטיסטען) האָבען זיך געריסען צווישען זיך, און ממילא האָט יעדער פּאַרטיי געשטיצט די רעפּובליק געגען די אינטריגען פון אַנ'אַנדער מאָנאַרכיסטישער פּאַרטיי. ביסלעכווייז האָבען זיך אויסגעאַרבייט די רע- פּובליקאַנישע אַנשטאַלטען: חוץ דער פּאַלאַטע, וואו די דעפּוטאַטען אין איהר ווערען אויסגעקליבען נאָך די רעגעלען פון אַלגעמיינעם וואַהל- רעכט, איז נאָך פאַרהאַן אַ סענאַט, אין וועלכען די סענאַטאָרען (אַ מין בגלישע לאָרדען־פּאַלאַטע) ווערען אויסגעקליבען אויף בעזונדערע פער- זאַמלונגען פון די גובערניעס. דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק ווערט אויסגעקליבען אויף זיעבען יאָהר אויף דער פעראייניגטער פערזאַמלונג

פֿון דער פּאַלאַטע און פֿון סענאַט. די בעפֿעלקערונג, וואָס האָט צוערשט נאָך אַלץ נישט אינגאַנצען געטרויט דער רעפּובליקאַנישער רעגיערונגס־פֿאָרם, איז מיט יעדען יאָהר געוואָרען מעהר און מעהר רעפּובליקאַניש געשטימט. די מאָנאַרכֿיסטישע פּאַרטייען האָבען מיט יעדען יאָהר פֿערלאָרען זייער צובונד אין דער בעפֿעלקערונג, און היינט שפּיעלען זיי שוין אין פראַנקרייך קיין שום ראָלע נישט. פֿראַנקרייכֿ'ס רייכֿקייט, ווי אויך די ענערגיע און די אַרבייטס־פֿעהיגקייט פֿון פֿאָלק האָבען געגעבען דעם לאַנד די מעגליכֿקייט באַלד אויסצוצאָהלען די מורא'דיגע קאָנטריבוציע און ווידער צו פֿערנעהמען צווישען די גרויסע האַנדעלס־מלוכות אַנ'אַנשטענדיגען פּלאַץ. דאָס לעבעדיגע נאַציאָנאַלע געפֿיהל, וואָס האָט נישט געקענט זיך בערוהיגען צוליעב דער נאַציאָנאַלער שאַנדע פֿון 1870--71, וואָס האָט שטענדיג געטראַכֿט אָבצונעהמען די פֿערלאָרענע פּראָווינצען עלזאַס־לאָטרינגען—האָט געבראַכֿט דערצו, אַז פֿראַנקרייך האָט ווידער בעקומען אַ מעכֿטיגע אַרמעע, צוליעב וועלבֿע פֿראַנקרייך איז ווידער געוואָרען אַ גרויסע מיליטערישע קראַפֿט, מיט וועלכֿער מען מוז זיך אַלעמאָל רעכֿנען אין דער אויסערער פּאָליטיק און מיט וועלכֿער מען מוז זיין זעהר פֿאָרזיכֿטיג.

דער קריעג פֿון 1870–71 האָט געהאַט נאָך אַ וויכֿטיגע בעדייטונג פֿאַר איטאַליען. דער פּויפּסט האָט אין די לעצטע צייטען געהאַלטען זיינע פּראָווינצען, נאָר אַ דאַנק נאַפּאָלעאָנ'ען, וואָס האָט איהם געשטיצט מיט זיין אַרמעע. וויבאַלד אָבער צוליעב'ן קריעג האָבען די פֿראַנצויזען געמוזט אָברופֿען זייער חיל פֿון רוים, איז ער געבליבען אָהן אַ שטיצע. וויקטאָר עמאַנועל האָט דערום נישט געזוימט צו פֿערנעהמען די „אייביגע שטאָדט" און צו בעהעפֿטען זי מיט איהרע פּראָווינצען צו איטאַליען. דערמיט האָט זיך געענדיגט די פֿאָלקאָמע פֿעראייניגונג פֿון איטאַליען.

די איבערקעהרעניש, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מיטעל־אייראָפּאַ, האָט זיך אָבגערופֿען באַלד אויך אויף מזרח־אייראָפּאַ. עסטרייך, וואָס האָט פֿערלאָרען זיין אַיינפֿלוס אין דייטשלאַנד און זיינע פּראָווינצען אין איטאַליען, האָט זיך גענומען שטאַרק אינטערעסירען מיט מזרח־אייראָפּאַ, הויפּטזעכֿליך מיט'ן באַלקאַן. דאַדורך איז עסטרייך געוואָרען אַנ'אָפּענער געגנער פֿון רוסלאַנד. וואָס האָט שטענדיג געטראַכט צו האָבען דעם איינאיינציגען אַיינפֿלוס אויפֿ'ן באַלקאַן. עסטרייך האָט געהאָפֿט דערביי, אַז דייטשלאַנד וועט איהם שטיצען, ווייל חאָטש דייטשלאַנד האָט נישט קיין אינטערעס פֿאַר'ן באַלקאַן, וויל עס דאָך נישט, אַז רוסלאַנד זאָל

ווערען צו מעכטיג, רוסלאַנד ווידער, זייענדיג זיכער, אַז דייטשלאַנד וועט איהם זיין דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס עס האָט איהם אינדירעקט געשטיצט אין פראַנצויזישען קריעג, האָט עסטרייכ'ס פּאָליטיק נישט גענוג אָבגעשאַצט און האָט אפילו געמאַכט אַ בונד מיט עסטרייך און דייטשלאַנד „דער בונד פון די דריי קיסרים״. באַלד אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזען, ווי וועניג דאַנקבאַרקייט שפּיעלט אַ ראָליע אין דער וועלט־פּאָליטיק.

די לאַגע פון די טערקישע פעלקער האָט זיך וועניג וואָס פערבעסערט. אין טערקיי האָט זיך שוין אפילו בעוויזען אַ יונגע טערקישע פּאַרטיי, וואָס האָט געקלערט צו רעפאָרמירען טערקיי לויט'ן אייראָפּעאישען מוסטער, אָבער די פּאַרטיי איז געווען אַזוי קליין, אַז זי האָט גאָרנישט געקענט אויפטהון. ווען די אייראָפּעאישע מלוכות פלעגען פון זייער זייט פערלאַנגען רעפאָרמען פאַר די קריסטליכע פעלקער אין טערקיי, פלעגען די טערקישע מיניסטאָרען באַלד צוזאָגען אַלערליי רעפאָרמען, אָבער ביי די צוזאָגען פלעגט עס בלייבען. די קריסטליכע פעלקער האָבען נאָר געהאַט איין מיטעל צו קירעווען די בליקען פון אייראָפּאַ אויף זיך — דורך בלוטיגע מרידות (בונטען), וואָס פלעגען זיך געוועהנליך, ענדיגען דערמיט, וואָס די טערקיי פלעגט אויסקוילענען די בונטאָוושציקעס טויזענדערווייז. די קליינע מלוכות, וואָס האָבען זיך איינציגווייז בעפרייט פון דער טערקישער אימפּעריע, האָבען זיך אויך געפיהלט שלעכט, און האָבען שטענדיג געזוכט אויסצובעסערען זייער לאַגע. אין 1862־טען יאָהר האָבען די גריכען פערטריעבען זייער קעניג אָטאָן, וואָס האָט גאָר נישט אויפגעטהון פאַר גריכענלאַנד, און האָבען אויסגעקליעבען דעם קעניג געאָרג דעם פּרינץ פון דענעמאַרק. דער נייער פּרינץ האָט בעקומען פון ענגלאַנד אַ געשאַנק די יאָנישע אינזעלן. אָבער ווען גריכענלאַנד האָט געוואָלט בעהעפטען צום לאַנד די אינזעל קרעטאַ, וואָס האָט זיך צובונטעוועט געגען טערקיי, האָט עס זיך געמוזט אָבזאָגען פון דעם וואונש, ווייל די טערקיי האָט איהם געסטראַשעט מיט אַ קריעג. מאָלדאַוויען און וואַלאַכיען האָבען זיך פעראייניגט צו איין מלוכה רומעניען. אַלס קעניג האָבען זיי אויסגעקליבען אַ פּרייסישען פּרינץ (1866); די רומענער איז נאָך איבערגעבליעבען אינגאַנצען אַראָבצוואַרפען דעם יאָך פון דער טערקישער השגחה (פּראָטעקטאָראַט). סערביען האָט דער פירשט מיכאַאיל אָבגערייניגט פון די טערקישע סאָלדאַטען אין די פעסטונגען, אָבער סיי סערביען, סיי רומעניען, האָבען נאָך געשטרעבט זיך צו בעפרייען פון טערקיי'ס איבערהערשאַפט. צווישען די קליינע באַלקאַן־פעלקער האָט זיך שוין אפילו

אָנגעהויבען אַ קאַטפּף, אָבער די אַלגעמיינע סכּנה פאַר'ן טערק האָט נאָר איינגעהאַלטען די שנאה פון די פעלקערלעך צווישען זיך אין געוויסע גרענעצען. אַלע באַלקאַן־פעלקער זענען געווען מעהר אָדער ווייניגער פער־איגטערעסירט מיט דער אָרעמער לאַגע פון זייערע לאַנדס־לייט אין די טערקישע פראָווינצען און מיט זייערע פערצווייפעלטע אונטער־בעהמונגען אַראָבצוואַרפען פון זיך דעם שווערען טערקישען יאָך.

1875 האָבען זיך אָנגעהויבען די בונטען אין באָסניען און הערצעגאָווינאַ, נאָכדעם אין בולגאַריען. מיט וואָס פאַר אַן אַכזריות די טערקען זענען זיך בעגאַנגען מיט די בונטאָווישציקעס, דערצעהלט די אויספאָרשונג פון די ענגלישע קאָמיסאַרען. אין איין־איינציגער פיליפּאָ־פּאָלער פראָווינץ האָבען די טערקישע טשערקעסען (באַשיבוזוקען) אויס־געקוילעט 12 טויזענד מאַן. די אייראָפּעאישע מלוכות האָבען דאַמאָלס פערלאַנגט פון דער טערקיי רעפאָרמען, און זיי האָבען זיך צונויפגעקליבען אויף אַ קאָנפערענץ. די בונטאָווישציקעס האָבען פערלאַנגט פון די מלוכות, אַז אַנשטאָט די טערקישע רעפאָרמען זאָל מען זיי געבען אַ קריסטליכע רעגיערונג. די טערקיי ווייטער האָט זיך אָבגעזאָגט צו געבען רעפאָרמען האָפענדיג, אַז צוליעב דער קאָנקורענץ פון די מלוכות וועט סיי ווי סיי גאָרנישט ווערען פון דער דאָזיגער קאָנפערענץ. סערביען און מאָנטע־נעגראָ, זיך שטיצענדיג אויף רוסלאַנד, האָבען זיך דערווייל געשטעלט אויף דער זייט פון באָסניען און הערצעגאָווינאַ, אָבער ביידע קליינע מלוכות האָבען נישט געקענט גובר זיין די טערקישע אַרמעען. ווען נישט רוס־לאַנד, וואָלט סערביען אינגאַנצען פערניכטעט געוואָרען.

די דיפּלאָמאַטישע בעראַטונגען פון דער קאָנפערענץ האָבען אָבער צו קיין רעזולטאַטען נישט געפיהרט, און אַלעקסאַנדער דער 2־טער האָט זיך ענדליך בעשלאָסען צו נויטען טערקיי צו די רעפאָרמען דורך אַן אָפענעם קריעג.

דער רוסיש־טערקישער קריעג האָט זיך געצויגען פון 1877—1878. די רוסען, וואָס האָבען נישט ערוואַרט קיין גרויסען ווידערשטאַנד פון דער שוואַכער טערקישער אַרמעע, האָבען צוערשט אַרויסגעשיקט געגען טערקיי אַ קליינע אַרמעע. די דאָזיגע אַרמעע האָט זיך בעגעגענט מיט אַ גרויסער צאָהל טערקישען חיל, און זי האָט געמוזט אָבטרעטען. שפּעטער, אַז עס איז אָנגעקומען אַ צווייטע גרויסע רוסישע אַרמעע, האָט זיך דער קריעג געענדיגט מיט אַ ענדגילטיגער מפּלה פאַר דער טערקיי. דאָס רוסישע חיל האָט שוין נישט ווייט געהאַלטען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל און די טערקישע

רעגיערונג איז געצוואונגען געוואָרען צו מאַכען דעם שלום פון סען־סטעפאַנאָ. רוסלאַנד האָט בעקומען באַטום, קאַרס און דאָברודזשי (שפּעטער האָט רוסלאַנד אויסגעביטען ביי די רומענער דאָברודזשי אויף אַ שטיק בעסאַראַביען). סערביען, מאָנטענעגראָ און רומעניען זענען גע־וואָרען אונאָבהענגיג פון דער טערקישער רעגיערונג, און בולגאַריען איז געוואָרען אַ מלוכה, וואָס איז אונטערטעניג דער טערקיי. אָרגאַניזירען די דאָזיגע מלוכה האָט מען אָנפערטרויט רוסלאַנד. די ענגלישע רעגיערונג מיט לאָרד ביקאָנספיעלד־דיזראַעלי אָן דער שפּיץ, פיהלענדיג, אַז עסטרייך וועט צו איהר צושטעהן, האָט פּראָטעסטירט נעגען דעם דאָזיגען פריעדענס־אָבמאַך פון סען־סטעפאַנאָ. דער שלום פון סען־סטעפאַנאָ איז איבערגעקוקט געוואָרען פון בערלינער קאָנגרעס, אין וועלכען עס זענען געווען פערטרעטען אַלע מלוכות אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון פירשט ביסמאַרק׳ען. לויט דעם קאָנגרעס האָט עסטרייך בעקומען באָסניען און הערצעגאָווינא, ענגלאַנד—די אינזעל ציפּערן (שפּעטער האָבען נאָך די ענגלענדער פערכאַפּט עגיפּטען), בולגאַריען איז צוטיילט געוואָרען אין צוויי טייל, דעם צווייטען טייל מזרח־רומעליען האָבען די טערקען צוריקבעקומען.

ענגלאַנד האָט פון אַלטע צייטען זיך געהאַלטען פאַר דער פּאָלי־טיק, זיך וואָס וועניגער צו מישען אין די אייראָפּעאישע אַנגעלעגענהייטען און צו פיהרען נאָר אַ קריעגערישע פּאָליטיק אין פראַגען, בנוגע צו די קאָלאָניעס און צו מזרח־אייראָפּא. ענגלאַנד האָט נישט איינגעפיהרט ביי זיך קיין אַלגעמיינע ווערפּפליכט, ווי אומעדום אין אייראָפּאַ. פלעגט זיך מאַכען אַ קריעג,—פלעגט עס צוזאַמענשטעלען אַן אַרמעע פון פריייווי־ליגע רעקרוטען, דערום האָט עס זיך נישט געקענט מעסטען מיט די מעכ־טיגע אַרמעען פון די אייראָפּעאישע מלוכות. אפילו אין די קאָלאָניעס האָט ענגלאַנד אָפט געליטען דערפון, וואָס זיין אַרמעע איז אין קליינע ראָטעס צוזאָרפען איבער די גרויסע קאָלאָניעס. בעזונדערס קריטיש איז געווען ענגלאַנד׳ס לאַגע אין 1857–58 אין אינדיען. אינדיען איז פער־וואַלטעט געוואָרען פון די בעאַמטע פון דער אָסט־אינדישער קאָמפּאַניע (ז. אויבען), וועלכע האָט אויסגעזויגען דאָס לאַנד און האָט נישט אָנגע־הויבען צו פערשטעהן די בעדערפנישען פון די געבירטיגע אינדיער, וועל־כע זיי האָבען בעטראַכט מיט גאוה, ווי ווילדע באַרבאַרישע מענשען. אין די דערמאָהנטע יאָהרען איז אויסגעבראָכען אַ גרויסער בונט אין אינדיען געגען די ענגלענדער. אין מאַנכע ענגלישע קאָלאָניעס האָט מען

די ענגלענדער אויסגעקוילעט ביז צום לעצטען מאַן. ביי די איינגעבוירענע איז אָבער נישט געווען קיין אחדות, און ווען די ענגלישע רעגיערונג האָט צוגענומען די פערוואַלטונג פון דער קאָמפּאַניע, האָט זי שליסליך דערשטיקט דעם בונט און זיך גרויזאַם נוקם געווען אָן דער צובונטעוועטער בעפעלקערונג.

אין די 60־טער יאָהרען האָט הויפּטזעכליך ענגלאַנד זיך אָבגעגעבען מיט אינערע רעפאָרמען. אָן דער שפּיץ פון די רעפאָרמען איז געשטאַנען דאַמאָלס דער ליבעראַלער מיניסטער גלאַדסטאָן. דער פיהרער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי איז דאַמאָלס געווען ביקאָנספיעלד. צוערשט האָט גלאַדסטאָן דורכגעפיהרט פערבעסערונגען אין דער פינאַנצ־פערוואַלטונג. דערנאָך דאָט ער דורכגעפיהרט אַ נייעם וואַהל־געזעץ, לויט וועלכען פון אַלע 8 מיליאָן ערוואַקסענע ענגלענדער זענען געוואָרען וואַהלבערעכטיגט 6 מיליאָן (אין 1885). אין 1869 האָט גלאַדסטאָן דורכגעפיהרט, אַז די אירלענדער (קאַטאָליקען) זענען נישט פערפליכטעט צו טראָגען אַ טייל פון די אויסגאַבען פון דער מלוכה־קירכע (אַנגליקאַנישע), און אין 1888 האָט ער אַריינגעטראָגען אין פּאַרלאַמענט דאָס „האָם־רול"־געזעץ, לויט וועלכען די אירלענדער בעקומען אַ זעלבסטשטענדיגע פערוואַלטונג מיט אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט צו פיהרען די אירישע מלוכה. (דאָס האָם־רול־געזעץ, וואָס האָט דאַמאָלס אָבגעשוואַכט די ליבעראַלע פּאַרטיי, ווערט איצט אין 1913 אָנגענומען פון דער ענגלישער אונטערשטער פּאַלאַטע).

ווען גלאַדסטאָן איז דורכגעפאַלען מיט דער ליבעראַלער רעגיערונג, איז אַריבער די מאַכט פון פּאַרלאַמענט אין די הענד פון דער טאָרי־פּאַרטיי. לאָרד ביקאָנספיעלד האָט דאַמאָלס גענומען דורכפיהרען אַ נייע פּאָליטיק, די אימפּעריאַליסטישע, דאָס הייסט, וואָס מעהר לענדער אויף דער וועלט צו שטעלען אונטער ענגלאַנד'ס מאַכט און השגחה. די הויפּט־קאָלאָניע אינדיען מיט אַ בעפעלקערונג פון 200 מיליאָן איינוואָהנער האָט ער ערקלערט פאַר אַן אימפּעריע פון דער ענגלישער קרוין (דער ענגלישער הערשער הייסט „קעניג פון ענגלאַנד און קייזער פון אינדיען"). אום צו האָבען אין די הענד דעם סועץ־קאַנאַל, ד. ה. דעם נאָהענטסטען וועג צו אינדיען, האָט די ענגלישע רעגירונג פּלוצלינג אָבגעקויפט אויף אַ גרויסע סומע די אַקציען פון עגיפּטישען כעדיוו. נישט וועלענדיג דערלאָזען, אַז רוסלאַנד זאָל שטאַרק ווערען אויפ'ן חשבון פון טערקיי, האָט ענגלאַנד זיך אָנגעהויבען אַריינמישען אין די באַלקאַן־פראַגע. ביקאָנספיעלד האָט געהאַט אַ גרויסע הצלחה אין אַלע זיינע דיפּלאָמאַטישע געננ, און מען האָט איהם

געהאַלטען פאַר'ן גרעסטען דיפּלאָמאַט אין אייראָפּאַ. דער בערלינער קאָנגרעס איז געוואָרען צונויפגערופען צוליעב ענגלאַנד, און ביקאָנספיעלד האָט געמאַכט כמעט צו נישט דעם נצחון פון די רוסען איבער טערקיי אין 1878.

אָבער די פאָלגען פון ביקאָנספיעלד'ס אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק זענען פאַר ענגלאַנד נישט געווען קיין גוטע. די אַפגאַנער אין אַזיען און די בורען אין טראַנסוואַל, וואָס זענען בעהעפט געוואָרען אַדאַנק ביקאָנס=פיעלד'ען צו ענגלאַנד, האָבען זיך אָפט געבונטעוועט געגען די ענגלענדער, און די מיליטערישע עקספּעדיציעס געגען זיי האָבען פוסט געמאַכט די מלוכה־קאַסעס פון ענגלאַנד און אינדיען.

אין 80־טען יאהר האָט די ליבעראַלע פּאַרטיי מיט'ן אַלטען גלאַדסטאָנ'ען אין דער שפּיץ ווידער געזיעגט, און ביקאָנספיעלד האָט גע־מוזט אָבטרעטען זיין מיניסטעריום אַ ליבעראַלען.

די גרויסע מלוכה, די פעראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקאַ, ענטוויקעלט זיך אויף אַ בעזונדערען שטייגער, חאָטש זי איז נישט אינגאַנצען פריי פון אייראָפּעאישען איינפלוס. געזעלשאַפטליכע און נאַטירליכע בע=דינגונגען האָבען צוטיילט אַמעריקאַ אין דער ערשטער העלפט פון 19=טען יאהרהונדערט אין צוויי העלפטען, וואָס אונטערשיידען זיך געוואַלטיג איינע פון דער אַנדערער. אין די דרום־שטאַטען זענען די הויפּט=פּרנסות טאַבאַק=פּלאַנצונגען, צוקער=פּלאַנטאַציעס, רייז־פעלדער און הויפּטזעכליך האָנף (חלאָפּאָק). אום צו קולטיווירען אַזוינע פּלאַנצונגען, דאַרף מען נאָר האָבען אַ מאַסע פּראָסטע אַרבייטס=הענד, וואָס זאָלען קענען אַריבערטראָגען די גרויסע היצען ביי דער פעלד־אַרבייט. אין דרום־אַמעריקאַ האָבען זיך דערום ענטוויקעלט די נעגער־פּלאַנטאַציעס, ד. ה. די גרויסע שטיקער ערד האָבען געהערט צו אַ קליינער צאָהל גוטס=בעזיצער, וואָס פלעגען בעאַרבייטען זייערע פעלדער דורך שקלאַפען=נעגער. אין די צפון־שטאַטען דאַגעגען האָט זיך ענטוויקעלט די פעלד־אַרבייט ביי תבואה־זייען און עס האָט זיך אויך ענטוויקעלט די פאַבריקאַציע. אַלע פּראָסטע אַרבייטען פלעגען געמאַכט ווערען פון פרייע מענשען, און חאָטש די געזעלשאַפט האָט זיך געטיילט אויף אָרעמע און רייכע, אָבער זי איז געווען ווייט זיך צוטיילען, ווי די געזעלשאַפט פון די דרום־שטאַטען, אויף שוואַרצע און ווייסע, אויף האַרען און קנעכט.

די צפון־שטאַטען האָבען זיך דעריבער פרייער און פּראָדוקטיווער ענטוויקעלט ווי די דרום־שטאַטען. לויט דער קאָנסטיטוציע פון די פער=

איינינטע שטאַטען האָט יעדער שטאַט געהאַט אין אינערען לעבען פאָל־
קאָמענע זעלבסטשטענדיגקייט, און דערום האָט די צענטראַלע מלוכה נישט
בעקענט פֿערװעהרען די דרום־שטאַטען צו נוצען זיך מיט דער נעגער־
שקלאַפֿעריי. פונדעסטװעגען האָבען די דאָזיגע נעגער־שטאַטען שטענדיג
מורא געהאַט, אַז די הומאַנע אידעען, װי דער שטאַרקער עקאָנאָמישער
װאוקס פֿון די צפון־שטאַטען, זאָל אַמאָל נישט מאַכען אַ סוף צו דער
נעגער־שקלאַפֿעריי.

די איינציגע גאַראַנטיע, װאָס די דרום־שטאַטען האָבען געהאַט גע־
גען דער אַריינמישונג פֿון די צפון־שטאַטען, איז געװען דאָס, װאָס די
צאָהל פֿון די שטאַטען, װאו עס האָט געהערשט די נעגער־שקלאַפֿעריי,
איז געװען פונקט די העלפֿט פֿון אַלע פֿעראייניגטע אַמעריקאַנער שטאַ־
טען. און אַזוי װי יעדער שטאַט האָט געשיקט אין סענאַט צװיי סענאַ־
טאָרען פֿון זיך, דערום האָט מען געקענט זיכער זיין, אַז דער סענאַט
װעט קיינמאָל נישט האָבען אַ מעהרהייט געגען די נעגער־שטאַטען.
חאָטש אין די אונטערשטע פּאַלאַטע פֿלעגט מען שיקען דעפּוטאַטען לויט
דער צאָהל פֿון דער בעפֿעלקערונג, אָבער אַ געזעץ קאָן דאַמאָלס װערען
פֿאָלקאָמען אָנגענומען, װען דאָס װערט אויך אָנגענומען פֿון דעם סענאַט.
דערום האָט אויך דער סענאַט געזעהען, אַז װען עס קומט־צו אַ נייער
שטאַט צו די פֿעראייניגטע, זאָל איינמאָל איין שטאַט צוגערעכענט װערען
צו די דרום־שטאַטען און אַ צװייטען מאָל צו די צפון־שטאַטען (אין
נאָרד־אַמעריקאַ רופֿען זיך אָן טעריטאָריעס — שװאַך־בעפֿעלקערטע
פּראָװינצען. אַזאַ פּראָװינץ הענגט פֿאָלקאָמען אָב פֿון קאָנגרעס (אַמערי־
קאַנישער פּאַרלאַמענט). װייבאַלד אָבער די בעפֿעלקערונג פֿון אַזאַ טערי־
טאָריע װאַכסט אויס ביז צו 60 טויזענד איינװאָהנער, האָבען זיי דאָס
רעכט צו פֿאָדערען, אַז מען זאָל זי אַריינגעהמען אין די פּעראייניגטע
שטאַטען אַלס אַ בעזונדערן זעלבסטשטענדיגען שטאַט). אין 1820־טען
יאָהר האָט מען דערנאָך בעשלאָסען, אַז אין אַלע שטאַטען צו דרום־צו
פֿון 36 צפון־ברייטקייט (ז. געאָגראַפֿיע) מעג עקזיסטירען די נעגער־שקלאַ־
פֿעריי. נאָך שפּעטער האָט מען אָנגענומען, אַז יעדער נייער שטאַט
מעג אַליין בעשליסען, צי װיל ער טאָלערירען די נעגער־שקלאַפֿעריי אָדער
נישט. דער דאָזיגער בעשלוס איז געװען צום נוצען פֿון די דרום־שטאַטען,
װאָס האָבען געװאָלט פּערשפּרייטען די נעגער־שקלאַפֿעריי איבער די אויבענ־
דערמאָהנטע פֿעסטגעזעצטע גרענעצען. אָבער אין צפון־מערב־אַמעריקאַ
האָבען נישט נאָר פּראָטעסטירט געגען דער איינפֿיהרונג פֿון שקלאַפֿעריי

די פשוט'ע מענשליכע געפיהלען, נאָר אויך די וויכטיגסטע עקאָנאָמישע אינטערעסען: אַהער פלעגען אָנקומען מאַסענווייז ווייסע אַרבייטער־הענד, מיט וועלכע די שוואַרצע האָבען בשום אופן נישט געקאָנט קאָנקורירען. דער גיכער וואוקס פון דער לאַנד־אַרבייטער־בעפעלקערונג אין מערב־אַמעריקאַ איז געווען די הויפּט־אורזאַכע, וואָס האָט דעם שטרייט צווישען די דרום־שטאַטען און די איבריגע געבראַכט דערצו, אַז די צפון־שטאַטען זאָלען זיעגען.

שוין אין 1832 האָט איינער אַ נעגער־שטאַט (דרום־קאַראָלינאַ) מתרה געווען דעם קאָנגרעס, אַז ער וועט אַרויס פון בונד. וואָס שטאַרקער עקאָנאָמיש און געזעלשאַפטליך עס זענען געוואָרען די צפון־שטאַטען, אַלץ שווערער זענען געוואָרען די בעציהונגען צווישען די דרום־און צפון־שטאַטען, און ווען אין 1860 איז אויסגעקליבען געוואָרען פאַר אַ פּרעזידענט אין אַמעריקאַ אברהם לינקאָלן, דער שטאַרקער געגנער פון די דרום־שטאַטען — האָבען זיעבען נעגער־שטאַטען זיך אָבגעריסען פון די פעראייניגטע שטאַטען, האָבען געמאַכט אַ נייעם בונד (קאָנפעדעראַציע) פאַר זיך מיט אַנ'אייגענעם פרעזידענט. דרום־אַמעריקאַ האָט נישט נאָר זיך אָבגעריסען פון בונד, זי האָט אויך געגעבען דעם ערשטען סיגנאַל צו אַנ'אָפענער מלחמה דערמיט, וואָס זי האָט פערהאַפט אַ פעסטונג פון די פעראייניגטע שטאַטען. די קרעפטען פון די געגנער זענען נישט געווען גלייך שטאַרק. די דרום־שטאַטען האָבען געהאַט סך־הכל אַ בעפעלקערונג פון 10 מיליאָן, און פון די 10 מיליאָן איז אַ העלפט געווען פערשקלאַפט. די פעראייניגטע שטאַטען דאַגעגען האָבען געהאַט אַ בעפעלקערונג פון 22 מיליאָן פרייע מענשען. פונדעסטוועגען האָט געהאַט די ערשטע צייט די אויבערהאַנד אין קריעג דרום־אַמעריקאַ. די רייכע פלאַנטאַטאָרען האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַר געניטער אין אַ קריעג ווי די נאָרד־אַמעריקאַנישע פויערן און קרעמער. די גענעראַלען פון די דרום־שטאַטען (בעזונדערס גענעראַל לי) האָבען געגעבען די צפון־שטאַטען אין די יאָהרען 1861–63 מפלות אויף מפלות. נאָר גראָד די דאָזיגע מפלות האָבען ענטפלעקט די גרויסע מאָראַלישע קרעפטען פון די פרייע אַמעריקאַנער. צפון־אַמעריקאַ האָט נישט געוואָלט דעם קריעג. קיין שטענדיגע אויסגעבילדעטע אַרמעען זענען אין אַמעריקאַ נישט געווען. מען האָט אַפילו נישט צוזאַמענגעשטעלט קיין אַרמעען, ווי אין ענגלאַנד, פון פרייוויליגע רעקרוטען. עס איז אויך נישט געווען קיין צענטראַלע מיליטערישע פערוואַלטונג. אָבער די פרייע אַמעריקאַנער האָבען פון זיך אַליין פול געמאַכט אָבער־און־ווידער

צושלאָגענע פּריוויליגע פּאָלקען. דער צופּלוס פון פּריוויליגע צו דער אָרמעע פון די בעזיעגטע האָט נישט אויפגעהערט אויף אַ רגע, און ענדליך האָבען די דריי שלעכטע יאָהרען אויסגעבילדעט פון לאַנדס־לייט און קרעמער טיכטיגע גענעראַלען און שטאַרקע געפּראַקט יצירטע סאָלדאַטען. פון 1863 הויבען אָן צו זיעגען די צפון־שטאַטען איבער די נעגער־שטאַטען, וואָס האָבען דאָך געהאַט אַ פיערטען טייל בעפעלקערונג אין פערגלייך מיט די פעראייניגטע שטאַטען, און וואָס האָבען נאָך געהאַט אַ מיליאָנען־בעפעלקערונג נעגער, וועלכע האָבען, פערשטעהט זיך, געהאָלפען אומעדום זייער שונא. די דרום־שטאַטען האָבען אַפילו שטאַרק געשעדיגט דעם האַנדעל פון שונא, אָבער די פעראייניגטע שטאַטען האָבען בלאָקירט אַלע דרום־האַפענס און אָבגעשניטען זייער הויפּט־פּרנסה (האַנדף־האַנדעל) פון דעם וועלט־מאַרק. אין 1865־טען יאָהר זענען די דרום־שטאַטען ענדגילטיג בעזיעגט געוואָרען.

אברהם לינקאָלן האָט נאָך אין צייט פון קריעג ערקלערט די נעגער פאַר פריי. באַלד נאָכ'ן קריעג האָט אָבער איינער אַ משוגענער ערמאָרדעט דעם פּרעזידענט און די ליקווידאַציע פון קריעג צו נוצען פון די נעגער איז אַריבער אין נישט קיין גוטע הענד. עס האָט נאָך געדויערט אַ צייט, ביז די נעגער־שקלאַפעריי אין אַמעריקאַ איז ענדגילטיג אָבגעשאַפט געוואָרען. צו דער אַמעריקאַנישער קאָנסטיטוציע איז צוגעקומען אַ נייער פונקט, לויט וועלכען אַלע נעגער בעקומען בירגער־רעכטען, און די צובונטעוועטע שטאַטען זענען וויעדער פעראייניגט געוואָרען צו די איבריגע שטאַטען נאָכדעם, ווי זיי האָבען אָנגענומען דעם דאָזיגען נייעם פונקט פון דער קאָנסטיטוציע.

---

## יאַפּאַן.

ביז צו די 60־ער יאָהרען איז יאַפּאַן געווען פערמאַכט פאַר די אויסלענדער און האָט געלעבט אונגעפעהר ווי אייראָפּאַ צו דער צייט פון דער פעאָדאַלער עפּאָכע. יאַפּאַן איז נאָר לפנים געווען איין איינציגע מלוכה, די פּראָווינצען פון יאַפּאַן זענען נישט געווען פעראייניגט צווישען זיך. עס האָט אַפילו נישט עקזיסטירט צווישען זיי קיין גרעסערער האַנדעל. די לאַנדס־אַרבייטער און די בעלי־מלאכות האָבען נאָר געאַרבייט פאַר'ן אייגענעם נאָהענטען מאַרק. די צובּרעקעלטקייט פון דער מלוכה האָט געגעבען די מעגליכקייט די גובערנאַטאָרען (וואָס האָבען בעקומען די־

שטעלען בירושה, און וועלכע מען האָט גערופען דאַימיאָס), און זייערע דיטער (סאַמוראַאי), צו האַלטען אין קנעכטשאַפט די אַרבייטער-שטאַנדען, אויסצוזויגען זיי מיט אַלערליי אָבגאַבען און צו נויטען זיי צו אַלערליי אַרבייט. האַנדעל און מלאכות זענען געלעגען אין די הענד פון צעכען און גילדעס. די מיטגליעדער פון די צעכען האָבען נישט דערלאָזען צו קיין ווייטיגער קאָנקורענץ, פלעגען נעהמען הויכע פרייזען פאַר זייערע סחורות, זיך אויסנוצענדיג דערמיט, וואָס אויף אויסלענדישע סחורות איז געווען דער צאָל זעהר אַ גרויסער. דער גאַנצער האַנדעל מיט די אייראָפּעער איז געלעגען אין די הענד פון איין גילדע אין נאַגאַסאַקי, וועלכע פלעגט האַנדלען אויסשליסליך מיט די האָלענדער און וועלכע פלעגט ווייטער פערקויפען דער יאַפּאַנישער בעפעלקערונג די סחורה פאַר אונגעוועהנליכע פרייזען. אַן אַלגעמיינע פערוואַלטונג איז כמעט נישט געווען. עס איז נישט געווען קיין אַלגעמיינע אַרמעע און קיין אַלגעמיינער מלוכה-בודזשעט. דער מיקאַדאָ, דער טראַדיציאָנעלער אימפעראַטאָר פון יאַפּאַן, האָט געלעבט אָבגעזונדערט אין זיין פּאַלאַץ. אַ גרעסערע ראָליע אין לאַנד האָט געשפּיעלט דער שאָגון, דער פערטרעטער פון אימפעראַטאָר אין דער מלוכה.

די שטעלע פון שאָגון פלעגט אויך איבערגעהען בירושה צו איין פאַמיליע, און מיט דער צייט איז דער שאָגון געוואָרען דער צווייטער אימ-פעראַטאָר פון יאַפּאַן. האָס פערגליווערטע מלוכה-לעבען אין יאַפּאַן האָט געפיהרט דערצו, אַז אַלע שטעלען, אַלע בעשעפטיגונגען זענען געוואָרען ירושה-זאַכען. יאַפּאַן איז געווען אַ לאַנד פון שטרענג אָבגעזונדערטע קאַסטעס, וואָס האָבען געלעבט איטליכע נאָר צווישען זיך.

אין 19-טען יאַהרהונדערט אָבער האָבען זיך בעוויעזען ביי די ברעגען פון יאַפּאַן אַמעריקאַנישע קריעגס-שיפען (1853) און האָבען פער-לאַנגט ביי דער מלוכה, אַז זי זאָל עפענען פאַר'ן אַמעריקאַנישען האַנדעל איהרע פּאָרטען. באַלד דערויף האָבען זיך בעוויזען מיט די אייגענע פאָדערונגען די רוסישע און די ענגלישע שיפען. יאַפּאַן האָט דערום געמוזט אַרויס פון דער אָבגעזונדערטקייט. אין עקאָנאָמישען לעבען פון לאַנד האָט זיך אָנגעהויבען אַ גאַנצע איבערקעהרעניש.

צו די דערמאָהנטע אויסערע סבות איז נאָך צוגעקומען אַ שטאַרקע אינערע בעוועגונג אין לאַנד.

די אייגענע אורזאַכען, וואָס האָבען געבראַכט צום אונטערגאַנג דעם פעאָדאַליזם אין אייראָפּאַ, האָבען אויך געווירקט אין יאַפּאַן. די

בעפעלקערונג איז געוואכסען און עס האבען שוין נישט געקלעקט די איינענע פראדוקטען, וואס די אבגעזונדערטע קלאסען פלעגען אויסארבייטען פאר דער גאנצער בעפעלקערונג. די גילדעס און די צעכען האבען פערהאלטען די ענטוויקלונג פון די פראדוקטיווע קרעפטען אין יאפאן. עס זענען געוואכסען די מתנות מענשען, וואס האבען אין ערגעץ נישט געקענט געפינען קיין פרייע בעשעפטיגונג פאר זיך. די יונגערע קינדער פון די קויפלייט און בעלי־מלאכות האבען זיך נישט געהאט וואו אהינצוטהון. די טייערקייט אין לאנד צוליעב די פריווילעגיען, אינאיינעם מיט די מאסען ארבייטס־לאזע, האט בעשאפען אין דער מדינה מאסען אונצופריעדענע, וואס זענען אלע ווײלע גרייט געווען צו פראטעסטען, און אפילו צו בונטען. די דאזיגע אונצופריעדענע האבען זיך מעהרסטענטייל צונויפגעזאמעלט אין די שטעדט, וואס פלעגען האבען קיום אויף חיונה, אלס טרעגער, גאס־מענשען, אקטיארען א. א. וו. צו די דאזיגע אונצופריעדענע זענען נאך צוגעקומען די דארפס־לייט, וואס האבען שוין נישט געהאט קיין אייגען שטיקעל ערד. צווישען די סאמוראיען האט זיך אויך אנגעהויבען א בעוועגונג. די יונגערע קינדער פון די סאמוראיען פלעגען בלייבען אהן שטעלען, און די טייערקייט אין לאנד פלעגט צווינגען די דאזיגע ריטער זיך צו נעהמען פאר אנדערע בעשעפטיגונגען. אמאל פלעגען אזוינע ארעמע ריטער געהען אין די קירכען אלס קלויסטער־ברידער (פריסטער פון דער ארטיגער אמונה שינטאאיזם); איצט אבער פלעגען זיי זיך נעהמען פאר לעהרעריי, פאר דאקטאריי, אדער ווערען שרייבער און געלעהרטע. אדאנק דעם, וואס די סאמוראיען האבען זיך גענומען פאר וועלטליכע זאכען, איז אויסגעוואכסען א נייע גייסטיגע בעוועגונג, עהנליך צו דער עפאכע פון די ריטער אין 16־טען יאהרהונדערט אין אייראפא. עס האט זיך אנגעהויבען אנ'אויפ־קלערונגס־בעוועגונג, וואס האט אבער געטראגען א ראמאנטיש־נאציאנאלען חאראקטער. גלייכצייטיג מיט דעם ראמאנטישען וואונש זיך אומצוקעהרען צו די אלטע גוטע צייטען, איז אבער געוואכסען דער בעוואוסטזיין, אז מען טאר נישט לעבען ווייטער אזוי אבגעזונדערט פון אייראפא, אז מען דארף זיך בעקענען מיט דער אייראפעאישער וויסענשאפט, מיט אייראפא'ס טעכניק און איינפיהרען רעפארמען אין דער מלוכה אויפ'ן אייראפעאישען שטייגער.

ביידע בעוועגונגען האבען ענדליך געפיהרט דערצו, אז מען האט צובראכען די מאכט פון שאגון, און זיך אנגעהויבען צענטראליזירען ביי'ם מיקאדא'ס הויף. מיט יעדען יאהר האבען ביי'ם דאזיגען הויף

אַלץ מעהר בעקומען דעם גרעסטען איינפלוס די ראַדיקאַלע סאַמוּ־ראַיען.

פון 1867 הויבט זיך אָן פאַר יאַפּאַן די צייט פון די גרעסטע ראַדיקאַלסטע רעפאָרמען, אַ דאַנק דעם מיקאַדאָ מוטסו גיטאָ, וואָס איז אַרויף אויפ'ן טהראָן אַלס 14־יעהריגער יונגעל. דער יונגער מיקאַדאָ האָט איינגאַנצען זיך אָבגעגעבען דעם איינפלוס פון די געבילדעטע אויפגעקלערטע פּאַטריאָטען. ער האָט צוגענומען פון שאָגון די מאַכט, און ווען דער שאָגון איז אַרויס געגען איהם מיט אַנ'אַרמעע, האָט ער די אַרמעע לייכט בע־זיעגט, אַ דאַנק דעם, וואָס זיינע אָנהענגער האָבען שוין איינגעפיהרט ביי זיך אייראָפּעאישע וואַפען. דערנאָך האָט ער אָפיציעל און העכסט פריינד־ליך אָנגענומען ביי'ם הויף די אייראָפּעאישע געזאַנדטע, און דערמיט ענדגילטיג געעפענט יאַפּאַן פאַר די אַמעריקאַנער און אייראָפּעער.

באַלד דערויף האָט ער גענומען דורכפיהרען די וויכטיגסטע רעפאָרמען, וואָס האָבען געבראַכט דערצו, אַז בּיסלעכווייז איז בטל געוואָרען דער אַלטער פעאָדאַלער סדר פון דער מלוכה. גאַנץ בעזונדערס האָט דער מיקאַדאָ געזאָרגט פאַר דער פאַבריקאַציע און דעם האַנדעל אין בענייטען יאַפּאַן, און יאַפּאַן, וועלכעס פאַר די רעפאָרמען האָט כמעט נישט געוואוסט פון אַ ברייטערער פאַבריקאַציע, האָט בעקומען מיט דער צייט גרויסע אייגענע פאַבריקען, און זייט די 80־ער יאָהרען איז יאַפּאַן געוואָרען אויף די האַנדעלס־מערק פון קאָרעאַ און חינאַ דער קאָנקורענט פון אייראָפּאַ און אַמעריקאַ.

אין יאַפּאַן האָבען זיך געעפענט אוניווערזיטעטען לויט'ן אייראָפּע־אישען מוסטער. חוץ דעם זענען זיך די יונגע יאַפּאַנער צופאָהרען איבער אייראָפּאַ און אַמעריקאַ, וואו זיי האָבען פלייסיג געשטודירט אייראָפּעאישע וויסענשאַפט, טעכניק און קונסט. אין די 70־ער יאָהרען איז בעשאַפען געוואָרען אַ פּרעסע, וואָס האָט זיך באַלד פערשפּרייט אין איטליכען ווינקעל פון לאַנד. די פּרעסע האָט מען געמוזט געבען אַ געוויסע פרייהייט און זי האָט אָנגעהויבען צו אַגיטירען דערפאַר, אַז יאַפּאַן זאָל אויך פּאָליטיש האָבען אַזאַ אָרדנונג, ווי געוויסע געבילדעטע אייראָפּעאישע מלוכות. אין 1889 האָט דער מיקאַדאָ, וואָס האָט אין זיין גאַנצער רעגיערונגס־צייט בעוויזען, אַז ער הערט זיך אויפמערקזאַם צו צו דער עפענטליכער מיינונג פון זיין געליעבט פאָלק, ערקלערט, אַז יאַפּאַן בעקומט פון היינט אָן אַ קאָנסטיטוציע, און אין 1890 איז שוין צונויפגערופען גע־וואָרען דער ערשטער יאַפּאַנישער פּאַרלאַמענט.

די יאַפּאַנישע קאָנסטיטוציע איז עהנליך צו דער פּ ר י י ס י ש ע ר און זי איז אַ סך ערגער ווי די בעסערע אייראָפּעאישע קאָנסטיטוציעס. אין די וואַהלען מעגען זיך בעטייליגען כמעט נאָר די העכערע קלאַסען פֿון דער בעפֿעלקערונג, הויפּטזעכליך די גוטסבעזיצער. דער מיקאַדאָ רעכענט זיך נאָך אַלץ פֿאַר דעם „אונבעגרענצטען" הערשער, די מיניס־טאָרען זענען פֿאַר'ן פּאַרלאַמענט נישט פערענטוואָרטליך. חוץ דעם פּאַר־לאַמענט איז נאָך דאָ אַמין לאָרדען־פּאַלאַטע, וואָס ווערט צונויפגעשטעלט פֿון די מיטגליעדער פון דער קעניגליכער פֿאַמיליע, ווי אויך פון די, וואָס דער מיקאַדאָ וועהלט זיך אַליין אויס.

די גרויסע רעפֿאָרמען אין יאַפּאַן זענען דורכגעפיהרט געוואָרען אין אַ קורצער צייט פֿון סך־הכל 25 יאָהר.

אָבוואָהל אויסערליך מאַכט יאַפּאַן אַנ'איינדרוק פֿון אַנ'אייראָפּעאישער מלוכה, אָבער אינערליך האַלט זיך נאָך דאָס פֿאָלק ביי דער אַלטער קולטור. די פֿאָלקס־מאַסען לעבען נאָך מיט'ן אַלטען גלויבען ש י נ ט אָ־א י ז ם, וואָס פערגעטערט די אַלטע געשטאָרבענע גייסטער און העלדען, און די אויבערשטע קלאַסען האָבען בכלל קיין אמונה נישט, אָבער זיי האַל־טען פֿון אייראָפּעאישען ראַציאָנאַליזם. עס איז אויך נאָך נישט אויסגע־ראָט געוואָרען די שנאה צו די אויסלענדער, וואָס רייסט זיך אַמאָל אַרויס מיט אַ שטאַרקען ווילדען כח. אונטערדעסען אָבער איז יאַפּאַן גע־וואָרען פֿון אַ פֿעאָדאַלער מלוכה אַ ק אַ פּ י ט אַ ל י ס ט י ש ע מיט אַ גרויסער אַרבייטער־קלאַס. די אַרבייטער האָבען זיך אָנגעהויבען צו אָרגאַניזירען, און יאַפּאַן האָט שוין זיינע שטאַרקע אַרבייטער־בעוועגונג, וואָס בעשעפ־טיגט זיך דערמיט, אויסצובעסערען די לאַגע פֿון יאַפּאַנישען פּראָלעטאַריאַט.

מיט דער ערוואַכונג פֿון יאַפּאַן אין גייסטיג־קולטורעלער הינזיכט, הויבט אָן דער יאַפּאַנישער קאַפּיטאַליזם צו פֿיהרען די אייגענע קאָלאָניאַלע פּאָליטיק, ווי אייראָפּא און אַמעריקאַ. יאַפּאַן זוכט שוין אויך האַנדעלס־מערק פֿאַר זיינע פּראָדוקטען, ערד (קאָלאָניעס) פֿאַר דעם איבערפֿלוס פֿון זיין אַרבייטער־בעפֿעלקערונג און גרויסע מלוכה־אונטערנעהמונגען, דאַמיט די קאַפּיטאַלען זאָלען זיך פֿערצינזען.

יאַפּאַן האָט צוערשט געזועהען צו בעקומען די אינזעל פֿאָרמאָזאַ און די האַלב־אינזעל ק אָ ר ע אַ. צוליעב קאָרעאַ האָט יאַפּאַן געפֿיהרט אַ זיעג־רייכען קריעג מיט חינא (1895), ג'אָס האָט זיך געענדיגט דערמיט, אַז יאַפּאַן האָט נאָך צוגענומען ביי די ...נעזער די פֿעסטונג פּ אָ ר ט־אַ ר ט ו ר, די וויכטי... ...ע מ אַ נ ד ז ש ו ר ... די אייראָפּעאישע מלוכות, וואָס

האָבען נישט געוואָלט דערלאָזען, אַז יאַפּאַן זאָל אַזוי מעכטיג אויסוואַקסען. האָבען זיך אַריינגעמישט אין דעם יאַפּאַניש-חינעזישען קריעג. רוסלאַנד, זיך שטיצענדיג אויף דייטשלאַנד און פראַנקרייך, האָט געצוואונגען יאַפּאַן ווידער אָבצוגעבען חינא פּאָרט-אַרטור, און האָט נאָך אין עטליכע יאָהר אַרום אַליין גענומען אין אַרענדע ביי חינא פּאָרט-אַרטור אויף 99 יאָהר (1900). די יאַפּאַנער האָבען אָבער זיך נישט בערוהיגט מיט דער דיפּלאָמאַטישער מפלה, און אין 1904 האָט אויסגעבראָכען אַ קריעג צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַן, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט אַ פּאָלקאָמענעם זיעג פון די יאַפּאַנער. אין 1905 איז געשלאָסען געוואָרען דער פריעדענס-אָבמאַך צווישען רוסלאַנד און יאַפּאַן אין פּאָרטסמוט. די רעזולטאַטען פון דעם שלום זענען געווען די פאָלגענדע: יאַפּאַן האָט צוליעב דעם קריעג בעקומען אַ נייע טעריטאָריע, וואָס איז כמעט אַזוי גרויס ווי גאַנץ יאַפּאַן: קאָרעאַ, דרום-מאַנדזשוריען, לאַנדונגער האַלב-אינזעל, פּאָרט-אַרטור און די דרום-העלפט פון דער אינזעל סאַכאַלין.

צו די גרויסע אייראָפּעאישע מלוכות, וואָס פיהרען די וועלט-פּאָליטיק צוזאַמען מיט אַמעריקאַ, איז צוגעקומען אַ נייע גרויסע מלוכה אין אַזיען, אין וויטען מזרח—יאַפּאַן. אין דער געשיכטע פון 20-טען יאָהרהונדערט פון דער וועלט-פּאָליטיק הויבט אָן צום ערשטען מאָל זייט טויזענדער יאָהרען צו שפּיעלען אַ ראָלע אַ צווייטע ראַסע, חוץ דער ווייסער—די געלע ראַסע.

